



יויסעף ראבין

# אויף פאַרשיידענע ערטער

ראָמאַנען

דערציילונגען






פאַרלאַג
·סאָוועטסקי פּיסאַטעל·

מאָסקווע
1978

דער אוטאָר פון דעם בוך — איינער פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער יוסעף ראבין איז געבוירן געוואָרן דעם 18 אפרעל 1900 אין גראָדנע. זײַנע ערשטע שאפונגען — לידער און דערציילונגען — האָט ער אָפגעדרוקט אין 1922. פאר די פינף און פופציק יאָר, וואָס י. ראבין איז טעטיק אין דער ליטעראטור, האָט ער געשאפן א ריי באדײַטנדיקע ווערק. עס זײַנען ברייט באקאנט זײַנע ראָמאנען „באם ניעמאן”, „איך זע דיך, ווילנע...”, „מײַן טײַערער צעדרייטער”, די זאמלונגען פון דערציילונגען און פארצייכענונגען „מײַנע אייגענע”, „מיר לעבן” א. אנד.

אין דעם נײַעם בוך פון יוסעף ראבין פארנעמט דעם אויבנאָן דער גרויסער ראָמאן „אין פארשיידענע יאָרן”, וועלכן ער האָט לעצטנס אָנגעשריבן. דאָס איז אן עפּאָפּיי, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט ייִדיש לעבן אין די מײַרעוו־געביטן פון רוסלאנד בעמעשעך פון עטלעכע יאָרצענדליקער, אָנגעהויבן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פון 1812 און קימאט ביזן סאָף פון XIX יאָרהונדערט.

צווישן די, וואָס האָבן באנאנד מיט די פארטיזאנער פון דעניס דאווידאָוון געקעמפט פאר באפרײַען זייער היימלאנד פון די נאפּאָלעאָנישע כאיאָלעס, זײַנען געוועזן אויך די גראָדנער טוישווים פינכעס באס און זעליק פעדער. ארום די געשעענישן פון זייער לעבן, פונעם לעבן פון זעלטענעם פאָלקסמענטשן העשל דעם סטאָליער און זײַן מישפּאָכע וויקלט זיך פאנאנדער דער הויפּט־סוזשעט פונעם ראָמאן.

פארשיידנארטיק איז די טעמאטיק פון די דערציילונגען, וועלכע גייען ארײַן אין בוך. אין דעם קליינעם ראָמאן „לייע און איר מאמע”, ווו עס ווערט געמאָלט דאָס לעבן פון סאָוועטישע מענטשן סאָף צוואנציקער — אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, ווערן באהאנדלט מאָראלישע פּראָבלעמען. א טייל דערציילונגען איז געווידמעט דער העלדישער און טראגישער צײַט פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אנדערע — דער בויונג פונעם לעבן נאָך דער מילכאָמע. אין אלע ווערק פון יוסעף ראבין לאָזן זיך בוילעט זען די וויכטיקע אייגנשאפטן פון זײַן טאלאנט — עכטער דראמאטיזם, טיפע הארציקײַט און מילדער הומאָר.


Произведения, отмеченные в содержании звездочкой, печатались до 27 мая 1973 г.

Р $\frac{70303-226}{083(02)-78}$ 251—78

# אין פארשיידענע צייטן

ראָמאן



ערשטער טייל

# העשל דער סטאָליער און זײַן אייניקל

## איינס

מיט א ליגן קאָן מען ווײַט אוועקגיין,
נאָר צוריק ניט קומען.

### 1

דער קורצער און קאַלטער ווינטער־טאָג האָט צו פארנאַכט־צו זיך א ביסל דערוואַרעמט און פון נעפּלדיקן הימל האָט גענומען פאַלן א שטיל, לײַכט שנייעלע. אונטערן שנייעלע, וואָס לייגט זיך לאַנגזאַם אויס אף דער ערד, האָט זיך אף די גראַדנער גאַסן באַוויזן א קלויסטער־פּראָצעסיע. אין דער אָוונט־דעמערונג באַוועגט זיך א געמיש פון פּראַוואָסלאַוונע פיאַלעט־פליושענע שפּיציקע היטלען און שוואַרצע זײַדענע קאַטוילישע יאַרמלקעס; פּראַוואָסלאַוונע לאַנגע טוכענע קליידער מיט ברייטע אַרבל און קאַטוילישע סאַמעטענע סוטאַנעס ביז די פּיאַטעס; אייבערשטע גאַלאָכים־מאַלבושים מיט אויסגענייטע צלאָמים פון פאָרנט און פון הינטן. און צווישן דעם דאָזיקן גײַסטלעכן אָנטועכץ — ווײַבערישע פּאַטשיילעס, קאָפּטיכלעך און פויערישע פּעלצלעך. א געמיש פון שטיוול און פּאָסטעלעס, קאָלדרעס און פּרויען־היט. דאָס שנייעלע, וואָס שפּינט אויס א ווײַסן פאָרהאַנג אינעם

טונקעלן אָוונט, דעקט אײַן די מענטשן־באַוועגונג, און ס'איז שווער צו באַנעמען: פונוואַנען קומט מען און וווּהין גייט מען?

אין די איינשטאָקיקע און צווייִשטאָקיקע הײַזער קוקן די אײַנוווינער מיט נײַגער ארויס פון די פענצטער און וווּנדערן זיך. דאָס ערשטע מאָל זעען זיי, אַז פּראַוואָסלאַוונע און קאַטוילישע זאָלן גיין צוזאַמען. און דער־צו: קיין צלאָמים טראָגט מען ניט, קיין איקאָנעס זעט מען ניט, קיין געזאַנג הערט זיך ניט.

און נאָר די, וואָס זײַנען ארויס אין גאַס א קוק צו טאָן נעענטער, וואָס אַזוינס קומט דאָ פאָר, דערזעען, אַז דאָס שלעפּן זיך גאָר די רעשטלעך פון נאַפּאָלעאָנס צעקלאַפּטער אַרמיי צוריק אין פראַנצויזן־לאַנד. אַליין נאַפּאָלעאָן איז נאָך פריִער אַנטלאָפן. קיין וואַרשע איז ער געקומען אין א קאַרעטע, א פאַרוויקלטער אין קאָלדרעס און פאַטשיילעס. דער אימפּע־ראַטאָר פון די פראַנצויזן, וואָס האָט קיינמאָל ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן זײַן גרויסקייט, האָט דעמלט געזאָגט:

— פון גרויס ביז שפּאַט איז איין טראָט.

2

ווען דער בלאַסער ווינטערדיקער אינדערפרי האָט גענומען אַרײַנקוקן אין די דאָפּלטע פענצטער, זײַנען שוין די אײַנוווינער פון דער יִידישער גאַס און פון די ארומיקע געסלעך אין גראָדנע געוועזן וואַך, ווינטערדיק אָנגעטאָן און גרייט אין וועג אַרײַן. און טאַקע אינגיכן איז די גאַנצע יִידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט — גרויס און קליין — ארויס פון די הײַזער און מיט יאָמטעוודיקער כעדווע זיך פריילעך געלאָזט גיין צו דער סלאָבאָדקע. דער דעקאַבער־פראָסט אין שטאָט איז אין יענעם טאָג גע־ווען יאַדערדיק־פעסט, די צווײַגן פון די ביימער פאַרשאָטן מיט שניי־פּוך, פון אונטער א לײַכטן קאָלירטן וואָלקן האָט ביסלעכווײַז גענומען ארויס־קוקן די ווינטערדיקע שפּעטע זון.

ס'איז שטיל. דערפאַר איז טומלדיק און רוישיק צווישן די פאַרזאַמלטע, וואָס קוקן מיט אומגעדולד ארויס צום וועג, וועלכער פירט אין שטאָט אַרײַן. אינמיטן אוילעם שטייט דער ראָוו אין א גרויסן טכוירענעם פוטער און אין א הויך שטרײַמל. ארום אים — די גאַבאָים מיט א שיין אויסגע־פּוצטער כופּע אף פיר שטאַנגען.

יִינגלעך און באָכערימלעך לאָזן זיך לויפן איבערן וועג, ווילן זיך דערוויסן, צי פאָרט מען טאַקע, צי קומט מען... ביז פונווײַטן דערטראָגט זיך דער רויש פון געשמידטע פערדן־טלאָען איבער דעם פאַרפרוירענעם סקריפּענדיקן שניי.

— מע פאָרט! מע פאָרט!

דעניס דאַווידאָוו מיט זײַנע פאַרטיזאַנער איז אָנגעקומען קיין גראָדנע.

מיט גרויס נײַגער קוקט מען אף דאַווידאָוון. ער איז פאַרוואַקסן מיט א געדיכטער שוואַרצער קוטשעראַווער באָרד, אָנגעטאָן אין א שוואַרצן קאַ־

זאַקישן טשעקמען מיט א שאשקע בא דער זײַט, רויטע הויזן, א רויט היטל מיט א שווארצן אָקאָליש.

דאַווידאָוו האָט זיך א הייב געטאָן אין זאָטל און פרײַנטלעך אויסגע־צויגן זײַן האַנט צו די פארזאמלטע. דעמלט איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס דער עלטסטער פון דער קעהילע און האָט אין נאָמען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג באַגריסט דאָס רוסישע כאַיִל, וואָס איז געקומען באַפרײַען די שטאָט. דאַווידאָוו האָט מיט צופרידנקײַט באַדאַנקט די ייִדן פאַר זייער טרײַהײַט צו רוסלאַנד. ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, די ייִדן זײַנען פול־שטענדיק איבערגעגעבן רוסלאַנד און ניט איין מאָל האָבן זיי צוגעשטעלט וויכטיקע ידיעות וועגן סוינע.

— הוראַ! הוראַ! — האָט דער געשריי פון פיל הונדערטער מײַלער זיך צעטראָגן אין פראָסטיקן דרויסן. די יוגנט האָט מיט פריידיקע אויסרופן געוואָרפן די היטלען אינדערלופטן.

פיר גאַבאָיִם האָבן אופגעהויבן די כופּע אף אלע פיר שטאַנגען איבער דעניס דאַווידאָווס קאָפּ. דאַווידאָוו האָט א ריר געטאָן דאָס פערד פאַרן צײַמל, און אונטער דער כופּע פון די גראָדנער ייִדן איז ער דורך דעם סקידלער וועג אַרײַנגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן.

אויסגעפאַלן איז עס דעם 9 דעקאַבער, אין איינעם פון די כאַנעקע־טעג פונעם יאָר 1812.

3

דעניס דאַווידאָוו מיט זײַנע פאַרטיזאַנער זײַנען געבליבן שטיין אפן פּלאַצפּאַראַד באַם קלויסטער. ער איז אַראָפּ פונעם פערד און געהייסן קלאַפּן אין קליינעם פויק פון דער שטאָטישער פּאָליציי. ווען ס'האָט זיך צונויפגעקליבן א גרויסער אוילעם — ייִדן און ניט־ייִדן, — האָט דעניס דאַווידאָוו געמאָלדן, אַז וויסנדיק די איבערגעגעבנקײַט פון די ייִדן צו רוסלאַנד און צו די רוסן, קלײַבט ער אויס דעם עלטסטן פון דער ייִדישער קעהילע אלס שעף פון דער פּאָליציי. דער עלטסטער דאַרף זיך אויסקלײַבן צווישן די ייִדן געהילפן, וואָס זאָלן אכטונג געבן אף דער פּאָליציי און אף דער אָרדענונג אין שטאָט.

אלס געהילפן זײַנען באַשטימט געוואָרן צווייען: פינכעס באַס און זע־ליק פעדער.

פינכעס איז דאַווידאָוו געפעלן געוואָרן מיט זײַן אויסזען. א יונגער, א הויכער, מיט א לאַנגער שווארצער זײַדענער באָרד, מיט ברענענדיקע אויגן. אָנגעטאָן אין א לײַכט פעלצל, אין א פּיזשיק־היטל מיט לאַנגע פוטער־אויערן, איבערגעבונדן פון אויבן. ער איז געפעלן געוואָרן דאַווי־דאָוון מיט זײַן ווירדע, מיט זײַן רויִקײַט און מיט דער קלוגשאַפט, וואָס פון אים קוקט אַרויס.

דעם צווייטן, זעליק פעדער, האָט דאַווידאָוו געקענט פון פריִער. זעליק איז א דאַרביינערדיקער, א באַוועגלעכער, ניט קיין הויכער, נאָר א פּע־טער, מיט אַן אָנהייב פון א קליין טונקל־ברוין בערדעלע און מיט גרויסע קאַרע אויגן, וואָס זעען אַלץ אַרום זיך און פאַרשטייען אַלץ אפן ווּנק.

אַט דער פּעדער האָט ניט איין מאָל איבערגעגעבן דאַווידאָוון וויכטיקע מיליטערישע ידיעות. האָט ער זיך איצט מיט זעליקן דערפרייט. אַף אים קאָן ער זיך פאַרלאָזן.

זעליק פּעדער, וואָס זײַנע גרויסע קאַרע אויגן זעען אַלץ און פאַר־שטייען אַלץ אַפן ווונק, האָט אַ לענגערע צײַט זיך אַליין ניט פאַרשטאַנען. ער איז געווען אומצופרידן און אומרויִק. אָבער וואָס וויל ער? וווהין ציט אים? דאָס האָט ער אַליין ניט באַנומען. ער איז נאָך געווען זייער יונג.

ווען די דרוקערײַ פון באַרעך ראָם איז נאָך געווען אין גראָדנע, פלעגט זעליק ליב האָבן אהין אַרײַנצוקומען, זיך צוקוקן צו דער אַרבעט, געוואָלט אַפילע ווערן אַ זעצער. שפּעטער האָט ער זיך געמוזט באַנוגענען מיט דעם, וואָס אים, אַ מיסנאַגיד בען מיסנאַגיד, האָט אויסגעזען, אַז אַרײַנ־גיין אין כסידישן קלײַזל איז שוין עפּעס נײַס, אַנדערש, ווי אין בעסמעד־רעש (קיין אַנדערע בײַשפּילן האָט ער ניט געזען). און ווער רעדט נאָך אין אַ יאָמטעוו, באַזונדערס סימכעסטוירע, ווען אַלע נעמען זיך פאַר די הענט, טאַנצן, שפּרינגען, מאַכן פריילעכע האַווײַעס. ער פלעגט אויך אַרײַן אין ראָד.

אַז נאַפּאָלעאָן איז אָנגעפאַלן אַף רוסלאַנד, האָט זעליק טאַקע דאָ אין קלײַזל זיך דערוווּסט וועגן דעם אופרוף פונעם אַלטן רעבן, רעב שניי‌ער־זאַלמענען: העלפן מיט אַלע מיטלען דער רוסישער אַרמיי קעגן נאַפּאָ־לעאָנען.

אָט דעמלט האָט זיך זעליק פּעדער פּעסטער דערפילט, פאַרשטאַנען, צו וואָס ער טויג.

דאָס וואָלט נאָך עפּשער געווען ניט גענוג, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן דער זאַך מיט לײַב און לעבן, האָט ער אָבער פון די זעלבע כסידים אויך געהערט וועגן דער נעוויִעס פונעם אַלטן רעבן, וואָס יענער האָט צונויפ־געשטעלט אַפן סמאַך פון כומעש — פּיר און צוואַנציק ווערטער פון דעם סייפער „באַמידבאָר": פריִער וועט די פראַנצויזן גיין גוט, אָבער דערנאָך וועלן זיי פאַרשפּילן. באַנאַפּאַרט וועט אומקומען, און דאַן וועט די וועלט זיך באַרויִקן און זיך פרייען.

זעליק האָט פאַרשטאַנען: גאָט הייסט! דער פראַנצויז וויל מיט גוטע ריידעלעך אַראָפּפירן די יִדן פון ריכטיקן וועג, מאַכן זיי פאַר אויס יִדן. ניין, קיינמאָל.

און דעמלט האָט זיך זעליק דערמאָנט אָן זײַן פּעטער העשל פון פּער־שטאָט, דעם גוטן סטאָליער און זעלטענעם האָלץ־שניצער.

4

דער פּעטער העשל, וואָס וווינט אין פּערשטאָט אַף יענער־זײַט ניעמאַן, איז אין זײַן מישפּאָכע סײַ אַף דער־זײַט און סײַ אַף יענער־זײַט טײַך באַ־וווּסט מיט דעם, וואָס ער איז אַ צו גוטער, אַ צו צוגעלאָזטער, מע קאָן אים „לײַכט" אָפּנאַרן. באַזונדערס קאָן דעם דאָזיקן „כיסאָרן" ניט פאַרלײַדן אַ צווייטער פּעטער מיִטן נאָמען אָשערל בלאָנדער. דער נידעריקער און

פולער אָשערל, וואָס איז שטאַרק גײַציק נאָך א רובל, איז געבענטשט מיט א שײנער באָרד און מיט א גרויסער שעוועליורע. אלעמאָל, ווען מע זאָל אים ניט טרעפֿן, איז ער פֿון זיך צופֿרידן, רעדט שאַבעסדיק־געלאַסן, דער־בײַ נאָך אפֿילע מיט א כניפּעלע צו זיך אַליין. אים אַרט ניט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אונטערגיין. דער איקער אױף דער ערד איז ער, זײַן ווײַב, זײַנע קינדער. הערט ער פֿון עמעצן א שלעכטע נײַס, גיט ער א קרעכצעלע, אָבער ניט דערפֿאַר ווײַל אים טוט וויי פֿאַר יענעם, נאָר ווײַל, כאַסוועכאַ־לילע, אַזוינס זאָל ניט טרעפֿן מיט אים אַליין. מיט זײַן איידל שטילן קרעכ־צעלע באַרעדט ער העשל דעם סטאָליער:

— אַז גאָט וויל שטראָפֿן — שיקט ער צו א נאַר אין דער מישפּאָכע.

זעליק פֿעדער האָט א לענגערע צײַט ניט געוווּסט, צו וועמען פֿון די צוויי פֿעטערס ציט אים מער, ווער איז אים מער צום האַרצן.

דער פֿעטער העשל האָט געהאַט די מײַלע, וואָס אױף כאַנעקע, לעמאָשל, פֿלעגט ער פֿאַר זעליקן, ווען ער איז געווען א קינד, מאַכן א דריידל, אױף פּורים — א גראַגער אָדער גאָר א שליטל מיט פֿאָדרעזעס אױף שליטלען זיך פֿון הויכן פֿערשטאָטער באַרג. דערבײַ פֿלעגט דער פֿעטער העשל געבן די מאַטאָנע אַזוי, אַז עס פֿלעגט זיך באַקומען: מע טוט אים א טויווע, וואָס מע נעמט און מע פֿאַרגעסט נאָך זאָגן „א דאַנק“.

פֿאַרן פֿעטער אָשערל האָט מען געהאַט גרויס דרעכערעץ, דעם דאַנק האָט מען אים געטראָגן פֿאָרויס, כאָטש ער האָט קיינמאָל גאָרניט געגעבן. דערפֿאַר האָט ער ליב געהאַט זאָגן מוסער. און אַלע מאָל איינס און דאָס זעלבע:

„א רעבע האָט געלערנט מיט קינדער דעם אַלעפֿבייס. פֿרעגט א ייִנ־געלע:

— רעבע, איר זאָגט, אַז ציירע פּיי — איז פּיי. איז אױף וואָס דאַרף מען דעם ציירע? סײַווי פּיי.

— זאָג מיר נאָר, באָכערל, — רופֿט זיך אָפּ דער רעבע, — ווו ביסטו געווען, ווען מיר האָבן געלערנט: ציירע היי — היי? — פֿאַרוואָס האָסטו די פֿראַגע ניט געשטעלט? געשפּילט אין קנעפּלעך, געטראַכט וועגן זײַטיקע זאַכן?.. מע מעג דען?!“

און דער פֿעטער אָשערל גלעט דערבײַ זײַן שיינע באָרד און רעדט מיט זײַן זיס לאָשן, אָט־אָט וועט פֿון זײַנע ליפּן רינען האָניק:

— מע דאַרף זײַן פֿרום און לערנען מיט האַסמאָדע, קינדערלעך.

## 5

העשל דער סטאָליער איז א הויכער, מיט לאַנגע אויסגעהאָרעוועטע הענט און קנאָכיקע פֿינגער. א בערדל איז בײַ אים א קליינס, א באַשיידנס, וואָס זוכט קיין קאָוועד ניט. דאָס פּאָנעם איז אין א סאַך קליינע קנייטשן, נאָר עס מאַכט אים אָבער ניט באַזונדערס אַלט. דאָס ערשטע, וואָס מע דער־זעט אױף זײַן פּאָנעם, זײַנען די טונקל־בורשטין־אויגן, אָרנטלעכע און גוטע.

א סאַך יאָרן שוין, ווי ער ווײנט אין שכײנעס מיט דער פּערשטאָטער גרויסער שול, וואָס געפינט זיך אַפן סאַמע העכסטן אָרט — אַפן באַרג. דער פּעטער העשל האָט א שײנע נעשאָמע און האָט ליב שײנע זאַכן. די דרײַ־גאָרנדיקע הילצערנע שול אין פּערשטאָט, וואָס איז שוין אַלט בא דרײַ הונדערט יאָר, איז באַצירט און באַצײנט מיט שײנע פּרעכטיקע געמעלן און שניצערײַען. אַוואַדע גלײבט דער פּעטער העשל אין גאָט, ער גלײבט אין אים און לויבט אים. אָבער פאַרליבט איז ער אין די שניצערײַען און געמעלן פון גאָטס הילצערנער שול.

דרײַ מאָל אין טאָג קומט העשל דער סטאָליער אין שול אַרײַן דאַוונען. אינדערפרי, צו שאַכריס, אײַלט ער זיך, עס שטײט אים פאַר א טאָג אַרבעט מיטן הובל און האַמער. און ווי נאָר ער טרעט אַריבער די שוועל, נעמט ער שוין אַרויסציִען די לינקע האַנט פון אַרבל און פאַרשפּיליעט דעם בעגעד אַף אײן קנעפּל. ער טוט אָן דעם שעל־יאַד און מאַכט די בראָכע. ער טוט אָן דעם שעל־ראָש און מאַכט די בראָכע. דערנאָך נעמט ער גיך און אַף אויסווײניק זאָגן „מאַ טויוו...״ נאָר אַז ער הײבט אויף דעם קאָפּ צום אָרנ־קוידעש, לויכטן אויף זײַנע בורשטין־אויגן, זײ ווערן גלאַנציקע. די ליפּן זאָגן די טפילעס, וועלכע ער ווײסט גוט, די ליפּן דאַוונען... און ער אַלײן, ווי א דאָרשטיקער און הונגעריקער, זאַפּט אײַן אין זיך די שײנקײַט. זײַן האַרץ דערפרײט זיך, ווען ער דערזעט דעם יונגן הירש, וואָס שטײט מיט די פאָדערשטע אויפגעהויבענע פלינקע פיס גרײט צום שפּרינגען. אָט דער הירש מיט די פאַרצווײַגטע הערנער איז פול מיט לעבן, מיט יונגע קוי־כעס, מיט קערפּערלעכער קראַפט. באַלד וועט ער זיך אָפּשטויסן מיט די פעסטע הינטערשטע פיס און וועט, ווי א ווינט, א שפּרונג טאָן צו זײַן באַגערטער הירשיכע. און כאָטש קײן הירשיכע זעט מען ניט, פילט מען אָבער איר קויעך, וואָס ציט, רופט, פאָדערט און מאָנט צו זיך דעם יונגן שטאַרקן הירש.

דער לײב, וואָס איז אויסגעשניצט אַפן זעלבן קײַלעכדיקן זײַל, שטײט מיט א פאַרהויבענעם קאָפּ און מיט אן אָפענעם גרויזאַמען פּיסק, וואָס ברילט און שרעקט אַלעמען. און ס׳איז ניט שווער צו פאַרשטײן, אַז איצט טאָר מען אין זײַנע נעגל ניט אַרײַנפאַלן. ער איז הונגעריק. נאָר באַלד נעמט העשלען דוכטן, אַז ער האָט א טאָעס. נײן, דער לײב ברילט ניט, ער שרעקט ניט. אין דעם ליכטיקן אינדערפרי לויבט ער גאָט, דאַנקט אים דערפאַר, וואָס ער האָט אים באַשאַפן א לײב.

פון אויבן שטײט אן אָדלער מיט מעכטיק־צעשפּרײטע פליגל, וואָס וועלן באַלד א פאָך טאָן, א רויש טאָן, צעשנײַדן די לופט... דאָס גוטע האַרץ בא העשל דעם סטאָליער ציטערט אויף. דער אָדלער קאָן זיך אַרײַנ־שנײַדן אין שײן־געמאָלטן סופיט און וועט זיך צעמײמעסן...

פײגל און כײַעס, וואָס ווערן דערמאָנט אין כומעש, זײַנען אויסגעשניצט אַרום אָרנקוידעש פון דער אַלטער פּערשטאָטער שול, דערבײַ זײַנען זײ אַרומגענומען, אַרומגעפלאָכטן מיט דינע שניצערײַען, לופטיקע, לײַכטע, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר פאַרשײדענע געוויקסן, גראָזן, פּרוכטן. די אַלע פרײלעכע, ליכטיקע, דינסטע שניצערײַ־געוועבן האָבן, געוויס,

מיט א סאך יאָרן צוריק, געמאכט די גאָלדענע הענט פון מארק שאגאלס אור־אור־אור־עלטערזיידעס.

העשל פארלירט דעם כעזשבן פון צײַט. ווו האלט ער אין דאווענען? אים שטייט פאַר א טאָג ארבעט. לויט דער צײַט דארף ער שוין האלטן בא „אָליינו". ער טוט אויס די טפילן, לייגט זיי צונויף. אפן וועג צום ארויס־גאנג טוט ער אָן דעם בעגעד און אײַלט אהיים.

צו מינכע (עס טרעפט, אז ער לאָזט דורך א מינכע און זאָגט צו מײַ־רעוו א הויכע קדושע), ווען ער גייט דאווענען, שײַנט די זון איבער די פיל שינדל־דעכער פון דער דרײַשטאָקיקער הילצערנער שול. איר אויסזען איז אזוי לײַכט און לופטיק, אז העשלען נעמט דוכטן — ער מיט נאָך עמעצן, זאלבעצווייט, וואָלטן געקענט די שול אופהייבן און אריבערטראָגן אף א צווייטער גאַס.

אינווייניק אין דער שול איז ליכטיק. דער פעטער העשל קאָן דעמלט באמערקן, ווו איז עפעס אָפּגעריבן פון די שניצערײַען, עפּעס אָפּגעבראָכן, האָט געפלאצט. אין א פרײַער שאָ וועט ער קומען מיט זײַן געצײַג און וועט אלץ אופשטעלן, ווי פריִער איז געווען. ער האָט אָבער אויך זײַנע אייגענע שניצערײַען אין דער מײַרעוו־זײַט פון דער שול. די מיזרעך־וואנט איז געבונדן מיט טאנאך, די מײַרעוו־זײַט איז אָן אָרטיקע, א היי־מישע: ראָמאשקעס, נאסטורציעס, בלעטער פון קליאָן, בערעזע און דעמב.

העשל דער סטאָליער איז גליקלעך, זײַנע בורשטין־אויגן לײַכטן, ווען עמעצער פון די דאווענער זאָגט אים:

— העשעלע, דײַנע בלומען שמעקן! אך, א מעכײַע! די בלעטער לעבן, באוועגן זיך פונעם ווינט, כאָטש נעם און רײַס אראָפּ פאַר די קינדער.

אין אזא טאָג, אז ער קומט אהיים א פריילעכער, ווייסט זײַן פרוי, אז דאָס איז ניט פון ווײַן, נאָר פון שיינקײַט, פון גליקזעליקײַט.

אין פערשטאָט איז באוווסט: דער פעטער העשל פארדינט ברויט פון סטאָליערײַ, גאניידן — פון שניצערײַ.

## 6

א וואַרעמער זומער־טאָג פון סאָף כוידעש יוני. אין שטאָט זײַנען די פראנצויזן. זעליק פעדער גייט אין געסט צו זײַן פעטער העשל דעם סטאָ־ליער. זעליק איז זיכער, אז דער פעטער וועט זײַן באקאָשע אויספילן, ער איז א גוטער און קאָן ניט אָפּזאָגן. אָבער וויאזוי זאָל ער אים דערקלערן, פארוואָס ער דארף א קעסטל מיט א רימען, אזא, וואָס מע זאָל קאָנען טראָגן אפן האלדז? א קעסטל מיט באזונדערע קעמערלעך, ווו עס זאָלן קאָנען ליגן פארשיידענע קלייניקײַטן, ווי סטענגעס, קעמעלעך, נאָדלען, פאָדעם און נאָך אזוינע זאכן. ער וועט זאָגן דעם פעטער, אז ער וויל גיין איבער דערפער און שטעטלעך האנדלען. צוליב כאַיונע. דער פעטער וועט דאָך אים אָבער אָנקוקן ווי א מעשוגענעם: געפונען א צײַט... און וואָס קאָן עס געבן?

וואָס זאָל ער אים דעמלט ענטפערן? וואָלט דער פעטער געווען ניט אזא ווייכער, ניט אזא גוטער, נאָר אזא, וואָס קאָן זיך איַינשטעלן און קעגנשטעלן, איַינאַקשענען און באשטיין אף זיַינס, וואָלט ער אים עפּשער געגעבן אָנצוהערעניש, אז די צייַט איז פּונקט צוגעפּאסט און ס'איז דאָ א פּאַרוואָס. נאָר ער טאָר עס ניט. דער גוטהאַרציקער העשל וועט אים דאָך נעמען אָפּריידן, איַינריידן, בעטן, דערוויַיזן...

דערוויַיל האָט זיך זעליק אראָפּגעלאָזט פונעם הויכן בארג צום טיַיך, זיך איבערגעשיפּלט און ארויס אפן צווייטן ברעג ניעמאן, אפן נידעריקן, ווו עס הייבט זיך אָן פּערשטאָט.

דעם פעטער האָט ער קימאַט ניט דערקענט. א כוילע, קוים וואָס ער גייט.

— וואָס איז מיט איַיך?

די מומע הינדע האָט א ווונק געטאָן, ער זאָל ניט פרעגן און ניט פאַר־פירן קיין געשפּרעכן. העשל האָט עס באמערקט און איז פון דעם געווען שטארק אומצופרידן. ער וויל דאַפקע מיט עמעצן זיך דורכשמועסן.

— קראַנק, זעליק, קראַנק, — ענטפערט ער מיט א קרעכץ.

— וואָס טוט איַיך וויי?

— אומעטום טוט וויי, — זיַין שטים ציטערט, — איך וועל ניט אויס־האַלטן...

— פעטער, שרעקט מיך ניט. זאָגט, וואָס איז מיט איַיך.

— ניט מיט מיר, מיַין טיַיערער, מיט דער אַלטער שול. שלעכט!

זעליק האָט אף אים א קוק געטאָן מיט כשאַד. עפּעס רעדט ער ניט צו דער זאַך.

— וואָס איז געשען, פעטער?

— פערד!

מיטן פעטער איז ניט גוט. א ראַכמאָנעס אף אים. און וועגן בעטן אים מאכן א קעסטל איז ניט שיַיעך אפילע צו טראַכטן.

נאָר דאָ האָט דער פעטער מיט גרויס קאַס אויסגעשריִען:

— פערד האָבן זיי אריַינגעשטעלט אין דער אַלטער שול! געמאכט א פערדן־שטאַל אין א מאָקעם־קאָדעש. זיי מאכן כאָרעוו אַלע שיינקיַיטן אין דער שול. ווען איך וואָלט געקענט...

— געוואַלד, העשל, געוואַלד! — בעט זיך דאָס וויַיב. — גאָט וועט זיי שטראָפן. באַרויִק זיך.

— עמעס, טאַטע, באַרויִק זיך. גאָט וועט זיי געוויס שטראָפן, — האָט זיך אויך געמומען בעטן דאָס דריַיצניאָריקע טעכטערל ליבע־שעווע.

העשל האָט אפילע ניט געהערט, וואָס זיַין געליבטע טאָכטער רעדט צו אים. ער האָט אָנגעכאַפּט זעליקן פאַר דער האַנט און זי געמומען טרייסלען.

— פאַר אומברענגען אזוינע שניצעריַיען און געמעלן קומט זיי אַלע אַרבע מיסעס בעסדן: סקילע, סרייפע, הערעג וועכענעק!

איצט האָט שוין זעליק אַלץ פאַרשטאַנען.

— פעטער, באַרויִקט זיך. איר ווייסט, לאָמיר גאָר ארויס צום טיַיך שפּאַצירן. איר וועט קומען צו־זיך.

אין א פּאָר שאָ ארום, ווען זעליק מיטן פּעטער זײַנען צוריק געקומען פון שפּאציר, האָבן הינדע און ליבע־שעווע זיך געוווּנדערט: דער טאַטע האָט זיך געענדערט צום גוטן, ווידער דער זעלבער, ווי פריִער. און זײַנע טונקל־בורשטין־אויגן זײַנען פול מיט גוטסקײַט און אָרנטלעכקײַט.

אין דעם זעלבן טאָג נאָך האָט העשל זיך גענומען פאַר זײַן סטאָליעריַי, מײַסטרעווען א קעסטל מיט קעמערלעך.

7

און, אַפּאַנעם, דערפאר ווײַל העשל דער סטאָליער האָט אין זעליקס קעסטל ארײַנגעלייגט די מי און ליבע פון העשל דעם האָלץ־שניצער, האָט זעליקן אומעטום געגליקט.

רויִק און זיכער גייט ער איבער דערפער און שטעטלעך, איבער וועגן און טראַקטן, נעכטיקט אין קרעטשמעס און אין פּויערישע הײַזער. ער פאַרקויפט קלייניקײַטן, און דערבײַ ניט טײַער.

מיט זײַנע גרויסע קאַרע אויגן, וואָס באַנעמען אַלץ און פאַרשטייען אָפן ווונק, זעט ער, כאַפּט אויף, וואָס מע דאַרף. ער פאַרגעדענקט און ווייסט ווען מען איבערצוגעבן.

זעליק האָט ליב צו ריזיקירן. ער האָט פאַרגעניגן פון א דרייסטן אײַנ־פאַל. און אז א גוטער אײַנפאַל גיט זיך אײַן, ער דערוויסט זיך עפּעס וויכטיקס, לאַכט אין אים אַלץ פון סימכע, ער איז צופרידן פון זיך אליין.

העשל העלפט אים.

העשלס טאָכטער, ליבע־שעווע, העלפט אים.

און דערווײַל...

דער זוניקער זומער, וואָס האָט געוואַרעמט די שטילע וואַסערן פון ניעמאַן, נעמט זיך אָפּקילן, ווערט אײַנגעשרומפּן, זײַנע מידע קורצע טעג נעמען גיכער אײַלן אין דער נאַכט ארײַן אף רו. דער האַרבסט איז גע־קומען.

אין יענער צײַט האָט זיך זעליק באַגעגנט מיט דעניס דאווידאָוון.

אין פרילינג און סאַמע אָנהייב זומער האָט זיך ניט ווײַט פון הויכן פערשטאָטער באַרג, ווו די אַלטע הילצערנע שול שטייט, געפונען נאַפּאָ־לעאָן מיט זײַן סוויטע. אַלע טאָג פלעגן זיי ארופגיין אָפן הויכן באַרג און קוקן אין זייערע שפּאַקטיוון אף יענער־זײַט טײַך. בא העשלען אין שטוב געדענקט מען, און באַזונדערס געדענקט עס די דרײַצניאָריקע ליבע־שעווע, ווי נאַפּאָלעאָן, א קורצער, א פולער, פלעגט קוקן אין זײַן שפּאַקטיוו. ליי־בע־שעווע דערציילט זעליקן, אז נאַפּאָלעאָן גופע האָט בעשאַסמײַסע גע־טראָגן זײַן הוט, זײַן „שיפעלע" אָפן קאָפּ. די גענעראַלן אָבער ארום אים זײַנען געשטאַנען מיט די „שיפלעך" אונטער די אָרעמס, מיט הוילע קעפּ.

נאָכדעם, ווי נאָר די פראַנצויזישע אַרמיי איז אריבער דעם ניעמאַן, איז אויך נאַפּאָלעאָן מיט זײַן סוויטע אוועק מיט דער אַרמיי.

דאָ אָבער, בא דער אַלטער גרענעץ, באַם ניעמאַן, אין שכיינעס מיט דער אַלטער שול, איז פאַרבליבן אַ גענעראַל מיט אָפיצערן און סאָלדאַטן. אַלע קורירן און פעלדיעגערס, וואָס קומען פון פאַריזש, מעלדן זיך צום אַרטיקן גענעראַל. ליבע־שעווע, וואָס וווינט אין שכיינעס, דערוויסט זיך אַמאָל אַזוינס, וואָס לוינט איבערצוגעבן זעליקן.

און אָט האָט געטראָפֿן, אַז אין אַ בלאָטיקן און רעגנדיקן האַרבסט־טאָג איז אָנגעקומען אַ קאַבינעט־קוריער פון פאַריזש מיט אַ פּאַקעט צו נאַפּאָלעאָנען. בא דער אַלטער גרענעץ שטעלט ער זיך אָפּ, מעלדעט זיך צום גענעראַל, וועלכער דאַרף אים געבן אָנווײַזונגען ווּהין צו פֿאָרן.
ליבע־שעווע גיט עס איבער זעליקן.

צו יענער צײַט איז זעליק געווען באַקאַנט מיט נאָך עטלעכע ייִדן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער זעלבער אַרבעט, וואָס ער. דערהערנדיק ליבע־שעוועס ידיעה, איז זעליק מאַמעש אונטערגעשפּרונגען. אים איז אײַנגעפאַלן דעם קאַבינעט־קוריער, וואָס פֿאָרט צו נאַפּאָלעאָנען, איבער־געבן אין די הענט פון דער רוסישער אַרמיי.

איבער די האַרבסטיקע וועגן איז שוין געפאַלן דער ערשטער שניי, אַ פּוילער, אַ נאַסער, אַ שווערער. אויף דער ערד צעגייט ער גלײַך און ווערט ניט. אין וואַלד האָט דער פרירער שניי באַפּוצט די קרוינען פון די ביימער מיט ווינטער־ווײַסקײַט, אָבער אויך ניט אויף לאַנג. שניי־טראָפּנס האָבן גאָר אינגיכן גענומען פאַלן אין פײַכטן גראָז אַרײַן.

איבערן צעשווענקטן וועג גיסט שוין עטלעכע מעסלעס נאָכאַנאַנד אַ רעגן. ער קלאַפּט אין דער קאַרעטע מאַנאַטאָן און אָן אויפהער, ווי אַ גרוי־סער צולאָכעס, וואָס וויל דערגיין די יאָרן. עס כליופּען נאַסע בלאָטעס און עס שטייען פולע קאַליוזשעס. די ערד איז קלעפּיק, די רעדער רירן זיך שווער און גליטשן זיך אויף די אָנגעפאַלענע געלע און גרינע בלעטער. די קאַרעטע פֿאָרט אַרײַן אין וואַלד. די פינצטערניש קומט אָן גיכער און געדיכטער. דעם קוריער ווערט שטאַרק אומהיימלעך, ער איז אין אַ פרעמד לאַנד, אַ גוואַלדיק גרויס' און אַ ווײַטס. אין אַ פרעמדן וואַלד, ווו קאַלטע טראָפּנס פאַלן פון צווײַג אויף צווײַג, פון בלאַט אויף בלאַט און שטעכן, ווי נאָדלען אין לײַב.

אין וואַלד איז איצט איין בוים ענלעך אפן צווייטן, אַלע שטעגן האָבן איין אויסזען. און דער וועג לאָזט זיך ניט דערקענען. דער קוטשער באַ־נעמט עס.

און, מיסטאַמע, צוליב דעם טאַקע קוקט אַלעמאָל אַרויס דער קאַבינעט־קוריער דורך די פאַרעגנטע פענצטערלעך פון דער קאַרעטע. ער איז זיכער, אַז אין רוסלאַנד איז שטענדיק רעגנס, שטענדיק בלאָטעס. אַרום־און־אַרום איז וואַלד, אַ נאַסער וואַלד, אָן זון, אָן פייגל.

זומער איז ער דאָ ניט געווען, ווייסט ער ניט, אַז ניט גאָר ווײַט פונ־דאַנען איז פאַראַן אַ טײַער ערטל, ווו אין וואַרעמע טעג איז אַ מעכײַע צו רוען.

זומער. דער וואלד איז דאָ געדיכט. פון איין זײַט — א פארוואקסענער יעלניק מיט טיפן מאָך און מיט אָפטע קאָטשקעס, פון דער צווייטער זײַט — אן אלטער בערעזניאק. די בערעזעס זײַנען נידעריקע, פארוואקסן מיט הארטע פארשימלטע „שוואָמען", ווי פערדישע קאָפּיטעס. אױף דער ערד וואלגערן זיך טרוכליאווע ביימער מיט אָפּגעהוילטער צעלעכערטער קאָרע, פול מיט מילבן און צעפּרעסענעם האָלץ־שטויב. אינמיטן וואלד אָבער, אין דער הייך, איז פריי. דאָ איז סאָסנע, די ביימער זײַנען גלײַכע און הויכע. באטאָג איז דאָ פול מיט זון, מיט פייגל־געזאנג און מיט א שטיל ווינטעלע, וואָס רוישט אין די צווײַגן. דאָ איז גוט און פריילעך. אין הארבסט פאלן שטערן אין וואלד ארײַן. אָבער איצט, אין שפּעטן הארבסט מיט זײַן הוילקײַט און פוילקײַט, מיט בלאָטע און רעגן, איז דאָ גאָרניט פריילעך און ניט גוט.

ארום א שײַטער זיצן דאָ איצט דרײַען. איינער פון זיי, דער סאמע יינגסטער, איז זעליק פעדער. דער צווייטער, וואָס זיצט באם שײַטער אנטקעגן זעליקן, מיט די הענט אין די ארבל און מיט פארמאכטע אויגן, ווי ער זאָל דרעמלען, איז א הויכוווקסיקער און פעסטער, מיט א ברייטער שווארצער באָרד. אָנגעטאָן איז ער אין א שעפסן פעלצל, ארומגעבונדן מיט א שטריק, אין שווערע שטיוול פון ציגן־פעל, און זעט אויס ווי א פורמאן אָדער א טרעגער. אינדערעמעסן איז ער א האלבער סויכער און א האלבער לערנער, האָט שיר ניט קיין סמיכעס. ער איז זייער א פרומער. ער איז שטענדיק ערנסט. אפילע א שפּאס, א ווערטל, א כאָכמע, א וויץ, אויב ער זאָגט עס אמאָל, זאָגט ער ארויס אזוי פרום־ערנסט, אזוי מיסנאגדיש־טרוקן, אז דער שפּאס פארלירט דעם כיין און דער וויץ די פריילעכקײַט. סײַ אין מיסכער, סײַ אין מישפּאָכע־לעבן איז ער גראָדליניק, ווייסט ניט פון קיין וואַיסרויצעצו: ווײַס איז ווײַס און שווארץ איז שווארץ. א געמיש פון פארבן אנערקענט ער ניט. ער איז ניט נאָכגיביק, אָבער וואָס מע מוז — מוז מען, אָן טערוצים. און אָט טאקע דערפאר זיצט ער הײַנט באם שײַטער צוזאמען מיט זעליק פעדערן. זײַן נאָמען איז דאָוויד, פארשטייט זיך, אז רעב דאָוויד. ער האָט ניט געדארפט, ווי זעליק, זיך דערוויסן וועגן נאפּאָלעאָנען אין כסידישן קלײַזל, ער האָט אליין געוווּסט. פון כסידים האָט ער גאָר געוויכט, ניט ליב געהאט זיי, געהאלטן פון ווילנער גאָען. און אויב זײַנע א כאָכמע פלעגט יאָ איין מאָל אין א שמיטע אריַיסרופן א שמייכל בא מענטשן, איז עס געווען דאן, ווען ער האָט די כאָכמע געזאָגט וועגן כסידים.

רעב דאָוויד האָט נאָך פריער, נאָך פאר דער מילכאָמע, געוווּסט וועגן דעם, אז געפינענדיק זיך אין מיצראַים, האָט נאפּאָלעאָן גערעדט וועגן אופשטעלן די יידישע מעלוכע. רעב דאָוויד און נאָך אזוינע פון זײַן קרײַז און שטאנד האָבן עס אופגענומען, אז באָנאפּארט וויל ווערן דער יידישער מאָשיעך. זיי איז עס געווען דערווידער. און שפּעטער, ווען באָנאפּארט האָט צונויפגערופן דעם יידישן סאנהעדרין אין פאריזש, איז פאר אזוינע, ווי רעב דאָוויד, קלאָר געוואָרן דער עמעסער מיין, וואָס איז, אגעוו, אָפּן געזאָגט געוואָרן: דער סאנהעדרין, דאָס הייסט נאפּאָלעאָן, דארף געבן די געזעצן פון יידישן לעבן, און ניט דער טאלמוד. אזוינס האָט דאָוויד ניט געקאָנט פארטראָגן. ער מוז גיין קעגן באָנאפּארטן. ער האָט געהאָלפן זאמ־

לען באַ די גראָדנער ייִדן געלט פֿאַר דער רוסישער אַרמיי. מיט גרויס קאַוואָנע פֿלעגט ער זאָגן די טפֿילה פֿאַרן ניצאָכן איבער נאַפּאָלעאָנען. רעב דאָוויד פֿאַרטיידיקט ייִדישקייט. אָבער אונטער רעב דאָווידס ייִדישקייט זעט זיך אָפּט ניט קיין איינצלנער ייִד און ניט קיין ייִדיש פֿאָלק, נאָר ווידער — גאָט און זײַן טוירע. אזא איז רעב דאָוויד.

דער דריטער באַם שײַטער איז אַ פֿורמאַן אין אַ פֿויערישער סערמענגע, איבערגעבונדן מיט אַ רויטן קושאַק, אין אַ וואַרעם טוכן היטל מיט אויערן. ער רייכערט אַ קליין ליולקעלע און שפּײַט געשמאַק מיטן שפּיץ צונג. צווישן אים מיט גאָט איז אַ גרעסערער מערכעק, ווי צווישן גאָט מיט זײַן שאָכן באַם שײַטער, רעב דאָווידן. קיינעם פֿאַלט גאָר ניט אײַן צו רופֿן אים מיט אַ „רעב״, מע רופֿט אים פּאָשעט אַרקע. אין דאַוונען איז ער ניט שטאַרק געניט, און אַז ער איז אין וועג מיט פֿערד־און־וואָגן, פֿאַרבייגט ער אַ דאַוונען. ער צווייפֿלט גאָר ניט, אַז גאָט וועט אים מויכל זײַן. ער טוט עס דאָך ניט פֿון צולאָכעס, נאָר צוליב ברויט פֿאַר ווײַב און קינדער. און ניט ער אליין האָרעוועט, נאָר אויך זײַן געטרײַער און יונגער אָגער „קראַסאַווטשיק״. אַרקע האָט האָלט שיינע שטאַלטנע פֿערד. דער פֿורמאַן און זײַן סוס פֿאַרשטייען זיך גוט, האָבן זיך ליב. האָט דער טײַוול, ווער ווייסט פֿונוואַנען, אָנגעטראָגן פֿראַנצויזן אהער. ווער האָט זיי גערופֿן? און די דאָזיקע פֿראַנצויזן האָבן מיט גוואַלד צוגענומען זײַן געטרײַ גוט פֿערד.

אַלע דרײַ זיצן אין פֿײַכטקײַט אַרום שײַטער, וואָס ברענט און לעשט זיך, רייכערט און צינדט זיך אָן. די פֿײַכטקײַט קריכט אַרײַן אין די ביינער, די רעגן־טראָפּנס, וואָס פֿאַלן פֿון די צווײַגן, פֿאַרקריכן אין לײַב אַרײַן. די פֿיס נעמען קאַלט ווערן. קיינער פֿון זיי האָט אָבער קיין כאַראָטע ניט. וואָס מע מוז — מוז מען. אַלע דרײַ שווײַגן. ערגעץ נאָענט קאָנען זײַן פֿראַנצויזן. ריזיקע פּאָדערט פּאָרזיכטיקײַט. פֿון צײַט צו צײַט, באַם פֿאַרציִען זיך און באַם אויסשפּײַען, זאָגט אַרקע שטיל, פֿאַר זיך:

— קראַסאַווטשיק...

ער קאָן זיך ניט באַרויִקן, ער טראַכט אַלץ איבער, וואָס מיט זײַן פֿערד קאָן פּאָרקומען. זיי וויסן דען, ווי זיך באַגיין מיט אַ פֿערד, ווי עס היטן און כאָוועןן... זיי שמײַסן, קאַטעווען, יאָגן אַרויס די נעשאָמע... אַרקע ציטערט אַזש אויף. ער איז גרייט טייקעף אויפֿשפּרינגען און כאַפּן עמעצן פֿאַרן קאַרק, געבן אַ גוטן טרייסל. אַזוי זיך באַגיין מיט אַ פֿערד, מיט אַ גוט געטרײַ פֿערד...

רעב דאָוויד פֿאַרלײַדט ניט אַרקעס רייכערן און דאָס שעפּטשען „קראַסאַווטשיק״. אָן אַנדערשמאָל וואָלט ער אים געזאָגט: „גראָבער יונג, פּיפּקע ניט!״ הײַנט שווײַגט ער. זיי זײַנען הײַנט שוטפֿים! און ווײַל נאָכגעבן איז אים שווער, טראַכט ער וועגן אַרקעס ליולקע, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס איז ניט פֿאַראַן, ניטאָ און וועט ניט זײַן. אַפֿילע ניט דערמאָנען... לוי ייִזאָכער וועלוי ייִפּאָקעד[1].

[1] עס זאָל ניט דערמאָנט ווערן און ניט געדאַכט ווערן.

אלע דרײַ הערן זיך אײַן: צי פאָרט מען ניט? צי קומט מען ניט?
— הערט, דוכט זיך...—זאָגט זעליק און ווײַזט דערבײַ מיט דער האנט צום וועג.
זיי הערן זיך אָנגעשטרענגט אײַן.
— לוי דובים ועלוי יאאר[1],—ענטפערט דאָוויד.—אויסגעדוכט זיך.
— און דאָך... הערט...—כאַזערט איבער זעליק. ער איז אומגעדולדיק. ער וויל דערהערן אזוינס, וואָס עס לאָזט זיך ניט הערן.
— ניין, יונגערמאן,—ענטפערט ווידער רעב דאָוויד. — לוי האָיאָ ועלוי ניוראָ[2]. גאָרניט. כאַלוימעס.
ארקע דער פורמאן פארשטייט, אז עס איז נאָך פרי, אין א שווערן וועג פאָרט זיך שווער. ער בארויִקט זעליקן:
— דער וועג איז כליופקע, סקליזקע. אזא וועג מאטערט אויס די גע-דערים און די געהירן. עס גרעפּצט זיך אָפּ דער פאראיאָריקער טשאָלנט. לאַקסירן קאָן מען... דאַלי באָך.
— אוואַדע. א וועג מיט שטרויכלונג. אײַך, זעליק, דוכט זיך נאָר אויס. אכיזעס איינאָים—פארבלענדעניש,—זאָגט ווידער רעב דאָוויד.
זיצן זיי, דרײַ מענטשן, וואָס הײַנט זײַנען זיי צוזאמען, פאררייניקט דורך איין פארלאנג, און מאָרגן קאָנען זיי ווידער זײַן פרעמדע, אָפּגעזונדערט איינער פונעם אנדערן, יעדער מיט זײַן וועג, מיט זײַנע האסאָגעס. דער שײַטער ברענט און לעשט זיך, רייכערט און צינדט זיך ווידער אָן. דער רעגן גיסט. דער ווינט טרײַבט טראָפּנס אונטערן קאָלנער. די פיס נעמען פרירן, און עס דוכט אָפּט, אז דער ווינט ברענגט עמעצנס רייד. צי ניט פראנצויזן?
דער ערשטער, וואָס כאַפּט אוף, אז מע פאָרט טאַקע, איז, פארשטייט זיך, דער פורמאן, דער באלעגאָלע ארקע. אף זײַן מעווינעס פארלאָזט מען זיך. אלע שטעלן זיך אוף. רעב דאָוויד גיט א קוק צום פארכמארעטן הימל און זאָגט:
— ריבוינעשעלוילעם, גיב א שרעקלאָז הארץ.
און אלע דרײַ, אין טאָך ארײַן, פרעמדע, פארשיידענע, וואָס ווילן זיך, קאָן זײַן, מער אין לעבן ניט באגעגענען, ווערן ווי איין מענטש, מיט איין ווילן.

און אז זיי שטעלן זיך אוף און גייען ארויס פון זייער באהעלטעניש, דערפילן זיי ערשט, ווי דער ווינט, וואָס טראָגט בלעטער, רעגן און צווײַגן, ווארפט זיך אף זיי און פאטשט זיי אין פּאָנעם ארײַן.
זיי שטעלן זיך צום ווינט מיט דער פּלייצע. אָבער איצט דערהערן זיי און באלד דערזעען זיי די קארעטע. קוים די פערד שלעפּן זיך, פון זיי רינען גרויסע טראָפּנס רעגן און עס גייט פון זיי א פּארע. זיי באוועגן שווער מיט די אײַנגעפאלענע זײַטן. זעליק פעדער, וואָס קען זאָגן אף

[1] ניט קיין בערן און ניט קיין וואלד (געמיינט: ניט געשטויגן און ניט גע-פלויגן); [2] עס איז אזוינס גאָר ניט געווען.

ייִדיש דריטהאַלבן פראַנצויזישע ווערטער, ווייסט שוין איצט גוט, וואָס ער האָט צו טאָן. מיט זײַנע דריטהאַלבן פאַרייִדישטע פראַנצויזישע אויסדרוקן פרעגט ער דעם קוטשער, וווּהין די קאַרעטע דאַרף פאַרקערעווען. אויב צום טײַך, צום פּאַראָם, וועלן זיי העלפן אונטערשטופּן די קאַרעטע. דער וועג איז א שווערער, א שלעכטער, און די פערד זײַנען מיד. די פראַנצויזן זײַנען צופרידן.

א ברייטער וועג, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און נידעריקער, פירט צום טײַך.

באַם טײַך וואַרטן מענטשן אַפן פּאַראָם. דער פראַנצויזישער סערזשאַנט, וואָס באַלעבאַטעוועט דאָ, וויל גאָר אַף קיינעם ניט קוקן. ווי נאָר אָבער ער דערזעט די קאַרעטע און דערוויסט זיך, ווער עס פאָרט, גיט ער טייקעף א באַפעל, און דער פּאַראָם איז גרייט. זעליק, רעב דאָוויד און אַרקע העלפן אונטערשטופּן די קאַרעטע צום פּאַראָם. צוזאַמען מיטן קאַבינעט־קוריער קומען זיי אָן אַף דער צווייטער זײַט טײַך.

דער וועג, וואָס גייט באַרג־אַרויף, איז אויך צעשווענקט און פאַרבלאָטיקט. דער רעגן גיסט, און דער ווינט רײַסט די ערד אונטער די פיס. מע פאָרט ווידער אַרײַן אין וואַלד. אַרקע דער פורמאַן גיט א נעם די פערד פאַרן צוים, זעליק גיט א שפּרונג צום קוטשער און נעמט איבער די לייצעס. די קאַרעטע פאַרקערעוועט אַף אַן אַנדער וועג גאָר אין דער זײַט. און צוזאַמען מיטן קוריער און מיטן קוטשער קומט מען אָן צו די רוסישע פאַרטיזאַנער, צו דעניס דאַווידאָוון אין די הענט אַרײַן.

...און אָט טאַקע דערפאַר קאָן זיך דעניס דאַווידאָוו אַף זעליקן אינגאַנצן פאַרלאָזן.

## 8

אין דער יאָמטעוודיקער און ווינטערדיק־ווײַסער שטאָט גראָדנע איז דער אויסגעשטערנטער אָוונט אָנגעקומען מיט א שטיל און טרוקן פראָסטל. אַף די באַלקאָנעס און אין די פענצטער האָבן געברענט אילומינאַציע־פײַערן, עס זײַנען געווען אַרויסגעשטעלט פאַרשיידענע בילדער, וואָס רימען די רוסישע אַרמיי. די קלויסטער־גלעקער האָבן נאָכאַנאַנד געקלונגען און זיך איבערגערופן פון אַלע זײַטן שטאָט.

די הײַזער פון דער ייִדישער גאַס און פון די אָרומיקע געסלעך האָבן אַרויסגעלויכטן מיט פריילעכע כאַנעקע־ליכטלעך אין די פענצטער. די שׂימחה איז געווען א צווייענדיקע: דער אַמאָליקער זיג איבער די גריכן און דער איצטיקער איבער נאַפּאָלעאָנען. אין די ייִדישע הײַזער האָט מען באַזונדערס האָפערדיק געפײַערט דעם הײַנטיקן כאַנעקע־יאָמטעוו. עס איז צוגעקומען א נײַ געפיל, וואָס האָט לאַנג, לאַנג דאָ געפעלט, — זיכערקײַט. זיי זײַנען בא זיך, מע וועט זיי מער פון זייערע היימען ניט טרײַבן, ניט באַליידיקן, ניט אָנרירן זייערע קינדער, ניט אָפּנעמען זייער כאַיונע. דעניס דאַווידאָוו האָט זיי הײַנט געלויבט. מיט דער פּאָליציי פירן אָן זעליק פעדער און פינכעס באַס.

בא העשל דעם סטאָליער אפּן הויכן בארג אין פערשטאַט, אין שכיינעס מיט דער אלטער שול, ברענען די כאַנעקע־ליכטלעך אין א שיין־אויסגע־שניצטער מענוירע, וואָס ער אליין האָט געמאכט. היינט שטייט זי אויבנאָן. הינדע קאָן זיך אף איר זאט ניט אָנקוקן. די מענוירע זעט אויס, ווי א בוים מיט אכט צווייַגן, צו פיר אין יעדער זייַט. די צווייַגן זייַנען באוואקסן מיט בלעטלעך. אפּן שפּיץ פון יעדער צווייַג שטייט א טויב מיט א לייַכ־טערל, ווו צו שטעלן דאָס ליכטל. צווישן די צווייַגן ציט זיך אלץ העכער א הירש, וואָס קלייַבט זיך אָנצינדן די ליכטלעך. איבער די צווייַגן מיט די בלעטלעך און טויבן שטייט א קרוין. אונטן ליגן צוויי לייבן, ווי געטרייַע היטער.

אליין העשל איז היינט אָנגעטאָן אין די שאבעסדיקע קליידער. הינדע האָט צוגעגרייט א שיינעם טיש. ליבע־שעווע איז אויך אויסגעפּוצט. טאַ־טע־מאמע זייַנען גוט אופגעלייגט. אין זיי פילט זיך זיכערקייַט און רויִקייַט, ווי אין א סאך ייִדישע הייַזער. די טאָכטער זייערע, ליבע־שעווע, איז היינט דאפקע ניט אזוי רויִק. זי קוקט אלץ ארויס צו דער טיר און צום פענצטער, ווי זי זאָל ווארטן אף עמעצן. פון איין זייַט זעט מען פארשנייטע דעכער און ליכטיקע פענצטער. פון דער צווייטער — דעם בארג־אראָפּ, וואָס פירט צום ניעמאן.

דער טאטע, העשל, באמערקט עס ניט. ער איז פארנומען מיט זייַנע שניצערייַען, מאָלערייַען, שיינקייַטן... מיט אים טרעפט, אז ער לעבט מער אין זיך, ווי ארום זיך. איצט טראכט ער וועגן די שניצערייַען אין דער אל־טער שול. א סאך ארבעט שטייט אים פאָר. זייַן ווייַב הינדע זאָגט וועגן אים: „ער לעבט מיט פארמאכטע אויגן”. דערפאר, עמעס, לעבט זי אליין מיט אָפענע אויגן. זי פארשטייט זיך זייער גוט אף איר מאן. אף זייַן אופירונג און שטימונגען. זי שאנעוועט אים, פילט אים מיט. הינדע שטויסט זיך אָן, פארוואָס איר טאָכטער, וואָס האָט שוין פון דרייַצן יאָר זיך א רוק געטאָן נעענטער צו פערצן, קוקט אזוי ארויס צו דער טיר, ווי זי זאָל אף עמעצן ווארטן. הינדע טראָגט א שייטל (אגעוו, איז זי אליין א שייטל־מאכערקע), לאנגע קליידער. לייענט דעם צענאַ־ווערענאַ און דעם קאָוו־האיאָשער, ווייסט אלע ייִדישע מינהאָגים, ווייסט די דינים, וואָס זייַנען נייטיק אין דער שטוב־ווירטשאפט. איר פרוּמקייַט ווערט דורך דעם ניט געמינערט. זי שטעלט עס, עמעס, ניט ארויס פאר לייַטן, עס פאסט ניט און מע טאָר ניט. פאר זיך ווייסט זי, אז זי האָט געפירט מיט העשלען א ליבע נאָך פאר דער כאסענע. דאָס הייסט, ער, העשל, האָט וועגן דעם ניט געוווּסט. זי האָט אים ליב באקומען. און ווו נאָר מע האָט אים געקאָנט זען, איז זי געקומען. זי אליין האָט געבעטן אירע עלטערן ריידן דעם שידעך. זעענדיק איצט, ווי די טאָכטער געפינט זיך קיין אָרט ניט, דערמאָנט זי זיך: ווען זעליק קומט ארייַן, ווערט ליבע־שעווע רויט, לאָזט אראָפּ די אויגן. שפּעטער א ביסל לאָזט זי שוין פון אים די אויגן ניט אראָפּ. פריִער האָט הינדע געטראכט: „א קינד”. דערנאָך: „א קליין מיידעלע”. אָבער היינט... עס דערמאָנען זיך אירע אייגענע מיידלשע יאָרן. זי וויל, אז די טאָכטער זאָל זיך באַרויִקן, זאָגט זי:

— איך מיין, העשל, אז היינט וועט זעליק צו אונדז ניט קומען.

און איידער העשל באוויַיזט נאָך צו ענטפערן, גיט ליבע־שעווע גלײַך א פרעג:

— פארוואָס?

— דו פארשטייסט דען ניט, מײַן קינד, פארוואָס? ער איז דאָך אין דער פּאָליציי. פארנומען שטארק.

— הײַנט איז דאָך יאָמטעוו, מאמע.

— און איך מיין, — רופט זיך אָפּ העשל, — ער וועט קומען. כאָטש אף איין רעגע... אָבער קומען.

הינדע דערזעט, ווי די טאָכטער לעבט אוף. אירע אויגן, דעם טאטנס בורשטין־אויגן, לויכטן אוף, ווי פון א גליקלעכער בסורע. נאָך מער: די טאָכטער מאכט א פּאָר טאנצנדיקע טריט צום טאטן, כאפּט אים פאר די הענט און זאָגט:

— ביסט אזא גוטער. אוואדע וועט ער קומען, — און זי נעמט ווידער ארויסקוקן אין פענצטער.

די גרעסטע סימכע איז בא ארקע דעם פורמאַן.

מיט עטלעכע טעג צוריק איז א באַקאנטער באלעגאָלע צו אים געקומען און געזאָגט:

— ארע, דײַן סוסל איז א היגער. איך האָב אים געזען געשפּאנט אין א לײַכט דראָזשקעלע. די לייצעס האָט געהאלטן אן אויסגעצאצקעט פּאָרעצל.

ארקע איז אופגעשפּרונגען.

— קראסאווטשיק? ווען? ווו?

ער האָט געמומען זוכן, פרעגן, ניט געגעסן, ניט געטרונקען, גאנצע טעג ארומגעלאָפן. ביז ער האָט זיך דערוווּסט, ווו זײַן פערד געפינט זיך. און אין דעם טאָג, ווען דעניס דאווידאָוו מיט זײַנע פּארטיזאנער איז ארײַן אין שטאָט, ווען זעליק און פינכעס זײַנען געוואָרן די אָנפירער פון דער פּאָליציי, איז ארקע מיט זײַן בײַטש אין איין האנט און מיטן צײַמל אין דער צווייטער ארײַן צום פּאָרעצל אין הויף און גלײַך אוועק צו דער סטאָ־דאָלע. דער אָגער איז דאָרט געשטאנען און אָן אפּעטיט געקײַט היי. דערבײַ האָט ער געפּאָרשקעט מיט די נאָזלעכער, אז פונעם היי איז געגאנגען א שטויב.

— קראסאווטשיק!

דאָס פערד, אז ס׳האָט דערהערט די באקאנטע שטים, האָט עס זיך אזש א טרייסל געטאָן. דערנאָך פריילעך צעהירזשעט זיך און אומרויִק גענומען קלאפּן מיט די פיס.

ארקע האָט אפן אָגער אָנגעטאָן דאָס צײַמל און געזאָגט:

— קום, טײַערער...

צו די ווערטער איז קראסאווטשיק לאנג צוגעווינט און איז א פריילע־כער געגאנגען נאָך זײַן באלעבאָס.

אין הויף איז אָנגעקומען דאָס פּאָרעצל מיט א געשריי: „א גאנעוו!" ער האָט געוואָלט אָנכאפּן דאָס צײַמל, נאָר ארקע האָט א פּאָך געטאָן מיט דער בײַטש און אים אָפּגעטריבן. ארקע איז אליין ארויס מיט לאָשן:

— זלאַדזשי, קראַדעק, שאכריַ, לאָבוס, קישעניק! געגאַנווועט מײַן פערד, און דו רעדסט נאָך. איך וועל דיר ווײַזן גאַנוועגען פערד. קום אין פּאָליציי! דאָ זעליקאַ, דאָ פּינכאָסאַ, אלי דאָ דאַווידאָוואַ! קום!

און כאַטש דער פּאַרעץ איז געווען מיט א פּאַריסענעם האַנאַר, כאָטש אין אַן אנדער צײַט וואָלט מען דאָ ארקען צענעריקט און אַרויסגעוואָרפן, האָט אָבער הײַנט דער פּאַרעץ זיך דערשראָקן. ער ווייסט שוין, ווער און וואָס דעניס דאַווידאָוו איז. און דערצו: ער, דער יאַסנעוועלמאָזשנער פּאַן, זאָל זיך גיין לאָדן אין דער פּאָליציי בא זעליקן און פּינכעסן...

צוריק אהיים איז ארקע מיטן פערד געגאַנגען, ווי א גענעראַל נאָך אַן אויסגעשפּילטער מילכאָמע.

און הײַנט איז בא אים אין שטוב א גרויסע סימכע. זײַן ווײַב באַקט לאַטקעס, און די קינדער כאַפּן זיי גלײַך פון דער סקאָוואָראָדקע. ארקע אליין אָבער רירט זיך צו זיי ניט צו. ער איז זאַט. אפילע קיין ביסל מאַשקע וויל ער ניט נעמען. ער טוט נאָר איינס: אלע ווײַלע כאַפּט ער א ברענענ־דיק כאַנעקע־ליכטל און לויפט אין שטאַל ארײַן זען, וואָס זײַן קראַסאַוו־טשיק מאַכט. ער גלעט אים, האַלדזט אים, רעדט צו אים מאַמעש, ווי פון שיר־האַשירים ארויס.

און אַז ארקע קומט ארײַן צוריק אין שטוב, פרעגט אים דאָס ווײַב:

— נו, מײַן מאַן, ווי פילט ער זיך?

— גאָט צו דאַנקען!

בא רעב דאָווידן אין שטוב איז די גרויסע שאַפע מיט ספאָרים הײַנט צוגעמאַכט. ווי אַלעמאָל, איז רעב דאָוויד אין א זײַדענער יאַרמלקע און אין א לאַנגן טאַלעסקאָטן אונטער דער קאַפּאָטע. לויט דער געוווינהײַט ווילט זיך אים עפענען די שאַפע, ארויסנעמען א סייפער און ארײַנקוקן. הײַנט אָבער איז דאָך יאָמטעוו, כאַנעקע, הײַנט דאַרף מען זיך פריילעך מאַכן. פריילעך זײַן גיט זיך רעב דאָווידן ניט לײַכט. פריילעך זײַן זעט אים אויס, ווי אומזיסט פאַטערן צײַט. אפילע א ביסל ווײַן נעמט ער נאָר דאַן, ווען דאָס איז א מיצווע, — קידעש אָדער די פיר קויסעס. הײַנט, עמעס, מעג מען. ניט נאָר מע מעג, נאָר מע דאַרף. אָבער גיי זײַ פריילעך, ווײַל מע מעג, ווײַל מע דאַרף, ווײַל מע מוז. ער סטאַרעט זיך, ער הייבט אָן פון דעם, וואָס ער טיילט די קינדער כאַנעקע־געלט. עס ווערט טאַקע אין שטוב לעבעדיקער. רעב דאָווידס ערנסט־געמאָרעדיק פּאָנעם גיט א שמייכל. אָט, דוכט זיך, וועט ער אליין בא זיך נעמען כאַנעקע־געלט און זיך זעצן שפּילן מיט די קינדער אין דריידלעך. „נעס גאָדל האָיאָ שאָם״. א גרויסער נעס איז דאָרט געווען, — טראַכט ער. ער נעמט אפילע ארײַן אין זײַן גרויסער דלאָ־ניע די ברייטע באָרד און שמייכלט מיט אַן אויג. הײַנט איז כאַנעקע, מעג מען דאָך שפּילן, זיך מאַכן פריילעך. גיט ער א פרעג:

— אין וואָס וועט מען שפּילן, קינדער? קעדוימע לעמאָשל? אין דריידל, טשיקין און עפשער גאָר אין ציג און וואָלף?

די קינדער שווײַגן. זיי גלייבט זיך עפעס ניט, אַז דער טאַטע זאָל זיך מאַכן „נאַריש״ און פאַרברענגען מיט זיי.

— ווּעסט דען שפּילן, טאַטע?

— וואָס זשע דען, איך רעד מיט אײַך גלאַט אין דער וועלט אַרײַן?

די קינדער קוקן זיך איבער מיט גלאַנציקע אויגן, ווינקען זיך איבער, און דאָס באַטײַט: מע דאַרף בּאַ אים אויסשפּילן. אַלע צוזאַמען.

— איך פאַרשטײ דאָך... איר ווילט מאַכן קעגן מיר יאַדאַכאַס. איז האָוואָ ניסקאַקמאָ, לאָמיר אײַך איבערקליגן. און וואָס שפּילן מיר?

די קינדער גלייבן נאָך אַלץ ניט. עס איז טאַקע יאָמטעוו, נאָר דער טאַטע זאָל באַ זיך פּועלן זיך זעצן שפּילן...

— ווייסטו וואָס, טאַטע? אין קאָרטן! הײַנט מעג מען דאָך.

די קינדער שפּילן.

רעב דאָוויד האַלט ניט אויס און נעמט אַרויס אַ סייפער.

אים איז אָבער ניט באַשערט לאַנג אין סייפער אַרײַנצוקוקן. דער שאָכן אָשערל בלאָנדער איז געקומען אין געסט.

— רעב דאָוויד, הײַנט איז דאָך יאָמטעוו.

דאָוויד האָט אָשערלען ניט ליב. ער אַליין, דאָוויד, איז אַ מענטש אָן אָפּפענער, ער זאָגט, וואָס ער מיינט. אָשערל זאָגט אַ סאַך ווינציקער, וויפל ער וויל זאָגן, ער האַלט כעזשבנ: וויפל און וואָס. און אַמאָל זאָגט ער גאָר פאַרקערט, וואָס מע דאַרף. דערצו קאָן דאָוויד ניט אַכטן קיין מענטשן, וואָס כיינדלט זיך און כאַנפעט זיך אַליין. און כאָטש אָשערל בלאָנדער פּילט עס, באַנעמט עס, ציט אים דאַפּקע צום שאָכן. רעב דאָוויד קומט אַרײַן צום ראָוו, צום ראָש־האַקעהילע, ווייסט ער נײַס. אויך הײַנט איז אָשערל געקומען נאָך נײַס, געקומען מיט אַ פראַגע:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס פאַרא נוצן וועלן מיר האָבן, וואָס ייִדן זײַנען אין דער פּאָליציי? צי פּאַסט עס פאַר ייִדן?

— איר, רעב אָשערל, הייבט גלײַך אָן פון נוצן, ווי אַ בור־דעוויראײַסע, אָן אַמהאָרעץ. אָן אַ ניצוץ קדושע, אָן אַ הייליקן פונק. מיר שלאָגן זיך פאַר דעניס דאַווידאָוון...

— זיך שלאָגן, מילכאָמע האַלטן? ניט קיין ייִדישע זאַך.

— אַזוי גאָר... יעשוע בין נון, דאָוויד האַמײלעך, די כאַשמוינאָים... ניט קיין ייִדישע זאַך מילכאָמע האַלטן?

— אין גאָלעס, רעב דאָוויד, דאַרפן ייִדן פּאַרנאָסע.

— אײַך פעלט ניט קיין כאַיונע, רעב אָשערל. און ווער קאָן אײַך גאָר פאַרשטיין... מיט איין זײַט זײַט איר קולע זאַקײַ[1], מיט דער צווייטער — קולע כײַעוו[2]. גייט אַהיים און שטערט ניט דעם יאָמטעוו. הײַנט איז כאַנעקע.

9

זעליק און פּינכעס זײַנען גאַנצע טעג פאַרנומען. ניטאָ קיין צײַט צו עסן, ניטאָ קיין צײַט צו רוען. די ווינטערדיקע טעג מיט זייערע שנייען און פרעסט גייען פאַרבײַ, ווי אין כאָלעם. דער יאָמטעוו כאַנעקע איז דורכ־

[1] אינגאַנצן גערעכט; [2] אינגאַנצן שולדיק.

געשוווּמען אינגאַנצן אומבאמערקט. אומעטום הערט מען: „דאָ זעליקאָ, דאָ פּינכאָסאָ". ייִדן זאָגן עס אַרויס מיט גאַדלעס, מיט צופרידנקייט, מיט דער זיכערקייט, אַז זיי זײַנען איצט גלײַכע מיט גלײַכע, זײַנען מער ניט קיין מענטשן פון צווייטן אָדער דריטן סאָרט. פריִער איז פּאָליציי געווען פאַר זיי אַ שרעק. איצט איז עס עפּעס געוואָרן נעענטער. מיט זעליקן און פּינ־כעסן שטייט צוזאַמען דעניס דאַווידאָוו.

זעליק און פּינכעס — ביידע אינגאַנצן פאַרשיידענע מענטשן — געווינען זיך מיט יעדן טאָג צו אַלץ מערער צום געפיל פון דיסציפּלין און אָרדע־נונג, צום געדאַנק, אַז זיי זײַנען פאַרשטייער פון דער מאַכט און זײַנען פאַר אַלץ פאַראַנטוואָרטלעך. פריִער, לעמאָשל, האָט זיי ניט געאַרט, צי וואַלגערט זיך ערגעץ אַ שטיין אויף דער גאַס, צי דער שניי האָט פאַרשאָטן דעם וועג. דאָס זעלבע, ווען אַ שיקער טומלט, ווען מע האָט אַ גאַנעוו גע־כאַפּט... און איצט: יעדע קלייניקייט, וואָס קאָן שטערן די אָרדענונג און רו פון דער שטאָט, רופט אַרויס זייער זאָרג. פאַר דער באַפעלקערונג פון דער שטאָט איז בא זיי געווען איין מאָס — יושער!

ביידע האָבן זיך אַליין אַנדערש דערפילט און זיך אַנדערש געשאַצט. זיי טראָגן אַכרײַעס פאַר דער שטאָט און דאַרפן פאַר אַלץ זאָרגן.

דעניס דאַווידאָוו מיט זײַנע פּאַרטיזאַנער איז אַוועק פאָרויס, אויף יענער־זײַט גרענעץ. באַלעבאָס אין שטאָט איז געוואָרן דער גענעראַל גראַף מילאָראַדאָוויטש. און אַלץ האָט זיך אַ דריי געטאָן צוריק ווי פריִער. „דאָ זעליקאָ, דאָ פּינכאָסאָ" האָט שוין פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג פון דער שטאָט געקלונגען, ווי פאַרלאָרענע, פאַרגאַנגענע גוטע טעג.

10

זעליק, מיט זײַנע קאַרע אויגן, וואָס זעען אַלץ און פאַרשטייען, האָט זיך געוווּנדערט: פאַרוואָס? ער האָט זיך געפילט פאַר אַ שוטעף אין דער מילכאָמע קעגן נאַפּאָלעאָנען. ניט איין מאָל האָט אים דעניס דאַווידאָוו גע־לויבט, געזאָגט: „ביסט אַן עמעסער רוסישער פּאַטריאָט". וואָס האָט זיך באַקומען?

ער פרעגט בא פּינכעסן, צי האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אַזאַ סאָף? און פּינכעס ענטפערט, אַז יאָ, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט.

ווי שטענדיק, באַטראַכט אים זעליק מיט פאַרגעניגן — אַ הויכן, אַ יונגן, מיט דער שוואַרצער זײַדענער באָרד און ברענענדיקע אויגן. פון אים קוקט אַרויס ווירדיקײַט און קלוגשאַפט. און ער פרעגט פּינכעסן נאָכאַמאָל:

— זיך פאַרגעשטעלט? אויף אַן עמעס?

זעליק וווּנדערט זיך איצט, ווען אַלץ איז שוין געענדיקט. פּינכעס, לאָזט זיך אויס, האָט זיך געוווּנדערט באַם סאַמע אָנהייב, ווען דעניס דאַ־ווידאָוו האָט די פּאָליציי איבערגעגעבן אין ייִדישע הענט. ער האָט דעמלט געטראַכט: אויף לאַנג? פּינכעס האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ מענטש, ווי דעניס דאַווידאָוו, איז אַן אויסנאַם: אַ הייסער, אַ שטרענגער, נאָר אַ יושער־

דיקער. אים איז טײַער דער עמעס. אָבער וואָס וועט זײַן, אז אַן אנדער נאטשאלניק וועט קומען? יענער וועט גאָר שטוינען: ייִדן (זשידעס) פירן אַן מיט דער פּאָליציי!

מיט זײַן ארבעט אין דער פּאָליציי האָט פּינכעס געוואָלט דערווײַזן, אז ייִדן האָבן רעכט, ווי אלע אנדערע פעלקער. זיי קאָנען אויך זײַן מעלוכע־מענטשן, קאָנען אויך אָנפירן מיט דער פּאָליציי. דאווידאָוו איז פון אים געווען צופרידן, און אז דאווידאָוו איז אוועק — איז די צופרידנקײַט אויך אוועק.

ביכלאַל צווייפלט פּינכעס, ווען דער הערשער ווערט פלוצעם א גוטער. ער פרעגט זיך דעמלט: צוליב וואָס און צוליב וועמען? אזוי איז געווען מיט נאפּאָלעאָנען. פּינכעסן איז געווען צום הארצן, ווען נאפּאָלעאָן האָט געלויבט דאָס ייִדישע פאָלק, גערעדט מיט גרויס אכטונג, צוגעזאָגט אופ־שטעלן די מעלוכע אין ערעץ־ייִסראָעל (איצט פארשטייט פּינכעס: יענער האָט צוגעזאָגט א צוקערל, קעדיי די ייִדן זאָלן אים העלפן און זאָלן זײַן אף זײַן זײַט). נאָר אָט קערט זיך נאפּאָלעאָן אום פון אויסטערליץ קיין פּאַ־ריזש. אין וועג שטעלט ער זיך אָפּ אין סטראסבורג, ווו מע באקלאָגט זיך אף ייִדן. ער ווערט טייקעף אופגעקאָכט און קלײַבט זיך באגרענעצן זייער בירגער־רעכט.

פּינכעס האָט נאָך ניט געהערט, אז א מיילעך, א קייסער, א קיניג, א פּרינץ אָדער א גראף זאָל טאָן עמעצן א טויווע צוליב יענעם און ניט צו־ליב זיך.

און נאָך ווייסט ער: געקומען קיין גראָדנע, האָט דעניס דאווידאָוו געזאָגט: „ווילסנדיק די איבערגעגעבנקײַט פון די ייִדן צו די רוסן, קלײַב איך אויס דעם ראָש־האקעהילע אלס שעף פון דער העכסטער פּאָליציי און לייג ארוף אף אים די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר יעדן מין אומאָרדע־נונג, וואָס עס קאָן פּאָרקומען אין שטאָט, און אויך פאר אלע געהיימע באראטונגען, וועגן וועלכע דער שעף פון דער שטאָט דארף וויסן.

...דער ראָש־האקעהילע דארף געדענקען און זיך גרויסן מיט דער מאכט, וועלכע איך גיב אים און די ייִדן, און וויסן, אז זײַנע און זייער איבערגעגעבנקײַט וועט באוווסט ווערן דער העכערער נאטשאלסטווע”.

וואָס קאָן זײַן נאָך א העכערע נאטשאלסטווע, ווי דער קייסער אליין? פאר דער איבערגעגעבנקײַט, וואָס די ייִדן האָבן ארויסגעוויזן אין דער פאָטער־לענדישער מילכאָמע, האָט אלעקסאנדער דער ערשטער דעם 29 יון 1814 אויסגעדריקט די ייִדישע קעהילעס «Свое милостивое расположение»[1].

פּינכעס האָט געזאָגט זעליקן:

— אלע גוטע ווערטער וועגן ייִדן גייען אוף צום הימל, ווי א שיין וואָלקנדל, וואָס צעגייט זיך, קיין סימען בלײַבט ניט. אלע שלעכטע ווער־טער לאָזן זיך, ווי א כמארע, אראָפּ צו דער ערד און פארגעדענקען זיך.

---

[1] זײַן גנעדיקע גוטוויליקײַט (רוס.).

...זעליק איז אין אזוינע זאכן ניט געניט, ער פֿאַרלאָזט זיך אף פּינכעסן. ער האָט פֿאַר אים דערעכערעץ, ער ווייסט: באַכערוויַיז האָט מען וועגן פּינכעסן געזאָגט, אז ער איז אן עווען־טאָוו. כאסענע האָט ער געהאט מיט א ייִכעס־שידעך, א טאָכטער פֿון פֿארמעגלעכע און אָנגעזעענע עלטערן. די קאלע איז געווען א שיינהייַט. זיי האָבן צווישן זיך געלעבט, ווי די טויבן. איז געשען אן אומגליק: באַם ערשטלינג איז דאָס וויַיב אין קימפּעט גע־שטאָרבן. פּינכעס איז פֿארבליבן אן אלמען, וויל ניט כאסענע האָבן. פֿאַראַן דעם וויַבס א ייִנגערע שוועסטער, אויך א שיינהייַט, וויל ער ניט הערן. דער ראָוו האָט אים גערופֿן און געזאָגט מוסער:

— פּינכעס, אף דיר, מיַין קינד, זאָגט מען, אז דו האָסט א טוויִעס איַין, ביסט טויפֿעס, כאַפּסט גוט אוף, דארפֿסטו פֿארשטיין, אז אלץ, וואָס איז כויץ לעדערעך האטעווע, טויג ניט. אן אלמען? מע טאָר ניט... מע טאָר ניט זיַין קיין יויצע מין האקלאל. די וועלט פֿירט זיך ניט אזוי... א ייִד דארף אָפּ־היטן טאהאראס האמישפּאָכע. אונדזערע הייליקע כאזאל, די טאנאָיִם, זאָגן...

— רעבע, ס׳איז דאָך ניט האלאָכע לעמוישע מיסיניַי.

— איז וואָס?

— כ׳האָב א ניידער געטאָן.

— וועל איך מאטיר־ניידער זיַין. ניט באטראכט זיך, ניט באזיניקט, ביוולי דאאס...

— איך קאָן ניט, רעבע, און... איך וויל ניט.

— ווילסט זיַין א יאָכיד־בעמינוי? אן אויסנאם בא אם ייִסראָעל... האיוי־צע מין האקלאל? זינדיקסט! דאָס פֿירט אין שלעכטע. וועגן. ביסט נאָך יונג.

נאָך א סאך, א סאך האָט דער ראָוו אין אים אריַינגערעדט, נאָר פּינכעס איז אלץ באשטאנען אף זיַינס.

נאָכדעם, ווי עס איז געוואָרן אויס זעליק און אויס פּינכעס, איז איינמאָל אין א שאבעס אָשערל בלאָנדער אריַין צו זיַין שאָכן.

— א גוט־שאבעס, רעב דאָוויד.

— א גוט־שאבעס.

לויט אָשערלס שיַינענדיק פּאָנעם און אָפּלאכערישע אויגן האָט רעב דאָוויד באלד פֿארשטאנען, אז ער קומט זיך בארימען, אָפּגעבן זיך אליין קאָוועד, ארויסוויַיזן זיַין צופֿרידנקייַט מיט זיך אליין. רעב דאָווידן איז עס ניט צום הארצן.

— נו, ווער איז געווען גערעכט? — פֿרעגט אָשערל מיט א געלעכטער.

— וועגן וואָס רעדט איר?..

— ייִדן אין פּאָליציי! א כילעלהאשעם. מיט וואָס האָט זיך עס געענ־דיקט? איך האָב דאָך געזאָגט.

— איר האָט געזאָגט, אז ייִדן דארפֿן פּארנאָסע.

— איך זאָג עס איצט אויך.

— ניין, איצט זיַיט איר געקומען, ווי א בור־דעויריַיסע, ווי א יונגאטש, זיך רייצן, געקומען דערוויַיזן, אז איַיער מאכשאָווע און די מאכשאָווע פֿון אונדזערע סאָנים זיַינען איינס.

— מע האָט פריִער געקאָנט פּאָרויסזען, אז מע וועט ארויסטרײַבן. און מיט בושע.

— אויב אזוי, האָט גאָט באָרוך־הו ניט געדארפט ארײַנפירן די ייִדן אין קנאאן. נעוווּכאדנעצער האָט נאָכדעם כאָרעוו געמאכט און ארויסגע־טריבן. איר, אָשערל, געהערט צו יענע באשעפענישן, וואָס אליין דעם טיש גרייטן זיי ניט...

— ווער גרייט? זעליק פעדער!

— באלגיִיוועו! זעליק געהערט צו די, וואָס גייען אף פּיקועך־נעפעש. אזא גרייט דעם טיש. דו כאפּסט די ברעקלעך פון אונטערן טיש. און ביי־כלאל... דײַ וועהויסער. גיי אהיים. שטער ניט דעם אוינעג־שאבעס.

— און איר מיינט, אז אלץ איז געענדיקט? מע וועט זיך אָפּרעכענען. אוי, וועט מען זיך אָפּרעכענען!

א בייזע צונג זאָגט אָפּט נעוויִעס.

11

ס'איז נאָך די כאגאָעס — נאָך ניטל, נאָך נײַ־יאָר, ווען די גלעקער אין די טיפלעס האָבן אָן אופהער געהודזשעט איבער דער שטאָט.

אין גראָדנע איז רויִק, שטיל. ווי אלע פארטאָג, קרייט בא הינדען אין שטאל דער האָן. דער גרויסער און שיינער האָן מיט די פּילקאָלירנדיקע פליגל לאָזט מיט גאדלעס הערן איבער גאנץ פערשטאָט, אז ער ברענגט דעם העלן טאָג אף דער וועלט. העשל און הינדע טשוכען זיך אויס און שלאָפן שוין מער ניט. יאָשקע דער שרײַער (אזוי רופן זיי דעם האָן) וועקט און רופט. די טאָכטער שלאָפט נאָך. הינדע זאָגט שטיל צו איר מאן:

— אָן אוולע פון זעליקן, וואָס ער קומט ניט ארײַן.

— ער איז געוויס פארנומען. פארוואָס איז עס אָן אוולע?

— הערסטו, מײַן מאן, דו לעבסט דאָך טאקע מיט פארמאכטע אויגן. דו זעסט ניט. ליבע־שעווע...

— וואָס ליבע־שעווע?

— זי קוקט אף אים די אויגן אויס.

— גאָר אזוי!

ער זעצט זיך אוף, גייט אראָפּ פון בעט, גייט צו צו ליבע־שעוועס גע־לעגער, קוקט אָן זײַן טאָכטער. דערנאָך גייט ער צוריק, זעצט זיך ווידער אפן בעט און זאָגט:

— האָסט מיר די אויגן געעפנט. פארוואָס קומט ער טאקע ניט?

העשל זאָגט מער גאָרניט, הערט ניט, וואָס דאָס ווײַב רעדט, ער גייט ארײַן אין זײַנע אייגענע געדאנקען. הײַנט זײַנען זיי ניט וועגן סטאָליערײַ, ניט וועגן שניצערײַ, ניט וועגן די שיינקײַטן אין דער אלטער שול. ער טראכט וועגן דער טאָכטער און וועגן זיך: פארוואָס קוקט ער טאקע מיט פארמאכטע אויגן, פארוואָס זעט ער ניט, וואָס ארום טוט זיך? שאבעס, אימייִרצעהאשעם, גייט ער אין שטאָט ארײַן פרעגן זעליקן, פארוואָס ער קומט ניט.

— האָסט זיך אַזוי פאַרטראַכט, העשל, אַז דו, — דערמאָנט אים הינ־דע, — האָסט פאַרגעסן וועגן דאַוונען, וועגן אַרבעט...

ווי אַלעמאָל, אַרײַנקומענדיק אין דער שול, ציט העשל גלײַך אַרויס די לינקע האַנט פון אַרבל און פאַרשפּיליעט דעם בעגעד אויף איין קנעפּל. ער טוט אָן דעם שעל־יאַד, טוט אָן דעם שעל־ראָש, נעמט אויף אויסוווייניק זאָגן „מאַ טויוווּ״... הײַנט זעט ער ניט דעם הירש, זעט ניט דעם לייב. די ליפּן דאַוונען, און ער טראַכט וועגן דער טאָכטער, וואָס איז שוין אַ קאַלע־מיידל גאָר. ער נעמט פאַרשטיין, אַז מיטאַמאָל צוויי טויבן אין איין האַנט קאָן מען ניט האַלטן. גיט מען זיך אײַנגאַנצן אָפּ מיט די שײַנקײַטן פון דער שול, פאַרגעסט מען אין דער טאָכטער. שאַבעס גייט ער אין שטאָט אַרײַן זוכן זעליקן.

העשל פאַרלירט דעם כעזשבן פון דער צײַט. צי האַלט ער ניט בײַ „אַליינו״? ער טוט אויס די טפילן.

אין שטוב באַגעגנט אים די טאָכטער, וואָס גרייט אים אָנבײַסן. אין זײַנע אויגן האָט זיך הײַנט ליבע־שעווע געענדערט. נעכטן איז זי געווען אַ קינד. הײַנט... זי קוקט אויס די אויגן ניט אָפּן טאַטן, ניט אויף דער מאַ־מען. עפּעס זעט עס אים אויס ווילד. און מיט עפּעס ווערט זי פון אים אָפּגעפרעמדט.

און אַז העשל גייט אַוועק און ליבע־שעווע בלײַבט אַליין, קוקט זי ווידער אַרויס דורכן פענצטער. דער באַרג איז אין שניי. דער ניעמאַן איז פאַרפרוירן. צו וועמען קוקט זי אַרויס און אויף וועמען וואַרט זי?

ליבע־שעוועס פּאָנעם, וואָס איז קינדעריש־יונג, איז עפּשער ניט אַזוי שיין, ווי פול מיט כיין. אירע כיין־גריבעלעך שמייכלען און לאַכן. די אויסדריקלעך־גוטע בורשטין־אויגן קוקן אַרויס מיט פײַערלעך פון אונטער לאַנגע ווִיעס. ביכלאַל איז זי אַ שווײַגערקע, נאָר דאָס פּאָנעם אירס רעדט, באַוועגט זיך, זאָגט אויס אַלע געדאַנקען, גיט אויס אירע איבערלעבונגען. אַז קיינער איז אין שטוב ניטאָ, זי איז אַליין, שפּילט זי מיט זיך אַליין. דאָס זעלבע איז אויך איצט. זי קוקט אַרויס אין פענצטער, עפנט ברייט די אויגן, זי דערזעט עמעצן. זי ווייסט, וועמען זי זעט. זי שמייכלט צו אים פונדערווײַטן. אָט איז ער שוין אַריבער דאָס אײַז איבערן ניעמאַן. אָט הייבט ער זיך איבערן פאַרשנייטן באַרג. ער קומט אָן צום פענצטער, קוקט אַרײַן. זי לאָזט אַראָפּ די אויגן. זי שעמט זיך.

— ליבע־שעווע, אַ גוט־מאָרגן.

— אַ גוט־מאָרגן, זעליק. פאַרוואָס קומסטו ניט אַרײַן אין שטוב?

— דו ווילסט, איך זאָל אַרײַנקומען?

זי הייבט אויף די אויגן, קוקט אים אָן. זי וויל זײַן ערנסט, שטרענג, נאָר דאָס גיט זיך איר ניט אײַן, זי צעלאַכט זיך און וויל דורך דער שויב אים אָנעמען פאַר דער האַנט.

— איך וואַרט דאָך אַלע טאָג אויף דיר. דו קומסט ניט.

זי שײַנט אַרויס מיט כיין, מיט גוטסקײַט, מיט מיידלשער שעמעוודיקײַט און קלוגהאַרציקײַט. וואָס וועט ער ענטפערן?

עס עפנט זיך די טיר, די מאמע קומט אַרײַן. די מאמע פאַרשטייט זיך אױף איר טאָכטער, זי זעט אױף איר אַלץ און באַנעמט, װאָס מיט איר קומט פאָר. ליבע־שעװוּע איז שײַנענדיק־איבעראַשט, פאַרװיטלט. זי האָט איצט אין פענצטער געװיס געשפּילט אין ליבע. אַ קינד — און שױן אַ מײדל. אַ קלײנס — און אַ דערװאַקסענע.

„איך בין אױך געװען אַזאַ". און די מאמע דערמאָנט זיך, אַז דאָס איז געװען די שענסטע צײַט אין איר לעבן. איר איז דעמלט געװען גוט, זי איז געװען גליקלעך. איצט איז די טאָכטער גליקלעך. זאָל זי, זאָל זי. בא לײַטן זאָל מען נאָר פון דעם ניט װיסן. מע װעט אױסלאַכן און באַרײדן. אָנשטאָט דעם, אַז אַ מײדל זאָל זיך לערנען דאַװנען, זיך גרײטן טאָן מיצװעס, דינען גאָט, פאַרנעמט זי זיך מיט נאַרישקײַטן, זינדיקט אין די געדאַנקען. זאָלן עס שכײנים ניט װיסן, זאָל עס צו בײזע צינגער ניט דערגײן. עס װעט נאָך זײַן גענוג צײַט צו פרום זײַן, צו טראָגן אַ שײטל, אַרײַנצוקוקן אין קאַװ־האַיאָשער. דערװײַל... ניט אומזיסט האָט גאָט געגעבן דעם מענטשן אַלע כושים.

העשל װאַרט אױף שאַבעס, ער צײלט די טעג. אָט איז שױן פרײַטיק. אין שטוב בא הינדען איז אַלץ צוגעגרײט, די מעשענע לײַכטער שטײען אױסגעשײַערטע, די ליכט אַרײַנגעשטעלט אין די לײַכטער. עס דערנענטערט זיך דער פרײַטיקצונאַכטס, דער ערעװ־שאַבעס. אין שטוב װערט ליכטיקער און פרײלעכער.

אױפן מאַרק איז דער שטאָט־מאַגיד אין זײַנע שאַבעס־קלײדער און אין יאָמטעװדיקן שטרײַמל אָנגעקומען מיטן אױסרוף:

— שאַבעס, שאַבעס! צײַט ליכט בענטשן!

און טײקעף נעמען זיך פאַרמאַכן די קראָמען. דער מאַרק װערט פּוסט, און דער שאַבעס לאָזט זיך אַראָפּ אױף דער שטאָט.

פאַרן מאַגיד האָט מען מורא. ער האָט אַ שאַרף צינגל, רעדט שײן און דערבײַ מיט האַרץ. אין זײַנע דראָשעס מאָלט ער אױס שרעקלעכע בילדער פון גענעם. יעדע זינד, יעדע עװײרע האָט בא אים אַ באַזונדער שטראָף. די װײטעקן, פּײַן און יעסורים פון די זינדיקע, פון די רעשאָים גיט ער איבער אַזױ בילדעריש, אַזױ געטרײַ, אַז דער עולם שרעקט זיך, האָט כאַראָטע אױף די זינד און זאָגט צו זײַן גוט און פרום.

דער שטאָט־מאַגיד שאַנעװעט קײנעם ניט. פאַרמאַכט ניט עמעצער פרײַטיקצונאַכטס די קראָם צו דער צײַט, װעט ער װעגן דעם רײדן אין אַ דראָשע, אָנרופן די נעמען, אױסמאָלן די שטראָף אױף יענער־װעלט. ציטערט מען פאַר אים.

ער האָט אױך אַ טעװע אָפּצושטעלן אַ ייִדן אינמיטן דער גאַס און באַטראַכטן זײַן אַרבעקאַנפעס, צי זײַנען קאָשער די ציצעס. און מע פאָלגט אים. געװען, עמעס, אַ פאַל מיט אַרקע דעם פורמאַן, װעגן װעלכן דער מאַגיד פאַרשװײַגט. אַרקע האָט געפירט פּאַיען זײַן אָגער, איז אים אַנטקעגן אָנגעקומען דער מאַגיד און געװאָלט איבערקוקן זײַנע ציצעס. זאָגט אים אַרקע:

— רעבע, איך קום איצט פון א שווערער יאזדע. בא מיר זײַנען די ציצעס קאַשערע. און מײַן פערד טראָגט קיין ארבעקאנפעס ניט, — ער גיט א פיפקע מיטן ליולקעלע און גייט ווײַטער.

דער מאגיד איז געוואָרן איבעראשט, אָבער פארשוויגן.

פרײַטיקצונאכטס נאָכן דאוונען, ווען העשל האָט זיך אומגעקערט פון דער שול אהיים מיטן פריילעכן „גוט־שאבעס!", האָט ער דערפילט, אז ער איז שוין נאָענט צו זײַן ציל. מאָרגן, גלײַך נאָכן טשאָלנט, גייט ער אין שטאָט ארײַן.

ער איז גוט אופגעלייגט, מאכט פריילעך באם טיש, וואָס מיט אים טרעפט עס ניט אזוי אָפט. ער טראכט וועגן דער טאָכטער. דערבײַ באַמערקט ער אפילע ניט, אז טראכטנדיק וועגן ליבע־שעווען, דערזעט ער לעבן איר זעליקן. צי איז עס ניט צו פרי?

12

אף מאָרגן, גלײַך נאָך מיטיק, האָט זיך העשל געלאָזט גיין איבערן אײַז אין שטאָט ארײַן. די פארשנייטע גאסן שטייען רויק־שטילע. עס נעמט בלאָזן א ווארעם דאָרעם־ווינטעלע, וואָס זאָגט אָן וועגן אן אָדליגע. אלע קראָמען און געשטעלן זײַנען צוגעמאכט. מע זעט ניט קיין פערד און קיין שליטן. אף די שמאָלע הילצערנע טראָטוארן באוועגן זיך גאָר ווינציק שפאצירער מיטן שאבעס־געלאסענעם טראָט.

אין דער שטאָט גראָדנע, וועלכע מע האָט אף יידיש גערופן האראָדנע, זײַנען פון די קימאט אכט טויזנט אײַנוווינער געווען מער ווי דרײַ פערטל יידן. שאבעס איז די שטאָט געווען א שאבעסדיקע, אָן דעם אינדערוואָכעדיקן טומל. פונקט אזוי איז זי פייסעך געווען א מאצע־קאָשערע, א פריילעכע און רוישנדיקע. און יאָמקיפּער — א פאָרכטיקע, א פאסטנדיקע און אן אומעט־שטילע.

די קלויסטערס אין צענטער שטאָט מיט זייער גלאָק־געקלאנג און די צוויי פרויען־מאָנאסטירן אין די שטאָט־ראנדן מיט דעם מאָנאשקע־געזאנג קאָנען ניט קלענער מאכן דעם שאבעס אין דער שטאָט.

אָרטיקע ווייסן עס.

נאָר אָט גייען ארום צוויי יונגע אָפיצערלעך, נײַ־געקומענע, און וווּנדערן זיך, פארוואָס זײַנען הײַנט די געשעפטן פארמאכט. הײַנט איז דען זונטיק? העשל קומט זיי אנטקעגן און דערקלערט:

— הײַנט איז שאבעס בא יידן.

העשל קומט ארײַן אין א געסל ניט ווײַט פון שול־הויף, גייט ארײַן אין א הילצערנער שטוב מיט קליינע פענצטער, מיט א שינדל־דאך, מיט א גרויסן פירהויז און מיט א סאך שכיינים. שוין גלײַך, ווי מע טרעט איבער די שוועל אין פירהויז ארײַן, דערהערט מען פון אלע זײַטן פיל קינדער־שטימען.

העשל איז דאָ לאנג ניט געווען. ער עפנט א נידעריקע און שמאָלע טיר,

בייגט זיך איַן, קעדיי זײַן הויכער וווקס זאָל אים ניט שטערן, קומט אַרײַן מיט א האָפּערדיקן „גוט־שאבעס!".

אין דער דירע דערפרייט מען זיך.

— א גוט־יאָר, א גוט־יאָר!

— דער פעטער העשל!

דער עמעס איז אָבער, אז העשל איז א ביסל א ווײַטערער קאָרעוו פון א פעטער, ער איז מיט טויבען, זעליקס מאמען, שוועסטערקינדער.

אין שטוב דאָ איז ניט איבעריקס ליכטיק, אָבער ווארעם. דער ווײַסער הילצערנער באלקן איז שוין, ווײַזט אויס, לאנג ניט אָפּגעפּרישט. הײַנט איז דאָ שאבעסדיק געמיטלעך. דער טיש איז געדעקט מיט א בלאנקן טישטעך. די קיילעווי־פארקאפּעטע בענטש־לײַכטער שטייען אפן אלטן קאָמאָד, וואָס איז פארדעקט מיט א סערוועטל. אף דער וואנט הענגט א מיזרעך, אויסגעשניטן פון פּאפּיר. און ארום אים א לייב און א הירש, אויך פון פּאפּיר אויסגעשניטן.

זעליקס טאטע, יוינע דער „מענטש" (ער איז א „מענטש" בא א רײַכן פּאָדריאטשיק), גיט אָפּ העשלען שאָלעם און פרעגט אים די זעלבע פראגע, ווי בא אלע זיירע באגעגענישן:

— וואָס הערט זיך אין פערשטאָט? די אלטע שול שטייט נאָך?

א גאנצע וואָך איז יוינע פארנומען מיט די געשעפטן פון זײַן באלעבאָס, פון אינדערפרי ביז באנאכט געהערן אלע יוינעס געדאנקען צום פּאָדריאטשיק. דערפאר באקומט ער אלע דאָנערשטיק סכירעס, וועלכע קלעקט אים קוים צו דערצײַען ביזן קומענדיקן דאָנערשטיק. שאבעס אָבער איז זײַן טאָג. דער בעסטער און באליבטער טייל פון שאבעס איז פאר יוינען פרײַטיקצו־נאכטס, ווען דער שאבעס הייבט זיך אָן. ער גייט ארויס פון דעם אינדערוואָכן. ער פארגעסט אלע זאָרגן, ער איז אָנגעטאָן אין שאבעסדיקע קליידער. אין שטוב איז ליכטיק, ציכטיק. פון שול קומט ער א פריילעכער און א נײַ־געבוירענער. ניין, ער איז איצט ניט מער יוינע דער „מענטש", נאָר יוינע דער שאבעסדיקער באלעבאָס, וואָס קיינער זאָגט אים קיין דייע ניט און ער דארף צו קיינעם ניט אָנקומען. פאָרויס איז נאָך פאראן א גאנצער שאבעס!

אף מאָרגן, שאבעס אינדערפרי, ליגט ער מיט א שאָ שפּעטער אין בעט. ס'איז זײַן שאָ, ער מעג הײַנט טראכטן וועגן זיך. מיטן באלעבאָס זײַנעם האָט ער געלערנט צוזאמען אין איין כיידער. איז יענער א גוויר, לעבט, ווי א מאָנארך. און ער, יוינע, באקומט בא אים סכירעס קוים אף דורכצו־לעבן זיך. ער כאפּט זיך אָבער, אז דאָס זײַנען ניט קיין שאבעסדיקע גע־דאנקען, און פארטרײַבט זיי. און ביכלאל... ער קאָן דען זאָגן גאָט א דייע? ער וויל האנאָע האָבן פון אויסליגן אין דער ווארעם זײַנע ביינער. נאָר שא־בעס נאָכן טשאָלנט, כאָטש עס שמעקט געשמאַק מיטן זיסן מערן־צימעס און פעטן קוגעלע, כאפּט זיך בא יוינען ארויס א שטילער זיפץ. מיט יעדער שאָ ווײַטער ווערט ער אלץ ווינציקער שאבעסדיקער באלעבאָס און אלץ מערער דער אינדערוואָכעדיקער „מענטש".

צו שאלעשודעס שווײַגט ער, רעדט ניט, און עס קומט שוין אָפּטער פון

זיך אליין ארויס א זיפץ און א קרעכץ. און דערנאָך, אין טונקעלן פּאַרנאַכט, ווען די ערעוו־זונטיקדיקע גלעקער־קלאַנגען און די געזאַנגען פון די מאָ־נאַשקעס נעמען ארויסבאַגלייטן דעם שאַבעס אין וועג אַרײַן, זײַנען יווינעס אַלע געדאַנקען ווידער וועגן באַלעבאָס און זײַנע געשעפטן. ער איז ווידער א „מענטש”.

העשל איז צו אים געקומען נאָכן טשאָלנט, ווען בא יווינען כאַפּט זיך ניט ווילנדיק ארויס דער ערשטער זיפץ. ס'איז נאָך אָבער שאַבעס.

— וואָס הערט זיך בא אײַך אין פערשטאָט?

— אַלץ שטייט אַף אָן אָרט. פאַרוואָס זע איך ניט זעליקן?

— זעליק איז געקומען צום סייכל.

— זייער צופרידן. לעמאָשל?

— דער שוטעף זײַנער פון דער פּאָליציי, פּינכעס באַס, לערנט אים רוסיש, דײַטש, כעזשבן. ער לערנט אים אַף דער לאַנדקאַרטע.

— איז יענער א גרויסער קענער?

— זעליק האַלט פון אים אוילאָם־אומלויע. איר דאַרפט פאַרשטיין, העשל, אַז מע וויל הײַנטיקע צײַטן האָבן א קיעם, דאַרף מען קענען סײַ שרײַבן, סײַ כעזשבענען און גוט ריידן. ס'איז איצטער צוגעקומען א גרויסער האַנדל מיט דײַטשלאַנד. איך אַליין פּיל זייער גוט, ווי עס פעלט מיר אָט די קענטעניש.

— לערנט ער דען שאַבעס אויך?

— ניין! גאָט זאָל אויסהיטן. עס פעלט נאָך, אַז דאָס זאָל דערגיין צום מאַגיד. מע וועט די גאַס ניט קאָנען דורכגיין.

דערווײַל שטעלט טויבע קיבעד אַפן טיש.

— געניסט, העשל, געניסט.

דאָס קליינוואַרג וואַרט שוין אַף דעם. זיי ווייסן גוט דעם פעטער העשל. ער אַליין עסט ניט, ער נעמט פון טיש און גיט די קינדער. ווען מאַכט זיך אַזאַ גליק?

זעליק קומט אַלץ ניט. די צײַט רוקט זיך. אָט איז שוין שאַלעשודעס, און די שטוב נעמט ווערן אָנגעפילט מיט טונקלקײַט. יווינע זיפצט שוין אָפן. העשל גייט אַהיים.

די ערעוו־זונטיקדיקע קלויסטער־גלעקער קלינגען און באַגלייטן ארויס דעם שאַבעס פון דער שטאָט. באַם פּוילישן קאָסטיאָל זיצן אָרעמעלײַט און קאַליקעס, זיי זינגען און בעטן נעדאָוועס.

די נאַכט פאַלט שוין צו, ווען העשל קומט נעענטער אָן צו זײַן היים. אין די פענצטער פון פערשטאָט באַווײַזן זיך פאַרזאָרגטע אומרויִקע פּײַער־לעך. בא אים אין שטוב איז ליכטיק, ווי עס וואָלט איצט ניט זײַן שאַבעס־צונאַכטס, נאָר ערעוו־שאַבעס. עפּענענדיק די טיר, דערהערט ער א פריילעך געלעכטער. ליבע־שעווע לאַכט, הינדע לאַכט, און מיט זיי צוזאַמען לאַכט אויך זעליק.

— א גוטע וואָך!

## 13

זעליקס שאָכן, פיניע דער אָגאָראָדניק, א געזונטער און פארגרעבטער, מיט רויטע פארהאָרעוועטע הענט, מיט שווערע שטיוול, ארומגעקלעפט מיט פרישער פייַכטער ערד, איז אין א זוניקן באטאָג א מידער אָנגעקומען פון די בייַשטאָטישע סעדער און גערטענער צו זיך אהיים. אריַינקומענדיק אין דער הילצערנער שטוב מיטן גרויסן פירהויז, ווו ער וווינט אין שכיינעס מיט זעליקס עלטערן, האָט ער אלעמען אָנגעזאָגט די פריידיקע בסורע:

— פרילינג, וויאָסנע.

— וואָס איז דער ווונדער... אינגיכן איז פייסעך, — ענטפערט טויבע.

אין דעם דאָזיקן פרילינג־טאָג, ערעוו פייסעך, ווען די זון האָט שוין גענומען וואַרעמען און טריקענען, ווען די פייַכטע צעטראָטענע ערד איז געוואָרן שטייַפער און פון די בערג שטראָמען די שניי־וואסערן אין ניעמאַן אריַין, איז א פויליש מיידעלע פון א יאָר נייַן און עפשער צען, מיטן נאָמען יאדזע, ארויס פון שטוב און זיך פארטראכט: מיט וואָס שמעקט עס אזוי? דער רויך פון דער שכיינישער שטוב וויל אָבער ניט אויסזאָגן דעם סאָד: מיט וואָס שמעקט עס אזוי געשמאַק? אינגיכן כאפט זיך יאדזע — קוכן מיט קעז. זי האָט עס שטארק ליב. און באלד דערזעט זי זייער דייַטלעך, ווי בא דער מומע רוזשע אפן טיש ליגט א גרויסער, צוגעברוינטער, שמעקנדיקער קוכן מיט קעז. צו דער מומען איז ניט וויַיט. זי וווינט אין נאָענטן דאָרף. בא איר זייַנען שטענדיק פאראן געשמאַקע זאכן צום נאשן. עפשער זאָל זי צולויפן צו דער מומען? אויב זי וועט גיין גיך, וועט מען זיך אפילע אין שטוב ניט ארומקוקן, ווי זי קומט טייקעף צוריק. און טראכטנדיק, גיין צי ניט גיין, גייט זי דערווייַל. זי וויל אריַינכאפן א שטיקל וועג, עס זאָל ווערן קירצער, אויב זי וועט טאקע גיין צו דער מומע רוזשע. און קעדיי דער וועג זאָל אף אן עמעס זייַן קירצער, נעמט זי גיין מיט די גערטענער, וואָס הייבן זיך אָן באם ראנד שטאָט, ווו יאדזע וווינט. זי גייט גיך, כאָטש די ערד איז גליטשיק און קלעפיק. די יונגע פיסלעך באוועגן זיך פלינק. דער קויעך פון קעז־קוכן פירט פאָרויס. מיט די אויגן זעט זי זייַן פרישקייַט און צוגעברוינטקייַט, די נאָזלעכער פילן זייַן אָנגענעם־זיסלעכן רייעך, און אף דער צונג ליגט שוין דער טאם פון געשמאַקן ביסן.

אינגיכן הייבט זי אָן מיד צו ווערן. איצט פארשטייט שוין יאדזע, אז דער וועג דורך די גערטענער איז א שווערער. דער פוס גייט אריַין, ווי אין ליים, עס ווערט שווער אים ארויסצושלעפן. פארפאלן, זי וועט דאָך איצט קיין אנדער וועג ניט אויסקלייַבן. זי גייט לאנגזאמער, נאָר זי גייט. און דער וועג ווערט קירצער. ס'איז שוין גאָר ניט אזוי וויַיט. אָבער די קויכעס ווערן אויך ווינציקער, זי ווערט אָפגעשוואכט. זי שטעלט זיך אָפטער אָפ אָפרוען, איבערכאפן דעם אָטעם.

און דערווייַל נעמט די זון זיך זעצן. אָט איז זי געווען איבערן ציילעם פון דעם דאָרף־קלויסטער, וועלכן יאדזע זעט פונדערווייַטן, און אָט איז זי שוין ניט מער ווי איבערן אלטן בוים בא דער מומע רוזשע אפן הויף. ס'איז שוין ניט וויַיט, גאָר ניט וויַיט. עס ווערט טונקעלער. פון אייַלעניש איז יאדזע עטלעכע מאָל געפאלן. עס ווערט נאָך טונקעלער. עס כאפט

זי ארום א שרעק. און מיט די לעצטע קויכעס לויפט זי, לויפט... ביז זי פאלט אריַין צו דער מומע רוזשע א טויט־מידע, מיט א פארכאפּטן אָטעם, אָן אויסגעשמירטע, א פארשמוצטע פון קאָפּ ביז די פיס, און אין איין שיכל. ווּ איז דאָס צווייטע? זי האָט אפילע ניט געפילט, ווּ און ווען זי האָט עס פארלאָרן.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס איז געשען? זעסט דאָך אויס, ווי א טיַיוול, יאק שיַיטאַן!

און אז יאדזע קומט נאָכדעם א ביסל צו־זיך, וויינט זי זיך פאנאנדער. עס לאָזט זיך אויס, אז זי איז געקומען אין געסט.

— און אין שטוב ווייסט מען?

זי שעמט זיך צו זאָגן, אז ניין. שאָקלט זי מיטן קאָפּ אף „יאָ".

די מומע וואשט אויס יאדזען, העגנט אוף אירע קליידער טריקענען, לייגט דאָס מיידל אין בעט אריַין און גיט איר קעז־קוכן מיט טיי.

אף מאָרגן אינדערפרי האָט יאדזע גענומען ניסן און הוסטן. זי איז צוגעקילט. די מומע לאָזט זי פון בעט ניט ארויס און פּאָיעט זי מיט טיי און מאלענעס.

די טויבן פון יאדזעס עלטערן ברודער שטייען אפן טויבנשלאק, וואָס געפינט זיך אפן דאך לעבן בוידעם־פענצטער. אייניקע פון זיי טרעטן איבער פון איין רויטער לאפקע אף דער צווייטער, אנדערע פּוצן זיך מיט די שנעבעלעך אונטער די פליגל. די טויבן — וויַיסע, וויַיס־שווארצע, גרויע מיט בלויע שפּרענקעלעך — ווארעמען זיך אף דער זון. אומגעריכט האָט זיך איין טויב א הייב געטאָן, א פּאטש געטאָן מיט די פליגל און איז אוועק אין דער לופט אריַין. און גליַיך נאָך איר האָבן זיך אלע אנדערע אופגע־הויבן און, פאָכנדיק גיך־גיך מיט די פליגל, זיך אוועקגעלאָזט אלץ העכער און העכער.

יאדזעס ברודער, אנטעק, א באָרוועסער, אָן א היטל, איז א צעטראָגענער ארויסגעלאָפן אין דרויסן. פארוואָס זיַינען עס די טויבן אָן זיַין וויסן אוועקגעפלויגן? ניט אנדערש, ווי יאדזע האָט ווידער אין זיי געוואָרפן שטיקער ערד אָדער אפילע א שטיינדל. זי האָט זיי אָנגעשראָקן. א קאָעס־דיקער האָט אנטעק געשריִען:

— וויפל מאָל, יאדזע, האָב איך דיר געזאָגט...

די טויבן זיַינען געפלויגן. יאדזע האָט ניט געענטפערט.

צוקוקנדיק זיך, ווי שיין זיַינע טויבן האלטן זיך אף די צעשפּרייטע פליגל אין דער לופט, ווי די צוויי טורמאנעס קוליען זיך איבער און פליִען וויַיטער, האָט אנטעק גאָר פארגעסן אָן זיַין שוועסטער.

שפּעטער אָבער האָט די מאמע, מארישע, בא אים געפרעגט:

— ווּ איז יאדזע?

— איך ווייס ניט.

— האָסט זי דאָך געטרופן?

— זי באהאלט זיך אויס בא עמעצן. צעטריבן די טויבן... האָט זי מוירע.

די זון האָט גענומען פאַרגיין. די מאַמע איז אַליין אַרויס זי זוכן. געוויס זיך פאַרשפּילט מיט די שכנישע קינדער. אפילו עסן ניט געקומען.

— יאַדזיאַ, יאַדזיאַ! יאַדוויגאַ!

ווידער ענטפערט קיינער ניט. די מאַמע גייט צו די שכנים, צו יאַדזעס קוואַרטעס, זי איז אין ערגעץ ניט פאַראַן. קיינער האָט זי ניט געזען. ווו קאָן זי זײַן?

די מאַמע זידלט אַנטעקן:

— האָסט זי אָנגעשראָקן, ווײַל זי ניט קומען. ווער ווייסט, ווו זי איז... אַ קינד...

זי ווערט אומרויִק. דער טאָג פאַרגייט. און די מאַמען כאַפּט שוין אַרום אַ שרעק. שכנים העלפן זוכן, גיבן אייצעס. זיי טרייסטן מאַרישען, אָבער אפילו די טרייסטער נעמט דורך אַן אומרו. ווו קאָן זי זײַן?

און דאָ קומט אָן מאַרישעס אַ שכנה, אפילו אַ קרובֿה, וואָס איז נאָענט מיט איר באַפרײַנדעט, און פרעגט:

— מאַרישע, זאָג מיר, ס'איז ניט דײַן יאַדזעס שיכל?

— יאַדזעס! פונוואַנען?

— אויף די גערטענער געפונען.

— אויף די גערטענער?! ווי קומט אַהין יאַדזע? מאַטקאַ באָזקאַ טשענסטאָכאָווסקאַ... ווי קומט אַהין יאַדזע?

— אויף די גערטענער? — גיט אַ פרעג אַ צווייטע שכנה. — עפּעס איז דאָ ניט גלאַט... איך האָב אַליין געזען, ווי דער אָגאָראָדניק זייערער, דער ייִד, ווי רופן זיי אים, דאָ דיאַבלאַ, פּיניאַ, פּיניאַ... ער איז געגאַנגען פון די גערטענער, איך האָב אַליין געזען. און בײַ זיי... איז דאָך אינגיכן פּאַסכאַ. עפּשער האָט ער זי פאַרשלעפּט...

דער דאָזיקער קלאַנג איז זיך זייער גיך צעגאַנגען איבער אַלע הײַזער, און פון אַלע זײַטן איז מען געקומען צו לויפן. און דעמלט האָט נאָך איינער געזאָגט, אַז ער קאָן זיך שווערן... ער האָט אַליין געזען, ווי דער אָגאָראָדניק, דער ייִד, איז געגאַנגען פון די גערטענער, זיך געאײַלט אַ צופרידע־נער, ווי ער וואָלט די גרעסטע מציאה געקויפט. יאַק באָגאַ קאָכאַם!

— קומט גלײַך אין דער פּאָליציי! עפּשער לעבט זי נאָך.

און אַלע מיטאַמאָל זײַנען מיט טומל און געשריי אַוועק אין פּאָליציי. דאָרט האָט מען זיי געזאָגט: מע דאַרף נאָך וואַרטן ביז מאָרגן. עפּשער וועט זי דאָך קומען...

אויף מאָרגן, פון אינדערפרי אָן, איז אַרום מאַרישעס הויז געווען פול מיט מענטשן. עס האָט אויסגעזען, ווי אין אַ זונטיק־טאָג אַרום אַ קלויסטער. אַלע האָבן געוואַרט: עפּשער טאַקע וועט זי קומען? עלטערע און ייִנגערע האָבן אַרויסגעקוקט אין אַלע זײַטן, צי באַווײַזט זיך ניט אַ קינד. באָכערים האָבן געזוכט אין די שטאַלן, אויפן בוידעם. עפּשער איז זי ערגעץ אײַנגע־שלאָפן און הערט ניט, ווי מע זוכט זי. מיידלעך זײַנען געלאָפן קוקן אין די ברינעמער. אָבער אומעטום איז קיין סימן ניט געווען פון אַ לעבעדיקן מענטשן.

געווען אַזוינע, וואָס יאַדזע האָט זיי גאָרניט געאַרט. זיי האָבן גע־וואַרט אויף פּאָליציי. זיי איז טשיקאַווע צו זען, וואָס דאָ וועט פאָרקומען.

און געווען אויך אזוינע, וואָס פאַר זיי וואָלט שוין געווען א פאַרדראָס, ווען יאדזע באַוויַיזט זיך. דאָס קינד האָט שוין פאַר זיי ניט עקזיסטירט. מיט א פרעמד קינד מער אָדער ווייניקער — ווערמען גייט עס אָן. פאַראַן אזויפיל איידעס, אז דער אַגאַראָדניק האָט זי פאַרפירט, פאַרנאַרט. זי האָט זיך געווערט און דערביַי פאַרלאָרן א שיכל. פאַרוואָס שוויַיגט די פּאָליציי?

עס גייט א שאָ נאָך א שאָ. מארישע גייט אַרום א צעבראָכענע, אַלע וויַילע זאָגט זי אַרויס מיט א שלוקערץ: יעזו קאָכאַני! זי האָט שוין קיין טרערן ניט אַף צו וויינען.

אַנטעקן דוכט זיך, אַז ער איז שולדיק. ער האָט זי אָנגעשראָקן, איז זי געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן און איז אַריַינגעפאַלן דעם ייִדן אין די הענט. ער זעט אויס בלאַס און גרין, קאָן קיין וואָרט ניט אויסריידן.

פּאָליציי איז געקומען. איידעס זיַינען פאַראַן אָן א שיר. וועגן דעם אַגאַראָדניק פּיניע איז שוין קיין צווייפל ניטאָ. אַזויפיל באַוויַיזן. אָבער צי דען נאָר ער אַליין? דאָס קאָן דאָך אויך ניט זיַין. ווער האָט אים גע־האָלפן?

און דאָ דערמאָנט מען זיך: „דאָ זעליקאַ, דאָ פּינכאָסאַ". און זעליק מיט פּינכעסן ווערן אַרעסטירט צוזאַמען מיט פּיניע דעם אַגאַראָדניק.

14

אין דער הילצערנער שטוב מיטן שינדל־דאַך, מיט די קליינע פענצטער און גרויסן פּירהויז, ווו זעליק און פּיניע וווינען אין שכיינעס, האָט פּאָליציי גענומען נישטערן און זוכן סימאָנים פונעם פאַרברעכן. מע האָט קיינעם ניט דורכגעלאָזט.

דער שניַידער איצע־מייער, א טאַטע פון א סאַך קינדער און א מאַן פון א וויַיב אַף דער ציַיט, האָט אַף אַלע פראַגן פון דער פּאָליציי געענטפערט:
— זוכט...

דערביַי האָט ער גוט אַכטונג געגעבן, ווי און ווו זיי זוכן, ער האָט געקוקט אַף די הענט, אַף די פינגער. ניט וויַיל ער האָט מוירע געהאַט, אַז זיי וועלן באַ אים עפּעס צונעמען (אויסער דעם שלימאַזל, וואָס קאָנען זיי באַ אים נעמען?), נאָר זיי זאָלן עפּעס אַליין ניט אונטערוואַרפן, ניט אונ־טערלייגן א פאַרבלוטיקט טיכעלע, א קינדער־שיכל און נאָך אַזוינע אומ־גליקן. זיי וועלן אַליין אונטערלייגן און אַליין געפינען.

— זוכט, זוכט, — האָט ער אַלע וויַילע צוגעגעבן. און געקוקט אַף זיי, ווי אַף גאַנאָווים. מער האָט ער גאָרניט געזאָגט, און אַלץ איז דורך שטיל.

גאָר אַנדערש איז עס פאָרגעקומען באַ צאַליע דעם האָלצהעקער.

צאַליען קען די גאַנצע שטאָט. און ער קען אויך אַלעמען. אייניקע האַלטן אים גאָר פאַר א לאַמעדוואָוניק. אָנגעטאָן איז צאַליע אין ברייטע ליַינענע הויזן, אין אַן אַלטער פאַרלאַטעטער מאַרינאַרקע און אין שטאַרק אָפּגעטראָגענע שטיוול. אַלע אינדערפרי מינוט אין מינוט קומט ער אַרויס אַפן מאַרק מיט זיַין זעג און האַק. באַלעבאַטים דינגען אים אַף צעזעגן און צעהאַקן א וואָגן האָלץ. קיין גרויסע כאַיונע האָט ער ניט, נאָר ער באַנוגנט

זיך מיט דעם, וואָס ער האָט. זײַן עסן איז אַמאָל ברויט מיט קאַרטאָפל און אָפט נאָר קאַרטאָפל. צי האָט ער אַמאָל געהאַט אַ מישפּאָכע, ווייסט מען ניט. איצט לעבט ער איינער אַליין. ער באַקלאָגט זיך קיינמאָל ניט. דערפאַר איז ער זייער צופרידן פון איינער אַ מיצווע, וואָס האַלט אים אונטער זײַן לעבן. פּרײַטיק אַרבעט ער ניט. פרײַטיק אינדערפרי גייט ער אין מערכעץ, און דערנאָך פאַרנעמט ער זיך מיט קלײַבן נעדאָוועס פאַר אָרעמעלײַט, פאַר אַזוינע, וואָס אַליין שעמען זיי זיך אויסצושטרעקן די האַנט. און יעדערער, וויפל ער קאָן, דערלאַנגט אים. אַלע ווייסן, אַז ער גיט אָפּ ביז איין גראָשן. ער וווינט אין אַ קליין צימערל, אָן מעבל, נאָר מיט אַ באַנק אַף שלאָפן און מיט אַ טאַבורעט אָנשטאָט אַ טיש. אַפן פענצטער ליגט אַ סידער און אַ טילים. אין ווינקל שטייט די זעג און די האַק. ביידע אָנגעשאַרפטע, בלאַנקען אַזש.

צאַליע איז אַ שווײַגער. מע ווייסט ניט, וואָס ער טראַכט, ווי ער פילט זיך. צו קינדער איז ער אַ גוטער, מיט זיי רעדט ער, שפּאַסט. און אַמאָל האָט ער אַפילע פאַר זיי אַ ביליקע צוקערקע.

ווען פּאָליציי איז אַרײַן אין זײַן קליין צימערל, האָבן זיי ניט געהאַט ווו זיך אַ קער צו טאָן. אַלץ, וואָס דאָ איז פאַראַן, ליגט אויבנויף. ניטאָ אַפילע ווו צו זוכן. אָבער עפּעס מוזן זיי דאָך טאָן. צאַליע, ווייסן זיי, איז אַ שטילער, אַ שווײַגער, אַ האָלצהעקער.

— מיר ווייסן, אַז דו אַליין ביסט אַן אָרנטלעכער, אָבער דו ווייסט דאָך געוויס, ווער האָט דאָס מיידל פאַרנאַרט, ווו איר קערפּער געפינט זיך. זאָג אונדז דעם עמעס, דו ווייסט דאָך...

צאַליע דער שטילער, דער שווײַגער, וואָס מע האַלט אים גאָר פאַר אַ לאַמעדוואָווניק און וואָס קיינער ווייסט ניט, וואָס באַ אים אַפן האַרצן טוט זיך, וואָס אים טוט ווי און פאַרוואָס ער לעבט איינזאַם, האָט אַף זיי אַ קוק געטאָן מיט זײַנע גרויסע גרינלעכע אויגן און מיט בייזקייט אין דער שטים געזאָגט:

— אַלץ, וואָס איך ווייס, ווייסט איר אויך. איר האָט דאָס מיידל פאַרנאַרט און זי אומגעבראַכט. באַשולדיקן ווילט איר אָרנטלעכע מענטשן.

די פּאָליציי־לײַט זײַנען געבליבן שטיין איבעראַשט און אָפּהענטיק. אַזוי ריידן מיט פּאָליציי? און ווער? אַזוינעם דאַרף מען גוט אָנלערנען. ער וועט דעמלט אַנדערש ריידן. זיי האָבן אים אַוועקגעפירט מיט זיך.

15

די שטאָט האָט זיך געוויגט. אַלע ווײַלע הערט מען אַנדערע נײַס. אַרקע דעם פורמאַן האָט מען אויך אַרעסטירט (דאָס אויסגעפּוצטע פאָרעצל האָט ניט פאַרגעסן, ווי אַרקע האָט באַ אים אָפּגענומען דאָס פערד צוריק). בײַכלאַל איז קיינער ניט זיכער מיט זיך. באַזונדערס האָט זיך עס גענומען פילן דעמלט, ווען עס איז צוגעקומען אַ נײַער איידעס: אַנטאָן מערלעס. מערלעס, ווייסן אַלע, איז אַן אויסוווּרף, און דערצו נאָך אַן אויסגעשפּילטער אויסוווּרף. ער קאָן אַרופּבריינגען מענטשן אַפן פײַער.

זייער שווער לעבן איבער דעם אומגליק צוויי מיידלעך: ליבע־שעווע און מאלקע (די ייִנגערע שוועסטער פון פינכעסעס געוועזענער פרוי). אָט די ביידע האָבן זיך באקאנט, שטייענדיק מיט עסנוואַרג בא דער טורמע. ביידע מיידלעך זײַנען פארליבט. איינע פון זיי, ליבע־שעווע, איז פארליבט אין איר כאָסן, אין זעליקן. די צווייטע, מאלקע, א קיינעוודיק־שיין מיידל, איז פארליבט אין פינכעסן, וועלכער וויל אפילע ניט הערן וועגן שידוכים. ביידע מיידלעך איז איצט צוגעקומען אזוינס, וואָס גייט אויך ארויס פון ליבע, נאָר גייט זי איבער, — די זאָרג פאר זייערע געליבטע, וואָס זיצן אומשולדיק. זיי פרעגן זיך: פארוואָס? פארוואָס בילבולים, פונוואַנען אזוי־פיל סינע? צוליב וואָס וויל מען אזוינע אומשולדיקע און אָרנטלעכע מענטשן, ווי זעליק און פינכעס, ארויסשטעלן פאר גאזלאָנים? צווינגען אומזיסט און אומנישט לײַדן?!

מאלקע וויל אן ענטפער, וואָס זאָל זי בארויִקן. פון דער קינדהײַט אָן ווילט זיך איר, אז אלץ זאָל זיך ענדיקן צום גוטן, עס זאָל ניט שווער מאכן דעם געמיט.

ליבע־שעווע טראכט, אז די וועלט איז שלעכט באשאפן. ווי קומט עס צו גאָט, צום ריבוינעשעלוילעם, אז ער זאָל אזוינס דערלאָזן? שלעכטע לײַט טראכטן אויס בילבולים, און מענטשן גלייבן. און כאָטש זי גלייבט אין גאָט, איז אים איבערגעגעבן, ווערט דאָך עפּעס געמינערט אין ליבע־שעוועס הייליקן גלויבן.

זי גייט צוריק אהיים אן אופגערעגטע און בייזע. מיט אירע אייגענע הענט וואָלט זי די שולדיקע אינעם בילבל געפּאטשט אָן ראכמאָנעס.

דער טאטע מיט דער מאמען טרייסטן זי. די מאמע וויל, אז מאָרגן זאָל ליבע־שעווע ניט טראָגן קיין עסן צו דער טורמע. זי אליין אָדער טאטע וועלן עס טאָן.

— פארוואָס?

— טאָכטערקע, ביסט דאָך נאָך א קינד, א מיידל. עס פּאסט ניט...

— וואָס רעדסטו, מאמע?! וואָס הייסט, עס פּאסט ניט? זעליק איז מײַן כאָסן. פאר מיר פּאסט עס. מײַן כאָסן! אלע טאָג וועל איך גיין צו דער טורמע, אלע טאָג!

באנאכט שלאָפט קימאט ניט ליבע־שעווע. ס'איז איר אפילע שווער צו זאָגן, איר כאָלעמט זיך צי זי שטעלט זיך עס פאָר: אָט דערזעט זי איר כאָסן פון יענער זײַט, ווען ער איז געווען אין פּאָליציי, ווען פון אלע זײַטן האָט מען געהערט „דאָ זעליקא, דאָ פינכאָסא". ליבע־שעווע שמייכלט פון פרייד, אזא גוטע צײַט איז דעמלט געווען. זי פלעגט אף אים ווארטן, ארויסקוקן דורכן פענצטער. זי האָט נאָך דעמלט גאָר ניט געוווּסט, צי ער טראכט וועגן איר, האָט זי אים פאר זיך גערופן „מײַן כאָסן".

און אָט איז ער אין איינעם א שאבעס געקומען (דער טאטע איז פונקט דעמלט אין שטאָט אוועק). אָך, איז זיי ביידן געווען פריילעך! געלאכט און געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן. און... זײַנען אינדערעמעסן גע־וואָרן כאָסן־קאלע.

דעמלט איז די גאנצע וועלט געווען אין זעליקן. און איצט איז די וועלט געוואָרן א פּוסטע. אָן זעליקן איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט. זי וויל וויסן,

וואָס מיט אים טוט זיך איצט? ווי באַגייט מען זיך מיט אים אין טורמע? מע פּײַניקט אים, מע מאַטערט אים. אָבער סיי ווי... זי ווייסט דאָך, אַז ער איז ניט שולדיק. זי צווייפלט ניט, אַז ער וועט באַשטיין אויף זײַן גערעכטיקייט, וועט זיך ניט אונטערגעבן. און וואָס מיט אים זאָל ניט געשען, וועט זי פון אים ניט אָפּטרעטן. אַלע טאָג וועט זי גיין צו דער טורמע, אַלע טאָג בעטן פאַר אים גאָט, שטענדיק אים זען פאַר די אויגן. און אויך איצט שמייכלט זי צו אים מיט אירע קיין־גריבעלעך. און די בורשטין־אויגן קוקן אַרויס צו אים מיט פײַערלעך: „טײַערער, טײַערער, כאָסן מײַנער...”

דער טאַטע שלאָפט אויך ניט. ער קאָן ניט פאַרשטיין, נאָר ער קאָן אויך ניט מויכל זײַן: פאַרוואָס זײַנען מענטשן אַזוי בלוטדאָרשטיק? אויסטראַכטן אַ בילבל? העשלס אָרנטלעכקייט קאָן עס ניט אַריבערטראָגן. אים קאָסט עס געזונט, אַזש וויינען ווילט זיך אים.

אינדערפרי, ווי נאָר ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער דערזען, אַז ליבע־שעווע איז שוין אויף. זי גרייט עסן פאַר זעליקן.

— אַזוי פרי, טאָכטערקע?

זי ענטפערט ניט. זי וווּנדערט זיך נאָר, פאַרוואָס דער טאַטע קאָן עס ניט פאַרשטיין. וואָס הייסט צו פרי? זי קאָן דען שלאָפן? זי קאָן דען רוען? איר זעליק איז דאָרטן.

דער טאַטע פאַרשטייט עס דאַפקע און זאָגט אויך מער גאָרניט. ער גייט דאַוונען. אַרײַנקומענדיק אין דער הילצערנער שול, דערפילט ער גלײַך די פרומקייט פון די מיספּאַלעלים. צו אים דערגייט גלײַך זייער געבעט און אפילע געוויין. עס דערמאָנט אָן יאָמקיפּער, ווען מע זאָגט: „מי באַייש ומי באַמאַיִם”... און ער אַליין, העשל, כאָטש ער ווייסט דאָס דאַוונען אויף אויסווייניק, קוקט ער שטרענג אַרײַן אין סידער, אים זאָל קיין זאַך ניט אַפּווענדן פון דאַוונען, זײַן אָנגעווייטעקט האַרץ זאָל אײַנגאַנצן אַרײַן אין דער טפילע.

נאָכן דאַוונען ווערט אים אַ ביסל לײַכטער, ער באַקומט האָפענונג. און ער אײַלט אהיים טרייסטן זײַן טאָכטער. ווען ער קומט אָבער אַרײַן אין שטוב, איז שוין ליבע־שעווע ניט פאַראַן.

16

רעב דאָוויד וואַרט אויך אויף פּאָליציי. מיט וואָס איז ער בעסער אָדער ערגער? אָבער פון דעם, וואָס צו אים קאָן קומען פּאָליציי און אים אַרעסטירן, נעמט ער זיך ניט צום האַרצן, ווײַזט ניט אַרויס קיין שרעק. ער האָט געענוג בײַשפּילן פאַר זיך, ווײַאַזוי אַ ייִד דאַרף רויִק גיין אויף קידעשהאַשעם. געענוג צו דערמאָנען די אַסאָראַ האַרוגיי מאַלכוס, רעב אַקיווען און אַנדערע. און אויב אים, רעב דאָווידן, איז עס אויך באַשערט, וועט ער נאָר לויבן דעם בוירע־אוילעם פאַר אַזאַ כּבֿוד צו אים.

אויף קידעשהאַשעם איז ער גרייט. ער מוז זיך אָבער אויך אויסטײַנען

מיטן קאוואהאיאָכל. ער האָט צו אים א געֿרעכטע טײַנע. א געֿרעכטע טײַנע איז דאָך דאָוואָר מוטאָר, דאָס איז דערלויבט.

רעב דאָוויד געהערט צו די אופּריכטיק־פרומע לײַט, וואָס גלייבן בע־עמונע שליימע. און ווען גאָט אליין זאָל צו אים קומען און זאָגן, אז קיין גאָט איז ניטאָ, וועט ער סײַווי ניט גלייבן.

צי מעג ער האָבן א טײַנע צום באַשעפער פון דער וועלט? רעב דאָוויד ווייסט, אז פאר א טײַנע, וואָס קומט פון גוטן הארצן, בעלייוו ווענעפעש, שטראָפט ניט גאָט. פארקערט, ער שטעלט עס ארויס אלס בײַשפּיל פאר די מאלאָכים אין הימל, וואָס ווייסן נאָר פון זינגען און קנײַען.

אינמיטן די געדאנקען קומט ארײַן אָשערל בלאָנדער, וואָס אליין רירט ער זיך צו קיין זאך ניט צו און איז אין קיין זאך ניט שולדיק. דערפאר האָט ער ליב באשולדיקן אנדערע. ער טוט עס הײַנט מיט א זיס־אָפּגע־שוואכט לאָשן, ווי ער וואָלט א לעבן געפאסט און האָט קיין קויעך ניט צו העכערן די שטים.

— א גוטן טאָג אײַך. איך וויל אײַך פרעגן, רעב דאָוויד.

— אוואדע „פרעגן"! פרעגן א שײַלע איז לײַכטער, ווי פאסקענען. ווילסט קיינמאָל ניט זײַן קיין צאד, נאָר שטענדיק א שאמעס־ליכטל.

אָשערל ענטפערט ניט אף רעב דאָווידס ווערטער. א שטיק עמעס ליגט אין זיי, אָבער ער האלט זיך בא זײַנס: בעסער פרעגן, מאָנען און שטיין אָן דער זײַט. אז מע איז אליין אָפּגעהיט — היט אויך גאָט.

— איך וויל אײַך פרעגן...

— וואָס קאָנסטו, אָשערל, פרעגן: ווו מע קאָן פארדינען לײַכט א רובל, וויאזוי מע קאָן פירן א לײַכט לעבן און ווי מע קאָן לײַכט באקומען אוי־לעמהאבע?

— ס'איז אָן אוולע?

— א שטאָט מיט ייִדן שטייט אין געפאר, און דו?

— איך האָב געוואָרנט. איצט קאָן איך מיט גאָרניט העלפן. איך האָב א ווײַב מיט קינדער.

— איז גיי צו דײַן אישטע, זאָל זי פאסקענען שײַלעס.

אָשערל האָט טאקע גאָרניט געפרעגט. און ער איז געווען צופרידן: אז מע שטייט אין דער זײַט, איז געזינטער!

שווערער פון אלעמען איז אין דער טפיסע זעליקן. ער איז געוווינט צו זען אלץ, פארשטיין אלץ. דאָ זעט ער גאָרניט און פארשטייט גאָרניט.

נאָך מער: דאָ ערשט נעמט אים קלאָר ווערן, אז ביז דער טפיסע האָט ער אויך גאָרניט געזען און גאָרניט פארשטאנען. ער האלט זיך אין איין פארגעבן פראגעס און געפינט קיין ענטפער ניט. ער פרעגט זיך אלץ: פאר־וואָס?

אין דער קינדהײַט האָבן די „פארוואָסן" געהאט אָן ענטפער.

— פארוואָס פארדינט דער טאטע ווינציק? — ווײַל קיין מאזל איז ניטאָ. גאָט זאָל וועלן, ווערט דער טאטע א נאָגיד.

שפּעטער:

— פארוואָס האָט מען פײַנט ייִדן? — ווײַל זיי זײַנען אין גאָלעס.

דאָס איז געווען פאראלגעמיינערט און פארשטענדלעך. אָבער איצט? א בלוט־בילבל. אין דער קינדהײַט האָט זעליק וועגן אזוינס געהערט, אָבער פאָרגעקומען איז עס ערגעץ ווײַט. איצט... פיניע דער אָגאָראָדניק, ארקע דער פורמאַן, פינכעס, ער אליין. מע קאָן אלץ ניט פארגעסן „דאָ זעליקא, דאָ פינכאָסא". געבליבן אָן שוץ, אָן פארטיידיקונג, העפקער!

כאָטש אליין דאָס זיצן אין דער טפיסע איז אים שווער, ער איז געוווינט צו באוועגונג, צו זען און וויסן, וואָס ארום טוט זיך, דאָך ארט זעליקן ווינציקער די ענגע פינצטערע קאמערע, די מײַז, וואָס שקראבען, דאָס הארטע געלעגער און די זידלערײַ פון די וועכטער, ווי די „פארוואָסן", וואָס לאָזן ניט צורו.

פינכעס קאָן זײַן מיט זיך אליין. קיין פוסטע פראגעס פארמאָגט ער ניט, ער האָט אף אלץ אן ענטפער. און ער, זעליק, געפינט נאָך קיין ענטפער ניט. און דערצו: פאר זעליקן איז אן ענטפער נייטיק ניט נאָר קעדיי אים צו וויסן, נאָר קעדיי נעמען טאָן, זיך ארײַנמישן, אפילע זיך שלאָגן.

דאָ טאקע, זיצנדיק אין דער טפיסע, דערמאָנט זיך זעליק, וואָס אנומלטן האָט אים פינכעס געזאָגט:

— אלע גוטע ווערטער וועגן ייִדן גייען ארויף צום הימל, ווי א שיין וואָלקנדל, וואָס צעגייט זיך. קיין סימען בלײַבט ניט. אלע שלעכטע ווערטער לאָזן זיך, ווי א כמארע, אראָפּ צו דער ערד און פארגעדענקען זיך. אף צוזאָגן און פײַנט האָבן דארף מען קיין געוויסן ניט.

אף זעליקן פאלט אויך אויס די שוועריקײַט פון דער אויספאָרשונג. דער פארטרעטער פונעם פּאָליצײַי־שעף, וועלכער גרייט צו אלע מאטעריאלן און פּראָטאָקאָלן צום איניען „דער מאָרד פונעם מיידל יאדזע צוליב ריטואלע צוועקן", האָט זיך זײַן כעזשבן.

אז פיניע דער אָגאָראָדניק איז שולדיק, איז שוין מער ווי דערוויזן. אזויפיל איידעס. אָבער וואָס שטעלט מיט זיך פאָר פיניע? אן אומוויסנדער גראָבער יונג. ווער און וואָס איז ער? גאָר אנדערש וועט זײַן, ווען ער וועט דערווײַזן, אז אין מאָרד האָבן אָנטיילגענומען די פאָרשטייער פון דער קעהילע. צו פינכעסן איז באַם פארטרעטער פון שעף א צווייענדיק געפיל, וואָס ער קאָן נאָך אינגאנצן ניט באשטימען: צי דאָס איז אָפשײַ, צי עפשער גאָר א ביסל מוירע (ער געדענקט נאָך דעניס דאווידאָוון. דאַווידאָוו לעבט דאָך נאָך). ער איז ניט זיכער מיט זיך, ווען ער דארף פינכעסן אויספרעגן און באקומען אן ענטפער.

פינכעס ענטפערט רויִק און קאלט. דערבײַ באקומט זיך גאָר, ווי פינכעס טוט א געפעליקײַט מיט זײַן ענטפערן „יאָ" אָדער „ניין".

דערפאר פילט זיך דער אויספאָרשער פרײַער מיט זעליקן. אָט דער זעליק לאָזט זיך ריידן. וועט ער זיך פארעדן, וועט מען בא אים עפעס קאָנען ארויסבאקומען. דעריקער איז דאָך אָנכאפּן דעם עק פון פאָדעם, וועט זיך עס שוין וויקלען און וויקלען. אזא קאָן מען א סטראשע טאָן, אָנשרעקן. עס לאָזט זיך אויס, אז אָפטער פאר אנדערע האָבן א טאָעס אין מענטשן

דאפקע די אויספרעגער, די אויספאָרשער. לויט זייער פּראָפעסיע דארפן זיי זײַן פארשטאנדיקע, קלוגע, וואָס זאָלן באנעמען א מענטשן, ארײַנדרינגען אין זײַן פסיכאָלאָגיע, אין זײַן כאראקטער, דערקענען אים. אָט מיט דעם שליסל דארפן זיי עפענען א מענטשנס הארץ, ער זאָל זאָגן דעם עמעס, זיך מוידע זײַן.

טרעפט אָבער, אז דאפקע זייער קלוגשאפט, זייער פארשטאנדיקײַט — פארפירט זיי. זיי קליגן זיך איבער. זיי דערזעען אָפּט דאָס, וואָס זיי ווילן, און ניט דאָס, וואָס איז ווירקלעכקײַט. זיי מאכן אויספירן, ארויסגייענדיק נאָר פון זיך אליין, פון זייער פארלאנג. הײַנטיקס מאָל האָט אזוינס פאסירט מיט זעליקס אויספאָרשער. פארוואָס איז דעם אויספאָרשער אײַנגעפאלן, אז זעליק לאָזט זיך מער ריידן און וועט זיך דערפאר ארויסכאפן מיט א וואָרט? אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר, אז זעליק קען אָדער שווײַגן אָדער אליין פארגעבן פראגעס דעם אויספאָרשער. און דערצו האָט נאָך זעליק א מאָדנע טעווע — ער לאכט. דאָס טרעפט דאן, ווען ער גיט עפּעס א פרעג דעם אויספאָרשער און יענער בלײַבט אָן אָן ענטפער.

— אומזיסט לאכסטו, דארפסט ווײנען.

— ווײנען?

— פאר אזא פארברעכן ווייסטו, וואָס עס קומט?

— פארברעכן?

— וואָס זשע דען? נעם א בײַשפּיל פון פינכעסן. ער איז א מענטש מיט א וואָרט. ער לייקנט ניט. געענטפערט „יאָ" און זיך אונטערגעשריבן.

בא זעליקן האָבן די קארע אויגן א שפּיל געטאָן. ער האָט אופגעהויבן די האנט מיט דער דלאָניע ארוף און געזאָגט:

— אָט אף דער האנט קאָן וואקסן גראָז? אָט אזוי האָט פינכעס געזאָגט „יאָ". — פון זײַן אײַנפאל האָט זיך זעליק צעלאכט.

אָט דאָס לאכן פארדריסט זייער דעם אויספאָרשער. ער מאטערט זעליקן, לאָזט אים ניט אָפּ. סטראשעט אים.

אין קאמערע קומט זעליק א גוואלדיק מידער. ער פארשטייט, אז דער אויספאָרשער וויל אים כאפּן פאר א וואָרט, פאר אן אויסדרוק, וואָס ער וועט טײַטשן, ווי ער וויל. ווען זעליק איז ווידער אליין, קומען ווידער אוף די „פארוואָסן".

— פארוואָס איז די וועלט אזוי באשאפן, איינער איז א וואָלף און דער צווייטער — א שאָף?

...פרײַטיק פארנאכט איז דער שטאָט־מאגיד, ווי אלעמאָל, געקומען אפן מארק אָנזאָגן:

— שאבעס, שאבעס! צײַט ליכט־בענטשן! פאר מעכאלעל־שאבעס זײַן שטראָפט גאָט, שיקט אָן בילבולים און פוראָניִעסן. שאבעס! שאבעס!

17

פרײַטיק, די נאכט אף שאבעס. ווי אין די פאַבריקע נעכט, שלאָפט אויך הײַנט שלעכט מארישע. איר האָט זיך געפּלאָנטערט א כאָלעם, וואָס קומט אוף און פארשווינדט. דערנאָך האָט זי געעפנט די אויגן און דערזען אין

פענצטער א ליכטיקן הימל און א העלע לעוואָנע. מער שלאָפן האָט זי ניט געקאָנט. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן.

דער אומגליקלעך־צעבראָכענער מאַמען גלייבט זיך אַלץ ניט, אַז איר יאדזע איז אומגעקומען. שווער איז איר אויך גלייבן, אַז דער אָגאָראָדניק פיניע האָט זי אומגעבראַכט. זי קען פיניען שוין פון לאַנג. ניט נאָר וואָס זי קען אים, ער איז איר אַפילע געפעלן. א געזונטער, א קרעפּטיקער, א שטיק רויערד, מיט א פאַרברענט פּאָנעם סײַ פון זון, סײַ פון ווינט. דערצו א גוטער, א צוגעלאָזטער, האָט ליב א שמייכל טאָן און וועט קיינמאָל ניט פאַרבײַגיין אָן א באַגריסונג. מיט זײַן געזונטקייט, ברייטפּלייציקייט און אַפּילע מיט די שטיוול, וואָס זײַנען שטענדיק אַרומגעקלעפּט מיט ערד, דערמאָנט ער מארישען איר יונג פאַרשטאָרבענעם מאַן. עס טרעפט, ווען ער גייט פאַרבײַ איר הויז און בעט א טרונק וואַסער, לאַדט זי אים אײַן אין די צימערן, דערבײַ מיט דער גאַנצער פּוילישער איידלקייט: „פּראָשע, פּאַן פיניא". און ווען ער גייט אַוועק, קוקט זי אים נאָך און באַטראַכט זיך אַליין, ווי זי זעט אויס.

מארישע איז א מיטליאָריקע פרוי, זי איז נאָך קיין פערציק ניט אַלט. זי איז א פולבלעכע, א געזעצטע, מיט בלאָנדע אָפּגעברענטע פון דער זון האָר. זי דאַרף א מאַן אין שטוב און א באַלעבאָס אין דער ווירטשאַפט.

דער אָגאָראָדניק פיניע, כאָטש ער שמייכלט צו איר, באַגריסט אַלע מאָל, טרינקט אויס א קענדל וואַסער, האַלט ער זיך שטאַרק פונדערווײַטן. זי פאַרשטייט ניט, ווי דאָס אויסצוטײַטשן: צי ער שעמט זיך, צי זי געפעלט אים ניט. אָבער אײַנזײַטיק טראַכט זי, אַז דאָס איז גאָר צום גוטן. ער זאָל זיך האַלטן נאָענט לעבן איר, זי זאָל דערפילן זײַן לײַב און אָטעם, וואָלט זי עפשער ניט אויסגעהאַלטן, באַגאַנגען א נאַרישקײַט.

ניין, פיניע וועט אירע קינדער קיין שלעכטס ניט טאָן. פּאָליציי אָבער לאָזט זי ניט צורו. פּאָדערט, אַז מארישע זאָל זאָגן און אונטערשרײַבן פאַר איידעס, אַז שולדיק איז פיניע דער אָגאָראָדניק.

ניין, אַזוינס קאָן זי ניט זאָגן. זי גלייבט ניט אין דעם.

שכיינים וווּנדערן זיך:

— ווער זשע דען? אוואדע ער!

אַנדערע, ווידער, פאַרשטייען אינגאַנצן ניט מארישען:

— וואָס איז מיט דיר? דײַן קינד האָבן זיי פאַרפּײַניקט. צי דער, צי אַן אַנדערער... אַלציינס! וואָס קווענקלסטו זיך?

— דאָס האַרץ לאָזט ניט.

— און זיי האָבן געהאַט האַרץ אומצוברענגען דײַן קינד?..

דערווײַל קומט אָן א קלאַווטע, פאַרלייגט די הענט אין די באָקעס און גיט זיך א זאָג:

— וואָס שאַנעוועסטו אָט דעם ייִדן, דעם פיניען? מע ווייסט, עמעס, אַז ער פלעגט צו דיר אַרײַנקומען טרינקען וואַסער... אַמאָל פלעגט ער זיך צופיל פאַרהאַלטן. אַן אַלמאָנע, אָן א מאַן, מעגסטו... אָבער צוליב אים אומברענגען א קינד? צי האָסטו אים, אָקאָרשט, ניט געהאָלפן?

די שטילקײַט, וואָס אַרום איז געוואָרן, האָט לאַנג געדויערט.

און אָט איצט, ווען מארישע דערמאָנט זיך וועגן דעם, באוויַיזן זיך בא איר ווידער טרערן. איר קאָסט עס געזונט. קיין ווערטער האָט זי ניט, ווייַ־נען ווילט זיך.

ביז פארטאָג האָט זי זיך געמאטערט און איַינשלאָפן סיַיווי ניט געקאָנט.

אף מאָרגן, שאבעס, איז צו איר געקומען א גאסט — אנטאָן מערלעס.

אנטאָן טראָגט לאנגע שווארצע האָר און קליינע שווארצע וואָנצעלעך. ער איז שוין אָנגעטאָן זומערדיק — אין א געלן אָנצוג, אין א געלן הוט. עס האָט זיך באקומען א געמיש פון שווארץ און געל. אהער אין דער שטאָט איז אנטאָן געקומען פון א דערבייַיִיק שטעטל און עפשער גאָר פון א וויַי־טער שטאָט. באוווּסט איז אָבער, אז געקומען איז ער שוין א געטויפטער. און ווי א מענטש, וואָס האָט זיך גוואלדיק ליב צו בארימען, האָט ער אלע־מען דערקלערט, אז געטויפט האָט אים אליין דער ארציבישאָף און אז ער שטאמט פון דוירעס ראבאָנים, פון רייַכע עלטערן. אין שטאָט ווייסט מען שוין, אז ער האָט ליב קאָוועד און האלט זיך פאר א גרויסן ווייסער און פאר א שטארק קלוגן. דער עמעס איז טאקע, אז דער קאָפּ ארבעט בא אים גוט, ער קאָן גיך עפּעס צוטראכטן, געפינען אן איַינפאל. און אזויווי זאָגן א ליגן קאָסט אים גאָרניט און קיין געוויסן פארמאָגט ער ניט, קאָן ער מיט זייַנע גוטע איַינפאלן א סאך דערגרייכן. פּאָליציי האָט מוירע פאר אים. ער שרייַבט אָנקלאָגעס צום גובערנאטאָר, צום מיניסטער, אפילע צום קייסער.

נאָך איידער ער איז געקומען צו מארישען אהיים, איז שוין פאר אים אלץ קלאָר געווען. צו אים איז דערגאנגען די רייד פון דער קלאָוטע: „צי האָסטו אים, אָקאָרשט, ניט געהאָלפן?״ אזא גליקלעכער איַינפאל! — טראכט א צופרידענער אנטאָן מערלעס. — געניִאל!

ווי ער פירט זיך אלעמאָל, האָט ער אויך איצט גלייַך געגעבן מארישען צו וויסן, אז געטויפט האָט אים אליין דער ארציבישאָף, אז ער שטאמט פון דוירעס ראבאָנים און פון רייַכע עלטערן. און דאָך איז ער אוועק פון ליגן צום עמעס, געוואָרן א קריסט. אזוי אז פאני מארישע מעג זיך אף אים פארלאָזן און מעג אים גלייבן. אָבער בא זייַן בעסטער באצִיונג צו איר, פארשטייט ער ניט איין זאך: וויִאזוי האָט זי געקאָנט פירן א פרייַנטשאפט מיט אָט דעם שמוציקן ייִדן, וויִאזוי האָט ער עס געקאָנט אף איר ווירקן, זי זאָל אים העלפן אומברענגען איר אייגן קינד...

מארישע איז געבליבן מעוווּלוול.

— וועגן וואָס רעדט איר? איר זייַט באם זינען?

— מייַן אייצע — זיך מוידע זייַן.

מארישע איז געווען רויט און טויט. ער האָט אָבער ניט געלאָזט קיין וואָרט ארויסריידן, זיך אופגעשטעלט און איבערגעכאזערט:

— מייַן אייצע — זיך מוידע זייַן.

און איז שנעל ארויס. אין דרויסן האָבן אף אים געוואַרט די שכיינים. זיי האָט בעעמעס געוווּנדערט, וואָס ער גייט אזוי גיך צוריק.

— זי האָט זיך מוידע געווען. גלייַך זיך מוידע געווען! ייִדן האָבן זי קאליע געמאכט, אָפּגענארט, פארפירט. און זי האָט זיי געהאָלפן.

און נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט מען מארישען גערופן אין פּאָליציי.

אין דער שטאָט גראָדנע, וואָס אף ייִדיש רופט מען זי האראָדנע, האָבן פריילעכער, ווי אלעמאָל, געקלונגען די ערעוו־זונטיק־גלעקער, געקלונגען און זיך איבערגעקלונגען, אָנגעפילט די לופט מיט יאָמטעוו און מיט אומרו. די פרילינגדיקע זון האָט מיט העלע פאסן באשײַנט דעם פראוואָסלאַוונעם קלויסטער און דעם קאטוילישן קאָסטיאָל. אף די אויסגעטריקנטע טראָטוארן קלײַבן זיך צונויף א סאך מענטשן. און איידער מע גייט נאָך ארײַן צו גאָטעסדינסט, הערט מען פון אלע זײַטן איינס און דאָס זעלבע:

— קריסטלעך בלוט...

— אליין זיך מוידע געווען...

— און מע שווײַגט...

— ביזוואנען?

דער שאבעס־פארנאכט קומט אָן אין דער שטאָט מיט גרויס אומרו און אפילע מיט שרעק. צוזאמען מיטן אָוונט־אומעט, וואָס לייגט זיך אויס אף די ווײַסע פאָרהענגלעך אין די פענצטער, אף די סערוועטן פון די טישן און אף די קימאט שוין וואָכעדיקע בענטשלײַכטער, קומט אויך ארײַן אין די ייִדישע הײַזער דער קלאנג, אז מאָרגן, זונטיק, קלײַבט מען זיך שלאָגן ייִדן. און באלד קומט אָן א צווייטער קלאנג: עס גרייט זיך א זעלבשוץ, א סאמאָאָבאָראָנע, מע וועט זיך שטעלן קעגן. שפעטער קומען די מאנצבלעען פון דאוונען אהיים, דערציילן זיי, ווי אין גרויסן בעסמעדרעש האָט רעב דאָוויד א קלאפ געטאָן אין שולכן און געזאָגט:

— גאָט וויל ניט קיין פאָלק פון שעפסן! גאָט הייסט זיך שטעלן קעגן אמאָלעקן! מענטשן לײַדן אין טפיסע און פארשעמען ניט אונדזער פאָלק. דארפן מיר גיין אין סאמאָאָבאָראָנע. ייִדן, ס׳איז א גרויסע מיצווע!

און די גלעקער אין דער שטאָט האָבן ערעוו־זונטיקדיק געקלונגען, זיך איבערגערופן, אָנגעפילט די שטאָט מיט יאָמטעוו און אומרו.

מארישע איז פון דער פאָליציי געקומען ערשט אף מאָרגן, זונטיק, אינ־דערפרי. געקומען האלב־לעבעדיק, שטארק דערשראָקן, קימאט צעדולט. זי האָט הילפלאָז און פארלאָרן געקוקט אף די פיר ווענט, אף די הייליקע ביל־דער אין ווינקל, אף דער זון, וואָס קוקט ארײַן אין פענצטער, און גאָרניט פארשטאנען, וואָס מיט איר קומט פאָר. נאָר אָט האָבן זיך דערהערט טריט אין פירהויז, און איידער מארישע האָט נאָך באוויזן צו באנעמען, אז מענטשן קומען אָן, האָבן זיך אין דער טיר באוויזן די מומע רוזשע מיט יאדזען. נאָך דער באגריסונג „דאָברי דזיען" האָט די מומע רוזשע אומצופרידן גע־זאָגט:

— גאָרניט צו פארשטיין... האָסט געשיקט צו מיר אין געסט א קינד דאפקע דורך די בלאָטיקע און גליטשיקע גערטענער. און אז דאָס קינד איז געלעגן קראנק, האָסטו אפילע ניט געפונען קיין צײַט צו קומען און פרעגן,

וואָס עס מאכט. גאָרניט קיין מאמע... מער זאָל יאדזע אליין צו מיר ניט קומען... וואָס איז מיט דיר, מארישע? וואָס איז?

מארישע איז ווי א פלאסט געפאלן אין אָנמאכט.

19

אין יענעם יאָר איז אין דער שטאָט הוראָדנע געווען זייער א פריי־לעכער פּייסעך. אלע ארעסטירטע זיַינען געזעסן באם סיידער, און צוזאמען מיט דער דערציילונג וועגן דער באפריַיונג פון מיצראַיִם האָבן זיי אויך דערציילט וועגן דער באפריַיונג פון דער טפיסע.

לאגבוימער האָט מען געפראווועט צוויי כאסענעס. איינע א פריילעכע און א טומלדיקע — זעליק מיט ליבע־שעווען. די צווייטע א שטילע — פּינ־כעס מיט מאלקען.

מארישע איז געקומען צו־זיך. שכיינים דערציילן, אז פּיניע קומט צו איר אָפּט אריַין און פארהאלט זיך לאנג. אין א דראָשע האָט דער מאגיד וועגן דעם געמוסערט מיט שטראָף־רייד. און רעב דאָוויד, דערציילט מען, האָט וועגן דעם געזאָגט: אן אווייראַ איז עס. נאָר אין דעם פאל וועט האשעם־יִיִסבאָרעך מויכל זיַין.

צוויי

מיט מיַין ברודער זיַינען מיר צעקריגט.
שיק אונדז, טאטע־פּאָטער, צו א ביסל צאָרעס,
וועלן מיר זיך איבערבעטן.

1

אלע עטלעכע יאָר געבירט ליבע־שעווע א קינד. אלע טאָג שטייט זי באם פענצטער און וואַרט אף איר זעליקן. זי לאָזט אים פון זיך ניט אָפּ.

מאלקע האָט קיין קינדער ניט. וווּנדערט עס אלעמען: פּינכעס איז א געזונטער, א פעסטער, מאלקע — א יונגע און שיינע. פארוואָס? די לעצטע צײַט האָט די יונגע און שיינע מאלקע זיך גענומען שעמען פאר לײַטן, אויסמיַידן מענטשן, באוויַיזט זיך אין ערגעץ ניט.

פּינכעס און זעליק כאווערן זיך. צווישן מאלקען און ליבע־שעווען איז א גרויסע פריַינטשאפט. זינט אָבער ליבע־שעווע איז אף דער צײַט, גייט ניט מאלקע צו איר. זי קאָן ניט פארליַידן, וואָס אף אלעמענס פּענעמער ליגט א ראכמאָנעס צו איר, זי פילט דערביַי מיט אלע אייוורים, ווי אף די ליפּן פון אירע באקאנטע ליגט שוין דאָס וואָרט: „אקאָרע״. מאלקע האָט פאר

דעם גוואלדיק מוירע, זי ציטערט אוף, איר בלוט אנטרינט, ווען זי דערפילט אין עמעצנס אויגן דעם דאָזיקן געדאנק. הײַנט טראכט מען נאָר, מאָרגן וועט מען עס זאָגן. זי קאָן דאָך ניט אופהענגען קיין שלאָס אף יענעמס מויל. ווען קיינער זעט ניט, ווײַנט זי זיך גוט אויס, בײַסט זיך די ליפּן פון פאר־דראָס און אגמעסנעפעש. אפילע איר שיינקײַט נעמט זי פארלירן. „קיינער ווייסט ניט, ווי שלעכט מיר איז. איך וועל אומקומען״. ביז זי האָט ניט אויסגעהאלטן און איז געקומען צום טאטן מיט א געוויין:

— פּאָטער, כאסענע מיט מיר האָט ער געהאט, נאָר קיין מאן איז ער מיר ניט... ער קומט ניט צו מיר...

דער טאטע האָט אים פארקלאָגט פארן ראָוו.

דער ראָוו, שוין אן אלטער, א גראָווער, מיט א פארמעט־פּאָנעם און מיט אָפּגעשוואכטע הענט, וואָס ציטערן, האָט שטיל, אָבער אומצופרידן געפרעגט פּינכעסן:

— די אסערעס האדיברעס געדענקסטו?

— אוואדע, רעבע.

— און דעם זעקסטן געבאָט געדענקסטו אויך?

— איך געדענק, רעבע.

— וואָס איז דאָרט געשריבן?

— לוי טירצעך!

— לוי טירצעך — זאָלסט ניט מאָרדן. און דו נעמסט א יונגע בלום, א בלוט־יונגע נעשאָמע, און מאָרדעוועסט, זי גייט אויס אונטער דײַנע הענט, מאָרדעוועסט זי און אירע קומענדיקע קינדער, וואָס גאָט האָט איר באַ־שערט... — זײַן שטים איז געוואָרן שטילער, אָבער אין די אלטע, קימאט אויסגעלאָשענע אויגן האָט א פינקל געטאָן מיט בייזקײַט: — הוירעג־נעפעש!

פון מידקײַט האָט דער ראָוו אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זײַן באָרד איז געפאלן אף דעם סייפער, וואָס איז געלעגן לעבן אים אפן טיש. ער האָט גע־שוויגן און זיך ניט באוועגט. פינכעס האָט זיך פאָשעט דערשראָקן, צי איז מיטן ראָוו עפּעס ניט געשען.

— רעבע, וואָס איז מיט אײַך?

דער ראָוו האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און שטיל, געלאסן ארויסגעפלי־סטערט:

— מיט מיר? וואָס מיט מיר? מא אָנו מא כאיעינו... ווער און וואָס זײַנען מיר? מאָרגן אָדער איבערמאָרגן קאָן מען מיך שוין רופן צום בעסדן־שעל־מײַלע. איך האָב שוין א צוואָע געלאָזט. אָבער דו? וואָס איז מיט דיר? דו ביסט דאָך א בען־טוירע. דײַן טאטן, זיכרוינע־ליווראָכע, האָב איך גע־קענט, געוועזן א שיינער ייִד, א באלצדאָקע. דײַן זיידן, זכוסוי יאָגוין אָליינו, האָב איך אויך געקענט, געוועזן א גרויסער יוירע־שאָמאַיִם, א צאדיק. און דו? אין וועמען ביסטו געראָטן? האָסט קיין ייִדיש הארץ ניט. — און ווידער האָט דער ראָוו א ביסל געשוויגן, אָפּגעכאפּט דעם אָטעם. דערנאָך: — אין מײַן קעהילע א הוירעג־נעפעש... צוליב דיר קאָן איך דאָך אוילעמהאבע פארלירן. וויי איז מיר, וויי... — און דער ראָוו האָט שטיל אין זיך געוויינט.

דערנאָך האָט ער שוין רויִק, ווי קיין זאך וואָלט אים ניט ארן מער, געזאָגט:

— נו? רעד...

— רעבע, איך בין ניט פון האָלץ און ניט פון שטיין. איך האָב א ייִדיש הארץ און א ייִדישע נעשאָמע, אָבער, ווי איך גיב נאָר א קוק אף מײַן איצ־טיקער פרוי, ווי א מאן אף א ווײַב, אזוי קומט אוף און באווײַזט זיך מײַן ערשטע פרוי. זי מוסערט, האָט טײַנעס, וויל מיך פארשילטן. „אזוי ביסטו מיר טרײַ? מיט מײַן שוועסטער אין איין בעט זיך לייגן... האָסט מיר גע־שוואָרן... איך וועל זיך לייגן צווישן אײַך". רעבע, איך גיב איר נאָך. איך קאָן קעגן איר ניט גיין... מיר האָבן זיך ליב געהאט. איך ווער אויס מענטש. וואָס זאָל איך טאָן, רעבע?

— ווי האָט מען גערופן דײַן ערשטע פרוי, אָלעהאָהאשאָלעם?

— עסטערל.

— ניט איך האָב אײַך מעסאדער־קדושן געווען?

— איר, רעבע.

—געדענק איך. א שטילע, א גוטע, א טויב. אף יענער־וועלט איז זי דאָך געוויס ערגער ניט געוואָרן. אף דער עמעסער וועלט ווערט מען ניט קיין ראָשע. עלע וואָס דען... דו רעדסט זיך אײַן, שטעלסט זיך פאָר אזוינס, וואָס איז גאָרניט פאראן. אן אײַנרעדעניש איז ערגער פון א קרענק. וועסט ניט וועלן — וועסטו זי ניט זען. זאָלסט זי פארגעסן. בעלי־טערעץ! וואָס די ערד נעמט צו... זײַ ניט קליגער פון א גאנצער וועלט. דערצאָרן ניט אונדזער פאָטער אין הימל. לוי טירצעדך!

דער ראָוו איז שוין געווען גוט מיד, די ליפּן האָבן אים גענומען ציי־טערן. און די שטים זײַנע, ווי זי וואָלט געגאנגען ערגעץ פון דער ווײַט, האָט געזאָגט:

— און ביזכוס דעם וועט פון דײַנע לענדן א זון ארויסקומען. זאָלסט אים געבן מײַן נאָמען, קיין קינדער האָב איך ניט...

פון דעם ראָוו איז פּינכעס ארויס ניט קיין בארויִקטער. זיצנדיק באם ראָוו, האָט ער זיך געפילט אונטערדריקט פון יענעמס גערעכטיקײַט, פון זײַן אייגענער שולדיקײַט, פונעם „לוי טירצעדך". אָבער ווען פּינכעס איז ארויס־געגאנגען, איז אים געקומען דער געדאנק, אז דער ראָוו האָט אים ניט אינ־גאנצן פארשטאנען. יענער האָט באנומען נאָר זײַן שולדיקײַט, אָבער לאָכ־לוטן ניט זײַן גערעכטיקײַט. דער ראָוו, האָט ער געטראכט, איז אלט, האָט ער ניט געקאָנט טיפער באנעמען, אז דער „לוי טירצעדך" איז געווענדט ניט נאָר צו מאלקען, נאָר אויך צו אים אליין, צו פּינכעסן. וויפל קויעך און גע־זונט, וויפל בלוט האָט אים געקאָסט, וויפל נעכט האָט ער ניט געקאָנט אײַנ־שלאָפן און וויפל טאנייסים האָט ער געפאסט, קעדיי ער, פּינכעס, א געזונ־טער, א בלוט־לעבעדיקער, א גלוסטנדיקער, וואָס האָט שוין געהאט א פרוי, זאָל קענען בײַשטיין און זיך ניט אונטערגעבן דער טײַוועס, דעם פארלאנג פון וועלן אויספילן די היסכײַוועס פון א מאן צו א ווײַב. וואָלט זי כאָטש ניט געווען אזוי ענלעך צו דער שוועסטער און אזוי שיין, ווי די שוועסטער...

עסטערל איז געוואָרן זײַן קאלע, ווײַל זײַן מאמען איז זי געפעלן. ער

האָט זי אפילע ניט געזען. זי איז געוואָרן זײַן ווײַב אונטער דער כופּע, ווען זי איז געווען פארשלייערט, און ער האָט זי אויך ניט געזען. אף מאָרגן נאָך דער כאסענע האָט ער ערשט דערזען, ווי שיין זײַן פרוי איז. ער איז געווען איבערראשט. ער איז אף זײַן לעבן נאָענט לעבן א פרעמדער פרוי ניט געשטאנען, ניט געקוקט אף מיידלעך. און דאָ... אזא שיינע, אזא גוטע און צוגעלאָזטע — און אינגאנצן זײַנע, זײַנע! ווי קאָן ער עס פארגעסן? ווי קאָן ער? און, ווי געזאָגט, וואָלט כאָטש מאלקע ניט געווען אזוי ענלעך אף עסטערן און אזוי שיין, ווי יענע! דערצו נאָך: ערגעץ טיף אין אים ליגט א שרעק פאר איר גרויסער ליבע, וואָס וועט זײַן העכער פון אים. מע וועט אים ניט ארויסזען.

ער האָט כאסענע געהאט, ווײַל מאלקע האָט אים געטראָגן עסן אין טורמע, ער האָט זי ניט געטאָרט פארשעמען. בא דער טורמע איז זי געווען זײַן קאלע. ווי האָט ער נאָך דער באפרײַונג געקאָנט מיט איר ניט כאסענע האָבן? און נאָך האָט זיך אים דעמלט געטראכט און געדאכט, אז אין דער שווערער צײַט פון א בילבל איז שווער צו זײַן אליין, אין אן אייס־צאָרע דארף מען זײַן מיט עמעצן, מיט א פרײַנט. ריידן איז ווינציקער פון פילן. און ווער קאָן אזוי פילן און מיטפילן, ווי א נאָענטער ליבער מענטש? — אזוי האָט זיך אים געטראכט.

אין אכט טעג ארום איז דער ראָוו ניפטער געוואָרן.

צוויי זאכן האָט אף זײַן לעצטע ארויסגערופן אין דער שטאָט פארוווּנדערונג.

אין זײַן צוואָע האָט דער ראָוו געבעטן, אז אין קייווער זאָל מען אים אראָפּלאָזן אין א טאלעס מיט אלע פיר ציצעס, וואָס דאָס איז קעגן דעם מינהעג. לויטן מינהעג רײַסט מען איין ציצע ארויס, וואָס דאָס באטײַט, אז דער ניפטער איז שוין פרײַ פון אלע ערדישע היסכײַוועסן, ער גייט אריבער אין אן אנדער וועלט. זײַן פארלאנג האָט מען אויסגעפילט, נאָר ווען מע האָט אים אראָפּגעלאָזט אין קייווער, האָט זיך צופעליק איין ציצע ארויסגעריסן. אָשערל בלאָנדער, וואָס מישט זיך דאָרט, ווו עס קאָסט אים גאָרניט, האָט געזאָגט:

— מיסטאמע דערפאר, וואָס ער האָט קיין קינדער ניט געלאָזט, קיין קאַדעש, קיין נאָמען נאָך זיך.

...ווען דער קייווער איז שוין געווען פארשאָטן, האָט זיך אומגעריכט צום קייווער ארויסגערוקט צאליע דער האָלצהעקער און גענומען זאָגן קאדעש. פארוואָס ער? צאליע?

דאָס האָט שוין קיינער ניט פארשטאנען. אפילע אָשערל האָט געמוזט שווײַגן.

אין א קורץ יאָר ארום האָט מאלקע געבוירן א ייִנגל. און א נאָמען האָט מען אים געגעבן נאָכן ראָוו — **אוויגדער.**

2

ווי נאָר מאלקע האָט פארשטאַנען, אז זי איז אף דער צײַט, דעריקער, ווען מע האָט עס שוין פון דער זײַט געקאָנט באמערקן, האָט זי זיך דער־פילט גליקלעך־געהויבן, מיט פיל כשיוועס צו זיך אליין און מיט גרויס ליבע צו דער ווארעמקײַט, וואָס וואקסט אין איר. זי האָט שיין געשוואנגערט, לײַכט געטראָגן איר קערפער. מיטן שטענדיקן שמייכל פון אירע אויסדריק־לעך־גוטע שווארצע אויגן האָט זי באגעגנט אלע אירע באקאנטע און איז געווען מער ווי איבערגליקלעך, ווען יענע האָבן זי געפרעגט, ווי פילט זי זיך אין אזא לאגע... און וואָס וויל זי — א ייִנגל צי א מיידל.

פינכעס האָט זיך פאר איר מיט אלץ פארענטפערט. מאטאָנעס געשענקט. מאלקע האָט ווידער גענומען אָפט ארײַנקומען צו ליבע־שעווען אין שטוב, ווו עס שמעקט מיט מוטערשאפט און ווינדעלעך. זי פילט זיך דאָרט היי־מיש און האָט ליב זיך צו סוידען מיט ליבע־שעווען וועגן באלעבאטישקײַט, וועגן קינדער און וועגן זייערע מענער.

דער בריס איז אויסגעפאלן אין א וואָכן צוויי נאָך פורים.

מאלקעס פאָטער, א בעקאָוועדיקער באלעבאָס אין דער שטאָט, האָט נאָך דער יעדיע, אז דער קימפעט איז דורך קעשורע, די טאָכטער האָט מיט מאזל געהאט א ייִנגל, געלאָזט וויסן, אז ער וועט פראווען א גרויסארטיקן בריס. די לעצטע וואָכן איז ער געווען גוואלדיק צעטראָגן, נאָר האָט זײַן טיפן אומרו קיינעם ניט פארטרויט. ער האָט עס אף דער צונג ניט געוואָלט ארופ־ברענגען. אָבער אין מויעך האָט עס אים געלויערט און געבויערט: כאסווע־כאָלילע, גוואלד, טאטע־פאָטער, דערבארעם זיך, עס זאָל זיך ניט איבערכא־זערן דער זעלבער אומגליק, וואָס מיט דער עלטערער... ער האָט אלע מאָנ־טיק און דאָנערשטיק געפאסט, געלאָזט פעלד מעסטן, געבעטן אפן קייווער פונעם אלטן ראָוו און אויך אפן קייווער פון דער עלטערער טאָכטער, זי זאָל גוט בעטן פאר דער שוועסטער.

איצט האָט ער אופגעלעבט.

פון די אלטע, קימאט אוראלטע געדיכטע וועלדער ארום דער שטאָט האָט גענומען ציִען מיטן דינעם ערעוו־פרילינג־אָטעם. די סכאך־ביימער טרייס־לען אראָפּ פון זיך די לעצטע רעשטן פון דעם אָפגעשוואכטן ווינטער־שניי, און די ערד־זאפטן נעמען שוין אָנקוועלן בא די בערעזע־וואָרצלען. פון אונטער די צעגאנגענע שנייען האָט אף דער זון גענומען שמעקן מיט טערפקן ערד־רייעך. די שטאָט נעמט פילן דעם אָנקומענדיקן פרילינג, פיי־סעך. אין די מאצע־פאָדריאדן ארבעטן קײַלעכדיקע מעסלעסן די וועלגער־קעס און רעדלערקעס, מעל־שיטער און וואסער־גיסער, בא די ברענענדיקע געקאשערטע בעקער־אויוונס שטייען מיט לאָפּעטעס די פארשוויצטע מאַ־צע־זעצער.

אין דער שטוב בא מאלקעס עלטערן האָט מען פאנאנדערגענומען די הילצערנע ווענטלעך און ס'איז געוואָרן גערעמער.

דער צימער, ווו די קימפעטאָרן ליגט, איז באהאנגען מיט לאנגע ווײַסע שיר־האמײַלעסן. ריווקע־ראָכל, די בעריע אף נעמען קינדער בא געווינערנס, איז הײַנט יאָמטעוודיק אָנגעטאָן, אין א נײַעם שלייער איבערן פאַריק, אין א לאנג אוןברייט בלוי קלייד מיט ווײַסע ארבעסלעך. עס איז נאָך ניט אינגאנצן באוווסט, ווער איז בא דער קימפעטאָרן אין צימער דער איקער: די יונגע מאמע מאלקע, צי די געניטע באָבע ריווקע־ראָכל? וואָרעם וואָס קען א מאמע? קרעכצן, אויקען, שרײַען... אָבער נעמען דאָס קינד... נעמען, — טראכט ריווקע־ראָכל, — איז מער, ווי געבוירן. הײַנט איז זי דאָ די הויפּט־מעכוטענעסטע. און דעריבער קומט זי אָפּט ארײַן אָנצוקוקן דעם גרויסן דעמבענעם טיש מיטן ווײַסן סערוועט, וואָס שטייט אינמיטן דער שטוב און איז געדעקט מיט קאָלטווו — סײַ טרינקען, סײַ עסן. ניט דאָס ערשטע מאָל איז זי אף נעגידישע בריסן און ווייסט, ווי זיי אָפּצרשאצן. אלע מאָל, ווען זי איז אף א בריס פון א ייִנגל, וואָס זי האָט עס גענומען בא דער געווינערן, פילט זי, אז די סימכע איז אירע, די שטוב אירע און די באלעבאטים אירע. זי וויל, אז אלץ זאָל אויסזען אמבעסטן, אלץ זאָל זײַן מיט דער פולער האנט. יאָמטעוו זאָל זײַן, פון אלע ווינקעלעך זאָל ארויסלײַכטן. און מענטשן זאָלן זיך פרייען סײַ מיט דער מיצווע פון מילע און סײַ פונעם פולן אָנגעשטעלטן טיש מיט פליישן און פישן, פוסנאָהע און געהאקטן לעבער, מיט פעטע בולבע־קוגלס און זיסע לאָקשןטייגעכצן, מיט טאָרטן, לעקעך, אויבסן, ניס און צוקערלעך, מיט ווײַן, בראנפן און מעד. זי ווייסט, אז אף א בריס איז עסן און זיך ווילטאָן — א מיצווע. און ריווקע־ראָכל, וואָס האָט שוין א לעבן אָפּגעלעבט סײַ אין ליידן, סײַ אין פריידן, וואָס איז פרום צו גאָט און פארשטייט זיך אף מענטשן, ווייסט אויך, אז אף יענעמס מאָלצײַט האָט מען שטענדיק א גוטן אפעטיט. זי האָט גרויס האנאָע, ווען די געסט עסן און טרינקען, זײַנען זיך מעסאַמייעך. די סימכע איז דאָך צוליב איר, צוליב איר קענען נעמען קינדער, צוליב אירע געניטע און געשיקטע הענט, וואָס ברענגען לעבן אף דער וועלט. זי האָט אויך ליב צו באגעגענען געסט, וואָס קומען אף אזא סימכע. און הײַנט, ווי נאָר זי דערהערט, אז די טיר עפנט זיך, אײַלט זי צוזאמען מיט די באלעבאטים באגעגענען די געסט. די באלעבאטים זאָגן זיך זייערס, באגריסן מיט א פּאָסעק, גיבן אָפּ „שאָלעם״. זי וועט דאָך ניט גיין אָפּגעבן דעם ראָוו אָדער דעם מאגיד „שאָלעם״. זי ווייסט, וואָס עס פאסט און וואָס עס פאסט ניט. אָבער אף איר אויפן און אף איר שטייגער, מיט צעשפּרייטע הענט, ווי זי זאָל מאכן א ברייטן וועג און א ווארע, זאָגט זי דעם ארײַנגעקומענעם, ווי עס פאסט פאר אים.

— רעבע, — האָט זי באגעגנט דעם ראָוו, — זאָלן סימכעס זײַן בא ייִדן!

— גאָט זאָל געבן, גאָט זאָל געבן.

עס איז געקומען רעב זוסיע, וואָס פירט ווייץ קיין פרײַסן. ריווקע־ראָכל ווייסט, אז בא אים האָט ניט לאנג כאסענע געהאט א טאָכטער, זאָגט זי אים:

— אימײִרצעהאשעם, בא אײַך אינגיכן אזא יאָמטעוו.

— האלעווײַ, האלעווײַ!

דערנאָך איז געקומען דער הויכער און פולער פּאָדריאַטשיק רעב ניסן מיט זײַן באָכערל. ריווקע־לייע האָט א פליעסקע געטאָן מיט די הענט און

אפן גאַנצן קאָל אויסגעשריִען: „מײַנער, מײַנער...״ זי האָט דאָס באַכערל אַרומגעכאַפּט קושן.
אַזוי האָט זי אַף איר אויפן באַגעגנט די איבעריקע אָנגעלייגטע געסט.
ריווקע־ראָכל האָט אירע א מיצווע, מיט וועלכער זי קלײַבט זיך קומען אַף יענער־וועלט. זי ווייסט פּאַרויס, אַז דער בעסדן־שעל־מײַלע וועט איר צופּאַסקענען אוילעמהאַבע אין גאַנײידן. ריווקע־ראָכל, וואָס איז פרום צו גאָט און פאַרשטייט זיך אַף מענטשן, ווייסט דאָך גוט, אַז ווילנדיק צי ניט ווילנדיק מוז מען אַף א רײַכן בריס אײַנלאַדן אויך עמעצן פון געמיינעם גראַד: א קאַרעווו, א באַקאַנטן. אַזוינע געסט באַגעגענען די באַלעבאַטים קעלעאַכאַר־יאַד, אַזוי זיך, ניט קאַלט און ניט וואַרעם: „ביסט געקומען — מײַלע. וואָלסט ניט געקומען, וואָלט מען נאָך דיר ניט געבענקט״.
אַזוינע געסט זיצן באַם טיש ניט זיכער, שעמען זיך עסן, פילן זיך ווי פרעמדע. ריווקע־ראָכל מונטערט זיי מיט א גוט וואָרט, זעט, זיי זאָלן עסן און טרינקען, זאָלן זיך גוט פילן. דאָס איז איר מיצווע.
אויך הײַנט זײַנען געקומען געסט פון געמיינעם גראַד: העשל דער סטאָליער מיט זײַן פרוי, זעליק מיט ליבע־שעווען און זעליקס טאַטע — יוינע דער „מענטש״.
.. מאַלקעס טאַטע איז ניט קיין שלעכטער, אָבער ווי אַלע באַלעבאַטים... ריווקע־ראָכל טראַכט: אַלע קוימענס שמעקן מיטן זעלבן רויך. און זי נעמט אויף די געסט מיט גרויס קאָוועד און פרייד.

אין שטוב האָט מען אָנגעצונדן א סאַך ליכט. באַם פענצטער האָט מען געשטעלט צוויי פאָטערשטולן. איין שטול פאַר עליִיאָהו־האַנאָווי, דעם צווייטן — פאַרן באַל־האַסאַנדעקע. צי האָט עליִיאָהו־האַנאָווי פאַרנומען זײַן שטול, האָט מען ניט געזען, דעם צווייטן שטול האָט פאַרנומען דער ראָוו. די קוואַטערס האָבן אַף א קישעלע גענומען דאָס קינד באַ דער געווינערן און איבערגעגעבן דעם ראָוו אַפן שויס. דאָס קינד האָט מען געמאַלעט, געזאָגט די געהעריקע בראָכעס און עס א נאָמען געגעבן אָוויגדער. נאָכן „מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו!״ האָט זיך אָנגעהויבן די סודע.
מיט גרויס האַסמאָדע האָבן אַלע אויסגעפילט די מיצווע פון עסן און זיך ווילטאָן אַף א בריס. די פריילעכע סודע האָט זיך לאַנג פאַרצויגן. אָבער א גרויסער טאָג גייט אויך אוועק. צום סאָף האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז באַם טיש זיצט צאַליע דער האָלצהעקער. ער האָט אָנגעגאָסן א גלעזעלע מעד, געמאַכט א בראָכע און געוווּנטשן דעם נײַ־געבוירענעם אָוויגדער לאַנ־גע יאָר, ביז הונדערט און צוואַנציק.
ווי קומט אַהער צאַליע דער האָלצהעקער? ווער האָט אים גערופן? ווען איז ער געקומען? אַלעמען האָט עס געוווּנדערט. פרעגן האָט מען זיך גע־שעמט. עפשער איז ער טאַקע א לאַמעדוואָווניק? און ביכלאַל פאַרשעמען א מענטשן בעפאַרהעסיע!
דער מאַגיד האָט אים דאָך געפרעגט:
— ווי קומט איר אַהער, רעב צאַליע?
— איך בין געקומען זיך געזעגענען.

אין דער מישפּאָכע פון פּינכעס באַס איז דער וואָרעמער זומער גיך און פריילעך דורכגעגאַנגען. דער האַרבסט האָט זיך פריִער באַוויזן א פּאַרוואָלקנטער און א רעגנדיקער, דערנאָך אָבער איז ער געוואָרן א זוני־קער, א טרוקענער און שטילער. פון אַלע ארומיקע דערפער פירט מען אין שטאָט אריַין פולע פורן מיט גרינס, אויבס, אויפּעס און שאָף — צו די יידישע יאָמטויוויִם. די ארומיקע פּויערים ווייסן שוין, וואָס צו וועלכן יאָמטעוו דאַרף מען ברענגען: אַף ראָשעשאָנע — פּרוכטן און האָניק, אַף יאָמקיפּער — הינער און הענער, אַף סוקעס — סכאַך. ס'איז איצט סאָף כוי־דעש עלעל. אין די אינדערפריִען בלאָזט מען שויפער. און באַטעמעדראָ־שים זיַינען סיַי צום ערשטן מיניען און סיַי צום צווייטן פול מיט דאַוונער.

בא פּינכעסן אין שטוב באַגעגנט מען מיט פרייד דעם ערעוו־יאָמטעוו. אוויגדערל וואַקסט א שיין און געזונט קינד. מאַלקע שפּילט זיך מיט אים, ווי מיט א לעבעדיקער ליאַלקע.

נאָכן בריס האָט זיך די כאַווערשאַפט צווישן פּינכעסן און זעליקן אָפּ־געקילט. די אָפּגעפרעמדטקיַיט האָט זיך נאָך פריִער אָנגעהויבן צווישן מאַל־קען און ליבע־שעווען.

מאַלקע איז צופרידן פון זיך, פון איר מאַן, פון איר קינד. ס'איז איר גוט, און מער דאַרף זי גאָרניט. ווי אין די מיידלשע יאָרן בא איר טאַטן אין שטוב, וויל זי רויִקיַיט, ליַיכטן געמיט, אָן זאָרג. זי קאָן זיך פרייען מיט זיך אליין, מיט איר שיינקיַיט, וואָס האָט זיך צעבליט און וואָס עס געפעלט אַזוי איר מאַן. מער דאַרף זי גאָרניט. ליבע־שעווע? אַמאָל דערמאָנט זי זיך אָן איר. וויל זי קומען — זאָל זי קומען. זי אָבער צו ליבע־שעווען וועט מער ניט גיין. געווען פריִער א שווערע צײַט פאַרביידן, געשטאַנען בא דער טפיסע... איצט איז יענע צײַט אוועק. און פאַר זיך טראַכט זי נאָך: ניט מער, ווי א סטאָליערס א טאָכטער. און וואָס איר איז מער נאָך דערווידער: ליבע־שעווע איז אַן איידעס פון דעם, ווי פּינכעס האָט זי, מאַלקען, פאַר קיין וויַיב ניט געוואָלט, דערנאָך צו איר ניט געוואָלט קומען... זי דאַרף ניט אַזוינע איידעס.

ליבע־שעווע האָט עס גליַיך דערפילט. נאָך אָפּן בריס האָט זי דערזען, אַז סיַי זי מיט זעליקן, סיַי די מאַמע מיטן טאַטן זיַינען גאָר איבעריקע, ווי ניט קיין געבעטענע. ליבע־שעווע האָט פיַינט אַזוינע פריַינטשאַפטן. און דעריקער: ליבע־שעווע שטויסט זיך אָן, וואָס מאַלקע טראַכט וועגן איר, — „א סטאָליערס א טאָכטער". אומגעריכט פאַר זיך אליין זאָגט זי צו דער מאַמען:

— מאַמע, זיי זיַינען דאָך ניט ווערט דעם טאַטנס מינדסטן נאָגל...

— ווער? וועגן וועמען רעדסטו?

— וועגן וועמען... — זי שוויַיגט. דערנאָך דערציילט זי.

— דאָס האָט מען, קינד מיַינס, פריִער נאָך זיך געקאָנט פאָרשטעלן. נעם זיך ניט צום האַרצן, וועסט די וועלט ניט איבערמאַכן.

זעליקן האָט ליבע־שעווע וועגן דעם ניט געוואָלט דערציילן. ער וועט פון דעם האָבן אגמעסנעפעש.

זעליק האָט זיך אָבער אליין וועגן דעם אַנגעשטויסן. ער האָט געפילט, אַז אויך צווישן אים און פּינכעסן איז אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן. פון אָנהייב איז עס אים געווען שווער צו באַגרײַפן. פּינכעס איז אַ מענטש פון פאַרשטאַנד און וויסן. ער קען אים שוין ניט דאָס ערשטע יאָר. צי דען זאָל ער אויך טראַכטן, ווי זײַן ווײַב מאַלקע: ליבע־שעווע איז ניט מער ווי אַ טאָכטער פון אַ סטאָליער. ער, זעליק, איז אַ זון פון אַ „מענטשן" און אליין אַ „מענטש". עמעס, מער הײַנטצײַטיק, מיט אַ ביסל מער וויסן. אַף פּינכעסן איז עס אים שווער צו גלייבן. פאַרביידן (זעליקן און פּינכעסן) איז געווען אַזוי קלאָר, אַז אַ מענטש איז מען ניט צוליב אַ טאַטן און אַ זיידן, נאָר צוליב זיך אליין. פאַר ביידן איז אויך קלאָר געווען, אַז אַ באַלמעלאָכע, וואָס לעבט פון יעגיִע־קאַפּאַיִם, איז גאָר ניט קיין קלענערער יִיכעס פון אַ הענדלער, פאַרקערט.

וואָס האָט זיך געענדערט? מאַלקע! זי זוכט יִיכעס. אַ טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן פּאָדריאַטשיק! און אַ ווײַב פון אַ פּאָדריאַטשיק (פּינכעס העלפט דעם שווער).

זעליק פון זײַן זײַט שעמט זיך אויך וועגן דעם צו פאַרטרויען ליבע־שעווען. אָבער אַ מאַן און אַ ווײַב איז דאָך איין לײַב.ביידע האָבן זיך מוידע געווען, וואָס באַ זיי אַפן האַרצן טוט זיך.

דערנאָך האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ליבע־שעווע האַלט עס גאָר פאַר אַ מײַלע. פריִער פלעגט זעליק אין אַ שאַבעס־טאָג גיין אין גאַסט צו פּינכעסן. איצט זיצט ער אין דר׳היים, איז איר פריילעכער. און העשל דעם סטאָליער איז פריילעכער. און זײַן ווײַב הינדען איז פריילעכער.

עמעס, אונטער דער פריילעכקײַט ליגט פאַרדראָס. און אָט דער פאַר־דראָס פאַראייניקט זיי אַלעמען אין זייער פריילעכקײַט: מע זאָל באַ זיך ניט אַראָפּפאַלן, ניט האַלטן זיך פאַר אַ נידעריקן גראַד מענטשן, דערעכערעץ האָבן פאַר זיך אליין. גאָט צו דאַנקען, זיי לעבן באַשיידן, אָבער זיי דאַרפן צו קיינעם ניט אָנקומען, ניט בייגן זיך, ניט בייגן זיך, ניט אויסבײַטן די נעשאָמע פאַר אַ גראָשן. צוזאַמען איז זיי פריילעכער. זיי וואָלטן גאָר איצט ניט געקאָנט אויסקומען איינער אָן דעם אַנדערן. און דאָך... אונטער דער פריילעכקײַט און האָפערדיקײַט, וואָס איז אַ מיטל פאַר זייער טרייסט, ליגט זיך אָפּט אויס אַ ביסל ביטערקײַט. אַזאַ גוטע, ווי מאַלקע איז גע־ווען... און זיך אויסגעלאָזט פאַר אַ נישט. אַזאַ געטרײַער, ווי פּינכעס איז געווען... און זיך אויסגעלאָזט פאַר אַ גאָרנישט. זיי שטייט ניט אָן העשל דער סטאָליער...

העשל דער סטאָליער קומט, ווי פריִער, דרײַ מאָל אַ טאָג אין דער אַל־טער הילצערנער שול דאַווענען. און כאָטש ער ווייסט דאָס דאַווענען אַף אויס־ווייניק, קוקט ער הײַנט אַרײַן אין סידער. אַז ער קוקט אין סידער, זעט אים קיינער ניט, דער סידער זעט אים. ביז איצט איז אים קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זײַן מיט אַזויפיל געהויבענע באַלעבאַטים אין איין מעסיבע, ווי באַ פּינכעסן אַפן בריס. ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַמיט, ניט געזוכט מיט

זיי זיך צו באַגעגענען. אָבער אַז דאָס איז אויסגעקומען, אַז מע האָט אים אײַנגעלאַדן... דעם עמעס געוועדט, טראַכט ער ניט וועגן זיך, אפילו ניט וועגן הינדען. די קינדער אָבער, ליבע־שעווע און זעליק... זייער יונגקייט האָט נאָך האָנאָר, וויל נאָך גלייבן... וויל נאָך האָפן...

ער דאַוונט, ער קוקט אין סידער, נאָר וואָס אין סידער שטייט, זעט ער ניט. ער וויל זיך אויסריידן, אויסטײַנען. אין סידער אָבער זײַנען אַזוי־נע רייד און אַזוינע טײַנעס ניט פאַראַן. און אַז ער גיט, לויט זײַן אַלטער געוווינהײַט, אַ קוק צום אָרנקוידעש, דערזעט ער גאָר: דער יונגער שיינער הירש וויל אַנטלויפן. ער אַנטלויפט פונעם לייב, וואָס זוכט מיט זײַן אָפּע־נעם פּיסק אַ קאָרבן. דער הירש וויל זיך דורכרײַסן דורך די שניצערײַען, וואָס האָבן אים אַרומגענומען, ווי אַ שפּינוועבס. הײַנט קוקט העשל אַנ־דערש — זעט ער אַנדערש. ער ווערט ניט אַנציקט פון דער שיינקײַט. וואָס טויג אים די שיינקײַט, אַז דער לייב וויל אופעסן דעם הירש?

אינמיטן דאַוונען גיט ער אַ זאָג צו גאָט:

— מאַלקע איז ניט גערעכט. פאַרשעמען ליבע־שעווען, אַ מאַמען פון קליינע קינדער... און וואָס אַנבאַלאַנגט מיך, טאַטע אין הימל, בין איך דאָך דײַן סטאָליער און דײַן האָלץ־שניצער, איז עס מיר דען ווינציק?

4

אין אַ האַרבסטיק־רעגנדיקן כעשוון־טאָג, אויסגעפאַלן איז עס שאַבעס, איז פּינכעס באַס געקומען צו זעליקן און ליבע־שעווען אין געסט.

— כ׳האָב זיך פאַרבענקט, זעליק. איך האָב זיך פאַרבענקט, ליבע־שעווע. און דער וועטער איז אַ שלעכטער. אַזאַ וועטער איז מיסטאַמע שטענדיק אין געגנעם.

אַלע האָבן זיך דערפרייט. און אין איין רעגע זײַנען פאַרגעסן געוואָרן אַלע טײַנעס און פאַרדראָסן. איינס האָט מען באַמערקט, אַז פּינכעסן מיט דער שוואַרצער זײַדענער באָרד און ברענענדיקע אויגן פעלט הײַנט רוי־קײַט. און נאָך: אין אים פילט זיך אַ היפּשע מידקײַט. קיינער האָט גאָרניט געפרעגט און קיינער האָט גאָרניט געזאָגט. הינדע האָט געשטעלט קיבעד, און אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש.

פּינכעס האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער איז דאָ לאַנג ניט געווען, אַז מיט זעליקן האָט ער זיך לאַנג ניט געזען און מיט אים ניט געשמועסט. ער פילט זיך דאָ היימיש. און אַלע פילן זיך גוט מיט פּינכעסן. אויך פילט מען זיך נאָך גוט דערפאַר, וואָס דער ווינט מיטן רעגן פּאַטשן אין פענצטער, וואָס פון די דעכער פאַלט די רעגן־וואַסער מיט רויש אויף דער ערד, וואָס צוליבן פאַרוואָלקנטן הימל קוקט אַרײַן אין שטוב אַ שוואַכע שײַן, צוליב דעם אַלץ איז אין דער געמיטלעכער שטוב אָנגענעם צו זיצן מיט גוטע פרײַנט און נעמען צו קאַפּעלעך זיסע קאַרשן־מאַשקע, וואָס צעגייט זיך אין די איבערים און צעוואַרעמט די גלידער. און דעמלט נעמט מען דערציילן איינער דעם אַנדערן וועגן די קינדער, זייער קלוגשאַפט און געראָטנקײַט.

דערנאָך דערציילט פּינכעס פאַרשיידענע טשיקאַווע נייַס. מיט וועמען זאָל פּינכעס וועגן דעם ריידן באַ זיך אין שטוב? מיט זייַן שוועָר? מיט זייַן פרוי? ניט זיי דאַרפן עס, ניט זיי פאַרשטייען עס. און באַ זעליקן אין שטוב איז פאַראַן, ווער עס זאָל הערן און פאַרשטיין.

באַם טיש איז איצט צו באַמערקן, אַז פּינכעסן איז צוגעקומען רויִקייַט און די מידקייַט נעמט ווערן ווינציקער. אָבער אויך פּינכעס, פון זייַן זייַט, באַטראַכט די אַרומיקע: זעליקן מיט די גרויסע קאַרע אויגן, וואָס זעען אַלץ און פאַרשטייען זיך אַפּן ווונק; ליבע־שעווּעס בורשטין־אויגן און אירע כיין־גריבעלעך, וואָס שמייכלען און לאַכן; העשל דעם סטאָליערס לאַנגע אויס־געהאָרעוועטע הענט מיט די קנאָכיקע פינגער; הינדען, וואָס האָט צו אַלע־מען טייַנעס, אַז מע עסט ניט און מע טרינקט ניט.

קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט. און פּינכעס בעט ליבע־שעווען זינגען זייַן געליבט לידל וועגן די פראַנצויזן, ווען זיי זייַנען געלאָפן פון רוסלאַנד.

און ליבע־שעווע זינגט:

פראַנצויזעלע ליבער,
פראַנצויזעלע גיבער,
שרייַ הייַנט,
שרייַ מאָרגן,
האָסט שוין מער ניט
וואָס צו זאָרגן...

...אַ לענגערע צייַט איז פּינכעס ווידער ניט געקומען צו זעליק פעדערן. דערפאַר האָט ער געהאַט אין זינען אייַנצולאַדן זעליקן מיט ליבע־שעווען אַפן ערשטן געבורטסטאָג פון זייַן זון אוויגדערל. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מאַלקע זאָל דערווידערן. ער באַמערקט, עמעס, אַז מאַלקע האָט פאַרגעניגן פון דערווידערן אים, ווי זי וואָלט מיט דעם אַ ביסל געקילט איר אַמאָליקן פאַרדראָס אַף אים. ער גיט נאָך, ער איז אין איר פאַרליבט, זי האָט די אויבערהאַנט. מיט איר ליבע און טרייַשאַפט האַלט זי אים אין אירע שיינע פרויען־הענט. ער בענקט נאָך איר. זי אַליין רופט אים. זי וויל אים נאָך שטאַרקער בינדן מיט איר ליבע־קראַפט. און כאָטש ער פילט, אַז צייַטנווייַז ווערט ער פון איר ליבע מיד, גיט ער אַלץ נאָך.

דאָס מאָל אָבער וויל ער באַשטיין אַף זייַנס. ער אַליין וווּנדערט זיך אַף זיך: וואָס איז מיט אים געוואָרן? ער וויל זיך ניט קריגן, ער וויל, ווי זייַן ווייַב מאַלקע, רויִקייַט, אָן זאָרגן.

— מאַלקעלע, זיי וועלן קומען. איך וועל זיי אייַנלאַדן.

— זיי זייַנען דיר טייַערער פון מיר?

— וואָס רעדסטו, מאַלקע? און וואָס האָסטו צו זיי?

— גאָרניט. ניט מייַן גלייַכן. איך ווייס, מיך זשאַלעוועסטו ניט. באַ דיר איז נאָך ביז איצט אַלציינס: מאַלקע צי עסטער... פלאָנטערסט אַפילע אונדזערע נעמען. אָבער פאַרגעס ניט... — זי לייגט אַרוף אַ האַנט אַף איר בויך. מיט דעם דערמאָנט זי, אַז כאָטש עס איז נאָך גאָרניט קאָנטיק, איז זי אַף דער צייַט.

פּינכעס קאָן שוין גאָרניט זאָגן.

מאלקע, עמעס, ווייסט, אז פינכעסן וועט עס פארדריסן. ער וועט ארומ־גיין א בארויגעזער. זי ווייסט אָבער נאָך עפּעס. פארן שלאָף וועט זי זיך אויספּוצן און האלב אויסגעטאָן זיך עטלעכע מאָל ארומדרייען ארום אים, וועט ער קומען און וועט זײַן שטיל, און גוט, און נאָכגיביק.

אפן געבורטסטאָג האָט זיך פינכעס געפילט ניט גוט. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען.

אויבנאָן זיצט מאלקע מיטן יינגל, ביידע שיינע, אויסגעפּוצטע. לעבן זיי זיצט ריווקע־ראָכל, וואָס האלט, אז זי איז די צווייטע מאמע, אוויגדערל איז דאָך אירס. ארום רײַכן טיש זיצן געסט. אויסער קינדער, זײַנען צווישן די עלטערע פאראן דער מאגיד, רעב דאָוויד, אָשערל בלאָנדער און פאר־שיידענע באלעבאטים און באלעבאָסטעס.

פינכעס איז ניט צופרידן, וואָס ער גיט אלץ נאָך מאלקען. וויפל איז דער שיר? הײַנט, דאפקע אפן געבורטסטאָג, וועט ער באשטיין אף זײַנס. זי האָט געזאָגט „ניין", ניט איר גלײַכן, און ער האָט זיי אײַנגעלאדן. ער האָט אנדערש ניט געקאָנט... זײַנע נאָענטסטע פרײַנט. מיט זעליקן איז ער פאר־בונדן נאָך פון דער פּאָליציי, ווען אלע האָבן געוווסט: „דאָ זעליקא, דאָ פינכאָסא". ווי וועט זיי מאלקע באגעגענען?

עפנט זיך די טיר, גייט ער באלד אנטקעגן, ער וויל זיי אופנעמען, ווי שיינע געסט. אין דער טיר שטייט גאָר א פרעמדער. דער פרעמדער גיט איבער א מאטאָנע פאר אוויגדערלען.

— פון וועמען?

— פון צאליע דעם האָלצהעקער, — און גייט אוועק.

אין שטוב דערפילט מען זיך פון דער דאָזיקער אומדערוואַרטקײַט ווי געפּלעפט. וואָס טוט זיך עס? צאליע? דער האָלצהעקער? אין שטאָט זעט מען אים שוין גאָרניט, שיקט ער מאטאָנעס? אומדערלאָזבאר! ווער איז ער? און ווער דארף אים? ניט נאָר מאלקע איז ניט צופרידן, ניט נאָר אירע עלטערן, נאָר אויך די געסט איז עס ניט געפעלן.

— א פּאָטעפּאלנאָסט פון א האָלצהעקער! — שרײַט אויס דער מאגיד. — אליין פארמאָגט ער גאָרניט, אן אָרעמאן, איך בין בא אים געווען, א טילים און א סידער — מער גאָרניט, האָט ער די האָזע...

— רעבע, — רופט זיך אָפּ רעב דאָוויד, — א טילים און א סידער, איז עס דען ווינציק? געבוג אף צו זײַן א גוטער ייִד!

— איר, רעב דאָוויד, — ענטפערט אומצופרידן דער מאגיד, — זוכט פאר אלעמען זכוסן, אלע זײַנען גוטע און פרומע.

— איך זאָג עס ניט, רעב מאגיד, אָט זײַט איר ניט קיין גוטער!

אָשערל בלאָנדער וויל זיך ארײַנמישן, זאָגן א גוט וואָרט פארן מאגיד, נאָר ער דערמאָנט זיך באלד, אז רעב דאָוויד קאָן סײַ אים, סײַ דעם מאגיד ארײַנזאָגן אזוינס, וואָס וועט זיי קיין קאָוועד ניט פארשאפן, בלײַבט ער זיצן שטיל און מישט זיך ניט.

אין דער רעגע, ווען אין דער לופט העגגען נאָך די ווערטער „אָרעמאן,

האָזע, טילים״, קומען אַרײַן זעליק מיט ליבע־שעוועז. פּינכעס גייט זיי אַנט־קעגן און נעמט זיי אויף מיט גרויס קאָוועד.

— מאַלקע, נעם אויף געסט!

מאַלקע מיטן קינד זײַנען שוין באַם טיש ניט פאַראַן.

5

זיבן־אַכט יאָר זײַנען אַוועק. באַ מאַלקען און ליבע־שעווען זײַנען פאַר דער צײַט געווען בריסן און לעקעך־און־בראַנפנס, נאָר איינער באַם אַנדערן אויף די סימכעס איז מען ניט געווען.

זייער געוועזענע פּריַינטשאַפט פלעגט אַמאָל פאַר זיי אויפקומען, ווי אַן אַלטע פאַרגעסענע מײַסע, וואָס מע געדענקט זי שוין באַלד ניט.

...און זייער נײַע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען ווידער באַם טויער פון דער טפיסע.

פון אינדערפרי אָן איז דער טאָג הײַנט אַ ליכטיקער און שטילער. מיט יאָמטעוודיקײַט איז אָנגעפילט די לופט אין דער גאַנצער שטאָט. פון די פענצטער קוקן אַרויס זויבער־ווײַסע רויקע פאָרהענגלעך. באַ די טירן שטייען יאָמטעוודיק־אויסגעפּוצטע מאַמעס און וואַרטן אויף די מענער, וואָס דאַרפן קומען פון דאַוונען. מיט קעשענעס ניס קומען די ערשטע צו לויפן פון דאַוונען די ייִנגלעך. נאָך זיי קומען די טאַטעס מיטן פריילעכן „גוט־יאָמטעוו!״.

און ניט נאָר אין די ייִדישע גאַסן און געסלעך פילט זיך אַ פּײַערלעכ־קײַט, נאָר אויך אין דער גאַנצער שטאָט. פּייסעכדיק־מילד שײַנט הײַנט די זון אויפן ברייטן און שווערן פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער מיט די פיל קופּאָלן און ערדיש־גאָלדענע צלאָמים. דער שיינער טאָג לייגט זיך אויס מיט זוניקער העלקײַט אויפן הויכשפּיציקן און לײַכטן קאַטוילישן קאָסטיאָל מיט די צלאָמים אין הימל אַרײַן. און כאָטש אין דער שטאָט איז די באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן אַזוי, אַז ייִדן זײַנען איצט מיט אַ קלייניקײַט מער פון א העלפט, זײַנען די הויפּט־גאַסן סײַווי שטילע, אָן דעם אינדערוואָכיקן רויש. און אַפילע די קריסטלעכע ברויט־קראָמען זענען גאָר אויס פּייסעכדיק־קאָשער.

באַזונדערס שטיל איז הײַנט אויפן האָלץ־מאַרק, וואָס געפינט זיך אין ייִדישן ראַיאָן. דער נאָמען „האָלץ־מאַרק״ איז ניט אינגאַנצן קיין ריכטיקער. עמעס, ווינטער ברענגען אהער די פויערים פון די אַרומיקע דערפער שליטנס מיט האָלץ. אַמאָל ריינע בערעזע, אַמאָל געמישט מיט סאָסנע און אָלכע. זומער ברענגט מען דאָס זעלבע האָלץ אויף די שמאָלע פויערישע פור־לעך. אָבער אויסער האָלץ אויף צו פאַרקויפן, ברענגט מען אויך הינער און הענער, געגנדז און קאַטשקעס, זעק בולבע, קאָשעקעס קרויט, קרענץ ציבעלעס.

דאָ, אויפן האָלץ־מאַרק, געפינען זיך די קאָשערע פלייש־קראָמען און די

פיש־בײַדלעך. אױף פֿאַרשײדענע געשטעלן פּאַרקױפֿן ייִדישע הענדלערקעס עפּל און באַרן, קאַרשן און װײַנפּערלעך, ניס און צוקערלעך.

איצט איז אױפֿן מאַרק יאָמטעװודיק שטיל. פֿון דער זײַט שטײען אָנגעשאָטן גרױסע קופּעס זשװיר, אַרום זײ — סטױיגן ציגל פֿאַר אַ נײַעם הױז. דער פֿײַכט־געלער זשװיר און די טרוקן־רױטע ציגל שײַנען הײַנט אױף אױף דער זון מיט אַ באַזונדער כײן פֿאַר די קינדער, װאָס בױען דאָ גאַנצע שטעט.

אױף אײנעם אַ געשטעל אונטער אַ דאַך שפּילן קריסטלעכע באָכערימלעך אין אָנקלאַפּן אײער, װאָס דאָס רופֿט זיך „ביטקי”, — אַ שפּיל ערעװ דעם קריסטלעכן פּײסעך (סײַ פֿאַרן קאַטױלישן, סײַ פֿאַרן פּראַװאָסלאַװנעם). זי באַשטײט אין דעם, װאָס צװײ יונגעלײַט האַלטן צו אײן אײ אין דער האַנט און מיט דער שפּיציקער זײַט קלאַפּן זײ אײן אײ אין דעם צװײטן. דאָס אײ, װאָס קלאַפּט זיך אָן, גײט איבער צו דעם, װאָס האָט אָנגעקלאַפּט. הײַנט זײַנען די שפּילער זונטיקדיק אױסגעפּוצט און אױסגערוט. דער אױלעם, װאָס שטײט אַרום זײ און זאָגט מעװינעס, קוקט זיך צו, װי דער באַװוסטער אײער־שפּילער אַזאַדקעװיטש פּרובירט אױס זײַן קלײן אײעלע מיט די צײן, גיט עס אַ לעק מיט דער צונג, דערנאָך נעמט ער אַרום דאָס אײעלע מיט דער דלאָניע, אַז נאָר דער סאַמע שפּיץ איז פֿרײַ, זידלט זיך גוט אױס אין דער מאַמע אַרײַן און זוכט, װוּ ס'איז בעסער אָנצוקלאַפּן. ער געװינט. אַלע זײַנען צופֿרידן, מע לאַכט.

אױפֿן לײדיקן רײן־אױסגעקערטן מאַרק באַװײַזט זיך די רוסישע פֿרױ, װעלכע מע רופֿט דאָ „דער סײכל”. זי איז אַ שטילע, שטענדיק אַ פֿאַרטראַכטע און רעדט צו זיך אַלײן, װי זי װיל זיך אױסרײדן דאָס האַרץ:

— אַזאַ נאַרישקײַט... איך האָב געביטן מײַן גוטן סײכל אױף אַ שלעכטן. אױף אַ נאַרישן געביטן, אױף גאָר אַ נאַרישעװאַטן... אַ דוראַשלעװן... צוליב װאָס? פֿאַרװאָס האָב איך געביטן?

די הענדלערקעס האָבן צו איר מיטגעפֿיל. הײַנט אָבער איז קײנער פֿון זײ דאָ ניטאָ. די אײער־שפּילער הערן זי ניט און קערן זיך פֿון איר אָפּ.

אין דער רויקײַט און שטילקײַט פֿון מאַרק רײַסן זיך אַרײַן צװײ שטימען, װאָס קלינגען אָפּ מיט געשרײ און געלעכטער. בײדע זײַנען אין דער שטאָט באַקאַנט: דאָס קומען אַנטאָן מערלעס און זײַן שאַמעס דאָװידל טאָװושע. אַנטאָן האָט זיך פֿאַר די לעצטע יאָרן ניט געענדערט, געװאָרן נאָר אַ ביסעלע פֿעטער. װי פֿריִער, טראָגט ער לאַנגע האָר און קלײנע שװאַרצע װאָנצעלעך. אָנגעטאָן איז ער אין זײַן באַליבטן געלן אָנצוג. אַזױ אַז ער זעט אױס, װי אַ געמיש פֿון שװאַרץ און געל. זײַן שאַמעס, דאָװידל טאָװושע, איז הױך און דאַר, װי אַן אױסגעטריקנטער הערינג מיט פֿאַרזשאַװערטן רױג. שטענדיק אָנגעטאָן אין אָפּגעטראָגענע קלײדער, די אַרבל אױסגעריבן און די הױזן באַ די קליאָש־ראַנדן אױסגעדריבלט. אַלץ, װאָס ער טוט אָן אױף זיך, הענגט אױף אים, װי אױף אַ סטראַשידלע אין גאָרטן. שטענדיק אָבער האָט ער געלט צו פֿונדעװען מיט װײַן און פֿאַרבײַסנס אַנטאָן מערלעסן, פֿירן אים צו פֿרױען. שױן אַ לענגערע צײַט, װי דאָװידל טאָװושע װיל זיך שמאַדן און אַנטאָן לאָזט אים ניט.

אנטאָן מערלעס, ווי באוווסט, איז ניט נאָר א בארימער און א ליגנער, ניט נאָר אַן געוויסן, נאָר איז אויך אזא, וואָס פארמאָגט א גוטן קאָפּ, קען גיך עפּעס צוטראכטן און לײַכט געפינען אַן אײַנפאל און אַן אויסוועג. ער איז, אַן צווייפל, א דורכגעטריבענער אויסוווּרף. ער ווייסט, אַף וואָס ער איז פייִק, און וויל, מע זאָל וועגן דעם וויסן אין פּעטערבורג. ער באַנעמט אָבער זייער גוט, אז צו אים, ווי צו א מעשומעד, האָט מען ניט אלעמאָל קיין צוטרוי. פּאָליציי און מעלוכע־מענטשן פארשטייען אָפּט, אז א מעשומעד וועט שטענדיק זאָגן קעגן ייִדן און וועט זיי אין אלץ באשולדיקן. אזא איז די נאטור פון א מעשומעד. האלט דעריבער אנטאָן מערלעס בא זיך א ייִדישן איידעס, וועלכער באשטעטיקט אלץ, וואָס ער זאָגט און שרײַבט.

פארוואָס אָבער איז דאָווידל אזוי אָנגעשטויסן אַף ייִדן?

6

ער האָט ניט קיין טאטן. און זינט ער געדענקט זיך, האָבן אים ייִדישע קינדער גערופן: „מאמזער! בײַסטרוק!". פארוואָס ער האָט ניט קיין טאטן, האָט ער ניט פארשטאנען. עס האָט זיך באקומען גאָר מאָדנע: א טאטע, וואָס ניט ער איז געשטאָרבן און ניט ער לעבט. און פארוואָס רופט מען אים דאָ־ווידל טאָווּשע?

א מאמען האָט ער. זי איז א קאָרטן־וואַרפערקע, א טרעפּערקע. זיי ווױ־נען אין עק שטאָט, בארג־אראָפּ, בא א שמאָל און פלאך טײַכל. ארום זײַנען סעדער און גערטענער. און צווישן זיי שטייען געציילטע עטלעכע הילצערנע הײַזער מיט שטרויענע דעכער. אין זייער קליינער דירע זײַנען פאראן צוויי צימערלעך. און קליינערהייט האָט דאָווידל געזען, אז אין יעדן פון די צי־מערן איז די מאמע גאָר אַן אנדערע.

אָט זעט ער זי אין טונקעלן צימער, ווו די מאמע לייגט אויס אין קאָרטן. זי זעט אויס אלט, אָנגעטאָן אין אַן אלט טונקל טיכל אפן קאָפּ און מיט א פּאטשיילע איבערן טיכל. דאָס פּאָנעם איז בא איר בלייך און בלאס, ווי אָנגעשמירט מיט קרײַד. א שווארצער פאָרהאנג אפן פענצטער לאָזט קיין שײַן ניט ארײַן. עס ברענט איין ליכטל. און די מאמע, די טרעפּערקע, רעדט מיט אַן אָפּגעשוואכטער, פארעלטערטער שטים.

דערפאר, אז א קונד קומט ארײַן אין ליכטיקן צימער, איז די מאמע נאָך א יונגע, אין א קלייד אָן ארבל, מיט צוגעקעמטע האָר. זי שיקט דעמלט דאָווידלען שפּאצירן, זיך שפּילן מיט די קינדער אהינצו ארוף, מיט צוויי גאסן ווײַטער. דאָרט באגעגנט מען אים מיט „מאמזער" און „בײַסטרוק", מע וויל מיט אים ניט שפּילן, מע טרײַבט אים. עמעצנס א מאמע האָט אַף אים ראכמאָנעס, רופט זי אים ארײַן צו זיך אהיים און איז אים מעכאבעד מיט עסן און טרינקען — א לוסטע ברויט מיט פלוימען־שמירעכץ און א גלאָז טיי. דערבײַ הערט דאָווידל דעם געשפּרעך צווישן מאן און ווײַב:

— א ראכמאָנעס, נעבעך, א יאָסעם, אָן א טאטן...

— און דו ביסט זיכער, אז די מאמע איז זײַנע?

דער ביסן שטעלט זיך אים אין האלדז. ניט קיין טאטע און ניט קיין מאמע. ווער איז ער? ווּעמענס איז ער? פארוואָס רופט מען אים מאמזער?

און עס לייגט זיך אָפּ אין אים פאַרדראָס, אומצוטרוי, פאַרביטערטקייט. און עס קומט אויף א פאַרלאַנג צו ברעכן טעלער און זעצן שויבן.

און אמאָל הערט ער, ווי מע זאָגט:

— זי טוט דאָך עס צוליבן יינגל. זי דאַרף אים האָדעווען, אויסהאַלטן...

אין דר׳היים באַגעגנט אים די מאַמע א פריילעכע, גיט אים געשמאַקע זאַכן, וואַשט אים אַרום, לייגט אים שלאָפן. ער קאָן אָבער ניט איינשלאָפן. ער וויל וויסן: ס׳איז זײַן מאַמע צי ניט זײַנע?

שפּעטער נעמט ער פאַרשטיין, פאַרוואָס אין ליכטיקן צימער איז די מאַמע יינגער און שיין צוגעפּוצט. פאַרוואָס מע שיקט אים שפּאַצירן. און ער וויל פון פולן האַרצן, אַז דאָס זאָל זײַן ניט זײַן מאַמע, ניט זײַנע, א פרעמדע. און צום פאַרדראָס און אומצוטרוי קומט צו האַס, דער פאַרלאַנג אַרויסצושפּרינגען פון זיך אַליין, אַנטלויפן, מיט עמעצן זיך שלאָגן, צע־בלוטיקן, צעמיימעסן!

וווּהין גייט מען?

ווען דאָווידן איז געוואָרן זעכצן־זיבעצן יאָר, האָט אים די מאַמע פאַר־טרויט א סאָד: זאָל ער וויסן דעם עמעס. זי איז ניט זײַן מאַמע. זי איז אפילע ניט קיין יידישקע. זי האָט זיך נאָר אויסגעלערנט א ביסל יידיש.

צו יענער צײַט איז די „מאַמע״ קאָנטיק עלטער געוואָרן. אין פינצטערן צימער אַף אויסוואַרפן אין קאָרטן זײַנען נאָך געווען קונדן. אין ליכטיקן צימער אָבער זײַנען זיי געוואָרן אַלץ ווינציקער און ווינציקער, ביז קיינער איז מער ניט געקומען. זי האָט עס זייער שאַרף איבערגעלעבט. די וועלט האָט פאַרלאָרן איר כיין. אַלס פרוי גייט זי אַרויס פון קאָן, זי געפעלט מער ניט. אָבער זי דאַרף עס נאָך. זי איז נאָך א פרוי. זאָל זײַן אפילע אַזאַ, וואָס עלטערט זיך, אָבער נאָך ניט קיין אַלטע. און וועט קיינער צו איר ניט קומען, זי ניט ליבן, וועט עס פאַרגיכערן איר אַלטקייט — זי וועט ווערן א מיִעסע, א פּעטע און גראָוע. זי וויל זיך ניט אונטערגעבן. איצט, ווען די אַלטקייט קומט אָן, ווילט זיך איר א סאַך מערער, ווי אין דער יוגנט, זײַן שיין און רייצנד, געפעלן ווערן מאַנצבלען, באַקומען קאָמפּלימענטן און שיינע מאַטאָנעס. זי דאַרף דאָך אויסהאַלטן דאָווידלען. ווער וועט אים האָ־דעווען?

אין א צײַט אַרום דערהערט ער אַזוינס, וואָס רופט אַרויס בא אים א צווייפל: עפּשער איז זי טאַקע זײַן מאַמע! א צערייצטער, א צעקאָכטער, רײַסט ער זיך אַרײַן אין שטוב און שלאָגט זי אָן ראַכמאָנעס. ער צערײַסט אַף איר די קליידער, ער איז גרייט זי דערשטיקן, פאַרניכטן. דאָ וועט ער מער ניט בלײַבן. ער מוז אַנטלויפן פון אַלץ, וואָס ביז איצט איז מיט אים געווען. ער וועט אַוועקגיין פון דער שטאָט. דאָס איז נאָך ווינציק — ער וויל אַוועקגיין פון יידן, זיך שמאַדן, קיין זאַך זאָל אים ניט דערמאָנען פון זײַן קינדהײַט און יוגנט. ער גייט אָפּגעלאָזט און אָפּגעריסן. אים קימערט עס ניט. געלט אָבער בא דער „מאַמען״ פאָדערט ער אַלע טאָג, געלט אַף פונ־דעווען מערלעסן מיט ווײַן און פאַרבײַסנס. דערבײַ האָט ער צו מערלעסן א טײַנע:

— פאַרוואָס לאָזסטו מיך זיך ניט שמאַדן? איך וועל ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך.

— גלײַך זיך ניט צו מיר. דו ביסט בײַ ייִדן דאָווידל טאָווּשע און בײַ די קריסטן וועסטו אויך זײַן טאָווּשע, נאָר מיט אַן אַנדער נאָמען. גלײַך זיך ניט צו מיר. פֿאַר מיר זײַנען אָפֿן אַלע וועגן. איך וועל נאָך זײַן אַ גרויסער נאַטשאַלניק. אָט וועלן מיר דאָ אײנער אַ זאַך פֿאַרענדיקן, פֿאָר איך קיין פּעטערבורג, ווי אַ פֿאָרעץ. דו דאַרפֿסט מיר נאָר העלפֿן!

דאָווידל איז אַף ייִדן עפּשער גאָרניט אַזוי שטאַרק אין קאַס. זיי טשעפּען אים ניט, וואָלט ער זיי אויך ניט געטשעפּעט. ער וויל זיך שמאַדן, ווײַל ער וויל ווערן אַן אַנדערער, ווי געווען. ער פֿאָלגט אָבער אין אַלץ אַנטאָן מערלעסן, וועלכער האָט אים פּעסט אַרײַנגענומען אין זײַנע הענט.

הײַנט זײַנען זיי ביידע געקומען אָפּן האָלץ־מאַרק זוכן זייער פֿרײַנטל אַזאַדקעוויטשן, מיט וועלכן זיי דאַרפֿן „אײנע אַ זאַך פֿאַרענדיקן”.

7

די, וואָס קענען אַזאַדקעוויטשן נעענטער, זאָגן, אַז ער איז גאָרניט אַזאַ שלעכטער מענטש. ער האָט ליב טויבן, ער וועט ניט דערלאָזן באַליידיקן אַ הונט, נעמט ער אַ ביסל מאַשקע, האָט ער ליב צו טאַנצן. און דעריבער איז טאַקע פֿאַר קײנעם ניט פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס אין אים ברענט אַזוי די רעציכע. וועגן וואָס מע זאָל ניט ריידן, ברײַעט ער אַלעמאָל אויס, אַז די זשידעס זײַנען שולדיק. זײַנע כאַווײרים־שוסטער לאַכן אַפֿילו פֿון אים: אויב בײַ אים גייט אַראָפּ פֿון דער מאָס אַ שוך, זײַנען שולדיק איצקע און מאָשקע, זיי האָבן אים געגעבן אַן אײַנהאָרע. ער איז אײנגאַנצן זיכער, אַז ייִדן האָבן געקרייציקט יעזוסן, באַנוצן בלוט אַף פּייסעך, נאַרן אָפּ די פּויערים, שווינדלען אָפּ די אַרבעטער, פֿאַרסאַמען ברינעמער, מאַכן סרייפֿעס... וואָס ווײַטער, רעדט ער זיך אײַן דעם אַלץ מער אײַן. דערבײַ האָט ער אַזוינע גוטע לערער: די מעלוכע, די קירכע, די פּאָליציי, וואָס רייצן אים און מאָנען.

זײַן ווײַב דערווידערט אים.

זײַן ווײַב אַנקע, נאָך אַ יונגע און שײנע, אַ פֿריילעכע און אַ גוטע באַלעבאָסטע, האָט אין דער יוגנט געדינט אין אַ ייִדישער שטוב. זי איז דאָרט געווען ווי אַן אייגענע. געוועדט אַ ביסל ייִדיש, געוווּסט אַלע יאָמטויווים, פּורים ליב געהאַט האָמענטאַשן, פּייסעך — מעד. זי פֿלעגט אַפֿילו אַכטונג געבן, אַז די קינדער זאָלן זיך וואַשן די הענט פֿאַרן עסן און מאַכן אַ בראָכע. מיט אַזאַדקעוויטשן לעבט זי גוט, ער האָט זי ליב. ווי עס קומט אָבער צו דער „ייִדישער פּראַגע”, גייען זיי זיך פֿאַנאַנדער, אַמפּערן זיך, קריגן זיך. נאָר עס העלפֿט ניט. אַנקע קומט אַרײַן צו אירע פֿריַערדיקע באַלעבאַטים עסן אַ האָמענטאַש און פֿאַרזוכן מעד. און ער — טראַכט טאָג און נאַכט, ווי זיי אומצוברענגען. גוט נאָך, וואָס ער ווייסט ניט, אַז צו אַנקען איז לויט דער געווינהייט איבערגעגאַנגען דער ייִדישער מינהעג צו זאַלצן פֿלייש.

ווען יאָדזע איז מיט יאָרן צוריק „פּאַרפּאַלן געוואָרן", איז אזאדקעוויטש געווען פון די ערשטע שרײַער, פון די העצער, וואָס איז געלאָפן אין דער פּאָליציי, געזוכט אײדעס, אַליין געווען אַן אײדעס און צוזאַמען מיט וואָיצעך דעם קאָלבאַסניק און אַנטאָן מערלעס געשריבן פּאַפּירן אין פּעטערבורג.

ווען וואָיצעך רעדט שלעכטס אף ייִדן, פּילט מען, אַז בא אים איז אַ פול מויל האַנאָע, ווי ער וואָלט געגעסן אַ געשמאַק מײַכל. און עסן האָט ער ליב. ער איז אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ גרויסן בויך. מע דערקענט אים פון הינטן לויט זײַן פעטן אָנגעפּרעסענעם קארק. אפן נײַעם מאַרק האָט ער אַ קראָם פון פאַרשיידענע כאַזער־פלייש — געריייכערטע, געבראָטענע, געקאָכטע. אף די פּאָליצעס ליגן גרויסע שטיקער שפּעק, אונטער צודעקן — פאַרשיידענע טרוקענע און ווייכע וווּרשטן, געפּעטלטע צינגער. פון זײַן קראָם טראָגט זיך אַ פעטער רייעך פון זאַטקײַט, וואָס קיצלט די נאָזלעכער און רופט אַרויס אַפּעטיט צום עסן און טרינקען. וואָיצעך האָט האַנאָע פון דרײַ זאַכן: האַנדלען, עסן, זידלען ייִדן. דערבײַ הערט מען זײַנע רייד איבערן גאַנצן מאַרק.

— שאַנאָווּנע פּאַנאָוויע, הערט אויס, וואָס עס זאָגט אײַך פּאַן וואָיצעך. פּאַן וואָיצעך זעט אַלע שווינדלער און מאָשעניקעס אף דורך און דורך.

אַרום קלײַבן זיך צונויף מענטשן און הערן, ווי געשמאַק און מיט גרויס האַנאָע ער זידלט און רייצט...

הײַנטיקס מאָל איז צו אזאדקעוויטשן, וואָיצעכן און מערלעסן צוגעקומען אַ פערטער — דאָווידל טאָווּשע.

8

ניט געקוקט אף דעם, וואָס אַלע טאָג האָט מען אין אָוונט געציילט ספירע: האיום יום עכאָד לעוימער, האיום שניי יאָמים באוימער אאוו., האָט מען עפּעס גאָרניט באַמערקט, ווי דער זומערדיקער יאָמטעוו שוועס איז אָנגעקומען. און ווי אַלעמאָל — אַ זוניקער און פריילעכער. געקומען אָן די יאָמים־נוראָים־שרעקן, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט, אָן די פּייסעך־קלאָפּאָטן וועגן מאַצע און קאָשער. שוועס קומט אָן מיט אַ לײַכטן און גרינגן געמיט. און דערצו מיט געשמאַקע פּאָטראַוועס.

בא פּינכעסן אין שטוב גרייט מען זיך צום יאָמטעוו. מאַלקע האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין דער באַלעבאַטישקײַט, זי ווייסט שוין וווּ־אויס און וווּ־אײַן. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז זי געוואָרן ברייטער און פולער, פון איר לײַב דעמפּט זיך אויס פרוייִשע וואַרעמקײַט און ווײַבערשע האַנאָע. מיט צופרידנקײַט און מיט כשיוועס קוקט זי אף אירע שיינע קינדער, זי האָט זיי ליב, זי קעכלט זיי. זי האָט ליב איר מאַן פּינכעס, ביידע האָבן זיי איצט וועגן אַלץ איין מיינונג. מאַלקע פירט אָן מיטן צוגרייטן געשמאַקע פּוטער־געבעקס, טייגעכצן און בראָדער לאָקשן, קעז־קנישעס, קרעפּלעך, כרעמזלעך, בלינצעס. אין שטוב האָט מען שוין געבראַכט גרינס אף אויספּוצן. זי איז צופרידן, וואָס עס זײַנען פאַראַן אַזוינע יאָמטויווים, ווען מע דאַרף גרייטן אַ סאַך פּאָטראַוועס און דערצו מיט דער ברייטער האַנט. קאַרגשאַפט, קאַפּצאָנעס פאַרלײַדט זי ניט.

און ווי אלעמאָל, ווען בא איר איז א גוטע שטימונג, נעמט זי איבערלייגן די זילבערנע כפּייצים אין שאפע.

...אויך בא זעליקן גרייט מען זיך צום יאָמטעוו. דאָ איז די גאנצע באלע־באָסטע ליבע־שעווע. ווי פריִער, איז זי פלינק אין אירע באוועגונגען, טוט אלץ שנעל, אונטער אירע הענט קאָכט און זידט. זי האָט נאָך א מיידלשן אויסזען, אָן איבעריק לײַב אף זיך. איר בעריעשקייַט באשטייט ניט אזוי אין דער ברייטער האנט, נאָר אין שפּאָרזאמקייַט: אזוי אויסטיילן און איינ־טיילן, אז פון ניט קיין סאך זאָל ווערן א סאך, עס זאָל זײַן ניט טײַער און געשמאק. און זי טוט עס אזוי, אז זעליקן זאָל קיינמאָל ניט קומען אפן געדאנק, אז ער פארדינט ניט גענוג, אז ווען ער פארדינט מערער, וואָלט זי געווען א גרעסערע און בעסערע באלעבאָסטע. דער איקער — אלע זאָלן זײַן געזונט. פון איר שמייכל און גוטע בורשטין־אויגן איז אין שטוב געמיט־לעך און אלע פילן זיך גוט. זי טרעפט אלעמאָל צו, וואָס יעדערן צו זאָגן. און איר הארציק וואָרט איז פאר אלעמען א טרייסט, ניט נאָר פאר די שטור־ביקע, נאָר אויך פאר שכיינים, פאר באקאנטע.

פון ליבע־שעווען טרעט ניט אָפּ איר ייִנגל בערעלע, וואָס בעט אלץ:

— מאמע, וואָס זאָל איך דיר העלפן?

— גיי בעסער שפּאצירן.

ער וויל זײַן אין שטוב און זען, ווי די מאמע ווישט און ראמט און קאָכט. ער פאָלגט אָבער. ער גייט שפּאצירן. אף דער גאס איז ניטאָ מיט וועמען צו שפּילן, גייט ער צום זיידן. ער האָט ליב צו זען, ווי דער זיידע הובלט און סטרוזשקעס פאלן, ווי ער קלאפּט מיטן האמער ארײַן א טשוואָק, ווי ער זעגט א ברעט און פּאָלאָווינעס זייען זיך אפן דיל. פון די ברעטער און פון די סטרוזשקעס שמעקט מיט וואלד, מיט סמאָלע, מיט פרישקייַט.

צווישן זיידן און זײַן אייניקל איז א שטילע ליבע. ביידע מיינען, אז קיינער זעט עס ניט. אלע זעען עס, אלע פארשטייען עס, און אלע האלטן, אז א שיינע ליבע דארף מען מיט ווערטער ניט אָנרירן. אָן ווערטער איז עס נאָך שענער און הארציקער. בערעלע איז צופרידן, ווען דער זיידע נעמט אים מיט אין דער גרויסער הילצערנער שול, נעמט אים מיט זיך, ווען ער גייט מיט זײַן דאָלאָטע און סטאמעסקע פאריכטן די שניצערײַען אין מיזרעך אָדער אויסשניצן א נײַס אין מיַרעוו. בערעלע נעמט ניט אראָפּ די אויגן פונעם זיידנס הענט. זײַנע אייגענע זײַנען אומרויִק און ציִען זיך צום זיידנס געצײַג, כאָטש האלטן עס מיט די פינגער. דער זיידע איז אף דעם א מייוון.

— נו, פּרוביר... קענסטו?

פון האלטן די דאָלאָטע און א פּיר טאָן מיט איר איבערן האָלץ ווערט בערעלע אָנגעפילט מיט פרייד און ציטער, ווי די שכינע וואָלט אים באַ־שײַנט.

און אז דער זיידע לויבט אים, פילט זיך דאָס אייניקל פונקט אזוי, ווי דער זיידע, ווען מע זאָגט אים: „העשעלע, דײַנע בלומען שמעקן. אך, א מעכײַעו!" — דאָס אייניקל איז גרייט צו טאנצן. און די אייגעלעך דערבײַ ברענען, די בעקלעך ווערן ראָז און די הענט קענען איצט אלץ אופטאָן — אויסשניצן דעם שענסטן מיזרעך.

פון גרויס ליבשאפט שווײַגט דער זיידע, זײַן האַרץ איז אָנגעפילט מיט גאַניידן.

...בא מארישען אין שטוב ווייסט מען ניט, פארשטייט זיך, פון שוועס. אָבער עפעס האָט מארישע געהערט, אז בא ייִדן דארף זײַן א יאָמטעוו, און זי וויל פארשאפן פארגעניגן פיניע דעם אָגאָראָדניק, וואָס קומט צו איר אָפט און פארבלײַבט לענגער.

דער עלטערער זון מארישעס האָט כאסענע געהאט. יאדזע האָט אויך כאסענע געהאט. פיניע איז בא מארישען אין שטוב אן אייגענער. זי טראכט זיך אויס א גאנג — זי דארף אין שטאָט ארײַן. מארישע קומט אפן האָלץ־מארק און פרעגט בא א באקאנטער ייִדישער הענדלערקע:

— זאָג נאָר, טײַערע, וואָס פאר א יאָמטעוו דארף בא אײַך זײַן?

די הענדלערקע דערקלערט און דערציילט אלץ גענוי.

מארישע קומט אהיים, פוצט אויס די שטוב מיט גרינס און נעמט גרייטן מילכיקע מײַכאָלים פאר פיניען. און נאָך וועט זי אים צוגרייטן בולבע־לאט־קעס, ער האָט עס זייער ליב. זי וואַרט אף אים.

סאמע ערעוו שוועס, עטלעכע שאָ פארן יאָמטעוו, האָבן זיך אָנגעהויבן די ארעסטן. די ערשטע האָט מען, ווי מיט יאָרן צוריק, גענומען פיניע דעם אָגאָראָדניק, זעליקן און פינכעסן. אף מאָרגן האָט מען אויך ארײַנגעזעצט ארקע דעם פורמאן. צאליע דעם האָלצהעקער האָט מען געזוכט און ניט גע־פונען. און נאָך יאָמטעוו, נאָך שוועס, האָט מען גענומען נײַע מענטשן — רעב דאַווידן און אנקעס געוועזענע באלעבאטים — מאן און ווײַב.

9

קיינער האָט זיך אף דעם גאָרניט געריכט. אין איין נאכט איז פון שוועס געוואָרן טישעבאָוו. קיינער האָט גאָרניט געקאָנט פארשטיין. דער זעלבער בילבל, וואָס מיט יאָרן צוריק. פארוואָס נאָכאמאָל? און ווידער איז שוין שווער דורכצוגיין א גאס.

דערצו וווּנדערט אלעמען: יאדזע לעבט דאָך! זי איז שוין אפילע א מאמע.

נאָר ווער קאָן זיך עס אָנשטויסן, אז אנטאָן מערלעס האָט צוגעגרייט א גוטן אײַנפאל, ער האָט רעכט באוואָרנט. ער קאָן אלץ פארענטפערן.

דעם צווייטן טאָג שוועס האָבן זיך ליבע־שעווע מיט מאלקען בא־געגנט באם טפיסע־טויער מיט עסנווארג פאר זייערע מענער (שוועסדיקע מײַכאָלים). זיי האָבן זיך דערזען און אראָפּגעלאָזט די אויגן. ביידע האָבן געשוויגן און אויסגעמיטן אפילע א זיפץ צו טאָן. אף צוריקוועגס האָבן זיי ערשט באנומען, ווי שווער זיי איז זיך צו באגעגענען, ווי די שווײַגעניש שטיקט. און בא ביידן איז פאראן דער פארלאנג צו פארלײַכטערן די באגע־געניש. ניט שטיין כאָטש אויג־אף־אויג, מיט עמעצן כאָטש ריידן און זיך אָפּוועגדן פון די געדאנקען, וואָס קומען אוף, ווען זיי שטייען צוזאמען. אף מאָרגן איז ליבע־שעווע געקומען צום טויער מיט בערעלען. מאלקע איז

געקומען מיט אירס א מיידעלע. איצט איז זיי לײַכטער געווען, זיי האָבן אַף וועמען צו קוקן, מיט וועמען צו ריידן.

די קינדער האָבן איינס דאָס אנדערע אויסגעמיטן. און אויב בערעלע האָט צופעליק א קוק געטאָן אַף מאלקעס מיידעלע, איז עס געווען אזוי ערנסט, אזוי פרעמד, אז דאָס מיידעלע האָט שטײַפער אָנגעכאפּט דער מאמעס האנט. בערעלע פארשטייט שוין א סאך זאכן, — א קינד, וואָס ווייסט שוין, וויאזוי גאָט האָט אין זעקס טעג די וועלט באשאפן. ער האָט געלערנט, אז מוישע האָט ארויסגעפירט די ייִדן פון מיצראַיִם און זיי האָבן פערציק יאָר געבלאָנדזשעט אין דעם מידבער. אויסער דעם, וואָס ער ווייסט פון כומעש, ווייסט ער שוין אויך פון לעבן: זײַן טאטע, וואָס איז אזא גוטער און אזא אָרנטלעכער, זיצט אין טורמע צוליב א בילבל, אן אויסטראכטע־ניש. בערעלע האָט וואָס צו זאָרגן, וועגן וואָס צו טראכטן. ער בעט בא גאָט פארן טאטן.

מאלקעס מיידעלע איז שטארק ענלעך אַף דער מאמען. א שווארצכיינעווו־דיקע, מיט העלע בעקלעך. ווי איר מאמע, האָט זי ליב פריילעכקײַט. זי קאָן ניט באנעמען בערעלעס שטרענגקײַט: א ייִנגל, וואָס זאָל גאָרניט ריידן, ניט פרעגן, נאָר שווײַגט בארויגעז.

מאלקעס מיידעלע, וואָס האָט ניט ליב קיין איינזאמקײַט און אָפּגעפרעמדטקײַט, קאָן ניט אויסהאלטן די שווײַגעניש און פרעגט:

— ווי רופט מען דיך? מיך רופט מען סאָרעלע.

און דאָס איז געווען, אזביידע מאמעס זאָלן זיך אָנקוקן מיט פולע אויגן טרערן, זיך ווארפן איינע צו דער אנדערער, זיך ארומכאפּן און אזוי שטיין און שווײַגן. א שווײַגן, וואָס רעדט ניט, נאָר שרײַט!

עס גייט אוועק א וואָך, עס גייען צוויי אוועק. דער כוידעש סיוון איז דורכגעגאנגען. די ארעסטירטע טײַנען: „איר באשולדיקט אונדז, אז מיר האָבן אומגעבראכט דאָס מיידל יאדזע, זי לעבט דאָך!"

דערווײַל איז שוין אָנגעקומען דער כוידעש טאמעז. פּאָליציי פאָרשט רופט איידעס, ארעסטירט פארדעכטיקע.

און וועלכע איידעס? אנטאָן מערלעס, וואָס איז געווען א ייִד, און דאָ־ווידל טאָווושע, וואָס איז נאָך איצט א ייִד. זיי וויסן דאָך אלץ. זיי, אז זיי זאָגן, — מעג מען דאָך גלייבן. זיי זאָגן דעם עמעס!

נאָר אָט אינמיטן דער פולער זיכערקײַט, ווען אלץ איז דערוויזן, ווען די שולדיקע זײַנען באוווסט, בלײַבט די פּאָליציי אָפּהענטיק... עס קומט גאָר דעמלט אָן א דערמאָנונג פון גובערנאטאָרס קאנצעליאריע וועגן דער אָנווײַזונג, וואָס דער גובערנאטאָר האָט באקומען פון פעטערבורג נאָך אין יאָר 1817: עס ווערט פארבאָטן צו באשולדיקן ייִדן אין מאָרדן קריסט־לעכע קינדער אָן שום באווײַזן דערצו, נאָר אפן סמאך פון אָבערגלויבן... נאָר אויב ערגעץ־ווו וועט יאָ פאלן א כשאד, דארף מען עס אויספאָרשן אַף א געזעצלעכן אויפן, באגלײַך ווי עס פירט זיך מיט מענטשן פון אנדערע רעליגיעס.

באוווײַזן? געזעצלעך? און דאָ דערמאָנט מען זיך, אַז אויב באוווײַזן, אויב געזעצלעך — לעבט דאָך יאַדזשאַ, זי איז שוין אַ מאַמע.

אַפּילע אַזאַדקעוויטש, וואָס אויף אַלץ האָט ער איידעס, און וואַיִצעך, וואָס אויף אַלץ שווערט ער זיך, אַז עס איז עמעס, בלײַבן מיט אַ פֿאַרמאַכט מויל, אָן ווערטער. זיי זײַנען געווען זיכער, אַז אויף ייִדן וועט מען אַלץ גלייבן אָן באוווײַזן, אויף זיי מעג מען דאָך, ביפּראַט אַלע ווייסן עס, ביפּראַט איידעס זײַנען פֿאַראַן. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז יאַדזשאַ, אָט דאָס מיידל, וועלכע ייִדן האָבן געקוילעט, לעבט גאָר. און מע הייבט זיך נאָך אָן צו דערמאָנען, ווי זי איז פֿון דער מומען געקומען אַ לעבעדיקע. און נאָך: טאַקע דערפֿאַר איז דעמלט אָנגעקומען די אָנווײַזונג פֿון פּעטערבורג, אַז מע זאָל אומזיסט ניט אַרעסטירן און אומזיסט ניט באַשולדיקן צוליב אָבערגלויבן...

אַזאַדקעוויטש און וואַיִצעך טראַכטן אַפּילע, אַז אָט דער געוועזענער ייִד, אַנטאָן מערלעס, האָט זיי בייזוויליק אָנגערייצט און אַרײַנגעפֿירט אין אַ בלאָטע.

נאָר אַז אַליין אַנטאָן קומט אין דער פּאָליציי — ווערט אַלץ קלאָר. אַזאַד־קעוויטש און וואַיִצעך טראַכטן שוין דאָן: פֿאַרט אַ ייִדישער קאָפּ, דער טײַוול זאָל אים נעמען.

מערלעס קומט אַרײַן אין דער פּאָליציי ניט ווי אַ מענטש, וואָס קומט עפּעס בעטן אָדער פֿרעגן, ער קומט, ווי אַ דייעזאָגער. און אַזויווי ער שרײַבט אָנקלאָגעס אַפּילע צום קייסער, האָט מען פֿאַר אים דערעכערעץ.

די לעצטע צײַט האָט ער די לאַנגע האָר אַ ביסל אונטערגעשאָרן, די קליינע וואָנצעלעך, פֿאַרקערט, זײַנען מער אויסגעוואָקסן. און דערצו האָט ער זיך פֿאַרלאָזט באַקנבאַרדן, ער זאָל מיט עפּעס האָבן אָן אויסזען פֿון אַן אַדלמאַן. קעדיי אַרויסווײַזן אין דער פּאָליציי זײַן זעלבשטענדיקײַט, גיט ער מיט צוויי פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט אַ גלעט די רעכטע וואָנץ, דערנאָך גיט ער מיט דער זעלבער האַנט אַ שאַר איבערן גע־לן אָנצוג, און ערשט דעמלט זאָגט ער אַרויס מיט רוגזע:

— ווער זאָגט, אַז יאַדזשאַ לעבט?

— אַלע ווייסן עס.

— די, וואָס ווייסן עס, ווייסן גאָרניט. די עמעסע יאַדזשאַ איז אומגע־בראַכט, איר בלוט איז אויסגענוצט, און איר קערפּער איז ערגעץ פֿאַרוואָרפֿן אָדער באַגראָבן.

די עמעסע יאַדזשאַ? דאָס וווּנדערט אַלעמען.

— די עמעסע! און די יאַדזשאַ, וועגן וועלכער איר רעדט, איז אַן אונטער־געשטעלטע. ניט מאַרישעס אַ טאָכטער איז זי, נאָר איר שוועסטערס אַ טאָכ־טער.

אַן אונטערגעשטעלטע? אַלע ווייסן יאַדזשען, אַלע קענען זי. זי האָט אַ מאַמע, אַ ברודער, אַ מומע, אַ מאַן.

— קעדיי אַרויסהעלפֿן איר געליבטן פֿיניע דעם אָגאָראָדניק, וועמען זי האָט געהאָלפֿן אומברענגען איר אייגן קינד, האָט מאַרישע געבראַכט פֿון דאָרף איר שוועסטערס מיידל, וואָס הייסט אויך יאַדזשאַ, און אויסגעגעבן פֿאַר אירס. דאָס האָט באַטײַט, אַז יאַדזשאַ לעבט און אומזיסט האָט מען דעם אָגאָ־

ראַדניק אַרעסטירט. און אַז מע האָט אים באַפרײַט, האָט מען שוין אַלע אַנדערע אויך באַפרײַט.

אַזאַדקעוויטשן און וואָיצעכן געפּעלט עס אַף אַזויפּיל, אַז זיי קאָנען גאָר־ניט זאָגן, זיי שווײַגן, זיי שאָקלען נאָר מיט די קעפּ.

די פּאָליציי פאַרשטייט, אַז מע דאַרף די אונטערגעשטעלטע יאַדזשע, איר מאַמע, איר ברודער, איר מומע און איר מאַן אַ גוטן טרייסל טאָן, וועלן זיי דערציילן דעם עמעס.

און קעדיי נאָך מערער צו דערווײַזן, ווי ריכטיק זײַנע רייד זײַנען, זאָגט ווײַטער אַנטאָן מערלעס:

— און דערצו, גאָספּאָדאַ, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז עס איז פאַראַן בײַ ייִדן אַזאַ סייפער, וואָס רופט זיך „שולכאָן אָרוך". דאָס באַטײַט: „אַ געגרייטער טיש". ייִדן האָבן אַלעמאָל ליב אַ גרייטן טיש, זיי זאָלן קומען אַף אַלעם פאַרטיקן. אין אָט דעם בוך, ווו עס דערציילט זיך וועגן ייִדישע דינים, איז שוואַרץ אַף ווײַס געשריבן, אַז אַף פּייסעך דאַרפן ייִדן קריסטלעך בלוט. איך מיט דאָווידלען וועלן עס איבערזעצן אַף רוסיש, וועט איר אַליין זען און אַליין פאַרשטיין! וואָט, גאָספּאָדאַ...

10

אינגיכן איז אָנגעקומען טישעבאָוו. און ס'איז שווער געוועזן צו זאָגן, צי קלאָגן ייִדן אַפן כורבן, וואָס איז אַמאָל געוועזן, צי אַפן כורבן, וואָס קאָן אינגיכן קומען.

אין דער אַלטער הילצערנער פאַרשטאָטער שול איז פול מיט מיספּאַלעלים. אַלע זײַנען אין טונקעלע וואָכעדיקע קליידער, אָן שיך. געקומען זײַנען אַלע אויסגעבלייכט־פאַרטראַכטע נאָך די נײַן מילכיקע טעג און נאָכן פאַרפאַסטן זיך צום טאָנעס מיט טרויער־מײַכאָלים, ווי באַם זעצן זיך שיווע, — אַלץ קײַלעכדיקע: אייער, לינדזן, בייגל, וואָס דאָס באַטײַט, אַז אַף דער זינדיקער ערד איז אַלץ העוועל־האַוואָלים, אַלץ איז קײַלעכדיק, עס קומט און גייט אַוועק, הײַנט — איך, מאָרגן — דו, עס ווערט געבאָרן אַף אונטערגיין...

ווער עס זיצט אין דער שול אַף איבערגעקערטע בענקלעך, ווער אַף דער ערד. עס ברענען געציילטע ליכט, וואָס וואַרפן אָן אַ טונקעלע שרעק. דער שיין־אויסגעשניצטער אָרנקוידעש איז אָן דעם אויסגעפּוצטן פּאָרויכעס. פון די סייפערטוירעס איז אַראָפּגענומען דאָס צירונג און אָנשטאָט זײַדענע אָדער סאַמעטענע מענטעלעך זײַנען זיי אָנגעטאָן אין פּראָסטע ציצענע. אין דער שווערער שטילקײַט הערט מען, ווי מע זאָגט „אייכאָ יאָשוואָ" מיט געוויין. און צוזאַמען מיט אַלעמען זיצט אַף אַ נידעריק בענקל לעבן דעם זיידן בערעלע מיט קינעס אין די הענט. אין דעם ייִנגלס געדאַנקען איז ניט פאַראַן קיין אונטערשייד פון אַמאָל און הײַנט. בײַ אים איז אַלץ געבונדן: וואָלט אַמאָל ניט געוועזן קיין כורבן, וואָלטן איצט ניט געווען קיין בילבולים. וואָרעמע טרערן קאַפּען אַף זײַנע באַקן, נאָר ער פילט עס ניט. זײַן קינדערש האַרץ איז אָנגעקוואָלן מיט געוויין, מיט אַגמעסנעפעש. ער באַקלאָגט דעם כורבן און באַדויערט דעם טאַטן, וואָס זיצט אין טורמע. ער

האָט ראכמאָנעס אף דער מאמען, וואָס לײַדט, לעבט איבער. ער בעט, אז דער טאטע זאָל קומען אהיים, ער בעט, אז מאָשיִעך זאָל קומען, און ער גלייבט, אז אלץ, וואָס ער בעט, וועט מעקויעם ווערן. אלץ ווענדט זיך דאָך אין גאָט.

אהיים צוריק גייט ער מיטן זיידן. דער זיידע העשל, וואָס פירט אלע־מאָל זײַן אייניקל פאר דער האנט, גייט הײַנט באזונדער, אָפּגעזונדערט, אינגאנצן פאר זיך. בערעלע באמערקט, אז דער זיידע איז זייער שטארק צעטראָגן. מיסטאמע האָט דער זיידע געהערט ניט קיין גוטע נײַס. און דאָס איז עמעס. נאָכן דאווענען האָט א באקאנטער דערציילט העשלען וועגן אנטאָן מערלעסעס נײַעם בילבל. העשל באנעמט זייער גוט, ווי געפערלעך דאָס איז. די אייגענע וועט ער, פארשטייט זיך, גאָרניט דערציילן, ליבע־שעווע זאָל וועגן דעם גאָרניט וויסן.

דאָס ייִנגל וויל דעם זיידן גרינגער מאכן, נעמט ער אים פאר דער האנט און פירט אים. העשל פילט עס אפילע ניט.

אין שטוב דערקלערט דאָס אייניקל, אז ער וועט פאסטן.

— וואָס רעדסטו, מײַן קינד, דו דארפסט ניט פאסטן.

און דער זיידע זאָגט, אז ער טאָר גאָרניט פאסטן. דאָס ייִנגל וויל אָבער באשטיין אף זײַנס.

— ווי פארשטייסטו ניט, מאמע? אז איך וועל פאסטן, וועט דער טאטע גיכער קומען אהיים.

און בערעלע פאסט. ער האלט זיך ווי א גרויסער. דעם הונגער פילט ער, נאָר דאפקע דאָס גיט אים צו קויעך ניט נאָכצוגעבן. מיט זײַן פאסטן וועט ער אויסבעטן, אז גאָט זאָל צונישט מאכן דעם אומגליק, וואָס א ראָשע האָט אף ייִדן אויסגעטראכט. און זײַנע אָפּגעשוואכטע ייִנגלשע פאסטנדיקע הענט ווערן פול מיט פארדראָס און מיטן פארלאנג דעם דאָזיקן אויסוווּרף אויסצופּאטשן.

אף מאָרגן גייט דער זיידע צו קייווער־אָוועס. דאָס אייניקל גייט צוזא־מען מיט אים. דער בעסאלמען איז פול מיט מענטשן. זיי שטייען בא די קוואָרים פון זייערע עלטערן און קרויווים. מע רעדט, מע בעט, מע שעפּ־טשעט. פון צײַט צו צײַט דערהערט זיך א געוויין. און בערעלע דערפילט, ווי דער אָפּגעשיידטער בעסאלמען, וואָס איז אלעמאָל אזוי שרעקלעך, דער־מאָנט אָן טויטע, און ייִנגלעך, ווען זיי גייען פארבײַ, שרײַען זיי פאר שרעק „שמא ייִסראָעל״,— אָט דער זעלבער בעסאלמען איז הײַנט גאָרניט אזוי שרעקלעך, ער איז פול מיט געבעט צו מאמעס און טאטעס פון יענער־וועלט, זיי זאָלן העלפן, זאָלן זיך באמיִען, זאָלן אויסבעטן בא גאָט גוטס אף ייִדן.

ער פילט דעם הונגער, עס ציט באם הארצן. ער וועט זיך ניט אונטער־געבן. אלע פאסטן...

## 11

אין טורמע טראכט זיך. דאָס באוועגלעך־אומרויִקע לעבן טרעט אָפּ, בלײַבט ערגעץ אין דער ווײַט. פון דער זײַט קאָן מען עס בעסער דערזען און בעסער באזיניקן. זעליק און פּינכעס טראכטן טאקע, טראכטן א סאך.

יעדערער, פארשטייט זיך, באזונדער. וועגן דעם נײַעם בילבל פון אנטאָן מערלעס ווייסן זיי נאָך ניט.

פינכעס נעמט דעם היינטיקן טאָג און לייגט ארוף צו זיך אף דער דלאָ־ניע, באטראכט אים, דערזעט זײַנע סימאָנים און מאכט א פארגלײַך מיטן אמאָל. אלץ איז שוין געווען, געווען אויך אזוינס...

מיטן אויספיר: „אזוי איז עס, אזוי איז געווען, אזוי וועט עס בלײַבן" באנוגנט זיך פינכעס. ער האָט געפונען די סיבע און דעם ענטפער. ס׳איז שלעכט, ביטער... קיין ברײרע איז אָבער ניטאָ. אזא גורל!

און זעליק, וואָס ווייסט אויך, אז ס׳איז שלעכט און ביטער, — וויל מיט אזא גורל ניט מאסקים זײַן. זעליק האָט שוין לאנג באנומען: זיצט מען מיט פארלייגטע הענט, הערשט דער גורל. לויט זײַן געוווינהײַט קאָן זעליק ניט זיצן מיט פארלייגטע הענט. ער דארף טאָן, זיך ארײַנמישן און אופטאָן. פון זיך אליין קומט דאָך גאָרניט.

ער, עמעס, איז געוואָרן עלטער, די צײַט אָבער, זעט ער, שטייט אף אן אָרט. פאר עמעצן זײַנען נאָך געבליבן גילטיק די ענטפערס אף די „פאר־וואָסן" פון זײַן קינדהײַט. ער דערמאָנט זיך: פארוואָס פארדינט דער טאטע ווינציק? — ווײַל קיין מאזל איז ניטאָ. גאָט זאָל וועלן, וועט דער טאטע זײַן א נאָגיד. נו, און ער אליין, זעליק, פארוואָס פארדינט ער ווינ־ציק? מיט וואָס זײַנען זײַנע קינדער ערגער פון מאלקעס? מיט וואָס איז דער באלעבאָס בעסער פון אים? גאָט וויל ניט. פארוואָס וויל ער ניט? אזא גורל.

פארענטפערן אלץ מיטן גורל קאָן ניט זעליק. וואָס זשע טוט מען אָבער, מיט וואָס און וו׳אזוי ענדערט מען א גורל? פארנאָסע זאָל זײַן. זײַנע קינדער זאָלן ניט זײַן ערגער פון מאלקעס. ער זוכט און געפינט ניט.

אין טורמע, ווו די איינזאמקײַט פילט אָן דעם גאנצן ענגן ארום, טאקע דאָ קומט אמאָל אוף א געדאנק, א געפיל, א געשעעניש, וואָס מע האָט לאנג פארגעסן, פארלאָרן. און אומדערוווארט גיט עס אין דער דאָזיקער איינ־זאמקײַט א שפרונג ארויס פון דער פארגעסנקײַט, ווי זיך אופגעכאפט פון שלאָף. זעליק דערזעט פאר די אויגן:

זײַן שווער, העשל דער סטאָליער, שטייט אין דער פערשטאָטער אלטער שול מיט זײַן דאָלאָטע און סטאמעסקע אין דער האנט. עטלעכע מענטשן באטראכטן זײַן ארבעט.

— א שווערע מעלאָכע בא דיר, הא, העשל? טאָמער באקומט זיך ניט? וואָס טוסטו דעמלט?

— עס באקומט זיך ניט דאָס ערשטע מאָל, מאכט מען א צווייט, א דריט, א צענט מאָל.

— און אז עס באקומט זיך ווידער ניט? — פרעגט דער זעלבער. — בלײַבט מיסטאמע: אז מע קאָן ניט אריבער, מוז מען ארונטער!

— אוי, ניין! — שרײַט אויס העשל. — באקומט זיך ניט דאָס צענטע מאָל, מאכט מען נאָך צען מאָל. אויב מע קאָן ניט אריבער — מוז מען אריבער! עס מוז זיך באקומען!

„מע מוז אריבער!" קלינגט זעליקן אין די אויערן. זײַן שווער העשל איז

גערעכט: עס מוז זיך באקומען! א גורל קאָן מען ענדערן. וואָס אָבער טוט מען, קעדיי אים צו ענדערן?

פינכעס און זעליק ווייסן: וועט מען זיי וועלן באשולדיקן, וועט מען פאר זיי געפינען סײַ פארברעכנס, סײַ איידעס, סײַ א שטראָף. בא פינכעסן באַ־טײַט עס גורל. זעליק קאָן זיך מיט דעם ניט באנוגענען. וואָס טוט מען אָבער אף צו ענדערן דעם גורל?

וואָס?

ליבע־שעווע און מאלקע באגעגענען זיך אלע טאָג בא דער טורמע. אָבער אויסער דעם, קומט מאלקע אָפט ארײַן צו ליבע־שעווען אהיים. ווי נאָר מאלקע דערהערט עפעס נײַס, וואָס האָט א שײַכעס צום בילבל אף זייערע מענער, אזוי לויפט זי דורך דער הילצערנער בריק אין פערשטאָט צו ליבע־שעווען פרעגן, וואָס דאָס באטײַט. איר אליין איז שווער עפעס ריכטיק אָפּצושאצן. זי וויל אלץ אופנעמען נאָר צום גוטן. איר אײַנגעבאָרע־נע געמיטלעכקײַט, וואָס קאָן ניט פארלײַדן קיין שלעכטס, פארלויפט אלע וועגן און דערלאָזט ניט אויסלייגן צום שלעכטן. זי וויל עס ניט, זי טרײַבט עס פון זיך. און דעריבער הייבט זי אלעמאָל אָן מיט די ווערטער:

— ליבע־שעווע, שרעק מיך ניט, וואָס דארף עס באטײַטן?

ליבע־שעווע וויל אויך, אז אלץ זאָל זיך אויסלאָזן צום גוטן. אָבער פארמאכן די אויגן און קוקן בלינד וויל זי ניט און קאָן ניט. זי קען קוקן דעם עמעס אין די אויגן, ווי שרעקלעך דאָס זאָל ניט זײַן. אָבער אזויווי זי האָט די האָפענונג און דעם גלויבן, אז זעליק מיט פינכעסן וועלן קומען צוריק אהיים, איז עס א טרייסט סײַ פאר איר, סײַ פאר מאלקען. אָבער הײַנט, אז מאלקע איז געקומען מיט דער נײַס וועגן דעם נײַעם בילבל פון אנטאָן מערלעס, איז ליבע־שעווע געבליבן שטיין א צעטומלטע און פאר־לוירענע.

— שלעכט! — האָט זי אויסגעשריִען. — ניט גוט!

מאלקע איז שטארק איבערגעשראָקן. אויב ליבע־שעווע שרײַט „שלעכט" און „ניט גוט", איז עס געוויס גוט שלעכט. די הענט לאָזן זיך בא איר אינ־גאנצן אראָפּ. אלץ, וואָס איז אויסער דער שטוב, אויסער די קינדער, איז ניט פאר איר. זי אליין ווייסט גאָרניט, זי פארלאָזט זיך אף ליבע־שעווען, איר אָנשפאר.

— טײַערע מײַנע, וואָס טוט מען איצט?

— טאָן דארף מען. מע דארף גוט א טראכט טאָן.

און מאלקעווארט, ביז ליבע־שעווע וועט גוט א טראכט טאָן. זי טראכט איצט פאר צווייען.

12

די שטאָט איז פול מיט קלאנגען. סײַ אף סלאָבאָדקע, סײַ אין פערשטאָט אף יענער־זײַט ניעמאן, אין יורזיקע און אף די קאָלאָזשעס אף דער־זײַט ניעמאן — אומעטום דערציילט מען איינס און דאָס זעלבע: א קריסטלעכע

מוטער האָט געהאָלפן אומברענגען איר אייגן קינד. צוליב וואָס? צוליב א ליבע. מיט וועמען א ליבע? מיט א ייִדן!

די ייִדישע באפעלקערונג ווייסט, אז די גאנצע מעשׂה איז אויסגעטראכט. נו, און ניט־ייִדן?

און באלד ווידער א נײַער קלאנג. ניט נאָר די מאמע האָט געהאָלפן אומ־ברענגען איר קינד, נאָר אויך איר שוועסטער און אויך איר זון. אומע־טום, ווו מענטשן קלײַבן זיך צונויף, צי אין דער היים, צי אף דער גאס, צי אין גאָרטן, רעדט מען וועגן דעם. די שטאָט איז אופגערודערט, אזוינס האָט דאָ קיינמאָל ניט פאסירט. די בלעטער אף די ביימער האָבן נאָך ניט באוויזן געל ווערן, דער הארבסט איז ערשט אָט־אָט ארײַן אין דער שטאָט, ווי די נײַס האָט זיך צעוואקסן נאָך מער: עס לאָזט זיך אויס, אז די יונגע פרוי יאדוויגע איז ניט די זעלבע, וואָס דאָס מיידל יאדזע, וועלכע איז נעלעם געוואָרן. דאָס מיידל האָבן די ייִדן אומגעבראכט אף פייסעך. די יאד־זע, וואָס איז געקומען צוריק, איז אָן אונטערגעשטעלטע. זי איז ניט מארישעס טאָכטער, נאָר די טאָכטער פון איר שוועסטער רוזשע, וואָס וווינט אין נאָענטן דאָרף. די גאנצע מישפּאָכע ווייסט וועגן דעם, נאָר אלע שווײַגן, קעדיי צו ראטעווען א ייִדישן אָגאָראָדניק פון באקומען זײַן שטראָף.

מיט דער צײַט איז די אופרודערונג ביסלעכווײַז דורכגעגאנגען. און דעמלט האָט די זאך גענומען ארויסרופן צווייפל. א גאנצע מישפּאָכע זאָל אזוינס טאָן? פונוואנען ווייסט מען עס? ווער איז געווען דערבײַ?

איידעס זײַנען פאראן!

איידעס? ווער זײַנען די איידעס?

אנטאָן מערלעס.

וועלכער? אָט דער מעשומעד? דער וויקרעסט? געפונען וועמען צו גלייבן!

אין דער שטאָט טומלט זיך, און די פּאָליציי טוט זיך אירס. זי וויל באשולדיקן, זי זוכט איידעס, זי פאָרשט. די ערשטע האָט מען גערופן יאד־זען. זי איז געקומען מיט א קליין קינד אף דער האנט.

יאדזע האָט געהערט די קלאנגען וועגן איינעם א מיידל, וואָס ייִדן האָבן אומגעבראכט, און אָנשטאָט דער אומגעבראכטער איז געקומען אן אונטער־געשטעלטע מיטן זעלבן נאָמען. אז דאָס קאָן האָבן א שײַכעס צו איר, איז יאדזען גאָרניט אײַנגעפאלן. און וועגן דעם, אז דער געשמאקער רייעך פון קעז־קוכן האָט זי אמאָל געפירט דורך די גליטשיקע גערטענער צו דער מומע רוזשע אין דאָרף ארײַן, געדענקט זי עפּשער ניט מער ווי דורך א כאָלעם.

— ווי איז דײַן נאָמען?

— יאדוויגע. יאדזע.

— שוין לאנג, ווי דײַן נאָמען איז יאדזע?

יאדזע האָט מיט פארוווּנדערונג אָנגעקוקט דעם אויספאָרשער און גע־ענטפערט:

— איך פארשטיי אײַך ניט. איר שפּאסט?

— אף שפּאסן האָבן מיר קיין צײַט ניט. ווי רופט מען דײַן מאמען?

— מארישע.

— ווער האָט עס דיר אײַנגערעדט? דײַן מאמע איז רוזשע.
— איר פּלאָנטערט. מײַן מומע איז רוזשע.
— מיר ווייסן אַלץ געננו. מארישעס טאָכטער יאדזשע האָבן די ייִדן אומ־געבראכט.
— אומגעבראכט? אָט זיץ איך דאָך פאר אײַך א לעבעדיקע.
— אויב דו וועסט לייקענען, וועלן מיר דיך ארעסטירן. זאָלסט עס גע־דענקען.

יאדזשע איז א פרוי פון א טשינאָווניק, דערווײַל נאָך א יונגן, נאָר זייער א פלײַסיקן, וואָס האָט גוטע אויסזיכטן אף ווײַטער. ער איז א מענטש מיט טאקט צו אנדערע און פאָדערט אכטונג צו זיך. יאדזשע האָט געענדיקט א צווייקלאסיקע שול. זי פארשטייט, ווי צו שעצן איר מאן, וואָס האָט גוטע אויסזיכטן בא זײַן שעף. זי ווייסט אויך, ווי צו שעצן זיך אליין, א פרוי פון א טשינאָווניק. איר איז גלײַך פון אָנהייב ניט געפעלן געוועזן, וואָס מע זאָגט איר „דו".
— ניט סטראשעט מיך און ניט דוצט מיך! איך בין א פרוי פון א טשי־נאָווניק.
— א טשינאָווניק, וואָס באהאלט אויס, אז זײַן פרוי טראָגט א פרעמדן נאָמען.

יאדזשע איז פון דעם געוואָרן שטארק אופגערעגט. אזוינס זאָגן וועגן איר מאן! זי האָט זיך צעשריִען, אז דער מאן וועט גיין צום גובערנאטאָר זיך באקלאָגן. אזוינס וועלן זיי ניט פארשווײַגן...

דאָס קינד האָט זיך אופגעכאפּט, זיך דערשראָקן און אופגעהויבן א גרויס געוויין. עס האָט זיך ניט געלאָזט אײַנשטילן. דערבײַ האָט די מאמע דער־פילט, אז דאָס קינד איז נאס. דאָס אנדערע מאָל האָט מען זי געבעטן קומען אָנעם קינד.

די צווייטע, וועמען דער אויספאָרשער האָט ארויסגערופן, איז געווען די מומע רוזשע.
— אײַער נאָמען?
— רוזשע.
— און אײַער טאָכטערס נאָמען?
— מײַן טאָכטער?
— יאָ, יאָ...
— איך האָב קיין טעכטער ניט. איך האָב נאָר זין. דער עמעס איז, אז איך האָב זייער געוואָלט האָבן א טאָכטער, נאָר גאָט... פאַן בוג...
— און יאדזשע?
— מײַן שוועסטערס טאָכטער.
— אָט דאָס לידעלע זאָלט איר אונדז אופהערן זינגען. זיך צונויפגע־רעדט, קעדיי צו ראטעווען דעם ייִדן פיניע, וואָס האָט אומגעבראכט מארי־שעס יאדזשע.
— איך האָב קיינמאָל קיין טאָכטער ניט געהאט, נאָר ייִנגלעך. איין גאָט ווייסט, אז איך האָב געוואָלט א מיידל, נאָר מאטקא באָזקא...
— מיר וועלן אָנעמען שטרענגע מיטלען, וועסטו ריידן.

— פרעגט אין דאָרף, וועמען איר ווילט. פרעגט באַם גאַלעך. קוקט אַרײַן אין די פּאַפּירן. בא מיר זײַנען נאָר ייִנגלעך.

— און יאַדזשע?

— מײַן שוועסטערס טאָכטער. פרעגט בא מײַן שוועסטער, בא איר זון. פרעגט יאַדזשעס מאַן.

— אַלע האָבן זיך צונויפגערעדט. איר ווילט ראַטעווען מאַרישעס געליבטן, אָט דעם זשיד, דעם אָגאָראָדניק פּיניע, וואָס האָט אומגעבראַכט יאַדזשען.

— בראָן באָזשע! יאַדזשע לעבט!

— דאָס לעבט דײַן יאַדזשע!

— איך האָב קיינמאָל קיין מיידלעך ניט געהאַט, נאָר ייִנגלעך. איין גאָט ווייסט, ווי איך האָב געוואָלט אַ מיידל.

— און יאַדזשע?

— ניט מײַן טאָכטער. מאַרישעס. פרעגט אַלעמען אין דאָרף, פרעגט דעם גאַלעך, קוקט אַרײַן אין די פּאַפּירן. איר קאָנט אַפילו פרעגן באַם ייִדישן געלערנטן...

— באַם ייִדישן געלערנטן?

— יאָ, יאָ... ער קומט אין דאָרף לערנען מיטן שענקערס ייִנגלעך. אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ געטלעכער, דער שענקער איז אונדזערער אַ נאָענטער שאָכן.

דער מעלאַמעד רעב כאַיִם קומט טאַקע צוויי מאָל אין דער וואָך צום שענקער אין דאָרף אַרײַן לערנען זײַנע ייִנגלעך דאַוונען. עס איז אויך באַוווּסט, אַז רעב כאַיִם קען אָנשרײַבן אַן אַדרעס אַף רוסיש און אַפילו אַף דײַטש. און ס׳איז ניט באַוווּסט, אַז בא איינעם אַ רײַכן איידעם נעמט ער אין דער שטיל אַ בוך אַף לייענען. אין געזונט איז רעב כאַיִם אַ שוואַכער, מיט די לונגען איז בא אים ניט גוט. דעריבער איז בא אים שטאַרק דער פאַרלאַנג צו דערלעבן, ווען פון זײַן ייִנגל מענאַכעם וועט אַרויס אַ טאָלק, ער וועט ווערן אַ געבילדעטער.

— באַם ייִדישן געלערנטן? — האָט דער פּאָרשער נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט און זיך פאַרטראַכט. — אַ נאָענטער שאָכן? אַזוי...

אַף מאָרגן האָט מען דעם מעלאַמעד כאַיִם רובין אַרעסטירט.

פּאָליציי איז אַזוי זיכער געווען אין די רייד פון אַנטאָן מערלעס, איר איז עס געווען אַזוי צום־גוסט, איר איז עס אַזוי געפעלן געווען, אַז זי האָט שוין גאָרנישט געדאַרפט ניט פעסטשטעלן, ניט קאָנטראָלירן. איידעס זײַנען פאַראַן. וואָס ווײַטער אָבער, האָט גענומען דוכטן, אַז ס׳איז צו גלאַט. אַפן ערשטן בליק איז עס גוט אויסגעלייגט און צונויפגעפּירט, נאָר דאַפקע אָט די גלאַטקײַט, וואָס געפעלט אין דער ערשטער מינוט, רופט שפּעטער אַרויס אַ כשאַד. און דאָ האָט נאָך געדאַרפט פּאַסירן אַזוינס: אַנקע איז אַוועק פון אַזאַדקעוויטשן. זי האָט אים געוואָרפן און איז צוריק אַריבער אין הויז פון אירע געוועזענע באַלעבאַטים, וועלכע זיצן אין טורמע.

ביכלאל האָבן אזאדקעוויטש מיט אנקען א לענגערע צײַט געלעבט צווישן זיך גוט און שטיל. די איינציקע קריגערײַ צווישן זיי פלעגט פאַר־קומען צוליב אירע געוועזענע באלעבאטים, די מישפּאָכע ראקאָוויצקי. אנקע איז יונג פארבליבן א קײַלעכדיקע יעסוימע. מיט שרעק אין הארצן איז זי ארײַנגעקומען דינען אין א יידישער מישפּאָכע. נאָר וואָס ווײַטער, איז זי געוואָרן אלץ רויִקער, מער צוגעבונדן צו די באלעבאטים און זיך געוווינט ־
פילן, ווי אן אייגענע. צו איר כאסענע מיט אזאדקעוויטשן האָבן די ראקאָ־וויצקיס איר געגעבן שיינע מאטאָנעס. אנקע איז צו זיי געוועזן אזוי צו־געוווינט און צוגעבונדן, אז נאָך דער כאסענע פלעגט זי אָפט ארײַנקומען צו זיי אין געסט. אזאדקעוויטש האָט עס ניט געקאָנט פארלײַדן.

אנקע האָט געלויבט אירע געוועזענע באלעבאטים: גוטע מענטשן, אָרנט־לעכע. אזאדקעוויטשן האָט עס געקאָסט געזונט.

אנקע האָט געלויבט יידישע מײַכאָלים: האָמענטאשן, פיש, מעד, מאצע (זי איז גרייט געוועזן א גאנץ יאָר כראָמטשען מאצע). אזאדקעוויטש האָט זיך געזידלט.

— וואָס האָסטו, יאקוב, צו יידן? וואָס טוען זיי דיר?

וואָלט אנקע ניט געוועזן אזוי יונג און שיין, אזא פריילעכע און אזא זיס־געקע, וואָלט ער זי פאר אזוינע רייד געשלאָגן. ער פלעגט זי נאָר סטראשען.

— ריר זיך נאָר, יאקוב, צו מיר צו, גיי איך פון דיר אוועק צו מײַנע באלעבאטים.

ער פלעגט פון אזוינע ווערטער ווערן אופגעקאָכט, אופגערייצט און זיך צעשרײַען:

— איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעכענען, מיט די פארכאטע.. זיי האָבן דיר א קישעף אָפּגעטאָן.

און ער האָט זיך מיט זיי טאקע אָפּגערעכנט, פארמאסערט, אז די מיש־פּאָכע ראקאָוויצקי האָט געהאָלפן פיניע דעם אָגאָראָדניק פארנארן יאדזען.

אין שטוב בא די באלעבאטים זײַנען פארבליבן נאָר קינדער. אנקע איז פאר זיי א מאמע. אזאדקעוויטש קומט מיט געשרייען זי רופן אהיים. זי גייט ניט.

לויט איר כאראקטער קאָן אנקע ניט פארלײַדן קיין אוולעס. זי איז א גוטע, אן אופריכטיקע. עס האָט איר שטארק פארדראָסן, ווען זי האָט געגנו־מען פילן, אז איר מאן פירט זיך אוף ניט לײַטיש. דער קאָלבאסניק וואָיצעך קומט אים אָנריידן אף יידן. דערנאָך האָט זיך באוויזן אנטאָן מערלעס. דער האס צו א מעשומעד (זי פלעגט זאָגן — א מעשומעץ) איז בא איר פארבליבן פון די יאָרן, ווען זי האָט געלעבט אין דער יידישער מישפּאָכע. זי האָט וויפל מאָל גערעדט וועגן דעם מיט איר מאן, גערעדט מיט גוטן, גערעדט אויך מיט בייזן. עס האָט ניט געהאָלפן. דאָס הארץ האָט איר געזאָגט, אז וויבאלד דאָ איז פארמישט א „מעשומעץ", קאָן קיין גוטס ניט ארויס. און אזוי האָט זיך טאקע אויסגעלאָזט. א בילבל אף אירע באלעבאטים. זי קאָן

עס יאַקובן ניט מוחל זײַן. דערבײַ האָט זי אַ טראַכט געטאָן: גוט, וואָס זי האָט נאָך קיין קינדער ניט.

אַזאַדקעוויטש קאָן עס אָבער ניט פאַרשווײַגן. ער איז געבליבן אָן אַ ווײַב, אָן אַ באַלעבאָסטע. און וואָיצעך דער קאָלבאַסניק מיטן פעטן אָנגע־פּרעסנעם קאַרק, פון וועמען עס שמעקן די זעלבע רייכעס, וואָס פון זײַן קראָם מיט געריכערט, געבראָטן און געקאָכט פלייש, טרוקענע וווּרשטן און געפּעטלטע צינגער, — טײַנעט צום שוסטער:

— ווי לאָזסטו דײַן אייניקל זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ ייִדישער שטוב? זי וועט דאָרט אײַנגאַנצן קאַליע ווערן.

און ביידע, יאַקוב אַזאַדקעוויטש מיט זײַן כאַווער וואָיצעך קאָלבאַסניק, קומען מיט געשריי און טומל און קלאַפּן אין די טירן און פענצטער פון ראַ־קאָוויצקיס דירע, פאָדערן, אַז אַנקע זאָל גיין צוריק צו איר מאַן. זיי שרײַען און קלאַפּן, אַזש די שויבן נעמען ציטערן. אין שטוב ווײנען אין שרעק די קינדער. פאַרבײַגייער שטעלן זיך אָפּ. וואָס קומט דאָ פאָר?

— ייִדן האָבן בײַ אים (בײַ אַזאַדקעוויטשן) צוגענומען דאָס ווײַב. צוגע־נומען און ווילן ניט אָפּגעבן, — דערציילט וואָיצעך.

— האָסט קיין האַרץ ניט און פאַרמאָגסט קיין שאַנדע ניט, — ענטפערט אַ פּוילישע שכנה. — בײַ די ראַקאָוויצקיס אין שטוב זײַנען דאָך געבליבן נאָר קליינע קינדער. אויף וואָס דאַרפן זיי דײַן ווײַב?

— קליינע זשידעס זײַנען אויך זשידעס, — ענטפערט ווידער וואָיצעך. — וואָס שווײַגסטו, יאַקוב? זעץ די שויבן!

איינער פון די פּוילישע שוסטערס, וואָס לאַכט אַלעמאָל פון אַזאַדקע־וויטשן, ווען בײַ אים גייט אַראָפּ אַ שוך פון דער מאָס און ער באַשולדיקט אין דעם ייִדן, זאָגט מיט שפּאָט:

— דערצייל מיר, יאַקוב, וועמענס ווײַב ווילט איר ראַטעווען, דײַנע צי וואָיצעכס?

— מײַנע.

— איז וואָס עפּעס צווייען אויף איין ווײַב? ווער איז איר מאַן?

— טאַקע, טאַקע... ווער איז איר מאַן? — שרײַט מען פון אַלע זײַטן מיט געלעכטער, און מענטשן קלײַבן זיך אַלץ מער און מער.

דעם קאָלבאַסניק פאַרדריסט עס. ער גיט אַ כאַפּ יאַקובן פאַר דער האַנט:

— זעץ די שויבן, ברעך די טירן!

אין דער מינוט עפנט זיך די טיר, און אויף דער שוועל באַווײַזט זיך אַנקע, אַ בלאַסע, אַ בייזע, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט.

— ווער וויל ברעכן שויבן? — זי האָט אויפגעהויבן דעם שטעקן אינדער־לופטן. — ווער?

— אָט אַ כוואַטסקע, אָט אַ יונאַצקע! — האָבן זיך דערהערט שטימען.

— ווער וויל פאַרזוכן דעם שטעקן? — האָט אַנקע געפרעגט און געמאַכט אַ טראָט פאָרויס.

— גיב זיי איבערן קאָפּ! — האָט זיך אָפּגערופן די זעלבע פּוילישע שכיי־נע. — זיי האָבן די ראַקאָוויצקיס אומזיסט און אומנישט אַרײַנגעזעצט אין דער קאָזע, איצט ווילן זיי קליינע קינדער אומברענגען.

אנקע האָט געמאכט נאָך א טראָט פאָרויס און, אַנווײַזנדיק מיטן שטעקן אף איר מאַן, געזאָגט:

— דורען טי, גלופיעץ... קומען פלעגט דער קאָלבאסניק צו דיר, אָבער גלעטן פלעגט ער מיך וועלן...

נאָך די ווערטער איז געוואָרן א געלעכטער און א געשריי:

— הו, הו! ער האָט ליב קאָלבאס און פרעמדע ווײַבער!

— און ייִדן האָט ער פײַנט, דער פאן וואָיצעך, ווײַל זיי קויפן בא אים קיין כאזער ניט, — האָט דער פוילישער שוסטער צוגעגעבן, — אָבער קיין נאַר איז ער ניט, אזא שיין ווײַבל, ווי אנקע, געפעלט אים. הא, יאקוב, דײַן ווײַב געפעלט אים?

דאָ איז שוין אנקע צוגעגאנגען נאָענט צו איר מאַן און געזאָגט:

— דו, יאקוב, גיי אהיים. וועל איך וועלן, וועל איך צו דיר קומען. גיי אוועק מיט גוטן.

יאקוב האָט שטיל געפאָלגט.

— און דו, שקורא שווינסקא, האָסט מיך געוואָלט גלעטן מיט דײַנע פע־טע הענט, און איך וועל דיך גלעטן מיט א הארטן שטעקן, — זי איז שנעל צוגעגאנגען צום קאָלבאסניק מיטן אופגעהויבענעם שטעקן אין דער האנט. וואָיצעך קאָלבאסניק האָט גענומען אָפטרעטן אף צוריק. קריגן א קלאַפּ פון א פרוי, פון א קאָביעטע, — וועט דאָך אף אים פארבלײַבן א פלעק אפן גאנצן לעבן. ער טרעט אלץ אף הינטער... און אנקע נאָך אים. און ארום פײַפט מען און מע שרײַט:

— מאשעניק!

— זלאָדזשי!

— פיראַט!

— קליינע קינדער שרעקן! אָן א הארץ, אָן געוויסן!

די ראקאָוויצקיס האָבן עטלעכע מאָל געבעטן ארויסרופן אלס אײדעס אנקען, דעם שוסטער אזאדקעוויטשעס פרוי. זי קען זיי, זי ווייסט זיי. פּאָלי־ציי האָט צוגעזאָגט זי ארויסרופן, נאָר לייגט עס אָפּ פון טאָג צו טאָג.

פארשיידענע נײַסן פארשפרייטן זיך ביסלעכווײַז איבער דער שטאָט. די ארעסטירטע טײַנען איינס: זיי זײַנען ניט באגאנגען קיין פארברעכן. יאָד־זעס מישפּאָכע־לײַט לייקענען, אז זיי האָבן עפּעס א שולד אף זיך.

פאראן אָבער אײדעס, וואָס באשטעטיקן, אז פיניע מיט דער הילף פון זעליקן און פינכעסן האָבן פארנארט יאדזען און זי אומגעבראכט. פאראן אײדעס, וואָס שווערן, אז די יאדזע, וואָס לעבט, איז ניט מארישעס טאָכ־טער, נאָר רוזשעס. און ווידער זײַנען געקומען נײַע אײדעס און דערציילן, אז אין דאָרף איז געווען א יעסוימע יאדזע, וואָס איז נעלעם געוואָרן. צי איז עס ניט די זעלבע, וואָס גיט זיך אויס פאר מארישעס טאָכטער?

אלע טאָג אנדערע נײַס.

אנטאָן מערלעס דרעמלט ניט.

אָשערל בלאָנדער באוויַיזט זיך זעלטן צווישן מענטשן. און אז ער קומט אריַין אין גרויסן בעסמעדרעש דאַוונען, שטעלט ער זיך טייקעף אַף זײַן אָרט, דאַוונט פאַר זיך, שאָקלט זיך און דווייקעט זיך. דאַוונט ער אָפּ, לייגט ער גיך צונויף דעם טאַלעס־און־טפילן און ווערט גיך נעלעם. ער רעדט מיט קיינעם ניט און וויל, אַז קיינער זאָל מיט אים ניט ריידן. אַ שווערע צײַט. בילבולים. זינט מע האָט אַרעסטירט רעב דאָווידן, צו וועלכן ער פלעגט ארייַנגיין הערן נײַס, איז ער אויס מענטש. צי קאָן מע צו אים אויך ניט קומען? עפשער האָט מען אים געזען אריַינגייענדיק אָדער ארויסגייענדיק פון רעב דאָווידן? מע וועט אים אויך באַשולדיקן. שרעק האָט גרויסע אויגן.

אָבער ווּיסן, וואָס עס טוט זיך אַף דער וועלט, ווי האַלט עס מיטן בילבל, וואָס מאַכן די אַרעסטירטע, — וויל ער. ער וויל עס ניט אַזוי צוליב זיי, ווי צוליב זיך. צי דאַרף ער עפשער גאָר אַרויספאָרן צו קרויווים אין אַן אַנדער שטאָט?

ער האָט שוין אופגעהערט צו גיין דאַוונען אין בעסמעדרעש, ער דאַוונט בא זיך אין דר׳היים. ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען. אָבער ראָשעשאָנע קאָן ער דאָך ניט בלײַבן אין שטוב. און אין בעסמעדרעש קאָן ער ניט זײַן קיין שטומער, ער דאַרף ווינטשן „לעשאָנאָ טויוואָ״. פאַריינס פרעגט מען אים שוין, וואָס ווייסט ער וועגן רעב דאָווידן. שכיינים. „איר, רעב אָשערל, פלעגט אָפט צו אים אַרײַנגיין״.

פון דער פראַגע ווערט אָשערל מעוווּלוול. די ליפּן פאַרטשעפּען זיך אַזש בא אים, פּלאָנטערן זיך. ער וווּנדערט זיך:

— איך צו אים? קיינמאָל ניט! ער האָט געהאַט אַ טעווע אַרײַנצוקומען צו מיר. דערבײַ ניט געבעטענערהייט. איך צו אים?

דער פרעגער וווּנדערט זיך און רוקט זיך אָפּ אין אַ זײַט. ער ווייסט דאַפקע גוט, אַז אָשערל פלעגט קריכן צו רעב דאָווידן און רעב דאָוויד איז פון דעם געווען אומצופרידן.

אָשערל פאַרנעמט זײַן אָרט. ער פילט זיך ניט גוט. עס באַקומט זיך: ערעוו ראָשעשאָנע, פאַרן דאַוונען, פאַרן אויסבעטן אַ גוט יאָר, זאָגט ער אַ ליגן און באַרעדט אַן אָרנטלעכן מענטשן. עס נעמט אים דורך, און אַפילע אַ טרער וויל אָנקומען. ער בעט גאָט, ער זאָל אים מויכל זײַן. „דײַן קנעכט אָשער מיינט דען שלעכט, ער וויל זיך נאָר אויסהיטן פון אַ צאָרע״. אַזאַ פאַרענטפערן זיך איז פאַר אָשערלען אינגאַנצן געװנוג. ער באַרויִקט זיך. דער כאַזן שטעלט זיך באַם אָמעד. אָשערל דאַוונט מיט גרויס קאַוואָנע.

— דו ווייסט דאָך, פאָטער אין הימל, אַז איך בין פרום, ריר קיינעם ניט אָן, איך בין דיר געטרײַ. — ער וויל נאָך צוגעבן, אַז ער גיט צדאָקע, נאָר... ראָשעשאָנע, ווען גאָטס שכינע רוט אין בעסמעדרעש, קאָן ער אַזוינס ניט זאָגן. הײַנט דאַרף מען זאָגן דעם עמעס. דערפאַר אָבער, טראַכט ער, אַז נאָך יאָמטעוו, אימײַרצעהאַשעם, ערעוו יאָמקיפּער וועט ער טיילן צדאָקע אָרע־מעלײַט.

ער באַרויִקט זיך אײַנגאַנצן. און נאָכן דאַוונען ווינטשט ער זײַנע שכיי־נים אין גרויסן בעסמעדרעש א פריילעכן און האָפעדיקן „לעשאָנאָ טויווואָ".

נאָך ראָשעשאָנע, אינמיטן די אַסערעס־יעמיי־טשוווע, ווען אױף דער האַרבסטיקער ערד אַרום די ביימער זײַנען שוין געלעגן קופּעס געל־רויטע בלעטער, וואָס האָבן געשורשעט און זיך געטראָגן מיטן ווינט, און די זון, א מיד־אָפּגעשוואַכטע, ווי שוין א דורכגעזיפּטע, האָט ווייניק געלויכטן און נאָך ווייניקער געוואַרעמט, האָט צאַליע דער האַלצהעקער געעפנט די טיר פון דער פּאָליצײַ־געבײַדע און אָן קיין שום באַגריסונג גלײַך געמאָלדן:

— איך האָב געהערט, איר זוכט מיך, אָט בין איך.

מע האָט אים ניט גלײַך דערקענט. ער איז גאָרניט ענלעך געווען אױף צאַליע דעם האָלצהעקער אין די לײַנענע פּלודערן, אין דער אַלטער פאַר־לאַטעטער מאַרינאַרקע און אין די אָפּגעטראָגענע אויסגעדרייטע שטיוול. גאָר אַן אַנדער צאַליע. פאַרמעגלעך אָנגעטאָן, אַפילע שיין אָנגעטאָן. אין א הוט און אין א האַרבסט־מאַנטל אױף א זײַדענעם אונטערשלאַק. זײַנע גרויסע גרינלעכע אויגן און די צוגעקעמטע שוואַרצע באָרד רופן אַרויס צו אים אָפּשײַ.

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט געקומען?

— די לעצטע צײַט האָב איך געוווינט אין אַן אַנדער שטאָט. ניט לאַנג ערשט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מע זוכט מיך אױף באַשולדיקן. בין איך געקומען.

פאַר דער פּאָליצײַ איז זײַן קומען געווען אומדערוואַרט און אַפילע איבעריק. נאָר זיי האָבן אים, פאַרשטייט זיך, אַרײַנגעזעצט. און צופעליק צי ניט צופעליק איז ער אַרײַנגעפאַלן אין דער זעלבער קאַמערע, ווו רעב דאָוויד זיצט.

רעב דאָוויד האָט אים אויך ניט דערקענט. ערשט נאָכדעם, ווען צאַליע האָט אויפגעקלערט, ווער ער איז, האָט ער אים דערקענט, אים אָפּגעגעבן שאָלעם און זיך דערפרייט, וואָס יאָמקיפּער וועט ער זײַן ניט אַליין, נאָר מיט נאָך א ייִדן.

די גאַנצע צײַט, ביז צאַליעס קומען, האָט רעב דאָוויד געדאַוונט און געלערנט. ערשט דאָ אין דער טפיסע האָט ער באַנומען, וויפל דאַפים געמאָרע ער ווייסט אױף אויסווייניק. אויסער דאַוונען און לערנען טוירע איז רעב דאָוויד געווען פאַרנומען מיט זײַנעם א לאַנגיאָריקן פאַרלאַנג — גיין אױף קידעשהאשעם, לײַדן צוליב גאָט און זײַן טוירע. מיטן אַרײַנפאַלן אין טורמע האָט אים געדוכט, אַז דער פאַרלאַנג נעמט מעקוייעם ווערן. און צו־זאַמען מיטן זאָגן בראָכעס נאָך „מוידע אני" האָט ער אויך געזאָגט א לויב צום אייבערשטן פאַר דעם, וואָס ער האָט אים, דאָווידן, אויסגעוויילט צו דינען אים מיט לײַב און לעבן, אָנצונעמען דעם טויט פאַר גאָטס קאָוועד און זויכע זײַן, ווי רעב אַקיווע, אויסצוהויכן די נעשאָמע מיט די ווערטער „שמאַ ייִסראָעל"... מיט יעדן טאָג האָט ער זיך אַלץ מער און מער אין דעם

אײַנגעגלײבט און זיך צו דעם געגרײט. און דערבײַ ניט געפילט אין זיך ניט קײן שרעק און ניט קײן װאקלונג.

דערצו נאָך האָט רעב דאָװיד באַנומען, אַז די װעלט איז איצט קולע־כײַעװו, מאָשיַעכס צײַטן. ער האָט זיך באמית צו זײַן אינגאַנצן אָפּגעשײדט פון דער זינדיקער ערד, פון אַלץ, װאָס קומט פאַר אױסער זײַן קאַמערע. אַפילע װעגן דעם בילבל האָט ער קימאַט ניט געטראַכט. צאַליעס אָנקומען האָט אים דערמאָנט, װוּ ער האַלט אין לעבן. עמעס, די װעלט איז טאַקע קולע־כײַעװו, אָבער אַנטלױפן פון איר, זיך אױסבאַהאַלטן פון איר — קאָן מען ניט. עס איז ערעװ יאָמקיפּער. עס דאַרף געכאַסמעט װערן דאָס גוטע צעטל פאַר אַלע לעבעדיקע, דאַרף מען עס אױסבעטן, מיספּאַלעל זײַן, זיך מיסװאַדע זײַן אַף די זינד.

ערעװ יאָמקיפּער, נאָכן אָנבײַסן, פאַר מאַלקעס־שלאָגן, האָבן זײ אײנער פאַרן אַנדערן זיך מיסװאַדע געװען.

— רעב דאָװיד, — האָט אָנגעהױבן דער ערשטער צאַליע, — איך בין זינדיק. איך מוז אַלץ דערצײלן. עס שטײט מיר אין האַלדז, ניט אַראָפּצו־שלינגען, ניט אױסצושפּײַען. און זינדיק בין איך ניט צוליב מײַנע אײגענע זינד. מיר זײַנען געװען צװײ ברידער — אַ צװילינג. איך װײס ניט אַף װיפל מינוט, נאָר איך בין דער עלטערער. אַז דער עלטערער קומט אַף דער װעלט אײנער, איז ער שטאַרק אָנגעלײגט — אַ בכאָר, אַ יאַכסן. אָבער אַז ער קומט צוזאַמען מיטן יינגסטן, מיטן מיזיניק — איז שױן דער מיזיניק אַפּן ערשטן אָרט. דערבײַ איז דער מיזיניק די ערשטע צײַט געװען שװאַ־כער פאַר מיר, אױך אַ ביסל קלענער פאַר מיר. אַלע זײַנען געװען אַף זײַן זײַט, אַלץ אים נאָכגעגעבן, זיך געצאַצקעט מיט אים. ער איז אױסגעװאַקסן אַ שײנער, אַ צעבאַלעװעטער, אַ באַל־טײַװע. צו זיבעצן יאָר האָט מען אים גערעדט שידוכים. ער איז אַלע קאַלעס געפעלן געװען, נאָר די קאַלעס אים — ניט. קײנער האָט עס ניט געקאָנט פאַרשטײן... ביז ס׳איז קלאָר גע־װאָרן, אַז ער באַגעגנט זיך בישטיקע מיט אײנער אַ יעפּײפּע, אַזאַ, װאָס האָט שױן ביז אים זיך באַגעגנט מיט אַן אַנדערן. זי האָט איבער אים אַ גרױסע שליטע.

פאַר אונדזער אָנגעזעענער און פרומער מישפּאָכע איז עס געװען אַ גרױסער קלאַפּ, אַ קורבן. דער גוטער שעם פון אונדזער הױז איז גֶעפאַלן. דער טאַטע האָט זיך געשעמט גײן אין שול דאַװנען. נאָך אַ װײַטערדיקע יערידע איז געקומען שפּעטער. די יעפּײפּע האָט געהאַט אַ יינגל. דער ברוד־דער האָט זיך קאַמע־מאָל געשװאָרן, אַז ס׳איז ניט זײַן קינד. און די יעפּײפּע מיטן שײנעם פּענעמל און מיטן זיסן שעמען־זאַיס־קעלכעלע האָט אױך גע־שװאָרן, אַז ס׳איז יאָ זײַנס.

װאָס פאַר אַן אױסזען מיר האָבן דעמלט געהאַט באַ מענטשן, איז צו פאַרשטײן פון דעם, אַז יינגלעך האָבן אונדזער טאַטן נאָכגעשריען: מאַמזער!

דער יינגערער ברודער, שמוליק האָט מען אים גערופן, האָט זיך באַ־טראַכט, אַרױסגענומען פון טאַטנס קאַסע אַ היפּשע אַפּױטעקע און איז נע־לעם געװאָרן.

מיט דעם האָט ער שױן אינגאַנצן פאַרקירצט די יאָרן פון טאַטע־מאַמע. זײ זײַנען אַרומגעגאַנגען, װי די שאָטנס.

אין א יאָר אַרום, נאָך דעם, ווי זי האָט דאָס קינד אַנטוויינט, איז די יעפּייפע געקומען צו מײַנע עלטערן און געזאָגט:

— וואָס עס איז געווען אין מײַנע קויכעס, האָב איך געטאָן. איצט נעמט דאָס קינד און האָדעוועט עס.

נעמען עס אין שטוב אַרײַן האָבן אונדזערע ניט געוואָלט. עס איז דעריבער פאַרבליבן, אַז די יונגע מאַמע גיט אָפּ איר קינד עמעצן אויף האָדעווען, און אונדזער מישפּאָכע וועט דערפאַר צאָלן, וויפל מע דאַרף.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז פון שמוליקן אָנגעקומען אַ מיכטעוו, די איינציקע יעדיִע פון אים. ער האָט געגעבן צו וויסן, אַז ער פילט זיך ניט גוט. זײַנע יאָרן זײַנען געציילטע. דעריבער אײַלט ער זיך, כאָטש לעאַכער־האַמײַסע, מוידע צו זײַן, אַז דאָס קינד איז זײַנס.

דאָס איז געווען דער לעצטער קלאַפּ פאַר טאַטע־מאַמע. און אין מעשעך פון איין יאָר האָבן ביידע אומגעקערט זייערע נעשאָמעס צום בוירע־אוילאָם.

רעב דאָוויד, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געהערט און געשוויגן, האָט אַ קרעכץ געטאָן.

צאַליע האָט ניט געוואָלט, אַז רעב דאָוויד זאָל אים איבערשלאָגן אינמיטן, האָט ער געענטפערט אויך מיט אַ זיפץ און פאָרגעזעצט:

— און דאָ הייבן זיך אָן מײַנע זינד, כאָטש איך אַליין האָב ניט געזינדיקט. די גאַנצע צײַט, זינט עס איז געשען מיטן ברודער די מײַסע מיט דער יעפּייפע, האָבן די עלטערן געהאַט צו מיר אַ טײַנע — איך בין שולדיק! איך בין דער עלטערער, איך האָב געדאַרפט אויף אים אַכטונג געבן, זען, אין וועלכן דערעך ער גייט. איך בין שולדיק! די ערשטע צײַט האָב איך דערווידערט. מאַ כאָטאָסי, מיט וואָס האָב איך געזינדיקט, אין וואָס בין איך שולדיק? פאַר זיי איז קיין שום טערעץ ניט געווען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז פאַר זיי איז לײַכטער, ווען עמעצער איז שולדיק אין דער שולד פון זייער געליבטן זון, וואָס אין זייערע אויגן איז ער שטענדיק געווען מאַלע־כיין. איך האָב עס אָנגענומען פאַר ליב, געוואָלט מיט דעם לינדערן זייער ווייטעק. און זיי האָבן, וואָס ווײַטער, אַלץ מער געגלייבט — איך בין שולדיק! פאַרן טויט האָט מיר דער טאַטע געזאָגט: „קויף אויס די זינד פון דײַן ברודער, אין וועלכע דו ביסט אויך שולדיק. צאָל אויס דאָס געלט פאַרן ייִנגל”. איך האָב צוגעזאָגט. געשען איז אָבער אַזוי, אַז אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום איז די יעפּייפע אַוועקגעפאָרן. גערעדט האָט מען, אַז זי איז געפאָרן צו איר ערשטן געליבטן כאָסענע האָבן. מיט איר אָפּפאָרן האָט מען שוין ניט געוווסט, ווו דאָס קינד געפינט זיך און וועמען מע דאַרף צאָלן. דעמלט האָב איך באַשלאָסן פאַרלאָזן יענע שטאָט. איך בין אַריבערגעפאָרן אַהער און בין אַוועק צום אַלטן ראָוו, רעב אוויגדער, זיכרוינע־ליווראָכע, נאָך אַן אייצע. איך האָב אים אין אַלץ געפּאָלגט. איך האָב אויך אויסגעפילט זײַן באַקאָשע צו זאָגן קאַדעש נאָך אים. און אויך זײַן פאַרזאָג, אַז נאָך זײַן פּטירע זאָל איך זיך אומקערן צוריק צו מײַן פריִערדיק לעבן.

רעב דאָוויד האָט געמיינט, אַז מיט דעם איז געענדיקט. ער האָט זיך פאַרטראַכט, ווי ער זאָל צונויפקלײַבן זײַנע געדאַנקען אויף געבן אַן ענטפער. נאָר צאַליע האָט פאָרגעזעצט:

— ניין, מיט דעם ענדיקן זיך ניט מײַנע זינד. קומענדיק צוריק אין יענער שטאָט, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די יעפּייפּע האָט זיך אומגעקערט אהיים. זיך אומגעקערט מיט א מאַן און מיט קינדער. און אויך מיט גרויס אשירעס. ניט לאַנג געטראַכט, בין איך צו איר אַוועק זיך נאָכפרעגן, ווו דאָס ייִנגל געפינט זיך און ווּעמען דאַרף מען צאָלן. זי האָט מיך זייער גוט אופגענומען, אָן א שיר מאָל געדאַנקט פאַר מײַן זאָרג וועגן ייִנגל. זי, פון איר זײַט, איז געווען נאָך מער פאַרזאָרגט. אַזויפיל צײַט ניט געצאָלט... ווער ווייסט, ווו דאָס קינד איז אהינגעקומען? זי האָט מיר טייקעף געגעבן דעם אדרעס און א בריוועלע צו יענער פרוי, בא וועמען דאָס קינד איז געבליבן. זי האָט געגעבן א כיילעק געלט, און איך — א כיילעק. אַזויאַרום בין איך ווידער געקומען צו אײַך אין האראָדנע, ווו יענע פרוי וווינט. איך האָב זי געפונען. זי האָט זיך זייער שטאַרק דערפרייט. ערשטנס, מיטן געלט. אָבער נאָך מער מיט דעם, וואָס זײַן מאַמע האָט זיך וועגן אים דערמאָנט, וואָס א פעטער האָט זיך געפונען. די פרוי, ניט קיין ייִדישע, נאָר קען א ביסל ריידן ייִדיש, האָט מיר אָפּנהארציק וועגן אַלץ דערציילט, וועגן זיך און וועגן מײַן פּלעמעניק דאָווידל טאָוושע. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט אנטאָן מערלעס און איז אויך אַן איידעס, אַז פיניע דער אַגאַראָדניק מיט אַלע איבעריקע ארעסטירטע האָבן פאַרנאַרט דאָס מיידל יאַדזשע און זי אומגעבראַכט. „ראַטעוועט אים! — האָט זי זיך געבעטן. — איך בין ניט זײַן מאַמע, אָבער מײַן קינד איז ער. איך האָב אים אויסגעהאָדעוועט״.

— נו? — האָט רעב דאָוויד פאַרגעסן, אַז צאַליע איז זיך פאַר אים מיסוואָדע. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער מײַסע גופע, געוואָלט וויסן, וואָס ווײַטער וועט זײַן.

— גאָט צו דאַנקען! דער זכוס פונעם אַלטן ראָוו, רעב אוויגדער, זיכרוינע־ליוואָראָכע, איז בײַגעשטאַנען (איך בין בא אים אַפּן קייווער געווען). פון אָנהייב האָט דאָווידל מיט מיר ניט געוואָלט ריידן. ער וויל מיטן וואָרצל צוזאַמען אַרויסרײַסן זיך פון דער פריִערדיקער סוויווע. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז זײַן מאַמע וואַרט אַף אים, זי רופט אים, זי האָט אים ליב, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג.

„מאַמע?״

איך האָב אים דערציילט, אַז די פרוי, וואָס האָט אים דערצויגן, איז ניט זײַן מאַמע. זײַן מאַמע איז...

זײַנע אויגן האָבן א לויכט געטאָן מיט איבעראַשונג און מיט פרייד.

„מאַמע! ווו איז מײַן מאַמע?״

איצט, גאָט צו דאַנקען, געפינט ער זיך שוין בא זײַן מאַמען. און איך בין דאָ, מיט אײַך צוזאַמען אין קאַמערע.

15

נאָך צוויי יאָר פאָרשן און אויספאָרשן, ווען אַלץ איז געווען קלאָר געוואָרן, האָט מען איך דער שטאָט גראָדנע, וואָס אַף ייִדיש רופט מען זי האראָדנע, געקאָנט אָפּט הערן:

— גאָט שיקט צו די רעפּוע פאַר דער מאַקע.
די מאַקע איז באַשטאַנען אין אַנטאָן מערלעסן, אַזאַדקעוויטשן און וואַי־צעכן, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט דער פּאָליצײ געשאַפן דעם בילבל.
די רעפּוע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאַווידל האָט פאַרשטאַנען זײַן טאָעס און האָט וועגן אַלץ דערציילט; אין אַנקען, וואָס איז אַוועק פון איר מאַן און האָט איידעס געזאָגט, ווי אַזאַדקעוויטש, וואַיצעך און אַנטאָן מער־לעס האָבן דעם בילבל צוגעגרייט. די רעפּוע איז באַשטאַנען אויך אין דעם, וואָס אַנטאָן מערלעס האָט באַשולדיקט אַ גאַנצע קריסטלעכע מישפּאָכע אין פאַרברעכן. דאָס האָט בײַ אַלעמען אַרויסגערופן גרויס צווייפל.
פון פּעטערבורג איז אַראָפּגעקומען אַ ספּעציעלער שאַליעך באַטראַכטן דעם איניען. אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום נאָך זײַן אומקערן זיך אין דער הויפּטשטאָט איז פון דאָרט אָנגעקומען אַ באַפעל: די אַרעסטירטע באַפרײַען, אַזאַדקעוויטשן אַרײַנזעצן אויף אַ יאָר טפּיסע (אַנקע, כאָטש זי איז פון אים אַוועק און וועט זיך צו אים מער ניט אומקערן, טראָגט אים אַלע טאָג עסן, דערבײַ אַלץ קאָשער פון די ראַקאָוויצקיס קיך). אַנטאָן מערלעסן פאַר אַ פאַלשער איבערזעצונג פון „שולכאָן אָרוך״ — אָפּגעבן אין סאָלדאַטן. וואַי־צעכן האָט אָפּגעגליקט (ווי אַלע קאָלבאַסניקעס), וועגן אים האָט מען פאַר־געסן. און אינגיכן וועט ער געוויס ווידער שטיין בײַ דער טיר פון זײַן קראָם און שרײַען: „שאַנאָוונע פּאַנאָוויע, הערט אויס, וואָס עס זאָגט אײַך פּאַן וואָיצעך. פּאַן וואָיצעך זעט אַלע שווינדלער און מאָשעניקעס אויף דורך און דורך...״

די אַרעסטירטע האָט מען טאַקע באַפרײַט, נאָר ניט אַלע זײַנען אַהיים געקומען. דער מעלאַמעד רעב כאַיִם איז אין טורמע געשטאָרבן פון שווינד־זוכט. זײַן פרוי, פריידע, איז געוואָרן אַן אַלמאָנע און זײַן זון, מענאַכעם, אַ יאָסעם.

אויפן האָלץ־מאַרק האָט מען שוין אַ לענגערע צײַט געזען אַ נײַעם האָלצ־הענדלער און אויך אין לײַנענע פּלודערן און צעריסענע שטיוול. ער איז גע־שטאַנען מיט זעג און האַק און געוואַרט, אַז עמעצער זאָל אים דינגען צעהאַקן אַ וואָגן האָלץ.
די רוסישע פרוי, וואָס רעדט צו זיך אַליין, האָט אים דערזען און זיך פאַרקלאָגט:
— אַזאַ נאַרישקייט... איך האָב געגעבן מײַן גוטן סייכל אויף אַ שלעכטן. אויף אַ נאַרישן געביטן, אויף גאָר אַ נאַרישעוואַטן, אַ דוראַשלעוון... צוליב וואָס? פאַרוואָס האָב איך געביטן?
און ריווקע־ראָכל, וואָס קען אַזוי גוט נעמען קינדער בײַ געווינערנס, האָט, דערזעענדיק אויפן מאַרק העשל דעם סטאָליער אַ מידן און פאַרעל־טערטן, אים געזאָגט, ווי אַ טרייסט־וואָרט:
— העשל, נעמט זיך ניט צום האַרצן. דאָס לעבן אויף דער־וועלט איז דאָך נאַריש, נאָר דורך דער נאַרישקײַט מוז מען דורכגיין.

אין א צײַט ארום איז בא זעליקן און ליבע־שעװען אין שטוב פאָרגע־קומען א סימכע — בערעלע איז געװאָרן בארמיצװע. די סימכע איז גע־פראװעט געװאָרן מיט דער ברײטער האנט. די הױפּט־געסט זײַנען געװען פּינכעס מיט מאלקען און זײערע קינדער.

סאָרעלע איז די מאמע מאלקע אױסן אױג. א שװארצכײנעװודיקע, מיט העלע בעקלעך און גוטע אױגן. בערעלע איז געראָטן אין טאטן זעליק — א גיכער און באװעגלעכער, מיט אױגן, װאָס זעען אלץ. װען די קינדער האָבן זיך באגעגנט מיט די בליקן, האָבן זײ די אױגן אראָפּגעלאָזט און זיך גערױטלט. בא בײדן איז געװען דאָס געפיל, אז זײ װעלן אמאָל זײַן צוזא־מען. און ריכטיק: אין א יאָר פיר־פינף ארום זײַנען זײ געװאָרן כאָסן־קאלע.

## דרײַ

איך טאנץ אנטקעגן דיר,

און דו טאנצסט אנטקעגן מיר...

1

ביז כאָסן־קאלע איז נאָך װײַט.

נאָך מײדלװײַז, װען סאָרעלען פלעגט צופעליק אױסקומען זיך באגע־גענען מיט בערל פעדער, האָט זי זיך שטענדיק געװונדערט: פארװאָס איז ער אזױ ערנסט? אפילע װען ער לאכט, באקומט זיך, װי עמעצער האלט אים אײַן און לאָזט אים ניט האָבן די פולע האנאָע פונעם לאכן. סאָרעלע װיל פון אלץ האנאָע האָבן. פאר איר איז גענוג, אז זי װיל — װעט עס זײַן. אזױ איז זי געװױנט בא דער מאמע מאלקע, װאָס װיל אלײן אױך האנאָע האָבן פון לעבן, געניסן פון אלע גוטסקײַטן און אױסנעמען מיט איר שײנקײַט.

בערעלען האָט סאָרעלע ליב. זי האָט אים פארגעדענקט פון דער באגע־געניש בא דער טורמע. פון דעמלט אָן האָט זי אים פאר זיך גערופן „בע־רעלע, בערענקע, בערטשיקל...” אין אירע פארלאנגען איז סאָרעלע א דרײסטע: אזױ װיל זי, אזױ געפעלט איר. די מאמע מאלקע איז אריבער אין דער טאָכטער סאָרע.

בא בערל פעדער האָט זיך באקומען אנדערש. דער טאטע זײַנער זעליק איז געבאָרן געװאָרן מיטן גלױבן און מיטן געפיל פון טאָן און אופטאָן, כאָטש קײן באשטימטער ציל, װאָס צו טאָן, איז ניט געװען. שפּעטער איז אױך געקומען אנטױשונג. און נאָך שפּעטער: דער פארלאנג צו ענדערן דעם קרומען גורל, אָבער אָן דעם װיסן, װיאזױ און װאָס צוליב דעם טאָן.

דער טאטע זעליק האָט צו דערמאָנען אזױנס, װאָס גײט ארױס פון הײמישן געדער: געװען א פארטיזאן בא דעניס דאװידאָװון, אָנפירער פון דער שטאָט־פּאָליצײ, אומשולדיק געזעסן אין טפיסע.

בערעלעס דערמאָנונגען זײַנען, פאַרשטייט זיך, דערוויַיל נאָר היימישע און דערצו גאָרניט קיין פריילעכע. בילבולים, פּאָגראָמען, טישעבאָוו, בעסאַלמען, געבעט און געוויין. ער האָט ליב דעם טאַטן, די מאַמע, דעם זיידן, די באָבע. די שטוב, ווו ער וואַקסט, איז אים טײַער. נאָר אָט מיט גאָט האָט בא אים עפּעס געטראָפן... ער פאַרשטייט ניט: „גאָט שיקט צו די רעפוּע פאַר דער מאַקע״. צי איז אָבער ניט בעסער און ניט גלײַכער אינגאַנצן אָן א מאַקע?

בערעלע לערנט זיך שניצערײַ באַם זיידן. ער אַרבעט פלײַסיק, ער האָט עס ליב. און דער זיידע לעבט שוין איצט ניט מיט זײַן אייגענער אַרבעט, נאָר מיטן אייניקלס. און זאָגט עמעצער א גוט וואָרט וועגן בערעלען, וואַקסט דער זיידע פון פרייד.

בא מאַלקען אין שטוב:

— מאַמע, זע, סאַראַ שיינער פרילינג־טאָג איז הײַנט. קום צום ניעמאַן. מירן גיין איבער דער בריק. מירן אַרויסגיין אין פאַרשטאָט... — בעט זיך סאָרעלע.

— גוט, מײַן טאָכטער, מירן גיין. אָבער פאַרוואָס איבער דער בריק? פאַרוואָס אין פאַרשטאָט? קום צו די קאָלאָזשעס, צום קאַזאַקישן קלויסטערל, אין וואַלד...

— אין פאַרשטאָט איז פאַראַן א הויכער באַרג, מאַמע.

— אף די קאָלאָזשעס זײַנען דורכויס בערג.

— אף די קאָלאָזשעס האָבן מיר קיין באַקאַנטע ניט.

— און אין פאַרשטאָט?

— ליבע־שעווע.

— אויב אַזוי, איז קום, מײַן קינד. טאַקע לאַנג ליבע־שעווען ניט געזען.

וועגן דעם, פאַרוואָס סאָרעלע וויל גיין צו ליבע־שעווען אין געסט, שטויסט זיך אָן די מאַמע. סאָרעלע איז אָבער ניט פון די, וואָס שעמען זיך. זי וויל טאַקע זען בערעלע פעדער. איבער דער בריק גייט זי מיט דער מאַמען, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, זי קוקט אַרײַן איבער דער פּאַרענטש אין וואַסער, באַטראַכט די פישער אין די שיפלעך און פאַר זיך שעפּטשעט זי: „בערעלע, בערטשיקל, בערענקע...״ און אַלע, ווער עס באַגעגנט זיי אין וועג, באַמערקן די ענלעכע שיינקײַט פון דער מאַמען מיט דער טאָכטער.

— געסט, געסט! — באַגעגנט זיי ליבע־שעווע. — טײַערע געסט.

ליבע־שעווע שטייט באַם טיש מיט א ווײַס פאַרטעכל, פאַרבונדן בא די לענדן, און וואַלגערט א בלאַט לאָקשן. אין שטוב שמעקט מיט געפילטע פיש, וואָס שטייען אין א פאַן אף א דרײַפוס און קאָכן זיך. ליבע־שעווע איז צופרידן פון די געסט, ניט ווינציקער איז זי צופרידן פון דעם, וואָס די געסט זײַנען געקומען דאַפקע הײַנט, ווען עס קאָכט זיך פיש, ווען זי וואַלגערט לאָקשן, גאָר ווי אין א נעגידישער שטוב. זי איז ניט מעכוּיעוו פאַר קיינעם אַרויסצוווײַזן די באַשיידענע פאַרנאָסע פון איר מאַן.

ליבע־שעווע מיט מאַלקען שמועסן צווישן זיך. סאָרעלע גייט אַרײַן אין צווייטן צימער, וווּ בערעלע אַרבעט. פון זײַן אַרבעט איז זי צופרידן, איר געפעלט אַלץ.

— מאַמע, מאַמע, זע, ווי שיין, זע, ווי גוט! עמעס, מאַמע?

און אַ צווייט מאָל, ווען סאָרעלע מיט דער מאַמען זײַנען געקומען צו ליבע־שעווען אין געסט, האָט סאָרעלע בא בערלען אויפן טיש געזען אַ צייכענונג, געמאַכט מיט אַ בלײַער.

— דאָס בין איך דאָך! — האָט זי אויסגעשריִען און איז מיט דער צייכענונג אַרײַנגעלאָפן צו דער מאַמען.

— מאַמע, זע! דאָס בין איך. עמעס?

— עמעס, מײַן קינד.

— גאָלדענע הענט בא בערלען! — האָט סאָרעלע עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט. דערנאָך האָט זי בא אים געבעטן:

— שענק מיר עס, בערעלע.

ער האָט פאַרשעמט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ״.

ביידע מאַמעס פאַרשטייען, אַז די קינדער זײַנען ניט גלײַכגילטיק איינער צום אַנדערן. זיי זײַנען פון דעם צופרידן און ווײַזן אַרויס קרויווישע געפילן. און דאָך... די געדאַנקען זאָגן אונטער נאָך עפּעס.

מאַלקע: עס קאָן דאָך טאַקע דערגיין צו כאָסן־קאַלע... פון וואָס וועלן זיי לעבן? פון די מענטשעלעך, וואָס ער מאַכט?

ליבע־שעווע: סאָרעלע איז אַ צעבאַלעוועטע, אַ פּריצטעלע, ניט געוווינט צו פּראַצע.

2

אין בערעלעס קליין וועלטל, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער שטוב און ענדיקט זיך מיט דער אַלטער הילצערנער שול, האָט זיך אומגעריכט אַרײַנגעריסן די גרויסע וועלט. אין איינעם אַ קאַלטן און שטילן ווינטער־טאָג (נאָך פאַרן בילבל), ווען דער ניעמאַן איז שוין געלעגן אײַנגעקרעמפּעוועט אין אײַז, די שינדל־דעכער פון די הײַזער פאַרדעקט מיט שניי, די ליכטיקע פענצטער פאַרמאַכט מיט לאָדנס און דער רויך פון די קוימענס האָט זיך רויִק געצויגן צום הימל, איז זעליק אָנגעקומען פון דער אַרבעט אהיים מיט אַ נײַס: אין פּעטערבורג זײַנען אָפיצערן אויפגעשטאַנען קעגן דעם נײַעם קייסער.

אָט די נײַס האָט אין שטאָט אַרויסגערופן אַ גרויסע איבעראַשונג:

— קעגן קייסער!

— מע מעג דען?

— מע קאָן דען?

בערעלע האָט עס ביכלאַל ניט געקאָנט באַנעמען. גאָט איז הייליק! און אַ קייסער איז הייליק! עס האָט זיך ניט אײַנגעלייגט אין זײַן יינגלשן מויעך. נאָר אָט איז אַוועק אַ ביסל צײַט, די ערשטע איבעראַשונג איז אַריבער,

און באם ייִנגל איז פארבליבן דער איינדרוק, אז טאָרן — טאָר מען טאקע ניט, אָבער קאָנען, אפּאָנעם, — קאָן מען.

דער זיידע האָט זיך געוווּנדערט: בערעלע האָט אויסגעשניצט א סאָלדאט מיט א פּיקע. ס'איז גאָרניט געווען ענלעך אף דעם זיידנס שטילע און רויִקע קליאָן־ און דעמבן־בלעטער, היימישע ראָמאשקע־ און גאָסטורציע־בלומען.

א גרעסערע איבערראשונג איז געווען דער פּוילישער אופשטאנד פון 1830 — 1831. אין גראָדנע האָט מען עס שטארק געפילט, כאָטש גופא אין דער שטאָט איז ווינציק־וואָס געשען (די שילער פון דער גייסטלעכער גימנאזיע האָבן א ביסל געבונטעוועט). דער אָטעם אָבער פון ווארשע איז אהער געקומען א הייסער, א קאָכיקער.

אין דער אלטער הילצערנער שול האָט בערעלע צווישן מינכע און מייִ־רעוו געהערט, אז אין ווארשע זיינען אויך ייִדן צוגעשטאנען צום אופשטאנד און אז בערעק יאָסעלעוויטשעס זון (דערביי האָט מען דערמאָנט, ווער בערעק איז געווען — א קאָמאנדיר פון א ייִדישן פּאָלק פרייוויליקע אין קאָסטיושקאָס אופשטענדלערישער ארמיי), יוזיע, וועט מיסטאמע זיין אן עסקאדראָן־קאָמאנדיר אין א מאזורער פּאָלק.

דאָס, וואָס מע קאָן ארויסטרעטן קעגן א קייסער, איז שוין געווען ווינ־ציקער איבערראשנד. א נייס איז אָבער געווען, וואָס די פּוילישע באפעל־קערונג טרעט ארויס קעגן, וויל באפרייען די פּוילישע מעלוכע; וואָס ייִדן העלפן, נעמען אָנטייל. א ייִד — א פּאָלקאָווניק. זיין נאָמען איז געווען בע־רעק, בערל, הייסט עס. זיין זון — אן עסקאדראָן־קאָמאנדיר. בערל האָט וועגן וואָס צו טראכטן. דערביי האָט מען זיך דערוווּסט, אז אין גרויסן בעסמעדרעש האָט רעב דאָוויד געזאָגט: א הייליקע זאך טוען די פּוילישע, זיי שלאָגן זיך פאר זייער מעלוכע. מע האָט אויך דערציילט, אז ווי נאָר אַשערל בלאָנדער האָט עס דערהערט, האָט ער געכאפּט זיין טאלעס־זעקל און איז טייקעף נעלעם געוואָרן.

און איינמאָל...

דער טאטע דארף קומען אהיים פון דער ארבעט. ווי שטענדיק, שטייט די מאמע באם פענצטער און קוקט אף אים ארויס, זי דערזעעט אים, און איר פּאָנעם ליכט אוף. לויט זיין אויסזען דערקענט זי, אז ער קומט מיט נייס. זי נעמט גרייטן צום טיש און זינגט אונטער פאר זיך א לידעלע. אין שטוב איז די בעסטע צייט, ווען אלע זיצן באם טיש מיט טאטע־מאמע צוזאמען. דער טאטע דערציילט, און די מאמע הערט. זי הערט ניט נאָר מיט ליבע, נאָר אויך מיט דערעכערעץ. הייַנט, אז דער טאטע האָט נאָר א ביסל איבער־געביסן, האָט ער דער מאמען דערציילט נייע איינצלהייטן וועגן דעם פּוי־לישן אופשטאנד און דערביי צוגעגעבן:

— אפּאָנעם, ליבע־שעווע, אז דאָס איז דער וועג צום ענדערן א גורל.

די דאָזיקע ווערטער האָט בערעלע גוט פארגעדענקט. באם טיש האָט ער ניט איין מאָל געהערט, ווי דער טאטע דערציילט דער מאמען וועגן זיינע זוכענישן, ווי צו ענדערן א גורל. הייַנט האָט דער טאטע גע־פונען.

פינכעס באס מיט זײַן פרוי מאלקע, מיט די קינדער זײַנען געקומען כאנעקע צו זעליק פעדער אף לאטקעס. די געעפנטע טיר האָט ארײַנגעלאָזט א סאך קעלט, אָבער קיינעם האָט עס ניט געארט. אין שטוב איז גלײַך געוואָרן פריילעך און רוישיק. פּינכעס און מאלקע זײַנען געקומען ניט מיט קיין ליידיקע הענט, זיי האָבן געבראכט כאנעקע־מאטאָנעס פאר די קינדער. דאָס האָט ארויסגערופן אזא פרייד, אז די קינדער האָבן זיך לאנג ניט געקאָנט בארויִקן. סאָפקאָלסאָף האָט מען זיך אויסגעזעצט ארום טיש אונטערן ליכטיקן לאָמפּ. אפן טיש האָט מען געשטעלט לאטקעס פאר אלעמען און מאשקע פאר די עלטערע. ס'איז געוואָרן שטארק געמיטלעך און יאָמטעווודיק ווארעם. (די מענוירע מיט די ליכטלעך איז געשטאנען אפן פענצטער).

פינכעס האָט דערציילט נײַס. און ווײַל אפן הארצן איז אים געווען יאָמטעוודיק און גרינג, דערציילט ער, ווי אלעמאָל אין אזא פאל, פריילעך און לעבעדיק. אלע הערן אים.

— די פוילישע אדעליקע פאָרן פון הארָאדנע קיין ווארשע, ארײַנצוטרעטן אין דער ארמיי.

ווענן דעם האָט מען שוין, אייגנטלעך, געהערט אויך פריִער. א נײַס איז אָבער געווען דאָס, וואָס ער האָט צוגעגעבן א ביסל שפּעטער.

— צאליע קאדיש, אונדזער געוועזענער האָלצהעקער, אונדזער געוועזענער לאמעדוואָווניק, פאָרט דאָך אויך קיין ווארשע. ער וויל ארײַנטרעטן אין דער פוילישער ארמיי. און הערט נאָר, וואָס צאליע האָט געזאָגט פאר מענטשן: ווען ייִדן העלפן פוילן ווערן פרײַ און זעלבשטענדיק, וועט פוילן העלפן די ייִדן ווערן פרײַ און גלײַכבארעכטיקט.

די עלטערע ארום טיש קוקן זיך איבער און שמייכלען. זיי געפעלט עס. די קינדער הערן און שווײַגן. צו זיי דערגייט עס אויך גוט.

— אין גרויסן בעסמעדרעש, — גיט צו פינכעס, — האָט אים רעב דאָוויד געבענטשט און געווונטשן א גליקלעכע רײַזע. דער מאגיד אָבער האָט גענומען זאָגן שטראָף־רייד: ס'איז קעגן מאלכעס.

דער אופשטאנד ווערט נעענטער, אייגענער. באזונדערס פילט זיך עס איצט באם פריילעכן טיש מיט דער גרויסער שיסל געשמאקע לאטקעס, אין וועלכער ליבע־שעווע לייגט אלע ווײַלע צו נאָך פרישע און נאָך הייסע.

— א ביסעלע יאש פאר צאליעס רײַזע, — זאָגט פינכעס. — ער איז דאָך אונדזערער, א שטיק הארָאדנער אייגנס. ווער קען אים ניט? און ווער ווייסט אים ניט? וועלכע שטאָט, זאָגט מיר, האָט געהאט אזא האָלצהעקער?

די עלטערע טרינקען אויס צו קאפּעלעך.

— אויב דער האָלצהעקער פון דער שטאָט פאָרט קיין ווארשע אין דער ארמיי, איז ער דאָך א שאָליעך פון קאָהאָל. דערבײַ איז ער דער ערשטער און ניט דער לעצטער.

— ניט דער לעצטער? — פרעגן עטלעכע מיטאמאָל.

און פינכעס ענטפערט:

— ארקע דער פורמאַן, וואָס פירט אָפּ צאַליען אף זײַן שליטן קיין וואַרשע, האָט גאָר כײשעק דאָרט צו פאַרבלײַבן און מיט זײַן פערד און שליטן אַרײַנטרעטן אין דער אַרמײ.

סאָרעלע קוקט אף בערלען. בערל קוקט אף פּינכעסן און אפן טאַטן.

צאַליע װײסט, אַז מענטשן באַטראַכטן זײַן פאָרן קיין װאַרשע פאַר אַ העלדישקײַט. ער נעמט עס ניט אָן.

די לעצטע יאָרן איז ער געװוינט צו הערן װעגן זיך ניט װאָס אַנדערע זאָגן װעגן אים, נאָר װאָס ער אַלײן טראַכט װעגן זיך. און ער אַלײן טראַכט, אַז זײַן לעבן האָט ער אָפּגעגעבן אַנדערע: אָפּגעקומען פאַר אַ ברודער, געזעסן צװײ מאָל אין טפיסע אומזיסט און אומנישט... אַלײן איז ער פאַרבליבן אָן אַ מישפּאָכע און, אויב זאָגן דעם עמעס, אָן אַ טאַכלעס אין לעבן. װײל ער שוין אויך אף װײַטער ברענגען נוצן פאַר אַנדערע. װי ער פאַרשטײט, װעט ער מיט זײַן אַרײַנטרעטן אין דער אַרמײ טאָן גוטס פאַר ייִדן. זײַן בײַשפּיל װעט מען נאָכטאָן. מיט אַזױנע געדאַנקען איז ער געגאַנגען צו אַרקע דעם פורמאַן זיך ענדגילטיק צונױפרײדן װעגן דער רײַזע.

באַ אַרקען אף דער שאַלקע איז אַזױ הײס, אַזױ אָנגעהײצט, אַז די הײמישע גײען לײַכט אָנגעטאָן. עס שמעקט דאָרט מיט לײַב און מיט שװײס און אויך מיט אַרקעס ליולקע־רױך.

די סטעליע איבערן קאָפּ איז נידעריק. אין אײניקע ערטער, נעענטער צו די װענט, הענגט זי איבערן קאָפּ, אַז מע מוז זיך אײַנבײגן. אין דעם גרױסן שאַלקע־צימער שטײען באַ די װענט בעטן, קושעטקעס, טאָפּטשאַנעס. זעקס מענטשן שלאָפן דאָ. אַרקע מיטן װײַב, צװײ זין און צװײ טעכטער.

די זין — געזונטע, שטײַף־בײנערדיקע, בײדע שמידן, װאָס אַרבעטן צוזאַמען אין אַ קלײנער שמידערײַ.

די טעכטער — מאַנצבלש־פעסטע מײדלעך, מיט שװאַרצע לעבעדיקע אויגן, זעען אויס מיט זײערע פולע און שטײַפע בוזעמס, מיט די רויט־ראָזלעכע בעקלעך, װי זאַפטיקע קאַװענעס, װאָס קאָנען פון רײַפקײַט פּלאַצן. זײ העלפן דעם טאַטן אײַנשפּאַנען דאָס פערד אין װאָגן. און קענען אויך אופהײבן באַ די ברידער אין דער שמידערײַ דעם שװערן האַמער און אַ זעץ טאָן איבערן אָנגעגליטן אײַזן, אַז פונקען זאָלן פליִען. דערפאַר זײַנען זײ שװער אין איװרע. דינים און מינהאָגים, װאָס אַ ייִדישע פרױ דאַרף װיסן, זײַנען צו זײ אַריבער פון דער מאַמען, װי שטײגער־לעבן, אָן געטלעכקײַט.

די זין זײַנען דערװײַל כאַסאַנים אָן קאַלעס, און די טעכטער — קאַלעס אָן כאַסאַנים.

צאַליע איז געקומען צו אַרע פורמאַן אין שטוב, װען די גאַנצע מישפּאָכע איז אין אָװנט געזעסן אַרום טיש. די מײדלעך האָבן זיך טײקעף אופגעשטעלט פון די ערטער און זײַנען שנעל אַװעק צום װינקל, װאָס איז פאַרשטעלט מיט אַ פאָרהאַנג, אָנצוטאָן די קלײדלעך.

די זין האָבן לאַנגזאַם זיך אופגעהויבן און מיט ניט געײַלטע טריט צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, ווו אונטער א לײַלעך הענגען זייערע מאַרי־נאַרקעס, און זיי אָנגעצויגן אף זיך. ארקע איז געבליבן זיצן, ווי פריער, אָן א רעקל, אין א העמד און אין א וועסטל. ארקעס פרוי, צירל, ווי נאָר זי האָט דערזען דעם גאַסט, האָט זי אויסגעשריען: „אוי, א כורבן" און איז אוועקגעלאָפן צו די מיידלעך אונטערן פאָרהאַנג זיך אָנטאָן א קליידל — זי איז געווען ניט מער, ווי אין אַן אונטערקליידל.

ארקעס פרוי, צירל, איז מיידלוויַיז געווען ענלעך אף אירע טעכטער. נאָך איצט זײַנען אירע אויגן לעבעדיקע און לויכטנדיקע. זי איז נאָר גע־וואָרן ברייטער און שווערער. אָבער ווי זי זאָגט אליין פאַר אירער א כאַווערטע, אויך א פרוי פון א פורמאַן, ווייסט זי נאָך, וואָס א מאַנצבל באַדאַרף.

צאַליען האָט מען אײַנגעלאַדן צום טיש.

— רעב צאַליע, פאַר א יאַזדע דאַרף מען זיך צוזעצן, עס זאָל זײַן מאַזלדיק, דאַלי באָך. נו, צירעלע, מײַן ווײַב, פאַר אזא גאַסט באַווײַז, וואָס דו קענסט. זי איז בא מיר א גרויסע בעריע!

אפן טיש האָט זיך באַוויזן פלייש, און פיש, און מאַשקע.

— רעב צאַליע, הערט, וואָס א געניטער באַלעגאָלע זאָגט אײַך. אז דער וועג זאָל זײַן א גוטער, אליץ זאָל גיין קאַלי לאַסקע, קעדעבאָיע, מוז מען נעמען א קעלישעק מאַשקע. דאַלי באָך. לעכאַיִם!

צאַליע האָט געפּאָלגט.

צוזאַמען מיט ארען און מיט די זין האָט ער געטרונקען און פאַרביסן מיט אלע מײַכאָלים, וואָס זײַנען געשטאַנען אפן טיש.

ארקעס פרוי, די זין און די טעכטער באַטראַכטן צאַליען פון אלע זײַטן. פאַר זיי איז אזא מענטש א נײַס, ניט פון זייער גלײַכן, ניט פון זייער סוויווע. די זין ווײַזן עס אויסערלעך ניט ארויס. די טעכטער אָבער, זעט מען, זײַנען שטאַרק טשיקאַוו צו וויסן: ווער איז ער און וואָס איז ער?

און אז שפּעטער ווערט באַוווּסט, אז דאָס איז צאַליע קאַדיש געקומען זיך צונויפרעדן מיטן טאַטן וועגן פאָרן קיין וואַרשע, ווײַל ער וויל ארײַנ־טרעטן אין דער ארמיי, איז ער גוואַלדיק אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די מיידלעך. עמעס, ניט דערפאַר ווײַל זיי האָבן אן אנונג וועגן דעם אופ־שטאַנד, ניט ווײַל זיי האָבן וועגן דעם א מיינונג, נאָר ווײַל זיי האָבן ליב, זיי איז צום הארצן דרייסטע מענטשן, אנטשיידענע, געזונטע און פעסטע. דערצו איז צאַליע קאַדיש א מענטש מיט פאַרשטאַנד, מיט וויסן, קען דער־ציילן נײַס, קען דערציילן אזוינס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געהערט. און דאָס רופט בא זיי ארויס נאָך מער סימפּאַטיע צו אים.

ארקע גיסט אָן צאַליען נאָך א ביסל מאַשקע, זיי טרינקען אויס. צאַליע דערפילט זיך היימישער, ער באַטראַכט אלעמען ארום טיש. באַזונדערס אָבער קוקט ער אָן די צוויי שוועסטער מיט די לעבעדיקע פריילעכע אויגן און בלײַענדיקע בעקלעך. ער גיט א פרעג:

— הערט נאָר, בסולעס, איר זײַט א צווילינג?

— ניין, — ענטפערןביידע.

— ווער איז עלטער?

— טרעפט, רעב צאַליע, — זאָגן די מיידלעך מיט געלעכטער.

— און מיר דוכט, — זאָגט צאַליע, — אַז איר זײַט אַ צווילינג, ניט אַנ־דערש.

— ניט קיין צווילינג, — לאַכן די מיידלעך מיט אַ פול מויל, אַזש די בוזעמס גייען אַרויף און אַראָפּ. זיי זײַנען שוין היימיש מיט רעב צאַליען. זיי זײַנען ביכלאַל ניט פון די שעמעוודיקע.

— ניט קיין צווילינג?

— נו, רעב צאַליע, זײַט אַ בעריע, טרעפט, ווער איז עלטער?

— דעם עמעס... איך ווייס ניט.

— איר ווייסט ניט?

אַ רעגע קוקן זיך ביידע שוועסטער איבער, און דערנאָך:

— נו, און שיינע זײַנען מיר? — זייער געלעכטער דערלאַנגט צו דער סטעליע.

פון דער דאָזיקער פראַגע דערפילט צאַליע, אַז ער איז אַריבער די מאָס, צו ווײַט זיך אַרײַנגעלאָזט מיט די בסולעס גאָר ניט אין קיין קינדערשן געשפּרעך. עס פּאַסט ניט. ווי קומט עס צו אים?

— איז ווען פאָרן מיר אַרויס קיין וואַרשע, רעב אַרע?

די מיידלעך פאַרשטייען אויך, אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס. כאָטש אין וואָס באַשטייט עס? — טראַכטן זיי. — געלאַכט, זיך פריילעך גע־מאַכט. איז עס דען אַן אוולע? זיי ווינטשן אים אַ גליקלעכע רײַזע. און נאָך זײַן אַוועקגיין פילן זיי זיך דעם גאַנצן אָוונט גוט אויפגעלייגט, זיי לאַכן. אַזאַ מענטש גאָפּעלט זיי.

וועגן דעם, אַז אַרקע אַליין וויל אויך אַרײַנטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי, ווייסט קיינער ניט אין זײַן מישפּאָכע. אַרקע וועט עס ניט דערציילן. ער זאָל נאָר איין פּיפּס טאָן, וועט אים זײַן צירל אָפּשפּילן אַזאַ כאַסענקע, אַז ער וועט עס פאַרגעדענקען אויף יאָרן. זי וועט זיך פּאַשעט אוועקלייגן אויף דער שוועל פון דער שטוב און שרײַען:

— נאָר איבער מײַן קערפּער! איך זאָל בלײַבן אַן אַלמאָנע מיט פיר קינדער, און דערצו מיט קאַלע־מיידלעך! גאַזלען! רעצייעך! — זי וועט שרײַען און וויינען, אַז אַלע שכיינים זאָלן זיך צונויפלויפן. און די טעכטער וועלן דאָך אויך ניט שווײַגן. וועט ער מוזן נאָכגעבן, קיין ברייררע וועט ניט זײַן.

שווײַגט אַרקע. אין וואַרשע אָבער וועט ער זײַן איבער זיך אַליין אַ באַלעבאָס. ער פאַררייכערט זײַן קליין ליולקעלע און שפּײַט מיטן שפּיץ צונג. דערבײַ טראַכט ער עפּעס. טאַקע וועגן וואַרשע.

4

דער ווינטערדיקער אָוונט ווערט אַרומגעוואַקסן מיט פראָסט. דאָס זעט מען לויט די פאַרצויגענע שויבן, לויט די פאַרבײַגייער, וואָס אײַלן מיט גיכע טריט איבערן סקריפּענדיקן שניי. צאַליע אײַלט ניט. ער שפּאַצירט

לאנגזאם. ער איז אָנגעטאָן אין א יענאָטן־פּוטער, אין אַ הויך ווינטער־היטל. אים איז הייס. ס׳איז אים הייס ניט נאָר פון דעם פּוטער, נאָר אויך פונעם בראָנפן און צוביַיסן בא ארקע דעם פורמאַן אין שטוב. און דער געדאַנק ארבעט בא אים היַינט אזוי קלאָר, אזוי דיַיטלעך, אז נאָכן אָפּזיצן א ביסל ציַיט באם טיש מיט ארקעס זין און טעכטער דערזעט ער איצט, ווי איינזאם ער איז אינדערעמעסן. ער איז איינער אליין. טאקע צוליב זיַין איינזאמקיַיט האָט ער זיך מיסטאמע געפילט אזוי גוט אין א מישפּאָכע בא איין טיש, כאָטש ער זעט די דאָזיקע מענטשן צום ערשטן מאָל. אָט די פּאָשעטע און גוטע מענטשן דערמאָנען אים די יאָרן, ווען ער איז געווען צאליע דער האָלצהעקער, מיט א באַנק אָנשטאָט א בעט, מיט א טאַבורעט אָנשטאָט א טיש, מיט א האק און זעג אין ווינקל.

און אָט איצט, שפּאַצירנדיק לאנגזאם, שמועסנדיק מיט זיך אליין, ווערט פאַר אים דיַיטלעך, ווי קיינמאָל ניט, אז זיַין גאנץ לעבן איז געווען אָפּגעגעבן נאָר פאַר אנדערע, ניט פאַר זיך. און פון זיך אליין שווימט אוף די פראַגע: צי איז ניט געקומען די ציַיט, ער זאָל זיַין עפּעס פאַר זיך? ער ווייסט דאָך אפילע נאָך זיך קיין זייכער ניט לאָזן. און דערבײַ קומען אוף דאַפקע היַינט די ווערטער פונעם אלטן ראָוו, רעב אוויגדער: מע טאָר ניט פאַרזיצן די אייגענע יאָרן. אן אלטער באָכער איז ניט ייִדישלעך... און אויך רעב דאָווּיד האָט אים אין טפּיסע געזאָגט: ניט כאַסענע האָבן איז א פּלאָג. דאָס שטערט לערנען טוירע און דינען גאָט. אפילע אין מיסכער, אין געשעפט שטערט עס אויך.

ביז איצט האָט עס צאליע אף זיך ניט געפילט. ער איז געווען אינגאַנצן פריַי, און קיין זאך האָט אים ניט געשטערט ניט אין דינען גאָט, ניט אין געשעפטן. היַינט האָט ער עס דערפילט. צוזאַמען מיטן טאַם פון א מישפּאָכע, פון א פאַמיליען־לעבן, האָט ער דערפילט... ער איז א מאַנצבל. און אלץ, פון וואָס ער איז ביז איצט געווען פריַי, איז מיטאמאָל צו אים אָנגעקומען. ביידע ארקעס טעכטער שטייען אים לעבעדיק פאַר זיַין בליק. זיי לאַכן... זייערע בוזעמס באַוועגן זיך... זייערע אויגן לויכטן.

— טפו! — שפּיַיט ער אויס. קיינמאָל איז מיט אים אזוינס ניט געווען. — אן אָנשיקעניש! ניט אנדערש.

ער וויל עס אָפּטריַיבן פון זיך. ניט זען די לאכנדיקע ליפּן, ניט פילן דעם רייעך פון זייער מיידלש ליַיב. ער נעמט גיין גיכער, שנעלער, ער איַילט. ער ווייסט קומען אהיים, וועט ער עס פאַרגעסן. ער זאָגט זיך שטראָף־רייד: עס פּאַסט ניט, מע טאָר ניט, ער זינדיקט. אומריינע געדאַנקען.

ער גייט אהיים. נאָר, ריבוינעשעלוילעם, וואָס טוט זיך עס? אָט די צוויי מיידלעך, וואָס ער ווייסט ניט, צי זיי זיַינען א צווילינג, ער ווייסט ניט, וועלכע איז די עלטערע, האָבן אָנגעצונדן זיַין בלוט און פירן אים. זיי באַלעבאַטעווען איבער אים.

דאָס רופט ארויס בא אים גרויס צאָרן. ניין, אזוינס איז ניט געווען און וועט ניט זיַין. ער טרייסלט זיי ארויס פון זיך, ווי בא טאַשליך די ברעקלעך פון קעשענע. ער קומט אהיים און נעמט זיך גרייטן אין וועג אריַין.

# 5

דרײַ פּאָסט־וועגן פירן פון גראָדנע אין פארשיידענע זײַטן: דורך ווילנע אף פּעטערבורג, דורך סלאָנים אף מאָסקווע, דורך ביאַליסטאָק אף ווארשע. פון גראָדנע ביז ביאַליסטאָק ציִען זיך די ערשטע אכציק וויאָרסט.

באגלייטן צאַליען און אים ווינטשן א גליקלעכע רײַזע זײַנען געקומען ווינציק מענטשן, זײַנע טפּיסע־באקאנטע: רעב דאָוויד, פּינכעס און זעליק, פּיניע דער אַגאָראָדניק און די ראקאָוויצקיס. ארקען האָבן באגלייט זײַן ווײַב און קינדער.

זונטיק. א שטילער טאָג מיט א קליין פרעסטל. צאַליע און ארקע זעצן זיך ארײַן אין שליטן, אָנגעפילט מיט היי און פארדעקט מיט א ווארעמער פלאכטע. דאָס אויסגערוטע פערד האָט אופגעשטעלט די אויערן און ווארט, ביז דער באלעבאָס וועט נעמען די לייצעס אין די הענט און וועט שטיל און מילד זאָגן:

— ניאָ, מײַן טײַערער...

דעמלט וועט זיך עס א צי טאָן פאָרויס און זיך לאָזן אין וועג ארײַן.

דעם וועג ווייסט ארקע גוט, ער געדענקט אלע אכסאניעס, וווּ מע דארף זיך אַפשטעלן און וווּ מע קאָן זיך אויסרוען. דער לײַכטער שליטן פאָרט ארויס פון דער שטאָט איבערן גלאטן שליטוועגס. די וועלט ווערט ברייטער, דער הימל העכער. ערגעץ־וווּ זעען זיך איינצלנע ביימער מיט פארשנייטע צווײַגן. צאַליע מיט ארקען האָבן נאָך צווישן זיך א וואָרט ניט אויסגערעדט. זיי געפינען זיך נאָך אלץ אונטערן אײַנדרוק פון „א גליקלעכער רײַזע", פון זען זייערע באקאנטע און אייגענע. זיי פאָרן ארײַן אין וואלד. די וועלט ווערט שמעלער און קלענער. די געדאנקען ווערן היימישער, נעענטער צו זיך אליין. דער ערשטער, וואָס נעמט ריידן, איז ארקע. די לעצטע טעג דריקט אים עפּעס אפן הארצן, וויל ער, אים זאָל לײַכטער ווערן.

— אן אקציע מיט מײַנע טעכטער...

די ערשטע רעגע וווּנדערט אים. פארוואָס זאָגט ער עס? וואָס וויל ער דערציילן?

— איר פארשטייט, רעב צאַליע, איר פאָרט אף ריזיקע, שטעלט איר אָבער אײַן אין קאָן נאָר זיך אליין. בא מיר איז ערגער. איך שטעל אין קאָן מײַן גאנצע מישפּאָכע. צירעלע קאָן בלײַבן אן אלמאָנע מיט פיר קינדער. דערבײַ פארגעסט ניט, צוויי קאלע־מיידלעך. עס ווערט קאלעמוטנע, קאלט אין די געדערים, סטראשנע. אײַך איז לײַכטער, רעב צאַליע, איר זײַט איינער פאר זיך, דאלי באָך.

צאַליע זיצט אין זײַן פוטער און אין דעם ווינטער־היטל און שווײַגט. ער הערט נאָר. ארקע רעדט צו אים, אָבער קוקט ניט אף אים.

— אן אקציע מיט מײַנע טעכטער... זיי וואָלטן שוין געקאָנט כאסענע האָבן. טוען זיי גאָר צולאָכעס, ווי קאפּריזנע פערד. שטענדיק גייען זיי צוזאמען, עסן צוזאמען און לאכן צוזאמען. א באָכער, אז ער וויל איינער פון זיי זאָגן א גוט וואָרט, מוז ער עס זאָגן ביידן. וואָלט מען זיי זען באזונדער, וואָלט מען יעדערע פון זיי באזונדער דערקענט. אָבער אז מע זעט זיי

שטענדיק צוזאמען, ווייסט מען גאָר ניט, ווער איז פון זיי פייגל און ווער זלאטע. די באָכערים קלאָגן זיך פאר מיר: „רעב ארע, וואָס זאָלן מיר טאָן?.. סײַדן כאסענע האָבן פאר ביידע מיטאמאָל". עך, ווען זיי האָבן טאקע כא־סענע, ווער איך א פרײַער מענטש און קאָן טאָן אלץ, וואָס איך וויל. צי־רעלע וואָלט מיר שוין מויכל זײַן, די זין — געוויס.

פון ביידע זײַטן וועג — זעט צאליע — שטייט דער וואלד א פארקלער־טער, א פארטראכטער. פרילינג האָט ער געבליט, זומער געוואקסן, הארבסט־צײַט געוויאנעט. און איצט איז דער וואלד פילאָסאָפיש געשטימט, ער וויל פארשטיין און באנעמען דעם גאנג פון זײַן לעבן. אונטערן שניי און אונטער דער טונקלקײַט, וואָס קומט פון ביידע פארוואקסענע זײַטן וועג, זעט מען ניט קיין באזונדערע ביימער. ווי אלע נאטור־באשעפענישן, — טראכט צא־ליע, — קאָן דער וואלד באנעמען זײַן לעבנס־גאנג ניט באם בליִען און ניט באם וואקסן, נאָר ווען דער ווינטער קומט, ווען אלץ גייט אריבער און אלץ גייט אוועק.

די דאָזיקע געדאנקען קומען צו צאליען, ווען ער זיצט אין שליטן אין זײַן פוטער און אין ווינטער־היטל, צוגעדעקט די פיס מיט דער ווארעמער פלאכטע. די געדאנקען קומען, ווײַל וועגן זיך טראכט ער דאָס זעלבע: געבליט, געוואָקסן, און דער ווינטער וועט קומען און באשיטן מיט שניי. דאָס דערשרעקט אים אָבער ניט. וואָס מע מוז — מוז מען. נאָר גלאט זיך פײַניקן, זיך גריבלען... צוליב וואָס? ער וויל פון זײַנע געדאנקען אוועק־גיין, זיי פארגעסן.

— זאָגט איר, ארע, אז מיט אײַערע טעכטער איז אן אקציע...

— אן אקציע, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן!

צאליע דערזעט ווידער די צוויי שוועסטער, נאָר איצט רירן זיי אים מיט גאָרניט. ניט זייערע פריילעכע אויגן, ניט זייערע פולע און באוועגלע־כע בוזעמס, ניט זייער לאכן רופן בא אים ניט ארויס קיין שום מאנצבלשע געפילן. ער קאָן וועגן זיי טראכטן רויִק. און קאָן דערבײַ אָן א שום בא־זונדער מיין זאָגן ארקען:

— שיינע טעכטער בא אײַך.

— דאָס איז דאָך די צאָרע, וואָס שיינע. מיינען זיי דערפאר, ניט אנדערש, זיי זײַנען פרינצעסנס בא ארקע דעם פורמאן. בראקעווען, ווילן דאָס טעלערל פון הימל. איר האָט עפעס געהערט, רעב צאליע, וועגן איינעם א פושקין?

— געהערט.

— וואָס איז עס פאר א נעפעש? א רעכטער טאנע־בארע! עפעס, זאָגט מען, טינטלט ער... שרײַבט סטיכעס. וואָס איז עס פאר א מײַכל? און מײַנע נארישע טעלעצעס גייען אויס נאָך זײַנע סטיכעס. פונוואנען איז עס צו זיי געקומען? אָסער, אויב איך פארשטיי. איך וואָלט עס קיינעם ניט פאר־טרויט, א שאנדע! איך האָף, רעב צאליע, אז צווישן אונדז וועט עס פאר־בלײַבן.

פאר צאליען איז עס א נײַס.

— זיי פארשטייען רוסיש?

— קענען לייענען. אפילו אַן אדרעס אָנשרײַבן... און אלץ אליין פון זיך.

— טאקע א צווילינג, רעב ארע?

— א צווילינג. דער אונטערשייד איז אינגאנצן אף איין יאָר.

— און וועלכע איז די עלטערע?

— דאָס ווייסט צירעלע. מײַן קאָפּ ליגט אין פערד.

מיט דעם פארענדיקט זיך דער געשפרעך וועגן די טעכטער, וועלכע רירן מער צאליען ניט אָן, נאָר וואָס קאָסטן ארען א סאך געזונט.

עס קומט אָן דער אָוונט, די נאכט פאלט צו. פון הינטער דיביימער דערזעט מען א ליכטיקן אָפּשײַן, וואָס גייט אוף איבערן וואלד. אינגיכן באווײַזט זיך א פערטל העלע לעוואָנע, וואָס שײַנט יונג און פריילעך. דער דורכלויכטנדיקער לעוואָנע־סערפּ שווימט איבערן ריינעם הימל פּײַערלעך דערהויבן. און איצט ערשט דערזעט מען איינצלנע ביימער. באזונדערס טיילן זיך אויס די יעלן, וואָס זעען אויס, ווי שיין באפוצטע פארשלאָסענע טורעמלעך. ארום איז א פארקישעפטע און שטילע יאָמטעוודיקײַט.

צאליען און ארקען איז לײַכט און גוט. זיי שווײַגן און שמייכלען צו דער שיינקײַט. ביז ארקע האלט ניט אויס און זאָגט:

— איר הערט, רעב צאליע, צוויי זאכן האָב איך שטארק האָלט: א גוט פערד אין שליטן און א שיינע לעוואָנע אין הימל.

6

אינגיכן זײַנען זיי ארײַנגעפאָרן אין דעם שטעטל סאָקאָלקע און זײַ־נען צוגעקומען צו אן אכסאניע. אין דער גערואמער הילצערנער אכסאניע איז ליכטיק און ווארעם, אפילו צופיל ווארעם. באַם גרויסן טיש און באַ די קלענערע טישלעך זיצן מענטשן, עסן און טרינקען. עס הערט זיך אמערסטן די פוילישע שפּראך. ארקען באגעגנט דער באלעבאָס מיט א ברייטן „שאָלעם־אלייכעם“. ער נעמט טייקעף גרייטן א טישל פאר די גע־קומענע — עסן און טרינקען.

— ארע, וווהין טרײַבסטו דײַן סוס? — פרעגט א באקאנטער פורמאַן.

— קיין ווארשע.

באַם דערמאָנען דעם נאָמען „ווארשע“ האָבן אלע באַ די טישן זיך אומגעקוקט.

— ווארשע? וואָס פאר א מיסכער? — האָט דער זעלבער באקאנטער פורמאַן געוואָלט וויסן.

— רעב צאליע פאָרט ארײַנטרעטן אין דער ארמיי. איך אויך.

באַם גרויסן טיש און באַ די קלענערע טישלעך האָבן זיך פוילישע יונגעלײַט אופגעשטעלט, אָנגעגאָסן זייערע קויסעס מיט ווײַן און מיט גרויס פּײַערלעכקײַט אויסגעטרונקען פארן געזונט פון די פאנעס צאליע און ארע, וואָס פאָרן קיין ווארשע אין דער ארמיי.

דערנאָך האָט מען באַ די טישן געפרעגט:

— ס'קאָנד פאנאָוויע?

און אז מע האָט זיך דערוווּסט, אַז זיי זײַנען גראַדנער, איז געוואָרן א טומל, א געשריי, א געלעכטער, וואָס האָט אָנגעפילט די גאַנצע שטוב. די יונגעלײַט זײַנען ארויס פון די טישן און געדריקט די געסט די הענט.

— ראַדאַק! לאַנדסמאַן! — אַלע האָבן זיך ארומגעכאַפּט קושן.

— מוזיק! ווּ איז מוזיק? — האָבן אַלע געפאָדערט. און דער באַלעבאָס האָט געשיקט רופן די מוזיקאַנטן.

נאָך איידער די מוזיקאַנטן זײַנען געקומען, האָט מען צאַליען און אַרקען אײַנגעלאַדן צום גרויסן טיש און גענומען אויספרעגן, ווער זיי זײַנען, אַף וועלכער גאַס ווױנען זיי. און, א וואָרט נאָך א וואָרט, איז קלאָר געוואָרן: פון די צוויי יונגעלײַט, וואָס פרעגן זיך אַלץ געוויי אויס, איז איינער יאַדזשעס א ברודער, און דער צווייטער — יאַדזשעס מאַן. זיי פאָרן אויך אין דער אַרמיי. און זיי, צאַליע און אַרקע, לאָזט זיך אויס, זײַנען געזעסן אין טורמע צוליב יאַדזשען! א ווײַלע איז דעמלט געוואָרן שטיל און איינע די אַנדערע האָבן אָנגעקוקט. פריִער מיט פאַרווּנדערונג פון אַזאַ זעלטענעם צופאַל, דערנאָך מיט א שמייכל פון צופרידנקײַט, און נאָך א רעגע שפּעטער — מיט געלעכטער פון פולן האַרצן.

די ייִדישע קלעזמער זײַנען געקומען. דער ערשטער איז אַרײַן דער פידלער, נאָך גאָר א יונגערמאַן מיט א קליין בערדעלע. נאָך אים זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי עלטערע מיט צעקעמטע בערד. איינער מיט א פלייטע און דער צווייטער מיט טאַצן. זיי האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט אַף זייער שטענדיק אָרט — אין ווינקל.

דער פידלער האָט, האַלטנדיק דעם סמיק אין דער האַנט, א קוק געטאָן צום טיש מיט די געסט און מיטן בליק געפרעגט, וואָס מע זאָל שפּילן.

אַרקע האָט גוט אויסגעטרונקען און זיך שטאַרק דערוואַרעמט. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער האָט א ווײַב צירל, צוויי טעכטער, וואָס בראַקעווען כאַסאַנים און ווילן דאָס טעלערל פון הימל, ער איז גאָר איצט ווידער דער יונגער אַרקע, וואָס האָט ליב געהאַט צו זינגען און טאַנצן מיט פּוילישע פּאַניענקעס אין דאָרף. און ער גיט א זאָג צו די מוזיקאַנטן אַף ייִדיש:

— ייִדן, א קראַקאָוויאַק! איך, אַרע באָכער, גיי ארויס טאַנצן.

דער פידלער האָט א הייב געטאָן זײַן סמיק, און די איבעריקע קלעזמער האָבן אים פאַרשטאַנען. און באַלד איז די שטוב פול געוואָרן מיט דער אימפּעטפולער באַוועגלעכקײַט און טעמפּעראַמענטפולער רוישיקײַט פון דער קראַקאָוויאַק־מעלאָדיע. אַרקע איז ארויס טאַנצן. און צוזאַמען מיט אים זײַנען ארויס קימאַט אַלע, וואָס זײַנען געזעסן בא די טישן, מאַנצבלעך און פרויען. פון דעם שנעלן טעמפּ, פון די שאַרפע שטאַרקע טאַנץ־באַוועגונגען האָט גענומען דוכטן, אַז דער דיל אונטער די טראַסקענדיקע שנעל־באַוועגלעכע פיס שאָקלט זיך, באַוועגט זיך און טאַנצט צוזאַמען מיט אַלעמען. די פּענעמער בא די טענצער זײַנען געוואָרן רויט און פאַר־שוויצט, די אויגן האָבן שטאַרק ארויסגעלויכטן. פון עטלעכע ווײַן־פלע־שער האָבן זיך די קאָרקעס ארויסגעזעצט און געפלויגן אין באַלקן אַרײַן.

...ביז די טענצער זײַנען מידע צוגעפאַלן צו זייערע ערטער באַם טיש אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

נאָך דעם, ווי מע האָט די קלעזמער מעכאבעד געווען מיט מאכן „שע־האקל״, האָבן זיי געשפּילט א ייִדישן ניגן. א שטילן, א הארציקן און אפילע א טרויעריקן.

טאנצן איז ארויס צאליע. נאָך דער גרויסער פריילעכקייט און לעבע־דיקייט פון דעם קראַקאָוויאַק, וואָס איז א טאַנץ פאר א סאך, איז צו צאליען אָנגעקומען דער פארלאנג פון שטילקייט, פון רויִקער נעשאָמע־דיקייט. דאפקע נאָך דער פריילעכקייט, ווען מע האָט פון אלץ פארגעסן, האָט ער איצט דערפילט זײַן איינזאמקייט פון דער יוגנט אָן, זײַן בענקע־ניש, וואָס באגלייט אים, זײַן לעבן פאר אנדערע. ער זוכט זיך אליין. ווו איז ער און וואָס איז ער?

אלע האָבן אים מיטגעפּילט.

7

אף מאָרגן זײַנען אלע ארויסגעפאָרן צוזאמען. דער וועג איז געווען א פריילעכער. אין ביאליסטאָק האָט מען ווידער פארבראכט אין אן אכסא־ניע. און אזוי איז מען אָנגעקומען קיין ווארשע.

אין וועג האָבן זיך צאליע מיט ארקען גוט באפרײַנדעט מיט יאדזעס מאַן און מיט איר ברודער, זיך נאָענט צונויפגעלעבט און זיך גאָר אנדערש ניט פאָרגעשטעלט, אז אין דער ארמיי װעלן זיי זײַן צוזאמען. און ס׳איז טאקע ניט זייער שולד געווען, וואָס דאפקע איצט איז מעקויעם געוואָרן דאָס ווערטל: א מענטש טראכט, און גאָט לאכט. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ייִדן נעמט מען ניט אין דער ארמיי. צאליען און ארקען איז עס געווען שווער צו פארשטיין. אָבער נאָך דעם זעלבן טאָג, ווען זיי זײַנען אָנגעקומען אין ווארשע, האָבן זיי זיך געענוי דערוווּסט די ווערטער פון דעם קריגס־מיניסטער מאָראַווסקי: „מיר וועלן ניט דערלאָזן, אז ייִדיש בלוט זאָל זיך אויסמישן מיטן איידעלן בלוט פון פּאָליאקן״.

די דאָזיקע יעדיִע האָט צאליען א שניט געטאָן איבערן הארצן, עס האָט אים אזוי טיף באליידיקט, אז ער האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. ער האָט זיך צו אלץ געטשעפעט און זיך געוואָלט קריגן.

עטלעכע טעג איז צאליע פון זײַן צימער ניט ארויס. אלץ איז אים גע־ווען מיִעס און דערעסן. שאָענוויִיז האָט ער זיך ארומגעדרייט פון ווינקל צו ווינקל. אפן דריטן טאָג האָט ער מיט הארץ א זאָג געטאָן צו ארקען:

— איך שפּיִ זיך אויס אף דעם מאָראַווסקין! ער זאָל מיך איצט בעטן, קניִען פאר מיר, גיי איך ניט אין זײַן ארמיי. ארע, מיר פאָרן צוריק אהיים!

אף מאָרגן האָט ארקע מיט פארווּנדערונג דערזען, אז צאליע האָט זיך א ביסל אונטערגעשאָרן די באָרד. ער איז טאקע געוואָרן ייִנגער.

— זעט נאָר, רעב צאליע, איר זעט דאָך גאָר אויס, ווי א כאָסן.

אין דעם זעלבן טאָג איז צאליע געקומען מיט א פּעקל פּרויען־מאל־בושים און פּרויען־צירונג.

— רעב צאליע, וואָס טוט זיך עס מיט אײַך? פאר וועמען קויפט איר אײַן ווײַבערשע שמאָכטעס?

— מאטאָנעס פאר א קאלע.

ארקע האָט אים ניט פארשטאנען. צי איז צאליע ניט גערירט?

דער וועג אף גראָדנע איז שוין געווען ניט קיין פריילעכער. ער איז, עמעס, דער זעלבער, ווי פריִער, נאָר פירט אָבער אף צוריק. די וועלדער שטייען סיַיווי פארטראכטע און פארשנייטע. די לעוואָנע איז די אלטע, נאָר א פולע און א גרויסע. אלץ, דוכט זיך, ווי געווען, נאָר צאליע מיט אר־קען קערן זיך אום צוריק מיט פוסטע הענט, אָפּגענארטע. צאליעס געדאנ־קען ארבעטן אָן אָפּשטעל. און אלץ ארום איינס און דאָס זעלבע: ער איז געפאָרן צוליב אנדערע, געוואָלט צולייגן א האנט אין קאמף פאר פוילנס זעלבשטענדיקייַט, האָט מען אים אויסגעלאכט, אָפּגעשפּאָט, טיף באליי־דיקט. ער קערט זיך אום אהיים. צו וועמען? צו זיך אליין. לעבן פאר אנדערע וויל ער מער ניט. באלד כאפּט ער זיך אָן דעם פאַריקן געַ־דאנק: „ער קערט זיך אום אהיים צו זיך אליין". די זעלבע ווערטער, נאָר איצט פארשטייט ער זיי בעסער. ער האָט פריִער זיך גאָר ניט אזוי פאָר־געשטעלט זייער באדיַיט. זיַינע אויגן ווערן ליכטיקער, ווי ער וואָלט זיך אליין פארשטאנען אפּן וווּנק. קאָן זיַין, אז דער געדאנק איז נאָך דערוויַיל ניט מער, ווי א געפיל. דערביַי א געפיל, וואָס וויל זיך נאָך אויסבאהאלטן.

צאליע גיט זיך אָבער באלד אויס. ער גיט א טאפּ די אונטערגעשאָ־רענע באָרד, ער וואַרפט א בליק צום פעקל מאטאָנעס. און ערשט איצט ווערט אים קלאָר, אז די איַינגעקויפטע מאטאָנעס און די אונטערגעשאָרענע באָרד זיַינען געווען ניט אזוי פון פארדראָס און צולאָכעס, ווי ער האָט זיך עס געוואָלט איַינריידן (ער מוז עפּעס טאָן, גיין, לויפן, אבי ניט זיצן אף אָן אָרט), ניין. ער פאָרט אהיים און ווייסט, צוליב וואָס ער פירט מאטאָ־נעס...

דער וועג נעמט אפילע ווערן פריילעכער.

— רעב ארע, וואָס שוויַיגט איר?

— איר שוויַיגט — שוויַיג איך אויך.

צאליע וויל נאָך עפּעס זאָגן. ער וויל פרעגן: „טאקע אן אקציע מיט איַיערע טעכטער, רעב ארע?" ער פרעגט עס ניט. עפּעס לאָזט אים ניט. ער איז שוין ניט גלייַכגילטיק. דערפאר דערזעט ער זיך בא ארקען אין דער וואַרעמער שאלקע מיט דער נידעריקער סטעליע. ער זיצט באם גע־מיטלעכן טיש מיט ארקעס זין און טעכטער. די טעכטער, וואָס ער ווייסט ניט, ווער פון זיי איז עלטער, פרעגן אים:

„רעב צאליע, זיַיט א בעריע, טרעפט, ווער פון אונדז איז די עלטערע?"

דערביַי לאכן די מיידלעך מיט א פול מויל, אזש די בוזעמס גייען ארויף און אראָפּ. ער זעט עס, ער פילט עס, נאָר איז רויִק, ווי א מענטש, וואָס ווייסט, אז סיַיווי איז עס זיַינס, ער וועט ניט פארשפּעטיקן, ער וועט מיט זיַין גלוסטונג אָנקומען צו דער ציַיט.

ביידע שוועסטער געפעלן אים. פאר וועלכער אָבער פירט ער מאטאָ־נעס? און דאָ דערמאָנט ער זיך די טיַינעס פון די באָכערים צו ארקען: „סיַידן כאסענע האָבן פאר ביידע מיטאמאָל". צאליע לאכט זיך פאנאנדער.

ארקע קוקט אים אָן און טראכט זיך: „אָט האָסטו זיך אן אקציע! ניט אנדערש, ווי גערירט"... דערנאָך בארויִקט זיך ארקע. זיַינע געדאנקען: ער

זעט טאקע באַשײמפערלעך, אז גאָט העלפט יעסוימים און אלמאָנעס. אָט וואָלט מען אים געגומען אין סאָלדאטן... וואָלט זײַן צירעלע געקאָנט בלײַבן אן אלמאָנע און זײַנע קינדער יעסוימים. וויל ניט גאָט. שיקט ער צוריק אהיים א לעבעדיקן מאן און א לעבעדיקן טאטן. און ווידער טראכט ער וועגן צאליען. וואָס קומט עס מיט אים פאָר? אונטערגעשאָרן די באָרד, געקויפט מאטאָנעס. פאר וועמען? און לאכט נאָך פלוצלינג גלאט אין דער וועלט אריין. ניט אומזיסט זאָגט מען, אז פארשטיין א מענטשן איז פונקט אזוי שווער, ווי קויפן א פערד הינטער די אויגן.

נאָך אין דעם זעלבן טאָג, ווען זיי זײַנען אָנגעקומען אין גראָדנע, אָנ־הייב אָוונט איז צאליע קאדיש געקומען מיט די מאטאָנעס צו ארקען אהיים. אין שטוב איז געווען ארקע, זײַן ווײַב צירל און איינע פון די טעכטער. דאָס, וואָס ער זעט נאָר איינע פון די שוועסטער, האָט צאליען זייער דערפרייט. דערבײַ איז דאָס מיידל געווען שיין אויסגעפוצט, ווי זי זאָל וואַרטן אף אן אָנגעלייגטן גאסט. צאליע האָט זיך אפילע צום טיש ניט צוגעזעצט און גלײַך געזאָגט צו ארקעס פרוי:

— טײַערע צירל, איך האָב צו אײַך א באקאָשע.

— אדעראבעע...

— איך בעט אײַך, רעדט מיר א שידעך מיט אָט דער טאָכטער אײַערער.

צירל האָט אים ניט פארשטאנען. זי האָט אים אָנגעקוקט און געפרעגט:

— עפּעס כאפּ איך ניט אוף אײַערע רייד. א באקאָשע... וועלכע?

— רעדט מיר א שידעך מיט אײַער טאָכטער, וואָס זיצט אנטקעגן.

— אף אן עמעס? — האָט צירל מיט פארוווּנדערונג געפרעגט. דערבײַ האָט זי א קוק געטאָן אף דער טאָכטער, וואָס האָט פון פרייד און נאכעס אזוי אָנגעקוואָלן, אז די אויגן אירע זײַנען געוואָרן קליינע און שמאָלע. ריידן האָט זי א וואָרט ניט געקאָנט. ווי נאָר די טאָכטער איז געקומען א ביסל צו־זיך, האָט זי געזאָגט גיך, ווי זי זאָל מוירע האָבן פארשפּעטיקן:

— רעד, מאמע, רעד! רעד דעם שידעך!

— אויב אזוי... — האָט געזאָגט צירל, — איז דאָך שוין אלץ אָפּגערעדט. מאזלטאָוו דיר, ארע, מײַן מאן. זלאטעלע איז א קאלע געוואָרן!

צאליע האָט צוגעטראָגן זײַן קאלע די ווארשעווער מאטאָנעס.

8

צוויי נײַסן זײַנען אין דער שטאָט צוגעקומען, וואָס האָבן אלעמען איבערראשט.

ערשטנס:

— צאליע קאדיש איז געקומען צוריק פון ווארשע. ייִדן נעמט מען ניט אין דער ארמיי.

צווייטנס:

— פון גרויס פאַרדראָס האָט צאַליע כאַסענע מיט אַרקע דעם פורמאַנס ייִנגערער טאָכטער.

יעדע מישפּאָכע אין גראָדנע האָט אופגענומען די נײַסן לויט איר גוסט, ווי איר געפעלט. וועט די ערשטע, ווער די צווייטע.

אָשערל בלאָנדער האָט זיך גוואַלדיק דערפרייט. ווײַבאַלד מע נעמט קיין ייִדן ניט אין דער פּוילישער אַרמיי, וועט דאָך ניט זײַן, ווער עס זאָל גיין קעגן מאַלכעס. ביז איצט איז ער געווען ניט זיכער מיט זײַנע באַקאַנטע. עמעצער פון זיי קאָן אָפּטאָן אַ נאַרישקײַט, און אויף אים, אויף אָשערל בלאָנ־דער, וועט פאַלן אַ כשאַד. ער מיט זײַן מישפּאָכע קאָנען דערבײַ לײַדן. איצט האָט ער זיך באַרויִקט. ער איז צופרידן פון זיך אַליין, ער קאָן לאַנגזאַם און מיט האַנאָע צעקעמען זײַן שיינע באָרד, ער קאָן מיט אַ כניפּעלע שמייכלען צו זיך אַליין. און אויב ער גיט אַרויס אַן איידל־שטיל קרעכצעלע, איז עס נאָר דערפאַר, מע זאָל אים קיין אײַנהאָרע ניט געבן, ניט מעקאַנע זײַן. אַפילע פאַר גאָט איז עס בעסער.

נאָך דעם, ווי צאַליע קאַדיש איז געקומען פון וואַרשע, האָט זיך אָשערל אָנגענומען מיט מוט און איז, נאָך אַ גרויסער האַפסאָקע, אַרײַנגעקומען אין געסט צו זײַן שאָכן, רעב דאָוויד.

נאָך דער באַגריסונג האָט ער געזאָגט:

— איך וויל אײַך עפּעס פרעגן, רעב דאָוויד.

— פרעגט.

— צוליב וואָס איז עס אַזאַ קלוגער און געניטער מענטש, ווי רעב צאַ־ליע, געלאָפן קיין וואַרשע? ווערן אַ סאָלדאַט? עפּשער גאָר אַ גענעראַל? סײַווי נעמט מען דאָך ניט קיין ייִדן.

— איז וואָס, רעב אָשערל, זײַט איר צופרידן, וואָס מע נעמט ניט?

— צופרידן. דאַנקען גאָט. האַזשגאָכעס האַבוירע! און איר, רעב דאָוויד, מיינט, אַז ניט?

— איך מיין אָט וואָס: מיילע... מע נעמט ניט. נעמען זאָל זיי די סיטרע־אַכרע. אָבער פאַרוואָס נעמט מען ניט? מאַ פּישי, מאַ כאַטאָסי? די פּוילישע גרויסהאַלטערײַ, דער האָנאָר האָט אַלעמאָל געמאַכט פּוילן אומגליקלעך. דער כאַלעף ליגט זיי אויפן האַלדז, מע וויל זיי העלפן, זיך שלאָגן פאַר זיי. און זיי... פּויליש בלוט איז הייליק, ייִדיש בלוט — טרייף.

— אַ דײַגע האָט איר, רעב דאָוויד. זאָגן זיי...

— איך בין אַליין אַ זאָגער! וויל ער מיר זײַן אַ ברודער — קי טויוו. וויל ער איבער מיר זײַן אַ פּאָרעץ — צום טײַוול!

א באַזונדער אײַנדרוק האָט געמאַכט צאַליעס צוריק־קומען אויף דער פאַר־מעגלעכער ייִדישער מישפּאָכע כאַזאַנסקי. די כאַזאַנסקיס, דעריקער די קינ־דער, דער זון און די טאָכטער, וועלכע האָבן ניט לאַנג צוריק זיך אומגעע־קערט פון שטודירן אין אויסלאַנד, זײַנען פאַרבונדן מיט דער פּוילישער קולטור. די מישפּאָכע שטאַמט פון קראָקע. דער זון פאָרשט די פּוילישע געשיכטע, און די טאָכטער שרײַבט פּוילישע לידער. בײַ דעם זון יוליאַן (אויף ייִדיש — יודל), בײַ דער טאָכטער עליזאַ (אויף ייִדיש — לייע) האָט די יעדיִע,

וואָס צאַליע האָט געבראַכט, אַרויסגערופן ניט קיין פאַרדראָס, ווי בא אַנ־דערע, נאָר פאַרלאָרנקייט און צעטומלטקייט. דער געלערנטער זון יוליאַן מיט די אַראָפּגעלאָזטע שפּיציקע וואָנצעס און זײַן שיינע שוועסטער מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן זיך פון ייִדן נאָך ניט אָפּגעריסן, נאָר האָבן זיך שוין לאַנג דערווײַטערט און אָפּגעשיידט פון ייִדישקייט. זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט אַ קרײַז פּוילישע אינטעליגענטן, ווו דער ברודער פלעגט דערציילן וועגן זײַן אַרבעט און די שוועסטער האָט געלייענט אירע לידער. סײַ דער ברודער, סײַ די שוועסטער האָבן זיך, ווי פּוילישע פּאַטריאָטן, גע־גרייט אַרײַנצוטרעטן אין דער אַרמיי. האָט טאַקע די ידיעה, וואָס צאַליע האָט געבראַכט, פון אָנהייב אַרויסגערופן בא זיי אַ טיפע פאַרלאָרנקייט, ווייטעק און זאָרג. אָבער נאָך עטלעכע אומרויִקע טעג איז עס אַריבער אין אַ טײַנע צו זיך אַליין. ניין, ניט אין קיין טײַנע, נאָר אין אַ פּראָטעסט קעגן זיך אַליין, קעגן דער שוואַכקייט, וואָס פּענטעט זיי. פאַר זיי איז קלאָר געוואָרן, אַז אין דעם, וואָס זיי זײַנען נאָך ניט קיין גלײַכע, קאָנען ניט אַרײַנטרעטן אין דער אַרמיי — איז דאָך זייער אייגענע שולד. קעדיי צו זײַן אַ קינד פון פּוילן — דאַרף מען זײַן אַ קינד פון פּוילישן פאָלק, פון פּוילישן גלויבן.

פאַרן ברודער און פאַר דער שוועסטער איז אָנגעקומען די שאָ פון אַנטשיידונג: אַהער אָדער אַהין? און זיי האָבן אויסגעקליבן: אַהין!

9

סאָרעלע קוקט אַף בערלען. בערל קוקט אַף פּינכעסן און אַפן טאַטן.

אַזוי איז געווען אין יענעם אָוונט, ווען פּינכעס האָט באַם טיש איבער־דערציילט, וואָס צאַליע זאָגט: וועלן ייִדן העלפן פּוילן ווערן פרײַ און זעלבשטענדיק, וועט פּוילן העלפן די ייִדן ווערן פרײַ און גלײַכ־בארעכטיקט.

סאָרעלע קוקט אַף בערלען. זי זעט, ווי ער כאַפּט אויף די ווערטער, וואָס איר טאַטע זאָגט אַרויס. די באַקן זײַנען פלאַמען, ברענען. די אויגן זעען, וואָס די אויערן הערן. אַפילע מער פון דעם. זײַנע קינדערשע און ייִנגלשע יאָרן האָבן ניט געוווּסט פון קיין דורכלויכט אַף שפּעטער, קיינער האָט גאָר ניט צוגעזאָגט... און דאָ איז געקומען אַ האָפענונג — דער טאַטע האָט געפֿונען אַ וועג צו ענדערן דעם גורל. צאַליע זאָגט: וועלן ייִדן העלפן פּוילן, וועט פּוילן העלפן די ייִדן. בערעלע איז די מינוט גרייט גיין צוזאַמען מיט צאַליע קאַדיש און אַרקע פּורמאַן אין דער אַרמיי זיך שלאָגן פאַר פּוילנס פרײַהײַט.

סאָרעלען פאַרדריסט אַ ביסל אַף בערלען, וואָס ער קוקט ניט אין איר זײַט, באַמערקט זי ניט. באַם טיש זעט ער גאָר אויס ווי איינער פון די עלטערע, איינער פון די טאַטעס. יאָ, אַ ביסעלע פאַרדריסט עס איר, אָבער ווי שיין ער איז איצט, בערעלע, בערענקע, בערטשיקל... אַפילע, ווען ער זיצט און הערט, וואָס אַנדערע ריידן, זעט מען, אַז ער איז אַ גיכער, אַ באַוועגלעכער... און אָט קוקט ער שוין גאָר ניט אַף די טאַטעס. מיט זײַנע אויגן, וואָס זעען אַלץ און פאַרשטייען זיך אַפן ווונק, קוקט ער אין דער

וויַיט, ווי ער וואָלט עפּעס דערזען אַזוינס, וואָס ציט אים, איבעראַשט אים, פאַרקישעפט אים.

— בערעלע, — האַלט סאָרעלע ניט אויס און פרעגט: — וואָס זעסטו דאָרט?

— א רײַטער. א רײַטער אויף א פערד. דוכט זיך, צאַליע זיצט אויפן פערד.

— בערעלע, בערטשיקל, בערענקע, — זאָגט זי אין דער הייך דאָס, וואָס ביז איצט פלעגט זי זאָגן נאָר פאַר זיך, — וווּ זעסטו א רײַטער? וואָס דוכט זיך דיר?

— דו זעסט ניט, סאָרעלע? קוק זיך גוט אײַן...

ווען די טאַטעס זיצן ניט דערבײַ, וואָלט זי אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און וואָלט אים געזאָגט... זי ווייסט, וואָס זי וואָלט אים געזאָגט... גוטס געזאָגט. זי איז גרייט זיך לאָזן אײַנריידן, אַז זי זעט א רײַטער אויף א פערד. בערעלע זעט דאָך.

גלײַך אויף מאָרגן האָט בערל גענומען זוכן א צוגעפּאַסט קלעצל האָלץ אויף אויסשניצן א רײַטער אויף א פערד. דער זיידע העשל האָט אים געהאָלפן. דער זיידע העשל זעט, ווי אין בערלען יורשט, ווי ער איז פול מיט ענערגיע, מיט קראַפט. און בערעלע פילט עס טאַקע. אין די הענט, אין די פינגער. ער פאַרטרויט דעם זיידן, אַז ער וויל אויסשניצן א העלדישן רײַטער אויף א מעכטיק פערד. א רײַטער, וואָס שלאָגט זיך פאַר פוילנס זעלבשטענדיקייט און פאַר די ייִדנס גלײַכבאַרעכטיקונג. בערעלע הייבט אָן פונעם פערד, פון זײַנע הינטערשטע שטאַרקע פיס, פון לאַנגן געדיכטן עק.

לויט די הינטערשטע פיס איז צו זען, אַז די פאָדערשטע וועט דאָס פערד האַלטן פאַרהויבן, ווי עס זאָל זיך קלײַבן א שפּרונג טאָן גלײַך אויפן סוינע. די הינטערשטע פיס דאַרפן אויסהאַלטן דאָס פערד און דעם רײַטער. די מוס־קולן, זעט מען, זײַנען אָנגעשטרענגט, אָנגעגאָסן מיט שטײַפקײַט, ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט אין זיי אַרײַן. אויף אַזוינע פיס קאָן מען זיך פאַרלאָזן, זיי וועלן שטיין און ניט אָפּטרעטן.

דער זיידע קומט אַלע טאָג אַרײַן צו בערלען זען, ווי דאָס פערד וואַקסט. דער זיידע איז א מייוון.

ווען די הינטערשטע פיס מיטן עק זײַנען שוין געווען פאַרטיק, איז אָנ־געקומען די ידיעה: צאַליע איז געקומען צוריק.

און דערמלט... די זעלבע בערלס הענט, וואָס זײַנען געווען פול מיט ענערגיע און קראַפט, זײַנען מיטאַמאָל געוואָרן אָפּגעשוואַכט, אָפּגעטעמפּט און האָבן פאַרלאָרן דעם כיישעק צו דער ווײַטערדיקער אַרבעט. בערל געפינט זיך קיין אָרט ניט. מ'האָט אים אָפּגענאַרט.

אַזויפיל געהאָפּט, געגלייבט. וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? און שוין אינ־גאַנצן, ווי א דערוואַקסענער, זאָגט ער צו זיך:

— אַז מע דאַרף דיך ניט, בערל, מע רופט דיך ניט, וווּהין קריכסטו? ווי זאָגט די באָבע הינדע: זײַ ניט קיין גוטער פאַר יענעם, וועט מען דיך ניט זידלען.

און דאָ איז נאָך, ווי אויף צולאָכעס, דער וועטער שטאַרק פאַרערגערט גע־וואָרן. ניטאָ שוין קיין ווינטער, ניטאָ קיין שניי, ניט פאַראַן קיין טרוקנקײַט.

אן אַדליגע. דער האַרבסט איז צוריק געקומען. פון אויבן גיסט אן אָסיענ־דיקער עסעריקער רעגן, אונטן איז אַ געמיש פון בלאָטע און צעטראָטענעם שניי.

ניט פריילעך, ניט פריילעך...

בערל זיצט אין אַ ווינקל מיט פאַרמאַכטע אויגן פון אומעט און מיד־קייט. און אן אומעטיקער געדאַנק בלאָנדזשעט אַרום אין קאָפּ: פון זיין פערד און רייטער וועט פאַרבלייבן ניט מער, ווי צוויי הינטערשטע פיס און אַן עק...

די מאַמע קוקט אַרויס אין פענצטער און באַדויערט שטאַרק, וואָס איר מאַן וועט אין אַזאַ שלעכטן וועטער זיך דאַרפן שלעפּן אַ מידער אַהיים.

אין אָוונט איז דער טאַטע טאַקע געקומען אַ מידער. די מאַמע איז שוין פון אים ניט אָפּגעטראָטן, געצוווּנגען זיך איבערטאָן, אַרופּציִען אויף זיך טרו־קענע קליידער. זי האָט אים צוגעטראָגן אַ גלעזל זיסע קאַרשן־מאַשקע, ער זאָל זיך דורכוואַרעמען און אַרויסטרייבן די קעלט און די נעץ פון די ביי־נער. דערנאָך דערוויסט מען זיך נייס. פון די העכער צען טויזנט ייִדישע איינוווינער אין דער שטאָט זיינען צווייען אַוועק „אַהין".

דער גרעסטער טייל פון די צען טויזנט זיינען ביכלאַל גלייכגילטיק צו צאַליעס נייס:

— מיר האָבן דען ניט געוווּסט, אַז אַזוי וועט זיך ענדיקן? דאָס ערשטע מאָל, וואָס?

אַנדערש איז געווען מיט זעליקן.

זעליק, וואָס האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין געפונען דעם וועג, ווי צו ענדערן דעם גורל, האָט זיך מוידע געווען פאַר ליבע־שעווען, אַז ער האָט געהאַט אַ טאָעס. ליבע־שעווען פאַרדריסט אויף אַזוינע רייד. זי גייט עפּשער ניט אַריין אין טאָך פון דעם, וואָס איר מאַן זוכט, פאַר איר איז אָבער וויכטיק, אַז ער זאָל געפינען, וואָס ער האָט געזוכט. זי וויל ניט ליידן, אַז איר מאַן, איר זעליק, זאָל האָבן אַ טאָעס.

— רעד ניט אַזוי, זעליק, איך בעט דיך.

אין דער וואַרעמער שטוב מיט די פאַרמאַכטע לאָדן און ליכטיקן לאָמפּ וואָלט איצט, ווי שטענדיק, געקאָנט זיין געמיטלעך. אַלע זיצן באַם טיש מיט טאַטע־מאַמע, וואָס שטענדיק רופט עס אַרויס פרייד. הייַנט איז מען גאָרניט פריילעך. העשל דער סטאָליער, וואָס איז שוין קאָנטיק עלטער געוואָרן, נאָר וואָס באַנעמט אַלץ און זעט אַלץ מיט זיינע גוטע בורשטין־אויגן, טראַכט פאַר זיך, אַז באַם טיש איז מען צופיל פאַרנומען מיט אַנדערע און גאָר, גאָר ווינציק מיט זיך אַליין. ער האָט אין זינען זיין איידעם. ער שטויסט זיך ניט אָן, אַז גייענדיק פון דער אַרבעט אַ מידער און אויסגעווייקטער, האָט זיין איידעם, וועלכער לעבט איבער פון דעם, וואָס ער פאַרדינט קוים־קוים אויף באַשיידענער כאַיונע, געטראַכט, וואָס אַזוינס זאָל ער טאָן, אַז זיין שווער לעבן זאָל גרינגער ווערן. און אויב עס איז באַשערט... זאָל בערל ניט זיין דער אָרעמער כאָסן, און סאָרעלע — די רייכע קאַלע. ער קאָן אַזוינס ניט פאַרליידן.

געווען אויך אזוינע הײַזער, ווו מע האָט געהאט צו רעב צאליען טײַנעס.

באם שנײַדער איצע־מייער מיט די פיל קינדער, סײַ גרעסערע, סײַ קלע־נערע, וואָס ווינט נאָך אלץ אין דעם ענגן דירעלע אין דער גרויסער היל־צערנער שטוב מיטן שינדל־דאך, האָט מען מיט פאַרדראָס ארויסגעזאָגט:

— ער האָט אונדז נאָר די האַנט איבערגעשלאָגן.

— געפאַטערט דעם כיישעק. דארף מען איצט ווידער פונדאָסנײַ אָנהייבן.

בא איצע־מייערן זיצן ארום זײַן ווארשטאט עטלעכע באקאנטע שנײַדער און שוסטער, וואָס האָבן זיך געגרייט און געקליבן פרילינג־צײַט ארויסצו־פאָרן צוזאמען אף ערד־ארבעט קיין כערסאָן.

דאָס וואָרט „כערסאָן" איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און האָט אין אלע אָרעמע הײַזער ארײַנגעטראָגן סײַ צערודערונג, סײַ האָפענונג. אין די דאָזיקע הײַזער האָט מען אף ברויט געגומען קוקן ניט ווי אף א זאך, וואָס מע קויפט עס בא א בעקער, נאָר וואָס מע ארבעט אויס מיט די אייגענע הענט. עלטערע און קינדער האָבן אף א לעבל ברויט געקוקט ניט נאָר מיט ליבע צוליב הונגער, נאָר מיט דערעכערעץ צוליב פראצע. ס'האָט באקומען גאָר אן אנדער רייעך און אן אנדער געשמאק.

אין יענער צײַט איז העשל דער סטאָליער געהאט געקומען פון דער אלטער הילצערנער שול און דערציילט פאר די היימישע א נײַס:

— האראָדנער ייִדן פאָרן קיין כערסאָן.

— קיין כערסאָן? — האָט זיך געוווּנדערט ליבע־שעווע.

— קיין כערסאָן. ווערן פויערים. דאָרט גיט מען ייִדן ערד.

— וואָס רעדסטו, טאַטע, עפּעס גלייבט זיך ניט? ייִדן... ערד... פויערים?

— און איך, ליבע־שעווע, גלייב, — האָט זיך אָפּגערופן זעליק. — שוסטער זײַנען פאראן אזויפיל, אז איינער זיצט דעם צווייטן אפן קאָפּ. שנײַדער זיצן אויך איינער דעם אנדערן אפן קאָפּ. און ארבעט איז ווינציק, קיין כאיונע איז ניט פאראן. ערד! אייגן ברויט!

— אָבער, זעליק, אום גאָטעס ווילן, ווו איז כערסאָן? עק וועלט! ווער וועט פאָרן?

— ווער? ווינציק „מענטשן" זוכן ארבעט און געפינען ניט? ווינציק מעקלער זוכן געשעפטן, ווינציק ליידיקגייער? אָנשטאָט זיצן אין אָרעמקײַט און ענגשאפט איז דאָך בעסער קומען אף די כערסאָנער פעלדער. ברויט א פול מויל. אייגן ברויט. וואָס רעדסטו, ליבע־שעווע?!

ליבע־שעווע פארשטייט, אז זעליקן איז עס געפעלן. וויל זי אים ניט דערווידערן.

זעליק איז פון דעם צופרידן. קיין גרויסע פארגעניגנס אין לעבן האָט ער ניט. איז כאָטש גוט, וואָס דאָס ווײַב פארשטייט אים.

א מענטש, וואָס פארלאָזט זײַן אײַנגעזעסן אָרט און פאָרט אין דער ווײַט, קעדיי ענדערן זײַן גוירל, געפעלט זעליקן. מעשאַנע מאָקעם — מעשאַנע מאזל.

דער פוילישער אופשטאנד, וואָס האָט צוגעזאָגט האָפענונג, האָט איבער־געשלאָגן די קלאַנגען וועגן פאָרן קיין כערסאָן: עפשער וועט די רעפּוע

קומען דאָ אַף אַן אָרט? און רעב צאַליע קאַדיש, אַ מענטש, וואָס מע קאָן זיך אַף אים פאַרלאָזן, פאַרט אַפילע אין דער אַרמיי. די גאַנצע שטאָט האָט גע־ווּסט זײַנע ווערטער: וועלן ייִדן העלפן פּוילן, וועט פּוילן העלפן ייִדן.

מיט וואָס האָט זיך עס אויסגעלאָזט? אַלע ווייסן עס גוט.

...זיצן באַ איצע־מייערן אַרום שנײַדערישן וואַרשטאַטל אַ דרײַ־פיר מענטשן, וואָס דאַרפן זיך איצט אָפּסנײַ אָנהייבן גרייטן צו דער ווײַטער רײַזע מיט קינדער און בעבעכעס. ס'איז שאַבעס, נאָך שאַלעשודעס. די וואַרעמקײַט אין שטוב ווערט אויסגעקילט. דער ווינטערדיקער שאַבעס־טאָג נעמט לאַנג־זאַם אויסגיין. דורך די קליינע פענצטערלעך פאַלט אַרײַן אַלץ ווינציקער שײַן. דאָס קליינוואַרג זיצט פאַרוקט אין די טונקעלע אומעטיקע ווינקלען און שווײַגט. אָדער מע דערציילט זיך אין דער שטיל אַ שרעקלעכע מײַסע, וואָס איז אַמאָל פאַרלאָפן אַפן ווילנער שול־הויף. די עלטערן זיצן און שווײַגן. זיי זעען אויס, ווי פאַרגליווערטע, רירן זיך ניט. ביז עמעצער פון זיי גיט זיך אַ שאָקל, גיט אַרויס אַ זיפץ און זאָגט מיט טײַנע:

— איבערגעשלאָגן די האַנט. איצט דאַרף מען אָנהייבן אַלץ פונדאָסנײַ!

11

די צווייטע נײַס, צאַליעס כאַסענע מיט אַרקע דעם פּורמאַנס ייִנגערער טאָכטער, האָט אַרויסגערופן מער אָפּקלאַנג אין דער שטאָט.

פאַר יונגע מיידלעך, וואָס קאָנען שוין אײַנגיכן ווערן קאַלעס, האָט עס אויסגעזען אויסטערליש. איינע די אַנדערע האָט אַלפּי־סאָד דערציילט וועגן דער ליבע פון צאַליען און זלאַטען.

— ער, דער כאָסן, פאַרשטייסט, רייזעלע, איז געווען דער האָלצהעקער באַ אונדז אַפן מאַרק. אין לײַנענע הויזן, אין צעריסענע שטיוול איז ער מיט אַ האַק און אַ זעג געשטאַנען און געוואַרט, מע זאָל אים דינגען אַף צעהאַקן אַ וואָגן האָלץ. איך געדענק אים נאָך. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער איז אָפּ־געקומען פאַר די זינד פון זײַנעם אַ ברודער, וואָס האָט געשפּילט אַ שלעכטע ליבע. און דערנאָך, הערסט, רייזעלע, איז ער געזעסן, צאַליע, אין טורמע צוליבן בילבל מיט יאַדזען. און דערנאָך אַ צווייט מאָל געזעסן. און דאָ ניט לאַנג איז ער געפאָרן קיין וואַרשע, געוואָלט אַרײַנטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי. הערסט, רייזעלע, ווי אַ באַשערטע זאַך קומט פאָר. ער איז געקומען צו אַרקע דעם פּורמאַן זיך צונויפריידן וועגן פאָרן קיין וואַרשע, דערזעט ער דאָרט אַרקעס ביידע מיידלעך — פּײ־געלען און זלאַטעלען. ער פאַרליבט זיך אין זיי, און זיי אין אים. אָבער וואָס טוט מען, רייזעלע, אַז ער איז איינער, און זיי זײַנען צוויי? און ביידע האָבן אים שטאַרק ליב באַקומען. ווי וואָלסטו געטאָן, רייזעלע?

— איך ווייס ניט. און וואָס וואָלסטו געטאָן, שיינעלע?

— איך ווייס אויך ניט.

— און וואָס האָבן די מיידלעך געטאָן?

— פריִער האָבן זיי זיך געשעמט וועגן דעם מוידע צו זײַן. דערנאָך האָבן זיי זיך מוידע געווען. יעדע האָט אים געוואָלט פאַר זיך. זיי האָבן

ליב העלדישע מענטשן. שפּעטער האָבן זיי זיך געגעבן א טקיעס־קאַף, אז ווער עס וועט ארויסציִען דאָס קניפּל, יענע וועט כאַסענע האָבן פאַר צאַליען.
— נו?
— זלאטקע האָט ארויסגעצויגן.
— אוי א מאַזלדיקע! מעקאַנע צו זײַן.
— הער ווײַטער, רייזעלע. ער, צאַליע, הייסט עס, איז אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. זלאטקע שווערט זיך, אז זי האָט גוט געוווּסט, אז ער וועט זיך לאַנג ניט פאַרזאַמען. ער וועט גיך צו איר קומען. און אַזוי איז טאַקע געווען. פייגעלע איז בעקיוון פון שטוב אוועק, זלאטקע זאָל זײַן אליין. ער איז געקומען מיט מאַטאָנעס. און זי איז גלײַך געוואָרן זײַן קאַלע. א באַשערטע זאַך.
אַזוי האָט מען דערציילט. אפשר אָבער, אז דאָס איז געווען ווינציק פאַר די יונגע מיידלעך, וואָס ווילן הערן און ריידן וועגן ליבע. די מיידלשע, נאָך ליבעס אויסגעהונגערטע פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט און געפּאָדערט נאָך געשעענישן. און אָט דערציילט שוין א צווייטע:
— פייגעלע האָט כאַראָטע באַקומען. זי וויל ניט. וואָס הייסט עס וועגן א כאַסן ציִען קניפּלעך? ווו איז אַזוינס געהערט געוואָרן! זי איז די עלטערע, דאַרף זי זײַן די קאַלע. די שוועסטער, דערציילט מען, האָבן זיך געקריגט, אפילע פאַר די האָר זיך געריסן. קיינער פון זיי וויל ניט אָפּטרעטן. וואָס טוט אָבער פייגעלע?
— וואָס, וואָס? דערצייל.
— הער אויס, מאַלקעלע, וואָס פייגעלע טוט. ביידע שוועסטער זײַנען ענלעך. מע קאָן גאָר ניט וויסן, ווער איז פייגל און ווער איז זלאטע. וואָס טוט פייגל?
— נו, נו? וואָס טוט זי?
— זי גאַנוועט ארויס די קאַלע־מאַטאָנעס, טוט אָן...
— אוי, ווי קלוג! און ווײַטער?
— און אז צאַליע איז געקומען — איז זי געוואָרן די קאַלע.
— אוי, איך שטאַרב! נו, און זלאטקע?
— איצט ווייסט שוין גאָר ניט צאַליע, וועלכע פון די שוועסטער איז זײַן קאַלע...
— אוי, אוי, אוי!

אינדערעמעסן אָבער איז צאַליעס קאַלע טאַקע זלאטקע. פייגל האָט שוין אויך א כאָסן. און ביידע כאַסענעס וועט מען, מיט מאַזל, אינגיכן שפּילן.

12

די כאַסענע פון צאַליען מיט זלאטקען קומט פאָר בא פּינכעס באַס אין דער גרויסער שטוב. מער פון אלעמען איז פון דעם צופרידן סאָרעלע. דער־בײַ איז א סיבע פאַראַן.

די סיבע:

אין איינעם א זוניקן ווינטער־טאָג זײַנען סאָרעלע מיט דער מאמען ארויס פון זייער שטוב און זיך געלאָזט גיין אין געסט צו ליבע־שעוועץ. די לופט אין יענעם טאָג איז געווען א געמיש פון פראָסט און זון. עס האָט זיך לײַכט געאָטעמט. די פיס האָבן זיך גרינג באַוועגט. און ביידע, די מאמע מיט דער טאָכטער, זײַנען צופרידן פון דער וועלט ארום זיך און פון זיך אליין. זיי וואָלטן זיך ניט שעמען, וואָלטן זיי איינע אין דער אנדערער געוואָרפן שניי־גאָמלקעס. ארופקומענדיק אף דער בריק איבערן טײַך, ווו אף די פאָרענטשעס איז געלעגן אָנגעשאָטן שניי, האָט סאָרעלע טאקע ניט אויסגעהאלטן, האָט צונויפגעשארט א גאָמלקע און מעכאבעד געווען די מאמע.

— דו ביסט דאָך שוין א גרויס מיידל, סאָרעלע, און פארנעמסט זיך מיט קינדערשע געננג. עס פאסט ניט.

— פארוואָס, מאמע?

— ביסט דאָך, קיין אײַנהאָרע ניט, באלד א קאלע־מיידל.

— נאָר אָן א כאָסן.

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און ביידע האָבן זיך פארשטאנען.

— מאמע, ער איז שטענדיק א פארטראכטער. האלט אראָפּגעלאָזט די אויגן און שווײַגט. זעלטן־ווען זאָגט ער א וואָרט.

— דאָס ווענדט זיך אָן מיידל...

— מאמע, אז ער וועט קומען צו מיר אין די הענט, וועל איך שוין וויסן, וואָס צו טאָן און ווי זיך פירן.

דערווײַל זײַנען די מאמע מיט דער טאָכטער אָנגעקומען צו ליבע־שעוועץ אהיים. ווי דער שטייגער איז, האָבן זיך די מאמעס געקושט. ווי אלעמאָל, האָבן זיי וועגן וואָס צו ריידן צווישן זיך. סאָרעלע איז ארײַן צו בערלען אין צימער. בערל איז געשטאנען בא דעם ניט פארענדיקטן „רײַטער אפן פערד”, פון וועלכן עס זײַנען, ווי פריִער, געווען פארטיק נאָר די צוויי הינטערשטע פיס מיטן עק.

בערל איז מיט זיך ניט צופרידן. זײַן גוט הארץ, זײַן איידלקײַט, האָט באקומען א ריץ, א ריס, וואָס וויל זיך אזוי גיך ניט פארהיילן. ער איז אָפּגענארט. דערצו האָט בערל זיך גענומען מער צוקוקן, וואָס אין שטוב טוט זיך. ער האָט גענומען בעסער פארשטיין, אז זיי לעבן אָרעם. די מאמע מאכט זיך, אז זי איז פון אלץ צופרידן, זי וויל דעם טאטן ניט פארשאפן קיין פארדראָס. דער זיידע העשל, וואָס איז ביז איצט געווען א פארדינער, איז געוואָרן עלטער, שוואכער און זײַנע פארדינסטן זײַנען געוואָרן קלע־נער. און בערל האָט מער גענומען פארשטיין און מיטפילן [illegible] טאטן. ער זעט עס זייער גוט: די מאמע וויל דעם טאטן ניט פארשאפן [illegible] פארדראָס, און דער טאטע פון זײַן זײַט שאנעוועט די מאמען, פארגלעט אלץ, מאכט א פריילעך פּאָנעם, ווי אלץ וואָלט געווען אמבעסטן. אינווייניק אָבער טאָ־טשעט אים, ער לעבט עס שטארק איבער. בערל ווייסט דאָך, אז זײַן טאטע איז ווערט א בעסער לעבן. און צו בערלען קומט דער געדאנק: צי איז שוין

ניט געקומען די צײַט צו העלפֿן דעם טאַטן? ניט לערנען זיך פֿאַר א שני־צער — א קינסטלער, ווי דער זיידע וויל און ווי דער טאַטע וויל, — נאָר ווערן א סטאָליער, א באַלמעלאָכע. ער ווייסט אָבער, אַז דער טאַטע וויל עס ניט, ער איז דעם טאַטנס האָפֿענונג.

דער טאַטע בעט בעט אים (און דער זיידע אויך), ער זאָל פֿאַרענדיקן דעם „רײַטער אפֿן פֿערד". שטייט ער אַלע טאָג, בערל, בא די הינטערשטע פּיס מיטן עק... און די הענט זײַנע ווילן ניט און קאָנען ניט אַרבעטן. עס פֿעלט דער פֿאַרלאַנג און דער ווילן. ניט פֿאַראַן אַזוינס, וואָס זאָל א צי טאָן, א ברען טאָן, אָנצינדן! אים איז שווער אפֿן האַרצן.

— בערעלע, א גוט־העלף דיר! — באַגריסט אים סאָרעלע.

ער קוקט זי אָן און שווײַגט.

— בערעלע, פֿאַרוואָס שווײַגסטו?

— איך שווײַג ניט.

— אָט איצט רעדסטו טאַקע. וואָס איז מיטן פֿערד?

— ווי געווען.

— פֿאַרוואָס?

— ניטאָ קיין כיישעק.

— אוי, בערעלע, בערטשיקל, בערענקע, פֿאַרוואָס ביסטו שטענדיק אַזא כמורער, ווי עפּעס טוט דיר שטענדיק וויי? קוקסט צו דער וואַנט, שמייכלסט ניט.

בערל ענטפֿערט ניט. זי זעט אָבער, אַז זײַן פּאָנעם איז געוואָרן ליכ־טיקער, ווי זײַנע ווייען וואָלטן פֿון אים אַוועק. מיט אירע שיינע גוטע אויגן קוקט זי אָף אים. ער שעמט זיך, נאָר זען וויל ער זי. אים איז גוט, ווען זי איז דערבײַ. און סאָרעלע, וואָס ווייסט שוין, אַז „דאָס ווענדט זיך אָן מיידל...", איז צופֿרידן, וואָס בערעלע ענדערט זיך מיט יעדער רעגע צום גוטן. זי פֿילט, דוכט זיך, אַליין ניט, ווי זי נעמט אים אָן פֿאַר דער האַנט, אירע פֿינגער ברענען... און אויך בערעלעס האַנט ווערט לעבעדיקער, ווערט הייס. און אירע ליפּן זאָגן אַרויס נאָר פֿאַר זיך, קיינער זאָל ניט הערן, אויך בערל זאָל ניט הערן: בערעלע, בערטשיקל, בערענקע...

זי זאָגט עס מיט האַרציקײַט, מיט גוטסקײַט, מיט ליבשאַפֿט. בערל הערט עס, פֿילט עס, זײַן ייִנגלשקײַט צינדט זיך אָן, אַזש ער ציטערט אוף, ער גיט זי א כאַפּ אַרום און קושט זי.

אין דער ערשטער רעגע איז עס פֿאַר סאָרעלען אומגעריכט. זי קוקט אים אָן פֿאַרוווּנדערט. אירע אויגן אָבער לויכטן און לאַכן. עס איז צו זען, אַז זי איז פֿון זיך צופֿרידן. זי שווײַגט. זי ווייסט נאָך אַליין ניט, וואָס מיט איר טוט זיך איצט. און גאָר אומדערוואַרט דערזעט בערל, ווי איר פּאָנעם, וואָס האָט נאָרוואָס געשײַנט און געשמייכלט, ווערט פֿאַרוואָלקנט, ווי א פֿינצ־טערניש רוקט זיך אָן. די אויגן ווערן שמאָלע און שלעכטע, בייזע...

— פֿע! ביסט א שלעכט ייִנגל! איך האָב דיך פֿײַנט!

זי דרייט זיך שנעל אויס, לויפֿט אַרויס צו די מאַמעס און זאָגט, אַז אַלע זאָלן עס הערן:

— א שלעכט ייִנגל בערל! קושט זיך! מאַמע, קום אַהיים.

זיי גייען אַוועק.

בערל האָט זיך געפּילט זייער שלעכט. ער האָט זיך געשעמט פאַר דער מאַמען, פאַר דער באָבען, פאַר די פיר ווענט האָט ער זיך געשעמט. ס'איז נאָך גוט, וואָס די מאַמע האָט וועגן דעם ניט דערציילט דעם טאַטן.

סאָרעלען האָט ער פּײַנט געקראָגן אַף קיינמאָל ניט מוחל זײַן. איר נאָמען האָט ער ניט געקאָנט הערן. ער פלעגט אין שלאָף זען, ווי זי לויפט אים פאַרמאַסערן פאַר די מאַמעס. אין אים האָט געקאָכט די סינע.

און סאָרעלען האָט נאָך אין דעם זעלבן טאָג אַף זיך אַליין גוט פאַר־דראָסן. זי קאָן גאָרניט פאַרשטיין, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען. פונוואַנען האָט זיך צו איר אַזאַ מעשוגאַס גענומען? זי האָט דאָך געפּילט, ווי די גע־קושטע באַק פלאַמט איר מיט האַנאָע, זי האָט דערשפּירט איר מיידלשקײַט אין זיך, אַ וואַרעמקײַט איז פון זײַנע ליפּן ארײַן אין איר בלוט. און זי האָט עס דאָך אַליין פאַרלאַנגט. צי דען איז עס דערפאַר, וואָס זי האָט שוין גלײַך געוואָלט באַווײַזן, אַז אָן איר ווילן קאָן גאָרניט געשען?

„פאַרוואָס בין איך אַזאַ שלעכטע, פאַרוואָס?"—האָט זי מיט פאַרדראָס זיך געפרעגט. זי האָט כאַראָטע און וויל זיך איבערבעטן.

זי איז נאָכדעם עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד צוגעשטאַנען צו דער מאַמען, און די מאַמע האָט געמוזט גיין צו ליבע־שעווען זאָגן, אַז סאָרעלע איז ניט גערעכט, ניט גוט האָט זי געטאָן.

עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. אויב סאָרקע וועט קומען,—האָט בערל געזאָגט,—וועט ער זי מיט אַ שטעקן ארויסטרײַבן. דערפאַר האָט עס אָבער אויך געווירקט צום גוטן—בערל האָט גענומען ארבעטן איבערן „רײַטער אַפן פערד". זײַן פאַרדראָס און פאַריבל אַף סאָרעלען (אַף „סאָרקען") איז אריבער אין ליבע צו דער ארבעט. צו פינכעס באַס אין שטוב איז דער־גאַנגען, אַז די ארבעט גייט גוט און עס באַקומט זיך אַ שיינע זאַך. סאָרעלע גייט מאַמעש אויס. זי וויל זען בערלען און וויל זען זײַן ארבעט. און אָט דערפאַר איז סאָרעלע צופרידן, וואָס די כאַסענע פון צאַליען מיט זלאַטקען קומט פאָר בײַ זיי אין שטוב. זעליק, ליבע־שעווע און בערל וועלן דאָך גע־וויס קומען אַף דער כאַסענע. זי וועט אים זען. זי וועט אים איבערבעטן. זי איז שולדיק.

פון כאָסנס־צאַד זײַנען אַף דער כאַסענע געוועזן אײַנגעלאַדן זײַנע כאַווײרים. זיי זײַנען געוועזן ניט קיין סאַך. פון קאַלעס־צאַד זײַנען געקו־מען אַ סאַך מער געסט. סאָרעלע, אָן אויסגעפּוצטע, איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַנטקעגן דער טיר און באַקוקט די געסט, צי קומט ניט בערל.

די ערשטע איז געקומען דער קאַלעס שוועסטער, פייגעלע, מיט איר כאָסן. די שוועסטער האָט מען דאָ דערקענט לויטן סימען: אויב דער כאָסן איז צאַליע—איז די קאַלע זלאַטע. אויב דער כאָסן איז פייסאַכקע, דער הויִ־כער און שיינער קאַצעוו־יונג, וואָס קאָן אָנכאַפּן אַן אָקס פאַר די הערנער און אים אומוואַרפן, איז די קאַלע פייגעלע. פייסאַכקע איז געווינט, אַז מע זאָל פאַר אים האָבן דערעכערעץ, פילט ער זיך אומעטום פרײַ. אַ ביסל גע־ענגט איז אים נאָר אין זײַן נײַעם אָנצוג, צו וועלכן ער איז ניט געוווינט. די

שוועסטער האָבן זיך געקושט און געוווּנטשן. און פייסאַכקע האָט געזאָגט צאַליען:

— האָסט זיך, באָכער, אַ ביסל צוגעצײַלט מיט דער כאַסענע. פייגעלע איז דאָך עלטער.

דערנאָך זײַנען פון פראָסט אַרײַנגעקומען דער קאַלעס ביידע ברידער אין באַראַשקענע היטלען אויף די גרויסע טשופּרינעס, אין פעלצלעך. ביידע זײַנען פריילעך פון פאַרזוכן אַ ביסל מאַשקע און שרײַען דעריבער „מאַזל־טאָוו", אַז מע הערט עס אויף דער צענטער גאַס.

די טיר עפנט זיך אַלע ווײַלע און עס באַווײַזן זיך נײַע געסט — אַרקעס ברידער מיט די ווײַבער און צירלס שוועסטער מיט די מאַנען. די מאַנצ־בלען — אויסגעהאָרעוועטע, פעסטע, מיט רויטע פּענעמער פון ווינט און פון פראָסט, מיט האַרטע הענט און שטאַרקע פינגער. געקומען זײַנען זיי ניט אין שטיוול, צו וועלכע זיי זײַנען געוווינט, נאָר אין שיך. און דעריבער שטעלן זיי ניט זיכער זייער טראָט. די פיס זײַנען בײַ זיי צו גרינגע און האָבן ניט דעם נייטיקן אָנשפּאַר. זיי שווײַגן. די פרויען זײַנען מערסטנ־טייל שווערע און פליישיקע, מיט גוידערס און הויכע בוזעמס, מיט קויעך אין די הענט. פאַרדינען די מאַנען, און די ווײַבער האָבן אַ קערבל אין קע־שענע, קאָכן זיי אַ פולן טאָפּ פלייש און אַ גרויסע פאַן פיש.

די ראַקאָוויצקיס זײַנען געקומען צוזאַמען מיט אַניען. אַניע האָט אויף יידיש באַגריסט כאַסן־קאַלע. און דערבײַ מיט אַזויפיל יידישע ווינטשעוואַ־ניעס, אַז אַלע האָבן זיך געשמאָלצן פון צופרידנקייט. און צווישן אַלעמען אויף דער כאַסענע דרייט זיך אַרום ריוועקע־ראָכל. אָט איז זי דאָ און אָט איז זי דאָרטן. אומעטום זאָגט זי אַ גוט וואָרט און מאַכט פריילעך. און דעריקער ווייסט זי, מיט וואָס פריילעך מאַכן און רויט מאַכן כאָסן־קאַלע.

— מאַזלטאָוו אײַך, קינדער. פאַרגעסט ניט... אײַנגאַנצן אַ קורצער יאָר געבליבן. אָפּן בריס וועל איך זײַן. איך נעם זייער לײַכט ייִנגלעך.

כאָסן־קאַלע רויטלען זיך, לאַכן און זײַנען צופרידן.

אויף דער כאַסענע איז ריוועקע־ראָכל געקומען ניט אַליין, נאָר מיט מענאַ־כעמען. זי פירט אים מיט זיך אויף אַלע סימכעס. אַ יאָסעם, נעבעך, זאָל ער האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן. זאָל מען זען, אַז עס וואַקסט אַ גוט באָכערל. ער וועט אונטערוואַקסן, — טראַכט זי, — וועט זי פאַר אים געפינען אַ גוטן שי־דעך. ריוועקע־ראָכל האָט ליב מיצוועס. אויף יענער־וועלט וועט מען עס פאַרעכענען.

און מענאַכעם? ער טוט זײַן מאַמען צוליב און לאָזט זיך פירן פון ריוועקע־ראָכלען אויף סימכעס. אָבער צופרידן פון דעם איז ער ניט. באַזונדערס פילט ער זיך שלעכט, ווען ריוועקע־ראָכל שטעלט זיך אוועק אינמיטן צימער, נעמט אים אָן פאַר דער האַנט און זאָגט מיט אַ ווײַנענדיק קאָל:

— אַ יאָסעם! דער טאַטע זײַנער איז דאָך אומגעקומען פאַר קלאַל־ייִס־ראָעל, — און אַלע ווײַזן דעמלט אַרויס צו מענאַכעמען מיטגעפיל.

ריוועקע־ראָכל האָט דערבײַ אַ כעזשבן: זאָלן טאַטעס און מאַמעס וויסן, אַז עס וואַקסט אַ גוטער כאָסן. און מענאַכעם האָט פון דעם גרויס פאַרדראָס. די טויווע, וואָס ריוועקע־ראָכל טוט אים מיטן פירן אויף סימכעס, איז פאַר אים

די ערגסטע ראָע. ער איז דאָך שוין ניט קיין קינד, ער איז שוין מיט גע־דאנקען פון א דערוואקסענעם.

ער פארשטייט א סאך מער, ווי עס טראכט וועגן אים די מאמע. ער ווייסט, אז דער בילבל איז פריִער געווען אן אומגליק פאר אלעמען. איצט איז ער אן אומגליק פאר אים אליין. אלע האָבן וועגן דעם פארגעסן, ער מיט דער מאמען געדענקען.

ריווקע־ראָכל באגייט זיך מיט אים, ווי מיט א קינד. זי שטויסט זיך אפילע ניט אָן, אז ער איז א גוטער מייוון אף איר און אף אירע מידעס, וואָס זײַנען אים ניט צום הארצן.

פאר סאָרעלען זײַנען די געסט א נײַס. זעלטן קומט איר אויס צו זען אזוינע מענטשן. זי שטייט אין ווינקל אנטקעגן דער טיר און ווארט אף נאָך עמעצן. און אָט... ליבע־שעווע איז ארײַן. מיט איר צוזאמען — זעליק. ווער גייט נאָך? די טיר פארמאכט זיך. קיינער קומט ניט ארײַן. און בערל? צי דען איז ער ניט געקומען? זי נעמט ניט אראָפּ די אויגן פון דער טיר. די טיר עפנט זיך ווידער, און עס קומט ארײַן רעב דאָוויד. סאָרעלע גיט ארויס א זיפץ: ניט געקומען.

זי לויפט צו דער מאמען:

— מאמע, ער איז ניט געקומען.

— ווער?

— ווי שעמסטו זיך ניט, מאמע, דו ווייסט ניט „ווער"?

— איך ווייס שוין, איך ווייס. איז ער ניט געקומען? אזא אקשן! גע־פערלעך מיט אזא יִונגל האָבן צו טאָן.

— מאמע, נו, וואָס רעדסטו? דו ווייסט דאָך, אז איך בין שולדיק.

— און עפשער, סאָרעלע, איז ער ניט געזונט? באלד וועל איך פרעגן בא זײַן מאמען.

מאלקע זוכט אוף ליבע־שעווען און פרעגט בא איר, פארוואָס בערל איז ניט געקומען.

— ער איז עפעס ניט מיט אלעמען, פילט זיך ניט גוט.

מאלקע מיט ליבע־שעווען פארשטייען זיך: א טערעץ.

פונווײַטן קוקט סאָרעלע ארויס מיט ברענענדיקע אויגן צו דער מאמען און צו ליבע־שעווען. אינגיכן זאָגט די מאמע צו סאָרעלען:

— זעסטו, מײַן קינד, ער איז ניט געזונט, צוגעקילט. און מיר האָבן גע־מיינט...

סאָרעלע צווייפלט, קווענקלט: א טערעץ? אָדער טאָקע קראנק? אזוי צי אזוי, איז ניט גוט. אין דער סאמע רעכטער סימכע באמערקט קיינער ניט, ווי סאָרעלע טוט זיך ווינטערדיק אָן און ווי זי שארט זיך אומבאמערקט ארויס פון שטוב. אינמיטן דער קאלטער ווינטערדיקער נאכט אײַלט זי דורך די פארשנייטע שטילע שטאָט־גאסן צו דער בריק, צום פערשטאָט. זי לויפט צו בערלען, בערענקען, בערטשיקן...

דערפאר האָבן שפעטער אלע אף דער כאסענע דערזען, ווי עס עפנט זיך ראשיק די טיר און אין שטוב קומען ארײַן סאָרעלע מיט בערלען.

בערל האָט פארענדיקט דעם „רײַטער אפן פערד", ווען אין ווארשע איז דער אופשטאנד שוין קימאט געווען דערשטיקט.

דער זיידע הערשל, וואָס אף זײַן מעווינעס האָט מען זיך פארלאָזט, האָט אָן א שיר מאָל באקוקט און באטראכט פון אלע זײַטן בערלס ארבעט און אלץ ניט געקאָנט זאָגן אף זיכער, צי דאָס פערד איז בעסער, צי דער רײַטער. אז ביידע זאָלן זײַן אײַנגעגעבן, האָט געזאָגט דער אלטער, וואָלט שוין געווען צו גוט. דאָס פערד האָט בא אים אויסגענומען מיט זײַן פעסטקײַט און באוועגלעכקײַט. די פאָדערשטע פיס זײַנען פארהויבן און זײַנען גרייט א שפרונג טאָן פאָרויס, ניט געקוקט אף אלע פארצוימונגען אין וועג.

דער רײַטער אפן פערד האלט פרײַ דאָס צײַמל. ער איז זיכער, אז צו דער נייטיקער מינוט וועט דאָס פערד ניט פארשפעטיקן. ער פארלאָזט זיך אף דעם, דער רײַטער מיט די אראָפּגעלאָזטע געדיכטע שפיציקע וואָנצעס קוקט אָנגעשטרענגט פאָרויס.

דער זיידע וויל ניט ארויסזאָגן, אז אים געפעלט סײַ דער רײַטער, סײַ דאָס פערד. ער זאָגט עס ניט צוליב בערלען, ער זאָל זיך ניט איבערנעמען. אזוינס קאָן אמאָל ברענגען שאָדן. אָבער פאר לײַטן, פאר באקאנטע און אומבאקאנטע, האָט ער בערלס ארבעט שטארק געלויבט. מענטשן זײַנען געקומען אָנקוקן און זיך געוווּנדערט. אין דער מישפּאָכע פון פינכעס באס האָט עס אויך גוט אויסגענומען. און, אפּאָנעם, אז דורך זיי אָדער זייערע באקאנטע איז עס דערגאנגען צו די כאזאנסקיס, צום זון און צו דער טאָכטער.

די כאזאנסקיס, וואָס האָבן אָנגענומען דעם „אהין", האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז פון ארויסגיין ביז אָנקומען איז אָפּטמאָל א גרויסער מעהאלעך. און ביז זיי זײַנען טאקע אָנגעקומען, געוואָרן קינדער פון פוילישן פאָלק און פוילישן גלויבן — איז געוואָרן שפּעט. דעם אופשטאנד האָט מען דערשטיקט. דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן זיך דערפילט זייער ניט גוט. דער ציל פון גיין „אהין" איז געווען ארײַנצוטרעטן אין דער ארמיי באגלײַך מיט אלע פוילישע, קעמפן פאר פוילן. אויסגעלאָזט האָט זיך, אז זיי האָבן פארשפּעטיקט. זיי האָבן זיך דערפילט, ווי אָפּגענארטע.

און דערצו... נאָכן דורכפאל פונעם אופשטאנד, נאָכן אומברענגען, דערשיסן און פארשיקן אָן א שיר פוילישע מענטשן, איז געקומען די שאָ פון אנטוישונג, פון אומצופרידנקײַט, פון זוכן שולדיקע. די פוילישע אינטעליגענטן, מיט וועלכע די כאזאנסקיס זײַנען געווען פארבונדן, האָבן זיך פארשלאָסן אין זיך. צוליב דער מוירע, אז אף זיי זאָל קיין כשאד ניט פאלן, האָבן זיי זיך פון די כאזאנסקיס אָפּגעזונדערט. ניט זיי צו קיינעם, ניט קיינער צו זיי. דער ברודער מיט דער שוועסטער זײַנען געבליבן עלנט. איינע אליין אינמיטן וועג. ניט צוריק צו קומען, ניט פאָרויס צו גיין. זיי האָבן געהאט איין טרייסט: דער ברודער — מיט זײַן ארבעט איבער פוילנס געשיכטע, די שוועסטער — מיט שרײַבן פוילישע לידער.

ווען דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, אז א יונגער קינסטלער האָט געשאפן פון האָלץ א סקולפטור „דער רײַטער

אפן פערד", וואָס איז געווידמעט דעם פוילישן אופשטאנד, האָבן זיי זיך דערפרייט. זיי זײַנען מיט פינכעסן געקומען צו זעליקן אהיים אָנצוקוקן דעם „רײַטער". ער איז זיי שטארק געפעלן געוואָרן. זיי האָבן זיך פּאַשעט ניט געקאָנט אָנלויבן. מיט דער דאָזיקער סקולפּטור איז דעם ברודער מיט דער שוועסטער צוגעקומען אזוינס, וואָס זיי פעלט, וואָס זיי האָבן ניט דער־גרייכט, — טרײַשאפט אין שלאכט פאר פוילן.

זיי האָבן דעם „רײַטער אפן פערד" געקויפט פאר זיך. און האָבן גוט באצאָלט (לויט זייער אייגענעם אײַנזען). אין פארגלײַך מיט די פאר־דינסטן פון זעליקן און העשלען איז עס געווען א גרויסע סומע.

דער ברודער מיט דער שוועסטער, וואָס זײַנען איצט געווען אָפּגע־פרעמדט סײַ פון די פוילישע, סײַ פון די ייִדישע באקאנטע, האָבן ארויסגע־וויזן אינטערעס צו בערלען און צו זײַנע עלטערן. וועגן דעם, אז יוליאַן און עליזע האָבן זיך געטויפט, איז געווען באוווסט ווינציק מענטשן. און די, וואָס האָבן געוווסט, האָבן זיך צו דעם באצויגן גלײַכגילטיק. די האָ־ראָדנער ייִדן זײַנען געווויינט, אז א מעשומעד דארף אָנפאלן אף ייִדן, זיי זידלען, באשולדיקן אין אלע אווירעס. יוליאַן און עליזע האָבן נאָר גע־וואָלט זײַן פוילישע פאטריאָטן. אָבער צו ייִדן האָבן זיי אין טאָך ארײַן גאָרניט. ווענן זיי זאָגט מען דעם לײַכטערן „זיך געטויפט" און ניט דעם פארהאסטן „זיך געשמאדט".

מיט ליבע־שעווען און זעליקן האָבן זיי גערעדט ווענן דעם, אז בערלען דארף מען שיקן אין א גרויסער שטאָט זיך לערנען סקולפּטור, מאָלערײַ, באקומען בילדונג. זיי זײַנען גרייט צו העלפן.

בערל איז אין די דאָזיקע טעג ארומגעגאנגען ווי אין א גוטן און פריילעכן כאָלעם. פאר אים איז עס געווען אומדערוואָרט.

## 15

אין א לײַכטן פארכאָלעמטן פארנאכט, ווען דער סאָף ווינטער באגעגנט זיך מיטן אָנקום פון פרילינג און א שטילע לעוואָנע קוקט פארטראכט ארויס פון אונטער א ווײַסן וואָלקן־פּאָרהאנגל, זײַנען דער ברודער מיט דער שוועסטער כאזאנסקי ארויס שפּאצירן, א קוק טאָן, ווי עס זעט אויס דער ניעמאַן, ווען די קריִעס גייען. פון דאָרט איז שוין ניט ווײַט ארײַנצוגיין אין געסט צו זעליק פעדער. געווען איז עס פרײַטיק. ארײַנקומענדיק צו זעליקן אהיים, האָבן הײַנט די געסט דערפילט א באזונדערע ליכטיקײַט און געמיט־לעכקײַט. די מישפּאָכע האָט זיך געקליבן זעצן צום טיש. אלע אין שטוב זײַנען געווען יאָמטעוודיק אָנגעטאָן, זײַנען געווען גאָר נײַע, אנדערע, מיט לויכטנדיקע פּענעמער.

— טײַערע געסט, — האָט זיי פרײַנטלעך באגעגנט ליבע־שעווע, — זעצט זיך צום טיש. מיר בעטן אײַך, איצט איז שוין בא אונדז שאבעס.

זיי האָבן זיך ניט געלאָזט בעטן און זיך געזעצט צום טיש. צוזאמען מיט דער גאנצער מישפּאָכע האָבן זיי געגעסן אלע מײַכאָלים, געהערט זינ־

געגן זמירעס און אפילע אליין א ביסל אונטערגעזונגען. זיי האָבן זיך גע־פילט היימיש.

פארן אוועקגיין האָט זיי בערל געבעטן:

— קומט צו אונדז אָפּטער.

— גוט, בערל, מירן קומען.

זיי זײַנען אוועק צופרידענע. און דעם נאָענטסטן פּרײַטיקצונאַכטס זײַנען זיי טאַקע ווידער געקומען. דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן גאָר אליין ניט באַמערקט, ווי די מישפּאָכע פון זעליק פּעדער נעמט אַרײַנ־גיין אין זייער לעבן. ס'איז די ערשטע פאַשעטע יידישע מישפּאָכע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך נעענטער באַקאַנט. וועגן יידן איז בא זיי קימאַט גע־ווען די זעלבע פאָרשטעלונג, ווי בא דער פּוילישער שליאַכטע איז אָנגענו־מען: הענדלער, שווינדלער, וווכערניקעס, לעבן פון פּרעמדער פּראַצע... און דאָ... העשל דער סטאָליער מיט די גוטע בורשטין־אויגן, מיט די לאַנגע אויסגעהאָרעוועטע הענט און קנאָכיקע פינגער... און עס לאָזט זיך נאָך אויס, אז דער דאָזיקער העשל דער סטאָליער איז א שניצער — א קינסט־לער. אף זייער אויפן, מיט אנדערע אויסדרוקן, ווי בא די דאַוונער פון דער הילצערנער שול („כאַיונע פון סטאָליערײַ, גאַניידן — פון שניצערײַ"), באַנעמען די כאַזאַנסקיס העשל דעם סטאָליער: א מענטש אַן אידעאַליסט, האָט א שיינע נעשאָמע און איז פאַרליבט אין קונסט. די שוועסטער מיטן ברודער בעטן זייער, מע זאָל זיי ווײַזן די שיינקײַטן פון דער אַלטער שול. בערל מיטן זיידן האָבן צוגעזאָגט.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען קיינער איז אין שול ניט געווען, האָבן דער זיידע מיטן אייניקל זיי אהין אַרײַנגעפירט. דער ברודער מיט דער שוועסטער זײַנען געבליבן שטיין איבעראַשט. זיי האָבן זייערע אויגן ניט געגלייבט. אזוינע שניצערײַען, אזוינע געמעלן, אזוי דין און גרויסאַרטיק געמאַכט!

— אַן אויצער פון קונסט...

אף צוריקוועגס האָבן זיי געפרעגט:

— ווער זײַנען די קינסטלער?

— ווער? אונדזערע זיידעס און עלטערזיידעס.

פייסעך האָבן זיי בא זעליק פּעדער באַגעגנט דעם ערשטן סיידער.

באַם סיידער האָט מען ווינציקער פון אַלץ גערעדט וועגן יעציִאַס־מיצ־ראַיִם... די געסט האָבן זיך אין דעם אָוונט דערוווּסט, אז זעליק פּעדער, וואָס איז א „מענטש" בא יענעם, איז געווען א פּאַרטיזאַנער, האָט אָנגעפירט מיט דער פּאָליציי און איז צוויי מאָל געזעסן אין טפיסע צוליב א בילבל.

דער דאָזיקער פּאַשעטער מענטש איז דאָך א העלד, — האָבן זיי גע־טראַכט.

יוליאַן און עליזע האָבן געוואָלט וויסן: פאַרוואָס איז זעליק געווען קעגן נאַפּאָלעאָנען? נאַפּאָלעאָן האָט דאָך געוואָלט אופשטעלן די פּוילישע מעלוכע.

ליבע־שעווע, וואָס האָט גרויס האַנאָע, ווען מע רעדט געהויבן וועגן איר מאַן, איז פאַרלאָפן דעם וועג און געענטפערט:

— אונדזער כעזשבן איז אַן אנדערער. ער האָט געוואָלט די יידן מאַכן אויס יידן.

— פון דער אלטער שול געמאכט א פערדן־שטאל, — האָט זיך אָפּגערופן העשל.

דערנאָך איז געווען א רייד וועגן דעם בילבל ארום יאדזען. דער ברו־דער מיט דער שוועסטער האָבן עפּעס יאָ געהערט און עפּעס ניט געהערט, איצט האָבן זיי געוואָלט וויסן אלץ גענוי. ליבע־שעווע האָט זיי וועגן דעם דערציילט. דערביַי האָט זי פארגעסן, אז אירע געסט זיַינען געטויפטע (ניט קיין געשמאדטע) און באזונדערס גענוי דערציילט וועגן אנטאָן מער־לעס, יימאך שמוי ווזיכרוי.

דאָס, וואָס ליבע־שעווע האָט וועגן דעם פארגעסן, איז עפּשער קיין וווּנדער ניט, דער וווּנדער איז מער אין דעם, וואָס יוליַאן און עליזע האָבן בעשאסמיַיסע אליין פארגעסן, אז זיי זיַינען געטויפטע, און האָבן זייער בייז זיך אָפּגערופן וועגן דעם אויסוווּרף אנטאָן מערלעס.

צום סאָף איז געווען אָפּגערעדט, אז נאָך פּייסעך וועט עליזע אָנהייבן געבן בערלען שטונדן.

16

אין יענע טעג, ווען דער ברודער מיט דער שוועסטער כאזאנסקי האָבן געקויפט דעם „רייַטער אפן פערד", איז בערל טאקע ארומגעגאנגען ווי אין א וווּנדערלעכן און פריילעכן כאָלעם. אָבער אף מאָרגן נאָך דעם, ווי מע האָט דעם „רייַטער" אוועקגעפירט, האָט ער זיך דערפילט עלנט, ווי מע וואָלט אים צעשיידט מיט זיך אליין. ער בענקט נאָך זיַין ארבעט, נאָך זיַין שאפונג. אים האָבן באהערשט אומעט און אומצופרידנקייַט.

ניט אלע אין שטוב פארשטייען אים.

מער פאר אלעמען פארשטייט אים ניט סאָרעלע. זי טראכט: זי אף זיַין אָרט וואָלט געלאכט, געטאנצט, געשפרונגען. אלע וואָלטן איר מעקאנע געווען. פארוואָס איז בערל אזוי אומצופרידן?

ארבעטן איבער א נייַער זאך קאָן נאָך ניט בערל. ער האָט נאָך ניט גע־פונען, וואָס ער זוכט. דערפאר האָט ער זיך געפילט גוט מיט יוליַאן און עליזע כאזאנסקי. אלעמאָל הערט ער פון זיי אזוינס, וואָס ער האָט פריִער ניט געוווּסט, וואָס ער האָט בא טאטע־מאמע ניט געהערט. פון זייערע רייד ווערט ברייטער דער ארום. גראָדנע איז ניט די איינציקע שטאָט, דער ניע־מאן — ניט דער איינציקער טייַך. רוסלאנד איז ניט דאָס איינציקע לאנד אף דער וועלט. און אויסער יידן זיַינען אף דער וועלט פאראן א סאך, א סאך פעלקער. די כאזאנסקיס האָבן אופגעוועקט אין אים דעם פארלאנג זיך לערנען, בילדן.

עליזע לערנט מיט אים, ער קומט צו איר אהיים.

...און בערל האָט פארטראכט א נייַע זאך — יידן פאָרן אף ערד־ארבעט.

ווען סאָרעלע קומט ניט צו אים, איז ער אָדער פארנומען אָדער גאָר אין דר׳היים ניטאָ. ער איז בא די כאזאנסקיס. סאָרעלען פארדריסט עס. די

ערשטע צײַט, ווען אַלע האָבן בערעלען געליבט, איז סאָרעלע געווען איבערגליקלעך. איר כּאָסן איז אַן עמעסער קינסטלער. און נאָך פֿון אַ זאַך איז זי געווען צופֿרידן. צי זי האָט געהערט, ווי די מאַמע זאָגט עס דעם טאַטן, צי זי האָט זיך אַליין אָנגעשטויסן, וואָס די מאַמע טראַכט: „זיי וועלן כּאַסענע האָבן, פֿון וואָס וועלן זיי לעבן? פֿון זײַנע מענטשעלעך?" איצט איז עס אָפּגעפֿאַלן. בערעלע איז אַ פֿאַרדינער. (זי האָט נאָך ניט פֿאַרשטאַנען, אַז פּורים פֿאַלט אויס איין מאָל אין יאָר).

איצט אָבער איז גאָר אַנדערש. ער איז שטענדיק פֿאַרנומען, זי זעט אים זעלטן. ער לויפֿט צו די כּאַזאַנסקיס, ווי זיי וואָלטן אים אַ קישעף אָפּגעטאָן. און זי, סאָרעלע, האָט דאָך שוין מיט בערעלען אָפּגערעדט, אַז זיי זײַנען כּאָסן־קאַלע.

ניין, זי וועט ניט דערלאָזן, אַז פֿרעמדע מענטשן זאָלן זײַן בײַ אים די ערשטע און זי, זײַן קאַלע, זאָל זײַן די לעצטע. ניט איין מאָל האָט זי וועגן דעם גערעדט מיט איר מאַמען און זיך פֿאַרקלאָגט אויף בערלען. ביז אַנומלטן האָט זיך פֿון גרויס פֿאַרדראָס בײַ איר אַרויסגעריסן:

— מאַמע, זיי זײַנען דאָך מעשומאָדים, זיי וועלן אים אָפּשמאַדן! — זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אירע אייגענע רייד, גענומען וויינען און שרײַען: — זיי וועלן אים אָפּשמאַדן, מאַמע!

17

קאַלזמאַן די כּאַזאַנסקיס זײַנען געווען „געטויפֿטע", איז נאָך געווען צו דערלײַדן. מיט פּוילישע מענטשן האָט מען דאָך זיך באַגעגנט, געפֿירט געשעפֿטן, געווען באַקאַנט. ווי נאָר אָבער זיי זײַנען געוואָרן „געשמאַדטע", דה. מעשומאָדים, האָט זיך אַלץ געענדערט. סײַ אין דער מישפּאָכע פֿעדער, סײַ אין דער מישפּאָכע באַס האָט מען אויף זיי גענומען אַנדערש קוקן, זיך גענומען אַפֿילע וווּנדערן: ווי קומט עס? וואָס פֿאַר אַ פּרײַנטשאַפֿט? און וואָס לויפֿט טאַקע אַזוי אָפֿט צו זיי בערל? שכיינים האָבן שוין וועגן דעם גענומען ריידן. און נאָך ערגער, דער מאַגיד האָט זיך אַרײַנגעמישט...

וואָס פֿאַר אַלעמען איז אָבער געווען קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, איז דאַפֿקע פֿאַר בערלען אומקלאָר און אומפֿאַרשטענדלעך. זיי זײַנען מענטשן, ווי אַלע מענטשן. און וואָס הייסט — ער וועט זיך שמאַדן? ער איז דאָך ניט מעשוגע!

דער זיידע העשל האָט געשוויגן. אין האַרצן איז ער געווען פֿאַר בערלען. ער, דער סטאָליער, וואָס זײַן נעשאָמע איז געלעגן אין שניצערײַ־קונסט, האָט גוט געוווּסט פֿון זײַן אייגענער דערפֿאַרונג, וואָס פֿאַר בערלען באַטײַט זיך בילדן, לערנען מאָלערײַ און שניצערײַ בײַ אַ גרויסע קענער. דער זיידע שווײַגט. וויפֿל ער געדענקט זיך, זײַנען מעשומאָדים געווען שלעכטע מענטשן. אָבער די כּאַזאַנסקיס זײַנען גאָר, גאָר אַנדערע. דאָ איז ניט מער, ווי אַ מיספֿאַרשטייעניש. לויט זײַן סייכל זײַנען זיי די זעלבע יידן, ווי אַלע.

העשל דער סטאָליער, וואָס איז סײַ אױף דער־זײַט טײַך און סײַ אױף יענער־זײַט באַוווּסט מיט דעם, וואָס ער איז א צו גוטער, א צו צוגעלאָזטער, וואָס האָט א שיינע נעשאָמע, לעבט איבער פאר יוליאַנען און עליזען. זיי וועלן דאָך פרעגן: וואָס האָט זיך געענדערט? פארוואָס קומט ניט בערל לערנען? פארוואָס קוקט מען אױף זיי קרום, מע לאַדט ניט איַין צום טיש, ווען זיי קומען אַרײַן אין שטוב? פארוואָס באַגריסט מען זיך ניט מיט זיי? מיט וואָס שיידט זיך אונטער דער הײַנט פונעם נעכטן?

וואָס וועט מען זיי ענטפערן? און פארוואָס קומט זיי באַליידיקן? העשל דער סטאָליער קאָן עס ניט פארלײַדן. ער לעבט עס איבער.

ער איז אָבער ניט מער ווי א זיידע.

די טאַטעס און די מאַמעס זײַנען געקומען צו זייער אויספיר: בערלען און סאָרעלען כאַסענע מאַכן.

18

און בא די כאַזאַנסקיס, בא דעם ברודער און בא דער שוועסטער, גייען די געדאַנקען און געפילן גאָר אין אן אַנדער ריכטונג, ווי בא בערלס קרוי־ווים. באַזונדערס נאָך זייער באַקאַנטשאַפט מיט צאַליע קאַדיש און זײַן פרוי זלאַטע.

פון פינכעסן האָבן יוליאַן און עליזע געוווּסט וועגן צאַליען. זיי האָט פאַרכאַפּט די מײַסע וועגן דעם, וויאַזוי צאַליע איז געוואָרן א האָלצהעקער, קעדייַ אויסקויפן זײַן ברודערס זינד. זיי האָט עס אויסגעזען וווּנדערלעך. ביפראַט נאָך, אז דאָס איז דער זעלבער צאַליע קאַדיש, וואָס איז געפאָרן קיין וואַרשע אַרײַנצוטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי.

אין זײַן ניט גרויסער, נאָר געמיטלעכער דירע האָט זיי צאַליע זייער פײַן אופגענומען. זלאַטע האָט צוגעגרייט א שיינעם טיש. און אין וואַרעמען זומער־אָוונט זײַנען די כאַזאַנסקיס ביז שפּעט געזעסן בא אָפענע פענצטער און אופמערקזאַם געהערט, וואָס די באַלעבאַטים דערציילן. און אַלץ — אָנ־הייבנדיק פון צאַליעס ברודער און ענדיקנדיק מיט צאַליעס און זלאַטעס כאַסענע — האָט זיי אויסגעזען, ווי א טשיקאַווער ראָמאַן, וואָס איז פול מיט ייִדישן שטייגער, גלויבן און אָבערגלויבן. בא דעם ברודער מיט דער שוועסטער האָט עס אַרויסגערופן אַנציקונג, און טאַקע בא צאַליען אין שטוב האָט יוליאַן געזאָגט עליזען:

— וועגן ייִדן האָבן מיר דאָך, אייגנטלעך, געוווּסט נאָר פונדערווײַטנס. פון נאָענטן איז עס גאָר אַנדערש, אַנדערש און סימפּאַטיש.

— זייער! — האָט געענטפערט די שוועסטער.

אין עטלעכע טעג אַרום איז בערל ניט געקומען לערנען. אױף מאָרגן — אויך ניט. עליזע האָט זיך געוווּנדערט: פארוואָס? עפּשער איז עפּעס געשען? און אין איינעם א טאָג פאַרנאַכטלעך זײַנען דער ברודער מיט דער שוועס־טער אַוועק צו בערלען אַהיים זיך דערוויסן די סיבע.

בערלס מישפּאָכע איז זיי געוואָרן אַזוי נאָענט און בערל אַליין אַזוי אייגן, אַז דעם גאַנצן וועג האָבן זיי זיך באַאומרויִקט, צי איז בערל ניט קראַנק אָדער עמעצער פֿון זײַנע נאָענטע. געקומען זײַנען זיי צו זעליק פּע־דערן אין שטוב קימאַט ווי שטענדיק אין יענער צײַט, ווען אַלע זיצן מיט טאַטע־מאַמע באַם טיש, די סאַמע בעסטע צײַט אין שטוב. ווי נאָר די טיר האָט זיך געעפֿנט און באַם טיש האָט מען דערזען די אַרײַנגעקומענע, איז די גאַנצע פֿריילעכקייט אַוועק. פֿון אומדערוואַרטונג (קיינער האָט זיי ניט גערופֿן) זײַנען אַלע געבליבן זיצן אָן לאָשן, מיט די אויגן אין די טעלער אַרײַן.

אויף דער באַגריסונג פֿון די אַרײַנגעקומענע האָט מען באַם טיש געענטפֿערט מיט אַ פּערטל מויל. ליבע־שעווע האָט מיט די הענט אויף שטומלאָשן זיי אײַנגעלאַדן זיצן.

יוליאַן און עליזע האָבן אין די ערשטע רעגעס ניט באַנומען, ניט פֿאַר־שטאַנען, אַז פֿון זייער קומען קאָן מען דאָ זײַן אומצופֿרידן. זיי זײַנען דאָך דאָ אייגענע.

פֿאַרוואָס אָבער שווײַגן אַלע? פֿאַרוואָס האָט מען אופֿגעהערט עסן? פֿאַר־וואָס קוקט מען ניט אין זייער זײַט?

— באַ אײַך איז עפּעס געשען?

— גאָרניט.

— איר זײַט פֿון עפּעס אופֿגערעגט?

— גאָרניט.

— פֿאַרוואָס איז בערל ניט געקומען לערנען?

— גאָרניט... — האָט ליבע־שעווע געענטפֿערט, ווי זי האָט געענטפֿערט אויף די פֿריִערדיקע פֿראַגעס. זי האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דער לעצ־טער „גאָרניט“ איז שוין גאָר ניט קיין פּאַסיקער ענטפֿער. — ער קאָן ניט...

— ניט געזונט?

— ניט מיט אַלעמען.

— וואָס איז מיט דיר, בערל?

בערל שווײַגט.

— פֿאַרוואָס שווײַגסטו, עפּשער האָט דיך עמעצער באַליידיקט?

בערל שווײַגט.

— בערל...

בערל שטעלט זיך אויף און אַנטלויפֿט.

— זאָגט אונדז, וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען? מיר פֿאַרשטייען ניט.

ווידער איז שטיל. ווידער קוקט קיינער ניט אויף זיי. ביז ליבע־שעווע מוז שוין עפּעס זאָגן:

— האָט קיין פֿאַריבל ניט און זײַט אונדז מוחל. איר פֿאַרשטייט... אָט מיר זײַנען ייִדן... און איר... מע קוקט אויף אונדז ווילד. און דער מאַגיד...

— אַך, אַזוי... אײַך איז פֿאַרבאָטן.

— אָט, אָט... פֿאַרבאָטן.

דער ברודער מיט דער שוועסטער קוקן זיך איבער. זיי שטעלן זיך אויף.

— אנטשולדיקט... — פון אומדערוואַרטקײַט און פאַרלאַרנקײַט קאָנען זיי מער א וואָרט ניט אויסריידן. — אנטשולדיקט... — און לאָזן זיך גיין צו דער טיר מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי מע גייט נאָך א לעווייַע.

העשל דער סטאָליער קאָן עס ניט אויסהאַלטן. ווי פאַרשעמט מען מענטשן? גוטע מענטשן.

די גאַנצע צײַט איז ער געזעסן, ווי אף שפּילקעס, און ניט געקאָנט פאַרלײַדן, וואָס באַם טיש קומט פאָר. און ווי קומט עס צו ליבע־שעווען? וואָס איז מיט איר געשען? ער איז מאַמעש אונטערגעשפּרונגען און פאַר־שטעלט די כאַזאַנסקיס דעם וועג.

— לאָזט! — האָט ער אויסגעשריִען. — וואָס קומט דאָ פאָר? אין מײַן שטוב זאָל מען באַליידיקן גוטע מענטשן! ניין, ניין! איך בעט אײַך... דאָס איז א מיספאַרשטייעניש. זעצט זיך. איך בעט אײַך!

דער ברודער מיט דער שוועסטער האָבן זיך אומגעקערט צוריק צום טיש, נאָר זיך ניט געזעצט.

ליבע־שעווע, וואָס האָט אלע אירע היימישע געשאַנעוועט און זיך אָנגע־נומען מיט קויכעס צו זײַן די שלעכטע, האָט דעם טאַטן געוואָלט פאַלן אפן האַלדז און אים קושן. ווען דער טאַטע פאַרלויפט איר ניט דעם וועג, וואָלט זי אליין ניט אויסגעהאַלטן און געפאַלן דעם ברודער מיט דער שוועסטער צו די פיס, זיי זאָלן איר מויכל זײַן.

— זעצט זיך. איך בעט אײַך, — איצט איז איר שטים געווען פול מיט האַרציקײַט און גוטסקײַט. אירע קלוגע בורשטין־אויגן האָבן געשמייכלט. די כיין־גריבעלעך האָבן זיך געבעטן: „זעצט זיך”. — זעליק, רעד דו... דו זעסט דאָך, ווי איך האָב זיך פאַרפלאָנטערט...

ארום טיש האָט מען זיך גענומען באַרויקן. דער טאַטע האָט גערופן בערלען. בערל איז געקומען מיט אראָפּגעלאָזטע פאַרוויינטע אויגן.

— בערל האָט כאַסענע, — האָט געזאָגט זעליק, — מיר לאַדן אײַך אײַן אף דער כאַסענע. איר וועט זײַן אונדזערע אָנגעלייגטע געסט.

און כאָטש געענדיקט האָט זיך אַלץ אויסערלעך גוט און גלאַט, זײַנען דער ברודער מיט דער שוועסטער ארויס פון זעליקס שטוב מיט א שווער געמיט — אומעטום זײַנען זיי פרעמדע.

„ניין, — האָבן זיי געטראַכט, — אף דער כאַסענע וועלן מיר ניט קומען”.

## 19

א רײַכע און גרויסאַרטיקע כאַסענע קומט פאָר בא דער קאַלע סאָרעלע אין שטוב. די צימערן זײַנען פול מיט אויסגעפּוצטע געסט. דער אָרקעסטער שפּילט. און ביידע מעכוטענעסטעס טאַנצן.

— דו טאַנצסט אנטקעגן מיר...
— און איך טאַנץ אנטקעגן דיר...

מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו! כאָסן־קאַלע פירט מען פון דער כופּע!

# פיר

כאַטש אַן אָרעמע,
דאָך א מומע,
ניט געבעטן —
אליין געקומען.
אָרעם איז ניט גוט,
אָרעם איז ניט גוט,
מע טאָר זיך ניט שעמען
מיט אייגענעם בלוט.

1

העשל דער סטאָליער שטארבט. ער איז בא אלע געדאנקען. קיין באזונ־דער ווייטעק פילט ער ניט. פּאַשעט, ער האָט אויסגעלעבט זײַנע יאָרן. פון זײַן קראנקן־בעט קוקט ער ארויס צום פענצטער און זעט, ווי די אונטער־גייענדיקע זון זעצט זיך, און זעצנדיק זיך, ווערט זי שטארק צעגאָסן אין ראָז און רויט, אויסגעמישט מיט לײַכט־ווײַסע וואָלקנדלעך. העשלען איז א שאָד, וואָס אזא שיינער הימל לעשט זיך. ביז איצט האָט ער זעלטן צײַט געהאַט צו באַטראַכטן די שקיִע פון טאָג. און ערשט איצט, ליגנדיק אין בעט, דערזעט ער די גאנצע שיינקײַט פון פארגיין: ליכט און אומעט. ער פילט עס נאָך מער דערפאר, וואָס העשלען דעם סטאָליער, העשלען דעם שניצער איז א שאָד אוועקצוגיין פון דער וועלט. ער וויל ניט אוועקגיין קיין אָפּגענארטער און באאוולטער. אָנשטאָט צו אײַנכאזערן זײַן פּאָסעק, ער זאָל טייקעף קאָנען ענטפערן דעם מאלעך־האַדוימע, ווען יענער וועט אים פרעגן „מאַ שמעכאָ?״ — טראַכט ער גאָר וועגן דעם, אז אלע זײַנע יאָרן, אָנהייבנדיק נאָך פון כיידער, האָט ער געגלייבט, אז גאָט וועט אים פירן אפן ריכטיקן וועג, און דעריבער האָט ער געוווּסט, אז זײַן צופרידן איז בעסער ווי זײַן אומצופרידן.

אפן קראנקן־בעט, ווען ער ווערט שוין אָפּגעשיידט פון טאָגטעגלעכן און געפינט זיך באַם ראַנד, פונוואַנען ער זעט גאָר אנדערש, באַנעמט ער: די ערשטע זאך, פון וואָס ער איז אומצופרידן, — איז די גוטסקײַט זײַנע. ער האָט שטענדיק נאָכגעגעבן און קיינעם ניט מעקאַנע געווען. זײַנען טאָ־קע מענטשן געווען גערעכט, ווען זיי האָבן פון אים געלאַכט? אלנפאַלס איז געווען גערעכט אָשערל בלאָנדער. ביידע זיי, ער און אָשערל, האָבן גע־וווּסט, אז א גוויר קײַט ניט קיין גאָלד און א קאַפּצן בײַסט ניט קיין שטיי־נער. פארוואָס אָבער פלעגט מען דאָס גאָלד אָנפּאַסן אף אָשערלען און די שטיינער אף אים, אף העשלען? אָשערלען איז אלץ געווען ווינציק. ער, העשל, האָט זיך אלעמאָל באַנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט. זײַן פארדראָס איז אָבער ניט אפן גאָלד און ניט אף די שטיינער, נאָר אף דעם, וואָס ער האָט זיך פארלאָזט אף כעסעד... און אָשערל — אף זיך אליין. אף זיך אליין, לאָזט זיך אויס, איז מער...

העשל דער סטאָליער מיינט גאָר ניט צו פארשעפּען גאָט. כאַסוועכאַ־לילע! ער, העשל, איז געווען א גוטער און א שטילער, און אזא איז ער אויך

איצט. און אויב ער איז אומצופרידן, האָט ער ווינציקער פאַר אַלץ אין זינען זיך אַליין. ער האָט געגעבן אַ שלעכטן בײַשפּיל זײַנע קינדער. אָט דאָס פאַר־דריסט אים. זיי זײַנען אויך פון אַלץ צופרידן און וואַרטן אויך אויף כעסעד.

דער מײַרעוו לעשט זיך. אין צימער איז אַרײַן דער פּאַרנאַכט, וואָס האָט געבראַכט אַ סאַך אומעט און קימאַט אינגאַנצן צוגענומען דאָס ליכט. און ווײַל אַרום זײַן געלעגער וואַקסט אָן די פינצטערניש, זעט העשל בעסער דאָס, וואָס ער וויל זען, — און ווילן וויל ער זען זײַן אייניקל בערל. ער זעט אים אַלס קינד, דערנאָך אַלס ייִנגל, וואָס קען אַזוי גוט שניצן שיינע זאַכן. בערל איז געווען זײַן פרייד און האָפענונג.

ער האָט זיך דען אַמאָל געקאָנט פאָרשטעלן, זיך ריכטן, אַז בערל זאָל זײַן עמעצנס אַן אַנדערנס און ניט זײַן אייניקל? בערל זאָל גאָר זײַן סאָ־רעלעס מאַן, בערל זאָל זײַן מאַלקעס איידעם. און ער איז שוין אַ טאַטע, בערל. ער שניצט מער ניט. סײַ סאָרעלע און סײַ מאַלקע האָבן ניט אופגעה־הערט צו טײַנען, אַז פון מאַכן מענטשעלעך קאָן מען קיין כאַיונע ניט האָבן. העלפט ער איצט זײַן שוואָער פינכעס באַס אין די געשעפטן.

פינכעסן און מאַלקען האָט העשל קיינמאָל ניט מעקאַנע געווען, ניט פאַריבל געהאַט אויף זיי. ער האָט געוווּסט, אַז זיי עסן כאַלע אינדערוואָכן (און ער נאָר שאַבעס), זיי עסן אויף אַלע שאַבעס (און ער נאָר ערעוו־יאָמקיי־פּער צום פאַרפאַסטן). זיי האָבן אַ גרויסע דירע, טוען זיך שיין אָן. ער האָט ביכלאַל קיין לײַכט ברויט און קיין לײַכט לעבן קיינמאָל ניט געזוכט. אַלץ איז ער מויכל, מויכל. אָבער אָפּנעמען בא אים בערלען, זײַן אייניקל, זײַן געליבט אייניקל — דאָס וועט ער קיינמאָל ניט מויכל זײַן. ער איז באַאוולט, שטאַרק באַאוולט. העשל ליגט אויף זײַן געלעגער, די פינצטערניש דעקט אים אײַן. ער זעט איצט און פאַרשטייט איצט, אַז דער זין פון זײַן לעבן איז רויִנירט, צערונען, פאַרגאַנגען. די שניצערײַ־שיינקײַט פון זײַן מיש־פּאָכע איז אַוועק, אַוועק... די קליאָן־בלעטער און ראָמאַשקע־בלומען זײַנען פאַרבליבן עלנט אויף דער מײַרעוו־וואַנט פון דער אַלטער הילצערנער פער־שטאָטער שול.

פון טראַכטן און איבערטראַכטן ווערט ער מיד. עס שלעפערט אים אײַן. אָבער קיין שלאָף איז עס אויך ניט. ס'איז האַלב־דרעמל, האַלב־וואָר, ווען מיט פאַרמאַכטע אויגן זעט ער: דער טאַטע איז געשטאָרבן, די מאַמע איז געשטאָרבן, ער גייט אויף זייערע לעווײַעס. איין טאָג אָדער צוויי דוכט אים דעמלט, אַז די וועלט גייט אונטער, און דערנאָך האָט מען זיך אַפילע ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי דאָס לעבן ציט אַרײַן, כאַפּט אַרײַן און מע דרייט זיך מיט אַלעמען צוזאַמען.

און אָט דערזעט ער דעם זיידן, אַן אַלטן און שוואַכן. אַן אָנגעלענטער אויף אַ שטעקל, בלײַבט ער שטיין אינמיטן צימער און זאָגט מיט טרערן אין דער שטים: אל תשליכנו לעת זקנה ככלות כוחנו אל תעזבנו[1].

---

[1] אל טאַשליכיינו לעײס זיקנאָ, קיכלויס קויכיינו אל טאַאַזוויינו — זאָלסט אונדז ניט אַוועקוואַרפן אויף דער עלטער; אַז ס'וועלן אויסגיין די קויכעס, זאָלסטו אונדז ניט פאַרלאָזן.

פון די ווערטער און פון דעם טרויעריקן ניגון ווערט די שטוב אָנגעפילט מיט וויינענדיקן געבעט. די וועלט גייט אונטער, און נאָר מיט טרערן און טפילע קאָן מען זי ראַטעווען. העשל איז נאָך דעמלט אַ קינד. ער פאַרשטייט ניט און באַנעמט ניט די באַדײַטונג פון „זיקנאָ״. אים וווּנדערט זײַן זיידנס טרויעריקע שטים מיטן „קיכלויס קויכיינו״. איצט איז שוין העשל אַליין דער זיידע, זײַנע קויכעס גייען אויס. געבליבן טעג אָדער עפּשער ניט מער ווי געציילטע שאָען.

ער שלאָפט אײַן. און אים כאָלעמט זיך, ווי דער מאַלעך־האַדוימע פרעגט אים „מאַ שמעכאָ?״ אָנשטאָט צו זאָגן זײַן פּאָסעק רופט ער: „בערל, בערל!״ און שפּעטער אַ ביסל, אַז ער כאַפּט זיך אויף, וווּנדערט אים, וואָס ער ליגט אויף זײַן געלעגער. ער איז דאָך שוין אין קייווער געווען. ער ליגט אָפּגעשוואַכט. פון שוואַכקײַט פילט ער ניט זײַנע גלידער. זיי האָבן קיין מאַמאָשעס ניט. קיין געדאַנקען קומען ניט. עס ציט אים אַרײַן אין שלאָף. און אין זײַן לעצטן שלאָף גייט אויס זײַן לעצטע שאָ...

2

אויף מאָרגן איז פאַרגעקומען די לעווײַע. געווען איז אַ שיינער האַרבסטטאָג. די בעסאַלמען־ביימער זײַנען שוין געשטאַנען געלע, נאָר די זון האָט נאָך אַלץ גוט געוואַרעמט.

אויסער אייגענע זײַנען באַגלייטן העשלען אויף דער עמעסער וועלט געקומען פּראָסטע באַלמעלאָכעס. ס׳איז אויך געקומען אָשערל בלאָנדער, שוין אַן אַלטער און קראַנקער, אָן דעם פריִערדיקן האַדראַס־פּאָנעם. ער האָט געבעטן מעכילע בײַ העשלען און דערבײַ געוויינט.

אין דעם זעלבן טאָג נאָך איז בערל אַרײַן אין דער פאַרשטאָטער אַלטער שול אָנצוקוקן דעם זיידנס בלעטער און בלומען אויף דער מײַרעוו־וואַנט, וועלכע ער האָט שוין לאַנג ניט געזען. עס האָט אים מאַמעש אָנגענומען באַם האַרצן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זײַנע אייגענע שניצערײַען, און ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ בענקעניש נאָך זײַנע גוטע ייִנגלשע יאָרן. לאַנג זיך פאַרזאַמען אין דער שול קאָן ניט בערל. אויף אים וואַרט סאָרעלע. און מאַלקע וואַרט אויף אים. ער דאַרף זיך אײַלן.

די לעצטע יאָרן איז פּינכעס באַס שטאַרק רײַך געוואָרן. פּינכעס זאָגט, אַז דאָס איז בערלס מאַזל. מאַלקע וויל עס ניט לײַדן, זי וויל ניט, אַז בערל זאָל זיך איבערנעמען, אויך סאָרעלע זאָל זיך ניט איבערנעמען און ניט וועלן זאָגן קיין דייעס.

מאַלקע ווערט אַלץ מער ברייט און פוללײַביק. די קליידער ווערן אויף איר אָפּט ענג. זי פילט זיך נאָך אָבער יונג און געזונט. אין שטוב איז זי די גאַנצע באַלעבאָסטע, קיינער מישט זיך ניט, קיינער זאָגט קיין דייעס ניט. דערפאַר אָבער דוכט איר אַמאָל, אַז סײַ אין שטוב בײַ איר, סײַ בײַ שכיינים און באַקאַנטע גיט מען איר אָפּ ווינציק קאָוועד. זי לײַדט פון דעם. נאָך לײַדט זי פון דעם, וואָס זי האָט זיך אײַנגערעדט, אַז בערל זאָרגט מער פאַר זײַנע עלטערן, ווי פאַר זײַן אייגענער מישפּאָכע.

צווישן די מישפּאָכעס באס און פּעדער ווערט די פרײַנטשאַפט אלץ מער אָפּגעקילט. און באזונדערס ווערן אָפּגעפרעמדט מאלקע מיט ליבע־שעווען. וואָלטן זיי ניט געווען קיין מעכוטענעסטעס, וואָלט זיך עס אזוי ניט אָנגעזען. אָבער ווײַל זיי זײַנען קרויווים, פילן זיך ביידע ניט גוט. מאלקען שטייט ניט אָן דער יִכעס. ליבע־שעווע פארליידט ניט, אז מע קוקט אף איר פון אויבן־אראָפּ. פּינכעס און זעליק באגעגענען זיך ניט. בערל קומט זעלטן צו טאטע־מאמע אין געסט. און דאָ האָט נאָך געטראָפן, אז זעליק פּעדערס טאָכטער האָט כאסענע געהאט מיט א שנײַדער, א גוטן באלמעלאָכע און ניט קיין שלעכטן פארדינער. אין דער אָפּגעפרעמדטקײַט פון די מישפּאָכעס איז דער „שנײַדער" געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט איבערפולט דעם בעכער. אף דער כאסענע פון זײַן שוועסטער איז בערל געקומען אליין, אפילע אָן סאָרעלען. בא דער מישפּאָכע באס האָט מען עס אויסגעטײַטשט, ווי א קלאַפּ אין טיש. בא די פּעדערס האָט מען עס אופגענומען גאָר אנדערש: זייער גוט, וואָס בערל איז כאָטש אף איין אָוונט איינגאנצן זייערער. מע ווייסט ניט דארפן נאָכקוקן, צי מאלקע איז צופרידן, צי סאָרעלע איז פריילעך, צי זיי בלאָזן ניט פון זיך. און מער פאר אלעמען איז געווען צופרידן דער זיידע העשל (די כאסענע איז געווען נאָך בא זײַן לעבן), וואָס איז ניט אָפּגעטראָטן פון זײַן אייניקל.

און אָט איז העשל דער סטאָליער געשטאָרבן. בערל קומט זעלטן. די טאָכטער לעבט מיט איר מאַן. בא די פּעדערס אין שטוב, אין דער אלטער דירע אף יענער־זײַט ניעמאן, אין פערשטאָט, איז געוואָרן פוסטער און אומעטיקער. אָן עלנטקײַט האָט גענומען אָנפילן די עטלעכע צימערן. און סײַ ליבע־שעווע, סײַ זעליק האָבן גענומען אָפטער זיפצן, אָפטער שווײַגן און מיט ציטער קוקן איינער אפן אנדערן.

די טאָכטער מיט איר מאַן קומען שאבעס אין געסט. בערל קומט ניט.

3

איינמאָל איז ער יאָ געקומען. און ווידער אליין, אָן סאָרעלען, ווי אף דער שוועסטערס כאסענע. אין שטוב האָט מען זיך דערפרייט. און פון גרויס פרייד האָט מען אפילע ניט באמערקט, אז בערל איז הײַנט מיט עפּעס אנדערשער, ווי אלעמאָל. ערשט שפּעטער האָט מען זיך גענומען וווּנדערן, ווען מע האָט דערזען, אז ער זוכט דעם זיידנס דאָלאָטע און סטאמעסקע.

— אף וואָס דארפסטו עס, בערעלע? — פרעגט די מאמע.

— דעם זיידנס בלעטער און בלומען אף דער מײַרעוו־וואנט...

— וואָס איז מיט זיי געשען?

— זיי נעמען וועלקן, מאמע, וועל איך פאריכטן.

— גאָר אזוי.

— און דערצו וויל איך נאָך זען, צי קאָן איך נאָך האלטן א דאָלאָטע און א סטאמעסקע אין דער האנט.

די מאמע האָט אים מיט פארוווּנדערונג אָנגעקוקט.

— איך פאַרשטיי ניט, מײַן זון, צוליב וואָס?
— זאָל עס דיך ניט וווּנדערן, מאַמע, און זאָל דיך אויך ניט וווּנדערן, אויב איך וועל אַמאָל קומען צו דיר נעכטיקן...
דאָס האָט שוין די מאַמע אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען.

עס האָט געדויערט ניט ווינציק צײַט, ביז בערל פּעדער האָט זיך גענומען פילן היימישער אין דער גרויסער און רײַכער שטוב פון פּינכעס באַס. באַזונדערס פרעמד האָט אים אויסגעזען די גלעזערנע שאַפע מיט די פּאַליצעס זילבער. ער טרעט אָפּ אָן דער זײַט, ווען אים קומט אויס די שווערע אַנגעלאָדענע שאַפע פאַרבײַצוגיין, ווי ער וואָלט מוירע האָבן עפּעס קאַליע מאַכן. אָנצוקוקן אָבער די שיינע כפּייצים אונטערן גלאָז האָט בערלען שטאַרק געצויגן. און איינמאָל האָט ער געבעטן סאָרעלען, זי זאָל עפענען די טירלעך און אים ווײַזן, וואָס אינעווייניק געפינט זיך. ער איז געווען אַנציקט פון דער שיינקײַט, ניט געקאָנט אָפּרײַסן די אויגן פון די בסאָמים־טורעמלעך מיט די גלעקעלעך, דין־געהאַפּטענע עסרויגים־פּושקעס, הויכע קידעש־בעכער, כאַנעקע־מענוירעס מיט פייגל, הירשן און לייבן, באַגילדטע קויסעס אויף פייסעך, זילבערנע טאַצן מיט פאַרשיידענע געמעלן...
— סאָרעלע, — האָט זיך דערהערט מאַלקעס שטים, — אומזיסט באַרימסטו זיך מיטן זילבער, ס'איז ניט דײַן נאַדן.
פון דעמלט אָן האָט בערל נאָך מער אויסגעמיטן די גלעזערנע שאַפע מיטן זילבער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מאַלקעס רייד זײַנען מער געווענדט צו אים, ווי צו סאָרעלען, — ס'איז ניט זײַנס! ער איז טאַקע אַן איידעם, אָבער ניט קיין באַלעבאָס. צו אים געהערט גאָרניט. סאָרעלע האָט עס פאַרגלעט, נאָר אויף דער מאַמען איז זי עטלעכע טעג געווען באַרויגעז.
אין מאַלקען איז ווי אַ דיבעק אַרײַן, וואָס איז מיט דער צײַט געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער: געבן בערלען אָנצוהערעניש ווען דער גרויסער טיוווע, וואָס מע האָט אים אַרײַנגענומען אין אַ גווירישער מישפּאָכע. בערל איז שוין אַ טאַטע פון עטלעכע קינדער, און מאַלקע האָט זיך ערשט אַרומגעזען, אַז דער שידעך צווישן סאָרעלען מיט בערלען איז געווען אַ טאָעס. ניט קיין פּאַרדינער, ניט קיין ייִכעס. וואָס זשע דען? אָן אָרנטלעכער? אָרנטלעכקײַט וואַלגערט זיך אין בלאָטע. ער העלפט פּינכעסן אין די געשעפטן. אָן אים וואָלט מען ניט אויסגעקומען?
די אומצופרידנקײַט נעמט זיך פון איר פאַרדראָס אויף זיך אַליין. מע האָט דאָך סאָרעלען גערעדט אַ גרויסאַרטיקן שידעך. סאָרעלע האָט ניט געוואָלט. און זי, די מאַמע, האָט סאָרעלען נאָכגעגעבן. זי קאָן זיך עס ניט מויכל זײַן. רופט עס אַרויס נאָך מער פאַרדראָס אויף בערלען, וואָס לויט איר אײַנריידעניש, האָט ער מער אין זינען זײַנע עלטערן, ווי זײַן אייגענע מישפּאָכע.
פּינכעס האָט עס באַמערקט און האָט געזאָגט מאַלקען עטלעכע שווערע ווערטער. העלפט עס אָבער ניט.
בערל מײַדט שוין אויס אין דער שטוב צוויי זאַכן — די שאַפע מיטן זילבער און זײַן שוויגער מאַלקע.

זינט זײַן שוועסטער האָט כאַסנע געהאַט פֿאַר א שנײַדער, האַלט מאַלקע, ווו מע דאַרף און ווו מע דאַרף ניט, אין איין זידלען די שנײַדער:

— א שנײַדערשער קאָפּ.

— א שנײַדערשער כעזשבן.

— א שנײַדערשער ייִכעס.

ביז בערלען איז עס דערעסן געוואָרן. און וואָס מער מאַלקע האָט „גע־שנײַדערט״, איז בערלען אַלץ ליבער געוואָרן זײַן זיידנס סטאָליערישער ייִכעס, זײַן טאַטע דער „מענטש״ בא יענעם, זײַן גוטע אָרנטלעכע מאַמע און זײַנע עלטערנס שטוב מיט דער געמיטלעכקײַט און היימישער פֿרײַנט־לעכקײַט. אין שטוב בא זײַנע עלטערן אף יענער־זײַט טײַך, אין פֿערשטאָט, אין שכיינעס מיט דער אַלטער שול, איז ער געווען אַזאַ, ווי ער איז געווען. ניט געדאַרפֿט אף זיך אַכטונג געבן, ווי ער גייט, ווי ער שטייט, ווי ער עסט, ווי ער רעדט, אָט דאָס אַלץ, וואָס ער דאַרף טאָן בא זײַן שוויגער מאַלקע אין שטוב. ער בענקט נאָך דער היים פֿון זײַן יוגנט, ווען ער איז געווען בערל, העשל דעם סטאָליערס אייניקל.

4

אף דערווידערן מאַלקען האָט אים נאָך קיין מוט ניט געקלעקט. אָבער אינמיטן א מיטוואָך זיך אָנטאָן און אוועקגיין צו זײַנע עלטערן אף א גאַנצן טאָג ביז נאַכט האָט אים שוין יאָ געקלעקט מוט.

סאָרעלע האָט זיך באומרויִקט. אַלע ווײַלע געלאָפֿן צו דער טיר זען, צי ער קומט ניט אָן. פּינכעס האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז פֿאַרלאָפֿן. ניט אַנדערש, אַן אומגליק איז געשען. מאַלקע האָט געשוויגן. ס'איז אָבער געווען א שווער שווײַגן. דערפֿאַר, ווען בערל איז אין אָוונט געקומען אַהיים, האָט זי זיך אף אים בייז צעשריִען.

— שוויגער־לעבן, שרײַט ניט. איך בין בא אײַך ניט קיין קנעכט.

דער דאָזיקער ענטפֿער האָט איבעראַשט. ווי קומט עס צו בערלען? מאַלקע איז אַנשוויגן געוואָרן און אף קיינעם ניט געקוקט. פּינכעס האָט נאָך אַלץ ניט באַנומען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. סאָרעלע איז דאַפּקע געווען צו־פֿרידן. איר איז זייער געפֿעלן, וואָס בערל קאָן זיך שטעלן קעגן.

— בא מיר אין שטוב זאָל איך הערן אַזוינע ריידן! — האָט זיך מאַלקע ערשט דערמאָנט. — איך וויל עס ניט לײַדן!

— בא אײַך אין שטוב? עפּשער זײַט איר גערעכט, — האָט זיך אָפּגע־רופֿן בערל. — צי איז ניט גלײַכער זיך פֿאַנאַנדערגיין?

— וואָס?! — האָט שוין מאַלקע אַזאַ געשריי געטאָן, ווי עמעצער וואָלט זי מיט א מעסער א שטאָך געטאָן. — פֿאַנאַנדערגיין? ווער מיט וועמען? סאָרעלע איז מײַנע, די אייניקלעך — מײַנע. און דו? ווילסט גיין... די טיר איז אָפֿן.

— מאַלקע! — האָט פּינכעס אומצופֿרידן געזאָגט.

— איך ווייס, אז מע רופט מיך מאלקע.

אין דער טאָכטער איז זי געווען פאַרגלייבט, סאָרעלע וועט זײַן אַף איר זײַט. ס'איז איר דען שלעכט בא דער מאמען?

— מאמע, פאַרגעס ניט, אז בערל איז מײַן מאַן פאַר גאָט און פאַר לײַט. וווּהין ער וועט גיין, אהין וועל איך מיט די קינדער גיין.

אַף דעם האָט זיך מאלקע ניט געריכט. אלע זײַנען קעגן איר. זי וועט אָבער אַף אירס באַשטיין.

און דאָ האָבן נאָך די קליינע קינדער, וואָס האָבן דערהערט, אז מע שרײַט אפן טאטן, אופגעהויבן א געשריי און א געוויין.

פון דעמלט אָן איז מאלקע ארומגעגאנגען אין שטוב א בייזע, א באַרויגעזע, אָנגעטאָן אזוי, ווי זי זאָל זיך קלײַבן ערגעץ אוועקפאָרן. און שוין ניט אזוי צו בערלען האָט זי געוואָלט אויסלאָזן איר פאַרדראָס. ווער איז ער, בערל? א סטאָליערס אן אייניקל! גאָט זאָל זי ניט שטראָפן פאַר די רייד — זי האָט ניט ליב קיין קאפּצאָנים. אָבער סאָרעלע? איר געליבטע טאָכטער זאָל איר וואַרפן דעם געט אין פּאָנעם? די מאמע, וואָס האָט איר אזויפיל נאָכגעגעבן, איז שוין פאַר איר גאָרניט, דער גאנצער ייִכעס איז דער מאַן!

די מאמע איז ארומגעגאנגען אין שטוב מיט איר שווערן טראָט א שטורמע, מיט א געדיכטער פאַרביסנקייַט. און פון איר שווײַגן האָט מאמעש ארויסגעשריִען. וואָס האָט זי פאַרטראכט? דאָס איז קלאָר געוואָרן ערשט אין א שטיקל צײַט ארום.

## 5

סאָרעלעס ייִנגערע שוועסטער, מאלקעס מיזינקע, האָט כאַסענע.

סאָרעלע איז געראָטן אין דער מאמען — זי איז א שיינע. די מיזינקע, לייע, איז געראָטן אין טאטן, אין פינכעסן. ווי א טאטע, ווי א מאנצבל, איז פינכעס סאָליד און אָנגענעם. לייע, וואָס איז אין אים געראָטן, פאַרמאָגט אויך סאָלידקייַט, אָנגענעמלעכקײַט, עס דערמאָנט אָבער מער מאנצבלשקײַט, ווי פרוייִשקײַט. עפּעס פעלט אין איר פון מאלקען, די מאמע האָט איר ניט דערגעבן א ביסל מיידלשע דינקײַט, יוגנטלעכע צוציִונגס־קראַפט. אין שטוב האָט מען געוווּסט: אין וועלכן ווינקל סאָרעלע זאָל זיך ניט שטעלן — אין יענעם ווינקל נעמט לויכטן. און מיט לייען איז ניט אזוי. די מיזינקע איז ניט קיין געראָטענע. מע דאַרף זי גיכער כאַסענע מאכן. געבן מער נאדן און געפינען א לײַטישן כאָסן.

לייע האָט גוט געפילט, אז זי איז ניט די געראָטענע, נאָר צום הארצן זיך ניט שטארק גענומען. זי ווייסט, אז אַף סאָרעלען קוקן אלע, אַף איר — ניט. עס וועט אָבער אַף איר אויך קומען א מייוון. זי איז אין דעם זיכער. אין שטוב האָט מען געמיינט, אז לייע וועט זיך אָן דעם ערשטן בעסטן כאָסן טייקעף אָנכאפּן. האָט זיך גאָר אויסגעלאָזט, אז דאפקע זי בראַקעוועט כאַסאַנים.

— לייע, — האָט מאלקע זי איינמאָל אָפּגעפּירט אָן דער זײַט און שטיל געזאָגט, — בראַקעווּעסט, ווי א פּרינצעסן. גיב א קוק אין שפּיגל... פּאַראַן שענערע.

— איך ווייס, מאמע, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן. איך וויל אָבער ניט אזא כאָסן, וואָס זײַן וועט ער מײַן מאַן און קוקן וועט ער אַף סאָרעלען. איך וויל אזא, וואָס קוקן זאָל ער נאָר אַף מיר.

און ווען אזא כאָסן האָט זיך געפונען, האָט זי גלײַך אײַנגעשטימט. לייע האָט זיך שטאַרק געדונגען מיט דער מאמען וועגן נאַדן. זי וועט ניט דערלאָזן, אז מע זאָל איר כאָסן אָפּנאַרן. אַלץ איז טאַקע געווען פּינקטלעך און געניי באַוואָרנט און פאַרזיכערט. דער טאָג פון דער כאַסענע איז באַשטימט. א דירע פאַר די יונגע האַלט מען שוין באַם דינגען. און מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז די מיזינקע איז געוואָרן די באַליבטע טאָכטער. זי מיט איר מאַן דאַרפן פאַרבלײַבן באַ דער מאמען אין שטוב. סאָרעלע מיט איר מאַן און קינדער דאַרפן אַריבערגיין אין א באַזונדער דירע. און-כאָטש דאָס איז געווען אומדערוואַרט און אפילע אומפאַרשטענדלעך, זײַנען בערל און סאָרעלע געווען צופרידן. סאָרעלען ווילט זיך שוין זײַן אַליין א באַלעבאָסטע אין איר שטוב. נאָר דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז עס איז פאַראַן א גרויסע מעניע — סאָרעלען קומט גאָרניט אַרויס פון איר נאַדן.

— פאַרוואָס? ווי‌אזוי? מאמע, איך האָב דאָך באַ דיר קיין גראָשן ניט גענומען.

— אָט אזוי. דו, דײַן מאַן און דײַנע קינדער האָבן אַלץ אויפגעגעסן. איצט האָט מען פאַרשטאַנען, אז די עמעסע כאַכאָמע איז טאַקע לייע. זי האָט זיך ניט געלאָזט נאַרן. סאָרעלע און בערל האָבן מיטן נאַדן גע־גליבט אַפן וואָרט, זיך פאַרלאָזט אַף יוישער. דערבײַ האָט מען גאָר גע־טראַכט, אז מע וועט זיך קיינמאָל ניט שיידן. בערל וועט העלפן פינכעסן, ווערן א שוטעף...

סאָרעלע מיט איר מישפּאָכע וואָלטן זיך מיסטאָמע פון אָרט ניט גע־רירט. געטריבן מיט גוואַלד וואָלט מען זיי ניט. האָט זיך מאַלקען פאַרגלוסט צו האָבן דעם גאַנצן פאַרגעניגן פון א גווירנטע — א זיגערן, וואָס אַלץ ליגט אין אירע הענט. אַף סאָרעלעס טײַנעס האָט זי געענטפערט:

— דיר וועט פעלן כאַיונע, וועסט ניט האָבן קיין ברויט, וועסטו קומען צו מיר — וועל איך דיר פאַר די קינדער געבן.

— נעדאָוועס! נעדאָוועס קאָן איך אַליין געבן!

אין סאָרעלען האָט אופגעקאָכט דער פאַרדראָס, זי האָט א טופּע געטאָן מיטן פוס, אפילע א טרער האָט זיך באַוויזן. און אין דעם זעלבן טאָג האָט סאָרעלע א באַרויגעזע און שווײַגנדיקע גענומען פּאַקן אירע זאַכן. אַף מאָרגן איז בערל מיט זײַן מישפּאָכע אַריבערגעפאָרן צו זײַנע עלטערן אין פאַרשטאָט.

לייע איז אויך ניט פאַרבליבן באַ דער מאמען. מיט איר מאַן איז זי אַריבערגעפאָרן אין אַן אַנדער דירע.

— איך וויל ניט, מאמע, דו זאָלסט מיר הייסן קוקן אין שפּיגל.

אין דער שטילער שטאָט האראָדנע מיט אירע טאָגטעגלעכע זאָרגן און דײַגעס איז צוגעקומען א וויכטיקע נײַס, וואָס גייט איבער פון מויל צו מויל:

— מאלקע באס וויל ניט אָפּגעבן דער אייגענער טאָכטער דעם נאָדן.

— בא פּינכעס באס זײַנען ביידע טעכטער פון שטוב אוועק.

אין באַלמעלאָכישע הײַזער גיט מען נאָך צו:

— און פאַרוואָס האָט זי אזוי פּײַנט א באַלמעלאָכע? בא איר איז עס ערגער פון א גאַנעוו, א מעשומעד.

פּינכעס האָט זיך געפילט ניט גוט. שאַבעס באַם דאַוונען האָט מען אָף אים פון אלע זײַטן געקוקט, און ער האָט זיך געשעמט די אויגן אופצוהייבן. ער פאַרשטייט דען ניט די אוולע, וואָס מאלקע איז באַגאַנגען בענעגייע סאָרעלען? אים טוט עס דען ניט וויי? די לעצטע יאָרן איז ער שוין צוגע־וווינט, אז מאלקע טוט, וואָס זי וויל. און אויב ער מישט זיך אין די היימי־שע אייסאָקים, הערט זי אים ניט און פאָלגט ניט. ער פוילט זיך צו באַשטיין אָף זײַנס, ער וויל זיך ניט קריגן. ער ווערט גיך מיד, יאָרן לאָזן זיך פילן. פּינכעס ווייסט אָבער, אז ער טוט ניט ריכטיק. ער טאָר ניט נאָכגעבן. און פון טאָג צו טאָג לייגט ער אלץ אָפּ זײַן שמועס מיט מאלקען וועגן דעם, אז מע טאָר ניט אזוי אומבעראַכמאָנעסדיק באַגיין זיך מיט קינדער.

מאלקע באַמיט זיך וואָס ווינציקער זיך באַווײַזן אָף דער גאַס און וואָס זעלטענער זײַן צווישן מענטשן. זי ווייסט, אז מע באַרעדט זי און מע זידלט זי. אלע זײַנען אָף סאָרעלעס זײַט. באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע גיבן אָפּ רעכט בערלען. מע האלט זי פאַר א מאַרשאַס, וואָס מאַכט קאַליע דאָס לעבן פון אירע אייגענע קינדער. און ווײַל אלע זײַנען קעגן איר און ווײַל זי איז דאָך א מאַמע (עס גיט א ציטער דאָס האַרץ), קאָן זי ניט און וויל ניט דערלאָזן, אז זי זאָל כאַראָטע האָבן. ניין און ניין, זי איז די גערעכטע! דעמלט, ווען אלע וועלן זיך אין דעם איבערצײַגן, וועט זי זײַן א גוטע און געבן סאָרעלען נאָדן. פאַר איין זאַך האָט זי מוירע: בערל קאָן רופן פּינכעסן צום ראָוו. פּינכעס וועט נאָכגעבן.

עס גייט אוועק א וואָך, א צווייטע. א כוידעש גייט אוועק. מע רופט ניט צום ראָוו. און ביסלעכווײַז נעמט מען וועגן דעם ביכלאַל פאַרגעסן. מאלקע איז אָבער ניט צופרידן. רופן צום ראָוו אָף א דין־טוירע וואָלט גע־הייסן, אז מע דאַרף צו מאלקען אָנקומען, מע פאָדערט, זי זאָל נאָכגעבן. לאָזט זיך גאָר אויס, אז מע פאָדערט ניט, מע מאָנט ניט, מע דאַרף צו איר ניט אָנקומען.

אין דער געראַמער דירע, מיטן שיינעם מעבל, מיט דער גרויסער שאַפּע זילבער, איז געוואָרן שטיל, אומעטיק. א פּוסטע שטוב איז איצט אָן די אייניקלעך, וואָס פלעגן וויינען און לאַכן, בעטן עסן, בעטן טרינקען און ניט וועלן גיין שלאָפן. אויך די טעכטער זײַנען ניטאָ, ניטאָ מיט וועמען צו ריידן, זיך אויסריידן, האָבן טײַנעס און טאַרומעס.

ס'איז שוין, עמעס, געווען אזא טאָג, ווען מאלקע האָט שיר־שיר ניט אויסגעהאַלטן. צי דער האַרבסטיקער טאָג, וואָס האָט אָן אופהער פון אינ־

דערפרי אָן געגאָסן מיט אַן אומרויִק־אײַנגעגעסענעם רעגן, צי די טרויִע־ריק־פאַרנעצטע פענצטער, צי די אומעטיקע גרויקײַט אין דערליידיקײַט און שטילקײַט פון דער דירע, צי אַלץ צוזאַמען, האָט אויף מאַלקען אָנגע־וואָרפן עלנט און שרעק, זי איז געגאַנגען פון צימער צו צימער, ווי אין אַ פרעמדער שטוב. איר איז קאַלט, זי ציטערט אַזש, כאָטש זי איז וואַרעם אָנגעטאָן. זי וואַרט מיט אומגעדולד אויפן מאַן. זי וועט אים טייקעף פרעגן: „פּינכעס, ווי מיינסטו, לייַע לעבט גוט מיט איר מאַן?"

און ווי וועט זײַן, אַז דער מאַן וועט ענטפערן: „ווילסט פרעגן אויף סאָרעלען, און פרעגסט אויף לייַען".

אויב ער וועט אַזוי ענטפערן, האָט זי אַ טערעץ:

„פאַרוואָס אויף סאָרעלען? און אויב יאָ? בין איך דאָך אַ מאַמע!"

נאָר אַז פּינכעס קומט, צינדט ער אָן פײַער, ווערט אין שטוב היימלע־כער, די איינזאַמקײַט טרעט אָפּ. מאַלקע האָט מיט וועמען ריידן, פאַר וועמען זאָרגן. זי פרעגט ניט וועגן די קינדער. פּינכעס אָבער האָט אַליין וואָס צו זאָגן:

— הערסטו, מאַלקע, שוין לאַנג, ווי איך קלײַב זיך מיט דיר ריידן.

— אַדעראַבע, רעד, רעד, וועט זײַן פריילעכער.

— וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונדזערע קינדער?

— איך? אויף אונדזערע קינדער? איך?

— מיטאַמאָל בין איך געוואָרן אויס טאַטע, אויס זיידע. מע לעבט דאָך ניט אייביק. מע נעמט גאָרניט מיט זיך. איך קאָן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס דו ביסט געוואָרן אַזאַ שלעכטע צו מיר, צו די קינדער. איך פאַרשטיי עס ניט און פאַרלײַד עס ניט. גענוג, מאַלקע! הערסט!

## 7

די פריילעכקײַט איז ווידער געקומען צו ליבע־שעווען אַהיים. און דערצו: אייניקלעך.

דאָס ערשטע מאָל האָבן זיך באַ ליבע־שעווען אין שטוב באַגעגנט זע־ליקס איידעם, דער שנײַדער שימען, מיט זעליקס שנור, סאָרעלען.

שימען איז אַ שיינער מאַנצבל, אַ פריילעכער, מיט אַן אָנגענעמער שטים צום זינגען. ליבע־שעווע איז ניט אינגאַנצן זיכער, צי דער איידעם, וואָס פילט זיך אַלעמאָל באַ איר אין דער דירע אַזוי פרײַ, — וועט זיך אויך אַזוי פילן אין דער אָנוועזנהײַט פון דעם גווירס טאָכטער, דער שיינער און קאַפּריזער סאָרעלע. זי האָט געוואָלט, אַז צווישן זיי זאָל ניט זײַן קיין פרעמדקײַט. שימען האָט זיך ווי אַלעמאָל געפילט היימיש און אויפגעלייגט. אים איז גאָרניט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן, אַז סאָרעלע איז פון אַ העכערן גראַד מענטשן. ס'איז ניט אין זײַן כאַראַקטער. ביפּראַט, אַז אין דעם הויף, ווו ער וווינט, איז ער אַליין אַ יאַכסן.

דער הויף, ווו ער וווינט, באַשטייט פון עטלעכע הײַזער, וואָס געהערן צו עטלעכע באַלעבאַטים. עס באַקומט זיך אָבער איין הויף. אין דער שטאָט הערט מען אָפּט וועגן דעם דאָזיקן הויף, אַז דאָ קאָן מען באַקליידן און

באשוכן א מענטשן פון קאָפּ ביז די פּיס. דאָ קאָן מען אויך א גאנצע וואָך קויפן ברויט, אף שאבעס — כאַלע. אף שאבעס און יאָמטעוו — פּיש. אויב מע דאַרף שטעלן א נײַעם אויוון אָדער דער אלטער רייכערט און מע דאַרף אים איבערלייגן, איז דאָ פאַראן א גוטער מוליער. און אויב מע דאַרף אויבס אף שאבעס...

אין דעם הויף וווינט שימען דער שנײַדער, רוּוון דער שוסטער, נאַפּ־טאָלע דער קירזשנער, גאָדל דער בעקער, פּראָים דער מוליער, עליע דער פּישער, שיפרע די אויבס־הענדלערן. אין דעם הויף וווינט אויך דער לערער מענאַכעם רובין. אלעמען רופט מען דאָ נאָר בא די נעמען, דעם לערער אָבער גיט מען אָפּ קאָוועד — אים רופט מען באם נאָמען און בא דער פאַמיליע.

דער הויף איז פול מיט קינדער. א גאנצן טאָג איז דאָ טומלדיק פון זייער שפּילן, געוויין און געלעכטער. אין די זומערדיקע אָוונטן זיצן די עלטערע אף די פּריזבעס, אף בענקלעך און כאַפּן פרישע לופט. דעמלט קאָן מען דאָ הערן אלע נײַס פון דער שטאָט. דערפאַר אָבער פאַרזעט מען אָפּט די נײַס פון דעם אייגענעם הויף: ווּעמענס יינגל מיט ווּעמענס מיידל עס שפּילן א ליבע.

אפן הויף וואַקסן צוויי יונגע בערעזעס, וואָס דער לערער מענאַכעם רובין צוזאמען מיטן שנײַדער שימען האָבן פאַרפלאַנצט.

אמאָל טרעפט, אז אהער, צו די צוויי יונגע בערעזעס, קומט אָן רעב מענאַשע מויכער־ספאָרים מיט זײַן פּאַק ביכער: סידורים, האַגאָדעס, בענ־טשערס, טכינעס, שיר־האמײַלעסן, מעזוזעס און נאָך אזוינע הייליקע זאַכן. בישטיקע האַלט מענאַשע אין זײַן פּאַק אויך עטלעכע וועלטלעכע ביכלעך. און אז ער קומט ארײַן אין הויף, ווו מע קאָן א מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פּיס, וואַרט ער אפן לערער מענאַכעם רובין.

— הערט איר, לערער, איך האָב הײַנט פאַר אײַך א סכוירע, וואָס איז ערשטער סאָרט, זעמל־מעל, פּימסן־האָלץ, עמעסער קאַנדל־צוקער, — און ער רוקט ארײַן דעם לערער אין דער קעשענע דעם „עמעסן קאַנדל־צוקער”.

דער לערער גיט דאָס ביכל לייענען דעם שנײַדער שימען און דעם קירזשנער נאַפּטאָלע; וואָס זיי פאַרשטייען ניט, גיט ער זיי צו דערקלערן.

דאָס לעצטע מאָל האָט מענאַשע מויכער־ספאָרים געבראַכט פאַרן לערער אײַזיק־מייער דיקס ביכל „דער טראַקטאַט וועגן דאַלעס”. מענאַשע האָט דעם לערער גאַרניט געזאָגט, נאָר זײַן גאנצער אויסזען האָט גליקלעך געשמייכלט, סײַ די אויגן און סײַ די באָרד האָבן געטײַנעט: „לערער, איר וועט מיר דאַנקען”.

פון דעם דאָזיקן ביכעלע איז דער לערער געווען באַזונדערס צופרידן. און געלייענט האָבן עס ניט נאָר שימען דער שנײַדער און נאַפּטאָלע דער קירזשנער, נאָר אויך רוּוון דער שוסטער און פּראָים דער מוליער. לייע־נענדיק, האָבן זיי אָפּט געלאַכט, געווען צופרידן, וואָס מע שפּאָט אָפּ פון די לוי־יוצלעכס, וועלכע קאָנען א קאַץ אן עק ניט פאַרבינדן, נאָר ווילן ניט פאַרפלעקן זייער ייכעס מיט א באַלמעלאָכע. אייניקע ערטער האָבן זיי פאַרגעדענקט אף אויסווייניק און אָפּט איבערגעכאַזערט, ווי, לעמאָשל:

„די ראבאָנים האָבן געלערנט: א קליין ייִדעלע נאָך זיבן יאָר ווערט א קונדעס, א קונדעס נאָך זיבן יאָר ווערט א כאָסן, א כאָסן נאָך זיבן יאָר ווערט א מעטופל מיט קינדער, א מעטופל מיט קינדער נאָך זיבן יאָר ווערט א מעלאמעד, א מעלאמעד נאָך זיבן יאָר ווערט א שאדכן, א שאדכן נאָך זיבן יאָר ווערט א באדכן, א באדכן נאָך זיבן יאָר ווערט א באטלען, און נאָכדעם שטארבט ער שוין".

די באלמעלאָכעס פונעם הויף האָבן, לייענענדיק דאָס ביכעלע, דערלעבט א שטיקל נעקאָמע אין די מעלאמדים, שאדכאָנים, באדכאָנים, באטלאָנים. זיי האָבן דערפילט זייער אייגענע ווערט, זייער נוץ, זײַנען געוואָרן א ביסל טאקיפער בא זיך.

שימען דער שנײַדער, וואָס איז אן אָפטער ארײַנגייער צום לערער מע־נאכעם רובין, ווערט ניט ניספּאָעל פאר א גווירס א טאָכטער. ער איז בא זיך ניט אראָפּגעפאלן. אים האלט אויך שטארק אונטער זײַן ווײַב, ליבע־שעווס טאָכטער, שיינעלע, וואָס איז פארליבט אין איר מאן, פארקאָכט אין אים, האלט אים אין איין קושן.

דער מאמען זאָגט שיינעלע:

— ער איז דאָך אזא שיינער, מאמע, א גוטער, א קלוגער, א גינציקער. און ווי ער זינגט לידער! אזא שיין זינגען, מאמע.

ווען ער קומט מיט זײַן שיינעלען אין געסט צו אירע עלטערן, זינגט ער טאקע לידער. פארשיידענע: פריילעכע און אומעטיקע, קלאָגנדיקע און צאָרנדיקע. זינגען האָט ער ליב.

סײַ זעליק און סײַ ליבע־שעווע האָבן פאר סאָרעלען דערעכערעץ, מעסטן און וועגן יעדער וואָרט, זיי זאָלן כאסוועכאָלילע ניט אָנרירן איר האָנאָר און ניט שטערן אירע קאפריזן. זי איז אן אייגענע, א שנור, די פרוי פון זייער זון און די מאמע פון זייערע אייניקלעך. אלץ איז עמעס. זי איז דאָך אָבער א גווירס א טאָכטער, מיט אנדערע געוווינהײַטן און אנדערע פארלאנגען. דער קויעך פון „א גווירס א טאָכטער" איז שטארקער פון אלץ. היט מען זיך מיט א וואָרט, גייט מען אף די שפּיץ פינגער.

דער יונגער און שיינער שנײַדער שימען האָט באלד מיט איר גענומען ריידן ווי א גלײַכער מיט א גלײַכן. ער ווענדט זיך צו איר היימיש:

— שוועגערן, ווי פילט איר זיך?

— שוועגערן, וואָס מאכן די קינדער?

סאָרעלען איז עס דאפקע געפעלן. זי האָט ניט ליב קיין שמעוודיקע, קיין פארשטויסענע. איר גווירישע דערציִונג פארלײַדט עס ניט. אויך שיי־נעלע איז סאָרעלען געפעלן. שיינעלע מיט איר ליבע צו איר מאן איז די גליקלעכסטע אף דער ערד, זי איז צו אלעמען גוט, וויל יעדערן טאָן טויי־וועס, ארומנעמען די גאנצע וועלט. סאָרעלען איז אזוינס צום הארצן. זי האָט ליב פריילעכקײַט. בא דער מאמע מאלקע איז געווען א פריילעכע שטוב מיט געסט, מיט קיבעד, מיט א גרויסער און שיינער שאפע זילבער. זי איז אוועק פון דער היים, ווײַל אויסער אלץ, איז זי דאָך זיכער, אז די מאמע וועט זיך אזוי לאנג אקשענען, ביז זי וועט זיך קומען איבערבעטן, אָפּגעבן דעם נאדן, רופן צוריק אין דער גרויסער גערעאמער שטוב.

אריבערפאָרן מיט די קינדער אין דער ענגער און ניט רײַכער דירע פון בערלס עלטערן איז געווען א דרייסטער אײַנפאַל, א נײַס, א קאַפּריז. און אזוינס איז סאָרעלען צום האַרצן.

8

סאָרעלע איז פאַרבליבן אזא, ווי געווען. בערל אָבער — ניט. אין אים ענדערט זיך עפּעס. ער איז ניט צופרידן מיטן הײַנט, נאָר וואָס וועט זײַן מאָרגן? ער האָט גוט פאַרגעדענקט: „סאָרעלע איז מײַנע, די אייניקלעך — מײַנע. און דו? ווילסט גיין... די טיר איז אָפן". ער פילט, אז אינווייניק אין אים שטעלט זיך אלץ קאַפּויער מיטן קאָפּ אראָפּ (און עפּשער גאָר פאַר־קערט — מיטן קאָפּ ארויף). קיינער באמערקט עס ניט, אפילו סאָרעלע זעט עס ניט.

סאָרעלען איז באַוווּסט דער סאָד, אז איר פאָטער, פּינכעס באַס, האָט איבערגעגעבן בערלען אייניקע זײַנע געשעפטן, פון וואָס בערל האָט כאַיור־נע (מאַלקע ווייסט עס ניט). און ווי בא איר מאַמען אין שטוב, איז זי געוווינט, אז כאַיונע, מיסכער, געשעפט געהערט צו די מאַנצבלען. פרויען מישן זיך ניט. פרויען פאַרנעמען זיך מיט קינדער און ווירטשאַפט. בערלען ווילט זיך דאַפקע, אז סאָרעלע זאָל אים פרעגן, מיטפילן און פאַרשטיין, זי זאָל באַנעמען, אז זײַן באַרוף איז אינדערעמעסן ניט מיסכער, ניט גע־שעפט. עמעס טאַקע, ער האָט פון דעם כאַיונע, אָבער אינווייניק איז בא אים פּוסט. אינווייניק לעבט בא אים די בענקעניש נאָך יענע מענטשעלעך, פון וועלכע מע האָט ניט קיין כאַיונע.

בערל רעדט זיך אמאָל אָפּ דאָס האַרץ, ווען ער טרעפט זיך מיט צאַליען און מיט זלאַטען. זיי פאַרשטייען אים און פילן אים מיט. דערפאַר מײַדט ער אויס זיך צו באַגעגענען מיטן ברודער און מיט דער שוועסטער כאַ־זאַנסקי — יוליאַן און עליזע. ער פילט זיך קעגן זיי שולדיק. ווען ער פאָלגט זיי און פאָרט זיך לערנען...

פאַר טאַטע־מאַמע ווײַזט ער דאַפקע ארויס, אז ער איז גוט אופגעלייגט און צופרידן. ביפראַט נאָך, ווען אין געסט קומען די שוועסטער שיינעלע מיט איר מאַן. הײַנט זײַנען זיי געקומען.

דער אָפּגעשוואַכטער ווינטער קוקט פויל און מיד דעם אָנקומענדיקן פרילינג אנטקעגן. פּורים איז אוועק. אין די פּאַדריאַדן באַקט מען מאַצע. עס פאַלן נאָך שנייען, נאַסע שנייען, וואָס צעגייען באַלד. אמאָל פאַלט אויך אראָפּ א רעגנדל. אָף די צווײַגן פון דיביימער און קוסטעס בלײַבן הענגען טראָפּנס, וואָס ווערן באַנאַכט פאַרפראָרן און זעען אינדערפרי אויס ווי גלעזערנע קנאָספּן. אינדערפרי ברעכן זיך אונטער די פיס די אײַז־הײַטלעך, וואָס האָבן איבער נאַכט פאַרצויגן די לוזשעס און רינעס. דאָס וואַסער פון אלע זײַטן נעמט מיט פרילינג־רויש שטראָמען אין ניעמאַן ארײַן.

בא ליבע־שעווען אין שטוב איז וואַרעם און געמיטלעך. צו דער שאַ־בעסדיקער סודע זיצט ארום טיש די גאַנצע מישפּאָכע, די טאָכטער מיטן איידעם, די שנור מיטן זון, די אייניקלעך. ליבע־שעווע האָט פאַרגרייט א

גרויסארטיקן מאָלצײַט, האָט ארויסגעוויזן איר בעריעשקײַט אין קאָכן און באַקן. ס׳איז פריילעך. פון דער וואָכעדיקער זאָרג איז קיין סימען ניטאָ. שוין פון נעכטן, פון פרײַטיקצונאכטס, שוועבט אין דער שטוב די שאַבעס־דיקע יאָמטעווודיקײַט. נאָכן עסן זינגט שימען לידער. שיינעלע העלפט אים שטיל אונטער. און ליבע־שעווע העלפט. בערל זיצט מיט פארמאַכטע אויגן, ער הערט שימענס הארציק געזאַנג און זעט דערבײַ, ווי ייִנגלווײַז פלעגט ער מיטן זיידן העשל זינגען זמירעס. און איינמאָל אין אזא שאַבעס־טאָג האָט דער זיידע געזאָגט: ווען ער קאָן, וואָלט ער אויסגעשניצט פון האָלץ, ווי א מישפּאָכע זינגט זמירעס באַם שאַבעסדיקן טיש. פון דער דאָזיקער דערמאָנונג עפנט בערל די אויגן און קוקט זיך ארום, ווי ער וואָלט דאָ באַם טיש געזוכט דעם זיידן. דער זיידע זײַנער העשל האָט געצווייפלט: „ווען ער קאָן?" בערל צווייפלט ניט — ער קאָן! ער וואָלט טאַקע אויסגעשניצט, ווי די מישפּאָכע זיצט באַם טיש און שימען זינגט לידער. שימען האַלט דעם קאָפּ עטוואָס געבויגן, די האָר באַ אים זײַנען צעשויבערט, די רעכטע האַנט צונויפגעדריקט אין א פויסט. ער באַמערקט איצט גאָרניט ארום זיך, ער באַמערקט אויך גאָרניט אַף זיך. ער זינגט. ער איז פול מיט דער האַנאָע פון זינגען. שיינעלע, וואָס האַלט אים שטיל אונטער, איז מער ארײַנגעטאָן אין שימענס זינגען, ווי אין איר אייגענעם. זײַן זינגען איז איר לעבן, זײַן זינגען איז איר ליבע צו אים. זי נעמט זיך מיט אים איבער, זי גרויסט זיך. ליבע־שעווע שײַנט, זי איז גליקלעך: ווען האָט זי זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אז באַ איר טיש זאָלן זיצן בערל מיט סאָרעלען, שיינעלע מיט שימענען, ווען? אַף אזוינס האָט איר גאָר קיין פאַנטאַזיע ניט געקלעקט. ס׳איז געווען איבער אירע פארלאַנגען. אָבער אז גאָט וויל... ער האָט זיך דערבאַרעמט. א נעס!

בערל זיצט ניט ליידיק. פון דער זײַט קאָן זיך גאָר אויסדוכטן, אז בלויז ער הערט, ווי שימען זינגט, בלויז ער זעט, ווי אַלע קוקן שימענען אין מויל ארײַן. ניין, בערל ארבעט. ער פילט אין זײַן האַנט די דאָלאָטע און די סטאַמעסקע. ער שניצט. עס וואַקסט אויס שימען. אָט איז שיינעלע א פארליבטע, אָט איז ליבע־שעווע א גליקלעכע, אָט איז סאָרעלע א פאַר־וווּנדערטע פון דעם, וואָס זי הערט און זעט. די ארבעט גייט, די פינגער פּאָלגן, בערלען איז גוט, ער איז גליקלעך.

נאָך אין דעם זעלבן טאָג, גלײַך נאָך שאַלעשודעס, איז צו סאָרעלען געקומען איר שוועסטער לייע. געקומען איז זי ניט אין געסט. זי איז געוועזן אליין, אָן דעם מאַן. זי איז מיט דער שוועסטער ארויס אין גאַס שפּאַצירן. אַלע אין שטוב האָבן פארשטאַנען, אז לייע איז ניט אומזיסט געקומען. זי איז געקומען אין שליכעס צו דער שוועסטער. וועגן וואָס אָבער? פון וועמען?

די שוועסטער שפּאַצירן. ליבע־שעווע איז צעטראָגן. זעליק איז צעטראָגן. ביידע שווײַגן. דער שאַבעסצונאַכטס קוקט שוין ארײַן אין די פענצטער, דערנאָך קומט ער ארײַן אין שטוב. שוין צײַט אָנצינדן פײַער, נאָר אַפן הארצן איז אַלעמען אזוי שווער, אז אין דער פינצטער איז בעסער, ווי אין דער ליכטיק.

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָט סאָרעלע געזאָגט בערלען:

— דו ווייסט, מײַן מאַן, איך האָב גוטע נײַעס.
— גוטע נײַעס? — איז בערל געוואָרן זייער נײַגעריק.
— גוטע. די מאַמע וויל זיך איבערבעטן. זי וועט אָפּגעבן דעם נאַדן, זי רופט צו זיך אין דער דירע. ווען מייינסטו, בערעלע, וועלן מיר אריי־בערפאָרן?
— ניין, סאָרעלע, מיר פאָרן ניט.
פאַר סאָרעלען איז עס געוועזן שטאַרק אומדערוואַרט. באַלד אָבער איז זי געקומען צו־זיך. ער שפּאַסט דאָך, ווי פאַרשטייט זי עס ניט?
— האָסט מיך איבערגעשראָקן מיט דײַן שפּאַסן, — האָט זי געזאָגט לאַכנדיק, — בערעלע, בערענקע, בערטשיקל...
— איך שפּאַס ניט.
— פאַרשטיי איך אינגאַנצן ניט.
— פאַרשטיי מיך. איך וויל מער ניט ציטערן, פאַרבײַגייענדיק די שאַפע מיט זילבער. איך וויל ניט מער, אַז דײַן מאַמע זאָל אַף מיר שרײַען. איך וויל ניט לײַדן, אַז דו ביסט אירע און די קינדער זײַנען אירע, און פאַר מיר... איז אָפּן די טיר. פאַרשטיי מיך, סאָרעלע, פאַרשטיי!

9

„פאַרשטיי מיך, סאָרעלע, פאַרשטיי".
ווי זאָל זי אים פאַרשטיין?
די מאַמע, די אַקשנטע, האָט די ערשטע געזאָגט: זי וויל זיך איבער־בעטן. זי גיט אַלץ נאָך, זי גיט אָפּ דעם גאַנצן נאַדן. זי רופט צוריק אין דער גרויסער געראַמער דירע. עמעס, די מאַמע טוט ניט גוט, וואָס זי פּאַלט אָן אַף בערלען. איר, סאָרעלען, פּלעגט עס אַלעמאָל פאַרדריסן. וועגן דעם האָט זי געזאָגט לייען, געזאָגט פּעסט: איינמאָל פאַר אַלעמאָל, זי וויל, אַז אַזוינס זאָל זיך מער ניט איבערכאַזערן. זי וויל ניט לײַדן, ווען די מאַמע קוקט נאָך, ווי איר מאַן עסט, ווי ער גייט, ווי ער רעדט. אַף דעם האָט איר לייע גע־ענטפערט: די מאַמע פאַרשטייט עס שוין אַליין, מער וועט זיך אַזוינס ניט איבערכאַזערן, ניט געשען.
וואָס, אייגנטלעך, קאָן בערל נאָך פאַרלאַנגען? דער טאַטע ווערט עלטער, מידער, וועלן דאָך מיט דער צײַט די געשעפטן אַריבערגיין צו בערלען. ער וועט אויך ווערן דער באַלעבאָס איבערן זילבער, דאָס גייט אַרײַן אין נאַדן.
דערצו ווייסט סאָרעלע אויסגעצייכנט, אַז בערל האָט זי שטאַרק ליב, אַז ער איז אַ הייסער טאַטע צו די קינדער און אַז פאַר איר פאָטער, פּינכעסן, האָט ער גרויס אָפּשײַ.
סאָרעלע גיט אַ שמייכל צו זיך אַליין — אַלץ ווענדט זיך אָן איר. זי וועט אים זאָגן: בערעלע, בערטשיקל, קום — וועט ער גיין.
...און באַ בערלען ווערט אַלץ פעסטער דער פאַרלאַנג ניט אומצוקערן זיך צו מאַלקען אין דער גרויסער דירע. ער פאַרלײַדט ניט מאַלקען, ער פאַרלײַדט ניט איר שטוב. ער דאַרף ניט די שאַפע מיטן זילבער. ער איז אַפילע מויכל דעם נאַדן.

בא דער מאמען, בא ליבע־שעווען, איז ענג, ווען זיי דינגען א דירע. כאיונע האָט ער. מער קיין פארדינסטן זוכט ער ניט. ער זוכט ניט קיין רײַכקײַט. ער דארף נאָר פארנאָסע פאר ווײַב און קינדער.

דערבײַ גיט זיך בערלען ניט ווילנדיק א טראכט: געדארפט פאָלגן און פאָרן זיך לערנען...

לייע איז ווידער געקומען צו דער שוועסטער. און, ווי דאָס פאָריקע מאָל, זײַנען זיי ביידע ארויס שפאצירן. אף דער גאס איז שוין ווארעמער. עס שמעקט מיט דער קאָרע־ביטערקײַט פון די טאָפּאָלן, מע קאָן שוין אויך דערשמעקן אין דער לופט א סמאָלע־רייעך פון יעלן און סאָסנעס. עס האָבן זיך באוויזן די ערשטע געלע שניי־בלימלעך. דער פארנאכט קומט אָן, און די זון פארגייט אין וואָלקנדלעך הינטער הויכע דין־אָפּגעפרישטע יעלן. פון יענער־זײַט ניעמאן בילן די הינט, פארגייען זיך אין א געוואָי און ווערן שטיל. די שטילקײַט, וואָס קומט אָן פון יענער־זײַט טײַך, ווערט אָנגעפילט מיט אָוונט־אומעט, מיט בענקעניש. און ס'איז ניט באוווסט, נאָך וואָס און נאָך וועמען מע בענקט.

די שוועסטער שפאצירן. די מאמע מאלקע אײַלט: וויבאלד זי איז גע־קומען צום געדאנק, אז מע דארף זיך איבערבעטן, וויל זי, פארלאנגט זי, עס זאָל געטאָן ווערן טייקעף, באלד, די מינוט! זי האָט פײַנט אָפּצולייגן אף שפעטער.

— לייע טײַערע, — בעט זיך סאָרעלע, — גיב מיר אן אייצע. בערל וויל ניט.

לייע ווייסט, אז בערל איז גערעכט. לייען האָט אפילע אָפּט געוווּנדערט, פארוואָס סאָרעלע פארשווײַגט, ווען די מאמע מאכט בערלען פארשיידענע באמערקונגען.

א מאמע איז א מאמע, אוואדע! לייע אָבער קאָן דער אייגענער מאמען זאָגן דעם עמעס. ביפראט נאָך, אז זי איז געווען די ניט־געראָטענע און די, וואָס דארף אף זיך א קוק טאָן אין שפיגל. וואָס פאר אן אייצע קאָן זי געבן דער שוועסטער? סאָרעלע איז געווינט, אז אלע זאָלן ארום איר ארומגיין, ציטערן איבער איר, לייגן דעם ביסן אין מויל, קעכלען און קוקן איר אין די אויגן. אוואדע בענקט זי נאָך דער מאמעס שטוב.

בערל אָבער, דער מאן אירער?

לייע האלט זיך שטארק בא איר מאן. עס איז איר ניט לײַכט אָנגע־קומען, ביז זי האָט געפונען, וואָס זי דארף. דער מאן איז פאר איר אלץ — א מאן און א גאָט.

— וואָס פאר אן אייצע קאָן איך דיר געבן, שוועסטער מײַנע? אוואדע וועט דיר זײַן בעסער בא דער מאמען. אָבער בערל איז דאָך דײַן מאן! א געטרײַער צו דיר און א גוטער טאטע צו דײַנע קינדער. א מאן דארף מען הערן און פאָלגן...

— הערן און פאָלגן, זיך ניט רירן פון אָרט?

— פארשטיי דאָך, מײַן שוועסטער, פון וואָס וועט איר לעבן?

זינט סאָרעלע געדענקט זיך, איז פאַר איר די פראַגע „פון וואָס לעבן?" קיינמאָל קיין פראַגע ניט געווען. זי האָט וועגן אַזוינס גאָר ניט געטראַכט. דעריבער האָט איר לייעס פראַגע „פון וואָס לעבן?" אויסגעזען אומדערוואַרט און גאָרניט צו דער זאַך.

— שוועסטער מײַנע, וואָס הייסט?

— סאָרעלע, דאָס הייסט זייער פּשוט: כּאיונע, פּאַרנאָסע, ברויט. פאַר זיך און פאַר די קינדער.

— ברויט פאַר מיר און פאַר די קינדער? לייע, דו רעדסט גאָר...

— איך רעד צו דער זאַך. גלייב מיר.

— בערל פאַרדינט דאָך! — האָט סאָרעלע אויסגעשריִען.

— טײַערע מײַנע, דו לעבסט אויפן הימל. דאַרפסט וויסן דעם ריינעם עמעס. די מאַמע האָט זיך גלײַך אָנגעשטויסן, ווען דער טאַטע האָט בערלען אָפּגעטראָטן אייניקע געשעפטן. זי האָט זיך, זאָגט זי, געמאַכט ניט ווויסנדיק. זי וועט דאָך אײַך ניט לאָזן הונגערן. איצט אָבער...

— איצט אָבער?

— וויבאַלד, זאָגט זי, איר קערט זיך ניט אום צוריק אַהיים, ווען די גאַנצע שטאָט קוקט אויף דעם אַרויס, איר שטעלט זי אַרויס צום נאַר, אַלע זאָלן וויסן, אַז זי איז אַ מאַמע — אַ מאַכשייפע, אַ מאַמע — אַ גאַזלען, איר ווילט אַפילו דעם נאָדן ניט באַקומען, אַבי פון איר ניט וויסן... קענסט דאָך אונדזער מאַמען, זי וועט זיך אַזוי אָנזעצן אויפן טאַטן, אַז ער וועט מוזן אָפּנעמען צוריק די געשעפטן בײַ בערלען.

— דו מיינסט אַזוי? דער טאַטע זאָל אויף דעם אײַנגיין?

— סאָרעלע, דער טאַטע איז שוין אַלט.

— איז וואָס פאַר אַן אייצע גיסטו מיר? וואָס וואָלסטו געטאָן?

— מײַן מאַן איז אַ פאַרדינער, ער דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען. נאָר סײַוויי. איך וואָלט אַ סקאָרינקע ברויט געגעסן, מיט וואַסער פאַרטרונקען, נאָר צו דער מאַמען זיך ניט אומגעקערט. פאַרשטייִ, סאָרעלע, די קינדער... וואָס זײַנען זיי שולדיק? שוועסטער מײַנע, צי האָב איך קיין טאָעס ניט? מיר שײַנט... ביסט ווידער פאַרגאַנגען...

סאָרעלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— אויב אַזוי, טײַערינקע, איז דאָך ניטאָ וואָס צו צווייפלען. בערל וועט עס פאַרשטיין. צוליב אַ קינד, אַ נײַ נעפעשל. מיר איז אויף בערלען אַ גרויסער ראַכמאָנעס. ער וועט מוזן פאַרנייגן דעם קאָפּ, כאָטש פון האַרצן וועט בײַ אים בלוט רינען. איינס פאַרגעדענקט: באַוואָרנט דעם נאָדן. עס זאָל זיך ווידער דאָס זעלבע ניט איבערכאַזערן. באַוואָרנט!

10

בערלס עלטערן שווײַגן. זיי זײַנען גאָרניט זיכער, וואָס פאַר בערלען איז בעסער — בלײַבן בײַ זיי אין פּערשטאָט צי זיך אומקערן צוריק צו מאַל־קען. איינס ווייסן זיי אויף זיכער: דעם זון זייערן איז שווער, דעם זון זייערן איז ניט גוט.

זיי שוויַגן, נאָר זיי שלאָפֿן קיין נעכט ניט. און ווי עס טרעפֿט אָפּט, באַהאַלטן אויס זעליק און ליבע־שעווע איינער פֿון דעם אַנדערן זייערע געדאַנקען און געפֿילן, ניט צו פֿאַרשאַפֿן איינער דעם אַנדערן קיין האַרצווייטעק. ביידע זיפֿצן. באַנאַכט טראַכטן זיי וועגן בערלען. יעדערער אויף זײַן אויפֿן.

ניט ווילנדיק קערן זיך אום צו ליבע־שעוועס די געדאַנקען פֿון יענער צײַט, פֿון בערלס ערעוו־כאַסענע, ווען זי האָט געטראַכט: סאָרעלע איז אַ צעבאַלעוועטע און אַ קאַפּריזנע. אַלץ טוט פֿאַר איר די מאַמע, זי זאָרגט פֿאַר איר און באַלעבאַטעוועט איבער איר. האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזט ניט גוט. און איצט איז מאַלקע מיטאַמאָל געוואָרן אַ גוטע און רופֿט זיי ווידער צו זיך. סאָרעלע איז טייקעף גרייט צו לויפֿן. פֿאַר בערלען אָבער איז דאָך מאַלקעס רײַכע שטוב מיטן גוטס — אַ גענעם. ער דערציילט עס ניט, אים שטייט עס ניט אָן, נאָר זי, די מאַמע, זעט דאָך און פֿאַרשטייט דאָך. און דערבײַ... אַזוי פֿאַר זיך, עס באַקומט זיך, ווי ניט זי אַליין טראַכט עס, נאָר עמעצער אַ זײַטיקער זאָגט עס אונטער, קומט דער געדאַנק: ער וואָלט כאַסענע האָבן מיט זײַן גלײַכן, וואָלט ער שטיל און רויִק געלעבט. ניט אומזיסט פֿלעגט דער טאַטע העשל זאָגן: אַ גוויר בײַסט ניט קיין גאָלד, און אַ קאַפּצן קײַט ניט קיין שטיינער. דאָס לעבן לערנט אויס.

„אַ ליבע! — ענטפֿערט די מאַמע אָט יענעם זײַטיקן, וואָס מישט זיך, ווו מע דאַרף ניט. — די קינדער האָבן זיך ליב". — און זי, ליבע־שעווע, פֿאַרשטייט זיך אין דעם זייער גוט.

„אָבער צו ליבע, — גיט זיך אַ זאָג דער זײַטיקער, וואָס מישט זיך, ווו מע בעט אים ניט, — דאַרף מען אויך האָבן מאַזל. איז, אפֿאָנעם, קיין מאַזל ניט פֿאַראַן".

צו סאָרעלען האָט זי גאָרניט. צי קאָן אָבער סאָרעלע פֿאַרשטיין אַ מענטשן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ פּאָשעטער שטוב, ניט קיין געבאַלעוועטער, העשל דעם סטאָליערס איייניקל, וועלכער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ רײַך הויזגעזינד און מיט דער דאָזיקער רײַכקײַט שטעכט מען אים אַלע ווײַלע די אויגן? סאָרעלע האָט ליב בערלען, נאָר פֿאַרשטיין קאָן זי אים ניט אַלעמאָל. ליבע־שעווע האָט נאָך אַמאָל געהערט פֿון איר באָבען: „פּונוואַנען קענען בולבעס, געפּרעגלט אויף שמאַלץ, פֿאַרשטיין דעם טאַם פֿון בולבעס אין פּעלצן? דוכט זיך, ביידע בולבעס..."

צו סאָרעלען האָט זי גאָרניט. דער אומגליק ליגט אין מאַלקען, וואָס וויל שטענדיק זײַן גערעכט, וויל ניט וויסן פֿון יענעם, נאָר פֿון זיך אַליין, וויל באַווײַזן, אַז זי איז דער „יאַ טעבע דאַם!". ליבע־שעווע כאַפּט אויף, ווי איר דוכט זיך, מאַלקעס באַהאַלטענעם גאַנג: זי וויל סאָרעלען מיט בערלען צעשיידן, געטן. סאָרעלע איז דאָך נאָך אַ יונגע, אַ שיינע, אַ רײַכע. מאַלקע וועט פֿאַר איר געפֿינען אַ גוטן מאַן.

נאָר אָט דערזעט ליבע־שעווע אַן אַנדער בײַשפּיל — שיינעלע און שימען. בײַ זיי איז אַ פֿריילעכע ליבע. איינער דעם אַנדערן וויל פֿאַרשאַפֿן רו און פֿאַרגעניגן. צי דען איז דער שנײַדער שימען קליגער פֿון דער גרויסאַרטיקער מאַדאַם מאַלקע?

אזוי גייט דורך די נאכט. די מאמע שלאָפט ניט. וואָס וועט זײַן מיט איר זון?

און זעליק שלאָפט אויך ניט. זעליק טראַכט, אַז ער, דער טאַטע, איז גאָר שולדיק אין בערלס ניט אײַנגעגעבן לעבן. ער האָט דען ניט פאַרשטאַנען, אַז מאַלקעס טאָכטער און ליבע־שעוועס זון זײַנען ניט קיין פּאָר? צי דען ווייסט ער נאָך אַלץ ניט, אַז קרום איז ניט גלײַך און אָרעם איז ניט רײַך? יאָ, ער האָט עס גוט געוווּסט. געוווּסט, נאָר געהאָפֿט. געהאָפֿט, אַז דעם זון וועט זיך אײַנגעבן אַרויסצורײַסן פֿון דעם שווערן לעבן פֿון זײַן טאַטן און זיידן. אַזוינע פֿאַלן זײַנען דאָך געווען. און דערצו זײַנען די מישפּאָכעס באַס און פעדער געווען אַזוי פֿרײַנטלעך־נאָענט. קימאַט ווי איין געזינד. ווער האָט עס געקאָנט פֿאָרויסזען? ווערן קלוג ערשט אױף מאָרגן, נאָך אַלעמען, איז קיין כאָכמע ניט.

„אָך, זעליק, זעליק, ווילסט זיך מאַכן גרינגער, לײַכטער. ביסט ניט שול־דיק, — דאָס זאָגט אים אָט יענער, וואָס האָט אַ טעווע זיך אַרײַנצומישן, ווו מע דאַרף ניט. — וואָס האָסטו געמיינט, דײַן בערל וועט פֿירן מיסכער, אָנעמען פּאָדריאַדן, בויען קאַזאַרמעס און וועגן, צושטעלן פֿערד־און־וועגע־נער... דײַן בערל?"

„און פֿאַרוואָס ניט? מיט וואָס איז בערל ערגער פֿון אַנדערע? ביפּראַט, דער שווער זײַנער, פּינכעס באַס, לערנט אים, פֿירט אים אַרײַן צווישן מענטשן, דערקלערט ווו־אַײַן און ווו־אויס. פֿאַרוואָס ניט?"

נאָר אָט יענער, דער זעלבער, וואָס קאָן אַרײַנקריכן אין דער גרינער גאַל אַרײַן, זאָגט זיך זײַנס: „אַ וואָלף צווישן וועלף און אַ גאַזלען צווישן גאַזלאָנים קאָן לעבן. אָבער אַ שאָף צווישן וועלף און אַן אָרנטלעכער צווישן גאַזלאָנים?.."

דער טאַטע מוז נעמען אויף זיך די שולד. ווי־אַזוי האָט ער עס ניט פֿאַר־שטאַנען און ניט געוואָרנט? זעליקן קאָסט עס אַ סאַך געזונט. ער שלאָפט ניט. אַזאַ גוט יינגל געווען זײַן בערל.

11

שאַבעס. ווי שטענדיק, קומען צו ליבע־שעוון אין געסט שיינעלע מיט שימענען. אַלע זעצן זיך אויס אַרום דעם גרויסן דעמבענעם טיש, וואָס דער זיידע העשל האָט מיט יאָרן צוריק געמאַכט. און איידער מע שטעלט נאָך אויס אַלע מײַכאָלים, פֿרעגט שימען בא סאָרעלען און בערלען:

— וואָס טראַכט איר צו טאָן? אַריבערפֿאָרן אָדער בלײַבן?

אין שטוב שווײַגט מען און וועגן דעם. ליבע־שעווע און זעליק מישן זיך ניט. בערל און סאָרעלע ריידן צווישן זיך אָן איידעס.

אָט טאַקע דערפֿאַר האָט שימענס פֿראַגע אַרויסגערופֿן פֿאַרוווּנדערונג. וואָס האָט זיך שימען צו מישן? ניט איידל פֿון זײַן זײַט. און קעדיי קיין פּאַריבל זאָל ניט ווערן, נעמט ליבע־שעווע פֿאַרגלעטן. ניט דאָס האָט שימען געמיינט. אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער...

— שוויגער־לעבן, פאַרוואָס טראַכט איר אַזוי? מישן זיך — טאָקע ניט. אָבער אַן אייצע געבן... — ענטפערט שימען.

— אוואדע, מאַמע, שימען קאָן געבן אַ גוטע אייצע, — האַלט אים אונטער שיינעלע.

מע קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס דאָ וואָלט געקאָנט פאַרקומען, ווען דערבײַ איז פאַראַן מאַלקע באַס. פאַר דער גרויסאַרטיקער מאַדאַם וואָלט עס באַטײַט: „הער נאָר, הער, דער שנײַדער־יונג שימען און זײַן שנײַדערוטשקע שיינע גיבן שוין אייצעס דער מישפּאָכע פון מאַלקע באַס. דער געמיינער גראַד ווייסט שוין גאָר ניט, ווו ער האַלט אין דער וועלט". מאַלקען וואָלט אַזוינס שטאַרק פאַרדראָסן. זי וואָלט זיך אַזש פאַרן האַרץ געכאַפּט: „שימען דער שנײַדער גיט אייצעס סאָרעלען!"

אָבער סאָרעלע אַליין, וואָס איז דאַפקע יאָ דערבײַ, וווּנדערט זיך ניט און האָט ניט קיין פאַריבל. זי דאַרף טאַקע אַן אייצע.

סאָרעלען איז שווער. פריִער איז איר אַלץ לײַכט אָנגעקומען און אַלץ איז געווען פאַרשטענדלעך, ניט געצווייפלט, ניט געקווענקלט. זי וויל — איז געגנוג. באַזונדערס דרייסט אין אירע פאַרלאַנגען איז זי געווען מיידל־ווײַז. שפּעטער, אַז זי איז געוואָרן אַ מאַמע, האָבן זיך אירע פאַרלאַנגען גענומען אָפּשוואַכן, אָפּטעמפּן. זיי זײַנען געוואָרן מער היימישע, מער מוטער־לעכע. און ס'איז איר געווען גוט מיט די קינדער, מיט בערלען. מיט אַלץ. וואָס ווײַטער, עמעס, האָט זי פון צײַט צו צײַט גענומען פילן בערלס אומצופרידנקײַט און דער מאַמעס אומגערעכטיקײַט צו אים. זי האָט געטראַכט: עס וועט דורכגיין, ס'איז ניט מער ווי אַ צופעליקײַט. און צוליב אַ צופעליקײַט האָט זיך איר ניט געוואָלט קאַליע מאַכן איר געמיט, די פריילעכע שטימונג פון די קינדער. זי האָט געשוויגן און אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, אויף מאָרגן, כאָטש די מאַמע אירע האָט זי געלערנט, אַז די ערשטע קריג — איז די בעסטע קריג. דאָס איז געווען סאָרעלעס פעלער (איצט פאַרשטייט זי עס). דערפאַר איז מיטאַמאָל אויף איר אַרופגעפאַלן אַ סאַך זאָרג. זי האָט זיך אויף אַזוינס גאָר ניט גערעכט: מע לייקנט דעם נאַדן, מע טרײַבט זיי אַרויס און מע פאַלט אָן אויף בערלען. ס'איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער ווירקלעכקײַט — אַן אַנדער מאַמע, אַן אַנדער בערל. שווײַגן האָט זי שוין מער ניט געקאָנט.

און איצט וויל זיך די מאַמע איבערבעטן. סאָרעלען ווילט זיך צוריק צו דער מאַמען, בערל וויל ניט.

אַ מאַמע איז, פאַרשטייט זיך, אַ מאַמע. אָבער אַ מאַן — איז אַ מאַן! זי האָט בערלען ליב. זיי האָבן קינדער. און זי איז ווידער אויף דער צײַט. זי זוכט אַן אָנשפּאַר, אַן אייצע, וואָס זאָל איר אומקערן צוריק איר מיידלשע מוט און געוואַגטקײַט. עפּשער וועט שימען געבן די אייצע?

—וואָס זאָגט איר, שימען?

— זאָגן קאָן מען אַ סאַך. אָבער אין דעם פאַל, ווי מיר דוכט, קאָן מען זאָגן נאָר איינס.

— וואָס, שימען? — איז סאָרעלע נײַגעריק.

און וויבאַלד סאָרעלע פרעגט, ווילן שוין אַלע וויסן, וואָס שימען וועט ענטפערן. מער פאַר אַלעמען וואַרט אויף שימענס ענטפער שיינעלע. זי בליט,

די אויגן שײַנען. וואָס איר מאַן וועט זאָגן, ווייסט זי ניט. נאָר וואָס ער זאָל ניט זאָגן — וועט זײַן שיין און קלוג. איר שימען...

— א שנײַדער האָט א געניט אויג, מיט איין בליק דערזעעט ער אפן קונד אלע מײַלעס און אלע כעסרוינעס. אָט דעריבער איז מײַן אייצע: סאָרעלע און בערל, נעמט די קינדער און פאָרט אריבער צוריק צו פינכעסן און מאַל־קען, צו שווער און שוויגער. איינס אָבער פארגעדענקט: באוואָרנט דעם נאדן!

סאָרעלע איז געווען גליקלעך.

— זעסט, בערל! — האָט זי אויסגעשרײַען. — דאָס זעלבע, וואָס מײַן שוועסטער לייע האָט געזאָגט. א באשערטע זאך!

## 12

קימאַט אלע שאבעס קומען סאָרעלע און בערל, שיינעלע און שימען צו ליבע־שעווען אין געסט.

אָפט קומט בערל ארײַן צו צאליע קאַדיש.

בא צאליען און זלאטען איז א פולע שטוב מיט קליינוואַרג. קימאַט אלע יאָר א קינד. שכיינים זאָגן וועגן זיי אין שפּאַס: עס געפעלט זיי דער אײַנ־פאַל, זיי האָבן עס ליב. ארקע דער פורמאַן, ווי נאָר ער האָט א פרײַע שאָ, קומט ער צו דער טאָכטער זלאטע אין געסט זיך פרייען מיט די אייניקלעך. ער קלײַבט נאַכעס פון זײַן טאָכטער, וואָס איז נאָך אלץ א לאָכערקע און א בעריע. ביז איצט קאָן זיך ארקע ניט צוגעוווינען צו דעם, אז צאליע קאַ־דיש איז זײַן איידעם. ביז איצט איז ער פאַר אים נאָך אלץ דער אָנגעלייג־טער פארמעגלעכער פאסאזשיר, ווען ער פירט קיין ווארשע. זאָגן דעם איידעם „דו" קאָן ער ניט, דער „דו" שטעלט זיך אים אין גאָרגל, ניט אראָפּצושלינגען. ער זאָגט אים „זיי".

— זיי, רעב צאליע, ווייסן דאָך...

— טאַטע, ווי שעמסטו זיך ניט? צאליע איז דאָך מײַן מאַן.

— וויבאלד רעב צאליע איז דײַן מאַן, וועל איך אויך דיך נעמען „אירצן". ארקע דער פורמאַן קאָן אנדערש ניט. איך, אז איך דערזע אפילע א שיין סוסל, זאָג איך דעם אויך „איר".

אהער צו צאליען קומט בערל זיך א ביסל דורכשמועסן, אויסריידן זיך. בערל האָט שאָלעם געמאכט ניט נאָר מיט זײַן שוויגער מאלקע, ער האָט מיט פארמאכטע אויגן שאָלעם געמאכט מיט זיך אליין. ער האָט פּאַרנאָסע, א שיינע פרוי און גוטע קינדער. די שאפע מיטן זילבער גייט ארײַן אין נאדן. אָבער קיין האנאָע פונעם לעבן האָט ער ניט. עס האָט זיך אויסגעע־לאָזט, אז ער געהערט ניט צו די, וואָס לייגן אויס פאַר זיך א וועג, נאָר צו די, פאַר וועמען מע מאכט א וועג. און ווען די אומצופרידנקײַט גיט אים א דריק צו, קומט ער צו צאליען אין זלאטעס פריילעכער שטוב.

הײַנט איז אזא טאָג. פריִער פרעגט מען אים, ווי מע לעבט און וואָס מע מאכט. און דערנאָך רעדט שוין בערל.

— דער זיידע העשל, אַלעווהאשאַלעם... דער זיידע, אַז אים פלעגט זיך איַינגעבן אויסשניצן אַ שיינע זאַך, פלעגט ער מאמעש טאַנצן פון פרייד. און אַז ער פלעגט קומען אהיים מיט אַ לויכטנדיק פּאָנעם, פלעגט אויך די באַבע הינדע נעמען לויכטן. זיי האָבן זיך פארשטאַנען אָן ווערטער. אין אַזאַ טאָג איז באַם זיידן אין שטוב געווען יאָמטעוו. אין אַזאַ טאָג האָב איך זיך געפילט, ווי פייסעך באַם סיידער, ווען איך פלעג פרעגן די פיר קאַשעס. היַינט האָט מיר דער שווער מיַינער געזאָגט, אַז איך קאָן גוט מאַכן געֿ־שעפט. ער האָט מיך געלויבט. ער איז צופרידן. אָבער מיך פרייט עס ניט. איך האָב פון דעם קיין האַנאָע ניט. עס בליַיבט דאָך גאָרניט איבער אַזוינס, פון וואָס אַנדערע זאָלן זיך פרייען. און ביכלאַל, רעב צאַליע, איך קאָן זיך ניט צוגעוווינען צו זיַין אַ נאָגיד. לאַכט ניט פון מיר. דוכט זיך, אַ געוויינ־לעכע זאַך, און באַ מיר באַקומט זיך עס ניט. אייגנטלעך, בין איך ניט מער ווי אַן איידעם. באַקאַנטע רופן מיך שוין ניט בערל פעדער, נאָר בערל באַס. איר ווייסט, ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך אַריַין צו די כאַזאַנסקיס זען דעם „רײַטער אַפן פערד”.

— פאַרוואָס זיך שעמען?

בערל ענטפערט ניט. ער ווייסט, פאַרוואָס ער שעמט זיך: ניט געפּאָלגט, ניט געפּאָרן זיך לערנען. אומגעריכט איבערגעריסן דאָס לערנען באַ עליזען. מע האָט זיי פארשעמט, קימאַט אַרויסגעטריבן. ווי קאָן ער צו זיי קומען? אים ציט אָבער צו זיַין אַרבעט, דערמאָנען זיך אָן יענער גליקלעכער צײַט.

בערל געזעגנט זיך און גייט שטיל אַרויס.

אַרקע פורמאַן, וואָס איז געווען צוגאַסט באַ זיַין טאָכטער און האָט אויפֿ־געכאַפּט בערלס עטלעכע ווערטער, זאָגט:

— אַ ראַכמאָנעס... ער קומט אום פון רײַכקײַט.

— עס טרעפט אַזוינס, שווער־לעבן, עס טרעפט! — און דערבײַ טראַכט צאַליע: ווען ניט זיַין זלאַטע מיט די זלאַטקעלעך, וואָלט ער אין איינעם אַ שיינעם אינדערפרי געגומען די זעג מיט דער האַק און וואָלט אַרויס אַפן מאַרק צעהאַקן אַ וואָגן האָלץ.

אומקערנדיק זיך פון צאַליע קאַדיש, גייט בערל פאַרבײַ דעם הויז, ווו עס וווינען די כאַזאַנסקיס. ער שטעלט זיך אָפּ. עפשער וועט אָנקומען אַנט־קעגן עליזע אָדער יוליאַן? ווען ער באַגעגנט די שוועסטער אָדער דעם ברודער, וואָלט עס געווען אַ גוטע געלעגנהײַט אַריַינצוגיין צו זיי און אָנ־קוקן דעם „רײַטער אַפן פערד”. קיינער אָבער קומט ניט. שטיין גלאַט אַזוי אַף דער גאַס טויג דאָך אויך ניט. לאַנגזאַם נעמט ער גיין ווײַטער.

„פאַרוואָס זיך שעמען?” דערמאָנט זיך בערל צאַליעס ווערטער. אינדער־עמעסן, פאַרוואָס דאַרף ער זיך שעמען? ער וויל אַ קוק טאָן אַף זיַין אַרבעט. ס'איז דען אַן אוולע? און דאַפקע היַינט ווילט זיך עס אים מער, ווי אַלע מאָל. עס ציט אים. ער גייט צוריק, שטעלט זיך ווידער אָפּ באַם הויז, ווו די כאַזאַנסקיס וווינען. ער עפנט די טיר און נעמט זיך אופהייבן אַף די טרעפּ צום צווייטן שטאָק. ער בלײַבט שטיין באַ דער ווינונג. אַריַינגיין? ער צווייפלט. און דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז מע הערט עס געוויס אַף יענער־זײַט טיר. באַלד קאָן עמעצער פון דאָרט אַרויסקומען זיך דער־ווּיסן, וואָס אַף די טרעפּ טוט זיך. ער נעמט שנעל אַראָפּגיין צוריק.

אין שטוב באַגעגענען אים מיט פרייד דאָס ווײַב און די קינדער. און באַזונדערס ווײַזט אַרויס צו אים פרײַנטלעכקייט מאַלקע. פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען בערל מיט זײַן מישפּאָכע האָבן זיך צוריקגעקערט און מאַלקע האָט דערפילט, אַז בערל גייט אַרום, ווי אַ האָן, באַ וועמען דער קאַם איז צונטער־רויט, אַ גרייטער צו נעמען פּאַטשן מיט די פליגל, האָט זי פּאַרן איידעם באַקומען אָפּשײַ. געמיינט האָט מען, אַז ביידע, בערל און מאַלקע, וועלן אַרומגיין באַרויגעזע. האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער באַרויגעזער איז נאָר בערל.

מאַלקע, פון איר זײַט, האָט דאָס מאָל אַרויסגעוויזן ניט נאָר נאָכגיביקייט, נאָר אויך קלוגשאַפט. זי איז באַ זיך ניט געגנאַרט און פאַרשטייט, אַז בערל איז גראָד ניט דער, וואָס פאַרמאָגט אַ שטאַרקן ווילן, און איז נאָך דערצו אָן אַקשן. ניין, ער איז פון די, וואָס צו זיי קומט די אַקשאָנעס ערשט נאָכדעם, ווי זיי האָבן געליטן פון זייער ווייכקייט און נאָכגיביקייט. די מוירע, ווידער, נאָכצוגעבן און בלײַבן נאָכאַמאָל צום נאַר פאַרהאַרטעוועט זיי און גיט זיי קויכעס צו שטעלן זיך קעגן.

דערצו איז ער דאָך דער מאַן פון איר געליבטער שיינער טאָכטער. ער איז אַ פאַרדינער. מאַלקע זעט אויך, אַז איר מאַן פּינכעס ווערט עלטער, ווערט מידער. אָן בערלען קאָן מען שוין ניט אויסקומען. אין שטוב איז אויסערלעך שאָלעם־ועשאַלווע. אָבער עס פילט זיך נאָך אַלץ, אַז בערלס שאָלעם מאַכן מיט מאַלקען באַהאַלט אין זיך פּולווער, וואָס קאָן אומגעריכט זיך אופרײַסן.

— בערל, פאַרוואָס אַזוי שפּעט? — פרעגט סאָרעלע.

— געווען באַ צאַליען.

— וואָס מאַכן זיי? אַלע זײַנען געזונט?

— אַלע זײַנען געזונט. זיי גריסן, בעטן קומען אין געסט. באַ מיר, סאָרעלע, איז הײַנט געווען אַ ווילדער אײַנפאַל. איך בין פאַרבײַגעגאַנגען די כאַזאַנסקיס, האָט זיך מיר געוואָלט צו זיי אַרײַנגיין און אָנקוקן דעם „רײַטער אָפן פערד".

— דעם „רײַטער אָפן פערד"? — סאָרעלע האָט שוין גאָר וועגן דעם פאַרגעסן. זי וויל זיך דערמאָנען: דער „רײַטער..." עס דויערט ניט לאַנג, און זי דערמאָנט זיך. זי זאָגט אַ צופרידן־גליקלעכע: — סאַראַ גוטע צײַט עס איז דאַן געווען. מיר זײַנען מיט דיר געווען כאָסן־קאַלע. ווייסט, בערעלע, איצט וואָלט איך ניט געלאָזט פאַרקויפן דעם „רײַטער". ביסטו אַרײַן צו די כאַזאַנסקיס?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— איך האָב זיך פאַשעט געשעמט.

סאָרעלע נעמט עס אויך אויף פאַשעט: בערל האָט זיך געשעמט. ווי עס מאַכט זיך, אַז זי אַליין שעמט זיך אַמאָל, ווי די קינדער שעמען זיך. מאַלקע נעמט עס אויף אַנדערש.

— וואָס הייסט, בערל, דו שעמסט זיך? ווי פּאַסט עס? ביסט אַ באַלעבאָס, אַ סויכער, אַ פּאַדריאַטשיק, אַ טאַטע פון קינדער. דו ווילסט זען דײַן

ארבעט. ניט קיין אוולע. איר ווייסט, קינדער, איך האָב זיך אויך פאַרבענקט נאָכן „ריטער". א סאך צייט איז פון דעמלט אוועק, א סאך.

— ווייסטו וואָס, מאמע, עפשער לאָמיר אלע אריינגיין צו די כאזאנסקיס? — זאָגט סאָרעלע. — גוט, בערל?

און בא אלעמען בלייבט, אז דאָס איז גוט.

13

ניט נאָר פינכעס ווערט עלטער, מאלקע ווערט אויך ניט יינגער. אויך בא איר וואקסן די יאָרן. און כאָטש זי פילט זיך ניט שלעכט, באַנעמט זי זייער גוט, אז די עלטער קומט אָן. ניין, דערווייל טוט איר נאָך גאָרניט ווי, אָבער עס דוכט איר אמאָל, אז עפעס נעמט ווי טאָן. מאלקע ווייסט, וואָס מענטשן זאָגן: פריער דאכט זיך, דערנאָך מאכט זיך.

די לעצטע צייט קאָן זי גאָרניט פארשטיין, פארוואָס זי האָט זיך פריער געטשעפעט צו בערלען? ניט אנדערש, זי האָט געהאט דעם קאָפּ פארלאָרן (אז גאָט וויל שטראָפן, נעמט ער אָפּ דעם סייכל). זי זוכט, מיט וואָס דעם איידעם צו פארגיטיקן. דעריבער, ווען סאָרעלע זאָגט צו איר מאן: מע דאַרף רופן שימענען און שיינעלען אין געסט, מיט זיי איז פריילעכער, זיי זינגען שיין, — שווייגט מאלקע, זי דערווידערט ניט.

שיינעלע, וואָס איז מיידלווייז געווען א שטילע, אפילע א שעמעוודיקע, איז זינט זי האָט כאסענע געהאט, געוואָרן אויס שעמעוודיקע און אויס שטילע. און אלץ איבער דער ליבע צו איר מאן, וואָס פארפולט איר גאנצן וועזן. מיידלווייז האָט זי אויסגעזען, ווי א שווייגנדיק הינדעלע, וואָס פיקט געלאסן קערנער. א דארינקע, מיט שיינע האָר, פארקעמט מיט א שרונט אינמיטן. נאָך דער כאסענע איז זי געוואָרן ריידעוודיק און לאָזט דעם נאָמען „שימען" פון מויל ניט ארויס, אלע זיינע מיילעס דערציילט זי. דעריבער ווייסט דער גאנצער הויף, ווי איר שימען האָט מיט זיין אייצע געהאָלפן שאָלעם מאכן צווישן איר ברודער בערל און זיין שוויגער מאלקע באַס. אויך האָט מען אין הויף זיך דערוווסט, אז שיינעלע מיט שימענען זיינען איינגעלאדן אין געסט צו פינכעסן און מאלקען.

ליבע־שעווע און זעליק זיינען פון דעם שטארק צופרידן. שיינעלע איז צו זיי געקומען זיך מעיאשעוו זיין, וואָס פאר א קלייד זי זאָל אָנטאָן.

— מאמע, דו פארשטייסט דאָך, ווי שימען וועט זיי געפעלן ווערן. ער נעמט שטענדיק אויס, שימען.

אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר, אז שימען וויל ניט גיין אין געסט.

— פארוואָס? — שיינעלע איז געווען איבעראַשט. — מע לאדט אונדז איין.

— וואָס האָב איך דאָרט צו טאָן? א שניידער... איך בין זיי ניט געפעלן געוואָרן.

דעם זעלבן פארנאכט, ווען אפן הויף זיינען די איינוווינער געזעסן אף די פריזבעס, האָט שיינעלע דערציילט:

— אײַנגעלאַדן, איז וואָס? וואָס האָבן מיר באַ זײ צו טאָן? שנײַדער... מיר זײַנען זײ ניט געפעלן געוואָרן.

מער האָט מען זײ ניט אײַנגעלאַדן. און ניט אײַנגעלאַדן האָט מען זײ דערפאַר, ווײַל סײַ דער הויף, ווו מע קאָן אַ מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס, און סײַ שימען דער שנײַדער, און סײַ דער לערער מע־נאַכעם רובין האָבן אין דער שטאָט באַקומען אַ שלעכטן שעם.

דער הויף איז שוין לאַנג אומצופרידן. טײַנעס באַ זײַנע אײַנוווינער זײַנען פאַראַן אַ סאַך.

צו דער טוירע רופט מען זײ ניט אויף. האַקאָפּעס איז מען זײ מעכאַבעד די סאַמע לעצטע, צוזאַמען מיט ייִנגלעך. קיין אייגענע „שטעט" אין שול האָבן זײ ניט, זײ זיצן אויף דער לעזשאַנקע. דערפאַר, אַז עס קומט דער שאַ־בעס, ווען מע לייענט פון דעם סייפער „דוואָרים" די פּאַרשע „טאָווי", רופט מען זײ אויס צו דער טויכעכע. שטייט רוווען דער שוסטער אָדער פּראָים דער מוליער אויף דער בימע באַ דער סייפערטוירע און דער באַל־קוירייע שיט איבער זייערע קעפּ קלאָלעס, מיט וועלכע גאָט וויל שטראָפן די אַלע, וואָס פילן ניט אויס זײַנע געבאָטן:

— פאַרשאָלטן זײַ אין שטאָט און פאַרשאָלטן אין פעלד.

— פאַרשאָלטן זאָל זײַן דײַן קאָרב און דײַן דייזשע.

— די הימלען, וואָס איבער דײַן קאָפּ, זאָלן ווערן קופּער, און די ערד אונטער דיר אײַזן.

עס שיטן זיך קלאָלעס, קלאָלעס, קלאָלעס...

— און אײַערע מייסים וועלן זײַן אַ מײַכל פאַר אַלע פייגל פונעם הימל און כײַעס פון דער ערד. און עס וועט ניט זײַן, ווער עס זאָל זײ אָפּטרײַבן.

— גאָט וועט דיך שטראָפן מיט מעשוגאַס, און בלינדקײַט, און טעמפּקײַט.

וואָלט די טוירע געווען געשריבן אין ייִדיש און די טויכעכע וואָלט געלייענט געוואָרן אויף פּראָסט מאַמע־לאָשן, וואָלטן רוווען דער שוסטער און פּראָים דער מוליער ניט געוואָלט לײַדן, וואָס מע שיט איבער זייערע קעפּ אָן אַ שיר שילטערײַען און צאָרעס.

לעצטנס האָט מען רוווען דעם שוסטער און פּראָים דעם מוליער געעפנט די אויגן, ווילן זײ מער ניט קיין קלאָלעס איבער זייערע קעפּ. שאַבעס, פּאַרשע „טאָווי", האָט מען צו דער טויכעכע אויסגערופן שימען דעם שנײַ־דער. שימען זיצט אויף דער לעזשאַנקע און רירט זיך פון אָרט ניט.

— שימען, מע רופט צו דער טוירע.

— זאָל דער גאַבע גיין! — ער האָט זיך פון אָרט ניט אופגעהויבן.

אַזוינס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן. דער מאַגיד האָט וועגן דעם גערעדט אין זײַן דראָשע. אין די באָטעמעדראָשים האָט מיט דעם געקאָכט: מע רופט אויף אַ ייִדן צו דער טוירע, און ער גייט ניט.

דערצו איז אינגיכן צוגעקומען נאָך אַ נײַס: עס איז געוואָרן באַוווּסט, אַז די שנײַדער זאַמלען געלט אויף שאַפן אַן אייגענעם בעסמעדרעש — אַ שנײַדערשן. שימען איז אין דעם שטאַרק פאַרקאָכט. און אָפן הויף, ווו מע קאָן אַ מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס, האָט מען שוין אַפילע געוווּסט, אַז ס'איז באַשטעלט אַ ריינִיקײַט פאַרן בעסמעדרעש.

— שנײַדער װילן װערן גאַבאָים.
— שנײַדער װילן באַקומען שלישי און שישי.
אָבער די אַלע געלעכטערס האָבן ניט געהאָלפן.

14

דערפאַר האָט אין הױף געגומען אַרײַנקומען קיװע פריידעס. ער קומט אין גאַטס נאָמען.
קיװע איז אַ הױכער, מיט אַ דאַר, אױסגעמאַטערט, צעקנײטשט פּאָנעם, מיט אַ קלײן קעפּל, מיט אַ פאַרשפּיצט שיטער בערדל, נאָר מיט ברײטע בײנערדיקע פּלײצעס און מיט שװערע שטיװל אױף די פיס. פון אױבן שפּיציק, פון אונטן ברײט — זעט ער אױס, װי אַ היטל צוקער. באַזונדערס זעט ער אַזױ אױס, װען ער קומט אַרײַן אין אַ בעסמעדרעש און שטעלט זיך מיטן פּאָנעם צו דער װאַנט. ער שטײט אַזױ שװײַגנדיק, רירט זיך ניט, באַװעגט זיך ניט. ער ליגט אין זײַנע געדאַנקען, װעלכע מוסערן אים, װײַזן אים זײַנע זינד, מאָלן אױס די שרעקלעכע שטראָפן אין גענעם. דערנאָך נעמט ער שעפּטשען, רײדן מיט זיך אַלײן, זיך מיסװאַדע זײַן. און פּלוצלינג דערהערט זיך אַ געװײן, אַ ביטערער געװײן, װי מע באַקלאָגט אַ טױטן. קיװע פרײדעס באַקלאָגט זיך אַלײן.
קיװע פרײדעס האָט זיך באַװיזן בײַ שימענען אין הױף. אױף קײן װײַבער קוקט ער ניט. ער פאַרמאַכט די אױגן און פרעגט:
— װוּ איז אַ מאַנצבל?
עס איז אינמיטן טאָג. מאַנצבלען אַרבעטן איצט. און קײנער פון זײ װעט ניט װאַרפן זײַן אַרבעט צוליב קיװע פרײדעס, װאָס זוכט אַ מאַנצבל.
נאָר אָט קומט אַרײַן אין הױף דער לערער מענאַכעם רובין אין זײַן װאָכעדיקן אָפּגענוצטן, נאָר אױסגעפּוצטן רעקל. מיט זײַן שאַרף און קלוג אױג באַמערקט ער גלײַך קיװען.
— שטײ! — באַגעגנט אים קיװע. — איך װיל זיך צו דיר װענדן מיט גאָטס רײד!
— פאַרװאָס ניט מיט דײַנע אײגענע? פאַרלאָזסט זיך ניט אױף זיך?
— זינדיק ניט.
— און װי מיר זײַנען געלאָפן פון די לאָװטשעס געדענקסטו?
קיװע פרײדעס, װאָס האַלט די אױגן אַראָפּגעלאָזט, האָט זײ אױפגעהױבן, עס האָט אים אַ טרײסל געטאָן און ער האָט גענומען ציטערן. קיװע האָט זיך געװאָלט אױסדרײען מיטן פּאָנעם צו אַ װאַנט, נאָר קײן װענט זײַנען ניט געװען. ער האָט גענומען שעפּטשען פאַר זיך און זיך פאַנאַנדערגעװײנט.
אַמאָל האָבן בײדע געלערנט אין אײן כײדער. זײ זײַנען אַפילו געװען קרױװים, עמעס, װײַטע קרױװים. בײדע האָבן ליב געהאַט צו הערן און צו דערצײלן מײַסעס. מענאַכעם האָט געװוּסט פרײלעכע מײַסעס: װעגן אַ מײלעך מיט אַ פרינץ, װעגן אַ פרינץ מיט אַ פרינצעסן, װעגן אַ לאַמעדװאָװניק, װאָס האָט געװיזן ניסים און באַשטראָפט שלעכטע מענטשן, װעגן

דעם פּראָגער ראָוו און זײַן גוילעם. אַלע מײַסעס, וועלכע מענאַכעם דער־ציילט, ענדיקן זיך באַ אים צום גוטן. מע הערט און מע לאַכט, מע הערט און מע שמייכלט.

קיווע האָט ליב געהאַט צו דערציילן סטראַשנע זאַכן וועגן שיידים, רו־כעס, שרעטעלעך און לאַפּיטוטן. ער האָט זיי געקענט געניי אויסמאָלן, מיט די הערנער, קאָפּיטעס, עקן... ער האָט געניי געוווּסט, פאַר וועלכער אוויי־רע וועלכע שטראָף עס קומט. ער האָט אויך געוווּסט, אַז באַנאַכט דאַוונען אין דער גרויסער שול טויטע. און אויב דער אויבער־שאַמעס וויל עפענען די טיר, דאַרף ער פריִער אָנקלאַפּן מיטן גרויסן שליסל, אַז די מייסים זאָלן באַצײַטנס אַוועק אין זייער רו אַרײַן.

האָט זיך איינמאָל געמאַכט, אַז ביידע, שוין עלטערע קיידער־ייִנגלעך, זײַנען זיך ערגעץ פאַרזעסן באַם דערציילן מײַסעס און זײַנען פאַרנאַכטלעך געגאַנגען אַהיים. צו זייער גליק האָבן זיי באַצײַטנס דערזען, ווי אַרעלע לאָווטשי גאַנוועט זיך צו זיי, אַרעלע, וואָס כאַפּט קליינע קינדער און גיט זיי אָפּ פאַר סאָלדאַטן. ביידע האָבן זיך געלאָזט לויפן. ער נאָך זיי. זיי זײַנען געפלויגן, ווי דער ווינט. אַרעלע נאָך זיי. איינעם, האָט ער געטראַכט, וועט ער געוויס כאַפּן. און ער וואָלט טאַקע געכאַפּט, ווען ער פאַרטשעפּעט זיך ניט און פאַלט ניט. ביידע כעווערלײַט זײַנען שוין געווען אויף יענער־זײַט בעסאַלמען. זיי האָט אַלץ געדוכט, אַז מע יאָגט זיך נאָך זיי (און עפּ־שער ניט אומזיסט). אָן אָטעם זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן אין גרויסן וואַלד, וואָס ציט זיך אויף אַ סאַך וויאָרסטן, און אָן קויכעס אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד, די הערצלעך האָבן זיך געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ. ווען זיי האָבן זיך באַרויִקט, איז שוין געווען נאַכט. אַ האַרבסטיקע נאַכט, אַ פינצטערע, אַ קילע, גוט נאָך, וואָס ניט קיין נאַסע.

גיין צוריק? אין דער פינצטער ווייסט מען ניט דעם וועג. זיי האָבן זיך צוגעטוליעט, אײַנגענורעט, עס זאָל זײַן וואַרעמער. זיי האָבן געשוויגן. עפּשער וועט מען אַזוי איבערזיצן די נאַכט? און אומגעריכט, אינמיטן שווײַגן, ווען עס דוכט, אַז דער וואַלד שלאָפט אײַן, דערהערט זיך אַ געוויין. קיווע וויינט.

— וואָס איז מיט דיר, קיווע, וואָס וויינסטו? האָסט מוירע?

— ניין, איך בין זינדיק.

— זינדיק? ביסט דאָך קיין באַרמיצווע ניט.

— זינדיק. גאָט שטראָפט.

— מיט דער שטראָף זאָלן מיר אָפּקומען. מיר האָבן געקאָנט שלעכט אָפּ־שנײַדן, אַרײַנפאַלן צו אַרעלע לאָווטשי אין די הענט.

קיווע באַרויִקט זיך. מענאַכעם איז גערעכט. גאָט האָט זיי אויסגעלייזט פון אַזוינע קאַטאָרזשנע הענט. און קיווע זאָגט זיך אַליין צו, אַז ער וועט זײַן פרום און ערלעך, דינען געטרײַ גאָט. די נאַכט אָבער אין פינצטערן האַרבסטיקן וואַלד, ווו עס איז שווער אַפילו אונטערצושיידן אַ בערעזע פון אַ טאָפּאָל, ציט זיך לאַנג און נעמט מיט איר אומהיימלעכקײַט און גרויל שרעקן אויך מענאַכעמען.

— מע דאַרף טראַכטן וועגן פריילעכע זאַכן, — זאָגט מענאַכעם, — וועט זײַן פריילעכער.

אים איז טאקע לײַכטער צו טראכטן וועגן פריילעכע זאכן, נאָר איצט גיט זיך עס אים אויך ניט אײַן. און צו קיווען קומען אָן זײַנע שרעקלעכע מײַסעס, זיי באהערשן אים. און ווען די נאכט נעמט ווערן ווידער אומרויק, אין וואלד נעמט שורשען, רוישן, ווערן פאר קיווען די שיידים און רוכעס פון זײַנע מײַסעס לעבעדיק. ער ווערט א קאָרבן פון זײַן אייגענער פאנ־טאזיע. מענאכעמען ווערט שווער אים צו טרייסטן, ער איז אליין אויך דער־שראָקן. אים נעמט דוכטן, אז עמעצער רוקט אים אן עק אין קאָלנער ארײַן.

— קיווע! — מענאכעם רופט אים צו הילף. — שמא ייִסראָעל! — ער כאפט די ציצעס פון זײַן ארבעקאנפעס און טרײַבט מיט זיי די ניטגוטע.

קיווע ליגט גאָר מיטן פּאָנעם צו דער ערד און וויינט און שלוקערצט. ער שרײַט:

— אלמעכטיקער, ראטעווע! איך וועל זײַן פרום, איך וועל אויספילן אלע מיצוועס.

טרייסטן העלפט ניט. שפּעטער איז קיווע שטיל געוואָרן. פאר דער שטילקײַט האָט זיך מענאכעם מער דערשראָקן ווי פארן געוויין. צי לעבט ער? ער שלאָפט.

ווי נאָר עס האָט אָף מיזרעך געגומען העלן, האָבן ביידע געאײַלט צוריק אהיים. און קעדיי עס זאָל זײַן פריילעכער אוןווארעמער, האָבן זיך ביידע שטײַף געהאלטן פאר די הענט.

עטלעכע טעג נאָכאנאנד איז מען געקומען צו מענאכעמען הערן, ווי ער מיט קיווען האָבן זיך געראטעוועט פון ארעלע לאָוטשי, ווי זיי האָבן א נאכט פארבראכט אין וואלד. דערציילט האָט מענאכעם דעם גאנצן עמעס, נאָר דאָך איז דער עמעס געווען אן אנדערער, א פריילעכער עמעס. מע האָט געהערט און געשמייכלט, אפילע געלאכט.

קיווע האָט געשוויגן, ער האָט אויסגעמיטן מענטשן. א ביסל צײַט האָט ער זיך גענומען פארהיקען. ער פלעגט זאָגן: ל־ל־לאָקשן, צ־צ־צימעס. אָבער וואָס ווײַטער, איז ער געקומען צו־זיך.

שפּעטער האָט ער כאסענע געהאט, קינדער געהאט, געווען א מאן און א טאטע. פון צײַט צו צײַט נאָר פלעגט ער דערפילן אן אומזיכערקײַט אין זיך. די קנעכלעך ווערן דעמלט אָפּגעשוואכט, ער שטייט ניט זיכער אף די פיס. טרעפט, ווען אים קומט אויס אריבערצוגיין די בריק איבערן ניעמאן, פילט ער א לײַכטן קאָפּשווינדל. ער באמיט זיך ניט צו קוקן איבער דער פּאָרענטש אין וואסער. באזונדערס איז קיווע געווען פילבאר צו צאָרעס, צו אייגענע, צו פרעמדע, ער איז שטענדיק געווען גרייט, אז אן אומגליק דארף טרעפן. באנאכט האָט ער מוירע געהאט צו גיין אליין, שיידים זאָלן אים ניט באפאלן. די גרויסע שול פלעגט ער אויסמײַדן, די טויטע, וואָס דאווענען דאָרט, זאָלן אים ניט אופרופן מאפטיר, ער האָט געזוכט אן אָנשפּאר אין מענטשן, זיך געניייטיקט אין א טרייסט־וואָרט, אין א האָפענונג. ניט גע־טאָרט זײַן אליין, נאָר מיט עמעצן. אָפט פלעגט קיווע ארײַנקומען צום לע־רער מענאכעם רובין. מיטן לערער, ווי שוין געזאָגט, האָט ער זיך אמאָל צוזאמען געלערנט אין כיידער. אין מענאכעמס קליין דירעלע האָט ער זיך געפילט היימיש און גוט.

מענאכעם לעבט צוזאמען מיט זײַן מאמען. די מאמע זײַנע, פריידע, פילט אויס אלע דינים און מינהאָגים, וואָס א ייִדישע פרוי איז מעכוייעוו אויסצופילן. זי לייענט צענאָ־אורענאָ, טײַטשכומעש. זי פאסט אין א טאָ־נעס (עמעס, דער זון זאָל ניט וויסן). אָבער אין איר האָט זיך שוין אויך פארקליבן עפעס פון דעם זונס פרײַדענקערישקײַט. כאסוועכאָלילע ניט אזוי, אז דאָס זאָל אָנרירן גאָט. איר פאלט עס אפילע ניט אײַן. עס טרעפט אָבער, אז זי דערפילט אמאָל, ווי זי געפינט זיך פלוצעם אין דער מיט: פון איין זײַט דער אלמעכטיקער, דער גרויסער און גרויזאמער גאָט, וואָס שטראָפט פאר אווײרעס, און פון דער צווייטער זײַט — איר זון מענאכעם, וואָס האָט ליב מענטשן, זאָרגט פאר זיי, טרייסט זיי. א גוטער זון בא איר. ער גיט איר אָפּ קאָוועד, די מיצווע פון קיבעד־איים (דער טאטע איז גע־שטאָרבן) פילט אויס דער זון געטרײַ און איבערגעגעבן. איין זאָרג האָט די מאמע: פארוואָס האָט דער זון ניט כאסענע? ריווקע־ראָכל רעדט אים שידו־כים, און מענאכעם וויל ניט הערן. איר גרויסע ליבשאפט צום זון וואָלט זי ווען טיילן פאר א שנור און אייניקלעך. אין זייערע פריידן און ליידן זײַ־נען די מאמע מיטן זון אָפּנהארציק, ניט פאראן קיין סודעס. אָבער וועגן כאסענע האָבן שווײַגן ביידע. די מאמע שטויסט זיך אָן, אז וועגן דעם דארף זי ניט פרעגן, איר אײַנגעבאָרענע איידלקײַט דערלאָזט עס ניט. שווײַגט זי, בעט נאָר גאָט, איז צו אים מיספאלעל. וואָס קאָן זי נאָך טאָן?

דער לערער מענאכעם רובין, וואָס קאָן אנדערע לערנען און אנדערע טרייסטן, געבן אייצעס, קאָן זיך אליין ניט געבן קיין אייצע און ניט טרייסטן זיך אליין. ער איז פארליבט. פארליבט אין זײַנער א שילערן, איצט א געוועזענע שילערן. ווען דאָס מיידל (די טאָכטער פון די ראקאָ־וויצקיס) איז געווען זײַן שילערן, האָט ער וועגן זײַן ליבע געשוויגן. אויס־באהאלטן. ס'איז ניט פעדאגאָגיש און ניט עטיש — דערקלערן זיך א שי־לערן אין ליבע. אומדערווארט האָט דאָס מיידל זיך אופגעהערט צו לערנען, און אזוי אומדערווארט האָט זי כאסענע געהאט. איר מאן האָט א שיינע קאָנדיטערײַ. און מענאכעם רובינס געוועזענע שילערן העלפט דעם מאן האנדלען. מענאכעם קומט אָפּט אהין ארײַן. זײַן געוועזענע שילערן, וועלכע מע רופט איצט פרוי ליפשיץ, באגעגנט אים מיט א פרײַנטלעכן בליק, קוקט אף אים לאנג, נאָר שווײַגט, זאָגט גאָרניט. דער געוועזענער לערער ווײַזט מיט גאָרניט ארויס זײַנע געפילן. ער פרעגט אפילע ניט, וואָס זי מאכט, ווי זי פילט זיך. נאָר איינמאָל, ווען ער איז א לענגערע צײַט ניט געקומען, האָט זי, ווי נאָר ער איז ארײַן, קימאט ווי אויסגעשריִען:

— וואָס איז מיט אײַך געשען, לערער?

— גאָרניט, פרוי ליפשיץ.

— און איך האָב זייער איבערגעלעבט. עפשער זײַט איר ניט געזונט. קומט צו אונדז אָפטער. איך וויל אײַך זען...

פון זײַן פארוונדערטן בליק, וואָס וויל זיך נאָך אלץ ניט אנטפלעקן, ניט ארויסגעבן זיך, האָט זי פארשטאנען, אז שווײַגן טאָר זי מער ניט, האָט זי געזאָגט „אלעף" — דארף זי אויך זאָגן „בייס".

— זאָל אײַך ניט וווּנדערן, לערער, זאָל אײַך ניט וווּנדערן... ווען איר זאָלט ניט זײַן אזא שעמעוודיקער, אזא אָרנטלעכער און איידעלער, וואָלט

דאָך אַלץ געקאָנט זײַן אַנדערש. איר מיינט, אַז ס'איז שווער געווען צו זען, אַז איר האָט מיך ליב? אַפילו מײַן טאַטע האָט עס דערזען און מיך טייקעף כאַסענע געמאַכט. פאַרוואָס האָט איר ניט דערזען, אַז אויך איך... פאַרוואָס? לערנען יענעם איז, אַפּאַנעם, לײַכטער, ווי לערנען זיך. איך האָב געוואַרט, געוואַרט. מײַן פעלער קאָן איך ניט פאַריכטן, איך האָב אַ מאַן קעדאָס מויִשע ווײַסראָעל. קומט צו אונדז אַלע טאָג, אַלע שאָ... איך האָב אײַך ליב.

ער קומט. זײַן געוועזענע שילערן, די יונגע און שיינע, רופט ער מער ניט פרוי ליפשיץ, נאָר מיט איר נאָמען: פייגעלע. זי רופט אים מענאַכעם. צווישן זייער ליבע גייט דורך אַ גרענעץ — דער טיש, וואָס איז פול מיט געשמאַקע שמעקנדיקע געבעקסן און שאָקאָלאַדן. זי שטייט פון יענער־זײַט, ער — פון דער־זײַט.

געבן פייגעלען די האַנט, ווען ער קומט אַרײַן און באַגריסט זיך, פּאַסט ניט. נאָר אַמאָל איבערן טיש אַ גלעט טאָן איר האַנט — האָט דאָך עס גאָר־ניט צו טאָן מיט שטאָט און לײַטישער אויפירונג. דאָס איז שוין בלויז ליבע. דאָס קומט פון זיך אַליין. די הענט פאַרשטייען זיך, באַגעגענען זיך, גלעטן זיך.

אַזוי ציט זיך זייער ליבע.

צו מענאַכעמען אין געמיטלעכן שטיבל קומט אַרײַן קיווע. פריידע באַגעגנט אים פרײַנטלעך.

— קום אַרײַן, קיווע־לעבן. זעץ זיך. וואָס מאַכסטו?

— ניט גוט. הײַנט דוכט מיר אַלץ, אַז די ניטגוטע וועלן מיך באַפאַלן.

— אַל טיפּטאַך פּע לעסאָטן, קיווע טײַערער. דער בוירע־אוילאָם גיט אָף אַלעמען אַכטונג. מענאַכעם, זאָג אים עפּעס...

מענאַכעם רעדט מיט אים, טרייסט אים, דערקלערט אים. און דער טאַמציס פון זײַנע רייד: גלייב אין זיך! זײַ זיכער אין זיך! האָב קיין מוירע ניט, דײַן שרעק קומט פון דיר אַליין. קיווע הערט, וואָס פריידע זאָגט אים, ער הערט נאָך מער, וואָס מענאַכעם זאָגט אים. ער גלייבט זיי, ער באַרויִקט זיך. אָבער ניט אָף לאַנג. ער פילט ניט קיין מאַמאָשעסדיקן אָנשפּאַר, ער דאַרף אַ שטאַרקע האַנט, וואָס זאָל אים פירן. אייננמאָל איז קיין האַראָדנע אָנגעקומען אַ שאַליִעך פון יִיסראָעל סאַלאַנטער, דעם באַוווּסטן מוסערניק און רעבע פון די מוסערניקעס, און געוואָלט דאָ שאַפן אַ מוסער־שטיבל, ווי אין ווילנע, קאָוונע, כעלעם. קיין מוסער־שטיבל גרינדן האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן, נאָר איינצלנע מוסערניקעס זײַנען צו אים צוגעשטאַנען. צווישן זיי — קיווע פריידעס.

די גוטע טרייסט־ווערטער האָבן אים ווינציק געהאָלפן. שטראָף־רייד האָבן אָף אים מער געווירקט. ער האָט דערפילט אַ באָדן און אַ גלויבן. דער גאָט פון שטראָף איז אים געווען נעענטער און פאַרשטענדלעכער, ווי דער גאָט פון ראַכמים. ער האָלט פעסט קיווען פאַר דער האַנט און פירט אים.

אין אַ וואָך אַרום איז קיווע ווידער געקומען אין הויף מיט שטראָף־רייד. אויך דאָס מאָל האָט זיך גאָרניט באַקומען, קיינער האָט אים ניט געוואָלט

הערן. איבער דער שטאָט איז אוועק א קלאַנג, אז אין דעם איז שולדיק דער אפּיקוירעס, דער לערער מענאַכעם רובין.

די שנײַדערשע שול האָט זיך געעפנט. די סייפערטוירע האָבן די שנײַדער באַגעגנט מיט טענץ און געזאַנג. און דעם ערשטן שאַבעס האָט מען שימענען אופגערופן מאַפטיר.

## 15

גיט נאָר מע לאָדט ניט אײַן שימענען און שיינעלען אין געסט צו מאַלקע באַס, נאָר זייערע נעמען ווערן מער ניט דערמאָנט. שימען איז ניט קיין לײַטישער מענטש. בערל פאַרשטייט עס אויך. שימען איז איינער פון די גאַבאָים פון דער שנײַדערשער שול, ער כאַווערט זיך מיטן אפּיקוירעס מענאַכעם רובין, ער איז א גאַנצער יאַכסן אינעם באַלמעלאָכישן הויף, ווו מע קאָן א מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס. און הערט נאָר אן אײַנפאַל פון א גראָבן יונג: מע רופט אים אויף צו דער טוירע, זיצט ער אף דער לעזשאַנקע און רירט זיך פון אָרט ניט. אַזוינס איז ניט געהערט געוואָרן.

אפילע באַ ליבע־שעווען אין שטוב איז מען פון שימענען ניט צופרידן. שיינעלע האָט זיך צוליב אים צעווערטלט מיט דער מאַמען.

— וואָס איז, מאַמע, באַ זיי אַזוי דער יִיכעס? באַ גאָט זײַנען אַלע יִידן גלײַך. מיר לעבן פון האָרעוואַניע און זײַנען לײַטישער פון זיי.

— בערל זאָגט...

— בערל איז אויך קאַליע געוואָרן. שימען זאָגט...

— שימען, שימען, שימען! אויסער אים, איז גאָר קיינער ניט פאַראַן...

— ניט פאַראַן, מאַמע, ניט פאַראַן!

פאַרשטייט זיך, אַז ליבע־שעווע איז צופרידן, וואָס שימען מיט שיינעלען לעבן צווישן זיך גוט, האָבן זיך ליב. אוואַדע! אָבער פאַר לײַטן פּאַסט דאָך ניט, וואָס שימען שטעלט זיך אַרויס פאַר ניט קיין לײַט. וואָס וואָלט געווען, ווען ער גייט יאָ צו דער טוירע? פון אים וואָלט עפּעס אָפּגעפאַלן?

— מאַמע, פאַרוואָס ווילסטו ניט לײַדן, ווען א שכיינע שילט דיך? ביסט ניט צופרידן. דיך פאַרדריסט עס. און דאָ רופט מען אויס שימענען, אַז גאָט זאָל אים שילטן. און ווייסט, וועלכע קלאָלעס?

— ביסט געוואָרן א רעבעצן, מײַן טאָכטער.

— דער לערער האָט פאַרטײַטשט, סטראַשנע קלאָלעס, מאַמע: „פאַרשאָלטן זײַ אין שטאָט און אין פעלד"; „פאַרשאָלטן זײַ באַם אַרײַנקומען און פאַרשאָלטן זײַ באַם אַרויסקומען". מאַמע, ווער וויל עס לײַדן? שימען וויל ניט.

— אָבער, טאָכטער, פאַרגעס ניט, אַז בערל איז א סויכער, א פּאָדריאַטשיק, קיין אײַנהאָרע ניט, א גוויר. אים גיט עס ניט צו קיין קאָוועד. עס פּאַסט דאָך ביכלאַל ניט, מע דאַרף זײַן סטאַטעטשנע, מע דאַרף ווייסן, ווער עלטער איז. ניט זײַן קיין אַזעספּאָנעם.

— ווייסט, מאמע, וואָס דער לערער זאָגט: אף א נידעריקן בוים שפּרינ־גען אַלע ציגן.

— דער לערער, אַלץ דער לערער. פאַרגעס ניט, אַז בערל איז אַרײַן אין יִכעס. אין א שווערער שאָ קאָן ער העלפן.

— זאָל גאָט אויסהיטן, מיר זאָלן דאַרפן אָנקומען. און הערסט, מאמע, דער ווײַטסטער וועג איז דאָך צו דער קעשענע.

— דאָס זאָגט אויך דער לערער?

— דער לערער.

פאַר בערלען וואָלט זיך די מאמע נאָך אײַנגעשטעלט, נאָר וויבאַלד עס איז געקומען צו רייד וועגן דער קעשענע, ווייסט זי דאָך, אַז די קעשענע געהערט מאַלקען. און פאַר מאַלקען איז זי זיך ניט מעכוייעוו אײַנצושטעלן. זי ווייסט אויך, ליבע־שעווע, אַז בא מאַלקען אין שטוב האָט מען פּײַנט א שנײַדער, א „מענטשן" בא יענעם, זיי האָבן ניט ליב דעם געמיינעם גראָד. דערפאַר זאָגט ליבע־שעווע מער גאָרניט, נאָר אומצופרידן בלײַבט זי, ווײַל „זיי" זײַנען דאָך פאַרט גווירים, פאַרנעמע מענטשן אין דער שטאָט, יִכעס. בערל, טראַכט זי, קאָן האָבן האַרצווייטעק פון שימענען, פאַרדראָס. און זי איז דאָך א מאמע...

ס'איז נאָך ניט באַוווּסט, צי בערל נעמט זיך טאַקע צום האַרצן. ניט אַלע ווייסן גאָר, אַז שימען איז זײַנער א שוואָגער. מאַלקע האָט אָנגעזאָגט, אַז מע זאָל וועגן דעם שווײַגן. דערבײַ איז ער פאַרנומען מיט זײַנע געשעפטן און דערצו נאָך אויך מיט דעם, וואָס זײַן עלטער יִנגל דאַרף אַרײַנטרעטן אין דער רוסישער גימנאַזיע. צווישן די האַראָדנער באַלעבאַטים איז אַזוינס א נײַס. ניט אַלע שטעלן זיך אײַן, ניט אַלע זײַנען צופרידן. מאַלקע באַ־שטייט אף דעם. בערל — אויך, דער מאַגיד האָט וועגן דעם גערעדט אין זײַן דראָשע, אָבער קיין נאָמען ניט אָנגערופן — „מע": מע גיט אָפּ קינדער אין גוייִשע גימנאַזיעס.

16

די איינציקע, וואָס זאָגט גאָרניט וועגן שימענען, איז סאָרעלע. זי קאָן אָבער ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס מע איז אף אים אַזוי אָנגעשטויסן. אפילו בערל באַשולדיקט אים. סאָפּקאָלסאָף, וואָס האָט שימען פאַר א שלעכטס געטאָן? ער איז א שנײַדער, נאָר ניט קיין גאַנעווו, ניט קיין שווינדלער, ניט קיין מעשומעד. ער איז א פריילעכער, זינגט שיין, איז גאָרניט קיין נאַר. מעגלעך, אַז וועגן שנײַדער ביכלאַל טראַכט זי אַנדערש. אָבער וועגן דעם שנײַדער שימען האָט זי א גוטע מיינונג. מע האָט אים אופגערופן, און ער איז ניט געגאַנגען... איז ער ניט געגאַנגען! וואָס קומט אים דערפאַר? איר געפעלט גאָר אַזא אײַנפאַל (און וועד האָט עס געזאָגט: דעם מענטשן, וואָס איז דיר אָנגענעם, וועסטו אַלעמאָל באַרעכטיקן). סאָרעלע איז א טאָכטער פון א גוויר און א פרוי פון א גוויר, נאָר זי מאַכט פון דעם קיין וועזן ניט. זי איז צוגעוווינט, איר קומט עס. זי פילט זיך דעריבער פרײַער און טראַכט אַמאָל (און זאָגט אפילו) אַזוינס, וואָס איז אַנדערש פון דעם, ווי אַנדערע

טראכטן און וואָס אנדערע זאָגן. מאלקע מיינט, אז די טאָכטער אירע פאַר־שטייט ווינציק. און די טאָכטער טראכט, אז די מאמע אירע פארשטייט שוין צופיל, מער, וויפל מע דאַרף. אין סאָרעלען איז פאראַן מער ראכמאָנעס און מיטגעפיל צו מענטשן און צו באשעפענישן ביכלאל, ווי ס׳איז פאראַן בא מאלקען.

די מאמע זאָגט איר אמאָל:

— זיצן בא זיך אין שטוב מיט אייגענע קינדער — קאָן מען זײַן א גוטע. פּרוביר, טאָכטערקע, מיט פרעמדע.

סאָרעלע פארטרויט בערלען:

— די מאמע זאָגט: פרעמדע... פאַר דיר איז דאָך שימען ניט קיין פרעמ־דער.

— סאָרעלע, עס פּאסט דאָך ניט. ניט סטאַטעטשנע. קעגן גאָט און קעגן לײַט. ווי פארשטייסטו עס ניט, סאָרעלע?

סאָרעלע פארשטייט עס טאקע ניט. זי ענטפערט גאָרניט, נאָר טראכט דערבײַ: ווי קומט עס צו בערלען? ער רעדט דאָס זעלבע, וואָס איר מאמע מאלקע. זיי האלטן איצט איינער פון אנדערן. און סאָרעלע באנעמט: מיט בייזן האָט אים די מאמע ניט גענומען, מיט גוטן נעמט זי אים.

עס גייט אוועק א יאָר, עס גייען אוועק צוויי. עס האָט זיך געעפנט אויך א קאַצאָווישע שול, און קיינער האָט וועגן דעם ניט געטומלט. די רויִקע שטאָט איז ארײַן אין אירע רויִקע ברעגן. און וועגן שימענס „זינד" האָט מען אויך פארגעסן. בערל איז א גוויר, זײַנע קינדער לערנען אין דער גימנאַזיע. פאַר די עטלעכע יאָר האָבן שימען און בערל זיך ניט געזען, זײַנען געוואָרן אָפּגעפרעמדט, ווי זיי וואָלטן זיך קיינמאָל ניט געקענט און קיין קרויוועים ניט געוועזן. און באגעגענען האָבן זיי זיך געקאָנט, ווי עס מאכט זיך אָפּט, אף א סימכע אָדער אף א לעווײַע. אויסגעפאלן איז א לע־ווײַע...

17

פארן טויט האָט פּינכעס באַס געוואָלט זען זעליקן.

וואָס מער פּינכעס פארלירט זײַנע פיזישע קויכעס, אלץ מער און בעסער ארבעט דער מויעך, דער געדאַנק. ער זעט פארשיידענע בילדער, עס קומען אוף דערמאָנונגען, צופאלן. אלץ שווימט פאַר די אויגן שנעל און וואָרהאַפּ־טיק. דאַפקע איצט דערזעעט ער אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט טאָן. דערזעעט, וויִאַזוי ער האָט ניט באַדאַרפט האַנדלען. ער האָט כאַראָטע, אָבער פאריכטן קאָן ער שוין ניט. ס׳איז סײַ צו שפּעט, סײַ קיין קויכעס זײַנען ניט פאראַן. ער האָט זיך פארנומען מיט געשעפט, און צווישן די געשעפטן זײַ־נען אוועק די יאָרן, דאָס לעבן און די האַנאָע פון לעבן. ווען ער קאָן איצט כאַפּן צוריק, וואָלט ער שוין געוווּסט, ווי זיך צו באַגיין מיט זיך אליין און מיט אנדערע.

די געדאנקען און בילדער באוועגן זיך לײַכט, נאָר האָבן קיין וואָג ניט און האָבן קיין מאמאַשעס ניט. פאר וועמען דערציילט מען עס? ווער קאָן פארשטיין א מענטשן אין די לעצטע טעג פון זײַן לעבן? אלע ארום זײַנען פארנומען מיט זיך, מיט פארדינען, מיט מעקאנע זײַן און מיט זיך אליין ליב האָבן. ווער קאָן און ווער וויל מיטפילן א קראנקן און אלטן מאן, וועלכער האלט שוין אין דער אָפּגעשוואכטער האנט די קליאמקע פון דער טיר, וואָס פירט דעם מענטשן ארויס אריבער זײַן לעצטער שוועל.

ער דערמאָנט זיך אָפּט אָן זעליקן. א סאך בילדער קומען אויף, וואָס פארבינדן זיי צוזאמען. א סאך יאָרן זײַנען זיי געווען כאווײרים, פרײַנט. די לעצטע יאָרן זײַנען זיי אָפּגעזונדערט, אָפּגעפרעמדט. שולדיק איז ער אליין, שולדיק איז מאלקע. זעליק איז אלעמאָל געווען גערעכט. ער וויל אים איבערבעטן, שאַלעם מאכן. זעליק וועט אים פארשטיין און מיטפילן. און שוין עטלעכע טעג, ווי ער בעט רופן זעליקן צו זיך.

זעליק ליגט אליין צו בעט. אויך פאר אים גייט דורך זײַן לעבן, ער דער־מאָנט זיך אָן פינכעסן, נאָר אָף רופן אים צו זיך קלעקט אים קיין מוט ניט. ליבע־שעווע טרעט פון אים ניט אָפּ. זי ווייסט, אז דער מאן אירער גייט אויס און צוזאמען מיט אים גייט צו ענדע אויך איר לעבן. זי האָט אים קיינמאָל ניט שווער געמאכט, קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, אלעמאָל געשאנעוועט. איר געוויסן איז ריין. זי קאָן נאָר ניט פארשטיין, ווי מאָד־נע גאָט האָט די וועלט באשאפן: א מענטש קומט אויף מיט טומל און גייט אוועק שטיל אָף צו פארגעסן ווערן.

ווינטער זײַנען געווען צוויי לעווײַעס. פריִער — פינכעס, דערנאָך אין עטלעכע וואָכן ארום — זעליק. ביידע לעווײַעס זײַנען פאָרגעקומען אין די גרויסע פרעסט און קורצע טעג פון מיטן ווינטער. באגלייטן פינכעסן איז געקומען א גרויסער אוילעם, און באערדיקט האָט מען אים אפן שטאָטישן ייִדישן בעסאלמען. געזעגענען זיך מיט זעליקן זײַנען געקומען ווינציקער מענטשן. און באערדיקט האָט מען אים אפן פערשטאָטער ייִדישן בעסאל־מען. אָף זעליקס לעווײַע האָבן זיך באגעגנט שימען מיט בערלען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעקוקט, און יעדערער איז אוועק זײַן וועג.

מיט דער צײַט איז ליבע־שעווע, וואָס איז פארבליבן אליין, אריבערגע־פאָרן וווינען צו איר טאָכטער שיינעלע מיט איר מאן שימען.

18

ניט פייגעלעס טאטע, שימשן ראקאָוויצקי, האָט דער ערשטער דערזען, אז דער לערער מענאכעם רובין האָט ליב זײַן שילערן. די ערשטע האָט עס דערזען ריווקע־ראָכל.

פייגעלעס טאטע איז א מענטש, וואָס איז שטענדיק פארטאָן אין זיך. זעלטן זעט ער, וואָס ארום טוט זיך. ער איז ניט זיכער מיט זײַנע געשעפטן, און דעריבער טראכט ער שטענדיק וועגן זיי. ער כעזשבנט, רעכנט, מאכט

כיבער און כיסער. און פלוצלינג דערשרעקט ער זיך, ער זאָל זיך אליין קיין איינהאָרע ניט געבן.

ריווקע־ראָכל, וואָס עלטערט זיך און ווערט ניט אלט, וואָס נעמט ליַיכט קינדער און רעדט אמאָל א שידעך, ריווקע־ראָכל, וואָס איז אן אריַינגייערן אין פארמעגלעכע היַיזער, מוז אלץ זען און אלץ וויסן. אין איין הויז זעט זי, אין דעם צווייטן דערציילט זי. אן אויג האָט זי א שארפס, א צינגל אויך א שארפס, דערביַי איז זי נאָך א בעריע אף א ווערטל, אף זאָגן א כאָכמע. און וואָס עלטער זי ווערט, אלץ מער האָט זי ליב זיך צו מישן, ווו מע בעט זי ניט און ווו מע דארף זי ניט. יאָרן פארפירן אמאָל.

זיַיענדיק צוגאסט בא די ראקאָוויצקיס, האָט זי איינמאָל דערזען, ווי באם לערנען קוקט פייגעלע דעם לערער אין די אויגן, און דער לערער האלט די אויגן אראָפּגעלאָזט. איר איז עס ניט געפעלן געוואָרן. ניט גלאט עפּעס... זי איז זיך מאטריַיעך געווען, געקומען א צווייט מאָל אריַינקוקן, ווי דער לערער לערנט מיט זיַין שילערן. און דעמלט האָט זי געזאָגט צו זיך אליין:

„ריווקע־ראָכל, דו ביסט דאָך א מייוון אף ליבעס. דו האָסט דאָך אף דיַין לעבן שוין עפּעס געזען. ער איז פארליבט און שעמט זיך. זי איז פאר־ליבט און עסט אים מיטן בליק. איצט פארשטייסטו שוין, פארוואָס ער לאָזט זיך קיין שידעך ניט ריידן. זאָל אָקאָרשט ניט ארויס קיין בריס פאר דער כאסענע. וויי איז מיר".

ריווקע־ראָכל האָט וועגן דעם איידל און פאָרזיכטיק פארפירט א שמועס מיט פייגעלעס מאמע.

— וואָס רעדט איר, ריווקע־ראָכל, ווי קאָן עס זיַין? ניט מער, ווי א דימיען. דער לערער איז א ליַיטישער מענטש. פייגעלע איז נאָך א קינד.

— ניט אויסגערעדט זאָל זיַין. קיין צאדיק איז דער לערער ניט, אן אפּיקוירעס. בעסער איז אָפּשפּרעכן אן איַינהאָרע פאר דער קרענק, איידער נאָך דער קרענק.

פייגעלעס מאמע, טיַיבעלע די בעריע, האָט ניט ליב, אז מע קוקט איר אין טעפּל אריַין, זי האָט עס פּאָשעט פיַינט. דעריבער, ניט געקוקט אף דעם, וואָס אין דער נאָז, ווי מע זאָגט עס, איז איר גוט פארגאנגען, האָט זי געענטפערט גאנץ רויִק:

— גאָט איז מיט איַיך, ריווקע־ראָכל, זינדיקט ניט. אומזיסט באריידן א מענטשן. ס׳איז דאָך לוי דובים ווע̇לוי יאַר.

— האלעוואַי! דער בוירע־אוילעם זאָל געבן גוטע יעשועס.

אָבער ווען טיַיבעלע האָט דעם סאָד פארטרויט איר מאן, האָט ער אופגע־עפנט די אויגן, פארגעסן די כעזשבוינעס, וואָס ער פירט מיט זיך אליין, און געזאָגט בעקאָל־ראָם:

— אויס לערנען! כאסענע מאכן!

דעם שידעך האָט גערעדט ריווקע־ראָכל.

פון די פיל בריסן און כאסענעס איז ריווקע־ראָכלען אף דער עלטער פארבליבן א שוואכקיַיט צו צוויי זאכן: א ביסל מאשקע און זיסווארג. קומט זי טאקע דערפאר אָפּט אריַין צו פייגעלען אין זיסן געשעפט עפּעס א

נאש טאָן. דאַרף זיך אַזוי מאַכן, אַז אַרײַנקומענדיק אין דער קאָנדיטערײַ, טרעפֿט זי דאָרט שוין עטלעכע מאָל דעם לערער. ער שטייט פֿון דער־זײַט טיש, פֿײַגעלע — פֿון יענער־זײַט. און בײדע שמועסן געמיטלעך.

שווײַגן וועגן דעם איז איבער אירע קויכעס.

דער טאָג איז אַ הייסער, סאָף טאַמעז. אין קליינעם שטיבל מיטן ביסל פּראָסטן מעבל זיצט באַם טיש פֿריידע און רייניקט יונגע בורעקלעך פֿאַר אַ קאַלטן מילכיקן באָרשטש. אין צימער איז קיל, אָבער די היץ פֿון דער גאַס לאָזט זיך שטאַרק פֿילן. אומדערוואַרט איז אין שטוב אַרײַן די אַלטע ריווקע־ראָכל.

— הייס! — זאָגט זי. — עס דאַרשט.

— וועל איך אײַך מעכאַבעד זײַן מיט אַ גוט געטראַנק. עפּל־קוואַס!

ריווקע־ראָכל האָט מיט קליינע שלונגען געטרונקען דעם קאַלטן עפּל־קוואַס און זיך געקוויקט:

— אַ מעכײַע! אַ געטראַנק פֿאַר מאָנאַרכן. אַ מעכײַע.

זי האָט זיך דערפֿילט אַ ביסל פֿרישער. די אַלטע, וואָס עלטערט זיך און ווערט ניט אַלט, ווייסט זייער גוט, אַז מע קומט אַרײַן אין אַ שטוב, הייבט מען קיינמאָל ניט אָן גלײַך פֿון דעם איקער. אָבער הײַנט, ניט גע־קוקט אַף דעם, וואָס דער קאַלטער עפּל־קוואַס האָט זי אַ ביסל אָפּגעפֿרישט און אין שטיבל איז קיל, ליגט דער הייסער טאַמעז־טאָג ווי אַ סרייפֿע אין אירע ביינער. זי שוויצט, זי איז מיד. און זי גיט ראַפּטום מיט אַ טײַנע אַ פֿרעג:

— פֿריידע, פֿאַרוואָס האָט דײַן זון ניט כאַסענעז?

פֿאַר פֿריידען איז עס גוואַלדיק אומדערוואַרט. זי איז באַליידיקט. וואָס האָט די אַלטע אויסגעוועפּטע ייִדענע זיך מישן צו איר זון מיט אַזאַ טײַנע?

— וועגן דעם זײַט איר געקומען ערעוו די נײַן טעג, ערעוו טישעבאָוו? פֿאַרגעבן פֿראַגן וועגן מײַן זון, וואָס האָט מיט אײַך קיין מאַגע־אומאַסע ניט. ווי קומט איר צו מײַן זון? לעהאַוודל דאַרף מען זאָגן. אַ האָזע!

— איך מיין דאָך צום גוטן, פֿריידע טײַערע. באַ דיר איז אַ גוטער און געראָטענער זון. און באַ מיר איז הײַנט דער סייכל פֿאַרטונקלט. מע טאָר קיינמאָל ניט אָנהייבן גלײַך פֿון איקער. פֿרײַער דאַרף מען ריידן אַ ביסל איידלקײַט. און איך בין גלײַך אַרײַנגעפֿאַלן, ווי אַ יאָוון אין סוקע. אָבער גיי אויך אַרײַן אין מײַן לאַגע. איך בין דאָך אַ שאַדכנטע. איך פֿרעג, פֿאַר פֿרעגן קומט דאָך גאָרניט.

די אַלטע האָט מיט קליינע שלונגען געטרונקען און זיך פֿאַסמאַקעוועט, אַזש געקרעכצט. זי ווייסט אַ גוטן גאַנג: מיט אַ מאַמען, וואָס האָט אַ זון אין די יאָרן און ער אײַלט זיך ניט כאַסענע האָבן, דאַרף מען ריידן וועגן אייניקלעך. די אַלטע האָט גוט צוגעטראָפֿן. אַף פֿריידעס פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַ גליקלעכער שמייכל: אייניקלעך. ווי דערלעבט מען שוין ווערן אַ באָבע. שוין צײַט.

— איך בין דאָך שוין, קיין אײַנהאָרע ניט, אַן עלטערבאָבע. איר פילט אין דעם גאָרניט, פריידע־לעבן?

— וואָס רעדט איר? ווי דערלעבט מען שוין ווערן אַ באָבע?

— אין וואָס איז די מעניע?

— איך זאָג אײַך ווי פאַר גאָט, איך ווייס ניט. עפשער, עפשער, — זאָגט פריידע ניט זיכער, — עפשער טאַקע ריידן אַ שידעך. וואָס זאָגט איר, ריווע־קע־ראָכל?

— וואָס איך זאָג, — איר צינגל ווייסט וואָס צו זאָגן: „ניט ריידן אַ שידעך, נאָר פריִער אָפריידן פון אַ פרעמדן שידעך. וואָס לויפט ער אַלע טאָג צו פייגעלען אין זיסן געשעפט?" ניין, הײַנט ווערט זי ניט דערלאָזן, די צונג זאָל באַלעבאַטעווען. פון אַזוינע רייד קאָן מיט פריידען געשען אַן אומגליק. מע דאַרף זי שאַנעווען. — אַ שידעך, אַוואַדע אַ שידעך!

גייענדיק צוריק פון פריידען, האָט זיך ריווקע־ראָכל געפילט, ווי אַמאָל אַף אַ בריס אָדער אַ כאַסענע, ווען זי פלעגט די אָרעמע קרויווים מונטערן, זאָגן אַ גוט וואָרט, זיי זאָלן זיך ניט שעמען, זיך פילן גוט. ס׳איז איר מיצווע, איר אוילעמהאַבע — שאַנעווען אַ מענטשן.

אָבער אינגאַנצן פאַרשווײַגן קאָן זי דאָך אויך ניט. זי האָט פייגעלען גערעדט דעם שידעך. וואָס ווערט מען זאָגן: ריווקע־ראָכל איז שולדיק. קומט זי אַף מאָרגן צו טײַבעלען דער בעריע און זאָגט:

— איר ווייסט, מיר איז אַ שאָד פייגעלעס צוקער־געבעקס.

— איך פאַרשטיי ניט.

— זי קאָן בלײַבן אָן זיסקײַטן.

— ווי־אַזוי?

— אַלע טאָג קומט צו איר דער לערער מענאַכעם רובין קויפן קיכעלעך און זעמעלעך. דערבײַ שמועסט מען, רעדט מען, קוקט מען זיך אין די אויגן. אַלע טאָג... אַזוי קאָן ער דאָך אופעסן דאָס גאַנצע געבעקס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז פייגעלע איז עפּעס ניט געזונט... אָדער — זי איז שוין גאָר אַף דער צײַט. אין דער קאָנדי־טערײַ ווערט האַנדלען פייגעלעס מאַן.

דער לערער מענאַכעם רובין האָט אומדערוואַרט און אין איין צײַט געגומען פאַרלירן זײַנע שילער.

אַן אַפּיקוירעס! אָבער ניט דאָס האָט אַזוי שטאַרק געווירקט. אַן אַפּי־קוירעס, נאָר אַ גוטער לערער. מע קלײַבט זיך דען מיט אים אַ שידעך שליסן, וואָס?

ערגער איז געוואָרן, ווען ס׳איז אַוועק אַ צווייטער קלאַנג — ער פירט ליבעס מיט זײַנע שילערנס. קיווע האָט וועגן דעם איבער דער גאַנצער שטאָט געשריִען.

מענאַכעמס מאַמע, פריידע, קאָן עס ניט פאַרשטיין: די וועלט איז מע־שוגע — אַזאַ גוטער לערער, ווי איר זון איז, און אַלע שילער זײַנען אַוועק.

די ייִנגלשע יאָרן קומען אַמאָל פון ערגעץ ווײַט־ווײַט, פון א צײַט, וואָס איז טאַקע אַמאָל געווען און איז שוין מער ניטאָ. דער זיידע, העשל דער סטאָליער, איז אַף יענער־וועלט. דער טאַטע, זעליק דער „מענטש", איז אויך ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. אין דער שטוב, ווו דער זיידע מיטן טאַטן האָבן געלעבט, ווו ער אַליין איז געבאָרן געוואָרן, וווינען פרעמדע מענטשן. די מײַרעוו־וואַנט אין דער פערשטאָטער אַלטער שול איז פאַריאָסעמט. די בלעטער און בלומען זײַנען פאַרוועלקט און צעטריקנט. אַלץ איז געווען, און אַלץ איז אַוועק. אַפילע דער „רײַטער" איז ווײַט אָפּגעפאָרן, ניט צו דעריאָגן. און אַנטקעגן דער בענקעניש פון אַמאָל קומט אוף דער לעבעדיקער הײַנטיקער טאָג. א ווײַב, קינדער, געשעפטן. צו שפעט עפעס צו ענדערן. וואַרפן ברויט און זוכן ברעקלעך. און אייגנטלעך: ווער וועמען האַלט? ער — די געשעפטן, צי די געשעפטן — אים?

אוואַדע איז אַמאָל גוט יענע יאָרן צו דערמאָנען, אַפילע בענקען, באַזונדערס, ווען ער קומט אַהיים א מידער.

סאָף זומער. די מישפּאָכע איז שוין פון דער דאַטשע אַריבערגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן. די קאַניקולן ענדיקן זיך, און עס הייבט זיך אָן דאָס נײַע לערניאָר אין די גימנאַזיעס.

דער אָוונט איז א רויִקער, א שטילער. די סעדער זײַנען פול מיט רײַפע פרוכטן. עס בליט די גאָלדענע געלקײַט אַף די בלעטער. און דער זון־פאַרגאַנג באַשײַנט דעם שפינוועבס צווישן די צווײַגן.

אָנהייב עלעל. הײַנט האָט מען אין אַלע באָטעמעדראָשים געבלאָזן שויפער. און דער הײַנטיקער טאָג האָט שוין נאָר א ווערט, ווי א צוגרייטונג צו יאָמים־נויראָים — ראָשעשאָנע און יאָמקיפער.

בערל פעדער איז געקומען אַהיים. סאָרעלע מיט די קינדער וואַרטן אַף אים. און ווידער וווּנדערט זיי הײַנט: וואָס איז געשען?

פריִער, ווי נאָר בערל פלעגט אַריבער די שוועל, האָט ער גלײַך געצײַלט צו זײַן סאָרעלען, צו זײַנע קינדער. מאַלקען פלעגט ער אויסמײַדן. איצט טרעפט, אַז קומענדיק אַהיים, גייט ער די ערשטע זאַך צו מאַלקען אין איר געראַמען ליכטיקן צימער דערציילן, וואָס פאַרן טאָג האָט פאַסירט, און זיך מעיאַשעוו זײַן וועגן די געשעפטן אַף מאָרגן. סאָרעלען פאַרדריסט עס. די קינדער וווּנדערן זיך.

מאַלקע וואַרט אַף בערלס קומען. זײַן דערציילן און זײַן פרעגן אַן אייצע דערהאַלט זי באַם לעבן. זי, הייסט עס, איז נאָך די באַלעבאָסטע, זי פירט אָן. דאָס מאַכט זי אַפילע ייִנגער. די אַלע כאַלאַסן, וואָס קומען לאַנגזאַם שטיל אַף דער עלטער, גאַנווענען זיך אַרײַן און ווילן ניט אָפּטרעטן, טרײַבט זי פון זיך. זי פוצט זיך נאָך, באַשטעלט נײַע קליידער און האָט האַנאָע פון א קאָמפּלימענט, אַז זי איז נאָך קיין אײַנהאָרע, קיין אײַנהאָרע ניט... בערל איז באַ איר איצטער דאָס אייבערשטע פון שטייסל. זי איז אים דאַנקבאַר, זי האָט אים ליב. זי זאָרגט פאַר אים. איר געפעלט זײַן שײן אָנטאָן זיך, זײַן ברייטע האַנט אַף געבן א נעדאָווע, ווי עס פאַסט פאַר א גוויר. זי איז צופרידן, וואָס מע גיט אים אָפּ קאָוועד, וואָס מע אַכטעט אים.

סאָרעלען האָט זי אפילע געמאכט א באמערקונג, אז זי זאָרגט ווינציק וועגן איר מאַן.

סאָרעלע וווּנדערט זיך. בערל וואָלט זיך דאָך לײַכט געקאָנט אָנשטויסן, אז זי, סאָרעלע, איז אומצופרידן. אָבער אין אזא טאָג, ווי הײַנט, קאָן בערל זיך ניט באגיין אָן מאלקען. די סעדער זײַנען פול מיט רײַפקײַט. די בלעטער לויכטן ארויס מיט זייער שיינער מידקײַט. די שטילקײַט פון דעם אָוונט זעצט זיך אָפּ מיט אומרו אין דער נעשאָמע. אָנהייב עלעל. אינדערפרי בלאָזט מען שויפער. מענטשן נעמען מאכן דעם כעזשבן צווישן זיך און צווישן זיך מיט גאָט. פילט זיך בערל ניט זיכער. קומט צו א כעזשבן מיט זיך, ווערט ער אומרויִק, ער קאָן פארשפילן. ער דארף עמעצן, ווער עס זאָל זײַן צווייפל בארויִקן. ווער עס זאָל אים זאָגן, אז זײַן וועג איז א ריכטיקער, א באשערטער, ער האָט ניט וואָס צו צווייפלען.

וואָס קאָן אים סאָרעלע זאָגן? פון געשעפטן וויל זי ניט הערן. מיט דעם, זאָגט זי, פארנעמען זיך מאנצבלען. זי וויל פריילעכקײַט, מענטשן זאָלן זען איר יונגקײַט און שיינקײַט. אירע קינדער זאָלן געפעלן ווערן. זי וויל עפעס פאר דער נעשאָמע: פײַנקײַט, קלוגשאפט. אָט דאָס אלץ, וואָס זי האָט אמאָל דערוואַרט פון בערלען. און בערל... בא בערלען האָט מען עס צוגענומען, ער פארמאָגט עס מער ניט. ער דארף, אז מע זאָל באגיטיקן דאָס, וואָס ער טוט און קאָן טאָן. און דאָס פילט אויס מאלקע.

בערל און מאלקע דערגאנצן איינער דעם אנדערן. זי בארעכטיקט אים, און ער בארעכטיקט זי.

20

אלץ אָפטער קומט בערל צו מאלקען. סאָרעלען פארדריסט עס: וואָס איז ער? א יִנגל! אָפּגעבן כעזשבן, פרעגן אייצעס? בא לייען טוט זיך ניט אזוי. איר מאַן דערלאָזט גאָר ניט, אז מע זאָל זיך צו אים מישן. און זי גייט צו איר שוועסטער לייען, פרעגן אַן אייצע.

לייע מיט איר מאַן לעבן צווישן זיך, וויביידע ווײַזערס אף א זייגער. אויסגערעכנט, ריכטיק, פינקטלעך. פריִער האָבן זיי איינער צום אנדערן געהאט גרויס אכטונג, איצט האָבן זיך ביידע שטארק ליב. זיי קאָנען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי וואָלטן זיי געקאָנט איינער אָן דעם אנדערן לעבן. די נאטור גיט ניט אלץ אלעמען. איינעם — גיט זי מער שיינקײַט, א צווייטן — מער סייכל. לייע און איר מאַן האָבן מער כאָכמע. סאָרעלע — מער שיינקײַט. לייען מיט איר מאַן איז לײַכטער צו לעבן. אלץ איז פארשטענדלעך, זיי ווייסן, וואָס זיי קומט, און מער פאָדערן זיי גאָרניט. און דעריקער: זיי קאָנען אויסקומען מיט זיך אליין, אָן אנדערע מענטשן.

סאָרעלען איז שווער. בערל פארשטייט זי ניט. די מאמע פארשטייט זי ניט. זי קאָן ניט לעבן אליין פאר זיך, אָפּגעריסן פון מענטשן. איר איז אומעטיק, זי איז אומצופרידן, דאָס לעבן גייט אוועק. זי קומט צו דער שוועסטער. ביידע גייען ארויס שפאצירן, קיינער זאָל זיי ניט שטערן. און ווי מיט יאָרן צוריק, ווען זיי האָבן איינמאָל שפאצירט, איז אויך הײַנט

דער אָוונט אָנגעפּילט מיט אומעט און בענקעניש. און אויך היינט איז ניט באוווּסט, נאָך ווּעמען און נאָך וואָס דער אָוונט בענקט. דעמלט איז געווען אָנהייב פרילינג. איצט איז סאָף הארבסט.

— זאָג מיר, שוועסטער, — בעט זיך סאָרעלע, — וואָס איז געשען מיט בערלען?

— וואָס פאַרשטייסטו ניט? ער איז א מענטש, קאָן מען זאָגן, וואָס האָט זיין אייגן לעבן דערשטיקט.

— וואָס רעדסטו, לייע?!

— ער לעבט מיט א פרעמד לעבן.

— לייע...

— צוליב דיר, שוועסטער, צוליב דיר און דיינע קינדער...

— איך פאַרשטיי דיך ניט, לייע, דו שרעקסט מיך.

— שרעקן זיך איז ניטאָ וואָס. און די מאַמע, סאָרעלע, טוט ריכטיק, וואָס זי האלט אים אונטער. זי וויל, אז דאָס לעבן בא אים זאָל ווערן אן אייגנס. וואָס זשע דען? ווידער ווערן א שניצער? ער האָט די קונסט לאנג פאַרגעסן. ער זאָל ווערן א קאַפּצן? ווער עס האָט פאַרזוכט געלט, וויל עס ניט אָפּגעבן. אָן געלט, שוועסטער, איז קיין לעבן ניטאָ. און דו...

— איך? וואָס איך?

— זיי מיר מוחל, סאָרעלע, טראַכסט נאָר וועגן זיך. העלף דיין מאַן אין א שווערער מינוט.

פון לייען גייט סאָרעלע אוועק מיט דעם, מיט וואָס זי איז געקומען. לייע פאַרשטייט זי אויך ניט. און זי לייען פאַרשטייט ניט. עמעס, לייע איז א קלוגע, אפילע א געבילדעטע, נאָר פאַרשטיין זי איז שווער. א פרעמד לעבן, אן אייגן לעבן... פאַרוואָס קאָנען שימען און שיינע לעבן אן אייגן לעבן? פאַרוואָס איז בא זיי פריילעך? פאַרוואָס קאָן שימען באשטיין אף זיינס?

## 21

אין יענעם טאָג, ווען סאָרעלע איז אומגעריכט געקומען צו שימענען און שיינען אין דער ניט גרויסער און ניט רייכער דירע, איז געפאַלן דער ערשטער שניי, וואָס האָט זיך ווינטערדיק אויסגעלייגט איבער דער שטאָט.

מיט סאָרעלען האָבן זיך אלע דערפרייט. שימען, וואָס איז געזעסן בא דער ארבעט מיט א פאַרסטריגעוועט רעקל אין דער האנט, האָט די ארבעט אָפּגעלייגט און איז סאָרעלען ארויס אנטקעגן.

— שוועגערן, א גאַסט! זעצט זיך, דערציילט, וואָס מאַכט מען בא איך? דער מאַן, די קינדער, די מאַמע...

ליבע־שעווע האָט ארומגעכאַפּט די שנור קושן. זי האָט זייער געוואָלט וויסן, וואָס אזוינס איז געשען, פאַרוואָס סאָרעלע איז אזוי אומגעריכט גע־קומען. געפרעגט האָט זי ניט. עס האָט זיך באקומען, ווי נעכטן וואָלט דאָ סאָרעלע געווען און היינט איז זי דאָ ווידער.

שיינעלע שוויַיגט. איר האָט דאָס הארץ אונטערגעזאָגט עפּעס ניט קיין גוטס. אזוי לאנג ניט געווען... וואָס אזוי פּלוצלינג געקומען? זי פארשטייט עס ניט. אָבער ניין, ניט דאָס מיינט שיינעלע. ניט זי פארשטייט עס ניט, נאָר איר געפעלט עס ניט. איר געפעלט ניט, וואָס סאָרעלע איז נאָך אזוי שיין. און וואָס איר שיינער מאַן, שימען, איז נאָך שענער געוואָרן, ווען סאָרעלע איז אָנגעקומען, ער לויכט ארויס, די אויגן שייַנען. און ווידער דוכט איר, און עפּשער דוכט איר גאָר ניט, אז שימען מיט סאָרעלען קוקן פריילעך איינער אפן אנדערן. איר פארדריסט עס.

אין שטוב איז יאָמטעוודיק, שימען איז הייַנט באזונדערס קלוג. ליבע־שעווע פרעגט אויס, וואָס בערל און די קינדער מאכן. סאָרעלען איז גוט. און דער קיבעד, וואָס די שוויַיגנדיקע שיינעלע דערלאנגט צום טיש, איז איר געפעלן. שטארק האָבן בא איר אויסגענומען די פיש־קניידלעך פון סטינקעס, געקאָכט מיט בולבע, ציבעלעס און פעפער. זי עסט און וואונדערט זיך, פארוואָס האָט זי בא זיך אין שטוב אזא געשמאקן מאַכל ניט געגעסן.

שאבעס וועט זי קומען מיט בערלען, מיט די קינדער הערן זינגען. שי־מען איז פון דעם צופרידן. ליבע־שעווע איז אפן זיבעטן הימל. שיינעלע שוויַיגט.

גייענדיק אהיים, איז סאָרעלע א גליקלעכע. ער איז דאָך טאקע א שיי־נער, שימען, א קלוגער, א פריילעכער. אפן הארצן איז איר גוט, דער אומעט איז אוועק, די אומצופרידנקייַט איז פארשוואונדן. איר געמיט איז אָנגעלאָדן מיט גוטסקייַט, מיט אָנגענעמע געדאנקען. און עס באקומט זיך, אז זי איז שוין מיט עפּעס פארנומען און דארף זיך ניט ארומדרייען, ווי אן איבע־ריקע. שאבעס וועט זי אים קומען הערן זינגען.

אָבער שאבעס איז זי ניט געקומען.

פרייַטיקצונאכטס האָט זי זיך אויסגעפּוצט. זיצנדיק באַם טיש, האָט זי האנאָע פון איר קערפּער און פילט זיך, ווי פאר א וויכטיקער געשעעניש. זי טראכט: צי וועט מען זען בא שיינעלען (זי שעמט זיך צו טראכטן „בא שימענען״), ווי שיין זי איז אָנגעטאָן און ווי גוט איר איז? דעם גאנצן אָוונט שוועבט זי אין די הימלען. שפּעטער, אז זי לייגט זיך אין בעט, וווּנ־דערט זי זיך קימאט, וואָס זי איז אליין. זי שלאָפט אייַן, און איר כאָלעמט זיך, אז שימען איז צו איר געקומען. ער נעמט זי ארום און זאָגט:

„סאָרעלע, איך ווייס דאָך, אז דו האָסט מיך ליב, לאָמיר זיך קושן...״

זיי קושן זיך. זי דערפילט זייַן לייַב. זי האָט זיך אופגעכאפּט אן אָפּגע־גאָסענע מיט שווייס. דערשראָקן און מיט גרויס הארצקלאפּעניש האָט זי זיך פון אלע זייַטן ארומגעקוקט. גאָט צו דאנקען, א כאָלעם!

זי זיצט אפן בעט מיט צונויפגעלייגטע הענט איבער די בריסט, ווי זי היט זיי אָפּ פון עמעצן. זי פילט אף זיך א פרעמדן אָטעם, פרעמדע הענט, זי איז זיך אליין פרעמד. זי איז זיך דערווידער. איר שיינער טרוים האָט זיך אויסגעלאָזט מיִעס. איר איז ניט גוט, ניט גוט. און שולדיק איז זי אליין! לייע איז גערעכט.

אף דעם אנטקעגנדיקן בעט שלאָפט שטיל איר מאַן. זי איז צו אים אריַין.

מאלקען האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אז אויך זי וועט שטארבן. זי ווייסט דעם סאָד פון לעבן. ניט נאָכגעבן, ניט אונטערגעבן זיך קיין שוואכ־קײַטן. א בעט מאכט קראנק.

עמעס, וואָס ווײַטער, האָט זי זיך אליין געמוזט נעמען נארן: איר טוט גאָרניט וויי, זי איז געזונט. און מע דארף זאָגן, אז די געגארערײַ האָט אָפט געהאָלפן, באזונדערס האָט עס געהאָלפן אין די פארנאכטן, ווען בערל קערט זיך אום אהיים. אין די פארנאכטן קוקט זי ארויס דורך די פענצטער. זי וויל אים זען. זי גייט ארום נאָענט בא דער טיר, זי וויל דערהערן זײַנע טריט. זי פילט זיך דעמלט יינגער, אלנפאלס, ניט אלט. מאלקען קלעקט סייכל אף דעם, אז זי זאָל זיך ווינציקער קוקן אין שפיגל. אָן א שפיגל דוכט איר אמאָל, אז זי איז נאָך יונג און שיין, אזא, ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך דער כאסענע. און דאָס פארפירט זי צו ווײַט: זי דערמאָנט זיך איר קויעך, ווען זי פלעגט פארן שלאָף זיך אויספוצן און האלב אויסגעטאָן זיך ארומדרייען ארום פינכעסן. ער פלעגט צו איר קומען, זײַן א גוטער און א נאָכגיביקער. זי פארגעסט, ווו זי האלט אין דער וועלט, און גיט אף זיך א קוק אין שפיגל. זי האָט באלד כאראָטע. און דעמלט ווערט מאלקען נאָך מער פארשטענדלעך, אז דאָס איינציקע, וואָס האלט זי באם לעבן, איז בערלס דערציילן, זײַן פרעגן אן אייצע. אין דעם ליגט איר כיעס, איר ווילן צו לעבן. אין אזא טאָג פארהאלט זי בערלען לענגער, פרעגט אים אויס איין מאָל און נאָך א מאָל סײַ וועגן זײַנע געשעפטן, סײַ וועגן אלע נײַסן אין דער שטאָט. נאָר אָט איז געשען, אז הערנדיק בערלען, האָט זי א דרעמל געטאָן. עס האָט געדויערט א סעקונדע, א מינוט, ניט מער, נאָר אף מאלקען האָט עס שטארק געווירקט.

„מיר ווערן טאקע אלט, מײַן פרײַנט“, — האָט זי זיך אליין געזאָגט.

פון דעמלט אָן איז איר ערשטער פארלאנג געוועזן צו זײַן וואך און מונטער און ניט דורכצולאָזן קיין איין וואָרט פון בערלס רייד.

בערלען אליין ווילט זיך איצט אויך ווינציקער זיצן בא מאלקען. אים ציט צו סאָרעלען, וועלכע וואַרט אף אים און וויל אויך אלץ וויסן. זי האָט אים עטלעכע מאָל געזאָגט:

— וואַרט אויס, מײַן מאן, דערווײַל פרעג איך נאָר. מיט דער צײַט וועל איך געבן אייצעס אויך. א מאן און א ווײַב זײַנען דאָך ביידע ווי ווײַזערס אף א זייגער.

בערל איז פון דעם צופרידן. וויבאלד סאָרעלע איז מיט אים, וויבאלד זיי פארשטייען זיך גוט, וואָס פעלט אים?

עס האָט געטראָפן, אז מאלקע איז נאָכאמאָל אײַנגעשלאָפן אינמיטן בערלס דערציילן. דאָס מאָל שוין ניט אף קיין מינוט, ניט אף צוויי. און אז זי האָט זיך אופגעכאפט, האָט זי גאָר ניט באמערקט, אז זי איז געשלאָפן. פון יענעם טאָג אָן האָט מאלקע, כאָטש זי האָט זיך ניט געוואָלט אונטער־געבן, דערפילט די אלטקײַט. פון בערלס קומען און דערציילן ווערט זי גיך מיד. און ביכלאל גייט שוין בערל פריִער צו סאָרעלען, וועלכע וואַרט אף אים און באגעגנט אים מיט ליבשאפט.

צו מאַלקען קומט ער אַלע אָוונט, פרעגט, וואָס זי מאַכט, ווי זי פֿילט זיך. עפּשער דאַרף מען רופֿן אַ דאָקטער? ניין, זאָל גאָט אויסהיטן! זי איז געזונט. איר איז גוט צו זיצן אין גרויסן ווייכן שטול. אינדערעמעסן טאַקע, ווען מע קומט צו איר אַרײַן, זיצט זי אויפֿן שטול. אָבער מיט יעדן מאָל ווערט מאַלקע אַלץ וווּנציקער און דער שטול אַלץ מערער. מיט איר אַקשאָנעס ניט אונטערצוגעבן זיך (אַ בעט מאַכט קראַנק) האָט זי דאָך עפּעס אויסגעפֿירט: זי איז געשטאָרבן ניט ליגנדיק, נאָר זיצנדיק.

אַ גרויסע לעווײַע איז געווען. ליבע־שעווע, אַן אַלטע, הויט און ביין, איז צוזאַמען מיט שיינעלען געקומען צו דער לעווײַע.

און ווי שטענדיק, האָבן מענטשן, גייענדיק צום בעסאַלמען, געטראַכט: קיינער קאָן עס ניט אויסמײַדן... און דערנאָך, גייענדיק צוריק, צוגעגעבן: דערווײַל לעבט מען — דאַרף מען לעבן.

בערל איז אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין דער שטאָט. און סאָרעלע גיט אים שוין אײַצעס. אירע אײַצעס האָבן קיין גראָשן ניט די ווערט, אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיק איז דאָס, וואָס זי גיט די אײַצע, וואָס זי לעבט מיט זײַן לעבן, וואָס זי איז צו אים אַ שוטעף. ער איז ניט אַליין.

אַמאָל אָבער פֿאַרבענקט זיך סאָרעלע נאָך „יענע" יאָרן, ווען זי איז געווען אַ קאַלע און בערל — אַ כאָסן. זי קוקט דעמלט מיט פֿאַרכאָלעמטע אויגן אין פֿענצטער. פֿון דער נאָענט זעט זי גאָרניט, דערפֿאַר זעט זי איצט זייער ווײַט: בערל קושט זי... און זי זאָגט אים: „ביסט אַ שלעכט ייִנגל. איך האָב דיך פֿײַנט!" דערנאָך זעט זי, ווי אינמיטן דער קאַלטער ווינטערדיקער נאַכט לויפֿט זי צו בערלען...

ווען איז עס געווען? עפּשער איז עס גאָר ניט געווען?

אַמאָל איז אויסער היימישקײַט געווען אויך פֿריילעכקײַט. איצט איז פֿאַרבליבן נאָר היימישקײַט.

און איינמאָל, ווען בערל פֿעדער איז געקומען צו זיך אַהיים, האָט ער דערזען: אויף אַ שיין טישל שטייט „דער רײַטער אויפֿן פֿערד".

בערל איז געווען איבעראַשט און שטאַרק פֿאַרווּנדערט. פֿונוואַנען, וויאַזוי? און ס'איז ווידער געקומען די בענקעניש, ווי מיט יאָרן צוריק, ווען ער פֿלעגט זיך דערמאָנען אָן דעם „רײַטער". און ווי דעמלט, זײַנען פֿאַר אים אויך איצט ציטעריק אויפֿגעקומען זײַנע גוטע ייִנגלשע יאָרן באַם זיידן הערשל אין שטוב. יאָרן מיט האָפֿענונג און ליבע. יאָרן, ווען ער האָט געגלייבט אין זיך, ווען די פֿאַנטאַזיע איז געווען לעבעדיק און רײַך.

און איצט... ווער איז ער און וואָס איז ער?

ער פֿאַרמאַכט די אויגן, זיי זײַנען געוואָרן פֿײַכט.

מאָסקווע, 1970—1972.



צווייטער טייל

# בער פּעדער און זײַן טאָכטער

## איינס

וואָס טויג מיר דײַן יִכעס, ווער ביסטו אליין?

### 1

דער אָנגעזועענער גראָדנער באַלעבאָס און רײַכער סויכער בער פּעדער און זײַן פרוי סאָרע האָבן געהאַט דרײַ זין און איין טאָכטער. און פּונקט ווי מאַלקע האָט ליב געהאַט איר שיינע סאָרע, אַזוי האָט סאָרע ליב איר שיינע ראָזע.

די זין האָבן געלערנט אין גימנאַזיע. ווער עס האָט געענדיקט, ווער — ניט. זיי זײַנען שוין כאַסענע געהאַטע און האָבן זייערע אייגענע געזינדן. די טאָכטער, די מיזינקע ראָזע, האָט געלערנט מיט לערער אין דר'היים (קיין פרויען־גימנאַזיע איז נאָך אין שטאָט ניט אויפגעקומען). זי איז געוואַקסן אַן אויסגעוואַרעמטע פון דער מאַמעס לאַסקע און פון דעם טאַטנס גוטסקײַט. און ס'איז גאָר מעגלעך, אַז זי האָט אַפילו ניט קיין פאָרשטעלונג וועגן שלעכטס. די מאַמע אירע, סאָרע, האָט שוין אין ראָזעס יאָרן ליב געהאַט און געכאַזערט פאַר זיך: „בערעלע, בערענקע, בערטשיקל"... די טאָכטער האָט נאָך קיינעם ניט ליב. סאָרען האָט אויסער איר שטוב גאָר־

ניט אינטערעסירט. זי האָט געלעבט אָפּגעזונדערט, ווי אַף אַן אינדזל. פריִער בא טאַטע־מאַמע, דערנאָך בא איר מאַן. ראָזען אינטערעסירט דאָפּקע יאָ, וואָס אויסער דער שטוב טוט זיך. זי לייענט פּושקינען, לערמאָנטאָוון, גאָ־גאָלן. זי איז באַקאַנט מיט דער פּוילישער ליטעראַטור — מיצקעוויטש, סלאָ־וואַצקי. איר איז געפעלן די שפּראַך פון דיכטונג.

ראָזע ווינט אין אַ שטאָט מיט אַ געדיכטן ייִדישן לעבנשטייגער. דאָס דאָזיקע לעבן רירט זי אָבער ווייניק אָן, ס׳איז פון איר גענוג וויַיטלעך. דערפאַר באַקאַנט זי זיך מיט אַן אַנדער לעבן דורך ביכער. און אַלץ זעט איר דאָרט אויס ראָמאַנטיש און פּאָעטיש.

אין שטאָט האָט זיך געעפנט אַ גרויסע טאַבאַק־פאַבריק. אַ סאַך מענטשן האָבן דאָרט באַקומען אַרבעט. אין דעם איז ניטאָ ניט קיין העלדישקייַט, ניט קיין פּאָעזיע. אַזוינס גייט דורך פאַרביַי ראָזען.

אָדער:

דורך דער שטאָט האָט מען דורכגעפירט די אײַזנבאַן־ליניע פּעטער־בורג — וואַרשע. דער טאַטע זאָגט: „זייער וויכטיק!" ראָזען אָבער איז בלויז געפעלן, וואָס די איַיזנבאַן פאַרבינדט גראָדנע מיט אַזוינע צוויי שטעט, ווי פּעטערבורג און וואַרשע, וווּ זי איז ניט געווען און וואָלט וועלן זיַין.

קימאַט אַלץ, וואָס ס׳איז ביז איצט געשען אין אַרומיקן לעבן, האָט זי אויפגענומען פון דער זיַיט (עס געפעלט יאָ, עס געפעלט ניט). זי האָט אָפּגעשאַצט, אָבער ניט איבערגעלעבט.

נאָר אָט האָט אין 1863 אין פּוילן ווידער זיך אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד, וואָס איז דערגאַנגען ביז גראָדנע, און ראָזע האָט שוין ניט געקאָנט בליַיבן קאַלט צו דעם, וואָס עס קומט פאָר. באַזונדערס האָט זיך עס געפילט, ווען די נײַסן זײַנען געווען גוטע און עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דער זיג פון די אויפשטענדלער איז נאָענט. אין אַ טאָג פון גוטע נײַס איז ראָזע פול מיט פרייד. זי איז גרייט פליִען עק וועלט, אַבי העלפן.

אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע. צו־זאַמען מיט די פּאָליאַקן האָט אין איר אָנטיילגענומען אַ היפּשע צאָל ייִדן בעראָש מיטן הויפּט־ראָוו מיַיזעלס. די דאָזיקע ידיִעה רופט אַרויס בא ראָ־זען אַנציקונג:

— מאָלאָדצי!

די גוטע און שיינע ראָזע האָט ליב צו הערן גוטע נײַס. שלעכטע — וויל זי ניט הערן. זי פאַרליַידט פּאָשעט ניט קיין שלעכטע ידיִעס. און די ידיִעס וועגן אויפשטאַנד ווערן אַלץ ערגערע און ערגערע. ראָזע איז מער ניט פריילעך. זי גייט אַרום אַ פאַרטראַכטע. ריידן מיט דער מאַמען אָדער מיטן טאַטן רעדט זי ניט. סאָרע איז אומרויִק.

— וואָס איז מיט דיר, קינד מיַינס?

ראָזע ענטפערט מיט אַ האַלב מויל. און סאָרע רופט אַרויס צו זיך איר שוועסטער לייע, די ייִנגערע און קליגערע. זאָל זי געבן אַן אייצע.

א היכע, א דארינקע, א באוועגלעכע, מיט א פּאָנעם, אף וועלכן פריִער פאר אלץ באמערקט מען די געוויינלעך פריילעכע אויגן און די פולע ליפּן, גייט ראָזע ארום אין סאמעטענע היימישע שיכלעך אף די לײַכטע פיס הין און צוריק איבער די שטילע צימערן פון איר טאטנס גרויסער דירע און ווייסט ניט, ווו זיך אהינצוטאָן. זי איז היַינט אויסגעלאָשן פון פארלאנגען, פון איבערלעבונגען. און די צײַט רוקט זיך אזוי לאנגוויַיליק. נאָר אָט דערהערט זי, ווי די דרויסן־טיר עפנט זיך. ווער? צו איר דערגייט לייעס שטים.

— די מומע! — ראָזע לויפט לייען אנטקעגן, כאפּט זי ארום קושן. — מומע, מומע!

ראָזע האָט לייען האָלט. מיט דער מאמען קאָן מען דאָך ניט וועגן אלץ ריידן, אלץ איר דערציילן. מיט דער מומען איז גאָר אנדערש. איר קאָן מען פארטרויען אלע געדאנקען און געפילן. אין איינע עטלעכע רעגעס ווערט זי ווידער די זעלבע הארציקע און פריילעכע ראָזע, וואָס איז אויסגעוואַרעמט פון דער מאמעס לאסקע און פון טאטנס גוטסקיַיט.

לייע האָט זיך גאָר ווינציק געענדערט. זי האָט ניט פארלוירן די ענ־לעכקיַיט מיט איר טאטן פינכעס, נאָר איצט פאסט איר זייער די סאָלידקיַיט און אָנגענעמלעכקיַיט, וואָס זי האָט פון אים איבערגענומען. די לײַכטע גראָווקיַיט, וואָס באזוימט איר קאָפּ האָר, גיט איר צו האדראס־פּאָנעם. באקאנטע און אומבאקאנטע ווענדן זיך צו איר ניט אנדערש, ווי „מאדאם". זי איז קלוג. ביז היַינט רימט זי איר מאן, גרויסט זיך מיט אים, די באַ־לעבאָסטע אָבער איז זי, דער באַל־אייצע — אויך זי.

ביידע, די מומע מיט איר פּלעמעניצע, זיצן אין ראָזעס געראמען מיידלשן צימער, ווו אף די ווענט הענגען די בילדער פון פּושקינען און גאָגאָלן (אין אן אנדער צימער הענגען אנדערע בילדער: דער ווילנער גאָען און מוישע מאָנטעפיאָרע). ראָזע איז נײַגעריק צו וויסן, וואָס האָט די מומע צו זאָגן. ניט אומזיסט איז זי דאָך פּלוצעם געקומען אינמיטן דער וואָך.

— א מעכיַיע אף דיר צו קוקן, ראָזע. וואָס לייענסטו איצט?

— גאָרניט, מומע.

— שפּאצירסט?

— ניין.

— אויך ניט. פארוואָס?

— מיר איז אומעטיק.

— דאָס איז פארשטענדלעך, טײַערינקע. אין דײַנע יאָרן איז דיַין מאמען געווען אומעטיק, מיר איז געווען אומעטיק. ביסט דאָך שוין, קיין אײַנ־האָרע ניט, א קאלע־מיידל...

— מומע, וואָס רעדט איר...

— ביסט אליין — איז דיר אומעטיק. און דערצו, מײַן קינד, האָסטו ליב אלץ, וואָס איז אנדערש און פרעמד... ביסט וויַיט פון יידיש לעבן.

— וואָס רעדט איר...— ווען ראָזען איז שווער צו ענטפערן, קומט זי אָן צו אָט דעם אויסדרוק „וואָס רעדט איר...״

— ראָזע, מיידעלע מײַנס, ניט שטענדיק זיצט מען בא דער מאמען. ווילסט וויסן וועגן פעטערבורג און ווארשע... גוט. דו ווייסט דאָך אָבער ניט, וואָס אַף אײַער גאס טוט זיך. וואָס גייט דיר אָן דער אופשטאנד? וואָס וועט פון אים דיר, דײַן טאטן, דײַן מאמען ארויסקומען? און מיט וואָס דאָס ענדיקט זיך — זעסטו שוין.

ראָזע שווײַגט. זי ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. די מומע איז געראָכט: זי, ראָזע, איז ווײַט פון ייִדן. די מומע איז אומגערעכט: דער אופשטאנד איז דאָך פאר אלעמען, אויך פאר ייִדן. און פארוואָס דארף אלץ, וואָס איז ניט ייִדיש, זײַן פרעמד? זי זאָגט עס אָבער ניט. זאָגן אנדערש, ווי זי טראכט, ווי זי פילט, קאָן זי ניט, זאָגן דאָס, וואָס זי טראכט און פילט, קאָן זי אויך ניט. זי איז נאָך ניט אינגאנצן זיכער מיט זיך. און דערצו קאָן עס דער מומען (און אויך דער מאמען מיטן טאטן) אָנטאָן פארדראָס. שווײַגט זי.

3

די מומע האָט געגומען אָפטער ארײַנקומען צו ראָזען, גיין מיט איר צוזאמען שפאצירן, גיין צוזאמען אין טעאטער. איינמאָל, שפאצירנדיק אַף די קאָלאָזשעס באם קאזאקישן (באָריסאָגליעבסקער) קלויסטער, האָבן זיי אונטערן צעוואקסענעם ווילדן בארנבוים באגעגנט א פרוי מיט א באָכער. א מאמע מיט א זון. די מומע און די פרוי האָבן זיך איינע מיט דער אנדערער דערפרייט. זיי האָבן באקאנט ראָזען מיטן באָכער, און אלע צו־זאמען זײַנען אוועק ווײַטער שפאצירן. די מומע פאָרויס — מיט דער פרוי, ראָזע מיטן באָכער — הינטער זיי.

דער באָכער, נאָך גאָר א יונגער, איז א געזעצטער, א לײַביקער. ער שטעלט זײַן טראָט זיכער, נאָר ניט געײַלט. און ראָזע איז דאפקע פון די גיכע, פון די לײַכטפיסיקע. זי פארלויפט פאָרויס און דארף אָפט פארלאנג־זאמען איר טראָט.

ווער וועט דער ערשטער נעמען ריידן?

ראָזע, די טאָכטער פונעם רײַכן סויכער, צי עזרע, דער זון פון א פאראָרעמטער ייִכעסדיקער מישפּאָכע. ראָזע רעדט רוסיש, זי פרעגט:

— אײַער נאָמען איז עזרע, ווי וועט עס זײַן אין רוסיש?

— עזרע. אזא איז מײַן נאָמען אַף אלע שפראכן.

— עזרע איז דאָך אַף ייִדיש.

— און איך בין דאָך א ייִד.

ניט אזוי דער ענטפער, ווי דער טאָן פונעם ענטפער, די ווירדע, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעקלונגען, האָט ארויסגערופן בא ראָזען נײַגער. זי האָט ניט אויסגעהאלטן און א קוק געטאָן דעם באָכער גלײַך אין די אויגן.

— איר ווונדערט זיך? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס, אז ייִדן זײַנען ייִדן. אָבער גרויסן זיך...

— ניט איך גרויס זיך, ניט איך פאַל בא זיך אַראָפּ... איך בין א ייִד, א מענטש, ווי אַלע מענטשן...

זי האָט אים ווידער אָנגעקוקט, אפילע א שמייכל געטאָן. עזרען האָט עס אָנגערירט, און ער האָט אף דעם געענטפערט:

— איך האָב געהערט, איר האָט ליב דיכטונג. דערלויבט איבערלייענען עטלעכע שורעס.

— ווער איז דער דיכטער?

— יעהודע־לייב גאָרדאָן.

— ניט געהערט, ניט געליינט. אף רוסיש שרײַבט ער?

— ניין, אף העברעיִש.

ראָזע איז געווען איבעראַשט.

אינעם סאָסנע־וואַלד איז שטיל. ערגעץ פאַלט א שישקע. פון צווײַג אף צווײַג לויפט אַרום א וועווערקע. א מידער רויטער פאַרנאַכט קוקט אַרויס פון צווישן דיביימער. פאָרויס גייען די מומע און עזרעס מאַמע. הינטער זיי — עזרע מיט ראָזען.

4

פונעם שפּאַציר איז עזרעס מאַמע געקומען א צופרידענע. זי האָט א האָפענונג: אויב דער, וואָס לעבט אייביק, וועט וועלן, קאָן עפשער צווישן עזרען און לייעס פּלעמעניצע אַרויסקומען א שידעך. און דאָס איז איצט אזוי וויכטיק, אזוי וויכטיק... ראָזע איז א רײַכע קאַלע.

עזרע איז אומצופרידן.

עזרע מאַזאָוער געהערט צו אַן אַלטער גראָדנער ייִכעס־מישפּאָכע. געווען א צײַט, ווען דער ייִכעס איז געגאַנגען צוזאַמען מיט פאַרמעגלעכקײַט. לעצטנס איז אָבער פאַרבליבן בלויז ייִכעס. דאָס הילצערנע הויז, וואָס שטייט אין ענגשאַפט צווישן אַנדערע הײַזער, האָט נאָך געהערט דעם זיידן. זינט עזרע געדענקט זיך — געדענקט ער דאָס הויז, דאָ איז ער געבוירן געוואָרן, דאָ געפויזעט אף אַלע פיר, דאָ געפּראַוועט באַרמיצווע. בא דעם גרויסן טיש, וואָס שטייט אינמיטן צימער אונטערן ליכטיקן לאָמפּ, האָט ער אַלע פייסעך געפּרעגט באַם זיידן די פיר קאַשעס. אין דער שאַפע מיט די גלעזערנע טירלעך איז אין א זילבערנעם בעכער, אונטערגעבעט מיט וואַטע, געלעגן דער עסרעג. אף דער וואַנט זײַנען אף דרײַ פּאָליצעס געלעגן געמאָרעס, כומאָשים, מאַכזיירים, סידורים און אַנדערע ספאָרים אין פאַרשיידענע אײַנבונדן.

שפּעטער, ווען דער זיידע איז געשטאָרבן, האָט עזרע געפּרעגט די קאַשעס באַם טאַטן. באַם טאַטן אָבער זײַנען די געשעפטן אוועק אַלץ ערגער און ערגער. די שאַבעסדיקע און יאָמטעוודיקע שכינע האָט שוין אין שטוב ניט אזוי העל געשײַנט, ווי פריִער. דער טאַטע האָט אָפּט גענומען קרעכצן, אַרומגעגאַנגען א צעטראָגענער. די היימישע האָט ער גאָרניט געזאָגט, ניט געוואָלט פאַרשאַפן קיין אַגמעסנעפעש. פון האַרצווייטעק איז דער טאַטע יונג געשטאָרבן. די שטוב איז אזויפיל ניט ווערט, וויפל כויוועס עס הענגען

אף איר. וואָס וועט ווײַטער זײַן? א גליק נאָך, וואָס די שוועסטער האָט שוין כאַסענע געהאַט.

עזרע איז אומצופרידן.

ער פאַרשטייט דאָך זייער גוט: ראָזע פעדער איז זיכער, אז זייער באַ־געגעניש איז א ריין צופעליקע. זיך באַגעגנט אין וואַלד. אָבער ער, עזרע, כאָטש די מאַמע האָט אים גאַרניט געזאָגט, נאָר פּאַשעט גערופן שפּאַצירן, ווייסט דאָך, אז די באַגעגעניש איז געווען פון פריִער אָפּגערעדט. און נאָך שטויסט ער זיך אָן: הײַנט אָדער מאָרגן וועט די מאַמע, ווי פאַרבײַגייענדיק, אים א פרעג טאָן:

— דוכט מיר, ראָזע איז א גוט און שיין מיידל, ווי מיינסטו, עזרע?

פון דער קינדהײַט אָן איז ער געוווינט צו פאָלגן. דעם זיידן, דעם טאַטן, דער מאַמען. איצט איז ער אליין א דייעזאָגער, דער מאַנצבל אין דער מישפּאָכע. צי וועט ער פאָלגן? און ניט אין פאָלגן גייט עס. נאָכן טאַטנס טויט, ווען עזרע האָט דערפילט די שווערע לאַגע פון דער מיש־פּאָכע, האָט ער ניט ווילנדיק גענומען טראַכטן וועגן לעבן ביכלאַל. ער איז אויסגעוואַקסן אין א שטוב מיט אן אײַנגעפונדעוועטן נאַציאָנאַלן שטייגער, ווו מע האָט זיך שטרענג געהאַלטן בא די ייִדישע מינהאָגים און דינים. אפילע לערנען רוסיש האָט ער אָנגעהויבן פון א לערנבוך, געשריבן אף ייִדיש פון שמועל־יויסעף פין. דערנאָך האָט ער זיך באַקאַנט מיט לידער פון י.־ל. גאָרדאָן אף העברעיִש און מיט לידער פון מיכל גאָרדאָן אף ייִדיש. ער איז געווען דער זעלבער עזרע. און דאָך... ניט דער זעלבער. עפּעס איז גאָרניט אָפּגעקומען, דערפאַר איז עפּעס צוגעקומען. כוץ דער זאָרג וועגן טאַכלעס (וואָס ווײַטער? ווי לעבט מען?), איז דאָ עפּעס העכערס.

נאָך איז דעם זעלבן אָוונט האָט די מאַמע, ווי גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, א זאָג געטאָן:

— מיר שײַנט, אז די ראָזע איז ניט קיין נאַריש מיידל. און, דוכט זיך, א שיין מיידל. ווי מיינסטו, עזרע?

**5**

אין שטוב האָט מען זעלטן געהערט, אז די מאַמע זאָל זיך אף עפּעס באַקלאָגן, האָבן טײַנעס. אַלץ קומט דאָך פון זײַן ליבן נאָמען. און זי ווייסט דאָך גוט: וועמען גאָט האָט ליב, יענעם שטראָפט ער. הײַנט איז זי די געשטראָפטע.

דער זון שטויסט זיך אָן, אז דער מאַמעס ניט באַקלאָגן זיך, איר האָפן און גלויבן, נעמט זיך פון דעם, וואָס זי האָט מוירע אַרײַנצוקוקן אין מאָר־גנדיקן טאָג. זי פאַרטרײַבט דעם מאָרגן מיט איר גלויבן. זי קאָן אין לעבן זיך באַנוגענען מיט ווינציק. זי וויל דען א סאַך? עזרע וויל אָבער ניט פאַר־מאַכן די אויגן, ער זעט דאָך, אז דאָס „ווינציקע", מיט וועלכן די מאַמע קאָן זיך באַנוגענען, ווערט אַלץ ווינציקער, מיטן אויג באַלד ניט צו דערזען. די מאַמע גלייבט: דער שידעך קאָן ראַטעווען...

עזרע קאָן דערין ניט גלייבן.

צוליב וואָס דאַרפֿן עס די פּעדערס אַרײַנעמען צו זיך אין שטוב אַן אָרעמאַן? וואָס איז? די טאָכטער זייערע איז מיט אַ פּגאַם, מיט אַ פֿעלער? פּאַרקערט, אַ שיינע, אַ געזונטע. עמעס, מיט בערל פּעדער אַליין איז געשען אַזוינס, מע האָט אים אַרײַנגענומען אין אַ רײַכער מישפּאָכע. אָבער טאַקע דערפֿאַר, טראַכט עזרע, וועט בערל פּעדער ניט וועלן אַרײַנעמען אַן אָרע־מען איידעם צו זיך. צוליב וואָס? ניטאָ קיין כאַסאַנים אין האָראָדנע? דערצו האָט שוין עזרע פֿאַר זיך באַשטימט: אים שרעקט ניט מער דאָס „געפּער־לעכץ", וואָס שרעקט אַזוי די מאַמע.

וואָס אַזוינס שרעקט די מאַמע?

אין איינעם אַ טאָג, קימאַט מיט אַ יאָר צוריק, איז צו דער מאַמען גע־קומען איר שוועסטער זעלדע, געקומען אַ פֿאַרומערטע, אַ צעטראָגענע, אין אַ שוואַרצן טרויער־טוך אויפֿן קאָפּ, ווי מע גייט אויף אַ לעווײַע. ווי נאָר זעלדע איז אַריבער די שוועל, האָט זי גלײַך גענומען וויינען.

— וואָס איז געשען, זעלדע? ווײ איז מיר... וואָס האָט געטראָפֿן?

— זי איז דאָך אַוועק...

— ווער?

— די טאָכטער מײַנע, פֿייגל, אַוועק אַרבעטן אויף דער טאַבאַק־פֿאַבריק. מײַן טאָכטער — אַ פּאַפּיראָסניצע!

זעלדע האָט געוויינט און אַלץ איבערגעכאַזערט:

— גאָט דערלעבט, האַ? גאָט דערלעבט?

און די מאַמע האָט אויך געוויינט.

פֿאַר ביידע שוועסטער איז געשען דאָס ערגסטע, דאָס געפּערלעכסטע: אויס באַלעבאָסטעס... (זאָל זײַן אָרעמע). אויס ייִכעס... (זאָל זײַן געפּאַ־לענער). פּראָסטע פּאַפּיראָסניצעס, פֿאַבריק־אַרבעטער. ווײ, ווײ... די וועלט גייט אונטער.

— אָבער וואָס זאָגט זי, פֿייגל?

— זי וויל ניט לעבן פֿון קיצווע, זי וויל ניט הונגערן. זי וויל פֿאַרדינען אויף ברויט און בולבע, ניט דאַרפֿן אויסשטרעקן די האַנט...

פֿון יענעם טאָג אָן, ווען די מומע זעלדע איז געקומען אַ פֿאַרוויינטע, האָט די מאַמע מוירע, אַז אויך עזרען קאָן אַזוינס טרעפֿן. איין האָפֿע־נונג: געפֿינען פֿאַר עזרען אַ שיינע און רײַכע קאַלע. ביטאָכן, ביטאָכן...

6

סאָרע איז די לעצטע צײַט געווען אומרויִק. וואָס קומט עס פֿאַר מיט איר מיידעלע? און פֿון טיפֿן האַרצן האָבן זיך בא איר אַרויסגעריסן מיט אַ זיפֿץ די ווערטער פֿון איר מאַמע מאַלקע: גאָט, סטראַשע אונדז, נאָר שטראָף אונדז ניט!

ווען לייע מיט ראָזען האָבן זיך אומגעקערט פֿון שפּאַציר, האָט סאָרע באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז איר געבעט איז דערגאַנגען צום הימל. לייע מיט ראָזען זײַנען געקומען הונגעריקע, נאָר צופֿרידענע. אין שטוב ווייסט מען, אַז דער מאַמען וועט ראָזע גאָרניט דערציילן, דער מומען — אַלץ. ראָזע

אָבער שוויַיגט הײַנט אינגאנצן. זי איז אופגעלייגט, נאָר ווינציקער באוועג־לעך, ווי אלעמאָל. זי איז אריַינגעטאָן אין זיך. ס'איז ניט שווער צו באַ־מערקן, אז זי איז פארנומען מיט פריילעכע געדאנקען.

סאָרע מיט לייען זיצן אין א באזונדער צימער און סוידען זיך. סאָרע פרעגט אלץ אויס, און לייע ענטפערט. און ווען אלע פראגן און ענטפערס זיַינען אויסגעשעפּט, פארשטייען ביידע ניט: צוליב וואָס, אייגנטלעך, איז פּאָרגעקומען די באקאנטשאפט פון ראָזען מיט עזרען? צוליב א שידעך? ניט ראָזע קליַיבט זיך כאסענע האָבן, ניט עזרע איז דער געהעריקער כאָסן. ס'איז נאָר צוליב דעם, אז ראָזע זאָל זיך צעשטרייען, פון איר זאָל אוועק דער אומעט, זי זאָל ניט זיַין איינע־אליין און זאָל ניט איבערלעבן פאר פרעמדע אופשטאנדן. און נאָך: זאָל ער איר דערציילן וועגן יידן און וועגן יידישקיַיט, זאָל זי וויסן. און דאָך... עפשער זיך צוגעיַילט, געטאָן ניט באַ־טראכט?..

ביידע, די מאמע מיט דער מומען, האָבן א טאָעס. ראָזע שוויַיגט ניט. זי רעדט מיט עזרען. ער דעקלאמירט איר לידער, און זי קאָן ביז שפּעט אין דער נאכט ניט איַינשלאָפן. אָט זעט זי אים, עזרען, הערט זיַין זיכערן טראָט. ס'איז איר אָנגענעם זיך צו דערמאָנען אָן אים.

אף מאָרגן איז ראָזע אוועק צו דער מומע לייע. בא לייען אין שטוב איז אלץ אנדערש, ווי בא איר שוועסטער סאָרע. אלץ איז אויסגערעכנט. דאָ הערשט אָרדענונג און פּינקטלעכקיַיט. זאָל גאָט אויסהיטן, אז אף א שטול זאָל ליגן א רעקל אָדער א הוט — דערוף איז פאראן א שאפע, אָדער א בוך זאָל ליגן אפן פענצטער — צוליב דעם איז פאראן אן עטאזשערקע. פון דער דאָזיקער אָרדענונג ווערט אמאָל שווער אפן הארצן. דער מענטש מיט זיַינע פארלאנגען און שטימונגען איז מינדערווערטיקער פון די אָרו־מיקע כפייצים. די אָרדענונג איז העכער פון דעם מענטשן. ראָזע פילט זיך דאָ געבונדן און ענג. אָבער היַינטיקס מאָל ארט עס איר ניט, זי איז געקו־מען צוליב וויכטיקערס. און דערצו האָט די מומע גליַיך בא דער שוועל זי גאָר אנדערש ווי טאָמיד באגעגנט.

— כ'האָב געוווּסט, אז דו וועסט קומען.

— געוווּסט?

— געוווּסט און געפילט.

— פארוואָס, מומע?

— ביסט נעכטן געווען ניט אזא, ווי אלעמאָל. ביסט געווען פארטראכט און צופרידן.

דערביַי נעמט זי ראָזעס ליַיכט מאנטעלע און לייגט עס אוועק אף א שטול. און ביידע באמערקן דאָס ניט.

— מומע, דיר איז עזרע געפעלן?

— מיר?! דיר איז ער געפעלן?

— מומע, ווען איך ווייס, צי ער איז מיר געפעלן, וואָלט איך צו דיר ניט געקומען. זאָג מיר דעם עמעס, ס'איז געווען צופעליק צי אָפּגערעדט.

— אָפּגערעדט. און ווייסט... איך האָב, דוכט זיך, כאראָטע.

— איך ניט.

— אך, אזוי... איז וואָס פרעגסטו?

— איך פרעג ניט. איך וויל דיך בעטן... א צווייט מאָל זיך באַגעגענען.

די מומע לייע האָט זיך פּאַשעט דערשראָקן. זי איז ניט זיכער, צי האָט זי ריכטיק געטאָן מיט דער ערשטער באַגעגעניש. אָבער א צווייט מאָל? ראָזע איז נאָך זייער א יונגביימל, זי וועט א וואַקס טאָן אין דער קרום — וועט זײַן פאַרפאַלן.

לאַנג האָבן די מומע מיט דער פּלעמעניצע געשמועסט. די מומע האָט דערוויזן, אַז מע טאָר זיך ניט אײַלן, מע דאַרף זיך גוט באַטראַכטן, פרעגן בא טאַטע־מאַמע. און ראָזע האָט פון איר זײַט געטײַנעט, אַז די מומע נעמט די זאַך צו ערנסט. זי קוקט צו ווײַט, ווען ס'איז נאָך ניטאָ, וואָס צו זען פון דער נאָענט.

אָבער געענדיקט האָט זיך דערמיט, וואָס אינגיכן איז פאָרגעקומען נאָך א באַגעגעניש צווישן עזרען און ראָזען. ווידער איז עס געווען באַם צע־וואָקסענעם ווילדן בארנבוים, לעם קאַזאַקישן קלויסטער אף די קאַלאַזשעס. ווידער זײַנען פאַרויס געגאַנגען עזרעס מאַמע מיט לייען, און הינטער זיי — ראָזע מיט עזרען.

7

אין די סאַמעטענע שיכלעך אף די לײַכטע פיס גייט ראָזע שנעל ארום איבערן צימער. זי טראַכט וועגן עזרען.

פאַר ראָזען איז נאָך עזרע א רעטעניש. זי האָט דאַפקע ליב פריילעכקײַט, און ער איז שטענדיק ערנסט. דערציילט ניט קיין אַנעקדאָט, זאָגט ניט קיין וויץ, מאַכט ניט קיין קאָמפּלימענט. עמעס, דאָס, וואָס ער דערציילט, דער־ציילט ער גוט, מיט האַרץ. ער ווייסט א סאַך אַזוינס, וואָס זי ווייסט ניט. זי פילט אין אים אַן אינווייניקסטן קויעך.

ראָזע האָט נאָך פריִער פון איר געניטער און קלוגער מומען פאַרשטאַ־נען, אַז עזרע איז אָרעם. ער באַהאַלט עס אויס, נאָר דאָס גיט זיך אים ווײ־ניק אײַן. אין עטלעכע טעג ארום נאָך דער צווייטער באַגעגעניש מיט עז־רען איז ראָזע ווידער געקומען צו לייען.

— מומע, איך וויל, דו זאָלסט אויפזוכן פאַר עזרען א שטעלע.

לייע האָט מיט פאַרוווּנדערונג זי אָנגעקוקט.

— וואָס איז געשען, ראָזע?

— גאָרניט, מומע, גאָרניט.

— ער האָט געבעטן?

— וואָס רעדסטו, מומע, ער וועט וועגן אַזוינס קיינמאָל ניט ריידן.

— אין וואָס עפּעס פּלוצלינג?

— גאָרניט פּלוצלינג. שוין צוויי טעג, ווי איך קלײַב זיך מיט דיר ריידן.

לייע, וואָס גלייבט אלעמאָל ראָזען, וואָס ווייסט, אַז זי זאָגט שטענדיק דעם עמעס, האָט הײַנטיקס מאָל גענומען צווייפלען אין ראָזעס אופריכטי־קײַט.

— פונדעסטוועגן פאַרשטײ איך ניט. ער האָט דיך ניט געבעטן, און דו בעטסט. עפשער וויל ער גאָר ניט, עפשער דאַרף ער גאָר ניט.

— אוי, מומע, ווי קומט עס צו דיר, ביסט דאָך א קלוגע... מיר קומט אויס, אַז ער איז שטענדיק הונגעריק.

— ראָזע, ער געפעלט דיר?

— איך האָב דיר שוין איין מאָל געזאָגט, ווען ער געפעלט מיר, וואָלט איך צו דיר ניט געקומען. צי דען מיינסטו, מומע, אַז קעדיי טאָן א מענטשן א טויווע, דאַרף מען זיך אין אים פאַרליבן. איך האַלט ניט דערבײַ...

— איך וועל זיך באַראַטן, מעיאַשעוו זײַן.

די מומע גלייבט ווידער ראָזען.

— ביסט געערעכט, ביסט א גוטע.

8

שוין א סאַך יאָרן, ווי בערל פעדער איז אָפּגעפרעמדט פון זײַן שוועס־טער שיינע. ווען די מאַמע זייערע ליבע־שעווע האָט געלעבט, איז נאָך צווישן זיי געווען א געוויסע פאַרבינדונג. דערבײַ אויך נאָר אַן אויסערלע־כע: די מאַמע האָט א זון בערל, די מאַמע האָט א טאָכטער שיינע. ליבע־שעווע האָט וועגן דעם א סאַך געטראַכט און איבערגעטראַכט. זי פלעגט זיצן אין שטילן וואַרעמען ווינקל אַן אַלטע, א דאַרע, מיט אײַנגעפאַלענע אויגן, וועלכע זעען אַלץ, וואָס אַמאָל איז געווען, און טראַכטן, טראַכטן... זי זעט דעם מאַן אירן, זעליקן. פון זייער פאַרשטאָטער דירע קוקט זי אַרויס צום פאַרשנייטן באַרג און זעט, ווי זעליק קערט זיך אום פון דער אַרבעט אַהיים, און זי שמייכלט צו אים. און אָט זעט זי, ווי זי מיט בערלען שטייען בא דער טפיסע מיט עסנוואַרג פאַרן טאַטן.

זי הייבט אויף דעם קאָפּ און זאָגט:

— שיינעלע, שוין לאַנג בערלען ניט געזען.

— איך אויך ניט, מאַמע, — ענטפערט שיינע גוטמוטיק, עס זאָל דער מאַמען ניט באומרוען.

נאָר ליבע־שעווע, וועלכע זעט אַלץ, וואָס אַמאָל איז געווען, זעט אויך, וואָס איצט טוט זיך. זי טראַכט: א ברודער און א שוועסטער, אייגן בלוט... און אַזוי פרעמד צווישן זיך. אַפילע צו איר, צו דער מאַמען, קומט ער אויך ניט. וואָס קומט עס אַזוינס פאַר? ברודער און שוועסטער... בערל און שיינע. און דאָס איז די גאַנצע פאַרבינדונג.

זינט ליבע־שעווע איז געשטאָרבן, איז די אויסערלעכע פאַרבינדונג אויך אָפּגעפאַלן. אַפילע באַקאַנטע געדענקען שוין ניט, אַז בערל פעדער האָט א שוועסטער פון געמיינעם גראַד, א ווײַב פון א שנײַדער, און אַז שיינע, שימען דעם שנײַדערס ווײַב, האָט א רײַכן ברודער בערל.

שימען דער שנײַדער אַרבעט, ווי פריער, זינגט נאָך אַמאָל, ווי פריער, באַזונדערס שאַבעס, ווען אַלע קינדער זיצן אַרום טיש. ער ווערט שוין גראָוו, שימען, און שיינע, זײַן ווײַב, וואָס איז נאָך ביז איצט אין אים פאַר־

ליבט, באמערקט אויך, ווי גיך ער ווערט מיד און ווי פרי אים ווילט זיך אין אָוונט שלאָפֿן.

די זין שימענס און שיינעס זײַנען באַלמעלאָכעס בא פאַרשיידענע פאַכן. די מיידלעך אַרבעטן אַף שערעשעווסקיס טאַבאַק־פאַבריק. די זין זײַנען מער געראָטן אין דער מאַמען — גוטע, ווייכהאַרציקע, די מיידלעך זײַנען געראָטן מער אין טאַטן.

דער הויף, ווו שימען וווינט, איז געבליבן קימאַט דער זעלבער, ווי פריִער. ווי מיט יאָרן צוריק, קאָן מען דאָ א מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס. אָבער עפּעס־וואָס האָט זיך געענדערט. שימען דער שנײַדער, רוּוון דער שוסטער, נאַפטאָלע דער קירזשנער האָבן געאַרבעט בא זיך אליין, ניט געהאַט קיין באַלעבאַטים איבער זיך. זייערע קינדער אַרבעטן בא יענעם, בא באַלעבאַטים. און אויב די טאַטעס האָבן געהאַט טײַנעס נאָר צו גאָט, האָבן די קינדער אויך צו זייערע באַלעבאַטים טײַנעס.

ווי אין אַלע אַנדערע הויפן, שטאַרבן דאָ און קומען צו מענטשן. געשטאָרבן פריידע, דעם לערער רובינס מאַמע. געשטאָרבן די אויבס־הענדלערקע שיפרע. און פון די, וואָס פלעגן אין הויף אָפּט אַרײַנקומען, זײַנען שוין אויך אייניקע ניט פאַראַן צווישן די לעבעדיקע: מענאַשע מויכער־ספאָרים, קיווע פריידעס דער מוסערניק. דערפאַר ווערן געבוירן א סאַך קינדער. יעדן פרילינג, ווען די אײַנוווינער קומען אַרויס אין הויף, ווערט אונטער די צוויי בערעזעס פול מיט פרישן קליינוואַרג. יונגע מאַמעס באַווײַזן זיך מיט אייפעלעך אַף די הענט, פּיצעלעך, וואָס פויזען אַף אַלע פיר, עלטערע ייִנגעלעך און מיידעלעך, וואָס לויפן אַרום, שרײַען, לאַכן, וויינען.

דער לערער מענאַכעם רובין האָט ניט כאַסענע געהאַט. ער איז פאַרבליבן א באָכער. פייגעלען זעט ער מער ניט. זי איז א מאַמע פון קינדער, קלענערע און גרעסערע. וועגן דעם לערער דערמאָנט זי זיך אַמאָל, פאַרטראַכט זיך א ווײַלע מיט א שמייכל אַף די ליפּן.

אין הויף גיט מען, ווי פריִער, דעם לערער אָפּ קאָוועד. הינטער די אויגן באַדויערט מען, וואָס אזא גוטן מענטשן גייט ניט גוט אין לעבן. שימען קומט איצט צו אים זעלטן. דערפאַר קומען צו אים שימענס ייִנגלעך און מיידלעך זיך לערנען שרײַבן א בריוו, לײַען א בוך צום לייענען.

9

די לעצטע צײַט האָבן מענאַכעם רובין און עזרע מאַזאָוור זיך נאָענט באַפרײַנדעט. ביידן דערנענטערט זייער שווערע שטימונג: בא עזרען — איבער זײַן אָרעמקײַט, באַם לערער — איבער זײַן ניט אויסגעשפּילטער ליבע. ביידן ציט איינער צום אַנדערן זיך אויסצורײדן, אויסצוטײַנען. ניט געקוקט אַף דעם אונטערשייד אין יאָרן, האָבן זיי א סאַך געמיינזאַמס צווישן זיך. עס פעלן צונויף זייערע מיינונגען וועגן לעבן, וועגן ליטעראַטור. ס׳איז בא זיי קימאַט געוואָרן א מינהעג זיך באַגעגענען בא מענאַכעם רובינען אין שטוב. דער לערער גרייט צו קיבעד: קאַרטאָפל אין פעלצן, א הערינגל און טיי. זיי פּראָווען א סודע און מאַכן זיך גרינגער די הערצער. עס טרעפט

אפילע, אז מענאכעם, וואָס וועגן זײַן אייגן לעבן איז ער א שוויַיגער, דער־לאָזט קיינעם ניט צו נאָענט צו זײַנע געפילן, ווערט אזוי פארכאַפּט פון דער גוטער שטימונג, וואָס באהערשט אים, אז בא אים רײַסן זיך ארויס עטלעכע ווערטער וועגן פייגעלען, וועגן זײַן ליבע און וועגן זײַן איינזאם לעבן. און עזרע ענטפערט אָפּ מיט דער זעלבער הארציקייַט, דערציילט וועגן זײַנע באגעגענישן מיט ראָזען.

נאָר אָט האָט געטראָפן, אז עזרע איז געקומען צום לערער ניט מיט קיין ליידיקע הענט — מיט ווורשט און פוטערגעבעקס.

— וואָס איז געשען, עזרע, פון וואָס ביסטו אזוי רײַך געוואָרן?

— איך ארבעט.

— ווו?

— אין קאָנטאָר פון דער טאבאק־פאבריק.

דער לערער קוקט אים אָן מיט גרויס פארוווּנדערונג. ער ווייסט, ווי שווער ס׳איז אָנצוקומען אף אזא שטעלע. וויפל מענטשן וואָלטן געוועןגליקלעך, ווען אזוינס גיט זיך זיי אײַן.

— ווי:ארום? איך פארשטיי ניט. אָדער דו שפּאסט עפּשער... א שטעלע אין דער קאָנטאָר? עמעֶס?

— עמעס!

— מאזלטאָוו! דערקלער מיר אָבער, ווי:אזוי? ניט אנדערש, א נעס איז געשען...

— א נעס, מענאכעם, א נעס! דער נעס האָט א נאָמען: ראָזע פעדער.

ווי נאָר צום פעטער מאנעס איז דערגאנגען די יעדי:ע, אז עזרע אר־בעט אין דער קאָנטאָר פון דער פאבריק, איז ער דעם נאָענטסטן שאבעס געקומען אין געסט צו דער שוועסטער. די שוועסטער האָט געשײַנט פון נאכעס. דער זון איז געוואָרן א פארדינער, און, אויסער דעם, איצט גלייבט זי, אז דער שידעך מיט ראָזע פעדער קאָן צו שטאנד קומען.

אויך דער פעטער קלערט אזוי.

ביז ניט לאנג צוריק האָט עזרע קיין אויסוועג פון דער אָרעמקייַט ניט געזען, קיין האָפענונג ניט געהאט. איצט נעמט ער קומען צו־זיך, ווערן זיכערער. ס׳איז געשען א גליק. ער קאָן פארדינען, אף זיך און אף דער מאמען. עזרע פארשטייט, אז ער מוז זיך זען מיט ראָזען, אָפּדאנקען איר, ער לייגט עס אָבער אָפּ פון טאָג צו טאָג. ניט ווײַל ער איז שעמעוודיק און ניט דרייסט, נאָר ווײַל צו זייערע פארהעלטענישן איז צוגעקומען אזוינס, וואָס רופט ארויס ניט קיין אָנגענעם געפיל. ביז איצט זײַנען זייביידע (ער און ראָזע) געוועזן גלײַכע. איינער דעם אנדערן איז גאָרניט שולדיק געווען. אָבער איצט, נאָך דעם, ווי זי האָט געזוכט דורך דער מומען פּראָטעקציע פאר אים, איז די גלײַכקײַט אוועק, זי האָט אים געטאָן א טויווע. זי איז די גוטהארציקע. דערבײַ... ניט געפרעגט, ניט געוואַרט, אלץ אליין פארשטאַ־נען, אלץ אליין געטאָן. ער איז א באלכויווע, א גרויסער באלכויווע.

און ווען עזרע זיצט באם לערער מענאכעם אין שטוב, ווען ביידע פּראַ־ווען זייער סודע מיט ווורשט און פוטערגעבעקס, טרעט פון אים ניט אָפּ דער געדאנק וועגן דער מעגלעכער באגעגעניש. און שפּעטער, ווען זיי צי:ען זיך ארײַן אין דער גוטער שטימונג, דערציילט עזרע וועגן דעם מענאכע־

מען. ער דערציילט, וואָס די מאמע זאָגט, וואָס דער פעטער קלערט, וואָס ער אליין מיינט.

מענאכעם ענטפערט ניט באלד. ער טראכט. דערנאָך זאָגט ער גלאסן, ווײַל ער טוט צוויי ארבעטן — טראכט און רעדט.

— דײַן מאמע און דײַן פעטער דארפן גלייבן און האָפן, וואָס נאָך בלײַבט זיי? אָבער דו? פאר דײַן מאמען, פארשטייט זיך, איז דער בעסטער סימען, אז ראָזע וויל דעם שידעך, דאָס, וואָס זי האָט אויסגעפויעלט פאר דיר א שטעלע. ווי מיינסטו, עזרע, זי דארף א מאן דאפקע א שרײַבערל אין א קאָנטאָר? דער גווירישער טאָכטער וועט עס אָנשטיין? און אירע עלטערן? ווען זי וואָלט געטראכט, ווי דײַן מאמע, וואָלט מען דיך ארײַנגענומען פאר א שוטעף אין איר טאטנס געשעפטן. און עפשער... ווער ווייסט... אויב דו געפעלסט איר... פארוואָס ניט?

— פוסטע ריידן!

— זאָג עס ניט. אײַל זיך ניט. מאלע־וואָס עס פארלויפט אין לעבן.

— מאמעש ניסים.

— אָן ניסים, ברודער, זײַנען קיין ניסים ניט פאראן.

— ביסט געוואָרן א גרויסער באל־ביטאָכן, מענאכעם.

— אז מע עסט וורשט און פוטערגעבעקס... אָבער ביכלאל, עזרע, ביסטו גערעכט. אף וואָס דארפן די גווירים אָרעמעלײַט? אָט נעם א בײַשפּיל, זייער א פּאָשעטן בײַשפּיל: בא אונדז אין הויף ווינען ראָזעס שוועסטערקינדער...

— ראָזעס? וואָס איז מיט דיר, מענאכעם? קיין ווײַן האָבן מיר דאָך ניט געטרונקען.

— דו וווּנדערסט זיך. דו ווייסט דען ניט? שיינע, שימען דעם שנײַדערס ווײַב, איז מיט בערל פעדער לײַבלעכע שוועסטער און ברודער.

— שוועסטער און ברודער!

— און שיינעס קינדער זײַנען באלמעלאָכעס. די מיידלעך ארבעטן אף דער טאבאק־פאבריק.

— ראָזע ווייסט וועגן דעם?

— איך מיין, אז ניט. זי ווייסט מיסטאמע גאָר ניט, אז זי האָט א מומע שיינע און א פעטער שימען. ווער דארף עס אָרעמעלײַט? דער איינציקער, וואָס דארף זיי, איז דער אייבערשטער. דערפאר טאקע בענטשט ער זיי: פרו אורוו!

די באגעגעניש איז פאָרגעקומען.

ביידע זײַנען געקומען צום ווילדן בארנבוים. זיי האָבן זיך געפילט מער אָפּגעפרעמדט, ווי בייס דער ערשטער באגעגעניש. ראָזע האָט מוירע פאר איין זאך — ער זאָל ניט אָנהייבן דאנקען און אָפּדאנקען. און עזרע קאָן עס גאָר ניט, דעם „באלכויוו״ איז עס דערווידער. אין אזא פאל טרעפט אָפּט, אז עס ראטעוועט ארויס דאָס ערשטע וואָרט, וואָס קומט גאָר אומדערוואָרט.

— מײַן מאמע האָט מוירע, פון מיר זאָל ניט נעמען שמעקן מיט טאבאק אָדער גאָר מיט מאכאָרקע.

— דעם רייעך פון טאבאק האָב איך דאפקע ליב, פון מאכאָרקע, זעט איר, ניט...

און דער געשפּרעך האָט זיך גענומען בינדן, קלעפּן, עזרע האָט גענומען דערציילן וועגן דעם הויף, ווו מע קאָן א מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס. ראָזע האָט זיך אָנגעכאַפּט — זאָל ער נאָך דערציילן, זי וויל זען אזא הויף. עזרע לאָזט זיך ניט בעטן און דערציילט. ראָזע הערט אים זייער אופמערקזאם. זי קוקט די גאנצע צײַט אין זײַן זײַט, און די ליפּן בא איר באַוועגן זיך, ווי זי זאָל איבערכאַזערן זײַנע רייד.

עזרע זעט, אז וועגן דעם דאָזיקן הויף הערט זי דאָס ערשטע מאָל. ער רופט אָן עטלעכע דאָרטיקע אײַנוווינער: דעם לערער מענאַכעם רובין, דעם שנײַדער שימען און זײַן פרוי שיינע, דעם שוסטער רוווּן, דעם קירזשנער נאַפּטאָלע... ראָזע נעמט אוף אלע נעמען אלציינס, אויך די נעמען „שימען" און „שיינע".

ער דערציילט וועגן די צוויי בערעזעס אינעם הויף, וועגן באַלמעלאָכעס און פּאַפּיראָסניצעס. זײַן דערציילן איז אזוי קאָנקרעט, בילדעריש, אז עס רופט בא איר ארויס א כיישעק אלץ זען מיט די אייגענע אויגן. נאָך מער: הײַנט ערשט באַנעמט זי די ווערטער פון דער מומע לייע: „דו ווייסט ניט, וואָס אף אײַער גאס טוט זיך". און נאָך האָט די מומע געזאָגט: „ביסט ווײַט פון ייִדיש לעבן".

— עזרע, איך וויל זען דעם הויף. איר וועט גיין מיט מיר?

— קיין פראגע ניט. אוואדע!

ס'איז געווען א סאָף־זומערדיקער שאַבעסדיקער טאָג, ווען עזרע מיט ראָזען זײַנען ארײַן אין הויף. מאַנצבלען האָבן זיך געקליבן אין שול ארײַן צו מינכע־און־מײַרעוו. דער אוועקגייענדיקער שאַבעס האָט וואַכעדיק ארויס־געקוקט פון זייערע פאַרזאָרגטע פּענעמער. פרויען זײַנען קופּקעסווײַז גע־שטאַנען אין די ווינקלען און שוין געפירט זייערע געשפּרעכן וועגן זונטיק און מאָנטיק. און נאָר קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער האָבן מיט טומל און געלעכטער פאַרגעזעצט זייערע שאַבעסדיקע שפּילן.

ווי נאָר ראָזע מיט עזרען האָבן זיך באַוויזן, איז אין הויף געוואָרן שטי־לער, אלע האָבן מיט גרויס נײַגער גענומען באַטראַכטן די ארײַנגעקומענע. געקוקט האָט מען ניט אזוי אף עזרען, ווי אף ראָזען. כאָטש קיינער האָט ניט געוווּסט, ווער זי איז, האָט מען גלײַך דערקענט, אז צום הויף האָט זי קיין שײַכעס ניט. א פרעמדע. ווער איז זי? און צו וועמען איז זי געקומען?

מע האָט אויך פאַרשטאַנען, אז אויב ריידן צו איר, עפּעס פרעגן — דאַרף מען נאָר אף רוסיש. רוסיש־ריידער זײַנען דאָ געווען ווייניק.

— מאַשע, מאַשע! — האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

עס האָט זיך פּונקט אזוי געמאַכט, אז ווען ראָזע מיט עזרען זײַנען ארײַן אין הויף, האָט מאַשע פּעשע דער אלמאָנעס זיך געקליבן פון הויף ארויס־גיין. מאַשע איז דאָ אָן אייגענע, דאָ געבאָרן, דאָ געוואַקסן. און דאָך... שוין אָן אָפּגעפרעמדטע. זי קומט נאָר אלע שאַבעס אין געסט צו איר מאַמען און קלענערע שוועסטער.

די מאַמע מאַשעס, פּעשע די אלמאָנע, און די קלענערע שוועסטער מאַכן פּאַפּיראָסן־שײַדלעך פאַר דער טאַבאַק־פאַבריק. מאַשע אליין האָדעוועט זיך

בא א מומען, דער מאמעס א פארמעגלעכער שוועסטער. קומען צו דער אָרעמער מאמען און די קליינע שוועסטער, ווו עס שמעקט מיט פאפ און אָרעמקייט, איז פאר מאשען אן אָפקומעניש. בא דער פארמעגלעכער מומען איז געראם און ליכטיק. די מומע לייגט אריַין אין מאשען איר גאנצע ליבע. טוט זי שיין אָן, גיט איר בילדונג. און דער זיבעצניאָריקער מאשען מיט אירע צוויי שיינע צעפלעך און שוין פרוויִיש אויסגעפורעמטן קערפערל איז גוט און פריילעך צו שפאצירן מיט אירע כאווערטעס, וועלכע וויסן ניט, אז די מומע איז ניט קיין מאמע און אז די עמעסע מאמע קלעפט פאפיראָסן־שיידלעך. די טאָכטער באמיט זיך אריַין צו דער מאמען, אז קיינער זאָל ניט זען. און אויך צוריק באוויַיזט זי זיך אין הויף, ווען דער טאָג נעמט אויסגיין. אָבער היַינט, ווען זי האָט געוואָלט אומבאמערקט אדורך דעם הויף, האָט מען זי אָפגעשטעלט:

— מאשע, מאשע, רעד מיט איר. ווער איז זי און צו וועמען דארף זי?

צוערשט האָט עס מאשען שיר ניט פארדראָסן, אָבער ווען זי האָט דער־זען, אז זי קאָן ארויסוויַיזן איר שיין רוסיש ריידן, איז זי געוואָרן צופרידן. און נאָך: באקאנט מיט ראָזען איז זי ניט, אָבער זי ווייסט, אז דאָס איז די גווירישע טאָכטער ראָזע פעדער. מיט א פריַינטלעך שמייכעלע הייבט זי אָן איר געשפרעך מיט ראָזען. ראָזע איז אויך פריַינטלעך, זי וויל זיך באקאנען מיטן הויף און זיַינע איַינוווינער. זי האָט א סאך גוטס געהערט וועגן די היגע מענטשן, אפילע וועגן די צוויי בערעזעס פון הויף. בא מאשען רופט עס ארויס פארוווּנדערונג. וואָס איז דאָ פאראן אין הויף צו זען?

— דעם הויף ווייס איך, און די מענטשן קען איך. אינטערעסאנט, זאָגט איר... שוסטערס, שניַידערס, מוליערס, שיידלמאכערקעס... אָרעמקייט און נויט. קיין שום זאך, וואָס זאָל ארויסרופן אינטערעס, איז דאָ ניטאָ.

— שוסטערס, שניַידערס, שיידלמאכערקעס קאָנען קיין אינטערעס ניט ארויסרופן? פארוואָס?

די מאנצבלען, וואָס האָבן געיַילט אין שול אריַין, פארהאלטן זיך. די פרויען רינגלען ארוםביידע מיידלעך און הערן זיך איַין צו זייערע רייד. אליין זיַינען זיי, די פרויען, ניט קיין רוסיש־ריידערנס, אָבער זיי פאר־שטייען אלץ. און זיי וווּנדערט ניט אזוי, וואָס א ריַיכע פריַילן איז געקומען זיך באקאנען מיט זייער לעבן (אדעראבע, עס וועט זיַין פאר וועמען אויס־צוריידן דאָס הארץ), ווי דאָס, וואָס מאשע, זייער אייגענע מאשע, פעשעס דער שיידלמאכערקעס טאָכטער, מאכט אלץ אָפ מיט דער האנט: שוסטערס, שניַידערס... איז וואָס? קיין מענטשן ניט?

10

עזרע און ראָזע לאָזן זיך גיין צום לערער מענאכעם רובין. מאשע שטייט ניט אָפ און גייט מיט זיי צוזאמען. אזא באקאנטשאפט איז איר שווער אָפ־צולאָזן. באם לערער אין שטוב טרעפן זיי שימען דעם שניַידערס צוויי מיידלעך, מיט וועלכע מענאכעם האָט נאָרוואָס פארענדיקט לערנען. עס ווערט טונקל, און דער לערער צינדט אָן פיַיער. דער לערער ווייסט, אז

מיט עזרען איז געקומען ראָזע פּעדער. ער ווייסט אויך, אַז שימענס מיידלעך זײַנען ראָזעס שוועסטערקינדער. אָבער סײַ ראָזע, סײַ די מיידלעך ווייסן עס ניט.ביידע טעכטערלעך שימענס זײַנען אָנגעטאָן אין אלציינע לאַנגע ציצענע קליידלעך און אלציינע ביליקע שיך. ביידע זײַנען שוואַרצינקע, ביידע גרוי־אויגיקע און... פאַרשיידענע. איינע, וואָס איז מיט אַ יאָר עלטער און מע רופט זי גיטעלע, קוקט אַלעמען אין די אויגן אַרײַן, איז, צו זען, ניט פון די שעמעוודיקע, איז דרייסט אַף געבן אַן ענטפער, אַ שאַד נאָר, וואָס איר פּעלן אָפּט אויס ווערטער. אָבער דאָס ניט גרויסע נעזל קוקט אַרויסרופעריש: טשעפּעט אונדז ניט... די צווייטע, וואָס איז מיט אַ יאָר ייִנגער און מע רופט זי פּערעלע, איז אַ שטילע און אַ שעמעוודיקע, זי פאַרמאָגט דאַפקע אַ שאַרף צינגל מיט אַ סאַך רייד, נאָר דערלויבט זיך ניט דאָס מויל עפענען. דערפאַר אָבער איז זי רירעוודיקער פון דער שוועסטער און האָט ליב אַ סאַך צו לאַכן. זי שטעלט זיך הינטער גיטעלען, פאַרמאַכט מיט אַ האַנט דאָס מויל, עס זאָל זיך לאַכן שטילער. ביידע מיידלעך דערפילן זיך ווי איבעריקע און געזעגענען זיך, זיי גייען אַהיים. ראָזע בעט זיי פאַר־בלײַבן.

כאָטש דער לערער האָט געוווּסט, אַז בער פּעדערס טאָכטער וועט אין איינעם אַ טאָג קומען אין הויף אַרײַן און וועט, קאָן זײַן, אויך צו אים אַרײַנגיין, האָט ער ניט גלײַך געפונען, וואָס צו ענטפערן אַף איר פאַרלאַנג צו באַקאַנען זיך מיטן הויף.

— מאַשע, דו ביסט דאָך אַן אונדזעריקע, אַ געבאָרענע דאָ, ווי מייג־סטו, פון וואָס דאַרף מען אָנהייבן? — האָט געפרעגט מענאַכעם.

— פון סאָף.

— אַן אײַנפאַל. פאַרוואָס?

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו זען? וואָכעדיקע אָרעמקײַט, כאָטש הײַנט איז שאַבעס. איך האָב וועגן דעם געזאָגט.

ניין, דער לערער מיינט ניט אַזוי. מענאַכעם רובין דערציילט וועגן הויף, אַלע הערן אויפמערקזאַם, אָבער מער פאַר אַלעמען — ראָזע און ביידע שוועס־טערלעך. גיטעלע און פּערעלע הערן הײַנט דאָס ערשטע מאָל, אַז אַרבעט איז אַ העלדנטאַט, אַז דאָס, וואָס זיי שטייען אויף פאַרטאָג, ווען עס ווילט זיך שטאַרק שלאָפן, און לויפן צו דער אַרבעט, איז גאָר לויטן לערער נאָך די בעקאָוועדיקסטע זאַך אַף דער וועלט. אַף אַרבעט האַלט זיך די וועלט. איין כיסאָרן נאָר, וואָס די וועלט, וועלכע האַלט זיך אַף אַרבעט, צאָלט גראָשנס פאַר שווערער מי.

גיטעלען ווילט זיך עפּעס אַרײַנזאָגן, איר פּעלן אָבער אויס ווערטער. פּערעלע, וואָס האָט ווערטער, שעמט זיך עפּעס זאָגן. זי באַהאַלט זיך אויס הינטער דער שוועסטער, פאַרמאַכט דאָס מויל מיט דער האַנט און לאַכט שטיל, און לאַכנדיק, זאָגט זי דאָך:

— אַ גוויר זײַן איז בעסער!

זי פאַרשעמט זיך שטאַרק און שטעלט זיך הינטער דער שוועסטער אַזוי, אַז מע זעט אינגאַנצן זי ניט אַרויס.

— פּערעלע, — פרעגט דער לערער, — ביסט באַקאַנט מיט אַ סאַך גווירים?

— ניין. איך האָב איין רײַכן פעטער.

מאשע שמייכלט.

— פון ווען אָן איז בא דיר אויסגעוואקסן א רײַכער פעטער?

אף דעם ענטפערט שוין גיטעלע:

— עמעס, מאשע, די מאמע האָט אונדז דערציילט.

— פונוואנען נעמט עס די מאמע? — פרעגט אלץ מאשע.

— זי ווייסט. איר ברודער איז א גוויר.

— איר זײַט אמאָל בא אים געווען? — שטייט מאשע ניט אָפּ.

— ניין, ניט געווען. מיר ווייסן אָבער. דער פעטער הייסט בער פעדער. די מומע רופט מען סאָרע. זיי האָבן דרײַ זין און איין טאָכטער. די מאמע זאָגט: זייער א שיינע.

## 11

דער שאבעסדיקער פארנאכט נעמט זיך שטיל ארײַנגאנווענען אין די הײַזער, פילט זיי אָן מיט שאָטנס און זאָרג און שטויסט ארויס די לעצטע טראָפּנס יאָמטעוודיקײַט. בא בערל פעדער אין שטוב איז נאָך שאבעסדיק שטיל. סאָרע זיצט אין א ווינקל און טראכט וועגן אירע זין און וועגן איר טאָכטער. אין א צווייטן צימער גייט בער פעדער ארום פון ווינקל צו ווינקל און איז פארנומען מיט געדאנקען, וועלכע וואָלטן, דוכט זיך, בא א גוויר געמעגט זײַן פריילעכע, און זײַנען דאפקע ניט פריילעך.

בערל פעדער איז אלט א יאָר פופציק. מעגלעך, מיט א יאָר ווינציקער. ער זעט נאָך אלץ אויס גענוג יונג. דארלעך און באָכעריש פלינק. זײַן גע־שאָרן בערדל איז אָן גראָװע האָר. ער איז אײַנגעשפּאנט אין זײַנע גע־שעפטן און שלעפּט פלײַסיק דעם וואָגן, עמעס, א רײַכן וואָגן, מיט פּאר־נאָסע, קאָוועד, נאכעס פון קינדער. מענטשן זײַנען אים מעקאנע. אליין אָבער בער פעדער איז פון זיך ניט אלעמאָל צופרידן. באזונדערס, ווען עס פאלט אויס א פרײַע שאָ און ער קאָן זײַן מיט זיך אליין. מיט אים טרעפט אפילע, אז שטילינקערהייט, קיינער זאָל ניט באמערקן, כאפּט ער זיך ארײַן אין דער פערשטאָטער הילצערנער שול א קוק צו טאָן אף דעם זיידנס שני־צערײַען פון דער מײַרעוו־וואנט. צי איז עפּעס פארבליבן? גאָר ווינציק: א געשפּאָלטן קליאָן־בלעטל און א שטענגל פון א ראָמאשקע. ער גייט אוועק פון דאָרט מיט א שווער הארץ און דערציילט קיינעם ניט, אפילע סאָרען אויך ניט, אז ער איז געווען דאָרט, ער שעמט זיך. ער איז דאָך שוין ניט קיין יינגל, בער פעדער, דער סאָלידער סויכער, פון וועלכן מענטשן נעמען זיך אראָפּ א בײַשפּיל. ניין, קיין יינגל איז ער געוויס ניט, נאָר יינגלשקײַט לעבט נאָך אין אים. און פון צײַט צו צײַט לאָזט זיך עס פילן. דעמלט ווערט ער ווידער העשל דעם סטאָליערס אייניקל און עס נעמט אים נאָכגיין די טעווע צו באטראכטן א מענטשן, ווי א מאָדעל פאר שניצערײַ.

ער זעט נאָך טאקע אויס יונג און באוועגלעך, אָבער סימאָנים פון יאָרן באווײַזן זיך: די קינדהײַט קומט אָפּט אוף איין זיקאָרן. און ס'איז צו באַ־וואונדערן: עס קומען אפּן געדאנק דער זיידע און די באָבע, דער טאטע מיט דער מאמען, שכיינים, באקאנטע, נאָר די שוועסטער שיינע מיט איר מאן

שימען בלײַבן ערגעץ פון יענער־זײַט. זיי קומען ניט. און עפשער רופט ער זיי ניט.

נאָר אָט הײַנט, אין סאָף־זומערדיקן שאבעס־פארנאכט, האָט ער זיך אומ־געריכט פארקלערט וועגן דער שוועסטער שיינע און איר מאן שימען. צוזאַ־מען מיט די שאָטנס אף די ווענט זײַנען זיי ווי ארײַן אין צימער. בערל האָט זיך פארוואונדערט: פארוואָס גראָד הײַנט? עפשער ווײַל עס גייט צו יאָמים־נויראָים, ווען מע דארף אָפּגעבן א כעזשבן פאר גאָט, צי עפשער ווײַל מיט דער שוועסטער איז, כאסוועכאָלילע, געשען עפעס שלעכטס? ער וויל זיך בארויִקן, אוועק פון אָט די געדאנקען. און ער, בער פעדער, גייט אין שול ארײַן דאווענען מײַרעוו. ווען ער קומט צוריק אהיים, דערזעט ער, אז אין שטוב איז נאָך אלץ קיין פײַער ניט אָנגעצונדן און סאָרע מיט ראָזען זיצן איינע קעגן דער אנדערער באם פענצטער, האלטן זיך פאר די הענט און וויינען.

— וואָס איז געשען? — שרײַט ער אויס פארציטערט.

— גאָרניט, גאָרניט... — ענטפערט סאָרע. — אלץ איז צום גוטן...

בא בער פעדער אין די געראָמע צימערן, ווו אלעמאָל איז שטיל און ליכטיק, איז די לעצטע טעג געוואָרן מער שטיל און וויינִיקער ליכט. די פענצטער זײַנען אף א האלב פארהאנגען, טאטע־מאמע גייען ארום אף די שפּיץ פינגער. זייער טאָכטער, די באסיעכידקע ראָזע, איז קראנק. עס שמעקט מיט רעפּועס, מיט טראָפּנס. ראָזע ליגט מיטן פּאָנעם צו דער וואנט און שווײַגט. אלע טאָג קומט א דאָקטער. עס העלפט ניט. ראָזע שווײַגט. מיט זיך אליין אָבער רעדט זי, זי איז פול מיט טײַנעס. זי קאָן ניט באנע־מען: ווי קומט עס צו איר גוטן און איידעלן פּאָטער, ווי קומט עס צו איר גוטער און איידעלער מוטער — ניט וועלן וויסן פון א שוועסטער, פון איר מאן און אירע קינדער? און מע וווינט דאָך אין איין שטאָט, מיט עטלעכע גאסן ווײַטער. פאר ראָזעס אויגן שטייען בײדע מיידלעך אין די לאנגע ציי־צענע קליידלעך און ביליקע שיכלעך. פארוואָס האָט זי ניט געוווּסט, אז זי האָט אזוינע נאָענטע קרויווים? פארוואָס האָט מען פארשוויגן? די קלוגע מומע האָט זי דאָך באשולדיקט, אז זי איז ווײַט פון יידן. דאָ האָט מען זיך דערווײַטערט פון א שוועסטער...

ראָזע שווײַגט פון פארדראָס. זי וויל קיינעם ניט זען, קיינעם ניט הערן. באם טאטנס שוועסטער אין שטוב, בא שיינען, האָט מען יאָ געוווּסט, אז ס׳איז פאראן א ברודער מיטן נאָמען בער פעדער. געוווּסט דעם נאָמען פון דער מומען, פון די קינדער... דאָ אין שטוב האָט מען אלץ אויסבאהאלטן.

סאָרע האָט געשיקט רופן איר שוועסטער לייע. לייע איז טייקעף גע־קומען. געשטעלט א שטול לעבן ראָזעס בעט, זיך געזעצט אפן שטול און אויך געשוויגן. הינטער דער טיר זײַנען געשטאנען טאטע־מאמע און גע־ווארט, עפשער וועט ראָזע נעמען ריידן. אין צימער איז אָבער אלץ געווען שטיל, ביז לייע האָט ניט אויסגעהאלטן און געזאָגט:

— ראָזע, מיידעלע מײַנס, ניט אלעמאָל איז שווײַגן גאָלד. הײַנט איז דײַן שווײַגן סאמהאמאָוועס.

ראָזע ליגט, ווי פריִער, מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט.

— ווען דו זאָלסט וויסן, ראָזע, ווי פון דײַן שווײַגן ווילט זיך מיר וויינען...

ראָזע ענטפערט ניט.

— הײַנט איז דײַן רעפוע, קינד מײַנס, ניט שווײַגן, נאָר זיך אויסריידן, אפילע זיך אויסוויינען.

לייע נעמט שוין צווייפלען, צי ראָזע הערט אירע רייד. זי לייגט ארוף א האַנט אף דער קאָלדרע, אונטער וועלכער ראָזע ליגט, און זאָגט:

— שווער צו פארשטיין. פריִער האָסטו ניט געוווסט, וואָס אף איַער גאס טוט זיך, איצט ווייסטו ניט, וואָס בא דיר אין שטוב טוט זיך, — זי שטעלט זיך אוף. — ווילסט מיט מיר ניט ריידן, גיי איך אהיים, — זי מאכט עטלעכע טריט צו דער טיר.

דעמלט דערהערט זיך ראָזעס געוויין. לייע און טאטע־מאמע באַרויִקן זי קוים. ווען דאָס געוויין האָט אופגעהערט, האָט ראָזע דורך טרערן געזאָגט:

— ניין, מומע, איך ווייס אַלץ.

— אַלץ? איך צווייפל... אַלץ! אפילע א מאלעך ווייסט ניט אַלץ. איך וואָלט ניט מוירע געהאט פאר גאָט, וואָלט איך אויך געזאָגט... — זי האָט גאָרניט געזאָגט. זי האָט נאָר איבערגעכאזערט: — אַלץ?

און ראָזע ענטפערט פארביטערט:

— אַלץ!

— לעמאָשל?

די מומע לייע פארשטייט, אז וויבאלד ראָזע האָט שוין אָנגעהויבן ריידן, זאָל אפילע דערווײַל זײַן נאָר איינצלנע ווערטער, וועט זי שוין מער ניט ליגן מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און שווײַגן.

די קלוגע מומע לייע האָט א טאָעס געהאַט.

12

ראָזען איז שווער, אָבער שווער איז אויך איר טאַטן בער פעדער. ניט נאָר דערפאר, וואָס א טאַטן טוט ווי, ווען א קינד איז קראַנק, נאָר דעריקער דערפאר, וואָס די טאָכטער פארגיט גערעכטע פראַגן, און ער, דער טאַטע, קאָן אף זיי ניט ענטפערן. אירע פראַגן רודערן אים אוף, קערן אים אום צו פארגאַנגענע יאָרן. פארגאַנגענע... גוטע אָדער שלעכטע? צי איז ער געווען בלינד אָדער פּאָשעט געווען א פּאַכדן? ער האָט געפּאָלגט, וואָס מאלקע האָט אים געהייסן. מאלקע? צי דאַרף ער אַלץ ארופוואַרפן אף איר? און ווו איז ער אַליין געווען? אים איז שווער אופצופּלאָנטערן די פארגאַנגענהײַט. די ראָד ארום אים האָט זיך געדרייט און האָט אים פארדרייט. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן, ער זאָל אפילע געווען ווען. און איצט? צי איז איצט געקומען די צײַט פון אָפּשטעלן זיך? עפּשער גענוג! ער וועט נאָר כאַסענע מאכן ראָזען, ער וועט פרײַ ווערן פון זאָרג...

און ווער ווייסט... צי איז עס טאַקע א סימען פון עלטער, אז מע נעמט זיך אַליין שאַרף שטראָפן, צי מע נעמט זיך גאָר שטראָפן, ווײַל די אָרנט־

לעכקייט כאפּט אָן באם האַרצן און לאָזט ניט אָפּ. אַזוי צי אַזוי... נאָר דער גוויר בער פעדער גיט אַ פראַסטן אָרעמען זיפץ, פול מיט פאַרדראָס: ביסט געווען אַ גאַזלען בענעגיייע דײַן אַלטער מאַמען, איצט ביסטו אַ גאַזלען צו דײַן אייגענער שוועסטער און אירע קינדער.

— טאַטע־פּאַטער, שטראָף מיך, איך בין אַ גאַזלען! — שרײַט בער פע־דער אויס פון פולן האַרצן. ער איז גרייט זיך שלאָגן אַלכעט. ער פאַלט אַראָפּ אין זײַנע אייגענע אויגן. ניט גוט, ניט גוט...

— בערל, בערענקע, בערטשיקל... — בעט זיך סאָרעלע, — מע דאַרף ניט. וואָס דאָס וואַסער טראָגט אַוועק, קערט זיך צוריק ניט אום. ניט וועגן נעכטן דאַרף מען טראַכטן... — זי נעמט אים אַרום, קושט אים, טרייסט אים. — אַלץ איז צום בעסערן, אַלץ איז צום גוטן. וועגן מאָרגן דאַרף מען טראַכטן. ראָזע וועט דעמלט גיך געזונט ווערן.

בער פעדער גייט אַרײַן צו ראָזען.

— טאָכטער מײַנע, הער אויס דעם טאַטן...

זי ליגט נאָך אַלץ מיט פאַרמאַכטע אויגן. דער טאַטע הייבט אָן פונדער־ווײַטן. ער דערציילט וועגן דעם הויכן באַרג אין פערשטאָט, ווו די הילצער־נע שול שטייט און ווו אין שכיינעס מיט איר האָט געלעבט ראָזעס עלטער־זיידע העשל דער סטאָליער, וואָס איז געווען אַ קינסטלער אַ האָלץ־שניצער, און די עלטער־באָבע — הינדע. פּאָשעטע מענטשן, אָרנטלעכע. אַ געוויינ־לעכע באַלמעלאָכישע שטוב, גאָר־גאָר ווײַט פון רײַכקייט, דערפאַר שטענ־דיק היימיש און געמיטלעך. און געווען באַ זיי, באַ העשלען און הינדען, אַ טאָכטער — ליבע־שעווע.

— מײַן מאַמע און דײַן באָבע.

ראָזע ליגט מיט אָפענע אויגן. זיי ווערן לעבעדיקער, מילדער, עס דוכט, זיי הערן.

און דער טאַטע דערציילט ווײַטער וועגן זײַן מאַמען ליבע־שעווע און זײַן טאַטן זעליק. די טאָכטער הערט עס, ווי אַ שיינע גוטע מײַסע. זי דער־וויסט זיך וועגן דעניס דאַווידאָוון, פאַרטיזאַנער, בילבולים, טפיסע. זי דער־וויסט זיך וועגן דער פרײַנטשאַפט פון אירע ביידע זיידעס: פינכעס און זעליק. ראָזע קוקט אויפן טאַטן און לעבט אַלץ איבער צוזאַמען מיט אים. זי ווערט באַרײַכערט מיט ייִכעס ניט נאָר פון דער מישפּאָכע באַס, נאָר אויך פון דער מישפּאָכע פעדער. און ווען דער טאַטע דערציילט מיט בענקשאַפט, ווי דער זיידע האָט אים געלערנט שניצערײַ, קאָן שוין די טאָכטער ניט אײַנליגן, זי זעצט זיך אויף, זי שווײַגט שוין ניט, זי פרעגט. זי וויל וויסן, וואָס האָט זיך פון דעם לערנען באַקומען.

— דעם „רײַטער" האָסטו דאָך געזען.

— דעם „רײַטער"? פּאַטער, ס'איז טאַקע אויף אָן עמעס דײַן אַרבעט, צי דו האָסט געשפּאַסט?

— אָן שפּאַס.

— באָזשע מאָי![1] מיר ווייסן אַפילע דאָס אויך ניט. מיר האָבן געמיינט...

---

[1] גאָט מײַנער! (רוס.).

טאטע, ס׳איז דאָך עמעסע קונסט. פאַרשטײ איך ניט, װי׳אַזוי איז געשען...

„װי׳אַזוי איז געשען?" דערציילן איר איצט, װי דאָס לעבן גייט מיט זײַנע װעגן. אַזוי און ניט אַנדערש. דערציילן, װי שװער איז צו זײַן קלוג, װען מע דאַרף עס זײַן, און װי גרינג איז צו װערן אַ כאָכעם נאָך אַלעמען...

די דאָזיקע װערטער פאַרשטייט שוין ראָזע װינציקער. דאָ פעלט די פּאַשעטקײַט פון אַ מײַסע. כאַיונע, װײַב, קינד, לעבן... דאָס איז איר שװער צו באַנעמען, ס׳איז צו רעאַל און צו ערדיש. און די פראַגע בלײַבט: װי׳אַזוי איז דער טאַטע געװאָרן אויס קינסטלער?

און ס׳בלײַבט אויך די צװייטע פראַגע: װי פאַרגעסט מען אַ שװעסטער?

אָן ענטפער גיט די מומע לייע.

די זעלבע פראַגן, װאָס ראָזע האָט פריִער פאַרגעבן בייז און האַרב, קלינגען איצט מילדער און מיט מיטגעפיל, דער מומע לייע איז ניט שוין ניט שװער צו ריידן מיט ראָזען װעגן אַלץ, װאָס יענע װיל. און כאָטש זי דערקלערט אַלץ, דוכט זיך, גוט און קלאָר, און כאָטש דאָס דערגייט צו ראָזען אויך קלאָר און גוט, קאָן ראָזע אָנעמען נאָר איין ענטפער: יאָ, זי הייבט אָן באַנעמען, פאַרװאָס דער טאַטע האָט פאַרלאָזט דאָס שניצערײַ. אָבער פאַרװאָס ער האָט פאַרלאָזט זײַן שװעסטער, איז פאַר איר ניט פאַרענטפערט. זי פאַרשטייט עס ניט.

אַלץ, װאָס די מומע זאָגט, איז עמעס. דאָס אָבער, װאָס זי דערזאָגט ניט, איז אויך עמעס. די מומע לייע איז אַ קלוגע, װייסט זי: אין ליידן און אין פריידן דאַרף מען װיסן, װי צו ריידן. זי קאָן דאָך ניט אַרױסשטעלן די מישפּאָכע באַס פאַר שלעכטע מענטשן. און אויסער דעם, װייסט לייע, אַז סאָפקאָלסאָף איז אַ שנײַדער — אַ שנײַדער, און אַ סויכער — אַ סויכער. די װעלט מאַכט מען ניט איבער.

ראָזע װיל גאָר די װעלט ניט איבערמאַכן. ראָזען איז אויך באַװוּסט, אַז אַ שנײַדער איז אַ שנײַדער און אַ סויכער — אַ סויכער. אװאַדע! אָבער װען שנײַדער איז דער מאַן פון איר מומע שיינע און סויכער — איר פאָטער בער פעדער, — איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָ קאָן זי ניט נאָכגעבן.

## 13

דער לערער רובין האָט שוין געהאַט כאַראָטע, װאָס ער האָט צונױפגעפירט ראָזע פעדער מיט שימען דעם שנײַדערס מיידלעך. שימען איז געקומען מיט אַ טײַנע, פאַרװאָס דער לערער האָט די צװיי מיידלעך אָפּגעסאַמט מיט אַ רײַכן פעטער.

געקומען איז שימען דעם צװייטן טאָג ראָשעשאָנע נאָך מיטיק, עטװאָס אויסגערוט פון שטענדיקער האָרעװאַניע, אָנגעטאָן אין יאָמטעװדיקע קליידער, אָבער אָן אָפּגעפרעמדטער, גאָר ניט אַזאַ, װי אַלעמאָל, װען ער קומט אַרײַן צום לערער.

— לערער מענאַכעם, װאָס האָט איר געהאַט צו מײַנע מיידלעך? זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געװוּנדערט, פאַרװאָס זיי טראָגן ציצענע קליידלעך און ביליקע שיך. איצט האַלטן זיי אין איין טײַנען: זיי האָבן אַ רײַכן פע־

טער, און דער רײַכער פּעטער האָט א טאָכטער ראָזע, גײט זי אזוי שײן אָנגעטאָן...

דער לערער האָט זיך געפילט שולדיק.

— זײ זײַנען פּאָשעט פארסאמט. שלאָפן ניט און כאָלעמען װעגן דעם, אז דער רײַכער פּעטער קומט צו זײ מיט מאטאָנעס. זײ לאכן, פרײען זיך, טאנצן אפילע. לאָזן די פאמיליע „פעדער" פון מױל ניט ארױס.

— אין דעם איז קײן געפאַר ניט פאראן. זאָלן זײ לאכן, זיך פרײען... קינדער.

— אָבער מיר מיט אײַך, מענאכעם, זײַנען דאָך ניט קײן קינדער. קײן פעטער װעט פון דעם ניט װערן.

— שימען, איר װײסט דאָך דאָס װערטל: א גאנצער נאר איז א האלבער נאָװי. זאָג איך אײַך...

— זאָגט ניט, זאָגט ניט! מײַן שײנעלע גלײבט ניט. אפילע װען זײער מאמע, ליבע־שעװע, האָט געלעבט...

— און טאָמער יאָ...

— לערער מענאכעם, װאָס רעדט איר... איר פארגעסט, אז ער איז א פעטער, אָבער איך בין א פאָטער, א טאטע. איך האָב אױך א דײע.

דער לערער פילט ניט אין די װערטער „איך האָב אױך א דײע" שימענס שטענדיקע זיכערקײַט. און ער האָט קײן טאָעס ניט.

שימען האָט געזאָלט צו אים קומען דעם ערשטן טאָג יאָמטעװ. ניט געקו־מען איז ער, װײַל ניט ער, ניט שײנעלע האָבן ניט געװוּסט, װי זיך אופצו־פירן. די ערשטע װערטער זײערע, װען זײ האָבן זיך דערװוּסט װעגן ראָזעס באגעגעניש מיט זײערע מײדלעך, זײַנען געװען: „ער האָט אונדז ניט געװאָלט װיסן, װילן מיר אים אױך ניט װיסן". אזױנס איז אָבער גוט געװען צו זאָגן, װען מע איז געװען יונג, פול מיט קױכעס, מיט האָפענונג און גלױבן. אָט דעמלט האָט דעם יונגן און שײנעם שימען, דעם זינגער פון פרײלעכע לידער, געפאסט צו זאָגן: ער װיל אונדז ניט װיסן, װילן מיר אים אױך ניט װיסן. דעמלט האָט ער געקאָנט אױך ארײַנזאָגן דעם באקאנטן שפּרוך: „זײַ מיר ניט קײן פעטער און נײ מיר ניט קײן שיך".

דאָס איז אלץ געװען אמאָל. אָבער איצט? און בײדן, שימענען און שײ־נען, קומט אײַן געדאנק: און אז ער װעט זיך יאװען, װעלן זײ אים ארױס־טרײַבן?

שימען װיל זיך ניט אונטערגעבן. ער קומט צום לערער נאָך שטיצע, ער װיל זיך אױסטײַנען, אים זאָל װערן גרינגער און ער זאָל קאָנען באַ־שטײן אף זײַנס. זאָגט אים גאָר דער לערער: „און טאָמער יאָ?"

שימען איז אומצופרידן. אים איז צוגעקומען א דײַגע, װעגן װעלכער ער האָט ניט געטראכט און ניט געכאָלעמט, — בערל פעדער.

— װאָס איז עס פאר אן אָנשיקעניש? — פרעגט ער. — מיר האָבן גאָר אָן אים פארגעסן. אך, מענאכעם, מיר האָבן גאָר ניט געװוּסט, װי גוט אונדז איז געװען.

— צי אונדז איז אמאָל גוט געװען, װײס איך ניט. אונדז דוכט זיך עס איצט.

שימען איז ניט אײַנשטימיק. ער רופט אָן גוטע און פריילעכע טעג אין זײַן לעבן. און מענאכעם פארקערט: דערמאָנט טעג אומעטיקע, אפילע טרויעריקע, ניט קיין גוטע. זיי צױען זיך ארײַן אין פארגאנגענע יאָרן. און דער צווייטער טאָג ראָשעשאָנע נעמט דערוויַיל טונקעלער ווערן. זייערע רייד ווערן שטילער און באהארצטער, זיי פארגעסן, אז דער יאָמטעוו גייט אוועק. נאָר אָט גיט זיך מיטאמאָל אן עפן די טיר, און ביידע שימענס מייד־לעך לויפן ארײַן אָן אָטעם:

— טאטע, קום גיכער אהיים! דער פעטער בער איז צו אונדז געקומען!

## 14

לייע לעבט שטארק איבער. זי האלט, אז די גאנצע קאשע האָט זי פאר־קאָכט. וואָס איז איר דעמלט פלוצעם אײַנגעפאלן אזא מעשוגאַס — באקאנען ראָזען מיט עזרען? פון דער דאָזיקער באקאנטשאפט, האלט זי, קומען אלע צאָרעס. עמעס, איר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זי טוט דערמיט עפּעס אזוינס, וואָס וועט העלפן ראָזען קומען צו־זיך. און פון פארדראָס, וואָס זי, לייע, האָט דעמלט אזוי געטראכט, זאָגט זי וועגן בערלען דאָס זעלבע, וואָס איר מאמע, מאלקע, ווען זי לעבט, וואָלט וועגן אים געזאָגט: „עס ציט אים צו קאפּצאָנים. וויפל א שוסטער זאָל ניט טראָגן קיין קאפּעליוש, פארבלײַבט ער אלץ א שוסטער. עס ליגט אין בלוט״. זי קאָן ניט פארשטיין, ווי פאלט עס אײַן בערלען, דעם לאנד־סויכער, דעם כאָשעווון באלעבאָס, קומען דעם צווייטן טאָג ראָשעשאָנע אין געסט צו שימען דעם שנײַדער? אז מע וויל העלפן א שוועסטער, געפינט מען א וועג. דערצו לאָזט זיך נאָך אויס, אז ראָזע איז דערפון דאפקע צופרידן. בערל, ווייסט לייע, שטאמט פון סטאָ־ליערס, פון „מענטשן״, אָבער ראָזע שטאמט דאָך פון סאָכרים, פּאָדריאטשי־קעס. בערל איז ניט מער, ווי אן איידעם, ראָזע איז אן אייגענע, אן אייניקל. לייע קומט צו סאָרען און זאָגט:

— שוועסטער מײַנע, הער מיך אויס. הער מיך אויס און האָב קיין פאריבל ניט. דײַן מאן איז דעם צווייטן טאָג ראָשעשאָנע, אף א פולן יאָר, געקומען אין געסט צו שימען דעם שנײַדער. דער גאנצער גרויסער הויף איז זיך צונויפגעלאָפן. די שטאָט ווייסט עס שוין. וואָס פאר א פּאָנעם האָט עס?

— לייע, עס איז דען אן אוולע?

— ער איז דאָך בער פעדער!

— ערעוו יאָמקיפּער האָט ער זיך געוואָלט איבערבעטן.

— ער מאכט זיך קאליע, פארפלעקט זײַן אייגענעם נאָמען, און, זײַ וויסן, מײַן שוועסטער, ראָזען וועט עס אויך שאטן.

— ראָזע אליין האָט עס שטארק געוואָלט.

— פאר דעם, סאָרעלע, האָב איך טאקע מוירע. וואָרעם בעו׳ל האָט הײַנט געטאָן אזוי, מאָרגן וועט ער טאָן אנדערש. אָבער ראָזע... זי נעמט עס אָן ערנסט. זי טוט עס מיטן פולן הארצן. זי איז א גוטע. זי איז דאָך

נאָך א קינד. קינדער טוען אָפט נארישקייטן. און א נארישקייט קאָן אמאָל ווייט פארפירן. פארשטיי מיך, שוועסטער...

— שרעק מיך ניט, לייע.

— איך שרעק ניט, טייערע. איך וויל נאָר זאָגן, אז ראָזע איז שוין, קיין איינהאָרע ניט, א קאלע־מיידל. עפשער איז שוין צייט צוריידן א שידעך...

— ביסט אלעמאָל גערעכט, לייע.

סאָרע האָט עס געזאָגט מיט דער פולער זיכערקייט. ווען זי האָט אָבער דערציילט בערלען, וואָס לייע זאָגט וועגן זיין באזוך צו שימענען, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז איר שוועסטער איז אינגאנצן אומגערעכט. בערל האָט גערעדט אזוי פּאָשעט און פארשטענדלעך, אז סאָרע האָט מיט אים באלד איינגעשטימט. אָבער דער געדאנק וועגן א שידעך פאר ראָזען איז בערלען דאפקע געפעלן, נאָר ער וויל זיך ניט פארלאָזן אף לייען. ער אליין וויל זיך מיט דעם פארנעמען. און ווי ער טוט עס די לעצטע צייט ניט זעלטן, קלייבט ער זיך מעיאשעוו זיין אויך וועגן דעם איניען מיט צאליע קאדיש.

לייע, ווידער, איז זיכער, אז פארנעמען זיך מיט ריידן ראָזען א שידעך איז איר הייליקע פליכט.

## 15

ראָזע איז עטלעכע מאָל געווען צוגאסט בא איר פעטער שימען דעם שניידער. זי קומט מיט מאטאָנעס, פרעגט וועגן געזונט, וואָס די קינדער מאכן. אָבער קיין געשפרעך מיט שיינען און שימענען באקומט זיך ניט. באזונדערע ווערטער, אויסדרוקן. ניט ראָזע געפינט, וואָס מיט שימענען און שיינען צו ריידן, ניט זיי ווייסן, וואָס צו ריידן מיט איר. און וואָס ווייטער, ווערט אלץ וויניקער היספּיילעס בא ראָזען. ניטאָ פון וואָס צו זיין איבע־ראשט. די קינדער דעם שניידערס, באזונדערס די מיידלעך, קלעפּן זיך צו איר אוןווילן פון איר ניט אָפּטרעטן. ראָזען איז דאָס פריקרע. זיי עסן צי־בעלע און קנאָבל, און דאָס לאָזט זיך שטארק פילן, ווען זיי כאפּן זי ארום קושן. און מיט דער צייט איילט שוין ניט אזוי ראָזע צו דער מומע שיינע. זי גייט צו דער מומע לייע. און לייע ווייסט, ווי צו ריידן און וואָס צו זאָגן. פארבייגייענדיק דערמאָנט זי עזרעס נאָמען, נאָר ער מאכט שוין אף ראָזען קיין איינדרוק ניט. און דאָס גיט לייען צו נאָך מער זיכערקייט, אז ס'איז צייט ריידן ראָזען א שידעך.

שאדכאָנים אין גראָדנע זיינען פאראן ניט ווינציק. אָבער לייע האָט אין אויג די מאדאם בערטע קאווע — די גווירישע שאדכנטע. מאדאם קאווע לויפט ניט ארום זוכן קיין כאסאנים און קאלעס. ווער עס דארף, קומט צו איר. און מיט אבי־ווועמען וועט זי זיך ניט פארנעמען. איר מאן פארדינט, א דאנק גאָט, אף כאיונע. מאדאם קאווע האָט צו טאָן נאָר מיט פארמעגלעכע און יִיכעסדיקע מישפּאָכעס. בא איר איז גאָר דער איקער דאָס, וואָס זי קאָן זיך באַרימען מיט די גערעטענע פּאָרלעך, וועלכע זי האָט רעקאָמענדירט צום הייראטן (ניט געשאדכנט, נאָר רעקאָמענדירט).

לייע האָט וועגן איר געהערט, נאָר ניט געקענט זי. דעריבער איז פאַר איר געווען ניַי און טשיקאַווע קומען צום ערשטן מאָל אַהיים צו דער געהויר־בענער שאַדכנטע, וואָס וווינט אין א דריַישטאָקיקן ציגלנעם הויז, אפן ראַנד פון די ייִדישע גאַסן און געסלעך, אין שכיינעס מיט דער הויפּט־גאַס. זי האָט מיט ניַיגער באַטראַכט דעם צימער, אין וועלכן די באַלעבאָסטע אַליין האָט זי אַריַינגעפירט, מיטן שיינעם מעבל. אף די ווענט — בילדער, לאַנדשאַפטן, פאָטאָגראַפיעס פון יונגע פּאָרלעך, וועלכע די מאַדאַם קאַווע האָט, וויַיזט אויס, צונויפגעפירט. דאָ און דאָרטן — פאַרשיידענע שפּילצייַג, וואַזאָנעס, ס'איז צו זען — א פריילעכע שטוב. און די סאַמע פריילעכע אין שטוב איז אַליין די מאַדאַם קאַווע. א הויכע, א בלאָנדע, אָנגעטאָן באַ־שיידן, נאָר מיט געשמאַק. רעדט גוט רוסיש און באַהערשט אויך א פּלי־סיקן ייִדיש. נאָך איידער זי האָט זיך דערוווּסט, ווער די אַריַינגעקומענע איז, פאַרבעטן זי זיצן. דערביַי עפּעס א זאָג געטאָן אין צווייטן צימער, און פון דאָרטן האָט א מיידל אין א וויַיס פאַרטעכל אַריַינגעטראָגן טיי, איַינגע־מאַכטס, פּוטערגעבעקס. מאַדאַם קאַווע האָט גענומען יונג און פריילעך דערציילן וועגן די בילדער און פאָטאָגראַפיעס, וועגן די קינסטלער, וואָס האָבן געמאָלט די לאַנדשאַפטן (זי האָט זייער ליב די נאַטור), דערנאָך האָט זי זאַרגלאָז, ווי א קינד, גענומען באַוויַיזן דאָס שפּילצייַג. ערשט שפּעטער האָט זי א פרעג געטאָן:

— ווען האָט איר אין זינען... וועגן וועמען ווילט איר ריידן? ראָזע פעדער? איך הייב אָן גלייבן, אז געדאַנקען גיבן זיך טאַקע איבער פונדער־וויַיטן. איך האָב וועגן איר געטראַכט.

און דאָס איז געווען עמעס. בערטע קאַווע האָט צופעליק געזען ראָזע פעדער, און זי איז איר שטאַרק געפעלן געוואָרן. „א שיינע. צוזאַמען מיט א שיינעם וועט עס זיַין א געבענטשטע פּאָר". ווי געזאָגט, איז מאַדאַם קאַווע ניט פון די, וואָס זוכן קאַלעס און כאַסאַנים. אָבער אז אַליין די טאָכטער פון פּינכעס באַס, לייע, די אָנגעזעענע נעגידעסטע, איז געקומען צו איר אין שטוב, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. און א צופרידענע, מאַמעש א גליקלעכע, נעמט זי שוין איידער עפּעס־וואָס זוכן מיט די בלויע אויגן אָן אָרט אף דער וואַנט, ווו זי וועט אופהענגען די פאָטאָגראַפיע פונעם ניַיעם שיינעם פּאָרל. און דערביַי זאָגט זי מיט א שמייכל:

— א דאַנק, מאַדאַם!

לייע פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס דאַנקט מען זי.

— איך בין א מייווין, — זעצט פאָר מאַדאַם קאַווע, — ראָזע איז א שיינ־הייַט, — און אָן שום איבערגאַנג: — איר זעט, מיר דוכט, אז אָט אף דעם אָרט וועט מען דאַרפן אופהענגען זייער פאָטאָגראַפיע, — די מאַדאַם שיַינט פאַר פרייד.

לייע פאַרשטייט ניט, זי וווּנדערט זיך.

בערטע קאַווע פרעגט:

— איר האָט געוויס געהערט וועגן צאַליע קאַדיש?

— אוואַדע.

ער האָט א זון מיט אַלע מײַלעס. א סטודענט.

— אזוי...

— און נאָר איין כיסאָרן.
— יאָ?
— זײַן מאמע איז א פורמאנס א טאָכטער.
— אך, אזוי... — האָט געזאָגט לייע מיט באדויערונג. — איין כיסאָרן...
— אָבער א באָכער מיט אלע מײַלעס!..

בא צאליע קאדיש איין שטוב גרייט מען זיך באגעגענען דעם זון, דעם מיזיניק, אוויגדערן, וואָס הייסט אזוי נאָכן אלטן גראָדנער ראָוו — רעב אוויגדער. צאליען איז דער דאָזיקער נאָמען טײַער. ער איז אײַנגעגלייבט, אז דאָס האָט דער ראָוו אים געראטעוועט, און אלעמאָל, ווען אין דער מיש־פּאָכע געשעט עפּעס וויכטיקס: א כאסענע, א בריס, א לעקעך־און־בראנפן, אָדער ווען עמעצער, כאסוועכאָלילע, ווערט ניט געזונט, גייט צאליע צום אלטן ראָוו אפן קייווער. ער קומט אָנזאָגן א גוטע בסורע אָדער בעטן הילף.
כאָטש זלאטע טײַנעט אירס (זי ווייסט בעסער!), אז צאליע איז נאָך יונג, ווייסט צאליע נאָך בעסער, אז יינגער ווערט מען ניט, אז יאָרן לאָזן זיך פילן, און ער וואָלט געוואָלט נאָך באם לעבן כאסענע מאכן זײַן מיזי־ניק, ס'וואָלט פון אים אראָפּ א גרויסע זאָרג.
דער בעסאלמען איז פון איין זײַט פארצאמט מיט א ציגלנער וואנט, די צווייטע זײַט ענדיקט זיך מיט א בארג, וואָס פירט אראָפּ קיין יורזיקע. זומער איז דאָס פעלד פארוואקסן מיט גראָז, קראָפּעווע, שטעכלקעס און לופטיקלעך, ווינטער — פארזונקען אין שניי. צאליע ווייסט גוט דעם ראָווס קייווער, ער קאָן טרעפן דעם וועג צו אים אין אלע צײַטן פון יאָר מיט פארמאכטע אויגן.
— רעבע, איך, צאליע בען יערוכעם, בין געקומען צו אײַער אייביקער רו. איך האָב אײַך, רעבע, אלעמאָל געפאָלגט, און איר האָט מיך אלעמאָל געפירט מיטן דערעך־האיאָשער. איר ווייסט דאָך, רעבע, אז מײַן מיזיניק, אים צו לאנגע יאָר, טראָגט אײַער נאָמען, יאָרן גייען און יאָרן מאכן א מענטשן שווער, יאָרן רופן ארויס שווערע געדאנקען, און איר ווייסט דאָך, רעבע, אז ניט וועגן זיך טראכט מען דאן, נאָר וועגן קינדער. איך וויל כאסענע מאכן מײַן מיזיניק. און פאר א שנור וויל איך נעמען בערל פע־דערס טאָכטער ראָזען. רעבע, צי טו איך ריכטיק? צי וועט זיי זײַן האצלאָכע אובראָכע? אוואדע וועט בער פעדער געבן נאדן. און כאָטש געלט, ווי איר ווייסט, רעבע, איז א כאָלעם, פונדעסטוועגן וויל יעדערער א בעסערן כאָ־לעם. אָבער ניט דאָס איז בא מיר דער איקער... דער איקער איז, צי איז עס א באשערטע פּאָר, א זיווועג־טאָוו? רעבע, גיט מיר א צייכן.
מיט פארמאכטע אויגן שטייט צאליע לאנג באם קייווער. דערנאָך נעמט ער אָפּטרעטן אף צוריק מיטן פּאָנעם צו דער מאצייווע.
— ווו ביסטו עס געווען, צאליע? — פרעגט אים זלאטע, ווען ער איז צוריק אהיים געקומען.
— בא רעב אוויגדערן, זיכרוינוי־ליווראָכע.
— עפּעס איז געשען, צי עפּעס דארף געשען?
— עס דארף געשען. ראָזע פעדער וועט ...ײַן אונדזער שנור.

— ראָזע? מיט וועמען האָסטו עס גערעדט, מיט בערלען, מיט סאָרעלען צי מיט ראָזען אַליין?
— ניין. מיט רעב אוויגדערן. ער פירט מיך אַלעמאָל אין גלײַכן וועג.
— ראָזע געפעלט מיר, א שיינע שנור. אָבער, צאַליע, אום גאָטעס ווילן, דו רעדסט וועגן דעם, ווי אַלץ וואָלט שוין געווען אָפּגערעדט. ווי קומט עס צו דיר?
— דו ווייסט, זלאַטעלע, אַז איך האָב פּײַנט פּוסטע רייד. רעב אוויג־דער האָט מיר געגעבן א צייכן. און ווײַטער... עס שטייט געשריבן: יאָגאַטי אומאַצאָסי, אַז מע זוכט, געפינט מען.
זלאַטע קוועטשט מיט די פּלייצעס.
— האַלעווײַ, האַלעווײַ! — און פאַר זיך טראַכט זי: ווי קומט עס צו צאַ־ליען? טאַקע עלטער...

עפּשער מיט א טאָג צי עפּשער מיט א וואָך שפּעטער, שאַבעס איז עס געווען, איז בערל פעדער געזעסן בײַ צאַליע קאַדיש אין דער וואַרעמער שטוב. אויף צאַליען איז צו זען זײַן עלטער, אָבער נאָך ניט קיין אַלטקײַט. עמעס, איין אויג זעט ערגער, באַם אויפשטיין פון שטול איז שוין ניטאָ די פרײַערדיקע לײַכטקײַט, די גראָוקײַט און די שוואַרצקײַט אין דער באָרד זײַנען העלפט אויף העלפט. אָבער ער האַלט זיך פעסט אויף די פיס. זלאַטע זעט נאָך אויס גענוג יונג, פלינק, בעריעש. א ביסל מיידלשע רויטקײַט אַפילו נאָך פאַרבליבן אויף די באַקן. מאַן און ווײַב לעבן אין שאַלווע, טרײַ איינער דעם אַנדערן. איינס פאַרדריסט זלאַטען, זי קאָן ניט פאַרלײַדן, ווען צאַליע גיט א זאָג פאַר אַלעמען, אַז ער עלטערט זיך.
— ביסט נאָך יונג, מײַן מאַן, גלייב מיר, איך פאַרשטיי זיך בעסער...
צאַליע, זלאַטע און בער זיצן געמיטלעך אַרום טיש, אָן אָנגעשטעלטן מיט קיבעד. ס'איז טיפער האַרבסט, שוין נאָך אַלע ייִדישע יאָמטויוואים, אויף דער גאַס איז טרוקן, אָבער גענוג קיל. בײַ צאַליען אין שטוב איז אַן אָנגענעמע וואַרעמקײַט, און אַלע דרײַ שמועסן וועגן אַלץ און וועגן גאָרניט. צאַליע גיט פּלוצלינג א זאָג:
— זייער גוט, בערל, וואָס דו ביסט געקומען. איך קלײַב זיך שוין א לענגערע צײַט מיט דיר ריידן. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט ליב צו גיין אַרום־און־אַרום, דער גלײַכסטער וועג איז דער נעענטסטער. הער אויס מיט קאָפּ, בערל. אונדזער מיזיניק (ער האָט אָנגעוויזן אויף זיך און זלאַטען) לערנט אין מאָסקווע אויף דאָקטער. דער ערשטער אייגענער דאָקטער אין שטאָט. ס'איז שוין קיין סאַך ניט געבליבן, ביז ער וועט קומען...
— ניט קיין סאַך, גאָט צו דאַנקען... — זאָגט נאָך זלאַטע.
— וויל איך, בערל, אים ריידן א שידעך מיט דײַן ראָזען. וואָס וועסטו זאָגן?
— וואָס וועל איך זאָגן? דוכט זיך, א גלײַכע זאַך.
— צו נאָווי־גאָד, צו נײַ־יאָר, וועט ער קומען אין געסט. אויב עס איז א גלײַכע זאַך, וועט מען זיי דאַרפן באַקאַנען. דאָס לעצטע וואָרט איז דאָך זייערס.

— צאַליע, — ווונדערט זיך זלאטע, — וואָס הייסט באקאנען? זיי זײַנען פון קינדווײַז אָן באקאנט. געשפּילט זיך און געטאנצט צוזאמען. וואָס הייסט באקאנען?

— דאָס, וואָס איז געווען אמאָל, איז אמאָל. און דאָס, וואָס איצט איז, איז איצט. אוואדע באקאנען... זיי זײַנען שוין גרויסע, קיין אײַנהאָרע.

צאליע האָט, אפּאָנעם, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ס'האָט זיך באוויזן א גאסט. בא צאליען איז די שטוב אָן אָפּענע, ווער עס וויל, קאָן אריַינקומען. צאליע זאָגט: בא מיר איז א שטוב פון קאָל דיכפּין. ביפראט נאָך שאבעס, ווען זלאטע איז די געסט מעכאבעד מיט זעמעלעך און מיט אויבס. אריַינ־געקומען איז א מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אן איידל און לעבעדיק פּאָנעם.

— א גוט־שאבעס אײַך!

— א גוט־יאָר, שעפּסל, זעץ זיך צום טיש.

— א ביסל וועל איך שטיין. שטייענדיק איז מיר לײַכטער צו ריידן. איך האָב מוירע, רעב צאליע, אז איך וועל אײַך דערציילן, נאָך וואָס איך בין געקומען, וועט איר פון מיר לאכן.

— אויב לאכן, שעפּסל, איז גוט. דערצייל.

— פּורים איז נאָך ווײַט, נאָר איך בין היַינטיקע נאכט שלעכט געשלאָפן, איז געקראָכן אין קאָפּ די זאָרג וועגן אונדזער פּורימשפּיל. היַינטיקס יאָר, רעב צאליע, דארף מען עפּעס צוטראכטן נײַס.

— שעפּסל, ס'איז נאָך צו כאנעקע ווײַט, ניט נאָר צו פּורים.

— איר פאַרשטייט, רעב צאליע, א גאנצע וואָך איז מען פאַרנומען מיט ארבעט. נאָר אז ס'קומט דער פרײַטיקצונאכטס, קומען אוף כאלוימעס: איך זינג, איך שפּיל טעאטער. איין מאָל אין וואָך... איז שוין צו פּורים, באַ־קומט זיך, ניט ווײַט.

— אויב אזוי, איז געגנוג צו שטיין, זעץ זיך. זלאטעלע, שעפּסלען קומט סײַ עפּל, סײַ בארן.

— רעב צאליע, לאָזט מיך נאָך א ביסל שטיין, איך דארף נאָך דערציילן. באנאכט האָב איך צוגעטראכט א נײַ שטיקל. איך האָב עס אפילע אויסגע־שפּילט.

שעפּסל, וואָס א גאנצע וואָך איז ער פאַרנומען מיט ארבעט — ער איז א קירזשנער אין א קליין ווארשטאטל בא א באלעבאָס, — איז א געבאָרענער ארטיסט. קינדווײַז האָט ער און זײַן ייִנגערער ברודער אלעמען נאָכגעמאכט. אין כיידער פלעגן זיי צונויפנעמען נאָך עטלעכע קינדער און „מאכן" טעאַ־טער. שוין באָכערווײַז איז שעפּסל איינמאָל אריַינגעפאלן אף א פאָרשטע־לונג פון א רוסישן וואנדער־טעאטער. פון דעמלט אָן איז ער אינגאנצן פאַרסאמט געוואָרן מיט טעאטער.

ער איז מעקאנע געווען עליענקען און אָשערקען — שכייניש ייִנגלעך, וואָס קאָנען אויסקומען נאָר מיט זיך אליין. איינער שניצט, דער צווייטער שרײַבט לידער. ער, שעפּסל, דארף האָבן א גאנצן טעאטער. ווו נעמט מען אים?

איין גליק איז נאָך, וואָס אף דער וועלט איז פאראן א יאָמטעוו פּורים, דער פּורימשפּיל איז ער געווען איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן. שעפּסל

קומט אָפּט אין די שאַבאָסים אַריַין צו צאַליע קאַדיש. צאַליע האָט ניט קיין קליינע שיַיכעס צו די פּורימשפּילן. עמעס, ער אַליין שפּילט ניט, אָבער ער איז די נעשאָמע פון דער זאַך. באַ אים אין שטוב קליַיבט מען זיך צונויף און מע גרייט זיך. באַדאַרף מען איַינקויפן עפּעס צוליב דער שפּיל, גיט געלט צאַליע. זלאַטע, ווידער, גיט עסן.

— שעפּסל, מעגסט שוין זיצן, — פאַרבעט אים נאָכאַמאָל צאַליע, ווען זלאַטע דערלאַנגט אויבס.

— ניין, רעב צאַליע, זיצן קאָן איך נאָך ניט. איך וויל זייער, איר זאָלט אויסהערן, וואָס איך האָב צוגעטראַכט היַינטיקע נאַכט, — שעפּסל קוקט מיט געבעט אַף צאַליען. סיַי אין זיַינע רייד, סיַי אין זיַין אויסזען פילט זיך, אַז ער מוז דערציילן, וואָס עס גייט אים אין לעבן.

— אַדעראַבע, מיר הערן. בערל, הער מיט קאָפּ.

כאָטש שעפּסל איז געווען קימאַט זיכער אין דער זאַך, וואָס ער האָט צוגעטראַכט, איז ער דאָך געווען אויך אומרויִק. ווי וועט מען עס אויפנעמען, וואָס וועט זאָגן צאַליע? בערלען האָט עס דערמאָנט אָן זיַינע יוגנט־יאָרן, ווען ער פלעגט זיַין אַרבעט וויַיזן דעם זיידן און וואַרטן אַף מעווינעס. ער פילט שעפּסלס האַרץ, און קעדיי אים באַרויִקן, צוגעבן מוט, גיט ער אַ זאָג: „גוט". ער זאָגט עס ווי פאַר זיך, נאָר אַלע הערן עס. די גוטע זלאַטקע טראַכט דערביַי אַ צופרידענע: מיט אָט דעם „גוט" האָט בער פעדער פאַר־דינט אוילעמהאַבע. צוגעבן אַ מענטשן מוט און זיכערקיַיט איז אַ גרויסע מיצווע.

און אַז שעפּסל ענדיקט לייענען זיַין ניַי „שטיקל", זאָגט אים צאַליע:

— איין „גוט" האָט געזאָגט בערל. איצט וועל איך זאָגן אַ צווייטן „גוט". זלאַטע, גיב אים קיבעד פאַר די קינדער. ער האָט עס היַינט קאָשער פאַרדינט. און דו, שעפּסל, גיי אַהיים, דיַין וויַיב וואַרט אַף דיר, זי וויל דאָך אויך הערן אַ גוטע טשוווע.

שעפּסל איַילט זיך ניט. ער נעמט דעם קיבעד פאַר די קינדער, און די הענט דערביַי ציטערן. ער איז נאָך ניט אַרויס פון דער שטימונג. אַזוי וויִנ־ציק גוטס האָט מען אים געזאָגט, ער וויל נאָך, ער כאַלעשט, ער גייט אויס נאָך אַ גוט וואָרט, וואָס זאָל אים דערוואַרעמען, אים אופהייבן אין זיַינע אייגענע אויגן. זיַין גאַנצער אויסזען בעט עס. און זלאַטע, וואָס פאַרשטייט זיך אַף אַזוינס, זאָגט אַרויס האַרציק־היימיש:

— באַרויִק זיך, שעפּסל, דו קענסט, דו קענסט... ווו נעמט מען פאַר דיר אַ טעאַטער?

— אַך, זלאַטע טיַיערע, אַ טעאַטער... ווו נעמט מען?

נאָך שעפּסלס אַוועקגיין האָבן צאַליע און בער לאַנג געשוויגן, געטראַכט עפּעס פאַר זיך. דערנאָך האָט צאַליע געזאָגט:

— איז פאַרגעדענק, בערל, איך וויל דיַין טאָכטער פאַר אַ שנור.

צוריק אַהיים גייענדיק, האָט בערל זיך געוואָלט פאָרשטעלן, וואָס וועט אַף אַזאַ שידעך זאָגן סאָרעלע. אים אַליין, בערלען, האָט עס אויסגעזען גוט און גלאַט. צאַליע און זלאַטע זיַינען אייגענע מענטשן, זייער זון איז אַ סטו־

דענט. דער ערשטער אייגענער דאָקטער אין דער שטאָט. ניט אומזיסט איז ער געגאַנגען צו צאַליע קאַדיש. אוויגדער געפעלט אים. און ראָזע וועט גע־וויס אויסנעמען, ער צווייפלט ניט. זײַן סאָרעלען, האָפט ער, דאַרף אַזאַ שי־דעך אויך געפעלן. און סאָרעלען איז עס טאַקע געפעלן געוואָרן. זי ווייסט נאָר ניט, וואָס וועט זאָגן די שוועסטער. און לייע האָט סאָרען און בערלען געזאָגט:

— אוואַדע האָט איר פאַרגעסן, אַז זלאַטקע איז אַ טאָכטער פון אַ פורמאַן!

אין דער ערשטער רעגע האָבן בערל און סאָרעלע מיט פאַרוווּנדערונג זיך געכאַפּט, אַז זיי האָבן וועגן דעם טאַקע פאַרגעסן. אָבער באַלד האָט בערל זיך אַליין געזאָגט: „נו, איז וואָס?" און פאַר די אויגן איז אים אויפ־געקומען זײַן שוויגער מאַלקע מיט איר טײַנע: „שנײַדערשער כעזשבן, שנײַדערשער קאָפּ, שנײַדערשער ייִכעס". נו, פרעגט זיך בערל, און ווער איז ראָזעס זיידע געווען? אַ „מענטש" בא יענעם.

„זלאַטקע איז אַ טאָכטער..." אָט די גוטע זלאַטקע, וואָס האָט אַזוי האַר־ציק געטרייסט שעפּסלען.

— אַ פורמאַן, זאָגסטו, אָבער ניט קיין גאַנעוו, ניט קיין גאַזלען, ניט קיין מעשומעד... מיט שערעשעווסקין, לייע, וואָלסטו זיך ניט געשעמט?

— ניין.

— און ווער זײַנען ניט לאַנג צוריק געווען שערעשעווסקי און זײַן שור־טעף רוסאָטע, ווייסטו?

— איך וויל ניט וויסן.

— מעגסטו וויסן, וואָס אַלע ווייסן. יודקע־לייב שערעשעווסקי האָט דורך דער גרענעץ ביגנייווע אַרײַנגעפירט טאַבאַק, און רוסאָטע איז געווען אַ „נאַיעזדניק", געריטן אויף אַ פערד און געהיט, אַז שערעשעווסקי זאָל אין דער שטאָט קיין גנייווישן טאַבאַק ניט אַרײַנפירן. ניט איין מאָל האָט ער יודקען געפּאַקט אויף הייסן און צוגענומען זײַן סכוירע, אַזוי לאַנג, ביז זיי זײַנען ביידע צונאַנט געקומען און גענומען מאַכן צוזאַמען געשעפט. איצט זײַנען זיי ביידע שוטפים, באַלעבאַטים פון דער טאַבאַק־פאַבריק.

— איך וויל עס ניט וויסן.

— אַ שיינער ייִכעס, לייע?

— אַ שיינער.

— רוסאָטע האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט פערד. און פון שערעשעוו־סקין שמעקט נאָך הײַנט מיט טאַבאַק.

— בערל, ווערסט גאָרניט דערווײַזן. קרום איז ניט גלײַך, אָרעם איז ניט רײַך. ווי מיינסטו, סאָרעלע?

סאָרעלע שווײַגט. זי ווייסט ניט.

16

שוין גוטע עטלעכע שאַבאָסים, ווי שימענס מיידלעך וואַרטן אויף ראָזען. זי קומט ניט. פאַרוואָס קומט זי ניט? דער ערשטער שניי איז אויסגעפאַלן, אַ שליטוועגס האָט זיך געשטעלט. בייס אירן אַ באַזוך האָט ראָזע געהאַט

צוגעזאָגט: מירן גיין צוזאַמען זיך שליטלען. ווו איז זי? אָט איז אוועק נאָך א וואָך. פון אינדערפרי אָן קוקן גיטעלע און פּערעלע ארויס דורך די פענצ־טער, צי זעט מען זי ניט.

באביידע שוועסטערלעך זיינען זייערע טרוימען פארבונדן מיט ראָזען. א שוועסטערקינד, א רײַכע, א שיינע, א גוטע, א געבילדעטע. אלץ קאָן דורך איר מעקויעם ווערן. וועגן וואָס טרוימען צוויי ארבעטער־מיידלעך, צוויי שוועסטער? פינף טעג אין דער וואָך שלאָפט מען טייקעף אײַן, ווי נאָר מע לייגט צו דעם קאָפּ צום קישן. פרײַטיק ענדיקט מען די ארבעט פריִער. נאָכן אויסצוואַגן דעם קאָפּ, נאָך דעם, ווי די מאמע בענטשט ליכט, נאָך דער וועטשערע און דעם טאַטנס זמירעס ווערן די שוועסטער אינגאנצן שאבעסדיקע. און די טרוימען ווערן אויך שאבעסדיקע. די שוועסטער שלאָפן צוזאַמען, אָבער טרוימען באַזונדער. די יִינגערע מיט א יאָר, פּערעלע, ליגט צונויפגעטוליעט, ווי א קעצעלע. זי זעט אלץ מיט פארמאַכטע אויגן, דערבײַ שמייכלט זי. דער שמייכל באַוועגט זיך, ווערט קלענער און גרעסער. און אָט גיט זי גאָר א לאַך ארויס, צומאַכנדיק מיט א האַנט דאָס מויל. פּערעלע זעט, ווי זי מיט ראָזען זיצן אף א שליטל און פליִען אַראָפּ, אַראָפּ פונעם היכן פערשטאָטער באַרג. ראָזע האַלט זי ארומגענומען און שעפּטשעט אין אויער אַרײַן: „א פּײַנקוכן האָסטו ליב? און אייערקוכן, און א טאָרט מיט ניס, און טשאַסטעס?..״

פּערעלע שמייכלט, פּערעלע לאַכט. זי האָט אלץ ליב. און אזוי שלאָפט זי אײַן א גליקלעכע.

די עלטערע מיט א יאָר, גיטעלע, ליגט מיט אָפענע אויגן, מיטן פּאָנעם ארויף. און קוקנדיק צום באַלקן, דערזעט זי זיך בא א וויטרינע מיט שיינע קליידער און שיך. אין דעם גרויסן אויסגעפּוצטן פענצטער הענגט א שפּיגל. גיטעלע זעט אין פענצטער נײַע קליידער, און זיך זעט זי אין שפּיגל אין אן אלט ציצן קליידל.

— גיטעלע, וואָס שטייסטו דאָ? — דאָס זאָגט צו איר ראָזע. — איז קום אַרײַן! דיר געפעלט?

אזויפיל שיינע זאַכן! וואָס קלײַבט מען אויס? און אזוי, ניט ווויסנדיק, וואָס אויסצוקלײַבן, שלאָפט אויך גיטעלע אײַן א גליקלעכע.

אף מאָרגן, שאַבעס, כאַפּן זיך די שוועסטער אוף גאַנצפרי, ווי אלע טאָג, ווען זיי דאַרפן גיין צו דער ארבעט. אָבער הײַנט קאָן מען דאָך שפּעטער ליגן, ליגן זיי און שמועסן צווישן זיך.

— עפּשער איז ראָזע קראַנק?

— עפּשער...

און ביידע שוועסטערלעך ריידן אָפּ צווישן זיך, אז נאָך הײַנט וועלן זיי אַרײַנגיין צום פעטער בערל זיך דערוויסן, וואָס זײַן טאָכטער מאַכט. דער טאַטע מיט דער מאַמען טאָרן וועגן דעם ניט וויסן.

באַטאָג זײַנען די שוועסטער ארויס שפּאַצירן. און ביידן האָט געקלעקט מוט אַרײַנצוגיין צו די פעדערס אין שטוב.

באַ ראָזען אין געמיטלעכן און געראַמען מיידלשן צימער זיצן לייע, סאָרע און ראָזע. זיי שמועסן. פֿון אויבנאָף קאָן זיך אויסווײַזן, אַז מע רעדט עפּעס באַזונדערע, אָפּגעריסענע רייד. אָבער פֿאַר לייען און סאָרען איז אַלץ געבונדן, פֿאַר ראָזען, עמעס, ניט.

לייע זאָגט:

— איר געדענקט דאָך מוישע דושמאַנס זון, וואָס האָט געענדיקט גימנאַזיע, רעדט מען אים שידוכים. אַ גוטער באָכער.

די שוועסטער שווײַגן אַ ביסעלע, דערנאָך רעדט מען וועגן וועטער און היימישע נײַס. ווידער שווײַגט מען אַ ביסעלע, און דעמלט זאָגט סאָרע:

— עסטערל מאַניעוויטש האָט כאַסענע. זי טוט זייער ריכטיק. מע טאָר ניט פֿאַרזיצן.

און ווידער רעדט מען וועגן עפּעס אַנדערש. ראָזע פֿאַרשטייט נאָך ניט, אַז דאָס גרייט מען זי צום ריידן אַ שידעך. אַלע האָבן כאַסענע. פֿאַרוואָס ניט ראָזע?

— ראָזע, אָף אײַך פֿרעגן זיך צוויי מיידלעך.

— זאָלן זיי אַרײַנגיין. — ראָזע איז זיכער, אַז צו איר זײַנען געקומען באַקאַנטע פֿרײַלנס.

עס קומען אַרײַן גיטעלע און פֿערעלע. און ווי נאָר זיי דערזעען ראָזען, אַזוי וואַרפֿן זיי זיך צו איר, כאַפּן זי אַרום, קושן, לאַכן, טרעטן ניט אָפּ. לייע און סאָרע קוקן עס אָן און פֿאַרשטייען ניט, ווער זײַנען עס די מיידלעך אין די לאַנגע ציצענע קליידלעך און ביליקע שיך, ווי קומען זיי אַהער און וואָס פֿאַר אַ מעכוטענעסטעס זײַנען זיי מיט ראָזען? לאָזט זיך אויס: שימען דעם שנײַדערס מיידלעך. זייער שוועסטערקינד, ראָזע, פֿילט זיך איצט מיט זיי ניט איבעריקס גוט. זי איז זיי מעכאַבעד מיט געשמאַקע זאַכן, מיט פֿרוכטן. זי טוט עס אָבער אין אײַלעניש און שווײַגנדיק, ווי זי זאָל וועלן פֿון דעם גיכער פּאָטער ווערן.

סאָרע טראַכט דערבײַ: אַ ראַכמאָנעס אָף ראָזען.

לייע דערמאָנט זיך: אָט האָסטו בערלס יִכעס.

און באַ ראָזען אין געדאַנק: אַלץ, וואָס איז שיין פֿונדערווײַטן, פֿאַרלירט פֿונדערנאָענט די שיינקײַט.

17

פֿון אינדערפֿרי אָן איז דער טאָג געווען אַ פֿאַרשנייטער און אָן אָנגעשטאָפּטער מיט ווינט. דער ווינט האָט בייז געטריבן דעם שניי פֿון די דעכער, געיאָגט איבער די גאַסן, שמײַסנדיק פֿאַרבײַגייער אין פּאָנעם אַרײַן. אין אָט דעם אומהיימלעכן טאָג זײַנען גאָר אומגעריכט צו צאַליע קאַדיש געקומען געסט, דער ברודער מיט דער שוועסטער כאַזאַנסקי — יוליאַן און עליזע. שוין לאַנג, ווי זיי זײַנען דאָ ניט געווען.

אין גאס נעמט מען זיי נאָך אַלץ אָן פאַר פּויליִשע פּריצים. ווי נאָר אָבער זיי זײַנען אריבער די שוועל, האָבן צאַליע און זלאַטע באַלד באַמערקט אין זיי א גרויסע ענדערונג. אַלט געוואָרן, ניטאָ מער די אַמאָליקע זיכערקייט. פאַרקערט, עס פילט זיך א פאַרלאָרנקייט. צאַליען און זלאַטען האָט זייער אויסזען פאַרשאַפט אַגמעסנעפּעש, אויך דאָס אומגעריכטע קומען האָט באַאומרויִקט. ניט אַנדערש: מיט זיי איז עפּעס שלעכטס געשען. וואָס? עפּ־שער דאָס, וואָס דער ברודער און די שוועסטער האָבן קיין פאַמיליעס ניט? אַף דער עלטער רופט זיך עס אָפּ זייער שווער.

זלאַטע און צאַליע האָבן אויפגענומען די כאַזאַנסקיס זייער האַרציק, אַרויסגעוויזן א סאַך וואַרעמקייט. די געסט אָבער האָבן מער געשוויגן, ווי גערעדט. זלאַטע האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס איז געשען באַ אײַך?

— וואָס איז געשען? — האָט שטיל און טרויעריק געזאָגט עליזע. — מיר האָבן אָפּגעלעבט א לעבן... און צום סאָף פון לעבן איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר זײַנען געבליבן צום נאַר...

— וואָס הייסט? — האָט זיך צאַליע פאַרוווּנדערט.

— מיר האָבן געלעבט מיט דער אידיי פון א פרײַ פּוילן, — האָט שטיל אָנגעהויבן יוליאַן, — אונדזערע יאָרן זײַנען אַף דעם אַוועק. איך האָב פאַר דעם געקעמפט מיט מײַן אַרבעט, עליזע מיט אירע לידער. און וואָס לאָזט זיך אויס?

— מיר זײַנען איצט פאַר זיך אליין איבעריקע, טײַערער פאַן צאַליע, — האָט צוגעגעבן עליזע.

זלאַטע און צאַליע וואָלטן געוואָלט טרייסטן די כאַזאַנסקיס, זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל זיי אויפמונטערן. אָבער וואָס זאָגט מען? און שווײַגן קאָן מען דאָך אויך ניט.

— אַנטשולדיקט אונדז, — זאָגט צאַליע, — כ'ווייס ניט, וואָס אײַך צו זאָגן. איך פאַרשטיי ניט: מיט דרײַ צענדליק יאָר צוריק בין איך געפאָרן קיין וואַרשע, קעדיי... אַרײַנצוטרעטן אין דער אַרמיי פון די אופשטענדלער, האָט מען מיך ניט גענומען. א ייִד טויג ניט. צי דען גייט אײַך אַזױפיל יאָרן נאָך אײַער געוועזענע ייִדישקײַט? פאַרוואָס קומט עס אײַך? דער ייִדישער גורל וויל פון אײַך ניט אָפּטרעטן. איך פאַרשטיי עס און פאַרשטיי עס ניט. עפּשער איז פאַראַן נאָך א סיבע?

— פאַראַן, פאַן צאַליע, פאַראַן! א געטויפטער דאַרף טאָן ייִדן שלעכטס. מיר טוען עס ניט. איז עס פאַרדעכטיק...

ווידער האָבן אַלע פיר געשוויגן. ניטאָ יענע ווערטער, וואָס וואָלטן איצט געדאַרפט קומען. באַ זלאַטען האָט זיך אַרויסגעריסן א טיפער זיפץ. מיט געבעט און ציטער אין דער שטים האָט זי געפרעגט:

— זאָגט אונדז, טײַערע, מיט וואָס קאָנען מיר אײַך העלפן? עפּשער וועלן מיר צוזאַמען געפינען אַן אייצע... — זי האָט אָנגעקוקט דעם ברודער מיט דער שוועסטער און צוגעגעבן: — נעמט עפּעס אין מויל, קומט צו־זיך, באַרויִקט זיך...

— ביסט גערעכט, זלאַטע, ביסט גערעכט! — האָט זיך אָנגעכאַפּט צאַליע,

כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז קיין אײַצע איז ניטאָ און קיין וועג אַף צוריק איז אויך ניטאָ.

ביסלעכווײַז און פּאַמעלעך האָט מען גענומען פּאַרזוכן פון דעם, וואָס אַפן טיש שטייט. געהעדט האָט מען וועגן זײַטיקע זאַכן, וועגן שניי, וואָס פליט און פאַלט. עס איז געוואָרן אַ ביסל געמיטלעכער.

דעמלט האָט עליזע געזאָגט:

— מיר האָבן צו אײַך אַ ביטע.

— אַדעראַבע, אַדעראַבע... — האָבן צאַליע און זלאַטע געענטפערט צוזאַ־מען, מיט דער פולער גרייטקײַט אויסצופילן זייער באַקאָשע.

— ווי איר זעט, זײַנען מיר געבליבן באַ גאָרניט, — האָט געזאָגט עליזע מיט איראָניע צו זיך אַליין, — באַ אונדז האָבן זיך די הענט אַראָפּגעלאָזט, זוכן מיר אַ ביסל טרייסט, ווילן מיט עפּעס אומקערן אונדזערע גוטע יאָרן. איר פאַרשטייט, מיר ווילן באַ מײַן אַמאָליקן שילער, באַ בער פעדערן, צו־ריק אָפּנעמען דעם „רײַטער". מיר האָבן אים די סקולפּטור געליִען, קעדיי אויפצוהייבן זײַן שטימונג. איצט איז די שלעכטע שטימונג באַ אונדז. צי קאָנט איר אונדז דאָ העלפן?

אינגיכן זײַנען אַלע פיר געווען אָנגעטאָן, און ניט געקוקט אַפן שניי (דער ווינט איז געוואָרן שטילער), זײַנען זיי אַוועק צו בערל פעדער.

אין גרויסן צימער באַ די פעדערס אין שטוב, ווו אַלע זיצן איצט אַרום געדעקטן טיש, איז ליכטיק און פרייִלעך. יוליִאַנען און עליזען איז פּאַשעט ניט צו דערקענען. מיט אַ שאָ צוריק זײַנען זיי באַ צאַליען אין שטוב גע־ווען אַלטע לײַט. און מיט אַ שאָ שפּעטער זײַנען זיי באַ בערלס טיש גע־וואָרן ייִנגער. אַף וויפל, פאַרשטייט זיך, אַלטקײַט קאָן ייִנגער ווערן. אַלע, וואָס זיצן אַרום טיש, פילן זיך, ווי אַף אַ היימישער סימכע, ווען מע באַ־געגנט זיך מיט נאָענטע קרויווים, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון יענער־זײַט יאַם. אַלע ריידן, דערמאָנען, דערציילן... נאָר אָט איז אין צימער אַרײַנ־געקומען ראָזע. ס'איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. אַלעמענס פרײַנטלעכע און צאַרטע בליקן האָבן זיך געווענדט צו איר. און באַ יעדערן האָבן די דאָזיקע בליקן גערעדט אַף אַ מין אַנדער אויפן.

באַ טאַטע־מאַמע: אָט דאָס איז אונדזער שיינע טאָכטער, אונדזער טײַערע ראָזע.

באַ צאַליען און זלאַטען: דאָס איז אונדזער צוקינפטיקע שיינע שנור.

באַ יוליִאַנען און עליזען: אַ שיינהײַט!

געזאָגט דערבײַ נאָר איין וואָרט:

— צורקאַ, — און ערשט דערנאָך צוגעגעבן: — ראָזאַ — רוזשאַ, — און מיט אַ רעגע שפּעטער: — אַ שיינע טאָכטער און אַ שיינער נאָמען.

עס איז געווען ניט שווער צו באַמערקן, אַז ראָזע איז זיי שטאַרק גע־פעלן. אויך זיי האָבן באַ ראָזען אַרויסגערופן אַ גוט געפיל. און ווען בערל האָט דערקלערט פאַר אַלעמען, אַז עליזע איז געווען זײַן ערשטע לערער־קע און יוליִאַן דער ערשטער מייוון אַף זײַן „רײַטער", איז עס ראָזען געווען אָנגענעם. אַ גאַנצן אָוונט האָבן די כאַזאַנסקיס מיט איר אַ סאַך געשמועסט.

פארן אוועקגיין, צופרידענע און פריילעכע, זי איינגעלאַדן צו זיך אין געסט. זי האָט צוגעזאָגט קומען.

און טאקע גלייך אף מאָרגן איז ראָזע אוועק צו די כאזאנסקיס. דאָס ערשטע מאָל האָט זי געזען אזויפיל בילדער. זי איז געקומען אהיים אן איבעראשטע. מיט אזוינע מענטשן ווילט זיך איר פירן באקאנטשאפט. זיי זיינען איר צום הארצן. אין דר׳היים איז אומעטיק. אף מאָרגן איז זי ווידער אוועק אהין. פארבראכט דאָרטן א גאנצן טאָג, געגעסן מיטיק. עליזע האָט איר געלייענט לידער. יוליאן האָט איר דערציילט וועגן די בילדער, וואָס הענגען אף די ווענט. ראָזע האָט צוגעזאָגט נאָכאמאָל קומען. אָבער אפן אנדערן טאָג איז געקומען די מומע לייע. זי פארשטייט ניט, זי באנעמט ניט, כאָטש הארגעט, כאָטש שניידט זי, וואָס וויל מען פון א קינד? א מיידל שטייט שוין אין שידוכים, דארף די גאנצע שטאָט וויסן, אז זי איז א מע־כוטענעסטע מיט די מעשומאָדים. וואָס איז? מע וויל, ראָזע זאָל פארזעסן ווערן? אָדער עפשער גאָר זיך שמאדן! בערל און סאָרע האָבן ניט געהאט וואָס צו ענטפערן. זיי זיינען געשטאנען בלאסע און שטומע. און ראָזע איז צו די כאזאנסקיס מער ניט געגאנגען. אויס!

18

מאשע זוכט א וועג, ווי זיך צו דערנעענטערן מיט ראָזע פעדער. ווו און וויאזוי קאָן מען זי זען? זי גייט אריין צום לערער מענאכעם רובין. עפשער דאָ?

זינט מאשע לעבט בא דער פארמעגלעכער מומען און קומט אריין צו כאווערטעס אין זייערע געמיטלעכע הייזער, דריקט אף איר נאָך מער דער מאמעס אָרעמקייט און געפאלנקייט, די ענגשאפט און פארדומפנקייט אין דער מאמעס שטוב, די אָפּגעלאָזנקייט פון די קליינע באָרוועסע שוועסטער־לעך. דאָס אלץ צוזאמען רופט ארויס בא איר נאָך א שטארקערן פארלאנג זיך צו דערנעענטערן צו רייכע, זיך אָפּרייסן פון די נויט־ליידנדיקע, פון די הויף־איינוווינער, זיך אריינשרייבן אין אן אנדער וועלט. זי וואָלט דאן פאר באקאנטע געקאָנט זאָגן: „מיין כאווערטע ראָזע פעדער...״ „נעכטן פארבראכט בא די פעדערס...״

מאשע פארלירט ניט די האָפענונג. זי קומט אריין צום לערער.

צום לערער קומט, ווי שטענדיק, אויך אריין עזרע מאזאָווער. ראָזען האָט ער לאנג שוין ניט געזען. און דאפקע איצט טראכט ער אָפט וועגן איר. אין שטוב האָט מען צו אים טיינעס.

גראָדנע איז ניט אזא גרויסע שטאָט, מע זאָל ניט וויסן, וואָס בא יענעם אין טעפל קאָכט זיך. אינגיכן האָט מען שוין געקאָנט הערן:

— בערל פעדער קלייבט זיך טאָן א שידעך מיט דער טאָכטער.

— פעדער? א גוויר־אדיר! ווער איז דער כאָסן?

— א כאָסן זוכט מען.

דאָס ווייסן אַף זיכער די פּריזבע־זיצערנס, וועלכע גייען אין ערגעץ ניט, נאָר ווייסן אַלץ. סײַ, וואָס אין שטאָט איז געשען, און סײַ, וואָס עס קאָן נאָך געשען. אָט ווייסן זיי, לעמאָשל, אַז לייע איז געוועזן בא דער גווירישער שאדכנטע, אַז בער פעדער איז געוועזן בא צאַליע קאַדיש. און, דוכט זיך, אַז קיין זײַטיקע אײדעס זײַנען דאָך באדערבײַ ניט געוועזן.

פאַרשטייט זיך, אַז די נײַעס וועגן שידעך איז אויך דערגאַנגען צו עזרעס פעטער. מאַנעס איז באַלד געקומען צו דער שוועסטער מיט אַ טײַנע, וויאַזוי האָט עס עזרע דורכגעלאָזט אַזאַ שידעך?

— פעטער, בא אײַך באַקומט זיך, אַז איך בין שולדיק: איך וויל ניט. זײַט וויסן: זי וויל ניט. איר זאָגט, מיר האָבן זיך צוויי מאָל באַגעגנט. מיר האָבן זיך פיר מאָל באַגעגנט. אויך אָן איר מומען און אָן דער מאַמען. ס׳איז בא איר אַזאַ שפּיל, ס׳איז איר טשיקאַווע געוועזן צו זען אַ מענטשן, וואָס רעדט ייִדיש און קאָן דערציילן וועגן ייִדן... איצט איז איר דאָס אויך דערעסן.

דעם פעטער מאַנעס פאַרדריסט אַף עזרען: פאַרוואָס דאַרף ער אויסלייגן צום שלעכטן, עפשער געפעלט ער יאָ ראָזען?

די מאַמע באַדויערט:

— עזרע, עזרע, האָסט געהאַלטן די קליאַמקע פון גאַניידן און אַרויסגעלאָזט פון די הענט.

עזרע קומט צום לערער זיך אויסריידן דאָס האַרץ. און ס׳טרעפט, אַז באַם לערער באַגעגנט ער זיך מיט מאַשען.

ס׳באַקומט זיך, אַז אַלע זײַנען פאַרנומען מיט ראָזען: דער טאַטע בער, די מומע לייע, צאַליע קאַדיש, בערטע קאַווע, די שוועסטערקינדער גיטעלע און פערעלע, מאַשע און עזרע. אויך יוליאַן און עליזע טראַכטן וועגן איר. אָבער אַליין ראָזע ווייסט ניט פון עפּעס צו זאָגן. זי גייט ווידער אַרום אין היימישע סאַמעטענע שיכלעך איבער די שטילע צימערן, און איר פּאַ־שעט אומעטיק. זי דערמאָנט זיך לייעס ווערטער: „אין דײַנע יאָרן איז דײַן מאַמען געווען אומעטיק, מיר איז געווען אומעטיק. ביסט דאָך שוין, קיין אײַנהאָרע ניט, אַ קאַלע־מיידל...״

19

ניט בערטע קאַווע האָט גערעדט דעם שידעך, אָבער די פאָטאָגראַפיע פונעם שיינעם פּאַרל, ראָזע און אַוויגדער, וועט זי אויפהענגען אַפן שענסטן אָרט אין איר צימער. זי וועט האָבן גרויס האַנאָע פון קוקן אַף זיי. עמעס טאַקע, ניט זי האָט „רעקאָמענדירט״, אָבער זי האָט פאַרויסגעזען. און דאָס איז ניט ווינציק...

אויך לייע האָט ניט גערעדט דעם שידעך. דעם זונס „דאָקטער״ האָט איבערגעוויגן דער מאַמעס „פורמאַן״. און קאָן זײַן, אַז לייע איז צופרידן, וואָס מע דאַרף ניט מוירע האָבן, די כאַזאַנסקיס זאָלן שלעכט ווירקן אַף ראָזען.

צאַליע קאַדיש צוזאַמען מיטן אַלטן גראַדנער ראָוו האָבן אויך גאָר ניט באַוויזן אופּצוטאָן.

פּאַשעט, אין עטלעכע טעג נאָך אַוויגדערס קומען קיין גראָדנע האָט ער אין איינער א שטוב גאַנץ צופעליק זיך באַגעגנט מיט ראָזען. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין זייערע קינדער־יאָרן, אין דער יוגנט... און דער שידעך איז פאָרגעקומען. ער האָט זי באַגלייט אַהיים. אָף מאָרגן האָבן זיי זיך באַגעגנט און שפּאַצירט. דאָס זעלבע איז געווען אָף איבערמאָרגן. און וויבאַלד א באָכער מיט א מיידל גייען אָף דער הויפּט־גאַס שפּאַצירן, און אַפילע געאַרעמט, איז עס פאַר גראָדנע א גוטער סימען: כאָסן־קאַלע.

טנאָים האָט מען געשריבן בא דער קאַלע אין שטוב. דערנאָך האָט מען די סימכע אַריבערגעטראָגן אין שטוב צום כאָסן. און דאָרט האָט זלאַטע באַוויזן, וואָס זי קאָן, — געדעקט א טיש מיט קאָלטווו.

בא די פעדערס האָט די סימכע אַרויסגערופן אויך אַן אומעטיק געפיל פון קומענדיקער איינזאַמקייט. זיי גיבן אָפּ אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, — זייער טאָכטער. בא די קאַדישעס האָט די סימכע אויסגעזען גאָר ווי אַן אָנהייב. מיט דער צייַט וועט צו זיי אין שטוב קומען א שנור. פון איר יונגקייַט און שיינקייַט וועט לויכטן אין אַלע ווינקעלעך. דערווייַל איז די סימכע — א סימכע. דער אוילעם מאַכט זיך פריילעך און לאָזט זיך ווילטאָן.

די געסט ווייסן, אַז בער פעדערס טאָכטער איז א שיינע. דעם כאָסן באַקוקט מען און מע באַטראַכט. אויסער זייַן פייַנקייַט, איז אין אַוויגדערן אויך צו זען די פראָסטקייַט פון דעם זיידן דעם פורמאַן און דעם טאַטן, וואָס איז אַמאָל געווען א האָלצהעקער, — ער איז א פעסטער, א ביינערדי־קער. די מאַמעס זלאַטעס, פון איר זייַט, האָט אים איבערגעגעבן פאַרב אין די באַקן. די ערנסטקייַט, וואָס מע קאָן אין אים דערפילן בא א מער נאָענ־טער באַקאַנטשאַפט, איז אין זייַן אויסערלעכקייַט ווינציק צו באַמערקן. ער איז א פריילעכער, אַן ענערגישער, מיט א פּאָר לעבעדיקע אויגן, פּונקט ווי בא דער מאַמען.

כאָסן־קאַלע זיצן צוזאַמען און פרייען זיך.

צאַליע איז באַזונדערס גוט אופגעלייגט. ער האָט זייַנס אויסגעפירט: זייַן מיזיניק וועט כאַסענע האָבן מיט ראָזע פעדער. ביכלאַל איז באַם שרייַבן טנאָים ניט אָנגענומען צו מאַכן קיין גרויסן יאָמטעוו מיט פיל געסט. נאָר צאַליע האָט דאַפקע געוואָלט, אַז דער יאָמטעוו זאָל זייַן גרויס. זאָל מען זיך פרייען, זאָל מען האַנאָע האָבן. ער האָט פאַרבעטן צו זיך שעפּסלען מיט די פורימשפּילער. ס׳איז ניט פורים, נאָר טעאַטער וועט מען ווייַזן. שעפּסל מיט זייַנע כאַווײרים זייַנען אומרויק. צי האָבן זיי אַלץ פאַרגעדענקט אָף אויסווייניק? צי וועט זיך באַקומען די שפּיל? צי וועט געפעלן? מער פאַר אַלעמען לעבט איבער שעפּסל. ער האָט צוגעטראַכט דאָס „שטיקל”, וואָס מע וועט באַלד באַווייַזן.

און אָט האָט מען הינטער דער טיר פונעם צימער א פּאַטש געטאָן מיט די הענט. ס׳איז א סימען פאַר צאַליען, און ער בעט דעם אוילעם, מע זאָל זייַן שטיל. באַלד וועט זיך אָנהייבן טעאַטער.

...עס קומען אַרײַן פֿינף מאַן און שטעלן זיך אויס אין א האַלב־קרײַז.

— דאַמען און הערן,
מיר ווילן, איר זאָלט אונדז הערן,
איר זאָלט אונדז פֿאַרשטיין,
ווי זיך אַליין.

דאָס זאָגט שעפּסל. דערנאָך ווענדט ער זיך צו איינעם פֿון זײַנע מיט־שפּילער:

— מענדל, דו ביסט א מענטש א שטילער, קיין פֿליג אויף דער וואַנט טשעפּעסטו ניט, וואָס האָסטו צו מײַערן, פֿאַרוואָס ווילסטו אים שלאָגן?

מענדל. שלאָגן איז ווינציק. מײַמעסן!

שעפּסל. מענדל, מע זאָל עסן פֿון דײַן פֿענדל, טרינקען פֿון דײַן קענדל. פֿון ווען אָן ביסטו עס אַזאַ גאַזלען געוואָרן?

מענדל. פֿון זינט ער האָט מײַן טאָכטער געקושט, מײַן איינציקע טאָכטער.

שעפּסל. מײַער... עמעס?

מײַער. עמעס.

מענדל. זעט איר, ער שעמט זיך אַפֿילו ניט. ראָשע־מערושע, איך וועל דיך... (ער מאַכט א טראָט צו מײַערן. שײַע, וואָס שטייט לעבן אים, כאַפּט אים פֿאַר דער האַנט און שטעלט אים צוריק אויף זײַן אָרט.)

שעפּסל. באַרויִק זיך, מענדל.

מענדל. אוי, גוטער מענטש, ס'איז גוט צו זאָגן „באַרויִק זיך". מײַן איינציקע טאָכטער, מײַן אויג אין קאָפּ... א גוטע, א שיינע, א דימענט... קומט אָט דער ווילדער נעפּעש, דער פּערעאָדאָם, כאַפּט זי אַרום און קושט זי. ער וויל זי מאַכן אומגליקלעך. קאָן איך שווײַגן? דו ביסט דאָך, שעפּסל, אַליין א טאַטע.

שעפּסל. ס'איז עמעס, מײַער?

מײַער. עמעס.

שײַע. ווי טוט מען אַזוינס? א כאַרפּע, אן אַוויירע, וויי, וויי... מענדל איז גערעכט. איך בין אויך א טאַטע פֿון א טאָכטער. מײַער, מע דאַרף דיך מײַמעסן.

מײַער. איך בין גרייט!

שעפּסל. ביסטו באַם זינען, מײַער?

מײַער. באַם זינען. איך האָב זי ליב. איך גיי אויס נאָך איר. טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט... איך האָב זי ליב!

מענדל. מײַן טאָכטער? האָב ליב אן אַנדערע... איך בין דאָך א פּראָס־טער ציגאַרנמאַכער אויף דער טאַבאַק־פֿאַבריק. טשעפּע ניט מײַן טאָכטער, מײַן באַסיעכידקע, מײַן איינציק אויג אין קאָפּ.

מײַער. און ווער בין איך? א פּאַקער אין דער טאַבאַק־פֿאַבריק. אַלע טאָג זע איך דאָרט דײַן טאָכטער, די פּאַפּיראָסניצע... מיר פֿאַר איר!

שײַע. און ביכלאַל... ליב האָבן! הערט אן אײַנפֿאַל... ווי קומט עס צו אונדזערע פּראָסטע מענטשן. מײַער, ביסט ניט באַם זינען. א ספּרונזשינ־קעלע איז בא דיר קאַליע...

**מייער.** אומזיסטע רייד. איך האָב זי ליב. איך גיי אויס נאָך איר.

**מענדל.** ייִדן, הערט, זײַט איידעס. איך וועל אים מיימעסן! (ער כאַפּט א שטעקן און וויל לויפן צו מייערן.)

איינער פון די שפּילער, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען שטיל, פאַר־שטעלט אים דעם וועג:

— טאַטע, איך האָב אים אויך ליב.

**מענדל.** גוואַלד געשריִען! דו, מײַן טאָכטער? אָן דעם טאַטנס וויסן. מאַשיִעכס צײַטן...

**שעפּסל.** ביידע האָבן זיך ליב. איז דאָך גוט, מענדל.

**מענדל.** מיט וואָס איז עס גוט? מיט וואָס?

**שעפּסל.** מיט אַלץ! שטעל א כופּע. וואָס זאָגסטו, מייער?

**מייער.** האַלעווײַ! איך וועל זײַן דער גליקלעכסטער אַף דער וועלט.

**שעפּסל** (צו דער טאָכטער). און דו?

**די טאָכטער.** איך וועל אויך זײַן די גליקלעכסטע.

**שעפּסל.** מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו, מענדל!

**אלע.** מאַזלטאָוו!

**שעפּסל.** און אײַך, רעב צאַליע, און אײַך, רעב בער, און אײַך אַלע־מען, אַלעמען: מאַזל־טאָוו!

**צאַליע.** מיט מאַזל זאָל מען לעבן! זלאַטע, גיב זיי קיבעד. זיי קומט!

אין עטלעכע טעג אַרום, דער צוג וואַרשע—מאָסקווע איז נאָך ניט אַרויסגעפאָרן פון גראָדנער גובערניע, האָט שוין ראָזע פעדער געשריבן צו איר כאָסן דעם ערשטן בריוו: זי בענקט...

## 20

אין א פאַרשנייטן ווינטער־אָוונט איז בער פעדער שפּעטער ווי טאָמיד געקומען אהיים און אין פאָדערהויז געגומען אָפּטרייסלען פון זיך דעם שניי. סאָרע האָט עס דערהערט און געלאָפן עפענען די טיר, זי האָט זיך שוין ניט געקאָנט דערוואַרטן אַף אים. פון זינט מע האָט געשריבן טנאָים, איז ראָזע פאַרנומען מיט אירע קאַלע־געדאַנקען, מיט איר בענקען נאָכן כאָסן, און סאָרע פילט זיך בא זיך אין שטוב אינגאַנצן איינזאַם. ניטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן.

— בערענקע, פאַרוואָס אַזוי שפּעט? מיר איז דאָך אומעטיק אליין.

— אליין... און ראָזע?

— א קאַלע איז פאַרנומען נאָר מיט זיך.

— וואַרט אויס א ביסל, סאָרעלע, ראָזע וועט כאַסענע האָבן...

— דעמלט וועל איך דאָך אינגאַנצן בלײַבן איינע אליין.

— ניין, סאָרעלע, ניין. מירן זײַן צוזאַמען.

בער פעדער וואַרט מיט אומגעדולד, ווען מיט ראָזעס כאַסענע וועט פון אים אַראָפּ די זאָרג, ער וועט מער ניט דאַרפן זײַן אײַנגעשפּאַנט אין פאַר־

נאָסע־וואָגן. אים איז נאָך עפּשער באַשערט אויף דער עלטער זיך אומקערן צום זיידנס שניצערײַ. ביז איצט האָט ער קיינעם וועגן דעם קיין וואָרט ניט פאַרטרויט. איצט אָבער איז פּונקט די פּאַסיקע צײַט, און בער זאָגט וועגן דעם סאָרעלען. סאָרעלע וווּנדערט זיך:

— וואָס רעדסטו, בערל, ביסט דאָך ניט קיין ייִנגל פון צען יאָר. שניצערײַ...

— צו פופציק איז אויך ניט שפּעט. פאַרשטייסט, סאָרעלע, די לעצטע צײַט קומט מיר דער זיידע העשל צו כאָלעם. ער האָט א טײַנע, ער איז געבליבן אָן א יוירעש, זײַן קונסט איז פאַריאָסעמט...

— בערל, דו שפּאַסט... וואָס עפּעס גלאַט אַזוי פּלוצלינג...

און כאָטש בערל האָט געענטפערט, אַז ער שפּאַסט ניט, האָט זיך סאָרען סײַווי ניט געוואָלט גלייבן. וואָס א מענטשן קאָן קומען אין קאָפּ!

— קום בעסער, מײַן מאַן, צום טיש.

באַם טיש זײַנען ביידע געזעסן, צופרידענע פון דעם, וואָס זיי זײַנען צוזאַמען.

ערשט אויף מאָרגן האָט זיך סאָרע דערמאָנט בערלס ווערטער, אַז צו פופציק יאָר איז אויך ניט שפּעט. וואָס האָט ער געמיינט? עפּשער איז עס טאַקע קיין שפּאַס ניט? זי איז געוואָרן אומרויִק. צי דען זאָל ער עס מיינען אויף אַן עמעס? און פאַרוואָס ניט? זי ווייסט דאָך, אַז א גאַנץ לעבן גייט אים נאָך דאָס שניצערײַ. עס ציט אים! ער האָט עס ליב.

אין איינעם א שאַבעס זײַנען אומגעריכט צו בערן געקומען אַלע זײַנע דרײַ זין. געקומען אַליין, אָן די פרויען, אָן די קינדער. דאָס האָט בערן פאַרוווּנדערט.

— עפּעס איז געשען?

— גאָרניט, פאָטער. וואָס דאַרף געשען? מיר זײַנען לאַנג בײַ דיר ניט געווען, ווילן מיר וויסן, וואָס דו מיט דער מאַמען מאַכן אין געזונט. זײַנען מיר געקומען...

די זין ווייסן, אַז דער טאַטע איז א גוטער און א געטרײַער, ער וועט זיי ניט באַליידיקן, זיי ווייסן אָבער אויך, אַז ראָזע איז זײַן ליבלינג, און טאַקע צוליב גוטסקײַט און געטרײַשאַפט קאָן ער ראָזען אָפּגעבן אין נאָדן אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט. וואָס וועט פאַר זיי, פאַר די זין, בלײַבן? און דערצו, האָבן זיי געהערט, וויל ער זיך נאָך אָפּזאָגן פון אַלע זײַנע געשעפטן. אַזאַ ווילדער אײַנפאַל — ווערן א שניצער! בער פעדער וועט זיך פאַרנעמען מיט מאַכן מענטשעלעך! זאָגן וועגן דעם אָפן קאָן מען ניט, עס פּאַסט אַפילע ניט. שווײַגן קאָן מען אויך ניט.

בער פעדער שטויסט זיך אָן, אַז געקומען זײַנען די זין ניט אומזיסט. ער ווייסט, אַז ווען יעדערער פון זיי קומט באַזונדער, פרעגט מען זיך פריִער אויס אָפן געזונט און דערנאָך בעט מען געלט: אָדער לײַען, אָדער געבן. הײַנט זײַנען זיי געקומען אַלע צוזאַמען. וואָס איז זייער באַגער?

בײַ די ברידער איז געווען אָפּגעמאַכט, אַז ריידן מיטן טאַטן וועט דער עלטערער. אָבער, ווי עס טרעפט אָפט, האָט דער ייִנגערער ניט אויסגעהאַלטן. דער ייִנגערער, ווי זײַנע צוויי ברידער, איז ענלעך אויף דער מאַמע סאָרע אין דער יוגנט. שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן, פאַרב אין די באַקן.

אלע דרײַ האָבן געיאַרשנט פון דער באָבע מאַלקע סאָלידקײַט אין אויסזען, ס׳הייסט, מע קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זיי. דער ייִנגערער האָט נאָך אָבער ניט איינגאַנצן דערגרייכט די קונסט פון זאָגן איינס און טראַכטן אַ צווייטס, פון קענען איַינריידן, אַז שוואַרץ איז ווײַס.

— טאַטע, וויפל רעכנסטו ראָזען געבן נאָדן? — האָט דער ייִנגערער אומגעריכט פאַר זיך געפרעגט.

פאַר בער פעדערן איז די אומבאַוווּסטקײַט געוואָרן באַוווּסט.

— קינדער, וואָס פאַרגינט איר ניט אײַער שוועסטער? פאַר אײַך וועט אויך קלעקן.

דעמלט האָט דער עלטערער זון געזאָגט:

— פאָטער, האָב קיין פאַריבל ניט. ניט מיר ווילן דיר זאָגן אַ דייע, ניט מיר קאָנען דיר זאָגן אַ דייע. מיר פאַרגינען ראָזען פון פולן האַרצן. מיר טראַכטן אָבער וועגן זיך אויך. און דאָ דערגייט נאָך צו אונדז, אַז דו ווילסט פאַרענדיקן מיט די געשעפטן... פאַרשטייען מיר אַלפי־סייכל, אַז ראָזע וועט אַלץ באַקומען, און מיר וועלן בלײַבן באַ גאָרניט. פאָטער, מיר האָבן דאָך אויך קינדער.

— ווייסט, מײַן זון, דער „אַלפי־סייכל" טרעפט אָפט מיטן פינגער אין הימל אַרײַן. מענטשן פאַרלאַנגען טאַקע. מע ווייסט אָבער ניט, ווער וועמען עס לעבט איבער: דער מענטש די פאַרלאַנגען, צי די פאַרלאַנגען דעם מענטשן.

דאָ האָט ווידער דער ייִנגסטער ניט אויסגעהאַלטן:

— און מיר פאַרשטייען ניט, פאָטער, מיר פאַרשטייען ניט, וואָס הייסט אוועקוואַרפן אַלע געשעפטן און שניצן מענטשעלעך. ווער האָט אַזוינס אויסגעטראַכט? עס קאָן דאָך ניט זײַן! ביז איצט זײַנען מיר געווען די זין פון דעם סויכער בער פעדער און מע האָט פאַר אונדז געהאַט דרעכערעץ, געגלייבט אונדז, געטרויט. אָבער אַז דו וועסט מאַכן מענטשעלעך... דו טאָרסט עס צוליב אונדז ניט טאָן. וואָס פאַר אַ פּאָנעם וועלן מיר האָבן?..

אויף דעם האָט בער ניט געענטפערט, נאָר געפרעגט:

— פונדעסטוועגן, וואָס מאַכן די קינדער? דערציילט...

די נאָענטסטע טעג זײַנען די זין אייניקלעך געווען באַם טאַטן. צוריק אַהיים זײַנען זיי געגאַנגען צופרידענע. דער כשאַד אָבער, אַז זיי קאָן אָנקומען ווינציקער, ווי דער שוועסטער, איז פאַרבליבן.

21

פרײַער פלעגט מאַשע קומען צום לערער מענאַכעם רובין צוליב ראָזען, עפשער וועט זי ראָזען דאָרט טרעפן, אַלנפאַלס, וועט זי וועגן איר עפּעס הערן. איצט קומט זי צום לערער צוליב זיך אַליין. זי קומט אָן אומרויִקע, זיצט אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַרזאָרגטע. שווײַגט. דערנאָך גיט זי זיך אַ כאַפּ אויף, ווי פון שלאָף, זאָגט „אַ גוטע נאַכט" און גייט אוועק.

ביז איינמאָל האָט דער לערער ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, מאַשע?

— גאָרניט...— און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט.

— גאָרניט? דערצייל. וואָס איז געשען?

פון אָנהייב האָט זי זיך געשעמט, דערנאָך דערציילט אַלץ, ווי ס׳איז געווען.

א שיינער פרילינג־טאָג. ערשטע בלעטלעך אַף דיביימער באַוועגן זיך. און זי, מאשע, א צופרידענע, מיט לײַכטע יונגע טריט גייט צו א כאַווערטע. זי איז אײַנגעלאַדן אין א ייִכעסדיקער שטוב. גלײַך באַם אַרײַנקומען באַ־מערקט זי, אַז אַלע באַקאַנטע מיידלעך האָבן זיך צונויפגעקליבן אַהער. זי איז א גלײַכע מיט אַלע. דאָס פרייט זי זייער. זי גייט אַרײַן אין איינעם פון די צימערן, זעצט זיך באַם טיש, ווו אַלע זיצן. אַפן טיש — זעט זי — ליגט א שיידל פאַר פאַפּיראָסן, פּונקט אַזאַ, ווי די שיידלמאַכערקעס מאַכן עס אין דער טאַבאַק־פאַבריק.

— מאשע, מיר שפּילן אין פאַנדן. קיינער ווייסט ניט, וואָס פאַר א שאַכטל עס ליגט אַפן טיש. עפּשער ווייסטו?

— זייער פּאָשעט, — האָט זיך מאשע דערפרייט, וואָס זי וועט די ערשטע זאָגן, די ערשטע טרעפן, — א שיידל פאַר פאַפּיראָסן.

— אַזוי גאָר... פאַר פאַפּיראָסן. פונוואַנען ווייסטו?

— פונוואַנען? זייער פּאָשעט. מײַן מאַמע... — און געבליבן זיצן, ווי דערוואָרגן, א וואָרט ניט אויסצוריידן. אָבער פאַרפאַלן! קיין וועג אַף צוריק איז ניטאָ.

— וואָס האָב איך געזאָגט, מיידלעך! אַהאַ, איך בין גערעכט. זי וווינט באַ א מומען, און ניט באַ דער מאַמען. איר מאַמע איז פּעשע די שיידלמאַ־כערקע, וואָס וווינט אינעם גרויסן הויף. וואָס האָב איך געזאָגט — זי נאַרט אונדז!

מאשע איז געזעסן בלאַס און דערשראָקן. אַלע אַרום האָבן זי אָנגעקוקט מיט אָפּלאַכערישע אויגן.

— ווער זשע איז דײַן מאַמע, מאשע?

— און ווער איז דײַן מומע?

— און ווער ביסטו אַליין?

— עפּשער פּאַסט דיר גאָר ניט מיט אונדז זיך כאַווערן?

שטיל האָט זיך מאשע אופגעהויבן און מיט אָפּגעשוואַכטע טריט אַרויס פון שטוב...

דער לערער האָט געזאָגט:

— וויין זיך אויס, מאשע, וויין זיך אויס...

— וואָס טוט מען איצט, לערער, וואָס טוט מען? אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק!

— קיין שום אומגליק ניט. אַן אומגליק וואָלט געווען, ווען דו האָסט ניט קיין מאַמען, קיין מומען. מיט אַזוינע כאַווערטעס דאַרף מען גאָר ניט האָבן צו טאָן, ניט באַגעגענען זיך אַפילע מיט זיי. צעלאָזענע, צעבאַלעוועט־טע נאַרישע מיידלעך. צוליב א שפּיל, צוליב א מינוט פאַרגעניגן קאָנען זיי פון א מענטשן אָפּלאַכן, אָפּשפּעטן... שטעל זיך העכער פון זיי, מאשע...

מאשע האָט צוזאַמען מיט דער מאַמען און מיט די שוועסטערלעך גע־מאַכט שיידלעך, זי איז געווען אײַנגעשמירט אין קליי, געגאַנגען באָרוועס.

ברויט מיט א הערינגל איז געווען א גרויסארטיקע סודע. אזוי בא די שכיי־נים, אזוי בא זיי, אזוי אין גאנצן הויף. איז געקומען א מומע און זי געגו־מען צו זיך. און מאשע האָט פלוצעם דערזען, אז ס׳איז פאראן אן אנדער וועלט און אנדערע לעבנס. זי האָט זיך גענומען אײַנלעבן אין דער אנדערער וועלט, און דאָ... פאלט זי פלוצלינג אראָפּ פונעם הימל אף דער ערד. וואָס וועט איצטער זײַן? גוט איז דעם לערער רובין צו זאָגן: „שטעל זיך העכער״. ווי שטעלט מען זיך העכער, ווען מע שטייט נידעריק? און זי בעט:

— דערציילט ניט וועגן דעם עזרען.

— גוט. איך וועל ניט דערציילן. אָבער פארוואָס?

— איך זאָל אין זײַנע אויגן שלעכט ניט אויסזען.

— טײַערע מאשע, האָסט א טאָעס, עזרע איז ניט אזא. אָבער דערציילן וועל איך ניט.

מאשען האָט עס אויסגעזען, ווי א שטיקל טרייסט.

אין איינעם אן אָוונט איז עזרע געקומען צו מענאכעמען מיט ווורשט און פוטערגעבעקס פראווען זייער סודע. דעם זעלבן אָוונט איז מאשע אויך געקומען צום לערער.

— איך בין געווען בא דער מאמען, בין איך ארײַן צו אײַך.

— זייער גוט. וואָס מאכט די מאמע?

— ווי אלעמאָל.

מענאכעם לאדט אײַן מאשען צום טיש. מאשע איז צופרידן. זי איז ווידער צווישן מענטשן. דאָ דארף זי זיך ניט פארשטעלן, ניט לייקענען איר אָפּשטאַם.

עזרע דערציילט נײַס. אויך די נײַס וועגן ראָזען — זי קלײַבט זיך כאַ־סענע האָבן. איצט האָבן שוין אלע דרײַ וועגן וואָס צו ריידן. און אז דרײַען ריידן וועגן א פערטן — ווערט געמיטלעך ארום טיש. דערבײַ האָבן צווייען פון די דרײַ דאָס געפיל, אז ראָזען האָט מען בא זיי פון אונטער די הענט ארויסגעכאפּט. מאשע האָט פארלאָרן א געגארטע כאַווערטע. און עזרע... עזרען, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אז ס׳איז ניט זײַן גלײַכן, אז בער פעדער דארף ניט קיין קאפּצן פאר אן איידעם, עזרען דוכט זיך גאָר איצט, אז דער פעטער מאנעס איז געווען גערעכט. נאָך מער: ער מיינט, אז ראָזע איז צו אים געווען ניט גלײַכגילטיק. פריִער האָט ער געוואַרט און גע־צווייפלט, געצווייפלט און געוואַרט, איצט בענקט ער.

דער לערער מענאכעם פארשטייט ביידן. אויסער דעם, באַנעמט ער, אז אייגנטלעך איז ער אליין דאָך אויך אן אָפּגעשטויסענער, ער האָט זיך פאר־מאָסטן... און ניט דערגרייכט. זאָגט ער:

— נו, וואָס וועט ארויסקומען, אז מירן ריידן און באריידן ראָזען. גאָרניט. זי איז דאָך ניט שולדיק. זי איז בער פעדערס א טאָכטער, און אוועק פון זיך אליין קאָן זי ניט. דאָס איז פארשטענדלעך.

— ביסט ניט גערעכט, מענאכעם, מע קאָן זיך שטעלן העכער, ווען מע וויל.

— ווען מע וויל... און עפּשער ווען מע קאָן...

— קאָן מען דאָך אַזוי וואַרטן אַ גאַנץ לעבן, ביז מאָשיַעך וועט קומען.
— האָסט אַ ברייִרע? אַ גוירל האַלט דעם מענטשן פעסט אין די הענט.
— און ענדערן אַ גוירל?
— קיינער ווייסט ניט, ווי מע ענדערט אַ גוירל. עפשער ווייסטו?
— ווען איך זאָל וויסן, מענאַכעם, ווען איך זאָל וויסן!
מאָשע הערט און וווּנדערט זיך, זי הערט אַזוינס דאָס ערשטע מאָל. „וועלן", „קאָנען", „ענדערן אַ גוירל". זי הערט און שווײַגט. צי דען איז עס מעגלעך? אָט ווען מע קאָן ענדערן דעם גוירל אַזוי, אַז די מאַמע זאָל ניט זײַן קיין אָרעמע, די שוועסטערלעך זאָלן ניט דאַרפן האָרעווען פון פרי ביז שפּעט. זי, מאָשע, זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען מיט זיי, זי זאָל זײַן אַ גלײַכע מיט אירע געוועזענע כאַווערטעס.
זי שעמט זיך צו זאָגן וועגן דעם. דאָך זאָגט זי.
מענאַכעם און עזרע קוקן זיך איבער. מאָשע האָט עס דערנעענטערט צו דער ערד — איר מאַמע, אירע שוועסטער... אַן אײַנפאַל!

22

דער „אײַנפאַל" איז דעם לערער גוט אין קאָפּ אַרײַן. און ווען שימענס מיידלעך קומען צו אים זיך לערנען שרײַבן און לייענען, טראַכט ער: „אָט וועמענס גוירל מע דאַרף ענדערן".
די מיידלעך זײַנען אונטערגעוואַקסן. שאַבעס טוען זיי אָן פאַרביקע גלעזערנע פּאַטשערקעס אַפן האַלדז, זיי זאָלן אויסזען שענער. וועגן ראָזען טראַכטן זיי מער ניט. זיי פאַרשטייען שוין, די מיידלעך, — ניט זייער גלײַכן.
אַוויגדער איז אין מאָסקווע. ראָזע בענקט. און אין איר בענקשאַפט ווילט זיך איר מענטשן גוטס טאָן, אַ גוט וואָרט זאָגן, אַלע זאָלן זײַן אַזוי צופרידן, ווי זי איז.
אין אַ פריילעכן אָנהייב־זומער־אָוונט האָט מאָשע באַגעגנט ראָזען אַף דער גאַס. מאָשע האָט זיך אָפּגעשטעלט, און ראָזע האָט זי דערקענט.
— מאָשע, וואָס מאַכט איר?
מאָשע האָט זיך דערפילט גליקלעך. זי האָט ראָזען לאַנג געזוכט און ניט געפונען. און דאָ... אַזוי פרײַנטלעך באַגעגנט, און נאָך אַף דער גאַס, ווו אַלע פאַרבײַגייער זעען עס.
זיי זײַנען אַוועק צוזאַמען.
— מאָשע, איר קומט נאָך אַרײַן אין דעם הויף, ווו מע קאָן אַ מענטשן באַקליידן און באַשוכן?
— ווי דען אַנדערש? מײַן מאַמע וווינט דאָרט, מײַנע שוועסטער.
— דעם לערער רובין זעט איר?
— אָפּט.
— עזרע מאַזאָווער קומט אַמאָל אַרײַן צו אים?
— אָוואַדע.
— און ווי זעט ער אויס?

— ווי אלעמאָל.
— ווי אלעמאָל. א גוטער און א קלוגער. און שימענס מיידלעך קומען?
— קומען, זיי לערנען לייענען און שרײַבן.
— איך האָב זיך נאָך זיי פארבענקט. מאשע, איר ווייסט... איך בין א קאלע געוואָרן. מײַן כאָסן איז צאליע קאדישעס זון, א סטודענט. ער ענ־דיקט אינגיכן.
— מיט מאזל!
מאשען איז אָנגענעם, וואָס ראָזע טיילט זיך מיט אירע געפילן. ראָזע דערציילט, וואָס פאר א גוטער און קלוגער אוויגדער איז. דערצו א פאָ־שעטער.
— איר פארשטייט, מאשע, זײַן זיידע איז געווען א פורמאן, זײַן טאטע איז איין צײַט געווען א האָלצהעקער, אוויגדער גרויסט זיך מיט דעם, וואָס ער שטאמט פון פאָלק. איר ווייסט, מאשע, אויך מײַן עלטערזיידע איז געווען א סטאָליער. מיט אָרנטלעכע מענטשן איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען.
אוודע, טראכט מאשע, בער פעדערס טאָכטער האָט זיך ניט וואָס צו שעמען מיט אן עלטערזיידן א סטאָליער. פאראן, מיט וואָס צו דעקן דעם ייִכעס. אָבער זי, מאשע?
צום סאָף האָט ראָזע געבעטן איבערגעבן א גרוס דעם לערער און עז־רען. אינגיכן וועט זי זיך ארײַנכאפּן צו אירע שוועסטערקינדער.
מאשע האָט געשײַנט. אזא גוטע און הארציקע באגעגעניש מיט ראָזע פעדער! ס׳איז הײַנט באשערט געווען, גוטס זאָל איר אנטקעגן קומען.
— וואָס איז מיט דיר, מאשע? ביסט אזא יאָמטעוודיקע!
מאשע האָט ניט באוויזן זיך געזעגענען מיט ראָזען, ווי זי האָט פאר זיך דערזען ראָכעלען, איינע פון יענע פרײַלנס, מיט וועלכע זי האָט זיך פריִער געכאָווערט. א שטילע, א רויִקע, האָט זי זיך זעלטן געמישט אין די געשפרעכן פון די מיידלעך, נאָר אלץ זיך צוגעהערט, וואָס אנדערע ריידן.
— וואָס מאכסטו, מאשע, ווי לעבסטו?
מאשע קוקט זי אָן, ראָכעלען, מיט פארוווּנדערונג.
— דו ווייסט דען ניט, ראָכעלע, אז מײַן מאמע איז א שיידלמאכערקע?
— איך ווייס. דערפאר האָב איך זיך אָפּגעשטעלט.
און ראָכעלע דערציילט מאשען, ווי זי האָט איבערגעלעבט פאר מאשען. די גאנצע צײַט, וואָס זי, ראָכעלע, האָט זיך געכאָווערט מיט „יענע", האָט זי געציטערט, אז מיט איר זאָל דאָס זעלבע, וואָס מיט מאשען, ניט געשען. זי איז א שנײַדערקע, ארבעט אין א דאמען־שנײַדערײַ. און אין דעם פרײַען שאבעס־טאָג, ווען זי פלעגט זיך באגעגענען מיט „יענע", פלעגט זי זײַן אין איינע שרעק: אָט דערקענט מען, אז זי איז ניט קיין טאָכטער פון קיין הויז־באלעבאָס. אָט פרעגט מען בא איר, וואָסער הויז איז איר טאטנס. און נאָך מער: מע לייגט אוועק אפן טיש א נאָדל־פאָדעם און מע שפּילט אין פאנדן. האָט זיך ראָכעלע באטראכט: זי וויל ניט.
— פארשטייסט, מאשע, איך וויל ניט זײַן קיין אײַנגעבעטענע, קיין פארשטעלטע, איך בין פון זיי אוועק. כ׳האָב זיי געזאָגט: איך בין א שנײַ־דערקע, א גאנצע וואָך ארבעט איך. איר זײַט ניט מײַן גלײַכן.

א גאנצן אָוונט האָבןביידע מיידלעך פאַרבראַכט צוזאַמען. ראָכעלע האָט זיך פאַרבענקט נאָך א כאַווערטע, מיט וועמען מע קאָן זיך דורכריידן, אויסריידן, איינע די אַנדערע פאַרשטיין. מיט „יענע" האָט זי געשוויגן. אַלץ איז בא איר געלעגן אפן האַרצן, ווי א שטיין. און איצט האָט זי פאַר מאשען געעפנט די נעשאָמע. איר ווילט זיך דערציילן און דערציילן. זי טוט עס לײַכט און מיט א שמייכל.

— מײַן טאטע האָט געהאַט א קאָנדיטערײַ. נאָר ער איז געשטאָרבן יונג, כ'געדענק אים קימאַט ניט, און אַלץ איז רויִנירט געוואָרן. ס'איז, מאשע, מאַמעש צו באַוווּנדערן, ווי בא אונדז האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט מיטן פּאָנעם אין בלאָטע ארײַן. באקאַנטע האָבן אונדז אויפגעהערט צו דערקענען. אָבער די מאַמע האָט זיך פון אַזוינע באַקאַנטע אויסגעלאַכט. מיר זײַנען אַלע, איך און די ברידער, אַוועק אַרבעטן. איך האָב זייער ליב מײַן מאַמען. צווישן אונדז זײַנען קיין סוידעס ניטאָ. די מאַמע האָט דאָך ניט פאַר ווע־מען דאָס האַרץ אויסריידן. די ברידער וועט זי דאָך דאָס ניט דערציילן, וואָס מיר. און דו ווייסט, איינמאָל האָט די מאַמע מיר פאַרטרויט, אַז איר האַרץ האָט געהערט אַן אַנדערן, ניט דעם, מיט וועמען איר טאטע האָט זי יונגערהייט כאַסענע געמאַכט. אַזוי האָט זי אָפּגעלעבט א לעבן, קינדער גע־האַט, געלעבט לויטן דין און ניט לויטן האַרצן, פאַרן מאַן און די קינדער און ניט פאַר זיך. די מאַמע האָט מיר געזאָגט: „טאָכטערקע, נעם ניט פון מיר קיין בײַשפּיל, אַניט וועט עס דיר א גאַנץ לעבן פאַרדריסן".

אף מאָרגן האָבן מאשע און ראָכעלע ווידער זיך באַגעגנט.

מאשע איז געקומען צום לערער מענאַכעם איבערגעבן דעם גרוס פון ראָזען. פאַריינס האָט זי אים דערציילט וועגן איר נײַער כאַווערטע און דערבײַ מיט אַלע איינצלהײַטן, ווער דער טאטע איז געווען און ווער די מאַמע איז, מאשע האָט זייער געלויבט ראָכעלען.

— אויב איר האָט ניט קעגן, וועל איך אין איינעם א שאַבעס קומען צוזאַמען מיט איר.

— אַדעראַבע, אַדעראַבע.

בא מענאַכעמען אין צימער איז פינצטער. דער גרויסער מידער אַר־בעטס־הויף שלאָפט אײַן. נאָר מענאַכעם איז וואַך, ער קוקט דורכן פענצטער צו די בערעזעס און זעט זיי ניט. זײַן גאַנץ פאַרגאַנגען לעבן האָט זיך אף אים אַרויפגעוואַלגערט, אים געפּענטעט מיט פראַגן און דערמאָנונגען. אײַ־בערכאַזערן א לעבן פאַר איין אָדער צוויי שאָ איז צו שווער. איין זעונג שפּרינגט איבער דער צווייטער. פאַרטאָג איז ער אײַנגעשלאָפן. אויפגעשטאַ־נען איז ער מיט א שווער געמיט און מיטן פאַרלאַנג צו זען פייגעלען. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, ווער ראָכעלעס מאַמע איז.

אָבער ניט ראָזע איז געקומען צו שימענס מיידלעך, ניט ראָכעלע מיט מאשען זײַנען געקומען צום לערער. געשען איז גאָר אַנדערש.

דער נעכטן קומט ניט.

1

געשען איז...
דאָס פּײַער האָט זיך באוויזן אינמיטן דער וואַרעמער זומער־נאכט, ווען די שטאָט איז געשמאק געשלאָפן. זאָל עס געווען טרעפן מיט איין נאכט פריִער, וואָלט צו קיין סריִיפע ניט געקומען, אלנפאלס, וואָלט מען זיך גע־ווען באַצײַטנס געכאפּט, ווײַל עליע שלײַען וואָלט געוויס אָנגעזאָגט וועגן דעם. האָט אָבער געדאַרפט טרעפן, אז עליע איז ניט געווען. אלע זומער באנאכט שלאָפט עליע שלײַען אף דער גאס. אין שטוב איז ענג און דושנע, און ער האָט ליב פרײַ צו אָטעמען, ווײַל ער — ליגט ער, ווײַל ער — זיצט ער. ער קאָן שפּײַען אין הימל, פײַפן אף דער וועלט און זען דערבײַ, וואָס ארום־און־ארום טוט זיך.
עליע איז א הויכער, געזונטער, ביינערדיקער יונג מיט לאנגע הענט און שטאַרקע פינגער — פון זײַנעם א פּאַטש בלײַבט שטיין א סימען. ער כאַווערט זיך מיט פליישער, פישער, פורמאַנעס, די אלע, וועמען שאָלעם אש האָט שפּעטער אָנגערופן „דרײַ פּייען". א מאָדנע זאך אָבער — ס'איז ניט באַוווּסט, צו וועלכן „פּיי" ער אליין, עליע, געהער. ער איז מיט זיי אלעמען פּאַניבראַט, טרינקט מיט זיי, עסט מיט זיי און רופט צוזאמען מיט זיי ארויס געשלעגן. עס מאכט זיך אויך, אז א גאנצע כאָפּטע גייען זיי אין געסט צו „מיידלעך". נאָר צוריק פון דאָרט קומען זיי ניט אלעמאָל צו זיך אהיים.
עליע שלײַען איז שוין געלעגן אין דרויסן אף זײַן שטרויענעם סעניק, ווען צו אים איז צוגעקומען זײַן פרײַנט קוסיִעל ציפּער.
— עליענקע, קום זיך פריילעך מאכן.
— קוסיע, קיין גראָשן פאַרמאָג איך ניט. איך האָב אפילע דעם טײַסטער ארויסגעוואָרפן פאַר די הינט.
— בא מיר איז פאַראַן זילבער. באקומען הײַנט דירע־געלט פון מײַנע דרײַ קוואַרטיראַנטן. קום!
— אויב אזוי, קוסיקל, גייען מיר.
קוסיִעל ציפּער איז דורכויס פליישׁ און פעטס. ניט קיין הויכער, נאָר א קײַלעכדיקער, מיט באקן — פּאַמפּעשקעס. שטענדיק איז אים הייס, און דאָס קעלנערל פון זײַן העמדל איז בא אים אלעמאָל צעשפּיליעט. ער איז א פריילעכער און א שטעכיקער, קאָן ארײַנזאָגן אין דער זיבעטער ריפּ, וועמען ער וויל נאָר. אין דעם הויף, וווּ מע קאָן א מענטשן באקליידן און באשוכן, האָט ער געדונגען א דירעלע, און עס ווינען בא אים דרײַ קוואַר־טיראַנטן: שטילע מענטשן, וואָס קיינער ווייסט זיי ניט און הערט זיי ניט. אין איין ווינקל — כײַעלע די נייטערן, אין א צווייטן — שיפרע פון דער פאַבריק, אין א דריטן — זונדל דער שוסטער מיט זײַן פאַמיליע.

נאָך דעם, ווי ער האָט געזאָגט „גייען מיר", האָט עליע שלײַען זיך גע־כאַפּט, אַז ער דאַרף זײַן פּאַרזיכטיק, זײַן קאַלע זאָל אים צופעליק ניט באַ־מערקן מיט קוסיעלן. זי וועט נאָר דערזען, מיט וועמען ער האָט צו טאָן, וועט זי זיך באַלד אָנשטויסן, וווהין זיי גייען. פאַר דער קאַלע ציטערט עליע. און פאַרוואָס? דערפאַר וואָס ער האָט זי זייער ליב. צוליב איר גוטס־קייט און סטאַטעטשנעקייט. זי איז אַ רויִקע, אַ שטילע, אַ גוטע און אַ פרומע. זי וווינט צוזאַמען מיט אירער אַ מומע, ווײַל זי איז אַ קײַלעכדיקע יעסוימע.

— גאָטס וועגן איז ניט צו פאַרשטיין, — זאָגט די מומע, — זי איז אַ צנוע, אַ קאָשער קינד, אַ מאַלעך... און האָט ליב דעם גאַזלען, דעם שלעגער. מיסטאָמע אַ באַשערטע זאַך פון זײַן ליבן נאָמען.

ווען עליע טרעפט זיך מיט זײַן קאַלע, ווערט ער אַליין רויִקער, שטילער, רעדט געלאַסן. קוקט אַף איר מיט פאַרליבטע אויגן און מיט געבעט. די קאַלע זײַנע, כאַנע די שנײַדערקע, איז אַ וווּקסיקע, מיט אַ געבענטשטן פולן בוזעם, וואָס קאָן קלעקן פאַר אַ סאַך קינדער. די האָר שוואַרצע, געדיכטע, פאַרקעמט אינמיטן מיט אַ שרונט. די אויגן גלאַנציק־שוואַרצע, מיט אַ שטיל פײַערל. עליע קוקט אַף איר, ווי אַף אַ הייליקער, גרייט פאַר איר קניִען. נאָך אַ געשלעג צי נאָך אַ סקאַנדאַל קומט ער צו דער קאַלע בעטן מעכילע, זי זאָל אים אַנטשולדיקן זײַנע ווילדע געענג. זי קוקט אים לאַנג אָן, שווײַגט, שאָקלט נאָר באַדויערנדיק מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל זאָגן: „גוטע בסורעס הער איך פון דיר, עליע. מיר איז גוט דאָס צו הערן, ווי מיינסטו, עליע? שוין צײַט ווערן אַ מענטש. גאָט וועט העלפן, וועסט ווערן אַ מענטש — שטעלן מיר אַ כופּע". זאָגן זאָגט זי גאָרניט, אָבער ער פאַרשטייט אַלץ און פאַר־ענטפערט זיך:

— איין גאָט ווייסט, ווי איך האָב ניט געוואָלט, איך האָב זיך געאַקשנט, ווי אַן אָקס צו דער שכיטע. דער טײַוול, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן, שפּאַנט מיך אײַן און טרײַבט, יאָגט... וואָס וויל ער פון מיר? איך שווער דיר, כאַ־נעלע, אַז מער ניט, מער ניט!

— זע טאַקע, עליע, מער ניט. איך בעט דיך!

— מער ניט, כאַנעלע. נו, עפּשער נאָך איין מאָל...

זי טוט אַ זיפץ און שווײַגט ווידער.

וואָלט די קאַלע עליען דערזען, וואָלט ער זיך געוווען אומגעקערט צוריק צו זײַן שטרויענעם סעניק. זי האָט אים ניט געזען. אין וועג האָבן קוסיעל און עליע באַגעגנט נאָך עטלעכע גוטעברידער, און אַלע צוזאַמען זײַנען זיי אַוועק זיך מאַכן פריילעך. די כעווראַ האָבן דאָרט, בײַ די „מיידלעך", איין מאָל אויסגעטרונקען, אַ צווייט מאָל און מיט גרויס קוראַזש גענומען צו אַלעמען זיך טשעפּען און צושטיין. ס'איז דערגאַנגען צו אַ געשלעג. האָבן זיי צעבראָכן אַ שפּיגל און אויסגעזעצט אַלע שויבן. די „מיידלעך" זײַנען קימאַט הוילע אַרויסגעלאָפן אין דרויסן מיט אַ קוויטשערײַ: „קאַראַול, מע קוילעט!" פּאָליציי איז געקומען און אָפּגעפירט אַלעמען אין „קוי־טוזקע".

און עליע שלײַען, וואָס שלאָפט זומער באַנאַכט אין דרויסן, האָט דאָס פײַער באַצײַטנס ניט דערזען און אָנזאָגן וועגן דעם ניט געקאָנט.

אָנגעהויבן האָט זיך די סריפּע פון אַן אַלטער הילצערנער שטאַל, ווו באַטאָג האָבן זיך קינדער געשפּילט. די שטאָט איז געשלאָפן, און די שטאַל האָט געברענט. אינגיכן האָט דאָס פייַער זיך אַריבערגעוואָרפן אויף די שכייניש שינדל־דעכער. צו פאַרטאָג האָבן שוין געברענט צענדליקער הילצערנע הייַזער אין יידישן ראַיאָן (אין שול־הויף). אַ יאַם מיט פייַער האָט געבושעוועט אַרום־און־אַרום. די טרוקענע הייַזער האָבן זיך לייַכט אונטערגעגעבן, די פלאַמען האָבן זיי אַרומגעכאַפּט, פון די דעכער און פענצטער האָבן זיך אַרויסגעריסן ברענענדיקע צונגען, איינגעהילט אין רויך. די לופט איז געווען פול מיט סמאַלענעס, און פיצעלעך פייַער זייַנען געפלויגן פון דאַך צו דאַך. פרויען, מאַנצבלען און קינדער זייַנען מיט געוויין און מיט פאַרבראָכענע הענט אַרומגעלאָפן אין אַלע זייַטן, געוואָלט עפּעס ראַטעווען פון זייער האָב־און־גוטס, נאָר דאָס פייַער מיטן רויך האָבן ניט דערלאָזט. פאַר איין מעסלעס זייַנען הונדערטער אייַנוווינער געבליבן אָן אַ דאַך, אָן אַ קלייד, אָן ברויט.

ווי עס דערציילן די כראָניקעס, האָט גראָדנע אין נייַנצנטן יאָרהונדערט אַפּט געליטן פון פייַער. אַ סאַך יאָרן האָט אין שטאָט געדינט ווי אַ סימען פון צייַט:

— דאָס איז געווען אַ יאָר פאַר דער ערשטער סריפּע.

אָדער:

— געשען איז עס אַ יאָר נאָך דער גרויסער סריפּע.

צוויי מעסלעס האָט געברענט. און ערשט אויפן דריטן האָט מען דערזען, וויפל מענטשן זייַנען פאַרבליבן היימלאָז, וויפל מענטשן זוכן צווישן די אָפּגעברענטע הייַזער אַ לעפל, אַ טעפל, אַ קענדל.

און אויך האָט מען דערזען: וויפל עס האָבן געלעבט אין גרויסן הויף שטילע איינזאַמע אייַנוווינער, וועלכע מע האָט ביז איצט ניט געקענט, ניט באַמערקט, ניט געוווּסט.

**2**

צווישן די האָלאָוועשקעס און דעם אַש האָבן שימען דעם שנייַדערס מיידלעך געפונען זייערע גלעזערנע פּאַטשערקעס. זיי האָבן אַזאַ פריילעכן געשריי געטאָן, אַז די פאַרומערטע און פאַרזאָרגטע ניסראָפּים האָבן אויפגעציטערט. מער פאַר אַנדערע האָט דער פריילעכער געשריי פון שימענס מיידלעך צערודערט כייַעלע די נייטערן, וואָס איז געשטאַנען אַ פאַרזונקענע אין אירע שווערע געדאַנקען.

— ווי איז מיר, וואָס האָט געטראָפן? — האָט כייַעלע זיך אַרומגעקוקט. — פאַרוואָס אַזאַ שׂימחה? וואָס איז געשען?

קיינער האָט ניט געענטפערט. אייניקע האָבן דערבייַ אַ טראַכט געגעבן: און ווער איז אָט די? מע געדענקט ניט אַזאַ.

די גרויע, פאַרזאָרגטע כייַעלע האָט ווידער פאַר זיך אַליין גערעדט צו גאָט אין הימל:

— אָבער אַן ארבעקאַנפּעס, טאַטע־פּאַטער, אַ הייליקע זאַך, וואָס איז פונדיינעטוועגן, האָסטו דאָך געקאָנט פאַרהיטן פון פייער. דו, דער אלמעכטיקער... דאָס איינציקע, וואָס איז פאַרבליבן בא מיר פון מיין הערצלען, פון מיין איינציק קינד, וואָס ווערט פאַרשוואַרצט אין סיביר, אויב ער לעבט נאָך...

זי האָט צום הימל אופגעהויבן דעם מידן קאָפּ מיט די איינגעפאַלענע טרוקענע אויגן, אויסגעוויינטע ביזן לעצטן טראָפּן, און פון דאָרט, פונעם הימל, געוואָלט הערן אַן ענטפער אף איר טיינע.

דער ארבעקאַנפּעס איז בא כייעלען געווען דער איינציקער אָנדענק פון איר יינגל, וועלכן די כאַפּערס האָבן מיט אַ סאַך יאָרן צוריק אָפּגעגעבן פאַר אַ קאַנטאָניסט. ער איז געווען דעמלט אַ כיידער־יינגל פון אַ יאָר אכט. קיין טאָג אפילע האָט די מאַמע אָן אים ניט פאַרגעסן. שאַבעס זיינען בא איר קליינעם טישל געשטאַנען צוויי שטולן. אף איינעם איז זי אליין געזעסן, אפן צווייטן איז געהאַנגען הערצלס ארבעקאַנפּעס. זי האָט גערעדט מיט אים, געשמועסט, געפרעגט און געענטפערט. דאָס איז געווען איר איינציקע טרייסט. איצט איז שוין דער ארבעקאַנפּעס אויך ניטאָ. כייעלע קאָן ניט פאַרגעבן גאָט די אוולעס, וואָס ער איז באַגאַנגען מיט איר קינד. אין גאָט גלייבט זי, גלייבט אין זיין אלמעכטיקייט, דעריבער טאַקע האָט זי צו אים טיינעס, בייזערט זיך אפילע אף אים. ער קאָן דאָך אלץ, פאַרוואָס זשע העלפט ער ניט, פאַרוואָס וויל ער ניט?

פונעם הויף, ווו מע האָט געקאָנט אַ מענטשן באַקליידן און באַשוכן פון קאָפּ ביז די פיס, זיינען געבליבן סטאַרטשענדיקע פאַרייכערטע קוימענס. גיטעלע און פערעלע האָבן אלע ברידערלעך און שוועסטערלעך אוועקגעפירט צום פעטער בער. שימען און שיינע האָבן אָבער נאָך אלץ ניט געקאָנט פאַרלאָזן זייער פאַרברענטע היים.

ראָזע פעדער איז געקומען און זיי אָפּגעפירט צו זיך.

בא די פעדערס אין דער דירע האָט מען פאַר שימענס מישפּאָכע אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן צימער. די מיידלעך האָבן זיך גיך צוגעוווינט צו די נייע באַדינגונגען, פאַר זיי איז עס אפילע געווען טשיקאַווע. זיי האָבן געהאַט מיט וואָס זיך צו באַרימען, ווען די שכיינים פונעם אָפּגעברענטן הויף קלייבן זיך טאָגטעגלעך צונויף בא די פאַרייכערטע קוימענס:

— מיר וווינען באַם פעטער, בא בער פעדער.

מענטשן זיינען זיי מעקאַנע:

— אַזאַ מאַזל! האָבן אַ רייכן פעטער.

שימענס באָכערל, טעווקע דער שטעפּער, איז אַ שטילער, אַ באַשיידענער, רעדט ווינציק. דערפאַר האָט ער ליב שמייכלען, נאָך מער האָט ער ליב לייענען אַ בוך. אין דער אלטער דירע פלעגט ער פּריטיק נאָך דער וועטשערע לייענען, ביז דאָס לעמפּל פלעגט אויסברענען, און אף מאָרגן, שאַבעס, האָט ער דאָס אויסגעלייענטע איבערדערציילט זיין עלטערן כאַווער נאָטקע פראַים דעם מולערס. טאַטע־מאַמע פאַרשטייען ניט אלעמאָל טעוו־קען. פאַרוואָס שווייגט ער און וועגן וואָס טראַכט ער? צי שווייגט ער פון קלוגשאַפט, צי ער פוילט זיך ריידן? באַם פעטער אין שטוב שווייגט ער נאָך מער און שמייכלט אַ סאַך ווינציקער. ער בענקט נאָך דער אלטער די־

רע, ווי ער האָט געוווּסט דעם רייעך פון יעדן ווינקל, ווי ער האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געקאָנט טרעפן, וווהין ער האָט באַדאַרפט. דאָ האָט ער מוירע זיך א דריי צו טאָן, ער זאָל עפּעס ניט צעברעכן, ניט קאַליע מאַכן. און ער האָט דאַפקע ליב פּריַיקייַט אין די באַוועגונגען. מער פאַר אַלץ בענקט ער נאָך זייַנע ביכער, וואָס זייַנען פאַרברענט געוואָרן בייַס דער סרייפע. בא ראָזען זייַנען פאַראַן ביכער, אָבער אָנקומען צו איר ווילט זיך אים ניט. ראָזע ווייסט שוין אויך, אַז ער איז א שווייַגער. און ער האָט ניט ליב, ווען זי פרעגט אים, פאַרוואָס ער שווייַגט. ער האָט נאָך ניט מיט וואָס זיך צו באַווייַזן פאַר לייַטן. עמעס, אַמאָל נעמט אים דוכטן, אַז צו אים דאַרף עפּעס קומען אַזוינס, וואָס זאָל אים אופהייבן אין זייַנע אייגענע אויגן. פון שימענס קינדער האָט ער מער פון אַלע אויסגענומען בא דער מישפּאָכע פּעדער, באַזונדערס בא ראָזען. זי רופט אים: „דער שעמעוודי־קער״.

דער פאַרליבטער ראָזען ווילט זיך גוטס טאָן מענטשן. נאָך דער סרייפע איז אויך צוגעקומען ראַכמאָנעס צו די געליטענע, ביפראַט צו אייגענע. וועגן טעווקען האָט ראָזע דערציילט לייען. דער מומע לייע איז ער אויך געפעלן. זי האָט אפילע בא דעם שווייַגער טעווקע אַרויסגעריסן עטלעכע פראַזן, וואָס זייַנען איר געוועען צום האַרצן. „ער איז א שווייַגער, — האָט זי נאָכדעם געזאָגט, — ווייַל ער איז ניט קיין פּלאַפּלער. ער וועט האָבן וואָס צו זאָגן, וועט ער ניט שווייַגן״. די ניכטערע מומע לייע איז נאָך דער סרייַ־פע אויך געוואָרן ווייכער און האַרציקער. זי האָט געזאָגט ראָזען: „אָט דעם באָכערל, אַז מע וועט געבן א ביסל בילדונג, וועט ער ווערן א מענטש״. און וואָס פאַר ראָזען איז געוועען נאָך מער אומדערוואַרט: די מומע לייע אַליין וויל מיט אים לערנען. ראָזע האָט זיך דערפרייט.

— ביסט אַזאַ גוטע, מומע, אַזאַ גוטע.

— פאַרשטייסט, מייַן טייַערע, צוויי מאָל אין לעבן קומט צום מענטשן גוטס. איין מאָל, ווען ער איז יונג און פאַרליבט. א צווייט מאָל, ווען ער קאָן שוין אָפּשאַצן זייַן לעבן, ער באַנעמט דעם אָנהייב און פאַרשטייט דעם סאָף. מע דאַרף עפּעס גרייטן פאַר גאָט...

— מומע, וואָס רעדסטו... ביסט נאָך אַזוי יונג.

— אוואַדע יונג, נאָר עטוואָס עלטער...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ראָזע דערציילט טעווקען, אַז די מומע לייע וויל מיט אים לערנען. ער האָט זיך שטאַרק אָנגעכאַפּט. דערבייַ האָט ער געשמייכלט און אפילע ניט געשוויגן. נאָך מער: ער האָט ראָזען גע־בעטן לייַען א בוך אַף לייענען.

3

די סרייפע האָט געמאַכט א גאַנצע איבערקערעניש אין שטאָט. די אייַנ־וווינער האָבן גוואַלדיק מוירע באַקומען פאַר פייַער. ווער ווייסט, ווען צו וועמען פייַער קאָן קומען.

דאַמען און פּרייַלנס (צווישן זיי ראָזע פּעדער און בערטע קאַוועס)

קלײַבן פֿאַר די געליטענע געלט, קלײדער, שיך. קרוװיום, װאָס זײַנען געװען װײַט אײנע פֿון די אַנדערע, האָבן זיך דערנענטערט. עס איז אָנגעקומען אַ שטיקל צײַט, װען מע האָט זיך אױפֿגעהערט שעמען מיט אָרעמע פּרײַנט. שײנעס מישפּאָכע לעבט באַם ברודער בער. פּעשע די שײדלמאַכערקע — באַ איר שװעסטער. דער לערער רובין — זאָל עס ניט װוּנדערן — באַ פּײגעלען.

אין פֿרעמד־געשענקטע קלײדער דרײען זיך אַרום די באַלמעלאָכעס אָן אַרבעט. אײניקע גײען אַרום מיט לײדיקע הענט, אַנדערע — מיט אָפּגעראַטעװעטע שטיקלעך געצײַג, אײַנגעװיקלט אין לײַװנט און איבערגעבונדן מיט אַ שטריקל. אױף אַרבעט װאַרטן זײ איצט ניט, נאָר דאָס געצײַג היטן זײ, װי דאָס אױג אין קאָפּ.

די ייִנגלעך גײען ניט אין כײדער (אַ טײל באַטעמעדראָשים, װוּ די כאַדאָרים האָבן זיך געפֿונען, האָט אָפּגעברענט). און ביכלאַל... װער גײט עס נאָך אַ סרײפֿע אין כײדער. דרײען זיך די ייִנגלעך אַרום פּוסט־און־פּאַס, נישטערן אינעם אַש אָדער טראַכטן אױס פֿאַרשײדענע שפּילן, פֿאַרקריכן אין פֿרעמדע סעדער און רײַסן גרינע עפּל און באַרן.

װי אַלע טאָג, איז אױך הײַנט שימען דער שנײַדער שטיל אַרױס פֿון זײַן צימער, נאָך שטילער צוגעמאַכט די דרױסנדיקע טיר פֿון בער פּעדערס שטוב און זיך געלאָזט גײן צום פֿאַרײכערטן קוימען פֿון זײַן אַלטער דירע. ער זוכט גאָרניט און געפֿינט גאָרניט. ער קומט אַהער, װי מע קומט אױף אַ בעסאַלמען צו קײװער־אָװעס. װי פֿרי ער זאָל ניט קומען, איז ער קײנמאָל ניט דער ערשטער. אַ סאַך געװעזענע שכײנים פֿונעם גרױסן הױף דרײען זיך שױן דאָ אַרום. װי אַלע שכײנים, שװײַגט אױך שימען מער, װי ער רעדט. אָבער עס קומט אָן די מינוט, װען פֿון אים רײַסט זיך מאַמעש אַרױס אַ געשרײ:

— מענטשן, עפּשער װײסט איר, װוּ איז דאָ געשטאַנען מײַן טיש, װוּ האָב איך גענײט און װוּ האָב איך געפּרעסט? זאָגט מיר, איך בעט אײַך, מענטשן...

שימען איז אינגאַנצן גראָװ געװאָרן. אין בער פּעדערס געטראָגענע קלײדער זעט ער זיך אַלײן אױס, װי אַן אָפּגעקילטער און פֿאַרקױלטער קוימען. ער איז ניט געװױנט לײדיק צו גײן, קומט ער אַהער אַלע טאָג, װי אױף אַ שטעלע, װי צו דער אַרבעט. ס'איז פֿאַראַן נאָך אַ סיבע, נאָר װעגן איר זאָגט ער קײנעם ניט, אַפֿילע שײנען. ער לױפֿט פֿון דער דירע, ער זאָל זיך מיט בער פּעדערן ניט באַגעגענען, ניט אױסהערן פֿון אים קײן װערטער פֿון מיטגעפֿיל. ער װױנט מיט בער פּעדערן אונטער אײן דאַך. ער האָט אַן אַנדער ברײרע? און אַלפּי־סײכל װאָלט ער אים נאָך געדאַרפֿט אָפּדאַנקען אױך — אַרײַנגענומען צו זיך אַ גאַנצע מישפּאָכע.

זײַן שײנע כאַפּט זיך, אַז שימען איז גאָר אין צימער שױן ניטאָ, אײַלט זי אױך אַװעק צו דער אָפּגעברענטער װױנונג, זי װײסט: דאָרטן װעט זי אים טרעפֿן. דערנאָך שטײען זײ דאָרטן בײדע צוזאַמען, פֿאַרעלטערטע און מידע. שײנע טרײסט שימענען: „גאָט איז אַ פֿאָטער, עס װעט

נאָך גוט זײַן". ער שאָקלט מיטן קאָפּ אַף „יאָ", אוואדע וועט נאָך גוט זײַן! ער וויל בארוּיִקן שיינען. אָבער ביידע גלייבן שוין ניט דערין.

און טעווקע, שימען דעם שנײַדערס, גייט אלע טאָג צו לייען זיך לערנען. סײַוויי איז ער פרײַ, ניטאָ ווו צו ארבעטן. ער רופט זי „מומע לייע".

טעווקע נעמט אויס ניט נאָר בא לייען, נאָר אויך בא איר מאַן. לייע און איר מאַן קומען צום אויספיר, אז אין דער ענגשאפט, אין וועלכער ער ווינט בא בער פעדערן, איז טעווקען שווער זיך צו לערנען, צו לייענען, צי וואָלט ער עפשער אַף א ביסל צײַט ניט אריבער צו זיי ווינען? טעווקע האָט ניט געקווענקלט — גוט! ער גייט אריבער.

די ערשטע צײַט האָט עס אפילע ראָזע ניט געוווּסט.

דער לעצטער האָט זיך דערוווּסט שימען. ער האָט גלײַכגילטיק געזאָגט:

— טעווקע... פריש, געזונט און מעשוגע.

4

צוויי־דרײַ מאָל אין וואָך שיקט ראָזע בריוו צו איר כאָסן אוויגדער. זי שרײַבט וועגן דער סרייפע און וועגן דעם, וויפל מענטשן זײַנען געבליבן אָן א דאך. זי דערציילט, ווי זי העלפט די געליטענע. „איך טו גוט, מײַן כאָסן? איך וויל דיר נאָך מער געפעלן. איך בענק... שטארק, שטארק". און, פארשטייט זיך, אז זי שרײַבט גרוסן פון זײַנע עלטערן. אוויגדער איז צופרידן און ענטפערט מיט פארליבטע בריוו. ער בענקט אויך. ער קושט זי שטארק, שטארק.

צו צאליען און זלאטען קומט ראָזע אָפט, זי פרעגט זיך נאָך, וואָס זיי מאכן, ווי זיי לעבן, וואָס זיי פעלט. און אלעמאָל איז זייער ענטפער אָן אלציינער: מיר זײַנען געזונט, לעבן גוט, גאָרניט פעלט.

ראָזען דוכט אמאָל: צאליע און זלאטע זײַנען אופריכטיק צופרידן, ווען זי קומט. אָבער נאָך מער צופרידן זײַנען זיי, ווען זי גייט אוועק. און דאָס איז טאקע אזוי.

די לעצטע צײַט איז צאליעס פארלאנג אזא: כאסענע מאכן דעם זון און רוּיִק אָפּלעבן די לעצטע עטלעכע יאָר פארן אריבערגיין אין דער בעסערער וועלט. ער איז ניט געגנארט אין זיך. די יאָרן גייען, און די עלטער לאָזט זיך פילן. און קעגן דעם סיידער־האָוילאָם קאָן מען דאָך גאָרניט מאכן. אזוי איז עס שוין: מע קומט און מע גייט אוועק. און וויבאלד אזוי איז באשאפן די וועלט, דארף מען עס רוּיִק אופנעמען. דער מיזיניק איז שוין א כאָסן, די קאלע איז א שיינע, דער מעכוטן איז א רײַכער. נו, איז גוט.

די סרייפע האָט א סאך געענדערט.

די דירע, ווו צאליע קאדיש מיט זלאטען ווינען, איז געבליבן גאנץ. אָבער דאָס לעדער־וואַרשטאטל, ווו ער מיט זײַן שוטעף האָבן אליין געארבעט און דערפון געהאט כאיונע, איז פארכאפּט געוואָרן פון פײַער און אָפּגעברענט. זלאטע נעמט זיך פון דעם צום הארצן. צאליע איז אויסערלעך רוּיִק, ער שווײַגט. פאר צאליעס שווײַגן האָט זלאטע מוירע, ניט גוט, אז ער שווײַגט. מיט פארווײנטע אויגן איז זי צו אים צוגעשטאנען:

— דײַן שווײַגן שרעקט מיך...
— איך טראכט, זלאטע, איך פיר מיט זיך אליין אַ ייִשעוו־האדאאס.
— איז פארוואָס זאָגסטו מיר גאָרניט. צאליע, האָב אף מיר ראכמאָנעס, רעד...
— ריידן... וואָס זאָל איך ריידן, אז איך האָב נאָך ניט וואָס צו זאָגן.
— דו טראכסט דאָך.
— געטראכט און ניט דערטראכט.
— וועגן וואָס?
— וועגן אונדזער ווארשטאט, וואָס איז כאָרעוו געוואָרן, אונדזער פּאר־נאָסע, אונדזער כאיונע...
— און דערבויען קאָן מען ניט?
— מע קאָן, געוויס קאָן מען. און געלט? דארף מען לײַען.
— בא וועמען?
— אָט בא וועמען, זלאטע...
— איך מיין, אז בער פעדער וועט דיר אויסלײַען.
— איך צווייפל ניט, אָבער, זלאטע, מײַן ווײַב, איך וויל ניט.
— פארוואָס? א מעכוטן...
— אָט טאקע דערפאר וויל איך ניט. איך וויל ניט זײַן קיין אָרעמער מעכוטן. לײַ איך געלט, בין איך ניט קיין מעכוטן, נאָר א באלכויוו. און איך וויל זײַן מיט בער פעדערן גלײַך אף גלײַך. איך וויל ניט, אז ראָזע זאָל וועגן דעם וויסן.
— און בא די קינדער?
— געוויס ניט. א טאטע דארף געבן און ניט נעמען. א טאטע, וואָס נעמט, איז א כאָצי־טאטע.
— איז וואָס פאר אן אויסוועג?
— מאָרגן וועט אלץ קלאָר ווערן.
זלאטעווארט, וואָס וועט מאָרגן זײַן. אלץ דארף קלאָר ווערן. צאליע האָט פײַנט פוסטע רייד.
אינגיכן איז געקומען צו פאָרן צאליעס פלעמעניק — דאָוויד קאדיש (דער אמאָליקער דאָווידל טאָווּשע).
ער איז פונקט אזוי הויך און דאר, ווי געוועזן, נאָר עטוואָס סאָלידער געוואָרן, פארלאָזט זיך אן אונטערגעשאָרן בערדל, טראָגט א הארטן קאַ־פּעליוש און קורצע קליידער. אָבער ניט געקוקט אף דעם אלעמען, קאָן מען נאָך ביז איצט אין זײַנע טונקעלע אויגן זען עפּעס אן אומרו און אן אומ־זיכערקײַט, ווי גלײַך ער וויל זיך ארומקוקן אין אלע זײַטן: צי שרײַט מען אים ניט נאָך „מאמזער", צי קומט פון ערגעץ ניט אָן אנטאָן מערלעס... דאָוויד קאדיש איז איצט א מענטש א זעלבשטענדיקער, וואָס דארף צו קיינעם ניט אָנקומען, אָבער די שווערע יאָרן פון זײַן קינדהײַט און יוגנט גייען אים נאָך. ער קאָן עס קיינעם ניט דערציילן, ניט דעם ווײַב, ניט די קינדער.
נאָכן באגריסן זיך מיטן פעטער און מיט דער מומע האָט דאָווידל גלײַך געפרעגט:

— וואָס האָט אָפּגעברענט?

צאַליע האָט דערציילט. דאָווידל האָט צוגעזאָגט:

— וויפֿל איר דאַרפֿט געלט, וועט זײַן. זײַט רויִק.

— איך בין רויִק. און דיר קומט א דאַנק. זעסטו, זלאַטע, ווי גוט ס׳איז, אז מע האָט פֿרײַנט. און איצט, דאָוויד, דערצייל, וואָס מאַכט די מישפּאָכע, ווי לעבט זיך, ווי גייען די געשעפֿטן?

— די געשעפֿטן — ניט צו פֿאַרזינדיקן. הערט בעסער, פֿעטער, וועמען איך האָב דאָ ניט לאַנג באַגעגנט...

— וועמען?

— מערלעסן!

— וועמען?!

— איך געדענקט ניט אַנטאָן מערלעסן? דעם מעשומעד?

— דו שפּאַסט...

— און שטעלט אײַך פֿאָר, פֿעטער, זינט איך האָב אים דערזען, האָב איך זיך באַרויִקט.

— לעמאָשל, ווי דאַרף מען עס פֿאַרשטיין?

— פֿעטער, איר ווייסט דאָך, ווי ס׳האָט לאַנג געדויערט, ביז איך בין געקומען צו־זיך נאָך מײַן שווערער יוגנט. מער פֿאַר אַלץ האָב איך זיך געשראָקן, כ׳זאָל ערגעץ ניט באַגעגענען אָט דעם אַנטאָן מערלעס, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן מיך אַזוי פֿעסט געהאַלטן אין זײַנע הענט. און אָט... שטעלט אײַך פֿאָר, פֿעטער, אין איינעם א טאָג באַגעגן איך אים, באַגעגנט און זיך באַרויִקט. א שיוורע־קיילע, אַלט, אָן ציין, אָן האָר. ער האָט מיך דערקענט. „דאָווידקאַ, דאָראָגאָי, העלף מיר״.

— האָסטו געהאָלפֿן?!

— הערט אויס. מערלעס איז פֿאַרבליבן דער זעלבער, וואָס געווען. דורכגעטריבן און כיטרע. ער ווייסט נאָך גוט ווו־אײַן און ווו־אויס. אז ער איז געקומען צוריק פֿון די ווײַטע ערטער, ווו ער איז אָפּגעקומען זײַן שטראָף, איז ער אוועק צו דער טרעפּפֿערקע, וואָס האָט מיך אַמאָל געהאָדעוועט, און זיך איר דערקלערט אין ליבע. בא איר וווינט ער. איך העלף איר פֿון צײַט צו צײַט מיט געלט.

— נו?

— איז ער געקומען בעטן, איך זאָל זיי אָפּטער און מערער געבן. זיי זײַנען זאַלבעצווייט. שטעלט אײַך פֿאָר, פֿעטער...

— איך וועל זיך פֿאָרשטעלן... דו האָסט אים אָבער געגעבן?

— געגעבן.

— אַזוי... — צאַליע האָט זיך אויפֿגעשטעלט, דורכגעגאַנגען זיך איבערן צימער, זיך ווידער געזעצט. — איך וואָלט ניט געגעבן. איך האָב פֿײַנט צו זײַן א גוטער, ווען מע דאַרף ניט. ניין, איך וואָלט אים אָנקוקן ניט געוואָלט. און וואָס נאָך וויל איך דיר, דאָוויד, זאָגן... פֿון א האַנט, וואָס גיט געלט אַנטאָן מערלעסן, קאָן איך קיין געלט ניט נעמען. ביסט בא מיר א גאַסט, א גוטער גאַסט, נאָר געלט בא דיר לײַען וועל איך ניט.

ער האָט זיך ווידער אופגעשטעלט און געזאָגט צו זלאטען:
— איך מוז א ביסל ארויסגיין אף דער פרישער לופט.
נאָך זײַן אוועקגיין האָבן דאָוויד און זלאטע א היפש ביסל צײַט גע־שוויגן. דערנאָך האָט דאָוויד געזאָגט:
— איך האָב זיך באנארישט, מומע, סײַ מיטן געבן מערלעסן געלט און סײַ מיטן דערציילן וועגן דעם. אָבער, מומע, געלט דארפט איר דאָך, איר דארפט דאָך בויען. צוליב מײַן נארישקײַט זאָלט איר לײַדן! מומע, איך וועל אײַך דאָס געלט געבן, בויט...
— דאָוויד טײַערער, איך מעג דען, איך טאָר דען? אז מײַן געמאל, מײַן מאן צאליע נעמט ניט, נעמט זײַן ווײַב זלאטע אויך ניט. איך קאָן דען גיין קעגן צאליען? ער איז א מענטש, און איך וויל אויך זײַן א מענטש.
וועגן דעם ווייסט ניט ראָזע.

5

דער לערער מענאכעם האָט זיך פון דער ברענענדיקער שטוב קוים ארויסגעכאפט א גאנצער. מאשע האָט אים געוואָלט נעמען צו איר מומען. ער האָט ניט געוואָלט. ווּהין זאָל ער זיך לאָזן גיין? אין פוסטן מאָרגן ארײַן? ראָזע האָט אים געזוכט און ניט געפונען. שפּעטער איז געקומען ראָכעלע.
— איר זײַט דער לערער רובין?
— איך.
— מאשע האָט אײַך אויסגעמאָשלט. איך האָב אײַך דערקענט.
— מאשע?
— לערער רובין, די מאמע בעט, איר זאָלט קומען צו אונדז, איר זײַט דאָך געבליבן אָן א דאך איבערן קאָפּ.
— די מאמע...
— יע, יע. די מאמע... פייגעלע.
„די מאמע פייגעלע". דאפקע הײַנט, ווען עס ברענט... פייגעלע. זי רופט אים, ער איז אָן א דאך. ס'איז וווּנדערלעך מאמעש: סײַ די סרייפע, סײַ „די מאמע פייגעלע". ראָכעלע האָט אים פּאָשעט אוועקגעפירט צו זיך אהיים.

זי האָט אים גלײַך דערקענט, און ער האָט אָנגעקוקט די פרוי, וואָס איז געשטאנען אנטקעגן אים, און געוואָלט אין איר דערזען זײַן יונגע שילערן אָדער די יונגע פארקויפערן פון זיסע זאכן. ער האָט ניט דערזען ניט די און ניט יענע. און נאָר ווען די פרוי האָט געזאָגט „לערער רובין", איז דורך איר שטים אופגעקומען זײַן שילערן פייגעלע, וואָס קוקט אף אים, ווען ער האלט די אויגן אראָפּגעלאָזט. אין דער רעגע איז די סרייפע אָפּגע־טראָטן ווײַט־ווײַט. עס האָט מער ניט געברענט און מער ניט גע־רייכערט.

אין אלע אירע בריוו צו אוויגדערן איז ראָזע געווען גוט אופגעלייגט. געשריבן האָט זי וועגן מענטשלעכע צאָרעס, אָבער מיט האָפענונג אף בעסערס. און נאָר דער איינציקער בריוו, אין וועלכן זי האָט דערציילט אוויגדערן וועגן זונדל דעם שוסטער, וועמענס נאָמען זי האָט קיינמאָל פריִער אפילע ניט געהערט און וועמען זי האָט קיינמאָל ניט געזען, איז גע־ווען פול מיט אומעט און טרויער, אָן טרייסט, אפילע אָן בענקעניש. און אפילע מיט מער אומגעדולד ווי אף אנדערע בריוו, מיט גרויס אומגעדולד האָט ראָזע דאָס מאָל געוואַרט אף אוויגדערס ענטפער.

אלע אין שטאָט האָבן געוווּסט, אז מיט זונדל דעם שוסטער האלט שלעכט. אין שטארקן אומרו האָבן איינוווינער איינער באם אנדערן גע־פרעגט, וואָס זאָגן דאָקטוירים?

און דער ענטפער פלעגט קומען שטיל און מיט א קרעכץ:

— דאָקטוירים זאָגן: איין גאָט קאָן העלפן...

זונדל איז אויך געווען פון די ווינציק באקאנטע שטילע איינוווינער אין דעם גרויסן הויף. שווער צו זאָגן, צי האָט ער אף זײַן לעבן געמאכט פאר זײַנע קונדן כאָטש דרײַ פּאָר נײַע שיך. זײַן כאיונע האָט ער געצויגן פון פאריכטן אלטע, צעריסענע, צעטראָטענע. געווען איז ער בלאס און דאר, א גאנצן טאָג געזעסן באם וואַרשטאט מיט דער דראטווע און מיט דער אָל. דער קאָזאק אין שטוב איז געווען זײַן ווײַב דאָבע. און ווען עס האָט זיך גאנץ אָפּט געמאכט, אז איר פעלט אויס אף שאבעס, פלעגט זי ניט אויסהאלטן און אים אָרײַנזאָגן:

— ביסט א קאלטער לונג־און־לעבער, האָסט מיך ניט ליב און די קינ־דער ניט ליב, פארדינער שיינער!

בייס דער סרייפע, ווען דאָס געזינד איז ארויס אין הויף, האָט זיך זונדל געכאפּט, אז אין דער שטוב איז פארבליבן א קינד. דאָבע האָט גע־וויינט און געשריִען. זונדל איז ארײַן אין דער ברענענדיקער שטוב, און ווען ער איז ארויס צוריק מיטן קינד, שיצנדיק עס מיט זײַן קערפּער, האָט אף אים אלץ געברענט. דאָס קינד האָט ער געראטעוועט, און אליין האָט ער געהאלטן באם שטארבן. דער שטילער זונדל, וואָס ביז איצט האָט קיי־נער זײַן נאָמען ניט דערמאָנט, איז געוואָרן א העלד, געווען בא אלעמען אין מויל.

— אָט דאָס הייסט א טאטע!

— און דוכט זיך, האָ?.. קיין צוויי ניט געקענט ציילן.

פון יענעם טאָג אָן האָט מען אָפּט איינער באם אנדערן געפרעגט:

— וואָס מאכט ער?

און דער ענטפער איז געווען:

— איין גאָט קאָן נאָר העלפן.

גאָט האָט ניט געהאָלפן. זונדל איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט א ווײַב אָן אלמאָנע און קינדער יעסוימים.

די גאַסן, וואָס פירן צום בעסאַלמען, זײַנען געווען פול מיט אַלט און יונג. אַ גרויסע לעווייַע באַ זונדל דעם שוסטער, נאָר אַ שוויַיגנדיקע. פאַר־ביטערטע, פאַרטרויערטע, גייט מען אין שווערן שוויַיגן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דורכן צעעפנטן פעך־שוואַרצן טויער איז דער גרויסער אוילעם אַריַין נאָך דער מיטע, וועלכע מע האָט דעם גאַנצן וועג געטראָגן אויף די הענט. און ווען מע איז צוגעקומען צום קייווער, און דער מאַגיד האָט געזאָגט: „מיר ברענגען צו אייביקער רו אַ קאָדעש, אַ הייליקן מענטשן, וואָס האָט זײַן לעבן אָפּגעגעבן פאַר ראַטעווען אַ קינד. אַזוינע פאַרגיכערן די געולע. רעב זונדל, זײַ פאַר אונדז אַ גוטער בעטער...״ — האָבן אַלע אַרום געוויינט מיט ביטערע טרערן. און ווען מע האָט זונדלען דעם שוסטער אַראָפּגעלאָזט אין קייווער און אים פאַרשאָטן, האָבן אַלע מאַנצבלען אין איין קאָל געזאָגט דעם ראַבאָנען־קאַדעש.

דער ענטפער פון אוויגדערן איז אָנגעקומען שנעל. ער האָט געשריבן, אַז כאָטש ער איז וויַיט פון דער היים, לעבט ער איבער די אומגליקן, וואָס זײַנען אויסגעפאַלן אויף זייער שטאָט. ער לעבט עס איבער צוזאַמען מיט ראָזען זײַן קאַלע — אַזאַ שיינע, גוטע און קלוגע.

און נאָך האָט ער געשריבן: „טײַערע מײַנע, מיר זײַנען, צום באַדויערן, אָפּגעריסן פון פאָלק, פון גוטע, פאָשעטע מענטשן. און אָט טאַקע דער שוס־טער זונדל, וואָס דו שרײַבסט וועגן אים, דערמאָנט עס אונדז. איך האָב אפילע זײַן נאָמען ניט געוווּסט, ניט געוווּסט, אַז אַזאַ מענטש איז פאַראַן אויף דער וועלט. און ער איז דאָך אַן עמעסער העלד!״

7

די ניסראָפּים פונעם הויף האָבן ביסלעכוויַיז זיך אײַנגעאָרדנט, ווער באַ אייגענע, ווער באַ באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. און נאָר איין מענטש, מעג מען זאָגן, האָט ניט געהאַט ווו דעם קאָפּ צולייגן: שיפרע. אַ יונגע און אַ שיינע, נאָר אָן מאַזל. איר שלימאַזל האָט זיך אָנגעהויבן פון סאַמע געבאָרן ווערן באַ אָרעמע עלטערן. אָרעמע און דערשלאָגענע, שטאַרק גלייביקע. קיינמאָל צו קיינעם קיין טײַנעס ניט געהאַט, אַלץ אָנגענומען פאַר גוט, אַלץ איז דאָך פון זײַן ליבן נאָמען. שיפרע איז אויך אַזאַ גע־וואַקסן. אַלע אינדערפרי געזאָגט „מוידע אַני״, פאַרן שלאָף געלייענט „קרישמע״, געוווּסט אַלע בראָכעס, באַזונדערס אויף ברויט און קאַרטאָפּל. און דעריקער געוווּסט, אַז מע דאַרף זײַן גוט און פרום. גאָר יונג האָט מען זי כאַסענע געמאַכט. אָן נאַדן, אָן אויסשטײַער, ניט מער ווי אין אַ ציצן קליידל. דער מאַן איז געווען אַ גוטער, נאָר אַ קראַנקער. מיטן יונגן שיינעם ווײַב האָט ער אָפּגעלעבט קוים אַ יאָר צײַט. קיין קינד איז ניט געווען. אין עלטער פון אַכצן יאָר איז שיפרע פאַרבליבן אַן אַלמאָנע.

אַ יאָר צײַט האָט זי זיך אין ערגעץ ניט באַוויזן, און דערנאָך האָט מען איר גענומען ריידן שידוכים. און כאָטש אַ שיינע און אַ יונגע, אָבער אָן

אלמאָנע און אן אָרעמע, עמעס, שוין מיט צוויי ציצענע קליידלעך, — האָט מען איר גערעדט אלמאָנים און זקיינים. דער צווייטער מאן איז טאקע גע־ווען אן אלמען מיט דערוואקסענע אויסגעגעבענע זין און טעכטער. ער האָט צו איר געהאט א טייַנע: פאַרוואָס האָט זי ניט קיין קינדער, ער זאָל געווען וויסן, אז זי איז אן אקאָרע, וואָלט ער מיט איר ניט כאסענע געהאט. ער האָט גאָר פארגעסן, ווי אלט ער איז און ווי שוואך. זי האָט אים באדינט, געקאָכט עסן, ריין געהאלטן די דירע. און בעשאסמייַסע געטראכט: „פאר־וואָס, ריבוינעשעלוילעם, קומט מיר אזא שטראָף? כ'האָב דאָך ניט גלעבט און ניט געזינדיקט. מיט וואָס בין איך ערגער פון אנדערע?״ אזוינע גדאנ־קען האָבן געמעגט צו איר קומען אָפן און ניט פארשטעלט. עס זייַנען אויך געווען באהאלטענע גדאנקען, וואָס זי האָט מוירע געהאט פאר זיי, אָבער זיי פלעגן קומען: „טאטע־פאָטער, דייַן מישפעט און דייַן פסאק איבער מיר איז ניט קיין גערעכטער... האָב קיין פאריבל ניט און זייַ מיר מויכל״.

פיר יאָר האָט זי אָפּגעלעבט מיט דעם מאן. דערנאָך איז ער געשטאָרבן. א יאָר צייַט איז זי געווען אן אלמאָנע, און ווידער האָט מען איר גערעדט שידוכים — פאָרט א שיינע און א יונגע — און נאָכאמאָל א מענטשן, וואָס איז איר ניט געווען צום הארצן. נאָר גיי טו עפעס... דאָס צווייטע מאָל אן אלמאָנע. מיטן דריטן מאן איז געשען אן אומגליק, ער איז, באָדנדיק זיך אין טייַך, דערטרונקען געוואָרן. און דעמלט האָבן אייניקע מענטשן, וואָס פארשטייען זיך אין די שווארצע פינטעלעך, אייַנגעפונען, אז וויבאלד בא איר זייַנען געשטאָרבן דרייַ מענער — איז זי א קאטלאָניס, א מער־דערן, בא וועלכער עס שטארבן די מענער. דער קלאנג האָט זיך גענומען פארשפרייטן איבער דער שטאָט, מענטשן האָבן שיפרען גענומען אויס־מייַדן — א געפאר מיט איר האָבן צו טאָן. וואָלט זי געהאט ערגעץ א ברו־דער צי א שוועסטער אָדער א ווייַטן קאָרעוו אפילע, וואָלט זי א כאפּ גע־טאָן אירע צוויי ציצענע קליידלעך און פון דער שטאָט טייקעף אוועק. וווהין אָבער האָט זי געקאָנט לויפן? זי איז געווען עלנט און איינזאם. איר איז געווען זייער ביטער. פאַרוואָס איז זי א מערדערן, ווען זי האָט אף איר לעבן קיינעם מיט קיין פינגער ניט אָנגערירט? און אירע באהאלטענע גדאנקען זייַנען געקומען אף דער צונג: „טאטע, פאָטער, ביסט ניט גע־רעכט, ניט דו און ניט דייַן מישפעט!״

אף ארבעט אין דער טאבאק־פאבריק האָט מען זי גענומען. זי איז אָבער געבליבן אָפּגעזונדערט פון אלעמען. געלעבט פאר זיך און אין ערגעץ זיך ניט באוויזן — מע זאָל זי ניט בארײדן און ניט באשמוצן. אין הויף, ווו זי האָט געלעבט אין שכיינעס מיט כייַעלע דער נייטערן, האָט זי קיינער ניט אָנגערירט. און געווען איז זי נאָך יונג, קיין פולע פינף און צוואנציק ניט אלט. בייס דער סרייפע איז דער ערשטער גדאנק אירער געווען: „זאָל עפשער אזא וועלט טאקע ברענען...״ אָבער פונדעסטוועגן... ווו טוט מען זיך אהין? שיפרע האָט גאָר קיין האָזע ניט געהאט צו בעטן בא עמעצן א ווינקל. זי האָט געגעכטיקט אונטערן הימל, ביז בערטע קאווע האָט זי ניט אוועקגעפירט צו זיך. בערטע קאווע, ווי באוווּסט, איז געווען צווישן די דאמען, וואָס האָבן געקליבן געלט און קליידער פאר די געליטענע. ראָזע פעדער איז יענעם טאָג גראָדע געקומען צו דער מאדאם קאווע, דערזען

שיפרען, האָט זי מיטן בליק געפרעגט: „ווער איז די פרוי? מיט וואָס קאָן מען איר העלפן?"

ווער איז די פרוי, האָט בערטע ניט געוווּסט, נאָך ניט געפרעגט. פאַר איר איז איצט געווען גענוג, וואָס ניט געקוקט אויף דער סריפּע און אויפן שלאָפן אונטערן הימל, זעט די פרוי אויס שטאַלטנע און שיין. דערבײַ פילט זי שיפּרעס שטילע אָרנטלעכקײַט. און דאָס אַליין איז אַ גוטער סימען. ערשט אויף מאָרגן, ווען שיפרע האָט זיך גוט אויסגעשלאָפן, גוט אײַנגעוואַשן און זיך איבערגעטאָן אין דער באַלעבאָסטעס קליידער, האָט זי דערציילט, ווער זי איז.

— איר פאַרשטייט, מאַדאַם, — האָט זי פאַרענדיקט, — דרײַ מאַנען האָב איך געהאַט, נאָר קיין איין מאַנצבל ניט.

— ווילדקײַט, ווילדקײַט! — האָט געענטפערט בערטע.

זי קוקט שיפרען אָן מיט אַ שמייכל און טראַכט דערבײַ: „איך וועל זי כאַסענע מאַכן פאַר אַ מאַן, אַ מאַנצבל, זייער פאַטאַ וועל איך אופהענגען אויף דער וואַנט". דער אײַנפאַל געפעלט איר.

8

די אײַנוווינער פונעם הויף זײַנען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער שטאָט. פעשע די שיידלמאַכערקע האָט אָפּגעדונגען אַ קליין צימערל. זי מיט אירע מיידלעך מאַכן ווידער שיידלעך פאַר דער טאַבאַק־פאַבריק.

שימען דער שנײַדער האָט אויך געדונגען אַ דירעלע. ער איז ווידער אַ שנײַדער, און די מיידלעך אַרבעטן, ווי פריִער, אויף דער זעלבער פאַבריק.

דער לערער מענאַכעם איז פאַרבליבן בא פייגעלען. צו אים אין געסט קומען מאַשע, עזרע און שימען דעם שנײַדערס מיידלעך.

אַנדערע האָבן גענומען אופבויען די כאָרעווע שטיבלעך. מיקויעך בויען איז דער ניסרעף נאָטקע דער מוליער געקומען צו רעב מאָטעלען דעם גוויר. רעב מאָטעלע איז אַ ייִד אין די פופציקער, אַ ברייטער און אַ נידעריקער, מיט ניט קיין גרויסער באָרד און מיט גרויסע געקרויזטע פייעס. אַ באַדאַכטער, אָן אָפּגעהיטער, האָט ער ליב גוט אָפּעסן און פירן אַ געמיטלעכן שמועס.

נאָטקע, פראַיִם דעם מוליערס זון, אַליין אויך אַ גוטער באַלמעלאָכע, איז אַ קרעפטיקער יונג, און קיין פינגער אין מויל דאַרף מען אים אויך ניט אַרײַנלייגן. ער וויל לעבן און האַנאָע האָבן פון לעבן. ער האָט שוין געטראַכט וועגן כאַסענע האָבן, איז אויסגעבראָכן די סרייפע.

ווען נאָטע איז אַרײַנגעקומען צו רעב מאָטעלען, איז יענער געזעסן באַם טיש, אַ געדעקטן מיט אַ וואָכעדיקן טישטעך, און געבענטשט נאָכן עסן. אויפן טיש איז אין אַ טיפן טעלער געשטאַנען מאַיִם־אַכרוינים־וואַסער. אויף רעב מאָטעלען אַליין האָט געשײַנט די שכינע. „אָט דאָס איז צו דער זאַך, — האָט אַ טראַכט געטאָן נאָטע, — ער איז גוט אופגעלייגט".

— אַ גוט־העלף אײַך, רעב מאָטעלע, ברוכים האַיוישווים.

— א גוט־יאָר. באָרוך־האבאָ. זיץ.

— א דאנק, רעב מאָטעלע, ס׳איז א גרויסער קאָוועד פאר מיר, אז איר בעט מיך זיצן. ווי פילט איר זיך?

— א לויב דעם האשעם־יִיסבאָרעך.

— גאָט זאָל העלפן אויך אף ווײַטער. איר זײַט דאָך בא אונדז דער איינציקער. ווען איך זאָגט מען: איר פארמאָגט סײַ הארץ, סײַ סייכל, צו אײַך קאָן זיך קיינער ניט גלײַכן.

— נו, נו... פאראן אין אונדזער שטאָט געננג גוטע און פרומע ייִדן.

— פאראן, פאראן... זיי זײַנען אָבער גוט און פרום נאָר פאר זיך, איר, רעב מאָטעלע, זײַט א מענטש מיט אן אָפן הארץ.

— דו אליין זאָגסט עס נאָר? צי אנדערע אויך?

— די גאנצע שטאָט. אלע ווייסן דאָך, אז איר זײַט אלעמאָל גרייט צו טאָן א מענטשן א טויווע, באזונדערס אין א שווערער שאָ.

— טאקע, אנדערע זאָגן אויך?

— די גאנצע שטאָט. צו וועמען זאָל מען גיין אין אן אייס־צאָרע? צו אײַך!

נאָטע זעט, אז זײַנע ווערטער ווירקן, זיי נעמען דורך רעב מאָטעלען, טראכט ער: „מע דארף צוגיין נעענטער צום איניען":

— און איך קום אויך צו אײַך. אָפּגעברענט, געבליבן, קאָן מען זאָגן, אין הוילע טאכטוינים. גאָטס שטראָף פאר אונדזערע זינד.

— פאר אונדזערע זינד, עמעס.

— וויל איך אײַך בעטן, רעב מאָטעלע...

— וואָס קאָנסטו בא מיר בעטן? וואָס האָב איך, וואָס פארמאָג איך? אונדזערע גרויסע זינד...

נאָטע באנעמט טייקעף, אז ער דארף אף א ווײַלע אָפּטרעטן, ער האָט נאָך ווינציק דערוואָרעמט רעב מאָטעלען, זאָגט ער:

— אוואדע... צוליב אונדזערע זינד, מע דארף בעטן גאָט...

— אָט, אָט... בא גאָט דארף מען בעטן.

— גאָט שיקט זײַן הילף דורך מענטשן.

— אוואדע, דער אייבערשטער קאָן אלץ.

— דורך מענטשן, דורך גוטע מענטשן, פרומע און בעקאָוועדיקע, דורך אײַך, רעב מאָטעלע...

— דורך מיר אויך, אויב ער וויל.

— זײַט זשע זײַן שאָליִעך, רעב מאָטעלע! איך בעט א גמילעסכעסעד. א ניסרעף, אָן א דאך, אָן א טיש... רעב מאָטעלע, איך בין גרייט פאלן פאר אײַך אף די קני, העלפט...

— פע, פע, וואָס פאר א רייד. פאר גאָט קניט מען, און ניט פאר א מענטשן, ביסט דאָך באשאפן בעצעלעם עלויקים. פע, פע, אווידע־זאָרע. קום מאָרגן, וועלן מיר באטראכטן.

אף מאָרגן האָט רעב מאָטעלע שוין ניט געבעטן נאָטקען זיצן. ער האָט מיט פארדראָס געזאָגט:

— אזא בארדאס, ווי דו, נאָטקע, אזא באלטאכלעס, ווי דו, זאָלסטו קו־

מען צו מיר וועגן דיניי מאַמענעס... פונוואַנען האָב איך געלט, און אויב איך האָב, איז עס ניט פאַר דיר. צײַט דיר כאַסענע האָבן, צײַט א מישפּאָכע פאַרפירן און לעבן, ווי אַלע מענטשן. זײַ געזונט!

9

דער נעכטן קומט ניט מער.

עליע שלײַען און קוסיִעל ציפּער זײַנען געקומען פון דער טפּיסע און האָבן ניט געפונען די הײַזער, ווו זיי האָבן פריִער געוווינט. עמעס, זיצנדיק אין קאַמערע, האָבן זיי געהערט וועגן דער סרייפע, אָבער זיך ניט פאָר־געשטעלט, ווי גרויס זי איז. און אוודאי האָבן זיי זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז זיי וועלן בלײַבן אָן דירעס. ס׳איז טאַקע זומער, ס׳איז וואַרעם, די זון שײַנט, נאָר וווהין טוט מען זיך אהין? צו א גוטנברודער. זײַנען די גוטעברידער אויך געבליבן אָן טירן און אָן פענצטער.

— עליענקע, — זאָגט קוסיִעל, — דיר איז גוט, דיר איז דאָבזשע, האָסט א קאַלע. און די קאַלע האָט א דאַך. א קאַלע מיט א דאַך איז א גאַנצער גאַניידן. און נאָך אַזא קאַלע, ווי דײַן כאַנע...

— קוסיק, טשעפּע ניט מײַן כאַנען.

— וואָס רעדסטו?.. איך מיין דײַן טויווע. האָב כאַסענע. ווייסט, עליענ־קע, איך זוך אויך א קאַלע. און איך וויל אויך אַן אָרנטלעך מיידל.

עפּשער איז שוין טאַקע געקומען די צײַט צו כאַסענע האָבן? — טראַכט עליע. ניין, — טראַכט ער באַלד איבער, — ווי קאָן ער עס איצט טאָן? ער שעמט זיך גאָר צו באַווײַזן פאַר כאַנען. זי וועט אים אָנקוקן און שווײַגן, שאָקלען מיטן קאָפּ, און אין אירע גלאַנציק־שוואַרצע אויגן וועט זיך אויס־לעשן דאָס שטענדיקע פײַערל. איר שווײַגן איז ערגער פון זידלען און פון שילטן. און אויך איר שאָקלען מיטן קאָפּ קאָן ער אויסטײַטשן: „גוטע בסו־רעס הער איך פון דיר, עליע. אויסגעלאָסענע פרויען, צעבראָכענע שויבן און שפּיגלען... גוט דערלעבט, האַ? און זיצן אין טורמע מיט אַלע אַרעס־טאַנטן... בעסער וואָלטן עס מײַנע אויגן ניט געזען, מײַנע אויערן ניט גע־הערט״.

וואָס קאָן ער, עליע, כאַנען ענטפערן? און מיט וואָס קאָן ער פאַר כאַנען זיך פאַרענטפערן?

אַרײַנזאָגן עמעצן אין טאַטן און אין דער מאַמען אַרײַן, אַרײַנפּאָרן אין די ציין און קאַליע מאַכן די צורע איז אים א סאַך לײַכטער, ווי פאַרענט־פערן זיך פאַר כאַנען, ווען זי איז גערעכט, אינגאַנצן גערעכט... דאָס איז איבער זײַנע קויכעס. דערבײַ ווייסט ער דאָך, ער איז גאָר ניט אַזוי שול־דיק. ער האָט דען געוואָלט גיין? ער איז דאָך שוין געלעגן אף זײַן שטרוי־ענעם סעניק, איז געקומען קוסיע און אים אוועקגעפירט...

„און איך האָב דיך וויפל מאָל געבעטן, עליע, — הערט ער כאַנעס ווער־טער, — זאָלסט זיך ניט כאַווערן מיט דעם קוסיען, א טרייפענער ביין, דורכויס כאָמעץ. זײַ א מענטש, און מיר וועלן שטעלן א כופּע״.

און עליע זאָגט קוסיען גוטמוטיק ברויגעזלעך:

— צוליב דיר קאָן איך זיך פאַר כאַנען ניט באַווײַזן.

— פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? געווען באַ נעקייוועס? געזעסן אין טורמע? איר איז עס גוט צו הערן?

— מאַך זי ניט פאַר קיין מאַלעך.

— זי איז אַ מאַלעך. אַ ריינע נעשאָמע, אַ גוט האַרץ.

— עליענקע, אַלע מיידלעך זײַנען די זעלבע. און דײַן כאַנע אויך...

— קוסיע, טשעפּע ניט מײַן כאַנען...

— זאָל גאָט אויסהיטן. דײַן כאַנע...

ער האָט ניט באַוויזן מער אַ וואָרט אויסצורײדן, ווי עליע האָט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער:

— שווײַג! איך מיימעס!

— מיימעס ניט, עליע. פון אַזאַ בעריעשקײַט קאָנסטו זיך פאַרהיקען און פאַרקעקן.

— שווײַג, טרייפענער ביין! כאָמעץ!

— כי־כי־כי... — האָט קוסיעל דראָבנע אַ לאַך געטאָן. — כאַנעס רייד. זי איז דײַן רעבעצן!

אומבאַמערקט און פלינק האָט עליע שלײַען אַ הייב געטאָן די האַנט און מיט דער לינקער ביינערדיקער זײַט אַ פּלעם געטאָן קוסיעלן אין דער פּאַמ־פּעשקע־באַק. יענער האָט אַ רעווע געטאָן, ווי אַ געשטאָכענער בער. ער איז אָבער באַלד געקומען צו־זיך, מיט אַלע קויכעס אַרומגעכאַפּט עליען, אים אופגעהויבן און די זעלבע רעגע געמוזט אַראָפּלאָזן צוריק.

— סאָפּעסט שוין, ווי די דיקע רעבעצן, קוסיקל, — האָט עליע זיך גע־פרייט, — צו געזונט! ניט פאַר דײַן קוגל־הינטן איז מיט מיר זיך צו פאַר־נעמען. איך האָב פּײַנט פעטע נעקייוועס, — און ווידער אַזוי אומגעריכט און פלינק זיך דורכגעגאַנגען מיט די זעלבע האַרטע פינגער איבער קוסיעלס באַק.

קוסיעל ציפּער איז אָפּגעטראָטן.

— וועסט מיך האָבן צו געדענקען! — האָט ער געזאָגט, דראָענדיק מיט אַ פויסט אינדערלופטן. — דו און דײַן פרומע נעקייווע.

געזאָגט און אַנטלאָפן.

אינגיכן איז עס דערגאַנגען צו כאַנען. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געזאָגט דער מומען:

— איך וויל אים ניט זען און וויל אים ניט קענען! ער פאַרשוואַרצט מײַנע יאָרן. אַ גאַזלען!

עטלעכע טעג האָט זי זיך אַף דער גאַס ניט באַוויזן, זיך געשעמט פאַר לײַטן מיט איר כאָסן, אַף וועלכן אַלע טײַטן מיט די פינגער. און עליע איז אַרומגעגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער פאַרבײַ אירע פענצטער און ניט געהאַט קיין מוט אַהין אַרײַנצוקוקן.

כאַנעס מומע האָט אים איבערגעגעבן: אויס! זאָל ער זיך זוכן אַן אַנדער קאַלע.

... נאָך דער סרייפּע האָט מען אַפּילע פון דער זײַט געקאָנט באַמערקן, אַז די אײַנוווינער פון די אָפּגעבערנטע גאַסן זײַנען געוואָרן מיט עפּעס פּעס־טער באַ זיך, ווי פריִער. זיי האָבן איבערגעלעבט אַזוינס, וואָס נאָך דעם שרעקט זיי מער גאָרניט. נאָך מער: זיי זײַנען געוואָרן אומצופרידן מיט זייער אָרעמקייט. באַזונדערס האָט זיך עס געפּילט צווישן די אַרבעטער פון דער טאַבאַק־פאַבריק. ווען דעם האָט עזרע דערציילט מענאַכעמען בּאַ פייגעלען אין שטוב.

שימען האָט געשיקט רופן טעווקען צוריק אַהיים. טעווקע איז ניט געגאַנגען. אים האָט זיך אַפּילע ניט געכאַלעמט, אַז עס קאָן קומען אַזאַ צײַט, ווען ער וועט זײַן פרײַ אַף צו לערנען און שלינגען ביכער, וויל ער בלײַבן באַ לייען. מיט זײַנע פריִערדיקע כאַווײרים באַגעגנט ער זיך ניט. עמעס, קיין נײַע זײַנען נאָך אויך ניט פאַראַן, זיי וועלן אָבער זײַן. טעווקע ווערט אַן אַנדערער. ער האָט געזאָגט: „איך וויל זיך לערנען". לייע איז געווען גערעכט: ער וועט האָבן וואָס צו זאָגן, וועט ער ניט שווײַגן. ער רעדט שוין צוביסלעך. דאָס איבעריקע דעקט ער מיט אַ שמייכל.

זייער גאַנץ לעבן האָבן לייע מיט איר מאַן געלעבט נאָר פאַר זיך. אַן אויסנאַם איז געווען ראָזע. ראָזען האָבן זיי ליב געהאַט, און זי האָט זיי פאַרביטן דאָס איינציקע קינד, וואָס איז פרי געשטאָרבן. איצט אָבער איז שוין לייען און איר מאַן צײַט זיך צו פאַרטראַכטן, מיט וואָס קומען צו גאָט. צו גאָט — באַטײַט ניט נאָר מיצוועס טאָן (מיצוועס אויך), צו גאָט באַטײַט: וואָס לאָזט מען איבער אַף דער וועלט, וואָס לאָזט מען און וועמען לאָזט מען... ווער וועט זאָגן קאַדעש און ווער וועט דערמאָנען צו יאָרצײַט ליכט אָנצינדן? לייע מיט איר מאַן טראַכטן, אַז טעווקען האָט זיי גאָט אַליין צוגעשיקט. נאָר ביזן סאָף דערטראַכטן זיי ניט. דאָס, וואָס ער ווערט אַן אייגענער, איז גוט. מיט דער צײַט וועט ער ווערן נאָך נעענטער, אָבער ער זאָל ווערן זייער יורעש? דאָס שרעקט זיי. ערשטנס, דערפילן זיי, אַז פון אָט די געדאַנקען ווערט דאָס „קומען צו גאָט" עפּעס צו נאָענט, ווי דאָס זאָל דאַרפן געשען מאָרגן אָדער איבערמאָרגן. און, צווייטנס, באַקומט זיך, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַר זייער לעבן אָנגעזאַמלט, גיבן זיי אָפּ מיט זייערע אייגענע הענט. ניין, מע דאַרף זיך אַליין ניט פאַרלויפן דעם וועג. פאַראַן נאָך גענוג צײַט. דערווײַל איז ווּיכטיק טעווקען דערציִען, בילדן, באַקאָנען מיט גוטע און לײַטישע כאַווײרים. און אַפּילע ווען יִכעס פאַר אים טראַכטן זיי: זײַן מאַמע איז די שוועסטער פון בער פעדער.

טעווקען איז דערווײַל גוט. אַהיים בענקט ער ניט.

בערטע קאָווע שפּילט אַ שפּיל, וואָס רופט זיך שיפּרע. זי האָט איר שוין אַפּילע אַן אַנדער נאָמען געגעבן, ניט שיפּרע, נאָר שיפּע.

— טײַערע שיפּעלע, זײַ רויִק, אַלץ וועט רעכט זײַן.

בערטע האָט אַ גוטן אײַנפאַל. און אַז בערטע נעמט זיך פאַר עפּעס, לעבט זי מיט דעם. זיצט ניט אײַן אַף אָן אָרט, ביז זי פירט אירס ניט אויס. איצט זוכט זי פאַר שיפּען אַ כאָסן. אין דעם, אַז די קאַלע וועט אויסנעמען, צווייפלט זי ניט. אַ שיינע, אַ גוטע, אַן איידעלע. פאַר דער קורצער צײַט,

וואָס שיפּרע געפינט זיך בא דער מאַדאַם קאָווע, האָט זי זיך דערפילט פאַר א מענטש. זי דאַרף מער ניט ציטערן, צי מע קוקט אַף איר שלעכט, צי מע באַרעדט זי. אירע אַלעליידן נעמען זיך פון ווילדער נאַרישקייט, ווי די מאַדאַם דערקלערט עס. און די מאַדאַם בערטע קאָווע לויכט אַרויס מיט איר פריילעך פּאַנעם און שײַנע בלאָנדע האָר. זי שאַפט, זי בויט, זי וויל באַ־וויזן ווונדער — אָט די געליטענע און געפּײַניקטע שיפּרע זאָל ווערן א פריילעכע און גליקלעכע שיפּע. זי, בערטע קאָווע, פאַרלײַדט ביכלאַל ניט קיין מאַרעשכוירע, קיין אומעט, ווען מענטשן לעבן ניט, נאָר זאָרגן (פאַר איר זאָרגט דער מאַן).

שיפּרע קאָן נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין, וואָס מיט איר קומט פאָר. א נעס! צי איז זי טאַקע די זעלבע שיפּרע?

מע קאָן זאָגן, אַז נאָר צופעליק איז דער גוירל צו ווערן שיפּרעס כאַסן אויסגעפאַלן אַף נאָטע דעם מוליער. צו בערטע קאָווען איז דערגאַנגען דער קלאַנג וועגן נאָטקעס באַזוך בא רעב מאָטעלען. און אויך זײַנען צו איר דערגאַנגען רעב מאָטעלעס ווערטער: „צײַט דיר כאַסענע האָבן". און זי האָט מיט זיך אָפּגעמאַכט: ער, אָט דער נאָטקע, איז דער כאָסן, דער באַשערטער. א יונגער, א געזונטער, א מאַנצבל, וואָס נעמט פון א שיין מיידל די אויגן ניט אַראָפּ. א גוטע פּאָר. און ביידע זײַנען אויסגעהונגערט נאָך ליבע. פאַר בערטע קאָווע זײַנען אינגאַנצן קלאָר געוואָרן ביידע פּער־סאָנאַזשן פון דער שפּיל. דאָס האָט איר צוגעגעבן מער מוט און אינטערעס.

אַף בערטען מעג מען זיך פאַרלאָזן. זי ווייסט, מיט וועמען ריידן און ווי צו ריידן. זי ווייסט: א וואָרט קאָן מאַכן גליקלעך. און דאָס זעלבע וואָרט קאָן אויך מאַכן אומגליקלעך.

10

די אײַנוווינער פונעם גרויסן הויף, וואָס זײַנען צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע ווינקלען פון דער שטאָט, בענקען נאָך זייער גאַס, נאָך זייערע בערעזעס, נאָך זייערע שכיינים. אַפילע א צופעליקע באַגעגעניש רופט אַרויס פרייד און טרערן.

אָנהייב ווינטער האָבן די אײַנוווינער פונעם הויף זיך באַגעגנט אַף דער כאַסענע פון נאָטקען מיט שיפּרען — די ערשטע כאַסענע נאָך דער סרייפע.

אין דרויסן איז געפאַלן א פריילעכער ליכטיקער שניי. ער איז געפאַלן א גלײַכער, ווי העלע פעדעם וואָלטן זיך געצויגן פון הימל אַראָפּ. אַף דער גאַס אונטערן פאַלנדיקן שניי האָבן זיך פון צײַט צו צײַט געהערט צופריי־דענע יונגע געלעכטערס. קאָנטיק: ס'איז גוט די מענטשן און ס'איז גוט דעם שניי. גופע אַף דער כאַסענע בא בערטע קאָווע אין דער שיינער דירע איז געווען נאָך פריילעכער. שיפּרע האָט געשײַנט. זי האָט אַף איר לעבן דאָס ערשטע מאָל דערזען אַזויפיל האַרציקע מענטשן, וואָס באַגריסן זי, ווינטשן איר גוטס, פרייען זיך מיט איר און מיט איר כאָסן, וועלכער זיצט לעבן איר און זאָגט איר שטילע ווערטער, וואָס צעגייען זיך איבער אַלע

גלידער. זי פילט דערבײַ דעם קויעך פון נאָטקעס פעסטער האַנט, די וואַ־רעמקײַט, וואָס פון אים שטראָמט, זי זעט זײַנע גלוסטנדיקע אויגן, זי הערט זײַן האַרץ. יאָ, יאָ... ווי דאָס גלײַכוווערטל זאָגט: וויפל מע זאָל דער קאַלע ניט שפּילן קיין ווײַנענדיקס, האָט דער כאָסן זײַנס אין זינען. באַלד וועלן זיי ווערן מאַן און ווײַב. זיי וועלן זײַן איינס, איין גוף און איין נעשאָמע. שיפרע איז גליקלעך. ניט ווינציקער גליקלעך איז בערטע קאַווע. זי האָט געשאַפן נאָדן (גענומען באַ בער פּעדערן, ראַזע האָט געבעטן), באַזאָרגט מיט אויסשטײַער און געהאָלפן דינגען אַ דירעלע. זי איז קאַ־לעס־צאַד, אָנשטאָט אַ מאַמע. זי שטייט אַ שטאָלטנע, אָן אויסגעפּוצטע און קוקט מיט פאַרגעניגן, ווי עס קומען און קומען אַלץ נײַע געסט. דער לערער מענאַכעם, מאַשע, עזרע, ראָכעלע, פעשע די שיידלמאַכערקע, פּערעלע און גיטעלע. דערנאָך זײַנען געקומען שימען דער שנײַדער מיט שיינען, נאַפטאָלע דער קירזשנער, רוווען דער שוסטער, דער בעקער גאָדל און נאָך און נאָך. דעם כאָסנס געוועזענער כאַווער טעווקע איז עפּעס אַלץ ניטאָ. דערפאַר האָבן זיך באַוויזן עליע שלײַען מיט זײַן קאַלע כאַנע. ביידע צו־פרידענע, שײַנענדיקע. זיי האָבן זיך איבערגעבעטן און שטעלן אינגיכן אַ כופּע. ער האָט צוגעזאָגט זײַן גוט און פרום.

עזרע מיטן לערער באַטראַכטן די אײַנוווינער פון זייער געוועזענעם הויף. עס וואַרפט זיך אין די אויגן דער אונטערשייד צווישן עלטערן און קינדער. די עלטערן זײַנען מעיושעוודיק, האָבן דערעכערעץ פאַר דינים, מינהאָגים, פאַר כפייצים, באַטראַכטן אַלץ מיט סייכל־האַיאָשער. זיי זײַנען באַלמעלאָכעס, אַרבעטן מערסטנטייל באַ זיך אַליין. ווער עס פאַרמאָגט אַ האָק, אַ האַמער און אַ זעג, ווער אַ שער און פּרעס, אַ שוסטערשן נידעריקן וואַרשטאַט מיט נידעריקע דרײַפיסיקע בענקלעך. און אַלע פאַרמאָגן היי־מישע כפייצים: אַ סאַמאָוואַר, אַ קופּערן שטייסל, אַ פייסעכדיקע סטופּע, פייסעכדיק געפעס. זיי זײַנען צו עפּעס צוגעבונדן, און פרײַער פון אַלץ צו זייערע זאָרגן.

די קינדער אַרבעטן באַ אַנדערע, באַ באַלעבאַטים, פאַרמאָגן אַליין גאָר־ניט, זײַנען פרײַ פון כפייצים, זײַנען ניט אַזוי אָפּגעהיט אין מינהאָגים און ביכלאַל אין פרומקײַט. זיי האָבן ליב אַ שפּאַס און ווילן לאַכן. עס וועט נאָך זײַן צײַט צו זאָרגן.

שפּעטער פון אַלעמען, צו סאַמע כופּע־אויקדושן, זײַנען געקומען ראַזע, לייע און טעווקע. טעווקע האָט אָנגעוואָרן זײַן ייִנגלשע באַוועגלעכקײַט, געוואָרן מעיושעוודיק זייער. איצט שווײַגט ער, ווײַל ער ווייסט, פרײַער דאַרף מען באַטראַכטן און דערנאָך ריידן. אויך דאַרף מען וויסן, מיט וועמען צו ריידן, מיט וועמען זיך זעצן באַם טיש (ניט מיט אַבי־וועמען). טעווקע איז דער מומע לייעס אַ גוטער טאַלמיד. צוזאַמען מיט לייען און ראַזען איז טעווקע צוגעגאַנגען צו כאָסן־קאַלע זיי באַגריסן, דערנאָך, אַליין שוין, איז ער צוגעגאַנגען צו זײַנע עלטערן און אַ ביסל מיט זיי געשמועסט.

נאָך דער כופּע האָט מען געטאַנצט. ס׳איז געווען אַ יאָמטעוו פונעם הויף, וואָס קומט צו־זיך און שטעלט זיך ווידער אויף די פיס. קימאַט אַלע האָבן געטאַנצט, נאָר לייע מיט טעווקען זײַנען געשטאַנען אָן אַ זײַט און צוגעקוקט זיך. ראַזע האָט געטאַנצט.

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי כײַעלע די נייטערן, הערצל דעם קאָנ־
טאַניסטס מאַמע, איז אַרײַן אין צימער, ווו מענטשן האָבן פאַרגעסן וועגן
אַלץ אַף דער וועלט און זיך נאָר מעסאַמייעך געווען: געזונגען, און געלאַכט
און געטאַנצט. ערשט אַז כײַעלע איז אויך אַרײַן אין קרײַז, געכאַפּט עמעצן
פאַר דער האַנט און זיך אוועקגעלאָזט טאַנצן מיט אימפּעט און טופּערײַ,
האָט מען ניט באַמערקן זי שוין ניט געקאָנט.

— כײַעלע?

— כײַעלע טאַנצט?

— ס׳איז ניט פּאַשעט. וואָס איז געשען?

פון פאַרוווּנדערונג האָט מען טאַנצן אופגעהערט. מענטשן האָבן זיך
דערשראָקן. וואָס איז מיט כײַעלען, זי איז באַם זינען? ווי קומט צו איר
פרייד און פריילעכקײַט?

— כײַעלע, וואָס האָט געטראָפן?

— אַ גליק!

— געפונען דעם אַרבעקאַנפעס?

— ניין, געפונען דעם זון. מײַן הערצל לעבט, געפונען מײַן זון! — און
כײַעלע איז ווידער אוועק אין טאַנץ.

— העלפט מיר, העלפט מיר טאַנצן, מײַן זון לעבט!

פייגעלע איז אַף דער כאַסענע ניט געווען. שפּעטער אָבער האָט איר
פאַרדראָסן, פאַרוואָס זי איז צוזאַמען מיט ראָכעלען און מאַשען ניט געקו־
מען באַגריסן כאָסן־קאַלע. דער לערער מענאַכעם האָט זי גערופן גיין צו־
זאַמען מיט אים, זי אָבער האָט דאָך גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס טוט ער פון
איידלקײַט־וועגן. וואָרעם אינדערעמעסן, וואָס פאַר אַ פּאַנעם וואָלט עס
האָבן, ווען זי קומט אַף דער כאַסענע מיט אַ פרעמדן מאַנצבל (אַ שאָכן).
אַ פרעמדער? און עפּשער גראָד דערפאַר, ווײַל ער איז ניט קיין פרעמדער,
ווײַל אין זײַן אָנוועזנהײַט קומען ווידער אוף די גליקלעכע מיידלשע יאָרן,
קאָן זי ניט צוזאַמען מיט אים זיך באַווײַזן צווישן מענטשן. וואָלט ער טאַקע
אַף אָן עמעס געווען אַ פרעמדער, וואָלט עס איר ניט געאַרט. פייגעלע
פאַרשטייט, אַז אין דער זעלבער לאַגע, וואָס זי, געפינט זיך אויך מענאַכעם.
אויך אים פּאַסט ניט מיט איר קומען צו מענטשן. און אַזוי טראַכטנדיק,
נעמט פייגעלע צופרידן שמייכלען און ווערט אין דער רעגע קימאַט ענלעך
אַף דער פייגעלע פון די יונגע יאָרן, ווען זי פלעגט שטיין באַם טיש מיט
געשמאַקע זיסקײַטן און צו איר פלעגט אַרײַנקומען מענאַכעם. ווי מיט יאָרן
צוריק, איז ער אַ גוטער און איידעלער. דערפאַר טאַקע האָט ער פאַרזען
איר ליבע, פאַרבליבן איינזאַם אליין. זי האָט ליב געהאַט... און — כאַסענע
געהאַט, מיט וועמען דער טאַטע האָט געהייסן. ער האָט ליב געהאַט... און
פאַרבליבן געטרײַ זײַן ליבע. איצט האָט זי מוירע, אַז אַלץ וועט זיך ווידער
איבערכאַזערן, ווידער קאָן אַלץ אוועק מיט שווײַגן. ניין, איצט איז זי
קליגער, ניין, זי וועט עס מער ניט דערלאָזן, זי קאָן ניט און טאָר ניט.
און איינמאָל נעמט זיך פייגעלע אָן מיט האַרץ, גייט אַרײַן צום לערער אין
צימער און זאָגט:

— הערט, לערער מענאכעם, איך פארשטיי אײַך ניט. ווידער שוויַיגט איר. איך מוז אײַך דעריבער פרעגן: איר האָט מיך נאָך ליב, ווי אמאָל?
מענאכעם קוקט זי אָן און קאָן א וואָרט ניט אויסריידן.
— איך בעט אײַך, שוויַיגט ניט. איר האָט שוין אזוי אויך א גאנץ לעבן פארשוויגן. ענטפערט: יאָ צי ניין?
— יאָ.
— דארף מען כאסענע האָבן, מע זאָל זיך פאר לײַטן ניט שעמען.

11

פון שיפרעס און נאָטעס כאסענע איז ראָזע געווען זייער גערירט, זי האָט אָנגעשריבן א לאנגן בריוו צו איר כאָסן. דאָס מאָל — א פריילעכן בריוו, און ווי אלעמאָל, גיט זי איבער א גרוס פון זײַנע עלטערן, זי איז בא זיי געווען — זיי לעבן גוט, געזונט, גאָרניט פעלט.

אלע ניסראָפּים אין שטאָט קומען צו־זיך, און נאָר בא צאליען שטייט זײַן ווארשטאטל אָפּגעברענט, ווי פריִער. זלאטע מאכט דערפון קיין רייד ניט. זי וויל ניט מיט אירע פראגן פארשאפן צאליען קיין לייד. אָבער דאָס שוויַיגן קאָסט איר געזונט. מע לעבט פון גרייטן. און מיט יעדן טאָג ווערט אלץ ווינציקער פון אָפּגעשפאָרטן געלט. מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן? זלאטע באמיט זיך ניט ארויסוויַיזן פארן מאן קיין סימען פון זאָרג. ווי שטענדיק, גרייט זי פאר אים זײַנע באליבטע מײַכאָלים. איר וווּנדערט אָבער: צאליע, וועלכער האָט ניט ליב געהאט ריידן גלאט אין דער וועלט ארײַן, האָט לעצטנס גענומען בעאריכעס זיך ארויסריידן, אויסלייגן זײַנע געדאנקען. דאָס באומרויִקט זי. וואָס איז מיט אים? אלטקייט? ניט געזונט? פארבײַגייענדיק גיט זי אים אמאָל א פרעג:
— צאליע, ווי פילסטו זיך?
— גוט. וואָס פאלט דיר עפּעס אײַן צו פרעגן?
— מיר פאלט גאָרניט אײַן. איך וויל אלעמאָל וויסן, ווי דו פילסט זיך.
איך מיין, אז א וויַיב דארף עס וויסן. ביפראט, אז איך געדענק נאָך דײַנע ווארשעווער מאטאָנעס.
— געדענקסט?
— איך געדענק, ווי די מאמע האָט אונדז דעם שידעך גערעדט. אלץ געדענק איך. איך געדענק, ווי דו ביסט צו אונדז צום ערשטן מאָל געקומען. האָסט אלץ געוואָלט וויסן, צי זײַנען מיר מיט פייגעלען א צווילינג.
— איך געדענק אויך, זלאטע, איך געדענק.
זלאטע ווייסט, מיט וואָס אופצומונטערן צאליען, ער זאָל זיך דערפילן יינגער און עטוואָס פריילעכער. אז ער איז אין א גוטער שטימונג, מעג זי אים פרעגן:
— דאָוויד האָט געזאָלט קומען אין געסט צו אונדז, וואָס איז געשען, וואָס ער קומט ניט?

— איך מיין, אז ער איז אױף מיר באַלײדיקט.
— פאַרװאָס, צאַליע?
— װײַל איך האָב בא אים קײן געלט ניט געליִען.
— און עפּשער געדאַרפט לײַען?
— אװאַדע געדאַרפט. אָבער צװישן דאַרפן און קאָנען איז א גרױסע נאַפּקעמינע. איך קאָן ניט, זלאַטע, איך קאָן ניט. איך װײס, א שװערער כאַראַקטער בא מיר. עס טוט זיך אָבער אָן מײַן װילן. עס פּענטעט מיך, עס האַלט מיך פאַר די הענט און פאַר די פיס. איך פאַרשטײ, אז עפּשער טו איך ניט גוט... איך קאָן אָבער אַנדערש ניט.
— װי דו טוסט, מײַן מאַן, אַזױ איז גוט. דו ביסט גערעכט. ביסט א מענטש.

און װען אײן א טאָג אכט אַרום איז דאָװיד קאַדיש טאַקע װידער געקומען, האָט עס זלאַטען פאַרדראָסן. ער װעט צאַליען אופּרודערן. ער װעט פאַרלײגן געלט, און צאַליע װעט ניט נעמען. נישט װײַל ער דאַרף ניט, נאָר װײַל ער קאָן נישט. בעסער װאָלט דאָװיד ניט געװען געקומען. נאָר דאָװיד איז א טאָג און צװײ בא צאַליען, און װעגן געלט איז קײן רײד ניטאָ. דאָװיד דערפילט זיך ניט גוט. אפילו די סאָלידקײַט איז פון אים אַנטרונען. ער איז איצט װידער פּונקט װי דער אַמאָליקער דאָװידל. הױך און דאַר, נאָר אין נײַע קלײדער, אין א האַרטן קאַפּעליוש און מיט א געשאָרן בערדל. שױן עטלעכע מאָל האָט ער געװאָלט פאַרפירן א שמועס מיט צאַליען, נאָר זיך אָפּגעהאַלטן. ערשט אױפן דריטן טאָג האָט ער געזאָגט:
— פּעטער, הערט מיך אױס. איך װיל מיט אײַך רײדן.
— אַדרבא, רעד.
— װעגן געלט װעל איך גאָרניט זאָגן. װײַבאַלד איר האָט געזאָגט „נײן"— איז עס אײַזן. אָבער, איר פאַרשטײט... איך װעל רײדן װעגן עפּעס אַנדערש. איר זײַט געװען אומצופרידן, װאָס כ'העלף מערלעסן... איר זײַט גערעכט, זאָלן אַזױ קומען יעשועס אױף אונדז, װי גערעכט איר זײַט. נאָר איך װיל ניט בלײַבן קײן ליגנער, איך מוז זאָגן דעם עמעס: איך קאָן ניט! איך האָב געטראַכט קײן פּרוטע ניט צו געבן, נאָר, איר פאַרשטײט, פּעטער... איך קאָן ניט. אָן צײנער, אָן האָר, די אױגן טרערן, א שיװרע־קײלע... און זי, די טרעפּערן, זי האָט דאָך מיך געהאָדעװעט. איך פּיל, װי די הענט און פיס זײַנען בא מיר געבונדן. איך קאָן ניט, פּעטער!
— זײער גוט! דערװײַל קאָנען מיר בײדע ניט. און װײסט, דאָװיד, אױך בא מיר זײַנען הענט און פיס געבונדן.
— אױך בא אײַך?
— אױך בא מיר. ס'איז גוט, װאָס דו קאָנסט ניט, דו טוסט לױט דײַן אײגענעם סײכל. מיר געפעלט עס, ביסט א מענטש.
— איז עפּשער, פּעטער...
— נײן. דאָס ניט!
— נײן?..

זלאַטע װײסט, אז דאָס געלט גײט אױס, און צאַליע האָט װידער געזאָגט „נײן". מער קאָן זי ניט שװײַגן. זי האָט אָנגעשריבן א בריװ צו אױיגדערן און אים געבעטן קומען אַהײם.

# 12

די לעצטע וואָכן האָט פייגעלע דאָס געפיל, ווי גלײַך זי איז ייִנגער געוואָרן. אויך איר קערפּער אפילע, דוכט זיך איר, ווערט שטײַפער. נעמט זי פון מענאַכעמען דעם בליק ניט אַראָפּ. זי האַלדזט אים און לאַשטשעט זיך צו אים, שעמט זיך פאר קיינעם ניט, מעג זײַן אַ פולע שטוב מיט מענטשן. ער איז איצט אירער סײַ פאר גאָט, סײַ פאר לײַטן. בײַ פייגעלען גייט איר ליבע באַנאַנד מיט מיטגעפיל, מיטגעפיל צו אַ שוואַכן, אַ געליטענעם, אַ מענטשן, וואָס מע דאַרף אים העלפן, טרייסטן. און אויך איז איר ליבע פארבונדן מיט דערעכערעץ. דערעכערעץ פאר אַ מענטשן, וואָס איז געבילדעט, וואָס ווייסט אַזוינס, וואָס זי ווייסט ניט. אירע געפילן זײַנען נאָך טיפער דערפון, וואָס זי פילט אַ שוטפעס אין דעם וויסן פון דעם מענטשן, וואָס זי האָט האָלט. צוליב דעם ווייסט ער בעסער, קען ער מער...

דער טאָג איז אַ יאָדערדיק־פראָסטיקער און אַ זוניקער. קומען די געסט אַרײַן צו פייגעלען אין שטוב רויטע, בלייִענדיקע. ראָכעלע זעצט זיי צום טיש און איז מעכאַבעד מיט טיי, וואָס דערוואַרעמט. ביסלעכווײַז גייט אָפּ דער פראָסט פון די באַקן, עס ווערט געמיטלעך. און פייגעלע קלײַבט נאַכעס.

מאַשע דערציילט נײַס: אוויגדער דאַרף אינגיכן קומען. ראָזע וויל אַלע טאָג לויפן צום וואָקזאַל, זי קאָן רויִק ניט אײַנזיצן. מיסטאָמע וועט אינגיכן זײַן די כאַסענע.

גיטעלע און פערעלע פרייען זיך. זיי וועט מען רופן אויף דער כאַסענע. זיי זעען זיך שוין טאַנצנדיקע. פילן דעם טאַם פון פאַרשיידענע געשמאַקע פּאַטראַוועס.

דערנאָך דערציילט עזרע. כײַעלע די נייטערן האָט באַקומען נאָך אַ בריוו פון איר זון הערצלען. ער לעבט און איז געזונט, און ס'איז נאָר צום באַוווּנדערן: ער איז אַן אָפיצער.

— אַן אָפיצער? ווי קאָן עס זײַן?

— ווי קאָן עס טאַקע זײַן?

כײַעלע די נייטערן מיט די אויסגעוויינטע אויגן און צעשטאָכענע פינגער איז, קאָן מען זאָגן, באַשטאַנען פון זאָרג און בענקעניש. איר גאַנץ לעבן איז געווען פאַרבונדן מיט דער פאַרגאַנגענהײַט, דורך וועלכער עס האָט אַרויסגעקוקט איין האָפענונג — זען דעם איינציקן זון. דאָס אַרומיקע לעבן האָט זי ווייניק אָנגערירט. צוליב איר איינזאַמקײַט און בענקעניש איז אויך איר שווײַגן געווענדט געווען ניט צו מענטשן, נאָר צו גאָט — סײַ מיט טײַנעס, סײַ מיט געבעט. אין האַרצן האָט זי עפּעס געפילט, אַז איר האָפענונג איז אַ גענאַרטע, נאָר זי האָט קיין געדאַנק וועגן דעם ניט דערלאָזט צו זיך. די גענאַרטקײַט האָט זי טאַקע באַם לעבן דערהאַלטן. און אָט איז געקומען אַ טאָג, ווען די גענאַרטע האָפענונג איז געוואָרן ווירקלעכקײַט — הערצל לעבט. פון גרויס גליק, וואָס איז אַזוי אומגעריכט אויף איר

שווער געפאלן, איז כּײַעלע שיר ניט קראנק געוואָרן, זי האָט ניט געוווּסט, אַף וועלכער וועלט זי איז און וואָס מיט איר קומט פאָר. דערנאָך איז אָנ־געקומען די פרייד, ווען דער נעכטן איז אינגאנצן ארויסגעפאלן און גע־בליבן איז נאָר דאָס ווארטן אפן מאָרגן, ווען זי וועט זען דעם זון. דער־לעבט, דערלעבט! זי האָט געטאנצט, זיך געדרייט ארום זיך אליין, גע־פאטשט מיט די הענט, ניט געוווּסט, ווי זיך אָנזעטיקן מיט סימכע. זי האָט וועגן איר פרייד דערציילט מענטשן און אָן מענטשן שוין מער ניט געקאָנט זײַן, ניט געקאָנט אײַנזיצן צווישן פיר ווענט. ווו נאָר א סימכע — קומט זי. און מענטשן פרייען זיך מיט איר און אלע פרעגן בא איר:

— טאקע אן אָפיצער? ניט קיין טאָעס?

— ניין.

ווונדערט מען זיך:

— ווי קאָן עס זײַן? א ייִד אן אָפיצער...

ביסלעכווײַז נעמט עס דערגיין אויך צו דער מאמען, צו כּײַעלען. זי ווונדערט זיך אויך: ווי קומט עס טאקע? ביז איינמאָל האָט זי זיך אופ־געכאפט אינמיטן דער נאכט פון אן אינווייניקסטן שטויס, זיך אופגעזעצט א דערשראָקענע, מיט ציטערנדיקע הענט ארומגעכאפט די דארע קני און שטיל זיך צעוויינט. צי זאָל עס זײַן עמעס? איר זון הערצל האָט זיך גע־שמאדט? עס קאָן ניט זײַן. „ניין, ניין, ניין!" — האָט זי געשריִען אַף א קאָל.

ראָזען ווילט זיך אויך וויסן וואָס גענויער וועגן כּײַעלעס זון. זי קלײַבט זיך וועגן דעם שרײַבן אוויגדערן. דערווײַל באגעגנט זי אין גאס עזרע מאזאָווערן און דערפרייט זיך מיט אים. פאָרט איר ערשטע ערנסטע בא־קאנטשאפט.

— עזרע, איר האָט זיך אַף קיין האָר ניט געענדערט.

— דערפאר האָט איר, ראָזע, זיך געענדערט.

— אין וואָס פאר א זין?

— נאָך שענער געוואָרן.

ראָזע האָט צופרידן געשמייכלט.

— דאָס איז גאנץ פארשטענדלעך. איך ווארט אַף מײַן כאָסן, — זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע פריילעכע אויגן און פלוצעם פאָרגעלייגט: — נאָר וואָס שטייען מיר אלץ אַף איין אָרט, קומט. איך וויל אײַך עפּעס פרעגן.

זיי זײַנען צוזאמען אוועק.

— איך האָב א גאָלדענעם אײַנפאל, עזרע. לאָמיר גיין צום קאזאקישן קלויסטערל, צום ווילדן בארנבוים...

באם פארפרוירענעם טײַך האָט ראָזע, ארײַנקוקנדיק אים נאָענט אין פּאָנעם, געזאָגט:

— מיר זײַנען איצט אַף די קאָלאָזשעס, זיי זײַנען מיר טײַער, און איך וויל גלייבן, אז אויך אײַך...

— אומבאדינגט! איך דערמאָן זיך אָפט אָן אונדזערע באגעגענישן.

— מיר וואָלט געווען זייער אָנגענעם, עזרע, ווען איר האָט א קאלע... מיר וואָלטן דאַן געווען קוויט.
— זײַט רויק, ראָזע, קיין אלטער באָכער וועל איך ניט פארבלײַבן.

זיי האָבן זיך ביידע אופגעהויבן אפּן פארשנייטן בארג. עזרע האָט זי גענומען אונטער דער האנט, איר זאָל זײַן לײַכטער ארופצוגיין.
אויבן ליגט ניט קיין אָנגערירטע ווײַסע וועלט. פארשנייטע ביימער, א פארשנייטע ערד, דאָס קאזאקישע קלויסטערל איז פון אלע זײַטן פאר־שאָטן מיט ליכטיקײַט. ארום־און־ארום איז שטיל, און נאָר דער הימל באַ־וועגט זיך מיט זוניקע וואָלקנדלעך.
— ווינטער בין איך דאָ קיינמאָל ניט געווען, — זאָגט ראָזע. — א שיי־נע שטילקײַט אזא. ניט קיין באטראָטענער שניי. קומט, עזרע, אין שניי.
זיי נעמען זיך פאר די הענט און גייען איבערן טיפן שניי. זיי לאכן. זיי איז גוט.
— עזרע, ס'איז פאר מיר א נײַס, איר האָט זיך אויסגעלערנט זאָגן קאָמפּלימענטן.
— ראָזע פעדער פארדינט עס. פארדינט נאָך מער...
זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעדרייט צו אים, ארײַנגעקוקט אין די אויגן. אירע פולע ליפּן האָבן זיך באוועגט. וואָלט אָנשטאָט עזרען דאָ געשטאַנען אוויגדער, וואָלט זי אים געקושט.
און מיטאמאָל:
— עזרע, קומט צוריק. איך טאָר מער ניט. איך בין א קאלע. קומט.
זיי גייען לאנגזאם, שווײַגן. בארג־אראָפּ האלטן זיי זיך ווידער פאר די הענט.
— עזרע, וואָס ווייסט איר וועגן כײַעלעס זון? מיך אינטערעסירט עס זייער. טאקע אן אָפּיצער?
— ווער קאָן וויסן? דערווײַל ווייסט קיינער גאָרניט. כײַעלע אליין לאכט און ווײנט. דער זון לעבט און איז געזונט — לאכט זי, פרייט זי זיך, איז גליקלעך. דער זון איז אן אָפּיצער... מיסטאמע געשמאדט זיך, אנדערש קאָן דען זײַן? וויינט זי, טרויערט.
— און ווי איז, אז ער האָט זיך געשמאדט? ווי קוקט איר אױף דעם, איר, עזרע מאזאָווער, וואָס האָט מיר דער ערשטער אמאָל געלייענט יעהודע־לייב גאָרדאָנען?
— וואָס קאָן מען פארלאנגען פון א זעקס־ אָדער זיבניאָריק ייִנגל, אויב מע האָט אים גענייט זיך טויפן? גאָר אנדערש איז, ווען א דערוואַק־סענער טוט עס צוליב וועלכער סיבע ס'זאָל ניט זײַן, אָנקומען אין אוני־ווערסיטעט, באקומען ווײַנרעכט...
— איר וואָלט עס ניט געטאָן?
— אפילע אפּן געדאנק קומט עס מיר ניט.
— אוויגדער זאָגט אויך דאָס זעלבע. ניט אומזיסט, עזרע, האָב איך אײַך אפילע א ביסעלע ליב געהאט. קומט אמאָל צו אונדז ארײַן, נאָר מיט א קאלע.

# דרײַ

וואָס איז מאָרגן — אזא צײַט און אָרט,
ווו דו ביסט קיינמאָל ניט געווען נאָך דאָרט?

ש. האלקין

## 1

ביידע מעכוטאָנים, בער פעדער און צאַליע קאַדיש, האָבן, לאָזט זיך אויס, געהאַט א טאָעס. ביידע זײַנען געווען זיכער, אז ראָזע מיט אוויגדערן וועלן די ערשטע צײַט וווינען בא צאַליען און זלאַטען. באקומען האָט זיך אנדערש: ראָזע מיט איר מאַן, דעם יונגן דאָקטער אוויגדער קאַדיש, לעבן אין דער גערעמער דירע פון בער פעדער. דאָ געפינט זיך אויך אוויגדערס דאָקטער־קאַבינעט, ווו אף דער טיר הענגט א מעלדונג, אז איין מאָל אין דער וואָך נעמט דער דאָקטער אוף כאַלאָים אומזיסט. באַלד נאָך דער כאַסענע האָט אוויגדער צוליב סאָלידקײַט און מער אווטאָריטעט זיך פארלאָזט א קליין שפּיציק בערדל (ראָזע האָט פון אָנהייב דערווידערט, דערנאָך איז עס איר געפעלן געוואָרן, ווי אַלץ, וואָס איר מאַן טוט). די ערשטע צײַט האָט מען אָנשטאָט צו זאָגן: גיין צום דאָקטער, — געזאָגט: גיין צו פעדערס איידעם. שפּעטער איז אוויגדער באַוווּסט געוואָרן ווי דאָקטער קאַדיש. צווישן ראָזען און אוויגדערן איז א צופרידן גוט לעבן. ער איז פארנומען מיט זײַנע פּאַציענטן, — זי מיט אירע קינדער. ערשט אין עטלעכע יאָר ארום נאָך דער כאַסענע, איינמאָל, ווען ביידע זײַנען געווען אין א פריילעך־פארליבטער שטימונג, האָט אוויגדער זיך דערמאָנט צו דערציילן ראָזען וועגן דעם, וואָס ער האָט איר געוואָלט זאָגן פאַר דער כאַסענע און ניט געזאָגט, — וועגן זײַנע טרוימען גיין אין פאָלק ארײַן, וועקן, העלפן. ראָזע איז צופרידן, וואָס ער האָט איר דעמלט גאָרניט געזאָגט און איצט איז שוין די צײַט פאַרבײַ.

— אוויגדער טײַערער, מיר האָבן קינדער, דאַרפן מיר טראַכטן וועגן זיי און וועגן זיך.

אוויגדער און ביידע קינדער, א ייִנגל און א מיידל, האָבן פאַר ראָזען פארשטעלט די וועלט. אפילו טאַטע־מאַמע זײַנען אָפּגעטראָטן אָן דער זײַט. פון דער גרויסער דירע איז פאַר בער פעדער און זײַן ווײַב סאָרע פארבליבן איין צימער, ניט קיין גרויסער. ראָזע האָט דאָס אפילו ניט באַמערקט. זי זעט איצט ניט, וואָס בא אנדערע טוט זיך, זי זעט נאָר, וואָס עס טוט זיך בא איר. די דאַרינקע און באַוועגלעכע ראָזע, וואָס איז איצט אין סאַמע בלי פון איר פּרוויִשער שיינקײַט, איז געוואָרן לײַביק (עמעס, צו דער מאָס), סאָליד און אײַלט זיך שוין ניט איבעריק.

סאָרע און בער, ווען מע לאָזט זיי, וואָלטן זיי נישט אָפּגעטראָטן ניט פון ראָזען, ניט פון אוויגדערן, ניט פון די אייניקלעך. עס טרעפט, אז ראָזע זאָגט אין גוטן מוט: „מאַמע, פּלאָנטער זיך ניט אונטער די פיס".

צאַליע מיט זלאַטען קומען אין געסט. זלאַטע ווייסט שוין, אז די נאָענט־קײַט מיט אויסגעגעבענע קינדער דאַרף זײַן עטוואָס פונדערווײַטן. צאַליע פאַרשטייט עס ניט. טעכטער און זין, וואָס האָבן שוין זייערע אייגענע מישפּאָכעס, זײַנען פרײַער פאַר אַלץ נעענטער צו זיך אַליין. אויך דאָס וויל צאַליע ניט פאַרשטיין. זלאַטע מיט צאַליען קומען די ערשטע זאַך אַרײַן צו סאָרען און בערן, דאָ דערוויסן זיי זיך אַלע מישפּאָכע־נײַס. דערנאָך גייען זיי אַרײַן צו די אייניקלעך. ביידע טאַטעס און ביידע מאַמעס פילן זיך אָפּט ווי געוועזענע טאַטעס און געוועזענע מאַמעס.

באַזונדערס ניט גוט פילט זיך צאַליע. פון זינט זײַן וואַרשטאַטל שטייט מיט פאַרייכערטע פענצטער און אָפּגעבערענטע טירן, פון נאָך דער סריפע אָן איז בא אים דער אײַנדרוק, אַז ער אַליין איז אויך אָן פענצטער און אָן טירן. דער זון גיט אים אַף כאַיונע. דאָוויד קומט און ברענגט מאַטאַנעס. צאַליען איז שווער צו דעם זיך צוגעווינען. א לעבן געווען א באַלעבאָס פאַר זיך. צאַליען איז ניט גוט אויך פון דעם, וואָס ער פילט דאָך, אַז כאָטש ראָזע און אוויגדער נעמען אים און זלאַטען אוף מיט פרייד, אײַלן זיי זיך דערבײַ שטענדיק, האָבן קיין צײַט ניט. זלאַטע שטאַרקט אים, מאָלט אויס אַלץ צום גוטן. ער באַנעמט אָבער, אַז זײַן צײַט איז שוין אַוועק. און זלאַ־טע, וואָס טרייסט אים, פאַרשטייט אויך, אַז איר מאַן איז שוין מער ניט יענער צאַליע, וועמען די גאַנצע שטאָט קען, ניין, ער איז איצט בלויז דעם דאָקטער קאַדישעס טאַטע. זי, זלאַטע, איז דעם דאָקטערס מאַמע. מיט וואָס איז עס שלעכט? פאַר איר, פאַרקערט. און זי דערמאָנט זיך יענע צײַט, ווען זי איז געווען יונג, ווען זי מיט דער שוועסטער האָט מען געהאַלטן פאַר א צווילינג, ווען צאַליע האָט ניט געוווסט, ווער פון זיי איז עלטער. איר האָט זיך דעמלט אפילע ניט געכאָלעמט צו האָבן א זון א דאָקטער.

— געדענקסט, צאַליע?

— זלאַטע מײַנע, פון א מאַשקע, וואָס מע האָט געטרונקען פאַראיאָרן, ווערט מען הײַנט ניט שיקער.

— ביסט ניט גערעכט, צאַליע. אַז מע דערמאָנט זיך אָן גוטס, ווערט אַפן האַרצן גוט.

צאַליע איז אָבער סײַווי אומצופרידן. ער האָט זיך גאָר ניט פאַרגעשטעלט, וואָס הייסט אַזוינס זײַן א ליידיקגייער. אַמאָל האָט ער געטראַכט: ער וועט כאַסענע מאַכן אוויגדערן און וועט זיך רוּיק אָפּלעבן די לעצטע יאָרן. ערשט, לעבן רוּיק איז גאָר ניט אַזוי גרינג. און די פּורימשפּילער קומען אויך ניט...

דאָס ווערטל „און די פּורימשפּילער קומען אויך ניט" איז בא צאַליען א מין טרופע אָפּצוּווענדן פון זיך די געדאַנקען, וואָס לאָזן אים ניט צורו. ער קאָן ניט פאַרשטיין זײַן זון אוויגדערן. וואָס איז מיט אים געשען? ער האָט זיך אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, פון קרויווים און באַקאַנטע, אָט דער זעלבער אוויגדער, וואָס האָט אַמאָל גערעדט וועגן פאָלק, געוואָלט עס וועקן, האָט זיך פון דעם אָפּגעקערט. פונדערווײַטן האָט ער געזען א פאָלק, פונדערנאָענטן — ראָזען און זיך. פאַרדריסט עס צאַליען.

— זלאַטע, קום צו אוויגדערן.

— אדעראַבע, נאָר וואָס אַזוי אומגעריכט?

— ער געפעלט מיר ניט. און ראָזע געפעלט מיר אויך ניט.
— וואָס איז מיט דיר, צאַליע? אָסער, אויב איך פאַרשטיי.
— מיר וועט זײַן שווער אוועקצוגיין פון דער וועלט מיטן ביטערן געדאַנק, אַז איך לאָז קיינעם ניט איבער.
— וואָס רעדסטו, פאַרוואָס שרעקסטו מיך, צאַליע, פאַרוואָס?
— איך שרעק ניט. איך רעד זיך אויס פאַר דיר דאָס האַרץ. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַוויגדער וועט זײַן אַן אַנדערער. פאַרשטייט זיך, אַז אַ גוט לעבן פון אַ פּאַרפּאָלק איז זייער שיין פאַר גאָט און פאַר לײַט, זייער גוט! אָבער זען נאָר זיך אַליין און זײַן בלינד צו אַלץ, וואָס קומט פאָר... ניין, ניט מײַן וועג. איך פאַרשטיי דאָס ניט. און ראָזע האָט דאָך אויך אַמאָל גערעדט וועגן פּראָסטע מענטשן, פּאָשעטע מענטשן... זי איז אַ באַסיעכידקע, אַ ביסעלע צעבאַלעוועט, מעג זי, זאָל זײַן זון, זאָל זײַן רעגן — קיינער סיַוּוּי וועט ניט פרעגן. אָבער אַוויגדער...
— צאַליע, בענעמאָנעס, איך פאַרשטיי ניט, וואָס האָסטו צו די קינדער.
— אוי, זלאַטע, עפּשער גאָר ניט צו די קינדער, נאָר צו זיך אַליין. קום, לאָמיר גיין צו זיי.

## 2

זינט ראָזע איז געוואָרן אַ מאַמע, איז צו איר אין שטוב אַריבער די אָרדענונג פון דער מומע לייעס שטוב און ניט די אומאָרדענונג פון איר געוועזענעם מיידלשן צימער. איר גאַנצע מיידלשע גוטסקײַט און טרײַשאַפט איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אירע קינדער און איר מאַן. פאַר אַנדערע איז גאָרניט געבליבן. די פלינקע גיכפיסיקע ראָזע, וואָס וועלט אַלץ לײַ־ביקער און סאָלידער, איז אויך געוואָרן אַײַנגעהאַלטענער אפן רובל. די אָפענע מיידלשע האַנט האָט זיך גענומען שטײַפער פאַרמאַכן. זי דערקלערט עס מיט פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער צוקונפט: די קינדער זאָלן זײַן באַזאָרגט. אין דער גלעזערנער שאַפע מיט די שווער אָנגעלאָדענע פּאָליצעס זילבער, וואָס איז פון דער מאַמען אַריבער צו איר, קאָן מען איצט זען אויך גאָלדענע כפייצים, מערסטנטייל מאַטאָנעס צו דער כאַסענע, צו געבורטס־טעג. אַליין קויפן שיינע כפייצים האָט ראָזע קיין כיישעק ניט. די סאַמע רעאַלסטע זאַך איז געלט. און דער קויעך פון געלט נעמט זי ביסלעכווײַז אַרײַן אין זײַנע הענט. די ליבע צו די קינדער און די זאָרג פאַר זיי ענדערט זי. און עס קאָן אויך זײַן... אַף איר מאַמען, אַף סאָרעלען, האָט די באָבע מאַלקע קיין שליטע ניט געהאַט, אָבער צום אייניקל, צו ראָזען, האָט זי געפונען אַ וועג, זיך דערקליבן, איבערגעגעבן אירע מידעס — האַלטן כעזשבן, פירן דאָס רעדל, האָבן האַנאָע פון פאַרמעגן, פון געלט. ראָזע האָט שוין מער קיין צײַט ניט צו לייענען פּושקינען און גאָגאָלן, אַפילע צו וויסן, וואָס אַף דער גאַס טוט זיך. ניט פאַראַן קיין צײַט פאַר זײַטיקע זאַכן.
און דער ענערגישער אַוויגדער מיטן קליינעם געשאָרענעם בערדל און מיט דער מאַמעס לעבעדיקע אויגן איז פאַרנומען מיט זײַן קאַבינעט, מיט היילן קראַנקע און מיט זײַן מישפּאָכע. דאָך אינגאַנצן גלײַכגילטיק צו דעם,

וואָס ער איז אָפּגעריסן פון נאָענטע מענטשן, פון פריַינט, פון געזעלשאַפט־לעכקייַט, קאָן ער אויך ניט בלייַבן. ער באַנעמט דאָך, אַז דער טאַטע איז מיט אים אומצופרידן און דער טאַטע איז גערעכט. אָבער זייַן ליבע און איר שיינקייַט דערלאָזן ניט אָוויגדערן צו ריידן מיט ראָזען וועגן דעם, וואָס איז אויסער שטוב און אויסער קינדער. זי נעמט עס מער ניט אויף, צו איר דערגייט עס מער ניט.

## 3

ווי אַלעמאָל, זייַנען צאַליע און זלאַטע פריִער אַרייַן צו בערן און סאָ־רען.

בער פעדער האָט קיין צייַט ניט פאַרנעמען זיך מיט אומצופרידנקייַט, ער איז פאַרנומען מיט געשעפט און באַלעבאַטישקייַט. נאָר אויך צו אים קומען געדאַנקען, וואָס באַאומרויִקן. די קינדער לעבן אָפּגעזונדערט, ווי אין אַ וועלט פאַר זיך. קימאַט די איינציקע געסט, וואָס גייען אַרייַן צו זיי, איז לייע מיט טעווקען.

און לייע, וואָס האָט אַמאָל געהאַט טייַנעס צו ראָזען, אַז זי ווייסט ניט, וואָס אַף זייער גאַס טוט זיך, אַנטלויפט פון ייִדן, באַוווּליקט די אָפּגעזונ־דערטקייַט:

— ניט מיט אַבי־וועמען כאַוועֶר זיך. פאַרגעס ניט, ראָזע, ביסט בער פעדערס טאָכטער. פאַרגעס ניט, דייַן מאַן איז דאָקטער קאַדיש.

טעווקע איז שוין אַ גרויסער. ער שווייַגט מער ניט, ער רעדט שוין, און ער ווייסט, וואָס צו זאָגן.

בער פעדער איז אין פאַרלעגנהייַט. זייַנע אייניקלעך וואַקסן אויסער פאָלק, אויסער געוווינהייַטן און מינהאָגים. אַ לעבן אײַנדערלופּטן... די טאָכטער הערט מער לייען, ווי אים.

ווי נאָר צאַליע מיט זלאַטען טרעטן אַריבער די שוועל פון בער פעדערס צימער, אַזוי זאָגט באַלד צאַליע:

— בער, הער מיך אויס, נאָר הער מיט קאָפּ... דייַן ראָזע געפעלט מיר ניט.

בער מיט סאָרען קוקן אים פאַרוווּנדערט אָן.

— וואָס רעדט איר, מעכוטן? ראָזע?

— ראָזע און אָוויגדער. ביידע געפעלן מיר ניט. זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן, פון ייִדן...

— מעכוטן, — ענטפערט סאָרע, — וואָס הייסט זיך אָפּגעזונדערט?.. איין מאָל אין וואָך נעמען זיי אפילע אויף קראַנקע אומזיסט.

— איין מאָל אין וואָך... און ווער זייַנען זיי אַ גאַנצע וואָך? אוי, בער, בער...

בער שווייַגט. צאַליע איז גערעכט. בער אַליין טראַכט אויך אַזוי. אָבער האָבן טייַנעס צו דער טאָכטער און צום איידעם קאָן ער בלויז אין זיך, פאַר אַנדערע — ניט.

— האָסט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער, בער.

— ניט מיט וואסער, צאליע, מיט פאַרדראָס.
— זעסטו, זלאטע, ווער איז גערעכט?
זלאטע ענטפערט ניט, ווײַל סײַ זי, סײַ סאָרע זײַנען אויף דער זײַט פון די קינדער.
דערווײַל קלאַפּט מען אָן אין טיר, און עס קומען אַרײַן לייע מיט טעוו־קען. פאַראַן מענטשן אין שטאָט, וואָס געדענקען שוין גאָר ניט, אַז טעווקע האָט אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, אַז ער איז שימען דעם שנײַדערס אַ זון. מע זעט אים נאָר מיט דער מומע לייע, דער אָנגעזעענער מאַדאַם. לייע גרויסט זיך מיט אים, איז פון אים צופרידן. ער גרייט זיך אָפּגעבן עקזאַמען פאַר זעקס קלאַסן גימנאַזיע. לייע, וועלכע איז געוווינט לערנען שטענדיק יענעם, צווייפלט ניט אין זיך און אין אירע מיינונגען, הערט זיך אופמערקזאַם צו צו דעם, וואָס טעווקע זאָגט. נאָך מער: זי איז מיט אים אָפּט מאַסקים. אָבער טעווקע ווייסט, אַז ריידן אַנטקעגן דאַרף מען ניט. וויבאַלד די מומע האָט איר מיינונג אַרויסגעזאָגט, דאַרף מען שווײַגן. זי האָט ניט ליב קיין דער־ווידערונגען.
סאָרע און זלאטע זײַנען צופרידן מיט די געסט. אין זייער אָנוועזנהײַט, טראַכטן זיי, וועט צאַליע ניט ריידן וועגן ראָזען און אוויגדערן.
— מיר זײַנען געווען בײַ די קינדער און אייניקלעך, זײַנען מיר אויך אַרײַן צו אײַך.
— זייער גוט. מיר דאַנקען אײַך.
— ראָזע שײַנט, אוויגדער איז גליקלעך, די קינדער וואַקסן...
זלאטע שמייכלט, סאָרע שמייכלט. בער איז צופרידן, צאַליע איז צו־פרידן.
— די קינדער וואַקסן, — כאַזערט איבער לייע. — אַלץ איז גוט. נאָר ראָזע האָט אַ טײַנע צו אוויגדערן, אַ גערעכטע טײַנע.
— לעמאָשל? — פרעגט צאַליע מיט נײַגער.
— איר פאַרשטייט, שטעלט זיך דער טאָג פון אומזיסטן אופנאַם, קומט די גאַנצע שטאָט. קראַנקע קומען, און געזונטע קומען. אָרעמע קומען, און פאַרמעגלעכע קומען. און זיי ווילן גאָרניט אָפּטרעטן, גייען ניט אוועק. אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט איז די שטוב פול, און נאָכן אוועק־גיין בלײַבט אַ גאַנצער סמעטניק. זאָגט ראָזע: „ס'איז פאַראַן אַ ייִדישער שפּיטאָל, זאָלן זיי גיין אַהין". איז זי דאָך גערעכט, ראָזע.
— גערעכט? איך וואָלט אַנדערש געזאָגט. אַמאָל האָט ראָזע דאַפקע ליב געהאַט ריידן און אַפילע זיך באַרימען מיט פּאָשעטע פּראָסטע מענטשן...
— רעב צאַליע, איר ווייסט דאָך, אַז מע ווערט עלטער, ווערט מען קליגער.
— ניט אַלעמאָל. איך, לעמאָשל, ווער עלטער און ווער נאַרישער...
— צאַליע... — שטעלט אים אָפּ מיט פאַרדראָס זלאטע. זי איז ניט צו־פרידן, וואָס איר מאַן רעדט אַזוי וועגן זיך.
— ראָזע איז דאָך אָבער ייִנגער פון אײַך, — זאָגט לייע אַ ביסל גראָב־לעך.
— אַוודאי ייִנגער. אָבער צו מײַן גרויסן האַרצווייטעק, מוז איך זאָגן, אַז עס זײַנען פאַראַן אַזוינע יונגע, וואָס ווילן ניט וויסן, וואָס אַרום זיי

טוט זיך, ווי מענטשן מאטערן זיך. עפּעס זע איך ניט, עמעצער פון זיי זאָל זיך קענען אָנצינדן און ריזיקירן.

— רעב צאַליע, איר זײַט ניט גערעכט. מע דאַרף דאָך ווײַט ניט גיין, אָט נעמט א בײַשפּיל — טעווקען. ווי מיינסטו, טעווקע, ווער איז גערעכט?

טעווקע שווײַגט צוערשט. דערנאָך זאָגט ער ניט אינגאַנצן זיכער:

— מומע לייע, איך ווייס נאָך ניט. מע דאַרף גוט באַטראַכטן.

טעווקעס ענטפער איז אומדערוואַרט סײַ פאַר לייען, סײַ פאַר אים אליין. וויבאַלד די מומע זאָגט, — וואָס דאַרף מען נאָך טראַכטן?

דעם גאַנצן וועג צוריק אַהיים ריידן לייע און טעווקע צווישן זיך קיין וואָרט ניט אויס. איר איז ניט געפעלן זײַן ענטפער. ס'איז דאָך קלאָר, אַז ראָזע איז גערעכט. צאַליע איז שוין צו אַלט, ער זאָל פאַרשטיין, ווי מע דאַרף לעבן אױף דער וועלט. זאָל זײַן, אַז טעווקען ציט אַלץ צו די „זײַניקע"? און איז טאַקע די מאַמע מאַלקע געווען גערעכט, זי פלעגט זאָגן: „אַ שוסטער בלײַבט אַ שוסטער, מעג ער טראָגן אַ קאַפּעליוש". אָבער באַלד זאָגט זיך לייע: אײַל זיך ניט, לייע, דאָס פּאַסט פאַר צאַליען. דו אַליין האָסט געלערנט טעווקען פריִער באַטראַכטן און דערנאָך ריידן. וויל ער טאַקע באַטראַכטן. אַזוי דאַרף זײַן.

— טעווקע, פאַרוואָס שווײַגסטו?

— איר זײַט פאַרנומען מיט געדאַנקען, וויל איך אײַך ניט שטערן. לייען איז דער ענטפער געפעלן.

4

פריִער האָט טעווקע אָפט געשוויגן, ווײַל ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. איצט ווייסט ער אָפט, וואָס צו זאָגן, און דערפאַר שווײַגט ער ווידער.

פריִער, דעמלט ווען טעווקע איז געקומען צו דער מומע לייע אין שטוב אַרײַן, האָט ער פאַרגעסן וועגן אַלץ אין דער וועלט. ער איז אָפּגעטראָטן פון טאַטע־מאַמע, זיך דערווײַטערט פון שוועסטער און ברידער, כאַווייי־רים, שכיינים. ער איז אַרויס פון דעם אַמאָל און מיט אַלע פאַרלאַנגען און געפילן אַרײַן אין דעם הײַנט פון דער מומע לייע און איר מאַן. און ער האָט גאָר ניט געפילט און ניט פאַרשטאַנען, ווי מיט אים צוזאַמען איז צו דער מומע לייע אין שטוב אַרײַנגעקומען אויך זײַן קינדהײַט און יוגנט. געקומען ניט נאָר אַן און פאַר זיך, נאָר אויך צוליב קענען מאַכן אַ פאַרגלײַך צווישן לעבן בײַ טאַטע־מאַמע און בײַ דער מומע לייע. און דאָס לעבן בײַ דער מומע לייע איז טעווקען געווען מער צום האַרצן. דאָ האָט געהערשט רויִקײַט, זיכערקײַט. אַ לעבן מיט מער וויסן, מער קולטור. פון דער מומעס שטוב האָט זיך אַלץ געזען ברייטער און ווײַטער. די קינדהײַט און די יוגנט זײַנען אָבער ניט באָטל געוואָרן, געלעגן ערגעץ פון אונטן ניט אַרויסצוזען, ווי זיי וואָלטן געוואַרט, זייער צײַט זאָל קומען. אָן וואַרצלען גייט מען ווײַט ניט אַוועק. טעווקע איז עלטער געוואָרן, באַקומען

געוויסע בילדונג און פיל זאכן גענומען אנדערש פארשטיין. ער האָט דערפילט זײַנע וואָרצלען.

די וואָרצלען פילט ער, נאָר זיי לעבן נאָך ניט. זיי זײַנען פאראן, נאָר ווירקן נאָך ניט. די נײַקײַט באשטייט דערווײַל בלויז אין דעם: פריִער, ווען די מומע אָדער איר מאן פלעגן מיט ביטל א זאָג טאָן וועגן עמעצן: „א שוסטער, וואָס גייט באָרוועס״, — האָט עס אים ניט געארט, ניט אָנגע־רירט, אפילע פארקערט. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיך פון די שוסטערס און שנײַדערס ארויסגעכאפט. איצט רירט עס אים אָן, פארדריסט אים, נאָר ער ווײַזט עס ניט ארויס, שווײַגט.

5

די גליקלעכסטע מישפּאָכע אין שטאָט איז, אָן צווייפל, שיפרעס מישפּאָ־כע. שיפרע באשטייט איצט דורכויס פון ליבשאפט און טרײַשאפט. עס האָט זיך אפילע ארויסגעוויזן, אז זי האָט א שיינע שטים צום זינגען. ביז איצט האָט זי דערפון ניט געוווּסט, זי האָט קיינמאָל ניט געזונגען. שיפרע איז צופרידן, נאָך דער סרייפע האָט דער מאן אירער, נאָטע דער מוליער, א סאך ארבעט — שטעלן אויוונס און איבערלייגן אויוונס. ער האָט שיין פּארנאָסע. און אויסער דעם, איז דאָך שיפרע א בעריע און א מענטש, וואָס באנוגנט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט. ווען די קינדער שלאָפן אײַן, האָט שיפרע ליב ארויסצוקוקן דורכן פענצטער צום הימל און זיך ווונדערן, ווי גרויס די וועלט איז. זי באטראכט די פולע לעוואָנע, וואָס מע קאָן אין איר זען יעשוע בין נון, ווי די מאמע פלעגט דערציילן. די לעוואָנע שווימט ארום א יאָמטעוודיקע מיט א זילבער־צויבער ארום זיך. שיפרע דערזעט איצט אלץ, וואָס זי האָט פריִער ניט געזען, נאָך די פארגאנגענע שווערע יאָרן אנטדעקט זי די וועלט פאר זיך.

— נאָטע, זע, ווי שיין דער הימל איז.

ביידע שטייען באם פענצטער. ער נעמט זי ארום און פילט די ווארעמ־קײַט פון איר לײַב.

און אמאָל, פרײַטיק אין אָוונט, ווען זיי פארגעסן ביידע אין דער וואָ־כעדיקער זאָרג, ווען די ליכט זײַנען שוין אויסגעברענט און פון דרויסן קומט ארײַן אין צימער די העלקײַט פונעם ליכטיקן פארנאכט, ווערט שיפ־רען אזוי גוט און גרינג אפן הארצן, אז זי זאָגט:

— נאָטע, די קינדער, קיין אײַנהאָרע, שלאָפן רויִק און געשמאק, וויל איך דיר דערציילן א מײַסע, נאָר ניט אף שלאָפן.

און זי דערציילט איבער די מײַסע, וואָס איר טאטע, דער שטילער און דערשלאָגענער אָרעמאן, האָט איינמאָל, סימכעסטוירע, קומענדיק פון בעס־מעדרעש א פריילעכער פון א ביסל קיבעד־מאשקע, דערציילט פאר די היימישע.

עס האָט געלעבט אמאָל א געטלעך־פרומער מענטש, א גרויסער לאמדן מיטן נאָמען „דער ייִד״. אזוי האָט מען אים גערופן. ייִנגלווײַז איז ער גע־ווען א גוואלדיקער שטיפער. ער איז אלט געווען א יאָר פינף־זעקס, ווען

ער האָט באמערקט, אז אין דער שטאָטישער שול קומט אָפּט אריין, ווען קיינער איז ניטאָ, א פרוי, רוקט אָפּ דעם פּאָרויכעס פון אָרנקוידעש און רעדט מיט גאָט. זי האָט צו אים א טײַנע. אן אלמאָנע איז זי, מיט קליינע קינדער, און זיי הונגערן. זי בעט: „טאטע־פּאָטער, פארנעם מײַנע רייד, גיב מיר כאיונע, ברויט פאר די קינדער״. דאָס ייִנגל (דער קומענדיקער „דער ייִד״) האָט זיך פארגאנוועט איינמאָל אין דער ווײַבערשער שול, און ווען די אָרעמע פרוי האָט געזאָגט „טאטע־פּאָטער, הער אויס מײַן געבעט״, האָט ער איר פון אויבן־ארוף געענטפערט:

— טאָכטער מײַנע, איך הער דיך.

די פרוי איז געוואָרן איבעראשט, זי האָט זיך שטארק פארלאָרן.

— אוי, אוי, טאטע גרויסער, אלמעכטיקער, דו הערסט מיך...

— איך הער דיך, טאָכטער, וואָס איז דײַן פארלאנג?

— ברויט! ברויט פאר די קינדער...

— וועסט האָבן ברויט און צום ברויט.

— טאטע־פּאָטער, וויאזוי?

— וועסט היילן מענטשן.

— איך, דײַן דינסט? איך וועל היילן מענטשן... וויאזוי?

— איך וועל דיר געבן א שפּרוך. וועסט אים ארײַנשעפּטשען דעם קראנקן אין אויער, אז קיינער זאָל ניט הערן, וועט דער כוילע געזונט ווערן.

— וואָס פאר א שפּרוך, טאטע גרויסער, זאָג, זאָג...

— „מא טויווו אויהאָלעכאָ יאקאָוו, מישקוינעסעכאָ ייִסראָעל״. קיינער אָבער טאָר פון דעם סאָד ניט וויסן.

...און די פרוי האָט גענומען היילן, און די קראנקע זײַנען געוואָרן געזונט, און די קינדער האָבן געהאט ברויט און צום ברויט.

א סאך יאָרן זײַנען אוועק. „דער ייִד״ איז געוואָרן באוווּסט און באַרימט. און עס מאכט זיך, אז ער ווערט קראנק. א געשוויר אין האלדז. דאָקטוירים קומען און קאָנען גאָרניט העלפן. עס ווערט ערגער און ערגער. זאָגן נאָענטע:

— רעבע, פאראן א פרוי, וואָס היילט, זי האָט אזא שפּרוך.

— א ייִדענע... האָט א שפּרוך. כילעלהאשעם.

עס ווערט אָבער נאָך ערגער. זאָגן נאָענטע:

— רעבע, שאטן וועט עס דאָך געוויס ניט. עפּשער, ווער ווייסט?..

גיט „דער ייִד״ א מאך מיט דער האנט און זאָגט:

— מיילע... רופט זי.

קומט די פרוי און שעפּטשעט עפּעס ארײַן דעם קראנקן אין אויער ארײַן. ווערט „דער ייִד״ אופגעבראכט אף זיך אליין. א ייִדענע מיט א שפּרוך. געצנדינערײַ. און ער זאָגט:

— ייִדענע, וואָס האָסטו מיר ארײַנגעשעפּטשעט אין אויער?

— א שפּרוך, רעבע.

— וואָס פאר א שפּרוך? זאָג.

— איך קאָן ניט, רעבע.

— איך הייס!

— איך טאָר ניט, רעבע.

— איך באַפעל!

— רעבע, איך טאָר ניט. גאָט האָט ניט געהייסן.

— גאָט! — בייזערט זיך דער כולע. — הער נאָר, זי רעדט וועגן גאָט, ווי וועגן א שכיינע. נארישע טערוצים. זאָג, אז ניט, וועל איך פארשילטן ביזן צענטן דאָר.

די פרוי דערשרעקט זיך. אזוי איז שלעכט, און אזוי איז ביטער. גאָט זאָל אויסהיטן, „דער ייִד" זאָל פארשילטן.

— רעבע, נעמט אָפּ זיך די אוויירע.

— איך נעם.

און די פרוי דערציילט אלץ פון אָנהייב אָן. ווי זי האָט געבעטן בא גאָט ברויט פאר די קינדער, ווי גאָט האָט מיט איר גערעדט, ווי ער האָט איר געגעבן דעם שפרוך צו היילן קראנקע.

— וועלכן שפרוך?

— מא טויווו אויהאָלעכאָ יאקאָוו, מישקוינעסעכאָ ייִסראָעל.

„דער ייִד" פארטראכט זיך. ס'איז אים עפּעס זייער קענטיק. ווו האָט ער עס געהערט? ער האָט עס געוויס געהערט. אָבער ווו און ווען? דערנאָך דערמאָנט ער זיך: ס'איז דאָך זײַן שפּיצל, זײַן ייִנגלשער אײַנפאל. דאָס האָט ער דאָך געגעבן דעם שפרוך. לאכט ער זיך שטארק פאנאנדער, פלאצט דער געשוויר, און ער ווערט געזונט.

שיפרע ענדיקט דערציילן און איז זייער צופרידן פון דעם, וואָס „דער ייִד" איז געזונט געוואָרן, וואָס די אלמאָנע האָט געהאט ברויט פאר די קינדער און וואָס איר טײַערן נאָטקען, איר מאן און טאטן פון אירע קינדער, איז עס שטארק געפעלן און ער פרייט זיך צוזאמען מיט איר. און זי זאָגט:

— א גוט וואָרט פון א גוטן מענטשן איז אלעמאָל צום גוטן.

וועגן שיפרען זאָגן די שכיינים, אז זי איז א הארציק־גוטע, האָט פאר אלעמען א טרייסט־וואָרט, טוט טויוועס. שיפרען ווילט זיך, אז מענטשן זאָלן לעבן גוט, אלע זאָלן האָבן ברויט און צום ברויט, באזונדערס ווינטשט זי עס אלמאָנעס און יעסוימים, אָרעמע און אָרנטלעכע מענטשן. און ווען זי באגעגנט זיך מיט בערטע קאווע, לאכן זיי ביידע פון טיפן הארצן. אלע גלידער אין זיי לאכן און פרייען זיך. בערטע איז די באשעפערן, שיפרע — די באשאפענע. באשאפן געוואָרן אפסנײַ נאָך קימאט פינף און צוואנציק ביטערע און פינצטערע יאָרן. שיפרע קאָן עס ניט פארגעסן.

צו בערטע קאווע קומען אויך ארײַן לייע מיט טעווקען. בערטע איז צופרידן פון אזוינע געסט. און לייע האָט איר כעזשבן. זאָל בערטע זען און וויסן, אז איר, לייעס, באָכערל איז אויסגעוואקסן, ער איז א שיינער, א קלוגער, גרייט זיך אָפּגעבן עקזאמען פאר זעקס קלאסן גימנאזיע. בערטע קלײַבט נאכעס פון שיינע מיידלעך און שיינע ייִנגלעך. און זי מוז וועגן זיי דערציילן באקאנטע, פרײַנט, שכיינים. זאָל זי, טראכט לייע, פאר־שפרייטן איבער דער שטאָט גוטע קלאנגען אויך וועגן איר באָכערל טעוו־קען. אָפּ בערטע קאווע מעג מען זיך פארלאָזן. לייע האָט שטארק ליב צו הערן גוטס וועגן טעווקען, איר פארשאפט עס פארגעניגן. טעווקע איז דאָך

אירער, איר קינד, זי האָדעוועט אים, דערציט אים, טראַכט וועגן זײַן טאַכ־לעס. און ווי קאָן זײַן אַנדערש? איר טעווקע!

מיט די זעלבע געדאַנקען קומט לייע אַרײַן מיט איר טעווקען אויך צו ראָזען און אוויגדערן. לייע פֿאַרגעסט גאָר דערבײַ, אַז טעווקע איז ראָזעס אַ שוועסטערקינד. ראָזע איז צופֿרידן, וואָס דער שעמעוודיקער שווײַגער האָט געגנומען ריידן. זי באַטראַכט אים פֿאַר אַ קאָרעוו ניט ווײַל ער איז איר מומעס שיינעס אַ זון, נאָר ווײַל ער רופֿט לייען מומע. לייע און ראָזע באַווײַזן אים די שאַפֿע מיטן זילבער. אים געפֿעלן די כּפּייצים. ער קוקט איין מאָל און אַ צווייט מאָל, כאַזערט עטלעכע מאָל איבער:

— שיין, זייער שיין. אַ קינסטלער האָט עס געמאַכט.

אָבער דאָס זילבער אַלס זילבער, דאָס גאָלד אַלס גאָלד רירט אים ניט. ער ווערט ניט דערפֿון ניספּאָעל און איז ניט מעקאַנע. לייען וווּנדערט עס. און ראָזען וווּנדערט עס אויך.

אוויגדער זאָגט:

— טעווקע וועט ווײַט אַוועק. ער גייט מיט אַן אייגענעם וועג. ער געפֿעלט מיר.

אויך דער רעפּעטיטאָר, דער סטודענט פֿרומקין, וואָס גרייט טעווקען צום עקזאַמען פֿאַר זעקס קלאַסן גימנאַזיע, לויבט אים, ער זאָגט:

— טעווקע וואַקסט אַ מענטש מיט סייכל און יוישער.

## 6

שאַבעס איז צום לערער מענאַכעם געקומען אַן אומגעריכטער גאַסט — שעפּסל דער קירזשנער. זעקס טעג אין דער וואָך מאַכט שעפּסל היטלען, אָבער טעאַטער שפּילן וויל ער אַלע זיבן טעג פֿון דער וואָך. און באַזונדערס שאַבעס, ווען ער׳איז פֿרײַ פֿון אַרבעט.

די לעצטע צײַט ווילן שעפּסל און זײַנע כאַווײרים ניט זײַן מער קיין פּורימשפּילער, זיי ווילן זײַן אַקטיאָרן, שפּילן טעאַטער. נאָר קעדײ מע זאָל פֿון זיי ניט לאַכן, ניט אָפּשפּעטן דערפֿון, וואָס דערוואַקסענע מענטשן, טאַטעס פֿון קינדער אַפֿילע, פֿאַרנעמען זיך מיט נאַרישקײַטן, דער מאַגיד זאָל אין אַ דראָשע ניט מוסערן און דער ראָוו זאָל זיך ניט בייזערן, — איז עפּשער טאַקע בעסער, מע זאָל זיך רופֿן „פּורימשפּילער“.

ס׳איז באַוווּסט, אַז טעאַטער איז אַ קרענק. און אויב אָט די קרענק כאַפּט עמעצן אָן, — איז פֿאַרפֿאַלן. שעפּסל און זײַנע כאַווײרים זײַנען מאַ־מעש פֿאַרסאַמט. ניט לאַנג צוריק האָט אין שטאָט גאַסטראָלירט אַ רוסישע טרופּע, וואָס האָט געשטעלט גאָגאָלן און אָסטראָווסקין. שעפּסל מיט זײַנע כאַווײרים האָבן געקליבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן אַף בילעטן. פֿון די פֿאַר־שטעלונגען זײַנען זיי געוועזן איבערראַשט. זיי האָבן ריידן ניט געקאָנט, פֿאַרגעסן אַלץ אין דער וועלט. און אַז זיי זײַנען געקומען צו־זיך, האָבן זיי געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן: „אָט דאָס איז טעאַטער!“, „מיר מוזן שפּילן, ווי בײַ לײַטן. מיר קענען, מיר קענען“.

שעפּסל איז געקומען נאָך פֿאַר מיטיק.

— א גוט־שאבעס אײַך, לערער מענאכעם.
— א גוט־יאָר דיר, שעפסל. א גאסט. זיץ.
און שעפסל האָט פארן לערער אויסגערעדט דאָס הארץ, דערציילט, ווי ער מיט זײַנע כאַווײרים גייען אויס, כאלעשן שפילן ייִדיש טעאטער.
— ייִדיש טעאטער אין גראָדנע. גוט, גוט. אין ווארשע שפילט מען שוין ייִדיש טעאטער.
— לערער, א שטאָל וועלן מיר דינגען. מיט אונדזערע אייגענע הענט וועלן מיר פון איר מאכן א צאצקע. מיר זײַנען אף אלץ גרייט, אבי שפילן. ווו נעמט מען א פיעסע, אָן עמעסע פיעסע? צו אונדז איז דערגאנגען, אז אין אָדעס איז ארויס פון דרוק א פיעסע „וויבאָרעס". עפשער ווייסט איר וועגן דעם?
— „וויבאָרעס"? געהערט.
— אוי, לערער, טײַערער מענטש, וואָס איר זײַט... מיר האָבן זיך צו־נויפגעלייגט און פארמאָגן א רובל אף קויפן די פיעסע. וו־אזוי זשע קריגט מען זי?
— די פיעסע האָט אָנגעשריבן ייִצכאָק־יויעל לינעצקי, דער זעלבער, וואָס האָט אָנגעשריבן „דאָס פוילישע ייִנגל". דארף מען צו אים אוועקשיקן א בריוו און אָנפרעגן.
— לערער, עפשער וועט איר אָנשרײַבן?
— גוט. איך וועל אָנשרײַבן.
— א געזונט אף אײַך, לערער, איר טוט אונדז א גרויסע טויווע. ווי מיינט איר... מירן קענען שפילן טעאטער?
— איך ווינטש אײַך האצלאָכע.

נאָך מיטיק הייבן אָן זיך צונויפקלײַבן די שטענדיקע געסט. די ערשטע זײַנען געקומען די שוועסטער גיטעלע און פערעלע. זיי זײַנען שוין ניט קיין מיידעלעך, נאָר מיידלעך, פרײַלנס. שאבעס טראָגן זיי ניט מער די ביליקע שיך, נאָר גוטע לעדערנע שיכלעך. און זייערע קליידער זײַנען איצט ניט אזוינע לאנגע. די גלעזערנע פאטשערקעס האָבן זיי אויסגעטאָן — צו קינדעריש. ווי אלע מיידלעך, ווילן זיי זײַן שיינע און געפעלן ווערן ייִנג־לעך. זיי זײַנען שוין ניט קיין קינדער און פארשטייען זיך אין לעבן.
דערנאָך קומען מאשע מיט עזרען. ביידע זומערדיק אויסגעפוצט, ביידע פריילעכע. זיי אנטקעגן איז ארויס די וווקסיקע ראָכעלע מיט די בלאָנדע צעפּלעך און גוטע בלאָע אויגן. זי איז צופרידן, וואָס מאשע מיט עזרען זײַנען געקומען צוזאמען. זי, די איינציקע, ווייסט דערווײַל דעם סאָד, אז עזרע מיט מאשען פירן א ליבע. און פייגעלע, וואָס שטויסט זיך אויך אָן וועגן דעם, טראכט דערבײַ: „האלעווײַ שוין אזוי מיט מײַן ראָכעלען". (אוי, מאמעס, מאמעס, איר זעט ניט און ווייסט ניט, מיט וועמען אײַערע מיידלעך קושן זיך!). ווען דער לערער מענאכעם גייט ארויס פון זײַן צי־מער צו די געסט, זעצן זיך אלע ארום טיש.
ביידע שוועסטער שיסן גלײַך אויס:
— טעווקע איז בא אונדז אין געסט געוועזן.

— טעווקע? ווי זעט ער אויס? וואָס מאכט ער?
— פון אָנהייב האָבן מיר אים קימאַט ניט דערקענט, — זאָגן די שוועס־טער, — ער איז אויסגעוואַקסן. ער שמייכלט נאָך, נאָר ער רעדט שוין אויך. ער גרייט זיך אָפּגעבן עקזאַמען פאַר זעקס קלאַסן גימנאַזיע.
— אַזוי גאָר! ניט אומזיסט זעט מען אים שטענדיק מיט דער מאַדאַם לייע.
די שוועסטער דערציילן ווײַטער.
— דער טאַטע פרעגט אים: „וואָס איז געשען, וואָס דו ביסט געקו־מען?" — „גאָרניט, — ענטפערט ער, — איך האָב זיך פאַרבענקט". — „אַ גו־טער סימען, — זאָגט דער טאַטע. — מיר האָבן זיך אויך פאַרבענקט. עפּשער וועסטו בלײַבן?" — „דערווײַל נאָך ניט. אַרבעט, טאַטע, איז פאַראַן?" — „פאַראַן". דערנאָך האָט טעווקע געזאָגט צו אונדז: „איר זײַט שוין גרויסע. וואָס הערט זיך בײַ אײַך אויף דער פאַבריק?"
— וואָס אויף דער פאַבריק הערט זיך, — רופט זיך אָפּ מאַשע, — דאַרף מען פרעגן בײַ עזרען. ער ווייסט.
דער לערער מענאַכעם הערט און שווײַגט. אַנטקעגן אים זיצט פייגעלע און נעמט פון אים די פאַרליבטע אויגן ניט אַראָפּ. פון איר גרויסער ליב־שאַפט ווערט אים אָפּט ענג. עס איז אים שווער פון איר האַלדזן און גלעטן, פון איר שטענדיקן איבערכאַזערן: „מענאַכעמל, איך האָב דיך ליב"... דאָס בינדט אים, פענטעט אים, ער איז געשמידט אין ליבע־קייטן. ווען ער זאָגט עפּעס, זיצט פייגעלע אַנטקעגן און שעפּטשעט שטיל, נאָר אַלע הערן: „מײַן כאַכעם, מײַן קלוגער, מײַן לערער". ער שעמט זיך און מײַדט אויס צו ריידן אין איר אָנוועזנהײַט. אָבער נאָך מאַשעס ווערטער וועגן דעם, אַז עזרע האָט וואָס צו דערציילן וועגן דער פאַבריק, בעט ער:
— דערצייל, עזרע, דערצייל.
עזרע דערציילט. די אַרבעטער זײַנען אומצופרידן. די באַלעבאַטים זײַנען אויך אומצופרידן: וואָס הייסט? זיי גיבן אַרבעט אַזויפיל מענטשן, כאַיונע גיבן זיי, — איז מען נאָך אומצופרידן.
און עזרע פאַרענדיקט:
— אַזוי האַלט עס דערווײַל מיט ביידע צדאָדים. ניט מער...
— ניט מער?
— מענאַכעם, אומצופרידנקײַט איז אַ גרויסער קויעך.
— אַ קויעך, וואָס שטייט אויף אָן אָרט.
— ווי דו ווייסט, מענאַכעם, האָט גאָט ניט מיטאַמאָל באַשאַפן די וועלט. פאַראַן אַן אָנהייב...
מאַשע איז פאַרליבט. איר איז גוט אין איר פאַרליבטקײַט, געדאַנקען און אײַנפאַלן קומען אויף בײַ איר פרײַ און לײַכט. זי זאָגט:
— איך פאַרשטיי ניט די שערעשעווסקיס, זיי זײַנען אויך אומצופרידן... זיי מעגן דאָך וויסן: זייערס איז דאָס געלט, אָבער פּאַפּיראָסן און ציגאַרן מאַכן גיטעלע און פערעלע...
גיטעלע און פערעלע הערן מיט נײַגער, וואָס מאַשע זאָגט. זיי וווּנדערט עס, אָבער זיי שווײַגן.
דעמלט זאָגט ראָכעלע:
— אַזאַ שיינער טאָג, און מיר זיצן אין שטוב.

זייער שפאַציר האָט געפירט צו די קאָלאָזשעס, צום קאַזאַקישן קלויס־טערל. פּאַרויס גייען ביידע שוועסטער, ביידע צופרידענע פון דער וואַרע־מער זון, פונעם גרינעם דרויסן, פונעם ניעמאַן־ברעג, וואָס איז פול מיט קאָליריקע שטיינדלעך און ריטשקעלעך קלאָר־ריינע וואַסער.

עזרע גייט מיט מאַשען און ראָכעלען. די מיידלעך שמועסן וועגן זייערס. עזרען דערמאָנט דער וועג זײַנע אמאָליקע שפּאַצירן מיט ראָזען. עס דער־מאָנט אים די צײַט, ווען ער האָט געהאָפט און ניט געהאָפט, געצווייפלט און ניט געצווייפלט. מיט מאַשען דאַרף ער נאָר האָפן און ניט צווייפלען. אַן אָנדענק פון ראָזען האָט ער אַ גוטן — די שטעלע אין קאָנטאָר.

פייגעלע און מענאַכעם שווײַגן. און ביידע זײַנען פונעם שווײַגן צו־פרידן.

אויבן אויפן באַרג, צווישן סאָסנעס און יעלן, קומען אָן זיי אַנטקעגן שיפרע מיט איר מאַן און קינדער. מיט טומל און געלעכטער לויפן די קינדער נאָך דער מאַמען און ווילן זי כאַפּן. שיפרע לאָזט זיך ניט. נאָטקע לאַכט און פרייט זיך. ער קלײַבט נאַכעס פון זײַן מישפּאָכע. דערזען אירע געוועזענע שכיינים, שטעלט זיך שיפרע אָפּ און גריסט זיך מיט זיי.

— דאָ איז זייער גוט, אַזוי פיל גרינס און זון. איך שפּאַציר דאָ אָפּט מיט די קינדער. זאָגט מיר, טײַערע, כײַעלען מיט איר זון האָט איר באַ־געגנט?

— כײַעלען מיטן זון?

— אונדזער כײַעלע, די נייטערן... און איר זון דעם אָפיצער?

— ניין. און איר, שיפרע, האָט זיי געזען?

— געזען. זיי זײַנען אוועק פּאַרויס.

— ווי זעט ער אויס? און כײַעלע?

— פרעגט גאָרניט. איך האָב זי ניט דערקענט. ייִנגער און שענער.

— און דער זון?

— אַ וווּקסיקער, מיט עפּאָלעטן, מיט קנעפּ... אַן אָפיצער. כײַעלע האָט מיר דערציילט, אַז הײַנט האָט ער געדאַוונט אין גרויסן בעסמעדרעש. מע האָט אים אפילע אויפגערופן צו דער טוירע. מאָרגן וועלן זיי זײַן צוגאַסט בײַ בערטע קאַווע.

זיי האָבן געוואַרט, ביז כײַעלע מיטן זון וועלן זיך אומקערן, נאָר זיך ניט דערוואַרט.

7

אויף מאָרגן, זונטיק, איז שיפרע געקומען צו בערטען אַהיים. בערטע איז געווען שיין אָנגעטאָן, צוגעפּוצט און האָט געשײַנט פון גליק — צו איר דאַרף קומען אַ ייִדישער אָפיצער. זי האָט אַלעמאָל ליב אַזוינס, וואָס איז טשיקאַווע, נײַ, רופט אַרויס פאַרוווּנדערונג. און זי אַליין האָט אויך ליב צו זײַן אַן אויסנאַם, ניט ענלעך אויף אַנדערע. אַ שטאָט מיט מענטשן, און דעם ערשטן וויזיט גיט מען איר אָפּ. זי איז צופרידן, איר ווילט זיך גוטס טאָן.

— שיפּעלע, וואָס מאכסטו, וואָס מאכן די קינדער? ביסט שיין, שיפּע־לע, ביסט געבאָרן צו זײַן א מאמע און א ווײַב. ווייסט, טײַערינקע, א גאַסט דאַרף צו מיר אינגיכן קומען — הערצל צאמער.

— כּײַעלעס זון?

— ריכטיק. ווי מיינסטו, שיפּעלע, עס וועט זײַן גוט, אז איך וועל זײַן פאָטאָגראַפיע אופהענגען אין סאמע אויבנאָן?

בערטע האָט נאָך כּײַעלעס זון אין די אויגן ניט געזען, נאָר פאַר איר איז שוין קלאָר — ער איז אירער. ער איז ייִכעס. די גאַנצע שטאָט וועט וועגן אים ריידן. זי פרייט זיך מיט אים ניט ווינציקער, ווי מיט אַן אייגע־נעם זון. שיפרע באַמערקט, אַז די שטענדיק געדולדיקע בערטע איז הײַנט אומרויִק, זי איז הײַנט אָנגעפילט מיט קוועקזילבער, זיצט ניט אײַן אף אַן אָרט.

— מאדאם בערטע, איך וועל געוויס זײַן אַן איבעריקע...

— ניין, ניין, פאַרבלײַב. וועסט האָבן וואָס צו דערציילן.

שפּעטער האָט שיפרע מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם געהערט, וואָס דער ווּקסיקער אָפּיצער מיטן קײַלעכדיק־בלאַסן פּאָנעם דערציילט. דערציילט רויִק, גוטמוטיק און שטיל:

— אין יענעם טאָג האָט די מאמע געוואַשן גרעט. זאָגט זי מיר: „הער־צעלע, דײַן ארבעקאַנפעס איז שוין ניט ריין, איך וועל אים אויסוואַשן. אין עטלעכע שאָ ארום וועט ער זײַן טרוקן. דערווײַל גיי אין כיידער". אין גאַס האָב איך גלײַך דערפילט, אז מיר פעלט עפּעס. זינט איך געדענק זיך, האָב איך געטראָגן אַן ארבעקאַנפעס. דערבײַ האָב איך ליב געהאַט צו שפּילן מיט די ציצעס, זיי ארומדרייען ארום די פינגער. אין א פינצטערן ווינ־טער־אָוונט, ווען איך פלעג פון כיידער גיין אהיים, האָב איך זיי געהאַלטן אין די הענט און פאַר זיך געכאַזערט „שמע ייִסראָעל"... ווען איך בין ארײַן אין כיידער, האָט מיר געגומען דוכטן, אז דער רעבע קוקט אף מיר מיט כשאד, ער שטויסט זיך געוויס אָן... ווי מיִעס: א כיידער־ייִנגל, און טראָגט ניט קיין ארבעקאַנפעס. כ'האָב קוים זיך דערוואַרט די מינוט, ווען דער רעבע זאָגט: „גייט, קינדער, עסן וואַרמעס". גייענדיק צוריק אהיים, האָב איך דערפילט, ווי עמעצער האָט מיך פון הינטן ארומגעכאַפּט, אופגע־הויבן אף די הענט און געגומען טראָגן.

— ווער איז עס? — האָב איך געפרעגט.

— דײַן פעטער.

— מײַן פעטער? וווּהין טראָגט איר מיך?

— אהיים, צו דער מאמען.

מע האָט מיך געהאַלטן פעסט, איך זאָל זיך ניט קענען א דריי טאָן און דערזען דאָס פּאָנעם. אינגיכן האָט מיך דער „פעטער" ארײַנגעוואָרפן אין א וואָגן מיט היי... „וויאָ!", און מיר פאָרן.

איך האָב זיך זייער שטאַרק דערשראָקן. צי איז דאָס ניט קיין כאַפער? די מאמע האָט מיר וויפל מאָל אָנגעזאָגט: „היט זיך, מײַן קינד, פאַר כאַ־פערס, פאַר לאָוּוטשעס". איך האָב געגומען וויינען און שרײַען. עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די פור יאָגט!

מײַן קינדערשער סײַכל האָט דעמלט באַנומען בלויז אײנס, אַז װען איך טראָג מײַן אַרבעקאַנפֿעס, כאַפּ איך אַרויס די ציצעס און שרײַ „שמע ישׂראל", װאָלט דער כאַפּער, פֿאַרשטײט מען, דערשראָקן זיך און מיך אָפּגעלאָזט אהײם. אָבער... ניטאָ די ציצעס. דאָס װײס איך איצט... אַז דער קױעך פֿון קענען איבערלעבן, איבערקומען אַלע צאָרעס און שלעק איז געלעגן דאַפֿקע אין דעם, װאָס דער אַרבעקאַנפֿעס איז פֿאַרבליבן בא דער מאַמען. פֿאַר די אױגן איז מיר די גאַנצע צײַט געשטאַנען די מאַמע, װי זי װײנט און קלאָגט, טײַנעט, אַז צוליב איר שולד בין איך אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די כאַפּערס. בא מיר איז אופֿגעקומען אַ גרויס ראַכמאָנעס צו איר, איך האָב אַלץ געטראַכט װעגן דעם, װי קאָן מען קומען צו איר זי טרײסטן. דאָס האָט מיר שטאַרק געהאָלפֿן, באַזונדערס אין די ערשטע שװערע יאָרן. און נאָך אײן זאַך איז מיר בײַגעשטאַנען. ביז הײַנטיקן טאָג רעד איך מיט זיך אַלײן אױף ייִדיש. דאָס האָט מיר געהאָלפֿן אָראָפּצורײדן זיך פֿון האַרצן, זײַן אַלײן מיט זיך, ניט אונטערגעבן זיך. אין שװערע מינוטן פֿלעג איך שעפּטשען: „מאַמע, בעט פֿאַר מיר גאָט, ער זאָל זיך אױף מיר דערבאַרעמען".

און אָט זײַנען אַװעק אַזױפֿיל יאָרן, און איך בין געקומען צו דער מאַמען אין געסט. און אַלע אין שטאָט פֿרעגן: „אַן אָפּיצער? אַ ייִד?" עס גלײבט זיך קײנעם ניט.

עמעס, געװען צװישן די קאַנטאָניסטן ניט װײניק ייִדישע ייִנגלעך, װאָס האָבן ניט אױסגעהאַלטן דעם דרוק, די אַכזאָריעס און האָבן געביטן זײער גלױבן. איך װײס ניט, צי װאָלט איך געקאָנט אױסהאַלטן, װען ניט די מאַמע. די מאַמע האָט ניט דערלאָזט! יאָ, יאָ, די מאַמע! װוּנדערט זיך ניט. װי װאָלט איך געקאָנט קומען צו דער מאַמען ניט קײן ייִד? און קומען צו איר האָב איך געמוזט. קומען און טרײסטן זי, זאָגן, אַז זי איז ניט שולדיק. פֿאַר דער מאַמען איז ניט װיכטיק, װאָס צו איר קומט אַן אָפּיצער, פֿאַר איר איז װיכטיק, װאָס צו איר קומט אַ זון.

הערצל צאַמער רעדט מיט אַן עטװאָס הײזעריקלעכער שטים. ער מישט אַרײַן רוסישע װערטער און אױסדרוקן, אָבער ער רעדט ייִדיש. שיפֿרען זײַנען זײַנע רײד שטאַרק צום האַרצן. פֿאָשעטע רײד װעגן זײַן מאַמען. ס'איז צו זען, אַז דער מענטש איז אַ גוטער. בערטען אָבער װוּנדערט: אַן אָפּיצער — און רעדט װעגן ציצעס. זי האָט זיך אַנדערש פֿאָרגעשטעלט. װען הערצל נעמט דערצײלן װעגן זײַן סאָלדאַטסקן לעבן און װעגן דעם, װי־אַזױ ער איז געװאָרן אַן אָפּיצער, נעמט עס בערטען מער פֿאַרכאַפּן. און דאָך ניט אַזױ שטאַרק, װי איר האָט זיך געװאָלט. זי האָט געװאַרט אױף דראַמאַטישע און אַפֿילו טראַגישע געשעענישן. און ער, דער אָפּיצער הערצל צאַמער, דערצײלט װעגן אַלע שװעריקײַטן, װאָס איז אים אױסגעקומען איבערלעבן, מיט אַ שמײכעלע, לײַכט. זי האָט ניט אױסגעהאַלטן און אים איבערגעריסן אינמיטן:

— איך האָב זיך אַלץ פֿאָרגעשטעלט אַ סאַך ערגער און שרעקלעכער.

— מאַדאַם, איבערלעבן אײן און דעם זעלבן שוידער צװײ מאָל איז זײער שװער, אַפֿילו אוממעגלעך. צום גליק, איז דער שאַרפֿער װײטעק אַװעק

מיט די שווערע יאָרן. אהער האָב איך אים געבראַכט אײַנגעוויקלט אין א שמייכל. א סאָלדאט קלאָגט זיך ניט.

— אוי, ווי ריכטיק... — זאָגט שיפרע ארויס נאָר מיט די ליפּן, ניט וועלנדיק זיך אַרײַנמישן אין דעם געשפּרעך צווישן דער מאדאם בערטע און דעם אָפּיצער הערצל. איר, שיפרען, ווילט זיך אויך ניט איבערלעבן נאָכאמאָל די פארגאנגענע יאָרן, געדענקען דארף מען (עס לאָזט זיך דען פארגעסן?), אָבער ווידער עס איבערלעבן — ניין! זאָל בעסער בלײַבן מער צײַט אף לעבן.

זעקס יאָר איז הערצל צאמער געווען א קאנטאָניסט אין דער סיבירער שטאָט טאָמסק. צו פערצן יאָר איז ער געוואָרן א סאָלדאט אין טאָמסקער באטאליאָן.

— און ערשט דעמלט, — דערציילט הערצל, — האָב איך פארשטאנען, ווי איך האָב צו פארדאנקען אונדזער שאָכנס ייִנגל שײַקע גענעראַל. אין כיידער לערנען האָט ער ניט געוואָלט, דאוונען האָט ער ניט געוואָלט, פאָלגן טאטע־מאמע האָט ער אויך קיין כיישעק ניט געהאט, דערפאַר האָט ער ליב געהאט הינט, געווען א מײַדים צו קלעטערן אף דעכער, צו שפּילן אין פּײַערלעשער, אָבער זײַן באליבטסטע שפּיל איז געווען — אין סאָלדאטן. אונדז, כיידער־ייִנגלעך, האָט ער לעבן ניט געלאָזט, ווי נאָר א פרײַע מי־נוט, האָט ער אונדז מושטרירט, געלערנט גיין אין פוס, מארשירט: „ראז — דוואַ, ראז — דוואַ”, באפוילן: „נאליעוואָ, נאפּראוואָ, קרוגאָם מארש”, גע־לערנט זיך אויסשטעלן לויטן ראנזשיר און נאָך אזוינע סאָלדאטישע קענ־טענישן. שײַקע אליין איז געווען דער גענעראל.

הערצלען איז דאָס אלץ גוט צוניץ געקומען. ער איז געווען א בײַשפּיל פאר אנדערע. און ווי באוווּסט, קומט מיטן ערשטן דערפאָלג דער גוטער נאָמען, און מיט א גוטן נאָמען גייט זיך לײַכטער. דערבײַ האָט הערצל שוין דעמלט גוט פארשטאנען: אויב זײַן א סאָלדאט, דארף מען זײַן — א גוטער סאָלדאט, ווענן אלץ פארגעסן. און נאָר אין אָוונט, אין דער קאזארמע, ווען ער פלעגט א מידער זיך לייגן אפּן געלעגער און צוקאָפּנס איז שוין געשטאנען גרייט דער שלאָף, פלעגט הערצל דערמאָנען די מאמע, דערזען זי, געפרעגט, ווי זי לעבט און וואָס זי מאכט... פאר זײַן פלײַסיקער דינסט איז ער מיט דער צײַט געוואָרן א פעלדפעבעל.

— א ייִד א פעלדפעבעל! — האָט זיך בערטע פארוווּנדערט. — א זעלטנ־הײַט! דערציילט ווײַטער.

ווײַטער...

הערצל צאמער דערציילט אלץ רויִק, שטיל און גוטמוטיק, ווי ער וואָלט אהער געקומען ניט פון סיביר, נאָר פון א נאָענטן שפּאציר. ניט איין מאָל, — זאָגט ער, — האָט ער געטראכט פאר זיך: „אָט א סאָלדאט קאָן איך זײַן, א גוטער סאָלדאט. נו, און אן אָפּיצער?” צי קאָן ער, צי מעג ער? א ייִד אן אָפּיצער... ער האָט אזוינס נאָך ניט געהערט. און טאקע דערפאַר, ווײַל ער קאָן ניט און מעג ניט, האָט ער ווענן דעם שטארק געטראכט. די צײַט אָבער איז געווען קעגן. ווען עס איז אײַנגעפירט געוואָרן אלגעמיינע מיליטער־דינסט, האָט דער פעלדפעבעל צאמער דערפילט, אז ער דארף מער ניט שווײַגן. אף זײַן באקאָשע האָט ער באקומען אן ענטפער: אויב

דער פעלדפעבעל צאמער וועט אויסהאלטן דעם עקזאמען פאר א יונקער־שול און וועט באקומען א גוטע אטעסטאציע פון זײַן נאטשאלסטווע, קאָן מעגלעך זײַן, די העכסטע אינסטאנץ זאָל באטראכטן...

ער האָט אָפּגעגעבן דעם עקזאמען. דעמלט האָט דער הויפּט־שטאב געגעבן צו וויסן, אז ייִדן אָפיצערן מעגן זײַן ניט מער פון דרײַ פּראָצענט. דער אָפיצערן־באשטאנד פון באטאליאָן, ווו צאמער האָט געדינט, איז געווען אזוי קליין, אז דרײַ פּראָצענט האָט אויסגעמאכט עפּעס מער פון א דריטל מענטש.

— נו, נו, און ווײַטער?.. — פרעגט מיט נײַגער בערטע.

— אוי, וויי... — זאָגט מיט מיטגעפיל שיפרע.

און ווײַטער:

געבליבן איז איין אויסוועג — דער אָפיצערן־באשטאנד זאָל אויסדריקן דעם ווילן אים ארײַנעמען צו זיך אלס אָפיצער. און די אָפיצערן בעראָש מיטן פּאָלקאָווניק האָבן דאָס געטאָן. די העכסטע אינסטאנץ האָט עס באַשטעטיקט.

— אָך, ווי אינטערעסאנט! — זאָגט צופרידן בערטע קאווע.

— פאראן א גאָט אף דער וועלט! — רופט אויס א גליקלעכע שיפרע.

פארשטייט זיך, אז אלץ, וואָס דער אָפיצער הערץ צאמער האָט דערציילט בא בערטע קאווע אין דער דירע, איז אף מאָרגן באוווּסט געוואָרן אין דער שטאָט. בא בערטע קאווע האָט די איבערדערציילונג זיך באקומען מער דראמאטיש און מיט פיל טראגישע איינצלהײַטן, און מעגלעך, אז טאקע אזוי, ווי ס׳איז געווען אין דערווירקלעכקײַט. שיפרע האָט איבערדערציילט מיט הארציקן מיטגעפיל און אפילע מיט א טרער. און אויך דאָס, וואָס זי האָט דערציילט, איז, מעגלעך, געווען אזוי, ווי ס׳איז געשען אין דער ווירקלעכקײַט.

— און ווײַטער? — דאָס פרעגן שוין די צוהערער, וועמען בערטע און שיפרע דערציילן וועגן הערצל צאמערן.

— ווײַטער? ער איז געקומען נעמען זײַן מאמען, כּלַעלע די נייטערן, און פאָרן מיט איר צוריק קיין טאָמסק.

— ווען?

— אינגיכן.

## 8

עס רעדט זיך נאָר אזוי: אינגיכן. מע קאָן אים דען אזוי גיך ארויסלאָזן פון דער שטאָט, ווו ער איז געבאָרן, ווו ער איז געכאפּט געוואָרן פון די לאָווטשעס און וווהין ער איז געקומען אין יאָרן ארום אלס אָפיצער? ניט אלע טאָג טרעפט אזוינס. א זעלטנהײַט, אן אויסנאם. מענטשן ווילן אים זען און הערן, לאדט מען אים אײַן אין געסט. צווישן אנדערע — בערל פעדער און דאָקטער קאדיש, לייע מיט איר מאן, מענאכעם. אָבער דער ערשטער, צו וועמען ער איז געקומען, איז געווען צאליע. צאליע האָט געוווּסט, מיט וואָס אים נעמען. הערצל צאמער, וואָס איז פון קינדווײַז אָן

אָפּגעריסן פון זײַן היים, דאַרף בענקען נאָך זײַן קינדהײַט, נאָך שטייגער, נאָך יאָמטעוו. צאַליע האָט אים צוגעזאָגט פּורימשפּילער, און ער האָט גוט צוגעטראָפן.

צאַליען איז הערצל צאַמער צום האַרצן. און ניט דאַפקע דערפאַר, ווײַל ער איז אַן אָפּיצער, וואָס דאָס איז אַזוי וויכטיק פאַר די אַנדערע, וועלכע ווילן אים זען און הערן. צאַליען געפעלט ער גאָר מיט דעם, וואָס נאָך אַלס יִינגל האָט ער געפונען אין זיך קויעך צו קענען זײַן אַליין מיט זיך, ניט אונטערגעגעבן זיך. הערצל איז אַ מענטש, וואָס רעדט ווינציקער און טוט מערער. און ער, צאַליע, האָט קיינמאָל ניט ליב געהאַט קיין פּלוידערניקעס און פּויליאַקעס. אים געפעלט הערצלס דרייסטקײַט, די אַקשאָנעס באַם דערגרייכן זײַן ציל.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, נאָר באַ צאַליען אין שטוב איז געווען קיל. דערצו האָט זלאַטע צוגעגרייט פאַר די געסט קאַלטן עפּל־קוואַס, וואָס שטילט דעם דאָרשט. געסט זײַנען געקומען אַ סאַך. סײַ אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זען דעם אָפּיצער, סײַ אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זען טעאַטער. איינע פון די ערשטע זײַנען געקומען טעוועקע מיט זײַן רעפּעטיטאָר דעם סטודענט פּרומקין. פּרומקינען אינטערעסירט גאָר ניט אַזוי דער אָפּיצער צאַמער, ער האָט געוווּנט אָפּיצערן געזען. עמעס, הערצל צאַמער איז אַן אָפּי־צער אַ ייִד, אָבער פּרומקין געהערט ניט צו די, באַ וועמען דאָס זאָל פאַר־נעמען אַן אָרט. פאַר אים איז וויכטיק דער מענטש און ניט זײַן אָפּשטאַם. אויך די פּורימשפּילער (אָדער טעאַטער־שפּילער) רופן באַ אים ניט אַרויס קיין גרויס אַנציקונג. ער איז אָפּגעריסן פון ייִדישן שטייגער, ער נייטיקט זיך ניט אין דעם. אַמאָל דוכט אים גאָר, אַז זײַן פאָלק פאַרשמעלערט אים דעם וועג, דריקט אַף אים מיט אַ נידעריקן הימל, שנײַדט אונטער זײַנע פליגל צום פליִען. ענג, זייער ענג! אָבער... אַ פאָלק בײַט מען ניט. געקו־מען איז ער צו צאַליען, ווײַל ער וויל זען האָרעפּאַשנע מענטשן, אַרבעטער (אַז באַ צאַליען וועט ער זיי טרעפן, האָט אים טעוועקע געזאָגט). טשיקאַווע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ייִדישער אַרבעטער...

דער סטודענט פּרומקין פאַרשטייט זיך אַף אַ מענטשן און איז, קאָן מען זאָגן, אַ מייווין אַף זיך אַליין. נאָר באַ מענטשן, וואָס זײַנען מעווינים אַף זיך אַליין, טרעפט אָבער אויך, אַז זייער מעווינעס אַף אַנדערע פאַלט ניט אַלעמאָל צונויף מיט דער ווירקלעכקײַט. דערפאַר, עמעס, פאַלט עס צונויף מיט זייער אידיי.

אַזוינס טרעפט אויך מיטן סטודענט פּרומקין.

אַלעקסאַנדער פּרומקין האָט געדיכט־שוואַרצע האָר, גרויסע פאַרטראַכטע שוואַרצע אויגן. אין גאַס זעט מען אים שטענדיק אין אַ סטודענטן־היטל. אַמאָל, ווען אַלעקסאַנדער איז נאָך געווען אַ קינד און גערופן האָט מען אים סענדער, האָט דער פאָטער זײַנער געוואָלט, דאָס ייִנגל זאָל כאָטש עפּעס וויסן פון ייִדישקײַט, האָט ער געדונגען אַ מעלאַמעד, וואָס פלעגט קומען מיט אים לערנען דעם אַלעפבייס. די בוכשטאַבן האָט סענדער אויסגעלערנט. פון כומעש פאַרגעדענקט די ערשטע צוויי ווערטער פון דער ערשטער שורע: בערײשיס באָראָ... מיט דער צײַט האָט ער דעם אַלעפבייס פאַרגעסן, נאָר די צוויי ווערטער זײַנען אין זיקאָרן פאַרבליבן. און עס טרעפט, ער

כאזערט זיי איבער פאר זיך אליין, ס׳איז א מין געוווינהייט. אים געפעלן ביידע „בייסן״ און ביידע „ריישן״.

דערנאָך זײַנען געקומען זלאטעס ברידער, ביידע שמידן, וואָס ארבעטן צוזאמען אין איין קוזניע. איינער קלאפט מיטן שווערן האמער, און דער צווייטער האלט די צוואנג מיטן אָנגעגליטן אײַזן. הײַנט זײַנען זיי שאַ־בעסדיק אָנגעטאָן. זייערע שווערע אויסגעהאָרעוועטע הענט קריכן ארויס פון די ארבל, ווי זעלבשטענדיקע באשעפענישן. ביידע זײַנען שוין אין די יאָרן, די וואָנצעס פארסמאליעט בא די עקן. שאבעס גייען זיי אין בעסמעדרעש דאווענען, כאָטש קיין גרויסע דאוונער זײַנען זיי ניט. זיי האלטן אָבער שטאט. קיין דייע פרעגט מען בא זיי קיינמאָל ניט. וואָס פארשטייען זיי? וואָס זיי דארפן, דאָס פארשטייען זיי. שטייענדיק אין קוזניע באם בלאָזזאק און מיטן שטיק אײַזן אין די ברענענדיקע קוילן, זאָגן זיי ארויס זייער מיי־נונג קורץ, אמאָל אפילע מיט האלבע ווערטער, זיי פארשטייען זיך אפן ווונק. ניט זייערע באקאנטע, ניט זייערע שכיינים שטעלן זיך ניט פאָר, אז ארקע דעם פורמאנס זין, וואָס האָרעוועט פון פרי ביז שפעט אין שמידערײַ, האָבן זייערע מיינונגען. ס׳איז זייער זאך. אויך בענעגייע הערצל צאמער האָבן ארקעס זין זיך זייער מיינונג. ביידע זײַנען זיכער, אז דער אָפּיצער איז געטויפט, נאָר ווײַל ער וויל דער מאמען ניט אָנטאָן קיין הארצווייטעק, לייקנט ער. אזוינע פאלן זײַנען שוין געווען. וואָרעם ווו האָט מען אין רוסלאנד געהערט, א ייִד זאָל זײַן אן אָפּיצער? זאָגן וועלן זיי עס קיינעם ניט, זיי האָבן פײַנט יענעם קאליע מאכן.

צוליבן אָפּיצער האָבן ביידע שמידן זיך צעקריגט מיט קוסיעל ציפער.

זינט קוסיעל האָט אײַנגעריסן מיט עליע שלײַען, גייט ער ארום א דערשלאָגענער. עמעצער פון זײַנע גוטעברידער האָט אים אפילע געזאָגט:

— ציפער, ביסט א פויגל, פארוואָס פליסטו ניט, נאָר קריכסט ווי א שלאנג אפן בויך.

— איך בענק נאָך עליענקען.

— ער האָט כאסענע. ער פירט זיך ארום נאָר מיט זײַן קאלע.

קוסיעל ציפער בענקט טאקע נאָך עליע שלײַען, אָבער ער האָט פאָר אים אויך מוירע, ציטערט מיט אים זיך צו באגעגענען. ער ווייסט זייער גוט, אז עליע איז אים געבליבן שולדיק פעטש מיט דער לינקער ביינער־דיקער זײַט פון זײַן הארטער האנט. דעם טאם געדענקט ער. דעריבער פארשטעלט ער מיט דער האנט די באק, ווי ער וואָלט וועלן אָפּוועגדן דעם ווייטעק. ער מײַדט אויס עליען. ער ווייסט ניט, קוסיעל, אז אומזיסט שרעקט ער זיך, אומזיסט אנטלויפט ער. כאנע, עליעס קאלע, האָט דעם כאָסן פאר־זאָגט און פארשוואָרן, אז מיט דעם דאָזיקן קוסיעלן, דעם טרייפענעםביין, דעם דורכויס כאָמעץ, זאָל ער קיין מאגע־אומאסע ניט האָבן. ניט כאווערן זיך מיט אים און ניט שלאָגן אים. זײַן קאלע פאָלגט עליע. ווען דאָס איז דערגאנגען צו קוסיעלן, איז אים געוואָרן נאָך ערגער, — ווי מע וואָלט אים אָנגעשפיגן אין דער סאמע נעשאָמע ארײַן. וואָס א פרומע מויד קאָן!.. זיך מישן צווישן מאנצבלען. ווו איז פאראן אף דער וועלט אזא מאנספארשויך, וואָס האָט ניט געגעבן קיין קלעפּ און ניט באקומען קיין קלעפּ? קוסיעל ציפער זוכט מיט עמעצן זיך קריגן, זידלען, אויסגיסן זײַן ביטער הארץ.

מיט וועמען און צוליב וואָס קריגט מען זיך? און אָט, דאַנערשטיק איז ער פאַרבײַגעגאַנגען די קוזניע פוןביידע ברידער, אַרקע דעם פּוֹרמאַנס זין. פאַרבײַגעגאַנגען — אַרײַנגעגאַנגען, ער קוקט, ווי די פונקען פליִען פון אַנגעגליטן אײַזן. עפּעס דאַרף ער דאָך זאָגן.

— געהערט? אַן אַפּיצער א ייִד.

— געהערט.

— און איר גלייבט, אַז ער איז נאָך א ייִד?

— פאַרוואָס ניט? געדאַוונט אין גרויסן בעסמעדרעש, אופגערופן צו דער טוירע...

— נו, איז וואָס? ער איז דען אַן אייזל, א נאַרישע קאַלב, א טומטום? ער וועט קומען צו דער מאַמען, קומען אין זײַן אייגענער שטאָט און זאָגן: „זדראַסטיע, איך בין א מעשומעד". ער איז דאָך ניט קיין אַפּיקוימען אונ־טערן קישן, וואָס זעט ניט, הערט ניט און פאַרשטייט ניט. געקומען איז ער, ווי א קאָשער עסרעגל אָן א פּגאַם — א קאָשערער ייִד...

— פּונוואַנען ווייסטו עס, קוסיִעל?

— קוסיִעל ווייסט אַלץ.

און כאָטש ביידע ברידער טראַכטן אויך, אַז הערצל צאַמער איז גיכער פאַר אַלץ געשמאַדט, ווילן זיי ניט נאָכגעבן קוסיִעלן. ניט אַלץ, וואָס מע ווייסט, דאַרף מען צעבלאָזן, ווי א בלאָזזאַק. ניט גוט איז אַרײַנפאַלן צו קוסיִעלן אין מויל. און דערצו טראַכטן די ברידער, אַז אָט דער צאַמער איז געגנוג אויסגעשטאַנען צאָרעס, קיינער האָט אַזוינס ניט אויסגעהאַלטן. ער וויל דער מאַמען ניט אָנטאָן קיין האַרצווייטעק, ס'איז ניט קיין אוולע. פאַרוואָס קומט אים זידלען?

— קוסיע־ברודער, דו מאַכסט א טאָעס.

— איך מאַך קיינמאָל קיין טאָעס ניט.

— דו ביסט ניט גערעכט.

— איך בין אַלעמאָל גערעכט. וואָס מאַכט ער פאַר אַן אָנשטעל?

א וואָרט פאַר א וואָרט, און ס'איז אַוועק א קריג, וואָס ווײַטער, אַלץ שאַרפער. עס האָט זיך געקאָנט ענדיקן ניט גוט. נאָר קוסיִעל האָט דערזען כאַנען, עליעס קאַלע, וואָס איז געגאַנגען צו דער קוזניע, איז ער באַלד אַוועק. ער איז געקומען צו זיך אין דער דירע, ווו ער האַלט קוואַרטיראַנטן (פון דעם לעבט ער), אַרײַן צו זיך אין ווינקל, זיך געזעצט אף זײַן צע־בראָכענער בעט און דערפילט טרערן אין די אויגן: „איך דאַרף שוין מוירע האָבן אפילע פאַר עליעס קאַלע, פאַר כאַנען. אָט די פרומע נעקייווע זאָגט איבער מיר דייעס! און ביכלאַל, אָט די נאַרישע באַגרעס לאַכט פון מיר: א געפּאַטשטער".

קוסיִעל טרייסט זיך מיט דעם, וואָס ער זאָגט זיך, אַז ניט פאַראַן אף דער וועלט קיין מאַנספאַרשוין, וואָס גיט ניט קיין קלעפּ און באַקומט ניט קיין קלעפּ. ער פאַרשטייט אָבער, אַז ער טרייסט זיך מיט כאַלאָשעס. וויפל מאָל ער האָט זיך געזאָגט, ער זאָל זיך ניט מישן, ניט זאָגן קיין דייעס דאָרט, ווו מע בעט אים ניט, העלפט עס ניט. עס שפּרינגט פון זיך אַליין אַרויס דער צולאָכעס, ער מוז באַווײַזן זײַן „יא טעבע דאַם".

קוסיִעל זיצט לאנג. די כאראָטע גייט דורך. ער דערמאָנט זיך: ער איז אָפּגעטראָטן פאר כאנען, אָבער די שמידן קאָנען מיינען, אז ער האָט זיך פאר זיי דערשראָקן. ער שפּרינגט אויף. ער וועט זיי ווײַזן, אז זיי האָבן א טאָעס געהאט. זאָלן זיי ניט פארגעסן, אז ער איז קוסיִעל ציפּער. ער אײַלט, ער לויפט. ער איז פול מיט אנטשיידנקײַט, ער וועט אלץ שטעלן אין קאָן. ער קומט צו לויפן — די קוזניע איז שוין פארמאכט. אָפּטרעטן, גיין צוריק איז אים שווער. ער דרייט זיך ארום, קוקט אין אלע זײַטן, זוכט. און ווי־ דער דערזעט ער, ווי כאנע קומט אים אנטקעגן.

— כאנע, וואָס האָט איר צו מיר? וואָס פאר א שלעכטס האָב איך אײַך געטאָן?

— מיט א פרעמדער קאלע רעדט מען ניט.

ער בלײַבט אָן לאָשן. מיט די צוויי ברידערלעך אָבער, מיט די שמידן, וועט ער נאָך שמועסן. ער וועט זיי געפינען.

...מענאכעם מיט פייגעלען זײַנען אויך געקומען צו צאליען. די לעצטע צײַט איז פייגעלע שוין ניט אזא שוויַיגערקע. מיטן זכוס פון מענאכעמס אָנזען זאָגט זי ארויס אירע אייגענע געדאנקען און מיינונגען. אהער איז זי געקומען מיטן פארלאנג צו פארגעבן פראגן דעם אָפּיצער.

דער לעצטער האָט זיך אומדערווארט באוויזן דאָווידל קאדיש. די שטוב איז שוין געווען פול מיט מענטשן: עזרע מיט מאשען, גיטעלע און פערעלע, ראָכעלע, שיפרע מיט איר מאן נאָטע, שעפּסל מיט די פורימשפּילער. און, פארשטייט זיך, אז צווישן די געסט זיצט אויך כײַעלע. ארײַנקומענדיק, האָט דאָווידל דערזען דעם אָפּיצער און געבליבן שטיין, ווי פארגליווערט. ער האָט ניט פארשטאנען, וואָס דאָ קומט פאָר. באם פעטער אין שטוב אָן אָפּיצער? ניט גלאט. וואָס איז געשען? ער האָט גענומען ריידן רוסיש.

— בארוִיק זיך, דאָוויד, דער אָפּיצער פארשטייט אויך ייִדיש.

— פעטער, אויב אײַך ליגט אין קאָפּ צו שפּאסן, בין איך טאקע רוִיק. צאליע האָט פארשטאנען, וואָס דער פּלעמעניק טראכט בייסמײַסע, האָט ער מיט א שמייכל געזאָגט צו כײַעלען:

— זאָג אים, אז ס'איז דײַן זון.

— עמעס, עמעס!

אלע האָבן זיך דערפילט היימישער, ווער עס האָט געשמייכלט, ווער עס האָט געלאכט. פראגן זײַנען שוין געווען איבעריק.

אין טיר האָט זיך באוויזן דער קײַלעכדיקער קוסיִעל ציפּער, אָנגעטאָן אין זײַן שאבעסדיקן רעקל מיט די גרויסע ביינערדיקע קנעפּ. גערופן אהער האָט אים קיינער ניט. ער האָט זיך ניט געגריסט, נאָר גלײַך גענומען זוכן מיט די אויגן די ברידער שמידן. געפונען זיי, האָט ער אויסגעשריִען:

— נו, ברידערלעך, לאָמיר ענדיקן אונדזער געשפּרעך. פארוואָס זײַט איר אנטלאָפן?

— ווער איז אנטלאָפן? דו ביסט מיטאמאָל אויסגערונען.

— קוסיִעל, וואָס פארלאנגסטו? — האָט אומצופרידן געפרעגט צאליע.

— איך וויל אײַך, פּאניע צאליע, פרעגן.

— פרעג, אָבער בעקיצער.

— איר האָט קיין צײַט ניט?

— פרעג!
— צוליב וואָס שפּילט אָט דער אָפּיצער א קאָמעדיע?
— א קאָמעדיע?
— וואָס דען? מיר זײַנען בלינדע ציײַגלעך?
— וואָס באַלעבעטשעסטו... קאָמעדיע, ציײַגלעך... רעד, ווי א מענטש.
— אומזיסט, פאניע צאַליע, ווילט איר ניט פאַרשטיין, וואָס איך זאָג אײַך. דער אָפּיצער איז דאָך א געשמאַדטער, פאַרוואָס קריכט ער צו דער טוירע? און נאָך אין גרויסן בעסמעדרעש. אָן אָפּיצער איז ער, קיין ייִד — ניט.
— רעדסט גראָבע נאַרישקייטן, קוסיעל, איך וויל אזוינס ניט הערן.
— איר וועט זיך צוגעווינען, רעב צאַליע.
— הער נאָר, קוסיעל, ביסט דאָך א פּאַכדן, וואָס די וועלט פאַרמאָגט ניט, א געפּאַטשטער האָז. וואָס האָסטו אזוי ליב צו מאַכן דעם אָנשטעל, און ווי נאָר עפּעס — אַנטלויפסטו.
— צאַליע, בײַסט אײַן די צונג. אז ניט, וועל איך אײַך שיקן צו גאָט אין געסט.
צאַליע האָט זיך אופגעשטעלט.
— דו ווע‏סט שיקן? — ער האָט א לאַך געטאָן. — דו, פּעטער זאַדיק? שטיי אָקאָרשט א ווײַלע, אַנטלויף ניט! — ער האָט געמאַכט א טראָט צו קוסיעלן.
עס האָבן זיך אופגעהויבן ביידע ברידער, הערצל צאַמער, נאָטע דער מוליער. זיי האָבן אַרומגערינגלט צאַליען. פון איר אָרט איז אופגעשפּרונגען כײַעלע.
— דו, טרייפענער ביין, פאַרשימלטער כאָמעץ, דו רעדסט וועגן מײַן זון אזוינע רייד... איך וועל דיך מיימעסן, אויספּאַטשן! — זי איז פאַרלאָפן די מאַנצבלען דעם וועג און צוגעטראָטן נעענטער צו קוסיעלן. דער זון האָט זי אָפּגעהאַלטן.
— מאַמע!..
— זון מײַנער, וואָס הייסט... — מער האָט זי גאָרניט געקאָנט זאָגן.
די עטלעכע מינוט, וואָס צאַליע מיט קוסיעלן האָבן זיך דורכגעשמועסט, איז כײַעלע געזעסן ניט טויט — ניט לעבעדיק. צי דען? איר זון, אף וועלכן זי האָט א לעבן געוואַרט, די אויגן זיך אויסגעווײַנט, איר זון, איר קינד, איר הערצל, געשמאַדט? א ליגן! דער זון נאַרט ניט אָפּ. א ליגן! און וואָס האָט דער אָפּגעפּרעסענער כאַזער מיט די געפּאַטשטע פּאַמפּעשקעס זיך צו מישן צווישן איר מיטן זון? זי איז א מאַמע, זי וועט פּאַסקענען, זי קאָן מוילכל זײַן, זי קאָן שטראָפן. ס'איז איר קינד, איר זון, איר הערצל...
נאָטע דער מוליער האָט געזאָגט הויך אפן קאָל:
— הער אויס, קוסיעל, מיילע... עליענקע שלײַען האָט דיך געפּאַטשט אין די באַקן, איז עס צו דערלײַדן, אָן סאַקאָנעס. ער איז א מאַנספּאַרשוין, און דו ביסט א מאַנספּאַרשוין. אָבער אז כײַעלע וועט דיך פּאַטשן אין די פּאַמפּעשקעס, מעגסטו גלײַך לויפן צום בעסאַלמען און זיך באַגראָבן. א געפּאַטשטער פון כײַעלע דער נייטערן! גיי טייקעף אוועק, גיי באַגראָב זיך!

קוסיעל האָט געפֿאָלגט. ער איז אוועק. אָבער די בלוטן האָט ער אַלעמען קאַליע געמאַכט. עס האָט געדויערט, ביז מע האָט זיך באַרויִקט. און דעמלט האָט צאַליע געזאָגט:

— אַזאַ גאָרנישט, אַזאַ כאַרפּאַטניק, געקומען ווי אַ לייב און אוועק ווי אַ געשלאָגענער הונט. איצט גייט ער איבער די גאַסן מיט אַ פֿאַריסענעם קאָפּ און וועמען ער טרעפֿט נאָר, באַרימט ער זיך: אַלע האָבן פֿאַר אים מוירע, צאַליע קאַדיש איז געשטאַנען פֿאַר אים אויף די קני. אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, נאָר פֿאַרגינט קיינעם ניט. ער פֿאַרגינט ניט הערצל צאַמערן, וואָס אַלע באַגעגענען אים אַזוי פֿריַינטלעך, אַזוי גוט.

— רעב צאַליע, — האָבן געזאָגט ביידע ברידער שמידן, — הײַנט נאָך וועט די שטאָט וויסן, אַז כּיַיעלע האָט אים געפּאַטשט אין זײַנע שמאַלצאָווע פּאַמפּוכעס.

שפּעטער האָט שעפּסל מיט זײַנע כאַוויירים געוויזן טעאַטער.

9

יענעם שאַבעס־טאָג האָט קוסיעל יעדן, וועמען ער האָט באַגעגנט אין גאַס, געפֿרעגט:

— געהערט?

— וואָס?

— כּיַיעלעס זון דער אָפּיצער איז אַ מעשומעד.

— פֿונוואַנען ווייסטו?

— די גאַנצע שטאָט ווייסט.

קוסיעל איז פֿון פֿרייד געוואַקסן, ער האָט געשײַנט. ער האָט אַלץ מער און מער גענומען גלייבן אין זײַן אייגענעם ליגן. ס׳איז אַן עמעס, אַ קאָ־שערער עמעס. אָבער אויף מאָרגן, זונטיק, האָט זיך אַלץ געענדערט. אין שטאָט האָט מען זיך דערוווּסט, וואָס בײַ צאַליען אין שטוב איז פֿאָרגעקומען און אַז כּיַיעלע די נייטערן האָט דעם קוסיעל ציפּער שיר ניט געמיימעסט.

— ער האָט דערבײַ נאָך גוט אָפּגעשניטן. זי וואָלט אים געהאַרגעט. זי וואָלט געהאַלטן וואָרט, זי איז אַ פֿײַערדיק־הייסע מאַמע!

מאָנטיק, נאָך האַלבן טאָג, האָט כאַנע דערזען קוסיעלן. געזאָגט האָט זי אים גאָרניט, אַ קאַלע רעדט ניט מיט קיין פֿרעמדן מאַנצבל. געזאָגט האָט זי נאָר צו זיך אַליין, עמעס, מע האָט עס געקאָנט הערן אויף דער צווייטער גאַס:

— זאָל דאָס זײַן ריכטיק, כּיַיעלע די אַלמאָנע, די נייטערן, אָט די שוואַכע פֿרוי, האָט, זאָגט מען, געפּאַטשט קוסיעלן איבער די ווייכע באַקן, פּונקט ווי מײַן עליע, הער נאָר, הער נאָר... באַגראָבן דאַרף ער זיך.

באַקאַנטע פֿרעגן:

— קוסיע, צי דען איז עס עמעס? כּיַיעלע...

— אַ ליגן!

— נו, וויבאַלד אָט דער ליגנער, דער קאַזוּוען זאָגט מיט אַ פֿריילעכער מינע „אַ ליגן!", איז עס שוין אַלץ געוויס אַן עמעס.

ס'איז קוסיעלן געוואָרן שווער א גאס דורכצוגיין. מע טײַטלט אָף אים מיט די פינגער, די מוידן לאַכן פון אים: „דער געפּאַטשטער".

ציפּקע פײַער, א שיין מיידל, מיט א שיין פּאַריסן נעזל, מיט גרינע אויגן, א מיידל, וואָס שעמט זיך ניט אַרײַנצוזאָגן א יינגל א „שווער" וואָרט, זאָגט קוסיעלן פאַר אַלעמען אין די אויגן:

— קוסיע, האָסט שוין סמיכעס אָף א כיידער־יינגל — דו לאָזסט זיך שמײַסן, — און אַלע אַרום לאַכן.

הערץ צאַמער קלײַבט זיך צוריק אין וועג. זײַן לעצטער באַזוך איז בא ראָזע און אוויגדער קאַדיש.

אַרויסקוקנדיק אָפן גאַסט, גרייט ראָזע א שיינעם טיש. זי איז אָנגעטאָן אין איר מאַרקיזעטן העמדל מיט די אויסגעניייטע בלומען, וואָס ליגט נעט אָף איר יונגן פרויען־קערפּער. די האָר זײַנען אַקוראַט פאַרקאַמט. אָף די פיס טראָגט זי הײַנט די יאָמטעוודיקע לאַקירטע טופל. אוויגדער דרייט זיך אַרום דאָ טאַקע אין צימער. ער איז אָנגעטאָן היימיש, ווי עס פּאַסט אין אַזא הייסן זומער־טאָג. די קינדער זײַנען ניטאָ. מיט דער באָנע און מיט דער דינסט זײַנען זיי אָף דאַטשע אין לאָסאָסנע. ס'איז פאַרנאַכט. די זון זעצט זיך. אוויגדער זאָגט:

— קיין כאָכמע, ראָזע, וואַרט איך פון הערצל צאַמער ניט.

— אָף וואָס טויג מיר זײַן כאָכמע? איך ציטער אוף, ווען איך דערמאָן זיך וועגן זײַן קינדהײַט, אַז אַזוינס קאָן טרעפן מיט קינדער. איך בין א מאַמע...

— צײַטן בײַטן זיך. ניטאָ מער יענע צײַט.

— עמעס, מײַן מאַן, ערגעץ האָב איך אָבער געלייענט: צײַטן בײַטן זיך, נאָר טורמעס בלײַבן די זעלבע.

אַזא ענטפער קלינגט פאַר אוויגדערן אומגעריכט. ער האָט ניט וואָס צו דערווידערן אָף אים.

— ביסט גערעכט, ראָזע, צום באַדויערן.

— זאָל זיך יענע צײַט מער ניט אומקערן. פאַר קינדער בין איך גרייט גיין זיך שלאָגן.

— באַרויק זיך, ראָזע, ווי קומט צו דיר, אַזא גוטער און שיינער, זיך שלאָגן.

— טײַערער מײַנער, אָט די גוטע און שיינע ראָזע קאָן ווערן א לייבּיכע. פאַר מײַנע אייפעלעך בין איך גרייט נעמען אין האַנט א שטעקן, א מעסער, א ביקס.

— מיידעלע מײַנס, ביסט גערעכט. אַמאָל, ראָזע, קומט מיר אָפן זינען, אַז מיר האָבן צופיל זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן, פאַרשלאָסן אין זיך, אין אונדזער דירע. ביסט גערעכט, פאַר קינדער דאַרף מען זיך שלאָגן, אַלע דאַרפן זיך שלאָגן.

— עמעס, אוויגדערל, ביסט, מײַן געטרײַער, א כאָכעם, איך האָב דיך ליב, מײַן מאַן. — זי האָט אים אַרומגענומען און א קוש געגעבן.

הערצל צאמער איז געקומען. א בראוּוער אָפּיצער, ראזירט און געשאָרן, באשפּריצט מיט פּארפום. ראָזע און אוויגדער האָבן אים באזעצט באם טיש מיט קיבעד. ראָזע האָט גענומען אים אויספרעגן וועגן די קינדער־יאָרן. געהערט זייער אופמערקזאם, וואָס ער האָט דערציילט. געווישט די אויגן מיט איר בלאנק־ווײַס טיכעלע. פאר די אויגן האָט זי געזען אירע קינדער, און ס'האָט זי געשווידערט.

— צי דען מיט אלע אזוי? ניט געווען קיין אויסנאם?

— געווען, געווען, לעמאָשל, אזא איינער וועלוול נאכלאס, געשטאמט פון א שטעטל ערגעץ אין פּאָדאָליע. צום שמאָד איז ער געלאָפן, ווי צו א סימכע. דערנאָך האָט ער מיט גוטן און מיט בייזן אײַנגערעדט אנדערע קינ־דער זיך שמאדן. דערפאר איז ער געוואָרן אן אונטעראָפיצער, באקומען געלט־מאטאָנעס פון פּעטערבורג. מע האָט אים מער ניט גערופן וועלוול נאכלאס, נאָר אלעקסאנדער אלעקסייעוו.

— וויי, וויי, — האָט זיך אָפּגערופן ראָזע, — בויען גליק אף פרעמדן אומגליק. איר ווייסט, הער אָפּיצער, איך וואָלט אים מיט מײַנע אייגענע הענט אויסגעפּאטשט.

— מאדאם, א שאָד אָנרירן מיט אזעלכע שיינע הענט א מיִעסן פּארצעף.

אלע דרײַ האָבן געשמייכלט.

אוויגדער, וואָס האָט געזען, ווי ראָזע נעמט זיך שטארק צום הארצן, האָט אויסגענוצט די רעגע און איבערגענומען דעם געשפּרעך, געזאָגט גוטע ווערטער צאמערן. ראָזע האָט געדאנקט, וואָס ער איז געקומען צו זיי. מיט דעם האָט זיך דער וויזיט פארענדיקט. אין עטלעכע טעג ארום איז דער ייִדישער אָפּיצער הערצל צאמער אוועקגעפאָרן. און אינגיכן, ווי עס פירט זיך, האָט מען וועגן אים פארגעסן (די וועלט האָט ביכלאל א קורצן זי־קאָרן), אייניקע האָבן געמיינט, אז ער וועט מיטנעמען מיט זיך ניט נאָר די מאמע, נאָר אויך א קאלע. מע האָט אפילע איר נאָמען אָנגערופן: ראָ־כעלע, די וווּקסיקע ראָכעלע, מיט די בלאָנדע צעפּ. נאָר ער איז אוועקגע־פאָרן און זי איז געבליבן.

10

ראָזע האָט זיך בארוּיִקט. זי איז אוועקגעפאָרן אף דער דאטשע צו די קינדער. זי וויל מער נישט זײַן ניט קיין לייביכע, ניט קיין בעריכע, וויל קיינעם ניט שלאָגן און קיינעם ניט פּאטשן. זי וויל זײַן א מאמע און א פרוי. זי איז אזוי ארײַנגעטאָן אין זיך און אין איר מישפּאָכע, אז אָפּטמאָל פארגעסט זי אָז טאטע־מאמע. זי לעבט ווידער אָפּגעזונדערט. אפילע לייע קומט צו איר זעלטן — טעווקע גרייט זיך צו די עקזאמענעס, און אויב לייע קומט, איז עס אף אויסריידן איר אומרו: צי וועט ער אויסהאלטן.

דער טאטע בער און די מאמע סאָרע וואָלטן געוואָלט אָפּטער זײַן מיט די קינדער און מיט די אייניקלעך, נאָר ראָזע איז פון דעם ניט צופרידן. איר דוכט, אז אַן איבעריקער מענטש שטערט. דער איבעריקער מענטש איז דער טאטע מיט דער מאמען. דער טאטע בער שווײַגט. זײַן פארדראָס בא־

האלט ער אין זיך. די מאמע סאָרע זאָגט ארויס איר פארדראָס אָפן. זי קאָן ניט פארשטיין, פארוואָס איז די מומע לייע אָנגענומען, ליב, און די מאמע סאָרע — ניט. און זי גיט נאָך צו:

— יאָ, יאָ... פון אלע יאָרן אזוי.

דערוויי̆ל קומט אָן דער שטילער הארבסט. די שטאָט איז געוואָרן פאר־שמעקט מיטן רייעך פון פרישע פרוכטן, סיי̆ אָרטיקע (עפּל, בארן, פלוי־מען), סיי̆ געבראכטע פון אנדערע קאנטן (קאווענעס, דיניעס, וויי̆נטרויבן, ציטרינען). עס דערנעענטערן זיך די יאָמטויווים. טעווקע האלט אינמיטן אָפּגעבן די עקזאמענעס. יעדעס מאָל, ווען ער גייט ארויס פון שטוב אין גימנאזיע, נערווירט זיך לייע, זי ווארט מיט אומגעדולד אף זיי̆ן אומקערן זיך, האלט אָבער ניט אויס און לויפט צו דער גימנאזיע זיך דערוויסן, וואָס הערט זיך? אז טעווקע באוויי̆זט זיך, זאָגט זי גאָרניט, נאָר איר שרעקלעך בלאס פּאָנעם פרעגט מיט די לעצטע קויכעס:

— נו?

ער גיט א שאָקל מיטן קאָפּ אף „יאָ". לייען ווערט גרינגער, פארב אין פּאָנעם באוויי̆זט זיך, זי דערפילט זיך יונג און גוט, כאָטש לאָז זיך טאנצן. זיי גייען צוזאמען אהיים. זי פירט אים אונטער דער האנט.

אין שטוב בא טאטע־מאמע ווייסט מען ניט, צי גיט שוין טעווקע אָפּ די עקזאמענעס, צי האלט ער אויס, צי ניט. פאראן גענוג זאָרג אָן דעם. און דערצו: א ביסל האָט מען זיך פון אים אָפּגעוווינט. נאָר אָט אין איינעם א פרייַטיק, געקומען פריִער פון דער ארבעט, זאָגט גיטעלע צו פערעלען:

— זע נאָר, טעווקע דארף דאָך אָפּגעבן עקזאמענעס, ווי גייט עס בא אים?

דעמלט דערמאָנען זיך טאטע־מאמע אויך:

— טאקע, ווי גייט עס בא טעווקען?

און אין דעם זעלבן פרייַטיקצונאכטס, נאָכן אויסוואשן און אויסצוואָגן די קעפּ, נאָכן ליכט־בענטשן, ווען שימען איז געקומען פון דער שניי̆דער־שער שול, האָט מען זיך צונויפגערעדט, אז מאָרגן, שאבעס, גייען גיטעלע און פערעלע צו לייען זיך דערוויסן וועגן טעווקען און זיי̆נע עקזאמענעס. ביז שפּעט האָבןביידע שוועסטער באטראכט, וואָס און וויִאזוי זיי וועלן מאָרגן אָנטאָן, כאָטש קיין גרויסער אויסוואל איז ניטאָ, ס'איז קימאט גאָר־נישט ניטאָ.

אף מאָרגן נאָך מיטיק זיי̆נען זיי ביידע אוועק צו לייען. אָבער ניט זי און ניט טעווקען אין דער היים ניט געטראָפן. זיי זיי̆נען געוויס אוועק צו ראָזען. און גיטעלע מיט פערעלען לאָזן זיך אויך אהין.

דער הארבסט איז א ווארעמער, א ווייכער, א טרוקענער. א ביסל א פארטראכטער, אָבער מיט בונטקאָליריקע סעדער און גערטענער, מיט פריילעך־רוישנדיקע מערק, מיט זאטע טויבן און שפּערלעך איבער די ווייצענע און קאָרענע שפּייַכלערס. דער שאבעס־טאָג איז אן אויסגערוטער און צופרידענער. ביידע שוועסטער, וועלכע ארבעטן שווער א גאנצע וואָך, ווילן היי̆נט זיי̆ן פריילעכע, גוטע און שיינע. זיי גייען צו ראָזען. צום דאָק־טער קאדיש.

ראָזע דערפֿרייט זיך מיט זיי, קושט זיי, ווייסט מאַמעש ניט, ווּ זיי צו זעצן.

— אויסגעוואַקסן, גרויסע, שיינע. זעצט זיך צום טיש.

לייע פֿרעגט זיי אויס, וואָס אין שטוב בא זיי הערט זיך. דער דאָקטער פֿרעגט, צי אַלע זײַנען געזונט. און נאָך פֿרעגט ער, פֿאַרוואָס קומען זיי אַזוי זעלטן. איין טעווקע שווײַגט. ער ווייסט ניט וואָס צו פֿרעגן. ריכטי־קער, ער ווייסט וואָס צו פֿרעגן, נאָר ער וויל עס טאָן אָן זײַטיקע איידעס.

ביידע שוועסטער ווייסן שוין, אַז מע קומט צו רײַכע קרוויווים, דאַרף מען זיך לאַנג ניט פֿאַרזאַמען. זיי ווייסן אויך, אַז מע גיט קיבעד, דאַרף מען עפּעס־וואָס איבערלאָזן אַפֿן טעלער, ס׳איז אַ סימען פֿון איידלקײַט און זאַטקײַט.

פֿאַרן אַוועקגיין פֿרעגן זיי:

— טעווקע, וואָס שווײַגסטו? ווי גייען בא דיר די עקזאַמענעס?

ענטפֿערן ענטפֿערט לייע:

— גוט. מיט גאָטס הילף וועט ער אויסהאַלטן. שוין ניט קיין סאַך געב־ליבן. עמעס זאָג איך, זון מײַנער?

טעווקע שאָקלט מיטן קאָפּ אָף „יאָ״.

„זון מײַנער״ האָבן אין וועג די שוועסטער איבערגעכאַזערט און גע־לאַכט אָפֿן קאָל אינמיטן דער גאַס. און אויך אין שטוב זײַנען זיי ארײַן מיט אַ געלעכטער:

— זון מײַנער!

— וואָס איז מיט אײַך, מיידלעך, איר זײַט באַם זינען? — האָבן די על־טערן געפֿרעגט.

און ביידע מיידלעך האָבן דערציילט אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען און געהערט, באַזונדערס וועגן דעם, ווי לייע רופֿט טעווקען.

שימען מיט שיינען קוקן זיך אָן: זון מײַנער?

און ביידע ריידן וועגן דעם פֿאַרשיידן.

— אַלץ איז זיי ווינציק. זיי דאַרפֿן נאָך אַ זון צונעמען, — זאָגט שיינע.

— אוי, שיינע, ניט אין דער זײַט קוקסטו. דײַן זון טעווקע וועט ווערן אַ גוויר.

— אַ גוט־שאַבעס דיר, שימען! ווי קומט צו דיר אַזאַ ווילדער אײַנפֿאַל! דו שפּאַסט?

— זייער פּאַשעט. לייע מיט איר מאַן זוכן אַ יוירעש. טעווקע איז בא זיי ווי אַן אייגענער, זיי וועלן אים אָפּשרײַבן די יערושע.

— שימען, איך האָב דיך געהאַלטן פֿאַר אַ קלוגן, ווי קומט צו דיר אַזאַ נאַרישקײַט!

— שיינע, אָף נאַרישקײַט האַלט זיך די וועלט.

שיינע קאָן אַלץ ניט באַנעמען, צי דער מאַן אירער רעדט ערנסט, צי ער שפּאַסט. ווי קומט עס צו שימענען? זי דערקענט אים ניט. נאָר אָט גיט שימען אַ זאָג:

— אָבער דער זון אונדזערער... אין וועמען איז ער געראָטן? זיצן בא אַ פֿרעמדן טיש, עסן פֿרעמד ברויט, ווערן אַ זון בא אַ פֿרעמדער מאַמען...

אין וועמען איז ער געראָטן? ניט אין מיר, ניט אין דיר. דערלעבט אף דער עלטער... נאָך הײַנט רוף איך אים אהיים, געננוג!

— אוי, שימען, לעבן זאָלסטו!

און טאקע אין דעם זעלבן טאָג, פארנאכטלעך, איז שימען דער שנײַדער ארויס פון שטוב. געווען איז ער אָנגעטאָן אין די שאבעסדיקע קליידער, די גראָוועה האָר גוט פארקאמט, די שיך אויסגעפוצט מיט א גלאַנץ. ער פילט זיך הײַנט לײַכטער אין טראָט, ער גייט טאָן א גערעכטע זאַך, פאָדערן זײַן זון. געננוג אים צו זײַן אַן אוירעך בא יענעם.

ארײַנקומענדיק אין לייעס גווירישער דירע, דערפילט זיך שימען ניט אזוי זיכער, כאָטש, דאכט זיך, וואָס? אים איז ניט זעלטן אויסגעקומען צו זײַן אין רײַכע הײַזער בא זײַנע קונדן. דאָ גייט פּאָרט וועגן עפּעס אַנדערש.

— טאַטע!

שימען דערזעט טעווקען. און אים ווילט זיך טייקעף נעמען דעם זון פאר דער האנט און פירן אהיים.

— טאַטע, וואָס איז געשען?

אפן געשריי קומט ארויס לייע. זי פרעגט דערשראָקן:

— רעב שימען, וואָס האָט געטראָפן? איר ברענגט שלעכטע נײַס? אלע זײַנען געזונט?

— גאָט צו דאנקען.

— איר האָט אונדז איבערגעשראָקן. געמיינט, כאָס־וועכאָלילע... זיצט. דערציילט.

— איר ווייסט דאָך, לייע, אז א שנײַדער האָט קיינמאָל קיין צײַט ניט.

— איר קומט צו אונדז אזוי זעלטן. איך בעט אײַך, זיצט. טעווקע, זעץ זיך צום טיש.

שימען האָט זיך ניט באוויזן ארומקוקן, ווי דער טיש איז געוואָרן פול מיט געשמאקע געבעקסן, מיט קאווע, מיט פרוכטן.

— טאַטע, עס, פארזוך.

טעווקע פארשטייט, אז דער פאָטער איז ניט אומזיסט געקומען. אָבער נאָך וואָס?

צום טיש האָט זיך צוגעזעצט אויך לייע. ס׳איז געוואָרן געמיטלעכער. און דעמלט האָט לייע געזאָגט:

— מיר זײַנען זייער צופרידן, וואָס איר זײַט געקומען צו אונדז, רעב שימען, אָבער געקומען זײַט איר געוויס ניט אומזיסט...

— אוודע ניט אומזיסט. איך בין געקומען נעמען טעווקען אהיים. וויפל איז דער שיר? ער האָט א טאַטן מיט א מאַמען...

טעווקע און לייע האָבן אים אָנגעקוקט און געשוויגן. זיי ווונדערן זיך אפילע ניט, זיי גלייבן פּאָשעט ניט. ריידן איז געווען שווער. קיין וואָרט איז ניט געקומען.

— טאַטע... — מער האָט טעווקע ניט געוווּסט צו זאָגן.

לייע איז ביסלעכווײַז געקומען צו־זיך.

— וואָס הייסט אהיים? און דאָ איז דען ניט זײַן היים?

— ניין, דאָ איז ניט זײַן היים. קום, טעווקע, קיין סאך צײַט האָב איך ניט.

— רעב שימען, ווארט אויס... אײַלט זיך ניט. און דו, טעווקע, גיי גרייט זיך צום עקזאמען.

ווען לייע איז געבליבן אליין מיט שימענען, האָט זי געזאָגט:

— א טאטע, וואָס האָט קינדער, קאָן ניט פארשטיין קיין מאמען, וואָס האָט קיין קינדער ניט...

פאר שימענען זײַנען אזוינע רייד געווען אומדערוואַרט. אין לייעס ווערטער איז געווען א ביטערע טײַנע...

— איר קאָנט ניט פארשטיין מײַנע רייד. ס׳איז דאָס זעלבע, ווי א זאטער פארשטייט ניט קיין הונגעריקן...

— איך פארשטיי אײַך טאקע ניט. און וואָס איז מײַן שולד?

— איר זײַט ניט שולדיק, זאָל גאָט אויסהיטן. אָבער אומגליקלעך מאכן א מענטשן ווילט איר. א סאך צײַט האָט איר געלעבט אָן טעווקען, איר האָט אים ניט געזוכט, ניט געדארפט. וואָס איז א מענטש אף דער עלטער אָן קינדער? מײַן אייגן קינד איז געשטאָרבן. איצט איז טעווקע מײַן קינד, מײַן האָפענונג, מײַן טרייסט. און איר ווילט...

— וואָס וויל איך? איך טו א גלײַכע זאך.

— א גלײַכע זאך, וואָס וויל אומברענגען א מענטשן, איז ניט גלײַך! — בא לייען זײַנען געשטאנען טרערן אין די אויגן.

— בארויִקט זיך, איך בין דאָך ניט קיין רעצייעך, צי דען איז טעווקע?..

— פרעגט ניט. א קינד, אַן אייגן קינד. איך קאָן גאָר ניט באנעמען, אז ער איז ניט מײַנער. איך בעט אײַך, טוט די געפעליקײַט, איך בעט אײַך...

שימען האָט שוין כאראָטע, וואָס ער איז געקומען. ער קאָן ארײַנזאָגן, טאָן צולאָכעס, אָבער אז א מענטש וויינט, א מענטש קאָן אויסגיין... אזוינס צוקוקן קאָן ער ניט, און דערצו: טעווקע אליין וויל פארבלײַבן, ער וויל באקומען בילדונג. שימען טוט א פרעג:

— און די עקזאמענעס גייען טאקע גוט?

— אויסגעצייכנט! איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, וואָס פאר א פייִקער ער איז. א גוט קינד, מיר האָבן פון אים נאכעס.

— שיינע ווארט אף מיר, זי איז אליין. האָט קיין פאריבל ניט, איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט, זײַט געזונט.

געקומען איז שימען אהיים מיטן געפיל, אז ער האָט אופגעטאָן זייער א גוטע זאך, געראטעוועט א מענטשן. א מיצווע געטאָן, א גרויסע מיצווע.

## 11

וועגן דעם אָפיצער צאמער האָט מען שוין פארגעסן. וועגן די פעטש, וואָס קוסיִעל ציפּער האָט באקומען, האָט מען אויך פארגעסן. קוסיע איז ווידער קוסיע, וואָס האלט אין זײַן דירע קווארטיראנטן. און אפילע ציפקע פײַער, וואָס לאכט פון אים, זאָגט:

— קוסקע, קויף בילעטן אין טרעק, וועלן מיר זיך הוידען.

עס גייען ארום קלאנגען, אז די ארבעטער אף דער טאבאק־פאבריק זײַנען אומצופרידן און וועלן מער ניט שווײַגן... אָבער צו זייער אומצו־פרידנקײַט איז מען שוין אין שטאָט צוגעוווינט.

עליע שלײַען מיט כאנען האָבן כאסענע געהאט. וועגן זייער כאסענע האָט דער מאגיד געזאָגט אין א דראָשע: „אָט וואָס א קאָשערע יִדישע טאָכ־טער קאָן אופטאָן. דער כאָסן אירער איז געוואָרן א פרומער יִד, פירט זיך אוף לײַטיש". אין דער קאצאָווישער שול איז שאבעס געווען א גרויסע סימכע. מע האָט עליען אופגערופן צו דער טוירע. אין דער ווײַבערשער שול האָט כאנע געהערט, ווי ער זאָגט די בראָכע, און פון פרייד זײַנען איר אין די אויגן טרערן געשטאַנען.

נאָכן דאווענען האָט מען אין דער שול געמאכט א לעכאַיִם און געווונטשן עליען און כאנען א גוט לעבן.

דער ראָוו פון דער קאצאָווישער שול, וועלכער זאָגט צווישן מינכע און מײַרעוו א בלאט „אֵין יאנקעוו", האָט אויך געמאכט לעכאַיִם, פארביסן מיט א שטיק ווייצענעם לעקעך און געזאָגט:

— ווען מוישע ראביינו האָט ארויסגעפירט די יִדן פון מיצראַיִם...

דער אוילעם האָט געשמייכלט. אלע זײַנע דראָשעס הייבט דער רעבע אָן מיט „מוישע ראביינו", און דערפאר רופן אים די קאצאָווים „מוישע ראביי־נוס איינִיקל". דער רעבע האָט געדארשנט, און די קאצאָווים האָבן געטרונ־קען. אינמיטנדערינען איז קוסיִעל ציפּער געפאלן עליען צו די פיס.

— ברודער מײַנער, זײַ מיר מויכל.

— מויכל, מויכל! — אוןביידע קושן זיך.

קוסיִעל האָט געבראכט בראנפן.

— טרינקט, ברידער, הײַנט איז בא מיר א גרויסע סימכע. מײַן עליענקע האָט כאסענע געהאט.

עליִע מיט קוסיִעלן האָבן געהאלטן אין איין אָנגיסן זייערע גלעזלעך, געטרונקען מיט אָן א שיר ווינטשעוואניעס. פון דער שול גייען זיי ארויס צוזאמען. אף דער גאס איז הארבסטיק־בלאָטיק פון דעם נעכטיקן רעגן. איינצלנע פארשפעטיקטע טראָפּנס פאלן נאָך איצט אויך. זיי באמערקן עס ניט. זיי זײַנען שטארק יאָמטעוודיק פון דער מאשקע. און קוסיִעל זאָגט:

— עליענקע, אזוי לאנג זיך ניט געזען. קום זיך פריילעך מאכן.

— ניין, קוסיע, איך האָב א ווײַב, א גאָלדענע ווײַב.

— עליענקע, דײַן שווארצע ווארט אף דיר.

— די שווארצינקע... גיב איר איבער א גרוס.

— זי ווארט אף דיר, זי בענקט.

— איך בענק אויך.

— קום.

— איך טאָר ניט. כאנען וועט עס פארדריסן.

— נארישקײַטן. פאר איר וועט ניט קלעקן, וואָס?

— ווארט. ווו איז כאנע? זי זאָל נאָר ניט זען...

כאנע האָט ניט דערזען. די מומע האָט דערזען. זי רופט כאנען. כאנע קומט און זעט: קוסיִעל פירט עליען פאר דער האנט. וווהין? זי שטויסט זיך אָן: זיך פריילעך מאכן.

— עליע! — שרײַט אויס כאנע מיט אזא פארצווייפלטער שטים, אז פאר־בײַגייער שטעלן זיך אָפּ.

עליע איז אויך געבליבן שטיין, ער האָט גענומען זיך אויסניכטערן.

— כאנעלע, וואָס איז געשען?

— וווּהין פירט ער דיך אױף מאָרגן נאָך אונדזער כאסענע?

— וווּהין פירסטו מיך, קוסיעל?

— דו ווייסט וווּהין. צו דער שווארצינקער.

— איך וויל ניט. איך האָב דיר געזאָגט, אז איך וויל ניט. כאנעלע, קום אהיים.

—ווארט, עליע, ווארט. איך קאָן עס ניט פארשווײַגן. איך בעט דיך, ווי דײַן ווײַב פאר גאָט און פאר לײַט, בעט איך דיך, פּאטש אים, שלאָג אים מאקעס־רעצעך, אָט דעם טרייפענעם ביין, ער זאָל אין דײַנע דאלעד־אמעס מער ניט שטיין. אויב דו ווילסט, אז איך זאָל זײַן דײַן ווײַב...

— כאנעלע, וואָס רעדסטו? ביסט מײַן ווײַב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר, — עליע האָט מיט דער לינקער זײַט פון זײַן הארטער האנט גענומען פּאטשן קוסיעלן אין די באקן.

אין דעם זעלבן אומהיימלעכן הארבסטיקן שאבעס האָט מען אין גרויסן בעסמעדרעשׂ אופגערופן טעווקען (האבאָכער טעוויע בערעב שימען) מאפ־טיר. דאָס האָט אים מיטן מאפטיר מעכאבעד געווען לייעס מאן צום אויס־האלטן דעם עקזאמען. דערנאָך זײַנען צו לייען אין שטוב געקומען געסט זיך פרייען און באגריסן. בא לייען אין דער דירע איז פאָרגעקומען אן ענ־דערונג. ס'איז דאָרט שוין ניט צו זען די פריערדיקע אקוראטקײַט, ווען יעדע זאך האָט געוווּסט איר אָרט און די ערטער האָבן געוווּסט זייערע זאכן. די זאָרגלאָזיקײַט און רויקײַט, וואָס די אײַנגעשטעלטע היימישע גע־זעצן האָבן געשאפן, זײַנען פארביטן געוואָרן מיט אומרויקער אומאָרדענונג. עס איז דען לייען, ווען טעווקע האָט אָפּגעגעבן די עקזאמענעס, געלעגן אין קאָפּ אכטונג צו געבן אױף אלץ, ווי פריער, אָדער אלע ווײַלע אָנווײַזן טעווו־קען, אז מע דארף ניט אזוי טאָן, נאָר אנדערש. ער איז שוין ניט קיין קינד. און אויסער דעם, האָט לייען גענומען אויסזען, אז ניט דאָס איז דאָס וויכ־טיקסטע אין לעבן. דאָס לעבן אליין איז וויכטיקער. לייע האָט אויך גע־נומען פילן א טאם אין אומאָרדענונג. הײַנט אָבער איז אלץ אויסגעפּוצט און אויסגעשטעלט לויטן בעסטן סיידער. און ס'איז פארשטענדלעך — אזוי־פיל אָנגעלייגטע געסט: ראָזע מיט אוויגדערן, סאָרע מיט בערן, בערטע קאווע מיט איר מאן, דער סטודענט פרומקין. ס'איז, עמעס, ניטאָ, ווער עס זאָל פרעגן, פארוואָס פעלן טעווקעס עלטערן? אלע פארשטייען, אז אזוי דארף עס זײַן און אז פון הײַנט אָן, נאָכן אָפּגעבן דעם עקזאמען, איז שוין טעווקע א זעלבשטענדיקער מענטש און קאָן זיך אליין באשטימען א טאטן מיט א מאמען. פארשטענדלעך פאר אלעמען האָט עס אויסגעזען אויסער־לעך, אינדערעמעסן האָט עס אייניקע געקימערט: פארוואָס אנטלויפט טעוו־קע פון זײַנע עלטערן? בערן און אויך סאָרען איז עס ניט צום הארצן, קינדער זאָלן פארלייקענען זייערע עלטערן, זיך שעמען מיט זיי. און אויסער דעם, איז דאָך טעווקע שיינעס — בער פעדערס שוועסטערס זון. „שווער איז געבוירן קינדער, לײַכטער איז באקומען פארטיקע״, — אזוי טראכט

סאָרע וועגן איר ייִנגערער שוועסטער, דער געבילדעטער און קלוגער לייע. בערטע קאווע מיינט אנדערש: א גוטער אײַנפאל, א שיינער אופטו, אזוינס האָט זי ליב. ארויסציִען פון יענעמס ספעקט א יונג געוויקסל און פאַר־פלאנצן עס צו זיך אין באָדן. און ער וואקסט, טעוועקע, גלײַך און שיין. בערטע שטויסט זיך אָן, אז לייע האָט שוין אין זינען צו זוכן א קאלע פאַר טעוועקען. עמעס, ניט שוין גלײַך שליסן א שידעך, ניין, נאָך צו פרי, אָבער האָבן אין אויג א פאסיקע קאלע, וואָס זאָל זײַן מיט אלע מײַלעס אין דער וועלט, — דאָס יאָ. אף ווינציקער, ווי אלע מײַלעס אין דער וועלט, וועט לייע ניט אײַנגיין, ניין, בעשום־אויפן ניט. „און זי האָט אף דעם רעכט, — טראכט בערטע, — אלע מאמעס ווילן אזוי". פאַר ראָזען איז לייע אלעמאָל געווען א גוטער בײַשפיל. דער מומען האָט מען אלץ געקאָנט פארטרויען. און ביכלאל ווינטשט ראָזע לייען א סאך גוטס. פון גוטסקײַט־וועגן וויל זי, אז טעוועקע זאָל זײַן לייעס (צאליע קאדיש וואָלט געזאָגט: בלינדע גוטס־קײַט). טעוועקע האָט זײַנע געדאנקען: הײַנט נאָך וויל ער זײַן בא די על־טערן. זאָלן זיי אים אויך באגריסן, ער איז זייערער.

געדאנקען זײַנען געדאנקען, און ווײַן איז ווײַן. די געסט טרינקען, עסן, פרייען זיך.

12

די לעצטע טעג איז דער הארבסט ארויס מיט א זון, מיט ווארעמקײַט און טרוקנקײַט. ס'איז געוואָרן געמיטלעכער. עמעס, אין די סעדער איז שוין פוסט, די בערעס און דושעסן אראָפּגענומען, און נאָר דער שפינוועבס אף די צווײַגן שײַנט אף דער זון. פון די גערטענער האָט מען דאָס לעצטע קרויט אראָפּגעפירט, און דער ווינט אין פעלד טרײַבט אונטער די איינזאַם־פארבליבענע שווערע קרויט־בלעטער.

אין איינעם אזא טאָג זײַנען ביידע שוועסטער, גיטעלע און פערעלע, געקומען צום לערער מענאכעם, געקומען צעראשטע. באם לערער איז גע־ווען דער אײַנדרוק, אז די שוועסטער ווילן עפעס דערציילן און דערציילן ניט. זיי לאכן צופרידן, נאָר זאָגן א וואָרט ניט ארויס. קוקן זיך סוידעספול איבער און פינטלען מיט די אויגן. אזא אופירן זיך איז פאַר די מיידלעך א נײַס. זיי האָבן זיך לאנג ניט פארהאלטן און מיט דער זעלבער פריילעכ־קײַט און צעראשטקײַט אוועק.

— עפעס איז מיט די מיידלעך געשען, — זאָגט מענאכעם צו פייגעלען.

— וואָס ווייסטו ניט? מיידלעך. פארליבט, די ערשטע באגעגעניש.

— ביידע מיטאמאָל?

— דאָס קאָן אויך טרעפן.

פארנאכט איז צו מענאכעמען געקומען עזרע. געקומען אליין, אָן מאשען.

— איך וויל דיר, מענאכעם, דערציילן נײַס, א סאָד.

— מעגסט זיך פארלאָזן.

— אין פעשקער וואלד איז פאָרגעקומען א פארזאמלונג פון די פאבריק־ארבעטער.

— עס האָט זיך טאַקע גערירט, הייסט עס.

— שטאַרק גערירט. אויסגעוויילט א שטרײַק־קאָמיטעט.

— גאָר אַזוי... ווי איז דאָס געשען?

— פאַרשטייסט, מענאַכעם. פריִער איז אומצופרידן געווען יעדערער באַזונדער. איצט זײַנען אומצופרידן אַלע צוזאַמען. א גרויסער קויעך!

— דו ברענגסט מיר גוטע נײַס, עזרע, זייער גוטע. ווי־אַזוי איז עס אָבער פאָרגעקומען?

— גוטע מענטשן האָבן זיך אַרײַנגעמישט. איך האָב געהערט וועגן איינעם א סטודענט. מענאַכעם, עס געפינט זיך אין גוטע און ריכטיקע הענט. מיר וואַרטן, מיר האָפן. ניט מאָרגן, איז איבערמאָרגן...

— האַלעווײַ זאָל גוט זײַן!

— אָמיין!

13

צאַליע ליגט צו בעט. שוין א פּאָר וואָכן, ווי ער האָט זיך געפילט ניט גוט. קלאָגן — זיך ניט געקלאָגט. דאָס איז ניט אין זײַן כאַראַקטער, אָבער די קלוגע און געטרײַע זלאַטע האָט פאַרשטאַנען זייער גוט, אַז מיט איר צאַליען איז שלעכט. די יאָרן גייען אויס. זי האָט אים געטרייסט, צוגעגעבן מוט, נאָר צאַליע אַליין האָט באַנומען רויִק און קלאָר, אַז דער טאָג קומט, ער קומט, מע דאַרף זיך צו אים גרייטן. צוערשט האָט ער אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן לייגן זיך אין בעט, דאָס האָט בא אים געהייסן אונ־טערגעבן זיך פאַר דער צײַט. אָבער מיט צוויי טעג צוריק האָט ער געזאָגט:

— זלאַטעניו, מאַך מיר די בעט. איך וועל זיך א ביסל צולייגן. אומגעריכט איז דער זון געקומען.

— ליגסט גאָר, טאַטע? וואָס איז מיט דיר? — ער האָט באַטראַכט צאַליען, צוגעשריבן רעפּועס, געזאָגט: — טאַטע, ליג זיך אויס, אײַל זיך ניט אופ־שטיין. נעם די רעפּועס. אינגיכן וועסטו צו מיר קומען אין געסט.

דער מאַמען האָט אוויגדער שטיל געזאָגט:

— ניט גוט.

— זעסטו, צאַליע, — האָט זלאַטע אים איבערגעגעבן, — אוויגדער הייסט ליגן און נעמען די רעפּועס, וועסטו געזונט ווערן. מירן גיין צו די אייניק־לעך.

צאַליע האָט געפאָלגט. געלעגן אין בעט, געטראַכט, באַטראַכט פאַרגאַנ־גענע יאָרן, מענטשן, געשעענישן. זלאַטע איז אָפּט אַרײַנגעקומען און גע־פרעגט, וואָס וויל ער, וואָס דאַרף ער.

— גאָרניט, גאָרניט.

און פּלוצלינג א געשריי, אַן אָפּגעשוואַכטער געשריי מיט די לעצטע קויכעס:

— זלאַטע, זלאַטע!

אין איין אויגנבליק איז זי געווען בא זײַן בעט.

— נעם זעקס גילדן און צעטייל אָרעמעלײַט.

זי קוקט אים אָן, זי פאַרשטייט ניט, וואָס עפּעס פּלוצלינג.
— גיי, גיי גיכער. איך בעט דיך.

ליגנדיק אין בעט, האָט זיך צאַליע דערמאָנט, אַז מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט געקליבן נעדאָוועס פאַר אָרעמעלײַט, האָט ער צונויפגעזאַמלט זעקס גילדן, נאָר אָפּגעבן, ווערמען מע דאַרף, ניט באַוויזן, פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט. גוט, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט. געקאָנט בלײַבן אַ באַלכויוו. און וואָס פאַר אַ באַלכויוו! פאַר אָרעמע, וואָס אַליין שעמען זיי זיך אויס־צושטרעקן די האַנט. וויי, וויי, וואָס פאַר אַ פּאָנעם ער וואָלט געהאַט אויף יענער־וועלט. איצט איז ער צופרידן און וואַרט, זלאַטע זאָל קומען צוריק.
א מאָדנע זאַך: אַלעמאָל באַפאַלן די בעטלער פון אַלע זײַטן און רײַסן נעדאָוועס פון אַלע פּאַלעס. הײַנט, אַז מע דאַרף זיי, אַז מע וויל זיי טיילן געלט — ניטאָ. מיט מאַטערניש האָט זלאַטע צעטיילט די זעקס גילדן. אַז צאַליע האָט זי דערזען, האָט ער גענומען שײַנען.
— ווייסט, זלאַטע, איך פיל זיך אַ סאַך בעסער.
ער האָט געבעטן עסן.
— זאָל גאָט העלפן, זאָל גאָט העלפן... — האָט זלאַטע געפּליסטערט.
ער איז געלעגן אין בעט און געשמייכלט. נאָכן אָפּעסן האָט ער געזאָגט:
— שטעל זיך פאָר, זלאַטע, וואָס מיר האָט זיך פאַרוואָלט?
— אַדעראַבע, זאָג.
— אַרויסרופן שעפּסלען מיט זײַנע כעוורע.
— צאַליע, איך וועל זיי רופן. איך גלייב, אַז מאָרגן וועלן זיי קומען. זײַ רויִק, זיי וועלן געוויס קומען.

און אויף מאָרגן זײַנען שעפּסל מיט זײַנע כאַווײרים טאַקע געקומען. צאַליע אָבער איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער. אַ ווײַס־געלבלעך געזיכט מיט אַ נאָז, ווי אָפּגעשטאָרבן. ער האָט גערעדט שוואַך און אָן כיישעק. זלאַטע האָט שטיל געשלונגען טרערן. זי האָט געוואַרט אויפן זון.
— וואָס הערט זיך, שעפּסל? מע וועט זיך ניט אַרומקוקן, וועט אָנקומען פּורים.
— מיר האָבן צוגעגרייט אַ נײַע זאַך צו ווײַזן. איר וועט זיך פילן בעסער, רעב צאַליע, וועלן מיר פאַר אײַך פאָרשטעלן.
— וועגן וואָס איז דאָרט, שעפּסל? וועגן... — ער איז אַנשוויגן געוואָרן. דערנאָך געוויזן מיט דער אָפּגעשוואַכטער האַנט צום טיש און געזאָגט: — נעם דעם „קאָרבן־מינכע״ און זאָג מיט מיר ווידע.
— וואָס איז מיט אײַך, רעב צאַליע?
— די פיס און העכער פון די פיס זײַנען ניט מײַנע. איך פיל, ווי די קעלט גייט אונטער בא מיר אונטערן האַרצן. זאָג... ווינציק צײַט געבליבן.
שעפּסל האָט געזאָגט, און צאַליע האָט אים נאָכגעזאָגט. בא די לעצטע צוויי ווערטער „אַדוינוי עלויהים״ איז שעפּסל שטיין געבליבן. מע דאַרף וואַרטן, ביז דער גויסעס וועט קאָנען נאָכזאָגן די ווערטער.
— ווי פילט איר זיך, רעב צאַליע? אײַך איז ניט גוט?
— ניין, איך גיי דאָך איבער פון איין וועלט אין דער צווייטער, אין דער בעסערער. מאָרגן קאָן איך דאָרט שוין זײַן, — צאַליע האָט זיך אָפּ־

גערוט און געזאָגט: — ס׳איז נאָך געבליבן א ביסעלע צײַט, זינג מיר עפּעס אויס, איך זאָל האָבן א גוטן איבערגאנג.
שפּעסל האָט געזונגען:

ווער קאָן זאָגן, ווער קאָן וויסן,
וואָס דער איינס באַטײַט?
ווער קאָן זאָגן, ווער קאָן וויסן,
וואָס דער צוויי באַטײַט?

צאַליע האָט א צאַפּל געטאָן, א זאָג געטאָן „אדוינו עלויקים״ — און גע־וואָרן אויס. ניטאָ מער צאַליע קאַדיש. ניטאָ.

14

ניטאָ? וואָס הייסט ניטאָ?!
אָט האָט ער גערעדט, געבעטן זינגען. זלאַטען גלייבט זיך ניט. ניטאָ?
און ערשט אף מאָרגן, נאָך דער לעווײַע, האָט זלאַטע דערפילט, אז אף דער וועלט איז פּוסט. ס׳איז גאָרניט צו פאַרשטיין, וווּהין איז אלץ אהינ־געקומען, וואָס האָט געלעבט צוזאַמען מיט צאַליען? קיין זאַך רירט איצט ניט זלאַטען. א טויטע גלײַכגילטיקײַט. אפילע די קינדער, אפילע די איי־ניקלעך באַוועגן אין איר גאָרניט. אָן צאַליען איז גאָרנישט ניטאָ אף דער וועלט.
זי כאַפּט זיך אוף באַנאַכט און פרעגט בא דער שטילקײַט: „צאַליע?״
צאַליע ענטפערט ניט.
א פּוסטער צימער, א פּוסט לעבן, א פּוסטע וועלט. און זלאַטע פרעגט: „וואָס וועט זײַן מאָרגן? ווי לעבט מען אין אזא פּוסטקײַט? ווי לעבט מען?״

## פיר

דער מאָרגן הייבט זיך אָן הײַנט.

1

דער שטרײַק אף דער טאַבאַק־פאַבריק האָט זיך געצויגן נײַנצן טעג. געשטרײַקט האָבן בא טויזנט צוויי הונדערט מאַן.
אפן פערצעטן טאָג פון שטרײַק זײַנען אף די ווענט און טויערן פון דער פאַבריק און אויך אף די ווענט און סלופּעס אין דער שטאָט געווען אויסגעקלעפּט ווײַסע מעלדונגען. פּאָליציי וואָרנט, אויב מאָרגן וועט מען ניט ארויס צו דער ארבעט, וועלן אָנגענומען ווערן שטרענגע מיטלען.
אף מאָרגן זײַנען די ארבעטער (דער גרעסטער טייל זײַנען פרויען, צווישן זיי אויך גיטעלע און פערעלע) צו דער ארבעט ניט ארויס.
די פּאָליציי האָט ארעסטירט איין און נײַנציק מאַן. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אויך דעם סטודענט פרומקין. דאַן האָט זיך דער שטרײַק פאַרענדיקט.

אין שטאָט האָט דער שטרײַק געמאַכט א גרויסן רוישעם. דער אַרעסט פון אַזויפיל מענטשן האָט אַרויסגערופן שטוינונג און אומרו. געוווּנדערט האָט אויך דאָס, וואָס צווישן די אַרעסטירטע איז געווען דער סטודענט פּרומקין.

די מישפּאָכע פּרומקין איז אַן אָרטיקע, א מישפּאָכע מיט א גוטן נאָמען פון כאָשעווע אָרנטלעכע מענטשן. לאָזט זיך אויס, אַז דען זון, דער סטו־דענט, האָט אָנגעפירט מיטן שטרײַק. ווי קומט עס? וואָס איז עס זײַן אײסעק? ער מאַכט ניט קיין פּאַפּיראָסן, שנײַדט ניט קיין מאַכאָרקע, דרייט ניט קיין ציגאַרן. ווי קומט עס צו א זון פון אַזאַ מישפּאָכע?

— ווונדער, ווי עס ווערן קאַליע מענטשן! — און שטילער גיט מען צו: — פּרומקינס זון א רעוואָליוציאָנער? ווונדער!

קוסיעל ציפּער איז אומרויִק. ער מוז זיך מישן, ווו מע בעט אים ניט. און, פאַרשטייט זיך, אַז ער איז שטאַרק אָנגעשטויסן אַף די שטרײַקער און אַפן סטודענט פּרומקין. שערעשעווסקי איז א גוויר, א פאַבריקאַנט, פאַר וועמען ער האָט דערעכערעץ, אָפּשײַ, וועמען ער איז מעקאַנע. און ווער שטרײַקט עס? ווײַבער שטרײַקן! קוסיעל קאָן עס ניט פאַרלײַדן. ער טומלט. ער זאָל האָבן נאָך א פּאָר גוטעברידער... אַך, ווען עליע זאָל אַזוי ניט מוי־רע האָבן פאַר זײַן פּרומער נעקייווע...

— קוסקע, שפּרינג ניט, — זאָגט ציפּקע פײַער, — ניט דו שנײַדסט מאַ־כאָרקע, ניט דו רײַבסט שמעק־טאַבאַק. מענטשן ווילן עסן, מאַנען זיי!

— דער באַלעבאָס, הייסט עס, איז שולדיק? דאַרף מען אים...

— שפּרינג ניט, קוסקע, קויף בעסער בילעטן אין טרעק, וועלן מיר זיך הוידען. און ביכלאַל, וואָס איז דער טומל און געשריי? שוויץ ניט, ווער הערט דיך? שוין צײַט צו וויסן, אַז וואַסער פונדערווײַטן לעשט ניט קיין פײַער. קויף בילעטן...

לייען האָט זיך בעשום־אויפן ניט געוואָלט גלייבן, אַז טעווקעס רעפּע־טיטאָר זאָל זײַן אַזאַ גאַזלען. ניט מוירע האָבן פאַר פּאָליציי, פאַר טורמע, אויפרייצן די אַרבעטער פון דער פאַבריק, אָנפירן מיט א שטרײַק... און גע־וויס געהאַט באַ זיך געווער. זי האָט געגאַפט: דער רעפּעטיטאָר, וואָס איז אַלע טאָג צו זיי געקומען, בײַגעווען אַף די היימישע יאָמטויווים, געווען אַן אייגענער מענטש, ער, דער געבילדעטער מענטש? ווי קומט עס?

— וואָס זאָגסטו, טעווקע, האַ? מיר זײַנען געווען בלינד. וואָס קאָן מען אין אַזאַ פאַל זאָגן?

ביסלעכווײַז האָט מען צו די נײַס זיך צוגעוווינט און גענומען אָן זיי פאַרגעסן. דער סטודענט האָט עלטערן, — האָט מען געטראַכט, — זיי האָבן פריִער וועגן אים ניט געזאָרגט, זאָלן זיי איצט זאָרגן.

לייע האָט עס אַזוי גיך פאַרגעסן ניט געקאָנט. זי איז געווען אומרויִק פאַר טעווקען, צי קאָן עס אים ניט שאַטן? אַלע ווייסן, אַז דער סטודענט איז געווען זײַן רעפּעטיטאָר. דערבײַ באַמערקט זי, אַז טעווקע איז פאַר־טראַכט, אַפילע צעשטרייט. ער לעבט איבער פאַר זײַן לערער. לייע פאַר־טראַכט זיך אויך: צי איז ניט צײַט אָנהייבן זאָרגן וועגן טאַכלעס? און אין איינעם א טאָג גייט זי אוועק צו בערטע קאַווע.

צי בערטע קאָווע פאַרשטייט, נאָך וואָס לייע איז געקומען, צי זי פאַר־שטייט ניט, נאָר נאָכן גריסן זיך און נאָכן אויספרעגן איינס דאָס אַנדערע, וואָס מע מאַכט אין געזונט, דערציילט בערטע, אַז דער סטודענט פרומקין האָט אַ קאַלע, אַ מיידל פון אַ שיינער מישפּאָכע, אַ געבילדעטע...

— און שטעלט אייַך פאָר, מאַדאַם, אַז דאָס מיידל, די קאַלע זייַנע, טראָגט אים עסן אין טורמע!..

אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט טורמע און מיטן סטודענט, רופט אַרויס בייַ לייען דערווידער. דערפאַר פרעגט זי מיט טייַנע:

— און זי שעמט זיך ניט? אַ מיידל זאָל שטיין באַם טויער פון דער טורמע!

— זי שעמט זיך ניט. זי זאָגט נאָך דערבייַ: „אַ קאַלע דאַרף טראָגן אַ כאָסן עסן, ווען ער געפינט זיך אין אַ צאָרע".

— אוי, מאַדאַם קאָווע, איך זע, מיט קאַלעס דאַרף מען הייַנטיקע צייַטן זייַן פאָרזיכטיק.

— זייַט רויִק. מיט אַ קאַלע פאַר אייַער טעווקען מעגט איר זייַן זיכער. און הערט מיך אויס, מייַן טייַערע, אַז מע וויל, קאָן מען דאָך ריידן פאַר־קערט: זי האָט אים ליב, איר כאָסן... זי קלייַבט זיך ניט פאַנאַנדער, אין וואָס באַשטייט זייַן שולד, זי ווייסט נאָר, אַז אין אַ שלעכטער שאָ דאַרף מען אים העלפן. מיר דוכט, ס'איז ניט קיין אוולע. איבערגעגעבנקייַט, טרייַ־שאַפט, מיר געפעלט עס.

— איר מיינט אַזוי?

— מאַדאַם, ליבע און טרייַשאַפט, וואָס קאָן זייַן שענער?

— אָבער אַ גאַזלען!

— ער איז דאָך נאָך יונג. ווער מאַכט ניט אין דער יוגנט קיין פעלערן? ער וועט צו־זיך קומען און ווערן אַ מענטש. אַ דאָקטער, אַן אַדוואָקאַט, אַן אינזשעניער — זייַנע ייִנגלשע נאַרישקייַטן וועט מען פאַרגעסן...

— אָבער אָנפירן מיט שטרייַקן...

— שטרייַקן טאָר מען ניט. ס'איז אַ פאַרברעכן. אָבער אַז מע וויל, קאָן מען דאָך פאַרשטיין: עסן ווילן די אַרבעטער, אָנטאָן זיך ווילן זיי. זיי באַ־קומען גראָשנס.

— איך פאַרשטיי אייַך ניט. דער סטודענט איז גערעכט?

— זאָל גאָט אויסהיטן. מע זאָל אַזוינע לאָזן, וועלן זיי די וועלט כאָרעוו מאַכן, אָבער ברויט און שיך דאַרפן די אַרבעטער.

— זיי אַרבעטן דאָך, פאַרדינען זיי.

— עס קלעקט ניט.

— איז ווער איז זיי שולדיק?

לייע קאָן ניט פאַרשטיין אַזוינס, וואָס איז העכער פון איר באַנעמען. געלט איז אַ הייליקע זאַך. שטרייַקן און פאָדערן איז אַ פאַרברעכן. אָרע־מעלייַט זייַנען שטענדיק געווען און וועלן זייַן.

בערטע פרעגט:

— זאָגט מיר, מאַדאַם, וואָס פאַר אַ קאַלע וואָלט איר געוואָלט פאַר אייַער טעווקען?

בערטע ווייסט, אַז טעווקע איז שימען דעם שנײַדערס אַ זון. זי ווייסט אָבער אויך, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן זי פאַרשאַפט לייען מיט זאָגן „אײַער טעווקען".

— איך ווייס נאָך אַליין ניט, גאָלדענער מענטש, וואָס איר זײַט. עפשער זאָל ער פריִער אָפּגעבן פאַר אַלע אַכט קלאַסן? — לייע שײַנט פון גליק.

— באַטראַכט זיך, מאַדאַם, באַטראַכט זיך.

2

דער געדאַנק וועגן אָפּגעבן עקזאַמען פאַר אַכט קלאַסן גימנאַזיע האָט פאַרכאַפּט לייען. וועגן דעם סטודענט פרומקין האָט זי שוין פאַרגעסן, ווי ער וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. נאָר מיט איינס איז זי איצט פאַרנומען — מיט טעווקען און זײַנע עקזאַמענעס. טעווקען געפעלט עס. קיין רעפּעטיטאָר, זאָגט ער, דאַרף ער ניט, ער וועט זיך אַליין גרייטן. לייען איז עס צום האַרצן: איר טעווקע איז אַ כאָכעם.

אין עטלעכע טעג אַרום איז לייע אַוועק צו ראָזען זיך טיילן מיט איר אײַנפאַל. ראָזע זעט, ווי די מומע איז גליקלעך, און זי שלאָגט איר ניט איבער, זאָל די מומע זיך אויסריידן, אויסטײַנען.

— דו שווײַגסט, ראָזע, זאָגסט גאָרניט.

— איך וועל זאָגן, מומע. דו מיינסט, אַז זעקס קלאַסן איז ווינציק?

זי פרעגט מיט אַ גוטהאַרציק שמייכעלע. ראָזע בליט. זי איז שוין עט־וואָס אַריבער די מאָס פון לײַביקײַט, אָבער דערוווײַל איז נאָך צו דערלײַדן. זי איז אַ גליקלעכע מאַמע און אַ שיינע פרוי.

— מײַדעלע מײַנס, מיט אַכט קלאַסן קאָן מען דאָך גיין ווײַטער.

— אַז מע גייט ווײַטער, ווערט מען גיכער קאַליע.

— אַ מאָדנער אײַנפאַל. פאַרוואָס קאַליע?

— מיר האָט זיך, מומע, אָפּט געדוכט, אַז טעווקע מיטן סטודענט זײַנען צופיל פאַניבראַט.

— פאַניבראַט? מיט וואָס?

— איך האָב געזען: ביידע האָבן ליב שווײַגן, און ביידע האָבן עפּעס אין זינען.

— ראָזע, האָב קיין פאַריבל ניט, דו ווייסט כאָטש, וואָס דו רעדסט?

— מומע, איך ווייס. פאַרגעס ניט, מומע, וואָס די באָבע מאַלקע פלעגט זאָגן: אַ שוסטער, אַז ער טוט אָן אַ קאַפּעליוש, בלײַבט ער סײַווי דער זעל־בער שוסטער. דו אַליין האָסט עס מיר דערציילט.

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן, ראָזע? דו ווילסט זיך מיט מיר קריגן? ניט אַלעמאָל איז די באָבע מאַלקע געווען גערעכט.

— קריגן זיך? זאָל גאָט אויסהיטן. איך האָב דיך ליב, מומע. דו ווייסט דאָך... אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט טעווקען, האָב איך מוירע, אַז זײַן געוועזענע פרײַנטשאַפט מיטן סטודענט זאָל אים ניט שאַטן. דו מיין ניט, אַז איך אַליין זאָג עס. מענטשן ריידן...

— זיי ריידן, ווײַל זיי פאַרגינען ניט.

ראָזע זעט, ווי די מומע ענדערט זיך אין פּאָנעם. אָט איז זי געווען אַ פריילעכע, און אָט אין אַ רעגע אַרום איז זי געוואָרן כמורנע, אומרויִק און אַפילע אַ ברוגזע. און ראָזע נעמט זי טרייסטן:

— ביסט גערעכט, מומע, מענטשן זײַנען מעקאַנע. מאַלע־וואָס מע רעדט און מע באַלבעט. נאַרישקײַטן!

לייע האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן.

— איך האָב קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, פאַרוואָס פאַרגינט מען ניט?

פון ראָזען איז זי אַרויס אַ צעטראָגענע. און קעדיי זיך באַרויִקן אַ ביסל, איז זי אַרײַן צו סאָרען. בער איז אין דר׳היים ניט געווען, און ביידע שוועסטער האָבן געהאַט גענוג צײַט זיך אָפּריידן פון האַרצן.

— סאָרעלע, טײַערע, וואָס איז מיט דײַן ראָזען געוואָרן? זי האָט ליב געהאַט זאָגן גוטס אַ מענטשן, און איצט זאָגט זי נאָר זי שלעכטס און שלעכטס.

— לייע, איך דערקען זי אויך ניט. פריִער האָט זי זיך באַזאָרגט פון באַקאַנטע און פרײַנט. נאָכן שטרײַק האָט זי פײַנט באַקומען מענטשן, באַזונדערס פון נידעריקערן גראַד. בער וווּנדערט זיך, און איך ווונדער זיך...

סאָרע שטויסט זיך אָן, וואָס מיט ראָזען קומט פאָר, אָבער דערקלערן עס איז איר שווער. און ניט אַלץ באַנעמט זי געניוי. און געשען איז מיט ראָזען אָט וואָס: זי האָט זיך געפילט פעסט אַף דער ערד. מיט איר מאַן, מיט אירע קינדער (און אויך מיטן טאַטנס פאַרמעגן). אַלץ, וואָס זי וויל, האָט זי, אַלץ, וואָס זי דאַרף, באַקומט זי. זי אַליין איז יונג און שיין. דער מאַן אירער איז אַ גוטער מענטש און אַ גוטער דאָקטער. די קינדער וואַקסן געזונטע און קלוגע. האָט זי געוואָלט, אַז אַזוי זאָל זיך עס ציִען און ציִען. קיינער זאָל ניט שטערן און ניט אַרײַנמישן זיך אין איר פעסטונג פון היי־מישקײַט, פרייד און גליק. זי האָט ליב באַקומען אַלץ, וואָס האָט פעסטע וואָרצלען און איז שטאַנדהאַפטיק, אַלץ, וואָס קאָן ניט געוואַקלט ווערן. דער שטרײַק האָט זי גוואַלדיק דערשיטערט. אַפילע דאָס וואָרט רופט אַרויס באַ איר אַ ווידערגעפיל. און ביכלאַל, וואָס קומט עס פאָר? כאַפּן מיט גוואַלד פאַרן גאָרגל און שרײַען: „גיב! מיר קומט!“ קיין באַלעבאָס איז שוין ניט פאַראַן, מע באַפאַלט און פאַרטיק. דאַוויַ גראַשי! ווי אין וואַלד. זי קאָן עס גאָר ניט באַנעמען. זי האָט דערפילט, אַז די ערד אונטער איר וואַקלט זיך. הײַנט טרעט מען צו צו יענעם, מאָרגן — צו איר. און זי האָט פײַנט באַקומען די אַלע, וואָס שטרײַקן. זי וויל ניט זען און וויל ניט הערן גיטעלען און פערעלען, וויבאַלד זיי שטרײַקן אויך. מע האָט אַרעסטירט איין און נײַנציק מאַן? עפּשער נאָך ווינציק... אַלעמען, אַלעמען געדאַרפט.

— דו ווייסט, שוועסטער, — זאָגט סאָרע, — וואָס מיך שרעקט? ראָזע פירט זיך צײַטנווײַז, ווי אונדזער מאַמע מאַלקע. וויִאַזוי קומט עס צו איר?

3

אַף דעם האָט זיך שוין קיינער ניט געריכט — אַרעסטירט טעווקען. לייען האָט עס אויסגעזען אומגעלומפּערט און ווילד. וואָס קומט דאָ פאָר? טעווקען!

— לייע, פון הײַנט אָן איז מיט טעווקען אַלץ געענדיקט.

— ניין, מײַן מאַן, ערשט הײַנט הייבט זיך אַלץ אָן. ווי קאָנסטו עס, לייבע, אַזוי ריידן? טעווקע איז דאָך אונדז ווי אַן אייגענער זון. וועמען האָבן מיר נאָך? ער איז ניט שולדיק. ער זאָל געווען זײַן שולדיק, וואָלט מען אים געגנומען פריִער צוזאַמען מיט די אַנדערע. מענטשן זײַנען מעקאַנע, מענטשן פאַרגינען ניט. איך וועל ניט שווײַגן! אונדזער טעווקע... איז ניט שולדיק. ניין, ניט שולדיק!

זי האָט געזאָגט „אונדזער טעווקע״, געוואָלט האָט זי זאָגן „מײַן טעווקע״. געטראַכט האָט זי סײַווי — „מײַן טעווקע״. ער איז איר זון, אַ יורש. זי האָט שוין אַף אים ניט ווינציק מי אָפּגעגעבן און ניט ווינציק געלט אויסגעגעבן. זי איז צו אים געוווינט, ווי צו אַן אייגן קינד, האָט אים ליב, ווי אַן אייגן קינד. און עפּשער מער. דער „מער״ איז אַזאַ. לייע האָט כאַסענע געהאַט מיט כעזשבן. זי האָט לאַנג געקליבן, און אַלץ מיטן פאַרשטאַנד. מיט דער צײַט איז אויך די ליבע געקומען, ס'איז געווען די ליבע פון געוווינהײַט, פון געטרײַהײַט, פון צוזאַמענלעבן. געברענט האָט ניט, דער קאָפּ האָט זיך ניט פאַרדרייט, קיין „נאַרישקײַטן״ איז מען ניט באַגאַנגען. אַלץ איז געווען לײַטיש. יאָרן זײַנען פאַריבער. געטרײַשאַפט צום מאַן איז פולקום פאַרבליבן. ניין, עס קאָנען ניט קומען קיין „נאַרישע געדאַנקען״. און דאָך: טעווקע דאַרף באַלד קומען — דאַרף מען זיך פאַרקאַמען, דאַרף מען אָנטאָן אַ שיין קלייד. און איצט, ווען מיט טעווקען האָט געטראָפן אַן אומגליק, איז עס אַלציינס, ווי מיט איר אַליין וואָלט עס געטראָפן.

באַ אַלעמען איז מויל ליגן איצט די נעמען לייע און טעווקע. גוטע פרײַנט פילן מיט. שלעכטע פרײַנט לאַכן אין די הויפּנס:

— אַן אײַנפאַל צו נעמען שימען דעם שנײַדערס זון און אים וועלן מאַכן פאַר אַ געלערנטן. זײַן אָרט איז אין דער טאַבאַק־פאַבריק און ניט אין גימנאַזיע, אַזוי זיך באַנארישן.

— וואָס זאָגט איר, וואָס אַף דער וועלט טוט זיך? אַזאַ אָנגעזעענע דאַמע שטייט באַם טויער פון דער טורמע מיט עסנוואַרג פאַר טעווקען. ניט גאָר פון די שיינע צאַצעס אָט דער טעווקע, וויבאַלד ער זיצט אין טורמע.

צו לייען דערגייט עס, נאָר זי מאַכט זיך ניט וויסנדיק, ווי ניט זי מיינט מען עס. זי טוט זיך אירס, פרעגט ניט קיינעם און הערט ניט קיינעם.

סאָרע און בער קומען צו לייען זי טרייסטן.

— זעסט אויס ניט גוט, שוועסטער.

— סאָרעלע, פון וואָס קאָן מען גוט אויסזען? מע נעמט אַן אומשולדיק קינד און מע וואַרפט אין טורמע.

— ער איז ניט שולדיק, ער וועט קומען אַהיים.

— די גלייבסט אין זייער געוויסן, אין זייער אָרנטלעכקײַט. נאָר סײַווי, איך וועל דערגיין צום גובערנאַטאָר.

בער און סאָרע ווייסן שוין עפּעס מער, ווי עס ווייסט לייע. באַקאַנטע, גוטע באַקאַנטע קערן זיך פון איר אָפּ. אין שטאָט גייט שוין אַ רייד, אַז לייע איז ניט אַנדערש ווי געווירט, ניט באַם זינען. אַפילו ראָזע גלייבט אין דעם.

— אך, — זאָגט סאָרע, — ווען ניט דער סטודענט...

— סאָרעלע, דו מיינסט טאַקע אַזוי, אַז דער סטודענט איז אַ גאַזלען, אַז די אַרבעטער זײַנען אויסוואורפן... די אַרבעטער ווילן ברויט פאַר זיך און פאַר די קינדער.

— זיי האָבן שוין קיין ברויט ניט?

— אוואדע, זיי ווילן ברויט מיט אַ קעפּל הערינג. דו שטעל זיך פאָר, סאָרעלע, פאַר מאַכן טויזנט פּאַפּיראָסן באַקומט אַן אַרבעטערן זיבעצן מיט אַ האַלבער קאָפּעקע.

— פאַר טויזנט שטיק! טאַקע אַן אוולע. אָבער שטרײַקן?

— מע וואָלט געגעבן מיט גוטן, וואָלט מען ניט געדאַרפט גיין מיט בייזן. עסן ווילן אַלע.

— לייע, עפּעס רעדסטו מאָדנע רייד. וואָס איז מיט דיר? דיר טוט גאָרניט וויי?

— אַלץ טוט וויי. דו וווּנדערסט זיך, וואָס איך בין געוואָרן אַזאַ גוטע פאַר פרעמדע. צוליב אַ קינד ווערט מען אַ גוטע.

בער און סאָרע זאָגן לייען מער גאָרניט, נאָר אַף דער גאַס קוקן זיי זיך איבער מיט אויגן, וואָס זאָגן: טאַקע עפּעס ניט גלאַט, וואָס איז מיט איר?

באַם טויער פון דער טורמע, אין דער ריי אַף איבערגעבן טעוועקען עסן, באַגעגנט זיך לייע מיט טעוועקעס מאַמע, מיט שיינען. אַזויפיל יאָרן געווען פונדערווײַטן און איצט אַזוי נאָענט — ביידע מיט פּעקעלעך פאַר טעוועקען. און ביידע מאַמעס (אַ מאַמע און אַ „מאַמע") לייגן צונויף זייערע פּעקלעך אינאיינעם און גיבן עס איבער דעם וועכטער.

צוריק גייט מען צוזאַמען. ס'איז שווער צו זאָגן, ווער פון די ביידע פילט זיך ווי די עמעסע מאַמע און ווער לעבט מער איבער.

שיינע האָט אַ סאַך זאָרג. שימען איז אָפּט קראַנק, די מישפּאָכע איז גרויס, און אַלע ווילן עסן און טרינקען, די מיידלעך הייבן שוין אָן אַרומ־גיין מיט יינגלעך. און צו דעם אַלעמען — טעוועקע. פון גיטעלען און פערע־לען האָט שיינע געהערט, אַז די אַרעסטירטע האַלטן זיך אַלע צוזאַמען. איינציקע קלײַבט מען זיך באַפרײַען, אַזוינע, וואָס זײַנען בעעמעס גאָט די נעשאָמע שולדיק. טעוועקע וועט אויך געוויס קומען אַהיים. אוואדע איז ניט גוט, ווען אַ זון זיצט אָן שום שולד אין טפיסע. אָבער קיין מענטשן האָט ער ניט געהאַרגעט, קיינעם האָט ער ניט באַגאַנוועט און קיין פאַלש געלט אויך ניט געמאַכט.

שיינע וואַרט אַף טעוועקען. לייע גייט אויס נאָך אים. די גאַנצע צײַט שטייט ער איר פאַר די אויגן. זי רעדט מיט אים. אָן אים האָט זי קיינעם ניט. און זי הייבט אָן דערציילן שיינען וועגן טעוועקען, ווי זי האָט גלײַך דערזען, אַז ער איז אַ ווילער, אַ קלוגער, אַ פלײַסיקער, ווי ער איז פאַר

איר און איר מאַן אַ טרייסט און אַ פרייד, ווי ער האָט זיך שנעל און גוט איַינגעלעבט אין זייער מישפּאָכע.

— וואָס זאָל איך איַיך, מיַין טיַיערע, זאָגן... אַ זון, אָן אייגענער זון. איך מיט מיַין מאַן האָבן אים ליב באַקומען. קיין אייגענע קינדער האָבן מיר ניט. ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז דער רעפּעטיטאָר פאַרנעמט זיך מיט שטריַיקן? וואָס איז טעווקע שולדיק?

— און איר מיינט, לייע, אַז דער דאָזיקער סטודענט איז שטאַרק שול־דיק?

— איך זאָג עס ניט. מענטשן ווילן ברויט.

— אָט, אָט, לייע טיַיערע, איר פאַרשטייט עס גוט. אַלע זיַינען מענטשן, און אַלע ווילן לעבן.

ביידע זיַינען צופרידן, וואָס זיי פאַרשטייען זיך, פאַרטרויען זיך, און ביידע דערפילן פריַינטשאַפט איינע צו דער אַנדערער. שיינע טרייסט לייען:

— טעווקע וועט אינגיכן קומען אהיים.

זי ווינטשט לייען און איר מאַן נאָך לאַנג האָבן נאַכעס פון טעווקען, ער איז זייער אַ געטריַיער און אַן איבערגעגעבענער...

לייען ווערט גרינגער. דאָס רעדט מען דאָך אַלץ וועגן איר טעווקען, וועגן איר זון. פון גרויס צופרידנקיַיט כאַפּט זי אַרום שיינען קושן.

— איך וועל צו איַיך אין געסט קומען. אַוואַדע!

זיי שטייען איינע קעגן דער אַנדערער, צוויי עלטערע פרויען, ביידע גראָווע. די גראָווע האָר באַ שיינען אונטערן קאָפּטיכל זיַינען שיטערלעך, ליגן צוגעדריקט. באַ לייען אונטער דעם הוט זיַינען די געדיכטע גראָווע האָר פאַרהויבן, דאָס גיט צו סאָלידקיַיט, רופט אַרויס אָפּשיַי.

לייעס מאַן, לייבע, קאָן מער ניט שוויַיגן, באַזונדערס קאָן ער ניט שוויַיגן היַינט. ביכלאַל איז לייבע אַ רויִקער, אַ באַדאַכטער, גיט זיך ניט נאָך, ווען ער וויל עפּעס זאָגן אָדער עמעצן אַריַינזאָגן. פריִער וועט ער זיך גוט באַטראַכטן. ער גייט זיַין וועג, האָט פיַינט זיך וואַרפן הין־און־הער. אינדערפרי, פאַרן אַרויסגיין פון שטוב, האָט ער היַינט, ווי שטענדיק, זיך אָנגעקוקט אין שפּיגל. אַלץ איז געווען ווי ס׳דאַרף צו זיַין. די שוואַר־צע האָר מיט די היפּשע סימאָנים פון גראָווקיַיט נעט פאַרקעמט מיט אַ שרונט אין דער זיַיט; די קליינע וואָנצעס קורץ און פּינקטלעך אונטער־געשאָרן אַזוי, אַז מע זעט אַרויס יעדע האָר באַזונדער. לייבע איז מיט אַ ניט געיַילטן טראָט, ווי שטענדיק, אַרויס אין גאַס, און גליַיך באַ דער שטוב האָט אים פאַר דער האַנט אָנגעכאַפּט זיַין שוועסטער.

— לייבע, אַנטשולדיק, איך מוז זיך אַריַינמישן. וואָס קומט פאַר מיט לייען? אַזוינס איז ניט געהערט געוואָרן, זינט די וועלט שטייט.

לייבע האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס די שוועסטער מיינט. ער אַליין האָט שוין אויך געוואָלט זאָגן לייען וועגן דעם זעלבן.

— לייבע, איך בעט דיך, קום מיט מיר, ווײַסטו זען, וואָס מײַנע ווערטער באַטײַטן.

זיי זײַנען אוועק צוזאַמען, און וועג ניט אויסגערעדט קיין וואָרט אַפּילע. אַזוי זײַנען זיי צוגעקומען צו דער טפיסע. און דאָ האָבן זיי דערזען, ווי אין דער ריי באַם טורמע־טויער שטייט לייע מיט עסנוואַרג פאַר טעווקען. אַף דער אַנטקעגנדיקער זײַט האָבן אַף בייזווונדער זיך צונויפגעקליבן מענטשן. ווען לייבע איז צוגעגאַנגען נעענטער, האָט ער דערהערט:

— זעט נאָר, ווינציק, וואָס דאָס ווײַב שטייט, איז דער מאַן אויך געקומען. נו, נו...

אין דעם זעלבן טאָג האָט לייבע געזאָגט צו זײַן פרוי:

— זאָלסט וויסן, לייע, אַז אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע שטעכן מיר די אויגן: „אײַער פרוי, אַן אָנגעזעענע פרוי אין שטאָט, שטייט מיט עסנוואַרג פאַר אַן אַרעסטאַנט". ווו איז עס געהערט געוואָרן? ניט גוט, לייע, ניט גוט. לאָמיר זאָגן, מיר האָבן אַ טאָעס געהאַט, אַרײַנגענומען צו זיך אַ פאַרדאָרבן באָכערל, וואָס האָט אויסגעזען גוט צו גאָט און גוט צו לײַטן, געהאַט אַף אים ראַכמאָנעס, געמאַכט פאַר אַ מענטשן... אַ טאָעס, אַ גרויסער טאָעס! דאַרף מען אַפּילע אין זײַן זײַט ניט קוקן. אַ שפּײַ טאָן! און דו ביסט געוואָרן אויס מענטש, לעבסט איבער, שלאָפסט קיין נעכט ניט. וועגן דעם, אַז דו האָסט אַ מאַן, האָסטו גאָר פאַרגעסן. לייע, מע טאָר דאָך ניט אַזוי. אַ שאַנדע, אַ כאַרפּע. ווי פאַרשטייסטו עס ניט, אַזאַ קלוגע, ווי דו ביסט!

פון זײַנע רייד האָט לייען אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם. איר איז געוואָרן שווער צו שטיין אַף די פיס, און זי האָט אַ מידע און בלאַסע זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ שטול. זי האָט געמוזט אויסוואַרטן, ביז ס'איז איר געוואָרן אַ ביסל בעסער, און דעמלט האָט זי אים מיט פאַרדראָס געזאָגט:

— איך דערקען דיך ניט, לייבע, איך פאַרשטיי דיך ניט. טעווקע איז דאָך אונדזערער, אַן אייגענער.

— אַ גוטער, אַ לײַטישער טעווקע איז אונדזערער. אַ פאַרברעכער איז ניט אונדזערער. ער האָט אַ טאָטן מיט אַ מאַמען.

— ווײ איז מיר! וועגן טעווקען זאָגן, אַז ער איז אַ פאַרברעכער. ווי רעדט מען עס אַזוי וועגן אַ קינד?

— קינדער זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע.

— טעווקע איז דאָך אונדזער קינד.

דאָס ערשטע מאָל פאַר זייער לאַנגן צוזאַמענלעבן האָט לייבע געהערט די שטים:

— רעד זיך ניט אײַן, ער איז ניט אונדזער קינד! ניט דײַן קינד! איך מוז דיר זאָגן, לייע, איך מוז: כ'וויל עס מער ניט לײַדן! דו הערסט?!

פאַר לייען איז עס געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז זי האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. זי האָט נאָר געקאָנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שטיל וויינען, וואָס מיט איר טרעפט עס זייער זעלטן.

ווי לעבט מען איינע אליין? — טראכט זלאטע. — ווי לעבט מען? דאָס לעבן זאָגט אונטער.

אוואדע איז זייער פארדריסלעך און שווער, ווען אזא מענטש, ווי צאַליע קאדיש, גייט אוועק פון דער וועלט, אוואדע איז שווער און ביטער זלאטען, וואָס זי איז פארבליבן אליין, אָן איר צאליען. דאָס לעבן אָבער לערנט.

קיינער לעבט ניט אייביק. איז דאָך געוויס א טרייסט, ווען עס בלײַבט א שיינער נאָמען, ווען מע קאָן דעם מענטשן דערמאָנען צום גוטן. זלאטע האָט וואָס צו דערמאָנען: שיינע, גוטע יאָרן. און דאָס האלט זי באם לעבן. פון זיך אליין קומט דער פארלאנג צו פארפלאנצן און פארשטארקן אין די קינדער און אייניקלעך דעם גוטן נאָמען פונעם יידן צאליע קאדיש. זלאטע איז לאנג ניט געווען בא אוויגדערן און ראָזען, ניט געזען די אייניקלעך. און אין א פראָסטיקן זוניקן טאָג לאָזט זי זיך גיין צום זון. זי שטעלט זיך פאָר די גוטע, הארציקע באגעגעניש. נאָר גלײַך, ווי זי דערזעט ראָזען, פארשטייט זי, אז געקומען איז זי ניט צו דער צײַט.

— עפעס איז געשען, ראָזע?

— וואָס דארף געשען, ס׳איז גאָרניט געשען.

— מיר דוכט, ביסט ניט צופרידן פון מײַן קומען. ביסט צעטראָגן...

— צעטראָגן. אוואדע! די ארעסטירטע שטרײַקער נעמט מען טיילווײַז ארויסלאָזן. צוליב וואָס? זיי זאָלן ווידער שטרײַקן, ווידער כאפן פארן גאָרגל: גיב! מיר קומט!

— הער נאָר, ראָזע, פון מײַן צאליען האָב איך זיך געלערנט זאָגן דעם עמעס, זאָג איך דיר, אז דו רעדסט ניט צו דער זאך. מענטשן ארבעטן, ווילן זיי עסן, ווילן זיי ברויט. וואָס איז די אוולע? זיי האָבן קינדער, און די קינדער ווילן אויך עסן. און וואָס נעמסטו זיך אזוי אָן פאר שערע־שעווסקין? ניט דײַן פאבריק, ניט דײַנע פּאפּיראָסן. ביסט אָפּגעריסן פון מענטשן, פון באלמעלאָכעס, פון יידן... צאליע האָט ניט אזוי געלעבט.

— צאליע איז פאר מיר ניט קיין באווײַז.

— ראָזע, ביסט געווען א גוטע, אפילע א זיסע, מיט ראכמאָנעס צו מענטשן. נאָר דאָס איז אלץ געווען פונדערווײַטן, פונדערנאָענטן האָסטו מענטשן פײַנט.

— איך וויל ניט זײַן קיין גוטע, איך דארף קיין מענטשן ניט. א גוטע זאָל זײַן די מומע לייע. איך בין באם זינען.

— ווער איז ניט באם זינען?

— די מומע לייע, וואָס שטייט בא דער טורמע מיט עסנווארג פאר איר צאצע טעווקען. און נאָך מיט א שוטעפטע, מיט שיינען, שימען דעם שנײַדערס ווײַב.

— ראָזע, זי איז ניט דײַן מומע?

— איך דארף ניט אזוינע מומעס.

— ווארט נאָר, ראָזע, און אזא שוויגער, ווי איך, דארפסטו?

ראָזע ענטפערט ניט.

— צו באוווּנדערן, — זאָגט זלאטע, — וויאזוי די מיידעלעך, ווי די זיסע עפּעלעך, ווערן נאָך דער כאַסענע ביטער און פארשימלט. זײַ געזונט.

זלאטע איז געווען דערצאָרנט, און דעריבער איז זי אוועק ניט צו זיך אהיים, נאָר צו צאליען אפן פארשנייטן קייווער. זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט און דערנאָך גענומען ריידן צו צאליען.

— געדענקסט דאָך, — האָט זי געזאָגט, — ווי מיר זײַנען געווען צופרידן, וואָס ראָזע איז אונדזער שנור. איך וויל דיר זאָגן, מײַן מאַן, אַז איך האָב כאַראָטע. זי האָט פײַנט מענטשן. נאָר וואָס דערצייל איך עס דיר? פון יענער־וועלט זעסטו דאָך בעסער, ווי מיר אף דער־וועלט, — און לויט דער געוווינהייט א פרעג געטאָן: — ווי פילסטו זיך, צאליע?.. — און נאָכדעם לאנג, לאנג געשטאנען באם קייווער.

זלאטע האָט ניט אויסגעהאלטן און איז אף מאָרגן אוועק צו סאָרען און בערן אהיים. זי געדענקט גוט, מיט וואָס פאר א גרויס דערעכערעץ בער האָט זיך באצויגן צו צאליען. זי קומט מיט א טײַנע: וואָס איז געוואָרן מיט איר שנור? צי דען האָט צאליע און זי, זלאטע, אזא טאָעס געהאט אין איר? הער נאָר אן אײַנפאל! צאליע איז פאר איר קיין באוווײַז ניט, לייע איז ניט באם זינען, אפילע זיצן ניט געבעטן.

— וואָס איז מיט אײַער טאָכטער, סאָרע, בערע? איך האָב זי געשאנעוועט, אָבער איך קאָן גוט ארײַנזאָגן.

צו זלאטען, ארקע דעם פורמאנס טאָכטער, האָבן אף איין טאָג זיך אומגעקערט אירע יונגע מיידלשע יאָרן, ווען זי און איר שוועסטער האָבן אָפּגעלאכט פון די גוורישע טעכטערלעך, וואָס מיינען, אז די וועלט איז זייערע. זי איז ווידער זלאטקע, וואָס באָכערים לויפן נאָך איר נאָך און זי בראקעוועט.

— קיין מענטשן דארף זי ניט. אז מע אנטלויפט פון מענטשן, לויפן נאָך הינט. אן אײַנפאל: לייע איז ניט באם זינען, טעווקע איז א צאצע, זי דארף ניט אזא מומע, ווי שיינע... וואָס שווײַגט איר, טאטעמאמע?

— מיר שווײַגן ניט, זלאטע, מע הערט אונדז ניט. מיר זײַנען איבעריקע.

זלאטע זעט, אז סײַ סאָרע, סײַ בער זײַנען שוין אלט און מיד. אין סאָרען קאָן מען שוין ניט דערקענען איר אמאָליקע שיינקײַט. בער שטייט שווער אף די פיס. ביידע זעען אויס אומבאהאָלפן.

און זלאטע זאָגט מער גאָרניט, כאָטש זי האָט נאָך וואָס צו זאָגן. א ראכמאָנעס אף טאטע־מאמע, זייער געליבטע ראָזע האָט צופיל דערנער.

— זײַט געזונט. נעמט ניט פאר אומגוט. קומט אמאָל ארײַן, פאָרט מעכוטאָנים.

זלאטע גייט אוועק. טאטע־מאמע פארטראכטן זיך: זלאטע איז אוואדע גערעכט, אָבער... א באסיעכידקע, א מיזינקע... זיי האָבן זי שטארק ליב, אין איר איז זייער לעבן.

אין עטלעכע טעג ארום איז בער פעדער ארײַנגעקומען צו זלאטען.

— אוי, מעכוטן, טײַערער מענטש, וואָס איר זײַט. גוט, וואָס איר זײַט געקומען. בעסער קאָן גאָר ניט זײַן. זיצט, זיצט. פאַרוואָס איז סאָרע ניט געקומען?

— א באָבע, וויל זי אכטונג געבן אף די אייניקלעך.

— פאַראַן יאָרן, ווען מע דאַרף שוין אכטונג געבן אף זיך אליין.

— ניטאָ אף דעם קיין צײַט.

— מענטשן האָבן ראַק קיין צײַט ניט, ביז די צײַט גייט אויס. אזוי פלעגט זאָגן צאַליע. וואָס מאַכט איר, בער, ווי פילט איר זיך?

— זלאַטע טײַערע, איך האָב שוין מײַן לעבן אָפּגעלעבט, אָבער ניט קלוג. אַלץ אָפּגעגעבן דער טאָכטער און באַוואָלט די זין. און זיי וועלן דאָך זאָגן קאַדעש נאָך מיר. זיי וועלן קומען, וואָס וועל איך זיי זאָגן? די געשעפטן מײַנע זײַנען אויך אַוועק קרום. פאַראַן יינגערע און פלינקערע, געבילדעטע. איך טויג שוין ניט. ס'איז געבליבן, זלאַטע, נאָר איין זאַך — קויפן אַן אָרט אפן בעסוילעם...

— בער, מע טאָר ניט אזוי. וויפל גאָט גיט יאָרן...

— א כאָכעם איז געווען צאַליע אָלעווהאשאָלעם, א כאָכעם. צו דער צײַט אַוועק. און איך האָב שוין פאַרשפּעטיקט. ביטער, ביטער...

5

לייע וואַרט אף טעווקען. זי האָט א ידיעה, אַז ער דאַרף אינגיכן אַרויס פון טורמע. די בענקעניש נאָך אים האָט זי געבראַכט צו טעווקעס עלטערן.

לייע באַמערקט ניט, ווי זי איז געוואָרן פאַרשעמטער צו מענטשן, ווי פון איר גייט אַוועק די גײַווע פון אַן אָנגעזעענער דאַמע אין שטאָט. איר איז צוגעקומען באַקאַנטשאַפט מיט מאַמעס און שוועסטער, וועלכע שטייען אויך באַם טויער פון טפיסע איבערצוגעבן עסנוואַרג. דאָס זײַנען אַלץ אַזוינע, וועגן וועמען איר מאַמע, מאַלקע באַס, וואָלט געזאָגט: „א שוסטער, אַז ער טוט אָן א קאַפּעליוש...”. לייע זעט אין זיי קיין שלעכטס ניט. מענטשן, ווי מענטשן. עמעס, פריִער האָבן זיי באַ איר געהייסן „געמיינער גראַד”. און אָט, אַז גאָט וויל, שטייט זי מיט זיי צוזאַמען אין ריי. זיי זײַנען אָרעמע מענטשן, אָבער קיינער וויינט ניט און קיינער קלאָגט ניט. דאָס נעמט אויס באַ איר.

מיט אזוינע געדאַנקען איז לייע געקומען צו שימען דעם שנײַדער אַהיים. שיינע האָט זי פּרײַנטלעך באַגעגנט, שימען האָט איבערגעריסן די אַרבעט און איז איר אַרויס אַנטקעגן. און כאָטש טעווקע איז דאָך פאָרט זייער זון, זײַנען זיי פאַרזיכטיק מיט א וואָרט וועגן אים, עס זאָל לייען ניט פאַרדריסן, זי זאָל דערפון ניט איבערלעבן, ניט האָבן קיין האַרצווייטעק. זיי טרייסטן זי. זי לאָזט זיך טרייסטן, ווײַל גוטע מענטשן זאָגן איר גוטע רייד.

— לייע, זעצט זיך מיט אונדז צום טיש. מיר בעטן.

— אדראבע, מיט פארגעניגן.

זיי עסן צוזאמען. און ווי אמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָבן אויסגענומען בא סאָרעלען, אזוי נעמען איצט שטארק אויס בא לייען די פיש־קניידלעך פון ביליקע סטינקעס, געקאָכט מיט בולבע, ציבעלע און פעפער. און ווי אמאָל סאָרעלע, ווונדערט זיך איצט לייע: פארוואָס האָט זי בא זיך אין שטוב אזא געשמאקן מיַכל ניט געגעסן.

זי איז לאנג געזעסן און געשמועסט מיט שיינען. געפילט האָט זי זיך היימיש־געמיטלעך, זי האָט זיך דערוווּסט וועגן שיינעס מישפּאָכע אזוינס, וואָס פריִער איז עס איר, פארשטייט זיך, געווען אומבאקאנט. אזוי האָט זיך געצויגן, ביז גיטעלע מיט פערעלען זיַנען געקומען פון דער ארבעט מיטן אויסגעשריי:

— מע האָט טעווקען באפריַיט!

דערזען לייען, האָבן זיי זיך פארוווּנדערט:

— איר זיַיט דאָ? טעווקע איז גליַיך פון דער טורמע אוועק צו איַיך.

לייע איז אופגעשפּרונגען, געבליבן שטיין און א וואָרט ניט געקאָנט ארויסברענגען, דערנאָך האָט זי מיט טרערן אין די אויגן איבערגעפרעגט:

— באפריַיט? איז וואָס שטיי איך דאָ?! קומט, שיינע!

— איך גיי אויך, — האָט זיך אָנגערופן שימען.

— און מיר גייען אויך, — האָבן אונטערגעכאפּט גיטעלע מיט פערעלען.

און אלע פינף זיַינען איַילנדיק אוועק צו לייען אהיים.

די מיינונג וועגן א מענטשן איז אָפט ווי א ווינט. טוט דער ווינט א בלאָז פון דאָרעם — ברענגט ער וואַרעמקיַיט, קומט ער פון צאָפן — ברענגט ער קעלט. אָט איז טעווקע געזעסן אין טפּיסע, האָט מען וועגן אים גערעדט שיר ניט ווי וועגן א פארברעכער: זיך זניוכעט מיט שטריַיקערס, פארדעכ־טיקע ליַיט, אזא מעג זיצן, קאָשער פארדינט. נאָר אָט איז דער זעלבער טעווקע צוריק אהיים געקומען, פילן אים שוין אלע מיט און פאר אלעמען איז ער א גוטער, א שיינער, א סטאטעטשנער. ער גרייט זיך אָפּצוגעבן עקזאמען פאר אכט קלאסן גימנאזיע. מאמעס, וואָס האָבן קאלע־מיידלעך, האָבן עס גוט אין זינען. און לייען לויבן אלע — א העלד, א קלוגע, א געטריַיע, אן עמעסע מאמע. מע דערמאָנט דאָס ווערטל: אז מע וואַרפט פאר זיך, געפינט מען הינטער זיך. לייע האָט זיך ניט דערשראָקן, ניט אראָפּגעלאָזט די הענט, איצט אנערקענען אלע: א גוטע מאמע, א גוטער זון.

די יעדיִע וועגן דעם, אז מע האָט טעווקען באפריַיט, האָט ראָזען פּאָ־שעט איבערגעשראָקן. זי האָט ניט געוווּסט, ווי עס אופּצונעמען. אין דער ערשטער מינוט האָט זי ניט אזוי אין זינען געהאַט טעווקען, ווי זיך אליין. זי האָט אפילע א קוק געטאָן אף זיך אין שפּיגל, צי האָט עס אף איר שלעכט ניט געווירקט. ניין, זי איז שיין און שטאלטיק, כאָטש ברייטער און פולער, ווי אין דער יוגנט. זי געפעלט זיך. דערנאָך ערשט האָט זי באנור־מען, אז די שרעק איז געקומען פון דעם, וואָס זי האָט טעווקען בארעדט און לייען אויך בארעדט. און אָט... טעווקע איז ניט שולדיק, די מומע איז גערעכט. נו, איז וואָס? די מומע איז געגאנגען מיט איר וועג, זי, ראָזע,

גייט מיט איר וועג. זי איז דאָך ניט מעכויעוו אַלעמען גלייבן אויפן וואָרט. און גלײַך לויפן באַגריסן איז זי אויך ניט מעכויעוו. אַזוינס פּאַסט פאַר דער מאַמע סאָרע. בײַ דער מאַמען איז אַרום „יאָ" און „ניין" ניטאָ קיין רוים, זי האָט ניט וווּהין אָפּצוטרעטן. זי האָט איין „יאָ" און איין „ניין". דעריבער איז זי טאַקע אַ גוטע מאַמע און אַ גוטע פרוי. אָבער ניט מער. זי, ראָזע, קאָן מיטן „יאָ" און מיטן „ניין" אָפּטרעטן און צוריק קומען. זי האָט רוים, זי האָט צײַט, זי קאָן טאָן לויט איר ווילן. די מאַמע וואָלט גלײַך זיך אונטערגעגעבן. זאָגט מען דאָך וועגן איר, אַז זי לעבט מיטן סייכל פון איר מאַן און איר שוועסטער. אָבער בײַ איר, בײַ ראָזען, איז פאַרקערט. אין מע־דיצין איז אַוויגדער באַלעבאָס, נאָר אין אַלע איבעריקע זאַכן איז זי, ראָזע, די באַלעבאָסטע. פאַרשטייט זיך, זי איז צופרידן, וואָס טעווקע איז אין דר'היים, וואָס לייע לעבט מער ניט איבער. אָבער מיטן סטודענט האָט טעווקע געהאַט סוידעס. בעסער איז צו זײַן פונדערווײַטן, ניט ריזיקירן. ראָזע וויל רו, זי וויל פרייד.

— ראָזעלע טײַערע, דו ווייסט דאָך, אַז טעווקע איז אויף דער פרײַ... עפּשער דאַרף מען אַרײַנגיין צו לייען? — פרעגט אַוויגדער.

— נאָך פאַראַן צײַט, אַוויגדערל, מירן באַווײַזן. עס וועט ווערן וואָ־רעמער.

אַוויגדער איז אײַנשטימיק.

דערפאַר האָבן אַנדערע פרײַנט און באַקאַנטע ניט פאַרפעלט קומען צו לייען באַגריסן און ווינטשן. פון די ערשטע זײַנען געקומען בערטע קאַוווע מיט שיפרען. בערטען האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מע האָט אַ יונג בחור־בערל, נאָך אַ קינד געוואָרפן אין טפיסע. און האָט זי אַמאָל אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּשער האָט ער טאַקע מיט עפּעס יאָ געהאָלפן דעם סטודענט, איז דעמלט דאָס מיטגעפיל איבערגעוואַקסן אין סימפּאַטיע. מאַלאַדיעץ! בערטע קאַוווע האָט ליב דרייסטע. ריידן וועגן דעם האָט זי געקאָנט נאָר מיט איין מענטשן — מיט שיפרען. שיפרע האָט זי פאַרשטאַנען אויפן ווונק. איינמאָל האָט שיפרע איר געזאָגט:

— אײַך, מאַדאַם, מעג איך זאָגן. אַ באַלמעלאָכע לעבט שווער, איך זע דאָך, אָבער אַן אַרבעטער לעבט שווערער. אַ באַלמעלאָכע האָט זיך זײַן האַמער, זײַן שער, זײַן קעלניע. הײַנט אַרבעט ער דאָ, מאָרגן — דאָרטן. אַן אַרבעטער איז צוגעבונדן צו זײַן אָרט. אייגנס האָט ער גאָרניט. דער באַלעבאָס קאָן מיט אים טאָן, וואָס ער וויל. מאַדאַם, איר זאָלט וועגן מיר קיין שלעכטס ניט טראַכטן. איך האָב געזאָגט מײַן נאַטקען, ווען די אַר־בעטער אויף דער פאַבריק מאַכן יאַדאַכעס, פאָדערן אַלע צוזאַמען איינס, וואָלטן זיי אויסגעפּויעלט.

איצט אין געסט בײַ לייען שווײַגט שיפרע. זי ווייסט, זי דאַרף הערן און שווײַגן. בערטע הערט, פרעגט און דערציילט.

— און ווי האָט איר באַשלאָסן, אָפּגעבן עקזאַמענעס פאַר אַכט קלאַסן?

— אַוואַדע אָפּגעבן! — ענטפערט לייע.

טעווקע הערט, שמייכלט און שווײַגט. ער וויל נאָר, די געסט זאָלן ניט באַמערקן, אַז ער אַליין טראַכט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. ער האָט נאָך

אפילו לייענען ניט דערציילט וועגן אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין טפיסע.

טעווקע ווייסט, ווי לייע איז אים איבערגעגעבן, מער עפשער פון אַן אייגענער מאַמע. אָבער דערציילן איר אַלץ וועט ער ניט. צוליב איר מוטערלעכער גוטסקייט צו אים ווילט זיך אים אַמאָל דאַפקע יאָ דערציילן — טאָר ער ניט.

פון דעם סטודענט פּרומקין, ווען ער איז געווען זײַן רעפּעטיטאָר, האָט טעווקע זיך דערוווּסט אַ סך אַזוינס, וועגן וואָס ער האָט פריִער קיין אַנונג ניט געהאַט. וועגן פילאָסאָפיע און דיִאַלעקטיק, סאָציִאַלער אומגערעכטיקייט און סאָציִאַלע אופבּרויזן, אָבער אַלץ פּאַראַלגעמיינערט, וועגן שטרײַק קיין וואָרט ניט, אַ ווונק ניט, גאָרניט. קיין סוידעס האָט פּרומקין טעווקען ניט פאַרטרויט. ער איז ניט געווען אַזוי נאַיִוו, ער זאָל דערציילן סוידעס ניט קיין אויסגעפּרוּווטן מענטשן. טעווקע איז אַ שווײַגער צוליב זײַן כאַראַקטער, פּרומקין — צוליב קאָנספּיראַציע.

ראָזען האָט זיך עס נאָר אויסגעדוכט, אַז טעווקע האָט געהאַט סוידעס מיטן סטודענט.

אין טפיסע ערשט האָט מען טעווקען גענומען לערנען דעם קאָנקרעטן אַלעפבייס פון קאַמף... אַ נײַע וועלט האָט זיך פאַר אים געעפנט. ארײַן אין קאַמערע איז ער אַ גימנאַזיסט, אַרויס פון דאָרט אַ דערוואַקסענער. קאָן ער עס דערציילן לייען? מעג ער איר דערציילן, אַז, עמעס, ניט אַזוי גיך (קאָנספּיראַציע דערלאָזט קיין אײַלעניש ניט), דאַרף ער זיך באַגעגענען מיט פּרומקינס קאַלע, מיטן מיידל, וואָס טראָגט אים עסן אין טורמע?

און ווײַל ער קאָן לייענען אַזוינס ניט פאַרטרויען און קומט נאָר אָפּ מיט דערציילן וועגן דעם, ווי ער האָט געלעבט אין טורמע, באַציט ער זיך צו לייענען אַ סאַך וואַרעמער נאָך, ווי פריִער. ער ווײַזט אַרויס זאָרג און אָפּשײַ, און לייע דאַרף מער ניט, זי איז גליקלעך. איצט איז זי צופרידן, וואָס בערטע איז געקומען באַגריסן, וואָס זי וויל וויסן, ווי טעווקע קלײַבט זיך אָפּגעבן די עקזאַמענעס. לייע פון איר זײַט וויל ניט בלײַבן קיין באַלכויוו, פרעגט זי בא בערטען:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, די קאַלע זײַנע (ווע‌מענס רופט זי ניט אָן) טראָגט אים נאָך עסן?

— אוואדע!

— און זי וועט אָף אים וואַרטן?

— געוויס!

— ווער ווייסט, וויפל יאָרן זי וועט דאַרפן וואַרטן.

— אין ליבע איז ניט שײַעך קיין יאָרן... ער איז, מיסטאַמע, ווערט, מע זאָל אָף אים וואַרטן. זיי לעבן ניט נאָר מיטן הײַנט, נאָר מיטן מאָרגן.

— נו, נו, הײַנטיקע מיידלעך...

שיפרע, וואָס ווייסט, אַז זי דאַרף הערן און שווײַגן, האַלט ניט אויס און טוט אַ זאָג:

— אוי, ווי ריכטיק! מײַן מאַמע פלעגט זאָגן: דער מאָרגן הייבט זיך אָן הײַנט. אַנטשולדיקט...

אוואדע, טעווקע פארשטייט גוט, אז די רייד גייט וועגן פרומקינס קאלע, מיט וועלכער ער וועט זיך דארפן באגעגענען. אים ווילט זיך נאָך עפּעס הערן וועגן איר.

— עמעס, — זאָגט ער, — מע פלעגט אים אויך איבערגעבן עסנווארג. א קאלע פלעגט איבערגעבן?

— יאָ, יאָ... א גוט מיידל, א געבילדעטע, שטאמט פון א שיינער מיש־פּאָכע, א שטילע, אן אָנגענעמע... ווי קומט צו איר אזא כאָסן? כאָטש פון דער צווייטער זײַט... — אזוי זאָגט בערטע קאווע.

— פונדעסטוועגן... — טוט לייע א זאָג. דאָס באטײַט: פונדעסטוועגן איז ער דאָך פארמישט אין שטרײַקן. און ווער ווייסט נאָך אין וואָס? טעווקע איז טאקע ניט שולדיק, טראכט לייע פאר זיך, אָבער דער סטודענט איז דאָך שולדיק. מע דארף מיט אזוינע זײַן פונדערווײַטן, זיך היטן פון זיי. און דאָ שטייט א מיידל באם טויער פון דער טפיסע... ווי זי אליין, לייע, איז געשטאנען, האָט זי שוין פארגעסן.

טעווקע איז צופרידן, וואָס בערטע קאווע רעדט מיט סימפּאטיע וועגן פרומקינס קאלע. ער האָט צום מיידל א געפיל פון א נאָענטן מענטשן, פון א כאווער. אים ווילט זיך אפילע פאָרשטעלן, ווי זייער באגעגעניש וועט פאָרקומען, וועגן וואָס וועט מען ריידן... און ווען?

6

אין די ערשטע טעג פונעם שטרײַק איז באם לערער מענאכעם אין שטוב געווען סײַ אומרויק, סײַ פריילעך. אלע טאָג האָט מען דאָ געוווסט, ווי עס האלט און ווי עס גייט, וואָס דער קאָמיטעט זאָגט און וואָס די באַ־לעבאטים זאָגן. די נײַס האָבן געבראכט עזרע מיט מאשען, גיטעלע און פערעלע.

מע האָט דאָ א סאך מאָל איבערגעכאזערט:

— אן אָנהייב.

— דער ערשטער שטרײַק אף דער פאבריק.

דערבײַ האָט מען זיך געפילט יאָמטעוודיק, געווען אופגערודערט, נאָר זיכער, אז ענדיקן וועט זיך גוט.

— זיי וועלן מוזן נאָכגעבן. ווי דען?

פייגעלע האָט געבאקן בולבע־לאטקעס. ס'איז געווען לעבעדיק.

מענאכעם האָט מאמעש געשײַנט. דער פאקט אליין, וואָס מענטשן קאָ־נען זיך צונויפריידן, זיך קעגנשטעלן, פאָדערן, האָט אים פארשאפט גרויס פארגעניגן. ער האָט זיך דערמאָנט די ווערטער, וואָס עזרע האָט אנומלטן געזאָגט: „אומצופרידנקײַט איז א גרויסער קויעך”. איצט האָט זיך דער קויעך גערירט, ער קאָן ווײַזן וווּנדער. אזוי איז עס: דאָרט, ווו דער סייכל לערנט ניט, לערנט די צײַט. און עס ווײַזט זיך טאקע ארויס, אז דער גוירל ליגט אין די הענט פון דעם מענטשן.

פייגעלע גיט אף מענאכעמען אכטונג, ער זאָל וויסן, וואָס ער מעג און וואָס ער טאָר ניט. ער זיצט ניט אײַן רויק, ער לויפט ארום, ער פאַר־געסט, אז ער איז שוין ניט קיין יונגערמאַן. באם לערער איז דער אײַנדרוק, אז אלע זײַנע ווארטענישן, אלע זײַנע האָפענונגען, וואָס זײַנען ביז איצט ניט מעקוייעם געוואָרן, באקומען א טיקן. עס הייבט זיך אָן דער גוטער מאָרגן. פייגעלע ווערט אומרויִק. מענאכעם איז די לעצטע צײַט אָפּגע־שוואכט, פילט זיך אָפּט ניט גוט. ער דאַרף זיך שאנעווען, אָפּהיטן, אויס־רוען. דער דאָקטער האָט געוואָרנט. זי זעט אָבער, אז די גוטע נײַס היילן אים. ער איז געוואָרן ייִנגער. א דאנק און א לויב דיר, גאָט אין הימל.

די טעג גייען. דער הארבסט ווערט רעגנדיק און בלאָטיק. דער שטרײַק דויערט. ביידע צדאָדים האָבן נאָך דערווײַל געדולד.

איינמאָל איז מאשע געקומען אָן אופגערעגטע.

— הערט, איך האָב זיך אף דעם גאָר ניט געריכט. איך באגעגן ראָזע קאדיש, דעם דאָקטערס פרוי, זי כאפּט מיך אָן פאר דער האנט און זאָגט: „גוט, וואָס איך האָב אײַך באגעגנט. איר דאַרפט אוואדע וויסן, איר גייט ארײַן צום לערער, עזרע מאזאָווער שטרײַקט אויך?" — „ווי דען?" — „מאַ־שע, איר רעדט עס ערנסט?" — „אוואדע. ער קאָן דען זײַן אן אויסנאַם? אלע שטרײַקן". — „עזרע איז ניט אלע. אין דער קאָנטאָר ארבעט ער אדאנק מײַן פּראָטעקציע, איך האָב געבעטן די מומע לייע. אף אים האָב איך זיך אזוינס ניט געריכט. אן ערנסטער, א קלוגער, ווי קומט ער גיין צוזאמען מיט די אלע גראָבע יונגען"... איך פּרוּוו איר געבן צו פארשטיין, אז מע שטרײַקט, ווײַל מע וויל לעבן. איז עס דען אן אוולע? זאָגט זי: „מע דאַרף מיט גוטן, מיט כעסעד. אָבער ניט שטרײַקן. גאזלאָנישע גענג האָב איך פײַנט. ווי קומט עס צו עזרען? אויב איר זעט אים, זאָגט אים, אז זײַנע גענג געפעלן מיר ניט. ער איז אמאָל געווען א גוטער באָכער..." — „ער איז איצט אויך א גוטער", — זאָג איך. „עפשער פאר אײַך?" — „אוואַ־דע פאר מיר. ער איז מײַן כאָסן". — „אָך, אזוי!.." טוט זי א שרײַ אויס און גייט אוועק אָן א זײַ־געזונט. נאָר באלד קערט זי זיך אום צוריק. „אנט־שולדיקט, מאשע, איך קאָן ניט גלייבן, אז עזרע, מיט וועמען איך האָב אמאָל אין דער יוגנט שפּאצירט, זאָל זײַן אזא. מײַן פּראָטעקציע... אויב איר זעט אים, ער איז דאָך אײַער כאָסן, בעט איך אײַך, גיט אים איבער, אז איך וויל אים זען, אומבאדינגט וויל איך אים זען. זאָל ער צו מיר ארײַנקומען". — מאשע האָט א פארדראָסלעכן שמייכל געטאָן צו עזרען: — האָסט א מעגלעכקײַט, עזרע, זיך צו באגעגענען מיט א פרײַלן, מיט וועל־כער האָסט אמאָל שפּאצירט.

— און דו, מאשע, זע איך, ביסט אומצופרידן, ביסט אייפערזיכטיק? איך וועל צו איר ניט גיין.

— איך מיין דאפקע, אז דו דאַרפסט יאָ גיין צו איר.

— ווייסט, עזרע, איך וואָלט אויך געזאָגט, אז דו דאַרפסט צו איר ארײַנגיין, — האַלט אונטער מאשען מענאכעם. — ס'איז טשיקאַווע צו זען, וואָס שטעלט זי מיט זיך איצט פאָר. באַ איר קאָן מען זיך עפשער עפעס דערוויסן וועגן דעם, וואָס די באַלעבאַטים טראַכטן.

— עמעס, עזרע, גיי. און איך בין אינגאנצן רויק, אינגאנצן, — פאר־זיכערט מאשע.

עזרע האָט טאקע א פארלאנג זי צו זען, זען אָט די דארינקע לײַכטפּי־סיקע ראָזע, וואָס איז איצט אן אָנגעזעענע דאמע, דאָקטער קאדישעס פרוי. וועגן וואָס וויל זי מיט אים ריידן?

אין שטוב בא ראָזען שמעקט מיט קינדער, מיט יונגער מוטערלעכקײַט, מיט ליבע. די ראָזע, וואָס באגעגנט עזרען, איז ענלעך אף ראָזען פון אמאָל, אָבער שוין אן אנדערע. יענע איז געווען שיין מיט לײַכטקײַט, באַ־וועגלעכקײַט, שמייכל. די איצטיקע איז שיין מיט איר צעבליטער פרויִש־קײַט, מיט קערפּערלעכקײַט.

זי האָט עזרען דערלאנגט א ווייכע און ווארעמע האנט, געבעטן זיצן, געזאָגט:

— עזרע, בא אײַך איז א שיינע קאלע. מאשע געפעלט מיר.

— זי געפעלט מיר אויך.

— אָבער וואָס איז מיט אײַך געשען, עזרע? איך מוז אײַך זאָגן, איר געפעלט מיר ניט.

— פארוואָס?

— איך געדענק אונדזערע שפּאצירן באם קאזאקישן קלויסטערל אף די קאָלאָזשעס. יענע טעג זײַנען בא מיר פארבליבן ווי א שיינער אָנדענק. און איר, עזרע, מאכט מיר קאליע דעם אָנדענק.

— מיט וואָס?

— צוליב וואָס שטרײַקט איר?

— ווי קומט צו אײַך אזא פראגע? איר געדענקט נאָר, ווי מיר האָבן מיט אײַך שפּאצירט. פארוואָס געדענקט איר ניט, ווי מיר זײַנען געגאנגען מיט אײַך אין הויף, ווו מע האָט א מענטשן געקאָנט באקליידן און באשוכן פון קאָפּ ביז די פיס? צווישן די באלמעלאָכעס און ארבעטער האָט איר אויך דערזען אײַערע שוועסטערקינדער גיטעלען און פערעלען. וואָס, אייגנט־לעך, ווילן גיטעלע און פערעלע? זיי באקומען זיבעצן מיט א האלבער קאָ־פּעקע פאר מאכן טויזנט פּאפּיראָסן. וויפל פארדינט מען א טאָג?

— טויזנט שטיק. וויאזוי קאָן מען עס מאכן טויזנט שטיק? — ראָזע האָט מיט פארוואונדערונג אויסגעשטרעקט אירע פולע שיינע הענט.

— און וואָס איז זייער פארלאנג? מע זאָל צאָלן פאר טויזנט שטיק דרײַסיק קאָפּעקעס. איז עס אן אוולע?

— איך זאָג דען אן אוולע? אָבער טאָן דארף מען עס מיט גוטן.

— געפּרוּווט מיט גוטן.

— עזרע, סײַווי, וואָס איר זאָלט מיר ניט זאָגן, גלייב איך ניט, אז מע דארף כאפּן יענעם פארן גאָרגל. אזוי קאָן מען דאָך א וועלט כאָרעוו מאכן, מע קאָן מיט קיין זאך ניט זײַן זיכער. דערבײַ דארפט איר געדענקען, אז די מומע לייע האָט אײַך רעקאָמענדירט אף ארבעט אין דער קאָנטאָר לויט מײַן פּראָטעקציע. און אין דער פאבריק ווייסט מען עס. איר זײַט דאָך דער איינציקער אין קאָנטאָר, וואָס שטרײַקט. זאָגט אליין, וואָס פאר א

פּאַנעם וועלן מיר דאָרט האָבן? אונדז פּאַסט עס ניט. איך בעט אײַך, עזרע, זאָגט מיר צו, אַז...

— ניין.

— אויב אַזוי... אַדיע, גריסט אײַער קאַלע.

ער איז אַוועק. און ראָזע האָט געשטוינט: באַ וועמען זי, ראָזע, דאָקטער קאַדישעס פרוי, בעט פּעדערס טאָכטער, זאָל ניט בעטן עפּעס, לויפט מען אַנטקעגן אויסצופילן איר פאַרלאַנג. און דאָ: „ניין". אַזאַ טאָעס האָבן אין אַ מענטשן.

7

ביז דעם טאָג, ווען די פּאָליציי האָט אויסגעקלעפּט די ווײַסע מעלדונגען, מע זאָל אַרויס צו דער אַרבעט, האָט מענאַכעם זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. ער איז געזונט, ער פילט זיך גוט. אָבער ווי נאָר מע האָט געבראַכט די יעדיע וועגן די מעלדונגען, אַזוי האָט ער דערפילט אין אַלע גלידער אַ שוואַכקײַט. ניטאָ קיין קויכעס. וואָס וועט זײַן? פייגעלע האָט געזאָגט, אַז עס וועט גוט זײַן, אים געבעטן געדענקען, אַז דער דאָקטער הייסט, ער זאָל זיך היטן, שאַנעווען. מענאַכעם האָט געפאָלגט און זיך געלייגט אין בעט. און אַלץ באַ זיך געפרעגט: „וואָס וועט זײַן? צי דען איז אויס מיטן שטרײַק? גאָרניט דערגרייכט!" און ווײַטער: פּאָליציי האָט זיך אַרײַנגעמישט. דאָס וווּנדערט ניט. אָבער ווער האָט גערופן די פּאָליציי צו הילף? ווער? באַלעבאַטים — ייִדן. קעגן וועמען? קעגן אַרבעטער — אויך ייִדן. אָט האָסטו ייִדישע אַכדעס. אַז עס קומט צו דער קעשענע, ווערן די הערצער מעשענע.

פייגעלע איז פון מענאַכעמען ניט אָפּגעטראָטן, געבעטן, ער זאָל עסן, ער זאָל טרינקען. זי האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז מענאַכעם איז איר מאַן, און אַ זאָג געטאָן מיט גרויס געפיל:

— לערער, איך בעט אײַך...

דערנאָך האָבן ביידע געלאַכט.

אויף מאָרגן זײַנען געקומען גיטעלע מיט פערעלען אָנזאָגן, אַז קיינער איז צו דער אַרבעט ניט אַרויס.

— גאָט צו דאַנקען! — האָט מענאַכעם אויסגעשריִען און אָנגעזאָגט פייגעלען, אַז ער איז געזונט. ער וויל מער ניט ליגן אין בעט. און אויב זי האָט עפּעס אַ געשמאַקע פּאַטראַווע, וואָלט ער געגעסן.

שפּעטער האָט אים פייגעלע געזאָגט:

— באַ מײַן טאַטן אין שטוב איז אַזאַ פרייד געווען נאָר סימכעסטוירע.

אָבער לאַנג האָט דער יאָמטעוו באַ מענאַכעמען אין שטוב ניט געדויערט. דער שטרײַק איז באַזיגט געוואָרן. דער הימל איז געפאַלן אויף דער ערד און האָט פאַלנדיק אַ קלאַפּ געטאָן מענאַכעמען אין סאַמע האַרץ אַרײַן. מער האָט אים פייגעלע ניט באַדאַרפט דערמאָנען וועגן דאָקטער, ער האָט

אליין געפילט, אז ער איז קראַנק, אז אים איז ניט גוט, אז די קויכעס גייען אויס. עס ווילט זיך אפילע ניט לעבן אף אזא וועלט.

בא מענאַכעמס בעט איז אָפּט געזעסן עזרע, פון צײַט צו צײַט פלעגט ער עפּעס זאָגן. דער קראַנקער אָבער האָט מער געשוויגן. ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אז מע געזעגנט זיך פאַר דער לעצטער צעשיידונג. מענאַכעם, וואָס פלעגט אַלעמאָל זיך אָנשטויסן, אז עזרע קלײַבט זיך אים זאָגן עפּעס וויכטיקס, איז איצט צו אַלץ געווען גלײַכגילטיק און ניט באַנומען, אז עזרע וויל אים דערציילן וועגן זײַן אייגענער צאָרע. מענאַכעמען קאָן מען שוין סײַווי גאָרניט דערציילן, ער איז מער דאָרט, ווי דאָ.

אזוי טאַקע האָט עזרע ניט באַוויזן צו דערציילן זײַן פּרײַנט, אז א וואָכן פינף נאָכן שטרײַק האָבן די באַלעבאַטים זיך אַרומגעזען, אז ער איז אין דער קאָנטאָר איבעריק, און אים אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

עזרע האָט נאָך אליין ניט געוווּסט, ווי שווער זײַן לאַגע איז. א מענטש, וואָס ביז איצט האָט מען אים אין שטאָט ווינציק געקענט, איז מיטאַמאָל באַוווּסט געוואָרן: ער איז דער איינציקער אין דער קאָנטאָר פון דער פאַבריק, וועלכער האָט געשטרײַקט.

— און הערט אן אײַנפאַל, ניט פאַר זיך האָט ער געשטרײַקט, פאַר אַנ־דערע, פאַר די אַרבעטער.

— און עפּשער איז ער אויך פון יענע לײַט? פּרומקינס א טאַלמיד.

דער פּעטער מאַנעס איז געקומען און האָט עזרען מיט גרויס פאַרדראָס געזאָגט:

— ווער וועט דיך נעמען אף אַרבעט? קיינער ניט! איך הער דאָך, וואָס מענטשן זאָגן. צום באַוווּנדערן נאָר: א גוטע קאַלע אַרויסגעלאָזט פון די הענט, א גוטע שטעלע נאַריש פאַרלאָרן...

## 8

ס'איז געקומען דער טאָג, ווען טעווקע האָט זיך באַגעגנט מיט פּרומ־קינס קאַלע. די ערשטע באַגעגעניש, די ערשטע פאַרבינדונג. פאָרגעקומען איז עס אָנהייב פרילינג אין שטאָט־גאָרטן. פרי:ער פאַר אַלץ האָט ער זיך דערוווּסט איר נאָמען — ליזע. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ליזע געווען א קאַלע נאָר אף זעונגען און אף איבערגעבן עסן און קליידער. פאַר טעוו־קען און ליזען איז זייער נאַטירלעך געווען שפּאַצירן צוזאַמען. אין א פרילינג־טאָג קאָן עס בא קיינעם קיין כשאד ניט אַרויסרופן. טאַקע בייסן שפּאַציר צווישן די ערשטע גרינע שפּראָצונגען אין שטאָט־גאָרטן האָט טעווקע זיך דערוווּסט פון ליזען, אז מע האָט עזרען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

— איר האָט פאַרבינדונגען... עפּשער קאָן אײַער מומע אים אײַנאָרדע־נען אף אַרבעט אָדער אײַער שוועסטערקינד ראָזע קאַדיש.

— איך וועל פרעגן.

— פרעגן איז ווינציק. איר דארפט בעטן. ער איז א נייטיקער מענטש, עזרע.

— גוט. איך וועל עס טאָן.

די באַגעגעניש, וואָס האָט פונדערווייַטן אויסגעזען טעווקען אזוי נעפלדיק, איז אדורך פּאָשעט און אומגעצווונגען. זיי האָבן פריִער גערעדט, וועגן וואָס זיי האָבן געדארפט ריידן. דערנאָך האָט מען געשמועסט וועגן אזוינס, וואָס איז נאָענט צוויי יונגע מענטשן אָנהייב פרילינג.

אהיים איז טעווקע געקומען שפּעט.

שוין עטלעכע טעג, ווי טעווקע זוכט א וועג אָנצוהייבן מיט דער מומע לייע א געשפּרעך וועגן עזרען. טעווקע ווייסט, וויִאזוי לייע האָט באקאנט עזרען מיט ראָזען, אז ראָזע איז איין צייַט געווען ניט גלייַכגילטיק צו עזרען. לויט ראָזעס באקאָשע האָט לייע אים אייַנגעאָרדנט אף ארבעט. איצט זייַנען ביידע, ראָזע און לייע, אף עזרען שטארק אָנגעשטויסן, ער האָט זיי אונטערגעפירט.

ווי זאָל טעווקע אָנהייבן ריידן מיט לייען? זי וועט דאָך גלייַך ענטפערן: ניין! זי וועט אפילע הערן ניט וועלן. ראָזע — געוויס ניט. אָבער אָנהייבן מוז מען דאָך. נאָך לאנג טראכטן אהין און אהער האָט ער איינמאָל זיך אנטשלאָסן.

— מאמע, — האָט ער געזאָגט צו לייען, — איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן.

פונעם וואָרט „מאמע” האָט לייע אופגעשייַנט.

— טעוועלע, וואָס פעלט דיר, וואָס דארפסטו? זאָג, שעם זיך ניט.

— ווּ, מייַנסטו, בין איך געווען מיט עטלעכע טעג צוריק?

— איך פארלאָז זיך אף דיר.

— אין שטאָט־גאָרטן.

— איצט דארף דאָרט זייַן גוט צו שפּאצירן.

— עמעס, גוט. בין איך טאקע ניט אליין געווען דאָרט.

— מיט וועמען זשע?

— מיט פרומקינס קאלע.

— דו שפּאסט?!

— ניין, איך שפּאס ניט.

— טעוועלע, קינד מייַנס, פארוואָס ווילסטו מיר פארשאפן אנגסטן, איך זאָל זיך קיין אָרט ניט קאָנען געפינען, — לייע האָט געקוקט אף טעווקען מיט דערשראָקענע אויגן.

— אומזיסט שרעקסטו זיך, איך וועל דען עפּעס טאָן אָן דייַן ווילן און אָן דייַן וויסן? איך וויל דיר עפּעס דערציילן. עזרע מאזאָווערן קענסטו דאָך.

— אוודאי.

— ער איז איצט אָן ארבעט.

— כ'ווייס. מע האָט אים אנטזאגט און ריכטיק געטאָן. מע טוט א מענטשן א טויווע, צאָלט ער מיט שלעכטס.

— מומע, רעד ניט אזוי. ער האָט דען געמיינט שלעכטס?

— קינד מײַנס, איך װעל דאָך פאַר די שרעשעוסקיס די אויגן ניט קאָנען װײַזן. איך האָב אים רעקאָמענדירט.

— עס קאָן זײַן, אז זיי געדענקען שוין אפילע ניט װעגן דעם. אף א מענטשן איז דאָך אָבער א ראכמאָנעס. דו שטעל זיך פאָר, מאמע, ער האָט זיך געקליבן כאסענע האָבן, איז ער גאָר געבליבן אָן ברויט, — טעווקע האָט עס געזאָגט מיט הארץ. ער האָט געוואָלט, צו איר זאָל דערגיין די צאָרע, וואָס האָט געטראָפן א מענטשן. צו לייען איז אָבער פריִער פאַר אלץ דערגאנגען דאָס וואָרט: „מאמע״. זי האָט געפילט, אז טעווקע האָט עס געזאָגט אופריכטיק, טאקע ווי א קינד צו א מאמען.

— בארויִק זיך, טעוועלע, מירן געפינען אָן אייצע. ער האָט כאסענע? ווער זשע איז די קאלע?

— ראָזע קען זי — מאשע פון אונדזער הויף.

— איך קען זי אויך. א שיין מיידל.

— מומע, טו עפּעס פאַר זיי. ארבעט... א שטעלע...

לייע האָט מיט ווייטעק אים אָנגעקוקט.

— קינד מײַנס, האָסט מיך אופגעהויבן ביז צום הימל און אראָפּגעלאָזט אין אָפּגרונט. האָסט פריִער געזאָגט „מאמע״ און איצט — „מומע״. פארוואָס שטראָפסטו מיך?

— מאמע, איך האָב ניט געטראכט וועגן דעם. איך האָב דיך ליב. ביסט א גוטע.

— אוואדע, קינד מײַנס, אוואדע! — און ערשט נאָכדעם האָט זי זיך דערמאָנט: — האָסט אָנגעהויבן וועגן פרומקינס קאלע...

— דאָס האָט עזרע זי געבעטן זיך באגעגענען מיט מיר...

— אזוי?.. גוט, בין איך רויִק.

שפּעטער האָט די מומע לייע זיך באטראכט, אז בעסער פאַר אלץ וועט זײַן, ווען זי צוזאמען מיט טעווקען וועלן ארײַנגיין צו ראָזען. זי קאָן העלפן.

9

ווידער איז רויִק אין שטאָט. יעדערער איז פארנומען מיט זיך אליין. ראָזע איז פארנומען מיט די קינדער, מיטן מאן. זי נעמט באומרויִקן, וואָס זי ווערט צופיל דיק, זי וויל ניט לײַדן, וואָס זי פארלירט די פיגור. זי באומרויִקט זיך אויך, וואָס איר פאָטער, בער פעדער, ווערט עלטער און שוואַכער. אים איז געוואָרן שווער צו פירן די געשעפטן. און די מאמע סאָרע קרעכצט אָפט און קלאָגט זיך, אז די ביינער ברעכן, אלץ טוט וויי. ראָזע האָט ניט ליב, אז מע אויקעט און מע קרעכצט. זי וויל זען א צופרידענעם טאטן, א צופרידענע מאמע. ראָזע וויל ניט אָדער קאָן ניט פארשטיין, אז ניט אלע זײַנען אזוי יונג, ווי זי, און ניט אלעמען קאָן זײַן אזוי גוט, ווי איר. טאקע דערפאר איז איר געווען צום הארצן, ווען לייע מיט טעווקען זײַנען האָפערדיקע אין א גוטער שטימונג געקומען צו איר אין געסט.

— אַט אַזוי האָב איך אײַך ליב, — האָט זי ראָזע באַגעגנט.
ראָזען איז טאַקע בעעמעס אָנגענעם מיט זיי צו ריידן און פּאַרבײַרעדן, זיך פאַנאַנדערפּרעגן, ווי טעווקע גרייט זיך צום עקזאַמען. זי מעג דאָך האָבן פאַרשיידענע שטימונגען. הײַנט איז זי אַזאַ, נעכטן איז זי געווען אַן אַנדערע. לייע מיט טעווקען פילן עס: זיי זײַנען געקומען אין א גוטער שאָ. ראָזע האָט שוין טאַקע פאַרגעסן וועגן אירע טײַנעס צו דער מומען און צו טעווקען. ווער איז מעכויעוו אַלץ פאַרגעדענקען? אין שטאָט איז שטיל, אַרום איז רויִק — איז זי אויך רויִק, אינגאַנצן זיכער מיטן הײַנט און מיטן מאָרגן.
— דו ווייסט, מומע, איך האָב דיר ניט געוואָלט זאָגן, נאָר סײַווי ווײַסטו וועגן דעם זיך דערוויסן... עזרע מאַזאָווער אַרבעט שוין ניט אין קאָנטאָר בא די שערעשעווסקיס... געדענקסט מיסטאַם, אַז דאָס האָב איך דיך אַמאָל געבעטן קריגן פאַר אים א שטעלע...
— אַוודע געדענק איך.
— איצט ווייס איך ניט, צי דאַרף איך כאַראָטע האָבן, צי ניט?
— די באָבע מאַלקע פלעגט זאָגן: כאַראָטע איז ניט סאַכריש.
— דו זאָגסט דאָך אַליין, מומע, אַז די באָבע מאַלקע איז ניט אַלעמאָל געווען גערעכט.
— אין דעם פאַל אָבער — גערעכט.
— איך בין אָף אים שטאַרק באַרויִגעז פאַר דעם. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געשטרײַקט אין קאָנטאָר.
— מיט וואָס איז ער ערגער פון אַנדערע? אַלע האָבן געשטרײַקט.
— אַלע... טויג עס טאַקע ניט. דו זאָלסט אַזוינס זאָגן, מומע...
— איך פאַרשטיי ניט, ראָזע, וואָס האָסטו צו אים א טײַנע: ווײַל ער האָט געשטרײַקט צי ווײַל איר זײַט אַמאָל געווען באַקאַנט?
— אַלץ צוזאַמען.
— ראָזע, — שמייכלט לייע, — אויב אַזוי, דאַרפסטו בעסער זוכן פאַר אים אַרבעט, א שטעלע...
— איך? ניין! איך וויל מער ניט ריזיקירן.
— אייגנטלעך, ראָזע, ריזיקירט האָב איך דאָך, איך האָב רעקאָמענדירט.
— איך פאַרשטיי ניט, מומע, מיט וואָס איז ער דיר אַזוי געפעלן, וואָס דו בעטסט פאַר אים. ער וועט דאָך סײַווי שטרײַקן, פאַרשוואַרצן אונדז נאָכאַמאָל דאָס פּאָנעם. דערמאָן איך זיך וועגן שטרײַק, באַוועגט זיך די ערד אונטער מײַנע פיס. ניין, איך ניט!
— פרעגסט, מיט וואָס איז ער מיר געפעלן? איך האָב געקענט זײַנע עלטערן, שיינע מענטשן געווען... איך האָב אײַך ביידן באַקאַנט... דו ביסט געווען א יונגיטשקע, א גאָלדן קינד. די קאָלאָזשעס, דאָס קליינע קלויס־טערל, דער ווילדער באַרנבוים — מיר שטייט עס אַלץ פאַר די אויגן. איך מיט זײַן מאַמען גייען פּאָרויס, און איר ביידע — פון הינטן... און ביכלאַל, ראָזע, אַלץ איניינעם איז ניטאָ בא קיינעם.
— גענוג, מומע, גענוג. א דאַנק דיר, וואָס דו געדענקסט מײַנע יוגנט־יאָרן. אָבער אַזאַ טאָעס האָבן! דו ווייסט דאָך, מומע, אַז א ביסעלע האָב איך אים ליב געהאַט... ניין!

דער „ניין" איז שוין אָבער גאָר אַן אַנדערער, ווי פריִער: ס'איז שוין א „ניין", וואָס לאָזט זיך בייגן, לאָזט זיך ענדערן. דאָס פילט אליין ראָזע. איצט, ווען אין דער שטאָט איז רויִק און זי קאָן זײַן זיכער מיטן היַינט און מיטן מאָרגן, לאָזט זיך אין איר פילן ניט נאָר די באָבע מאלקע, נאָר אויך דער עלטערזיידע העשל דער סטאָליער מיט זײַן פאָשעטקייט, אָרנט־לעכקײַט און גוטסקײַט. און זי מעג זיך מוידע זײַן, אז היַינט איז איר גאָר ניט פרעמד א מענטש, וואָס קאָן ריזיקירן, וואָס טוט אַנדערש, ווי אַנדערע טוען. און דערצו דער מומעס ווערטער, וואָס דערמאָנען גוטע יאָרן, די קאָלאָזשעס, דאָס קליינע קלויסטערל, דעם ווילדן בארנבוים... נאָך עטלעכע רעגעס שוויַיגן זאָגט זי:

— און, אייגנטלעך, ער וויל א רעקאָמענדאַציע... פארוואָס קומט ער אליין ניט?

מאָסקווע, 1974—1976.

# לאָטע און איר מאַמע

קלײנער
ראָמאן



## 1

לייע איז א קלוגע. לייעס קלוגשאפט נעמט זיך פון דעם, וואָס איר מאמע, פאניע, האָט א סאך יאָרן געהאט א שווער לעבן. ווי אלע מאמעס, האָט פאניע געמיינט, אז דאָס קינד זעט גאָרניט, פארשטייט גאָרניט, באַנעמט גאָרניט. און ווי אלע קינדער, האָט לייע אלץ געזען, פארשטאנען, באנומען.

פאניע איז געווען א שיינע. איר שיינקייט איז באשטאנען אין דער פרישער פרויִשקייט פונעם אויסגעפורעמטן קערפּער, וואָס האָט צוגעצויגן א מאנצבלש אויג. פון איר האָט ארויסגעדעמפט א ווארעמקייט, וואָס האָט געזאָגט וועגן נאָכגיביקייט און לייַדנשאפט. זי איז געווען ניט קיין הויכע, אָבער די פארקעמטע אף ארוף האָר האָבן זי געמאכט העכער, און איר פילבאר נעזל האָט אָפט געשמייכלט: מיר זייַנען גוטע...

אין די לעצטע קלאסן האָט זי געפירט א ליבע מיט א שול־כאַווער. דאָס ייִנגל, מאָטל כאזאן, האָט פארגעטערט פאניען. ווי די אמאָליקע ריטער, איז ער גרייט געווען קושן די זוים פון איר קלייד. באם ענדיקן די שול האָט ער זיך דערלויבט א קוש צו טאָן אירע פינגער. און דערנאָך, פארן גייַן אין דער רויטער ארמיי, האָבן זיי אָפּגערעדט: כאָסן־קאלע, ער קומט צוריק — האָבן זיי כאסענע.

און אָט... ווען דער כאָסן איז געווען אין ארמיי, האָבן זיך באָכערימלעך אף איר פארקוקט, געזאָגט קאָמפּלימענטן, זי געפירט אין קינאָ. זיי זייַנען געווען דרייסטער פון איר געליבטן. וואָס ווייַטער, האָט זי אלץ זעל־

טענער געגומען ענטפערן אף די בריוו פון איר כאַסן. ביז אין א צײַט ארום איז פון מאַטלען אָנגעקומען א ווײַ־געשריי: זאָל זי וויסן, אז צוליב איר שווײַגן וועט ער זיך דאָס לעבן נעמען. אף אזא בריוו וואָלט איר גוטהאַר־ציקײַט געוויס געענטפערט. איז שוין אָבער געווען שפעט. אינגיכן האָט זי געהאט א מיידעלע, א קינד אָן א טאטן. א נאָמען האָט מען עס געגעבן נאָך דער באָבען — לייע. און די פאמיליע — דער מאמעס.

2

ווער איז איר טאטע?

אָט די פראגע האָט לייע סייכל ניט צו פארגעבן. זי איז געבאָרן גע־וואָרן א קלוגע. און דערצו איז זי פון די ערשטע קינדער־יאָרן אָן געווען קימאט זיכער, אז ניט קיין טאטעס זײַנען פאראן, נאָר פעטערס. דער ער־שטער איז געווען דער פעטער גרישע.

געשאדכנט האָט זיך צו פאניען אן אנדערער, א מענטש מיטן נאָמען מײַרעם. א סאָלידער און א שטילער, א צעך־מײַסטער אין דער שוך־פאב־ריק. ער האָט צוגעזאָגט: ער וועט זײַן צו לייען א גוטער טאטע. און זי, פאניע, זאָל אים זײַן א געטרײַע פרוי און א מאמע צו זייערע קינדער.

נאָכן געבוירן לייען האָט פאניע אויסגעזען נאָך שענער, ווי פריִער. דערצו איז זי א גוטע און א פריילעכע. זי זינגט שיין און קאָן נאָכמאכן, ווי א קאַץ מיאוקעט, ווי א הונט בילט, א כאַזער כריוקעט. אין א געזעל־שאפט טיילט זי זיך אויס, און איר פילבאר נעזל שמייכלט: מיר זײַנען גוטע... זי האָט פארשטאנען, אז זי געפעלט מאַנצבלען. זי האָט אָבער דערבײַ גוט באנומען, אז זי געפעלט זיי אף א ווײַל. און אָט דער מײַרעם איז א מענטש אן ערנסטער און א ווילער. ער נעמט זי מיט א קינד. לייע דארף א טאטן, זי — א מאַן. מײַרעם געפעלט איר. ער איז ניט קיין לײַכט־זיניקער, ווי אלע אנדערע, וואָס דרייען זיך ארום איר. א באשערטע זאך! איינס נאָר האָט זי א ביסל באומרויִקט: ער איז ניט אזא, ווי אנדערע. ער זוכט ניט איר לײַב, ער ווארעמט זיך ניט אָן איר. צי איז ער א מאַנצבל? זי האָט אים געזאָגט מיט א קלוג שמייכעלע: כאַסענע האָבן איז אן ערנסטע זאך, וויל זי זיך באטראכטן.

— ווי בא כאַריקן:

גיט מיר א וואָך אף באטראכטן די זאך.

מײַרעמען איז עס געפעלן געוואָרן. דערבײַ איז ער געווען זיכער, אז אין ־ אירע פריילעכע ווערטער ליגט שוין א גוטער ענטפער פאר אים.

אָט דעמלט האָט דער באָכער גרישע, דער קומענדיקער פעטער גרישע, זיך ארומגעזען, אז פאניע איז א שיינע, זי געפעלט אים. ער האָט איר גאַרניט צוגעזאָגט, נאָר געזאָגט קאָמפלימענטן, געפירט אין קינאָ און טעא־טער, מעכאבעד געווען מיט געשמאקע זאכן... און דעם לעצטן טאָג, ווען פאניע האָט געדארפט געבן מײַרעמען דעם ענטפער, איז גרישע געוואָרן א פעטער.

3

— פּעטער גרישע.

לייע זאָגט עס ארויס מיט גרויס ליבשאפט. ער פאַרדינט אזא ליבשאפט. ער איז א גוטער, א פריילעכער, ברענגט שאָקאָלאדקעס און ליאלקעס. ווען ער קומט, ווערט די מאמע אופגעלעבט. זי איז אויסגעפּוצט, זינגט. דערנאָך איז דער פעטער אינגאנצן אריבער צו זיי וווינען. און אף וויפל לייע געדענקט, זײַנען עס געווען אירע ערשטע און בעסטע יאָרן. דער פעטער גרישע האָט זי געטראָגן אף די הענט. ער פלעגט אויך די מאמע נעמען אף די הענט און מיט איר טאנצן. אין יענער צײַט האָט לייע געהערט, ווי די מאמע האָט עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט „זאגס״. דער פעטער האָט געענטפערט: „יאָ, יאָ... געוויס״...

נאָר אָט איז געשען... אין איינעם א טאָג, ווען די מאמע איז געווען אף דער ארבעט, איז דער פעטער גרישע געקומען אהיים, איבערגעלייגט אלע זאכן אין אלמער און מיטגענומען מיט זיך זײַן מאנטל, זײַן אָנצוג און זײַנע נײַע שיך. ווען די מאמע איז געקומען און דערזען, וואָס אזוינס איז געשען, איז איר געוואָרן שלעכט ביז צום כאלעשן. די מאמע האָט באלד אלץ פארשטאנען. לייע האָט גאָרניט פארשטאנען. די מאמע, וואָס איז אזא גוטע, איז געוואָרן שטארק בייז, ניט געלאָזט לייען פרעגן און ריידן. זי האָט זי א שמיץ געטאָן אין ווינקל: „שטיי און שווײַג!״ און אליין האָט זיך די מאמע פאנאנדערגעוויינט. זי איז געלעגן אן אָנגעטאָנענע אפן בעט, געוויינט, געשלוקערצט, עס האָט זי געטרייסלט. לייע איז געשטאנען אין ווינקל און אויך געוויינט.

אף מאָרגן האָט לייע געפרעגט:

— מאמע, ווו איז דער פעטער גרישע?

— געשטאָרבן!

איצט האָט לייע פארשטאנען, פארוואָס די מאמע וויינט. ווען דער שאָכן איז געשטאָרבן, האָט מען אויך געוויינט. לייען פארדריסט עס זייער, עס קלעמט באַם הארצן. אזא גוטער געווען דער פעטער גרישע. געטראָגן זי אף די הענט, מיט דער מאמען געטאנצט. איז ער גאָר געשטאָרבן... ווו איז ער איצט? לייע ווייסט שוין, אז מע שטארבט, קומט מען מער ניט צוריק אהיים. מיטן שאָכן איז אזוי געווען. זי וויינט שטיל.

די ערשטע טעג האָט די מאמע זיך געבראָכן די פינגער, געביסן די ליפּן. ניט געוואָלט עסן, ניט געוואָלט שלאָפן. אָן אָנגעטאָנענע איז זי אָפט געלעגן אפן בעט, געטראכט, גערעדט מיט זיך אליין.

פאניע האָט געהאַט וועגן וואָס צו טראכטן און וועגן וואָס צו טײַנען. זי האָט א ביטער מאזל. זי געפעלט אף שפּילן זיך און ניט אף כאסענע האָבן. פריִער (אפילע מיט לייען) איז זי געווען א יונג מיידל, א קינד נאָך, ס׳איז געווען פריילעך און לוסטיק. זי ווייסט דאָך אפילע ניט געצוי, ווער איז לייעס טאטע. אצינד האָט זי גוט פארשטאנען, וואָס אזוינס איז פאַרגעקומען, און זי האָט זיך געזאָגט: ניין און ניין! אזוינס וועט זיך מער ניט איבערכאַזערן. די פריילעכע באָכערים האָבן זייערס אין זינען. מער וועט זי קיין גוטע ניט זײַן. אָבער מײַרעם... זי האָט געקאָנט לעבן רויִק

און שיין, ווי בא לײַטן. א ביטער מאזל בא איר, זי געפעלט אף א ווײַל. און די צאָרע איז נאָך אין דעם, וואָס זי אליין לאָזט זיך „געפעלן ווערן". זי פארשטייט עס, זי לעבט עס איבער. איצט וועט איר נאָמען ליגן אף אלע צינגער, מע וועט זידלען און אָפּלאכן.

דערנאָך אָבער האָט זי אופגעהערט וויינען און זיך גענומען אָפּט קוקן אין שפּיגל. זי האָט מוירע, צי ווערט זי ניט דאר און מיִעס, צי וועט זי ניט אויסזען אלט... זי האָט ווידער אף זיך גענומען אכטונג געבן, עסן צו דער צײַט, רוען צו דער צײַט און זיך שיין אָנטאָן. דער נאָמען „גרישע" איז מער ניט דערמאָנט געוואָרן. לייען האָט עס געוווּנדערט, אָבער גע־פרעגט האָט זי גאָרניט. זי האָט שוין גענומען פארשטיין, אז בא א מאמען דארף מען וואָס ווינציקער פרעגן.

4

א פריילעכער און שיינער הארבסט־טאָג מיט זון און פרוכטן. ס'איז אן עפּל־יאָר, און די סעדער שטייען מיט אָנגעפּיקעוועטע עפּלביימער. די צווײַגן אזש ברעכן זיך פון די פרוכטן. די מערק זײַנען פול מיט קאווע־נעס און דיניעס, מיט פלוימען און בארן. ס'איז פריילעך. לייע מיט נאָך מיידעלעך שפּילן זיך אף דער גאס אונטערן צעוואקסענעם קליאָן. אינ־מיטן דער שפּיל דערזעט זי, ווי דער פעטער גרישע גייט. ער גייט אין זײַן שיינעם אָנצוג, אין די נײַע שיך, און פירט א פרוי אונטער דער האנט. לייע האָט געוואָלט אויסשרײַען: „פעטער גרישע, דו לעבסט?". די ווערטער זײַנען איר געבליבן שטעקן אין האלדז. ער איז געשטאָרבן און לעבט! און איידער זי קומט נאָך צו־זיך, לויפט זי אָנזאָגן דער מאמען:

— דער פעטער גרישע לעבט!

בא דער מאמען האָט אלץ גענומען פאלן פון די הענט. זי האָט אָנגע־קוקט לייען און א וואָרט ניט געקאָנט ארויסריידן. טרערן האָבן זיך בא איר אין די אויגן באוויזן.

— מאמע, וויין ניט, ער לעבט!

— מעשוגע...

— ניין, מאמע, ס'איז אן עמעס. גיב א קוק אין פענצטער. ער גייט מיט...

— שווײַגן! — האָט די מאמע אויסגעשריִען. זי וויל אין זײַן זײַט ניט קוקן. און אזוי וואָלט זי טאקע געטאָן, ווען אין לייעס בסורע וואָלט ניט געווען: „ער גייט מיט..." מיט וועמען? דאָס וויל זי וויסן. זי גיט א קוק אין פענצטער. ער גייט מיט זײַן יונגער פרוי. בא פאניען אין די אויגן איז אין אלץ די יונגע פרוי שולדיק. וואָס האָט ער אין איר דערזען? ניט קיין הינטן, ניט קיין פאָרנט. און זי גיט א געשריי דורכן אָפענעם פענצטער:

— מײַן מאזל זאָל זי האָבן!

אין לייעס פּיריאָריקן קאָפּ ווערט ענג. שווער אלץ צו באנעמען. דער פעטער איז געשטאָרבן, און דער פעטער לעבט. און די מאמע איז גאָר ניט צופרידן, וואָס ער לעבט. זי שילט זיך. שכיינים אָבער שעמען זיך ניט פאר

לייען, זיי זאָגן אונטער. און בא איר אין געדאַנק לייגט זיך אויס, אַז די מאַמע איז אומצופרידן דערפון, וואָס גרישע איז איצט אַ פּעטער אין אַן אַנדער שטוב.

לייע האָט אויף דער מאַמען ראַכמאָנעס.

## 5

גלײַך נאָך דער אַרבעט אײַלט פאַניע אַהיים. זי גייט אין ערגעץ ניט, זעט קיינעם ניט, וויל מיט קיינעם ניט ריידן. זי איז צופרידן, וואָס דאָס גייט זיך איר אײַן. זי טוט זיך אָן באַשיידן, נאָר מיט געשמאַק. עס שרעקט זי, ווען עמעצער קוקט אויף איר מיט אָפענע אויגן. נאָכדעם, ווי גרישע האָט זיך אַלע טאָג געשוואָרן אין ליבע, צוגעזאָגט גיין אין זאַגס און איז אַזוי מיעס אַנטלאָפן, טרויט זי קיינעם ניט, קיינעם ניט! באַקומט זיך לויטן ווערטל: מע בריט זיך אָפּ אויף הייסן, בלאָזט מען אויף קאַלטן. עס איז אָבער פאַראַן ערגערס: זי טרויט זיך אַליין ניט.

פאַניע איז יונג. דאָס בלוט אין איר יוירט, דאָס לײַב איז פּילבאַר. זי וויל נאָך אַ לעב טאָן. עמעס, אָפּטמאָל טראַכט זי, אַז זי וואָלט שוין אויף אַלץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אָבער דאָס לעבן פרעגט בא איר ניט. דאָס לעבן אין איר וויל האַנאָע, זי וויל געפעלן, וויל קאָמפּלימענטן, וויל זײַן שענער פון אַנדערע. און האָט פאַר דעם מוירע. זי איז שוין אַ ביסל אויף זיך אַליין אַ מייוון. זי לעשט דאָס פײַער פון אויבן, און עס ברענט פון אינווייניק.

מיט לייען שפּילט זי אין „מאַמע־טאָכטער". די מאַמע איז לייע, די טאָכטער — די מאַמע. לייע וויגט זי אײַן, גלעט זי, קושט זי. פאַניע זיצט מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט האַנאָע.

— ווייסט, מאַמע, אויף דיר האָט זיך נאָכגעפרעגט אַ מענטש.

— אַ מענטש?

— די שכיינים זאָגן, מע רופט אים מײַרעם.

פאַניע האָט אויף דעם גאָרניט געענטפערט, נאָר צו זיך אַליין האָט זי געזאָגט: „ניין, ניין... איך וויל קיינעם ניט זען".

אָבער ווי וועט זײַן, אַז ער וועט טאַקע קומען? וואָס וועט זי טאָן? ער וועט דאָך קומען ריידן אַ שידעך. זי קאָן עס ניט, זי פאַרלײַדט עס ניט.

מײַרעם איז ניט געקומען ניט אויף מאָרגן, ניט אויף איבערמאָרגן. פאַניע איז געווען צופרידן.

## 6

מײַרעם איז אָבער פאָרט געקומען. ער האָט זיך געפילט פּאָשעט, אַפילע היימיש. וועגן קיין זאַך ניט געפרעגט, נאָר אַליין דערציילט:

— בא מיר איז הײַנט אַ יאָמטעוו. מיט צען יאָר צוריק, איך בין אַלט געווען זיבעצן יאָר, בין איך געווען פאַרמישפּעט צום טויט.

אזוי הייבט ער אָן צו דערציילן. און ס׳איז ניט אינגאַנצן קלאָר, צי ער דערציילט עס פאַניען צי לייען. ער קוקט אויף ביידן, נאָר טיילט קיינעם ניט אויס.

אין בירגערקריג, נאָך גאָר א יונגער, נאָר א וווקסיקער, איז מײַרעם געווען א קאָמאַנדיר פון א ראָטע. ער האָט א סאַך געזען און א סאַך איבער־געלעבט. ביכלאַל האָט ער ניט ליב וועגן דעם זיך צו פאַרשפּרייטן. הײַנט מאַכט ער אַן אויסנאַם. ער טוט עס צוליב פאַניען, זי זאָל ניט דאַרפן ריידן, ניט רויטלען זיך, ניט פילן זיך שלעכט. און דעריקער: זי זאָל ניט מיינען, אז ער איז געקומען זיך רייצן מיט איר.

— צוליב אזא טאָג, — זאָגט ער, — האָב איך געבראַכט לייען א מאַ־טאָנע, — און ער לייגט אוועק אויפן טיש א טאָרט. — לייע, בעט דײַן מאַמען מאַכן טיי. דעמלט וועל איך דערציילן, וויאַזוי איך בין געבליבן לעבן.

פאַניע איז צופרידן, וואָס זי דאַרף אַרויסגיין פון צימער און אַרײַנגיין אין קיך. די ערשטע זאַך גיט זי אויף זיך א קוק אין שפּיגעלע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט. ווי זעט זי אויס? זי שטעלט דעם טשײַניק אויפן פּרימוס און וויל וואָס לענגער זיך פאַרהאַלטן אויף דער קיך. זי פילט זיך שולדיק פאַר מײַרעמען. און כאָטש ער באַגייט זיך זייער איידל און מיט טאַקט, פאַרשטייט זי דאָך, אז ער קוקט שוין אויף איר אַנדערש, ווי פריִער. אייביק אָבער פאַרבלײַבן אויף דער קיך קאָן מען דאָך אויך ניט. זי מאַכט זיך האַרץ, פּרעסט צונויף די ליפּן און קומט אַרײַן אין צימער מיטן טשײַניק אין דער האַנט.

לייע זיצט בא מײַרעמען אויף די קני. זיי שפּילן זיך. לייע רופט אים פעטער, ער רופט זי — מײַן קינד.

וויפל פאַניע האָט זיך באַמיט ניט צו שמייכלען, האָט זיך עס איר ניט אײַנגעגעבן. פונעם שמייכל איז איר פּאָנעם געוואָרן ליכטיקער, און זי האָט שוין אויך געמוזט עפּעס זאָגן:

— כאַווײרים... שפּילן זיך...

— מאַמע, דער פעטער מײַרעם האָט מיך ליב.

ערשט איצט האָט פאַניע באַמערקט, אז מײַרעם איז ניט אויסגעפּוצט, טראָגט זײַנע וואָכעדיקע קליידער. עמעס, ער איז ריין אָפּגעראַזירט. ווי אַלעמאָל, איז זײַן אויסזען א שטילער און רויִקער. און נאָר זײַנע ליכטיק־גרויע אויגן, דוכט איר, זײַנען הײַנט מאַנצבלש אומרויִק. אַלע דרײַ האָבן געטרונקען טיי. פאַניע האָט ווידער געשוויגן און אויסגעמיטן צו קוקן אויף מײַרעמען. ער האָט עס גוט באַמערקט, און דעריבער האָט ער נאָכן אָפּ־טרינקען טיי געזאָגט:

— וויאַזוי איך בין געבליבן לעבן, וועל איך דערציילן א צווייט מאָל.

ער איז אוועק. לייע האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר. פאַניע — ניט.

נאָך מײַרעמס ערשטן באַזוך האָט פאַניע פאַרשטאַנען, אז אויב ער וועט קומען נאָכאַמאָל, וועט זי זיך שוין פילן לײַכטער און באַקוועמער. זי האָט אויף אים געוואַרט. און דערבײַ געטראַכט: עפּשער איז עס טאַקע א באַ־שערטע זאַך!

אין א וואָך אַרום איז ער געקומען, לייע איז צו אים גלײַך צוגעלאָפן און געבעטן זי נעמען אױף די קני. ער האָט פאַר איר געבראַכט שאָקאָלאַדקעס.

— און איר וואָס מאַכט, פאַניע? — האָט ער זיך צום ערשטן מאָל געווענדט צו איר דירעקט.

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זיך בא איר אַרויסגעריסן א זיפץ.

— מע דאַרף ניט, מע דאַרף ניט... — מײַרעם האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט. — מײַן באַציִונג צו אײַך איז די זעלבע, ווי פריִער. לאָמיר פאַרגעסן, וואָס ביז הײַנט איז געווען.

פאַניע האָט ווידער א זיפץ געטאָן, אָבער דאָס מאָל שוין מיט א גרינגערן געמיט.

לייע איז געזעסן בא מײַרעמען אױף די קני. פאַניע איז געשטאַנען לעבן אים, ער האָט געהאַלטן איר האַנט. עס האָט אויסגעזען ווי א מישפּאָכעבילד.

— מײַנע ווערטער בין איך געבליבן טרײַ, — נאָך א ביסל שווײַגן האָט ער געפרעגט: — און איר ווי טראַכט?

זי האָט ניט גלײַך געענטפערט. דערנאָך, ווי זי וואָלט זיך גוט מיט זיך אַליין בעראַטן, האָט זי שטיל געזאָגט:

— אויב איר וועט אינגאַנצן פאַרגעסן מײַן נאַרישקײַט, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן...

— פאַרגעסן, אינגאַנצן פאַרגעסן!

— דאַרף מען וואַרטן א ביסל צײַט... איך וועל קומען צו־זיך. איר פאַרשטייט אַליין, אַז מיטאַמאָל...

ער פאַרשטייט עס זייער גוט. ער איז אײַנשטימיק. זי דאַרף אַרויס פון איר פריִערדיקן צושטאַנד, זי דאַרף זיך באַנײַען, קומען צו־זיך...

און דעמלט רעדט מען שוין וועגן פאַרשיידענע זאַכן. אפילע אויך וועגן דעם, וואָס האָט א שײַכעס צו זייער ביידנס צוקונפט.

7

ניט אַלעמאָל איז מײַרעם א רויִקער און שטילער. זײַנע כאַוויירים ווייסן עס. עמעס, ער וועט ניט שרײַען, ניט העכערן די שטים, אָבער דער אויסדרוק פון די ווערטער וועט ווערן האַרטער און שטעכיקער. די אויגן וועלן קוקן אָן דער זײַט, ווי זיי זאָלן וועלן יענעם ניט זען און ניט אָנקוקן. דאָס טרעפט אױף דער אַרבעט, אױף דער שוך־פאַבריק, ווו ער איז א צעך־מײַסטער. ער קאָן ניט פאַרלײַדן, ווען א זאַך גייט אין ניוועץ. זאָל עס זײַן דינע, ווייכע כראָם־לעדער פאַר שיך אָדער שטײַפע, שאָרסטקע שאַגרעןלעדער פאַר שטיוול, גלאַנציק־גלאַטע לאַקיר־לעדער פאַר טופל. מע שנײַדט אַמאָל שלעכט צו לויט דער מאָס, און דערנאָך וואַלגערן זיך אָן א שיר פאַסיקלעך לעדער, וואָס גייען אין ניוועץ. מײַרעם קאָן עס ניט פאַרלײַדן. אים קאָסט עס געזונט. מײַרעמען פאַרדריסט, ווען ער זעט, ווי א פענעצל ברויט וואַלגערט זיך אױף דער ערד, אָדער ווען אױף דער גאַס זײַנען

צעשאָטן טשוועקלעך. און ווען ער דערזעט א צעבראָכענעם בוים, איז ער גרייט צו שרײַען „קאראולו!". ער קאָן ניט באַנעמען, אים לייגט זיך ניט אויס אין גערדאנק, פארוואָס מע מאכט קאליע א לעבעדיקע באַשעפעניש — א בוים. נאָר א גאזלען קאָן עס. דאָס באַגלייט אים נאָך פון דער קינדהייט אָן.

זײַן קינדהייט און יוגנט איז דורכגעגאנגען אין מינסק אױף דער נע־מיגע. ער איז פרי געבליבן אָן א טאטן און איז פרי געוואָרן א לערנײַנגל בא אזרי׳על דעם שוסטער. אזרי׳על איז ניט געווען פון די ערשטראנגיקע באַלמעלאָכעס. מערסטנטייל פלעגט אים אויסקומען מאכן א רובטשיקל, לייגן א לאטקעלע, אָנקלאפן אָפּצאסן אױף מאַנצבל־שיך און קנאפּל אױף פרויען־טופל. עס פלעגט אים אויך אויסקומען צו מאכן א נײַע פּאָר שיך. האָט אָבער צײַטנווײַז געטראָפן, אז די נײַע שיך זײַנען דעם קונד געווען ענג אָדער אין גורעסט אָדער אין טיליק. אזרי׳עלס ווײַב, וואָס האָט גע־ווּסט די שוואכקײַט פון איר מאן, פלעגט אים אָפט דערמאָנען:

— זע, אזרי׳על, דער טיליק און דער גורעסט זאָלן זײַן פרײַ אָפן פוס.

מײַרעם האָט זיך פלײַסיק גענומען צו דער מעלאָכע. און אין דרײַ־פיר יאָר ארום האָט ער זיך אויסגעלערנט מאכן גוטע און שיינע שיך. צווישן אזרי׳עלן מיט זײַן ווײַב איז שוין אפילע געווען א געדאנק צו ריידן מײַ־רעמען א שידעך מיט זייער טאָכטער. און ווי א גוטן און אָרנטלעכן אר־בעטער, און, מעגלעך, ווי א קומענדיקן איידעם, האָט אים די באַלעבאָסטע געהאָדעוועט מיט פולע שיסעלעך לינדזן, בעבלעך און ארבעס.

מײַרעם אליין האָט געהאט איין זאָרג: העלפן דער מאמען, דעם ייִנגערן ברודער און דער שוועסטער. דאָס איז געווען זײַן זאָרג און אויך זײַן איינציקע פרייד אין לעבן.

די רעוואָליוציע איז אויסגעבראָכן.

פון זײַן זיציקער ארבעט, וואָס איז צוגעבונדן צום נידעריקן שוס־טערשן בענקל, האָט אים א צי געטאָן אין דער הייך. ער האָט זיך, ווי א פויגל, ארויסגעריסן פון שטײַג און זיך געלאָזט צום הימל. מײַרעם, זײַן מאמע, זײַן גאנצער שטאם האָבן דערפילט, ווי זיי באפרײַען זיך פון אלע צאָרעס. און ווען מינסק, — ווי כאריק שרײַבט, — האָט „אוועקגעשיקט א צוג מיט הייסע יונגען...", איז צווישן זיי אויך געווען דער שוסטער מײַרעם.

אױף מאָרגן, נאָך מײַרעמס צווייטן באַזוך בא פאניען, האָבן זײַנע כאַ־ווײרים אױף דער שוך־פאבריק באַמערקט, אז ער איז גוט און פריילעך אויפגעלייגט און ער איז גאָר ניט אזוי שטיל און ניט אזוי רויק, ווי אלע־מאָל. צווישן זיך האָט מען גערעדט:

— ער איז ווידער פארליבט אין יענער... ניט אנדערש.

— אין יענער? אין וועלכער יענער?

— אין יענעם ווײַבעלע, וואָס האָט קינדער אָן א מאן...

— אזוי גאָר... ליבע גייט ניט צופוס.

נאָך דער ארבעט האָט אים א נאָענטער כאווער געפרעגט:

— מײַרעם, דיר װעט אינגיכן קומען א מאזלטאָװ?
— יאָ, קומען.

מײַרעם איז טאקע פארליבט, שטארק פארליבט. ער קומט איצט אָפט צו פאניען. און לייע װייסט שוין, אז דער פעטער מײַרעם װעט אינגיכן אריבערגיין צו זיי װוינען. ער האָט געקויפט פארשיידענע מאטאָנעס פאר דער מאמען און פאר דער טאָכטער. פאניע האָט זיך צו אים צוגעװוינט, זי באגעגנט אים מיט א ברייטן שמייכל. זי איז צופרידן. מע איז איר אפילע מעקאנע. אינגיכן װעלן זיי גיין אין זאגס.

נאָך מער פון פאניען מיט מײַרעמען האָבן זיך שטארק צוגעװוינט אײי־נער צום אנדערן מײַרעם און לייע. לייע פאר אים — אן אייגענע, א ליבע טאָכטער. ער פאר איר — א טאטע.

8

װען פאניע זינגט, װייסט לייע, אז די מאמע איז גוט געשטימט, זי איז דעמלט א װוילע, א פריילעכע. און לייען איז דעמלט אויך גוט און פריילעך.

הײַנט איז זונטיק. די מאמע איז שפעטער, װי שטענדיק, געשלאָפן, עפשער ניט אזוי געשלאָפן, װי געלעגן אין בעט און געטראכט. דערנאָך האָט זי זיך לײַכט אָנגעטאָן און גענומען ראמען דעם צימער. אין ראמען לייגט פאניע ארײַן אלע קויכעס, דאָס בלוט זאָל זיך בארוזקן. זי זינגט דערבײַ, די זיסע געדאנקען זאָלן אָפטרעטן. זי פילט זיך, װי א יונגע קאלע ערעװ דער כאסענע. דערנאָך טוט זי זיך איבער און זעצט זיך מיט לייען צום טיש עסן אָנבײַסן.

מע האָט נאָך ניט באװיזן צו ענדיקן עסן, קלאפט מען אין טיר.
— דער פעטער מײַרעם! — שרײַט א צופרידענע לייע.

ארײַנגעקומען איז א שטאלטנער יונגערמאן. ער זאָגט שטיל „גוט־מאָרגן" און נעמט ניט אראָפּ די אויגן פון פאניען. ער קוקט און שװײַגט. פאניע האָט אים ניט אזוי מיטן אויג דערקענט, װי מיטן געפיל. מאָטל כאזאן! איר געװעזענער כאָסן. און כאָטש דאָס איז געװען שטארק אומ־דערװארט, האָט עס פאניע אופגענומען גענוג רוזיק, עמעס, מיט צופרידנ־קײַט, װי בייס מע באגעגנט אן אלטן שול־כאװער.

— זעץ זיך צום טיש, עס מיט אונדז אָנבײַסן.
— איך האָב שוין געגעסן. אָבער מיט דיר, פאניעלע, בין איך גרייט צו עסן נאָכאמאָל, אפילע עק װעלט... דו געדענקסט?

די לעצטע װערטער האָבן צוגענומען איר גאנצע רוזיקײַט. דאָס זײַנען דאָך די זעלבע װערטער, װעלכע ער האָט איר געזאָגט באם געזעגענען זיך פאר זײַן גיין אין דער ארמיי: „איך װעל דיך אופזוכן, פאניעלע, אפילע עק װעלט... און מירן כאסענע האָבן".

ער כאזערט עס איצט איבער אזוי פעסט און דרייסט, װי ער װאָלט געקומען אויספילן זײַן צוזאָג. צי דען? זי האָט זיך דערשראָקן. א שװאַכ־קײַט האָט זי ארומגעכאפּט. זאָל קומען מײַרעם. ער קאָן ראטעװען.

— בארויק זיך, פאניעלע, איך ווייס אלץ. סײַווי האָב איך דיך ליב, שטארק ליב. מיר זײַנען ווידער כאָסן־קאַלע. אונדזער טעכטערל וועל איך זײַן א גוטער טאטע.

ענטפערן האָט זי ניט געקאָנט. זי זאָל נאָר עפענען די ליפּן, וועט זיך ארויסרײַסן א געוויין. סײַווי האָבן זיך באוויזן טרערן אין אירע אויגן. געוואָלט האָט זיך איר אויסשרײַען: „אוי, מײַן ביטער מאזל! שטענדיק שלאָגט מען איבער מײַן וועג". זי האָט געשוויגן און געשלונגען טרערן. מאָטל האָט זי שטײַף ארומגעכאפּט, געטרייסט און געקושט, געטרייסט און געקושט.

— פאניעלע, ביסט מײַנע, מײַנע...

וואָס טוט זיך מיט איר? זי פארשטייט ניט. צי דען טאקע מאָטל? אָדער זי איז פון זינען געווירט... וואָס איז מיט איר? זי ווייסט ניט, זי ווייסט ניט. דער קאָפּ דרייט זיך. זי וויינט און קושט זיך מיט מאָטלען. איר גלייבט זיך ניט, אז דאָס קומט פאָר אינדערעמעסן. די טרערן טריקענען זיך אויס. זי שמייכלט. צי דען, צי דען טאקע מאָטעלע?.. און ביידע נעמען ריידן מיט שיר־השירים־לאָשן, נעמען וואָרקען, ווי טויבן. ביידן ווערט אזוי גוט, אזוי פריילעך, זייער יוגנט־ליבע איז צוריק געקומען.

מײַרעמען האָט עס שטארק פארדראָסן, ער איז געוועזן טיף באליידיקט. ער האָט מיט פאניען אָפּגערעדט כאסענע האָבן. זיי האָבן צוזאמען אײַנגעקויפט פארשיידענע כפּייצים פארן געמיינזאמען צוזאמענלעבן. און אזוי אומדערוווארט ווארפט זי אים דעם געט אין פּאָנעם. איר כאָסן איז געקומען.

איר כאָסן?

און ער, מײַרעם?

ווי שטענדיק, איז ער זונטיק געקומען אין געסט מיט א טאָרט און מיט ליבשאפט צו פאניען און לייען. אין וועג האָט ער געטראכט: „הײַנט וועל איך זיי דערציילן, וויאזוי איך האָב זיך געראטעוועט און בין לעבן געבליבן". ער האָט אָבער גלײַך, ווי נאָר ער איז ארײַן אין צימער, באמערקט, אז פאניע איז הײַנט גאָר אן אנדערע. א יונגע, א צעראשטע, ווי זי האלט אינמיטן זינגען און טאנצן, האָט זי אים פריילעך באגריסט און געזאָגט:

— גוט, וואָס איר זײַט ארײַן, מײַרעם, איך דארף אײַך אָנזאָגן, אז מאָטעלע איז געקומען. מאָרגן גייען מיר אין זאגס. איר פארשטייט דאָך, מײַרעם, איר זײַט א קלוגער, אז צווישן מיר מיט אײַך קאָן שוין גאָרניט זײַן. מײַן כאָסן איז געקומען, מאָטעלע!

מײַרעם האָט גאָר ניט געפּילט, וויאזוי ער איז ארויס צוריק מיטן טאָרט אין דער האנט. אין וועג האָט ער אים פארלאָרן. ער געדענקט ניט, ווען און ווו.

אים פארדריסט, וואָס ער האָט זיך, ווי א יינגל, געלאָזט פירן פון אָט דער פאלשער פאניען. אלע האָבן פון אים געלאכט. ער וויל כאסענע האָבן מיט יענעם ווײַבעלע, וואָס האָט קינדער אָן א מאן... ער האָט זיך צו איר געצויגן. זי איז אים געפעלן. זי האָט אים פארקישעפט. און

איצט האָט זי אים אָפּגענאַרט און אויסגעלאַכט. נאָך מער, פאַניע פילט עס אַפילו ניט, פאַרשטייט עס ניט. זי פאַרשטייט נאָר זיך, נאָר זיך!

ער זוכט אויס אַ טרייסט. עפּשער איז גאָר גוט, וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט. אַ סאָף! מער וויל ער פון איר ניט וויסן. און סײַווי... זי וועט כאַסענע האָבן, וועט ער זיך גיכער באַרויִקן...

דעם גאַנצן טאָג איז ער אַלץ אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון דער שטאָט און געהאַט טײַנעס צו זיך אַליין. און די גאַנצע צײַט איז אים פּאַניע געשטאַנען פאַר די אויגן אַ פריילעכע, אַ יאָמטעוודיקע, וואָס זאָגט אים: „איר זײַט דאָך, מײַרעם, אַ קלוגער, איר פאַרשטייט דאָך"...

„אַ נאַר בין איך, אַ גרויסער נאַר! וואָס האָב איך אין איר דערזען? זי רייצט מיט איר פּרוּוישקײַט. פאַראַן שענערע פון איר, באַשיידענערע. זי איז אַ פאַלשע, אַ צעלאָזענע".

און מיט מײַרעמען האָט היינט פּאַסירט דאָס, וואָס מיט אים טרעפט עס קימאַט ניט: ער האָט זיך אָנגעטרונקען ביז פאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן.

## 9

מאָטל איז געקומען אַהיים און גלײַך דערקלערט זײַנע עלטערן:

— איך האָב כאַסענע!

— כאַסענע? מיט מאַזל!

זײַנע עלטערן טראַכטן שוין אַ לענגערע צײַט וועגן דעם, אַז זייער זון דאַרף כאַסענע האָבן. אָבער די אַנטשלאָסנקײַט און די גרויסע ערנסטקײַט, מיט וועלכער ער האָט עס אָנגעזאָגט, האָט זיי אַ ביסל אויפגערודערט. אַזוי רעדט אַ מענטש, ווען ער טוט עפּעס ניט גאָר קיין גלײַכע זאַך, אַ מענטש, וואָס וויל פאַרשרײַען זײַן קווענקלעניש.

— מאָטעלע, ווער איז די קאַלע? מיר קענען זי? אַ היגע?

— אַ היגע.

— זייער גוט. מיר קענען זי?

— איר קענט זי.

— נאָך בעסער. ווער איז זי?

— מײַן קאַלע.

— ווי רופט מען זי, דײַן קאַלע?

— איר ווייסט דען ניט? פאַניע בלום.

— פאַניע? בלום? ווער איז זי?

— איר געדענקט ניט פאַניען, מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען געלערנט אין שול?

דער טאַטע איז געבליבן אָן ווערטער, ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— דו שפּאַסט...

— דו רייצסט זיך מיט אונדז... — האָט די מאַמע געזאָגט דורך טרערן.

— ניין, איך שפּאס ניט. מאָרגן גייען מיר זיך פאַרשרײַבן.
— מיט וועמען? מיט אָט יענעם ווײַבעלע, וואָס האָט קינדער אָן א מאן? די גאנצע שטאָט רופט זי אזוי. ווי איז מיר! זאָלן עס מײַנע אויגן ניט זען!.. — די מאמע וויינט.
— אין לעבן טרעפט פאַרשיידנס... — פאַרענטפערט מאָטל זײַן קאַלע.
— א קינד איז פאַרשיידנס, פעטער גרישע איז פאַרשיידנס, פעטער מײַרעם איז פאַרשיידנס. איצט וועסטו זײַן דער פאַרשיידנס...
ווײַל דער זון שרײַט און בייזערט זיך, פאַרשטייען די עלטערן, אז ער איז מיט זיך אליין ניט זיכער. זיי זײַנען פון אים ניט אָפּגעטראָטן. צי וואָלט עס געהאָלפן? גיכער, ניין! דעם לעצטן קלאַפּ האָט געגעבן דעם זון זײַנער א כאַווער, וואָס איז געקומען מיט אים זיך זען.
— וואָס? — האָט ער אויסגעשריגן. — ווי קאָנסטו מיט פאַניען כאַסענע האָבן, אז איך האָב זיך מיט איר נאָך ניט געגעט?..
מאָטל איז געבליבן אָן לאָשן.
— געגעט? — האָט ער ארויסגעשטאמלט.
— ווער איז דער טאַטע פון איר קינד? עפּשער בין איך אויך געווען א טאַטע... איך האָב זיך מיט איר נאָך ניט געגעט, ווי קאָנסטו כאַסענע האָבן?!
אַף מאָרגן, אין דעם טאָג, ווען פאַניע האָט געזאָלט גיין מיט מאָטלען אין זאַגס, איז ער פאַרטאָג אָפּגעפאָרן אין געסט צו א מומע קיין כאַרקאָוו.

10

לייע...
מאָטל וועט כאַסענע האָבן און וועט פאַניען פאַרגעסן.
מײַרעם וועט אזוי גיך ניט כאַסענע האָבן און וועט אזוי גיך פאַניען ניט פאַרגעסן.
און זי אליין, פאַניע, וועט זיך אויך געבן אן אייצע.
אָבער לייע? די עמעסע געליטענע איז זי.
ווען דער פעטער מײַרעם האָט גענומען צו זיי אָפּט ארײַנקומען, האָט זיך לייע בארימט פאַר אירע כאַווערטעס, אז אינגיכן וועט בא איר זײַן א פעטער. עמעצער פון די עלטערע, וואָס איז לײַכט אַף דער צונג, האָט געזאָגט:
— מיידעלע טײַערע, זײַ וויסן, אז איין טאַטע איז מער פון א סאך פעטערס.
פאַר די לעצטע טעג האָט עס לייע גוט פאַרשטאַנען. זי זעט דען ניט, וויאזוי עס קומט פאַר בא די שכיינישע קינדער? א טאַטע קומט ניט און גייט ניט אוועק. א טאַטע איז שטענדיק פאַראַן. א פעטער אָבער... לייע קאָן נאָך ניט באַגרײַפן, פאַרוואָס וויל די מאמע פעטערס און ניט קיין טאַטן? בא דער מאמען וועט זי עס ניט פרעגן. די מאמע איז אופגערעגט און בייז. פאַר אזא פראַגע קאָן די מאמע א שלײַדער טאָן אין ווינקל מיט א געשריי: „שטיי און שווײַג!״

די לעצטע טעג איז פאר לייעס אויגן זייער פיל פאָרגעקומען. דער פעטער מײַרעם האָט געזאָגט, ער האָט כאַסענע מיט דער מאַמען. דערנאָך איז געקומען דער פעטער מאָטל, געקושט די מאַמע און געזאָגט, אַז ער האָט כאַסענע מיט איר. דערנאָך איז געקומען דער פעטער מײַרעם, און די מאַמע האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל מער ניט קומען. באַם פעטער מײַרעמס זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. און זי, לייע, האָט אױף אים ראַכמאָנעס געהאַט. ער איז אַ גוטער, ער האָט זי אַזוי ליב. פאַרוואָס איז די מאַמע אַ שלעכטע?

אױף מאָרגן און איבערמאָרגן האָט זיך לייע געפילט ניט גוט. דער קאָפּ האָט ווײי געטאָן. און ס'איז איר געווען זייער אומעטיק.

— וואָס איז מיט דיר, לייענקע? — פרעגט אַ שכיינע. — ביסט אַזאַ שטילע הײַנט און אַ פאַרומערטע...

לייע גיט אַרויס דער מאַמעס פאַניעס אַ זיפץ, ווען פאַניען איז שווער אױפן האַרצן, און זאָגט דערבײַ:

— די מאַמע האָט אַ ביטער מאַזל...

— עמעס, מײַן קינד, — שאָקלט די שכיינע מיטן קאָפּ. דערנאָך גיט זי צו שטיל, ווי פאַר זיך, אַז לייע זאָל ניט הערן. — אַ לײַכטער פאַסאַזשיר...

לייע האָט עס געהערט. זי פאַרשטייט אָבער ניט, וואָס דאָס באַטײַט. פרעגן באַ דער מאַמען? צי וועט זיך די מאַמע ניט בייזערן? אָבער לייע האָט ניט אויסגעהאַלטן. זי מוז וויסן, וואָס זאָגט מען וועגן איר מאַמען.

— דו ביסט אַ לײַכטער פאַסאַזשיר, מאַמע?

— ווער האָט עס געזאָגט?

— די שכיינע.

— מײַן מאַזל זאָל זי האָבן.

11

ניט נאָר די כאַוויירים אױף דער שוך־פאַבריק, נאָר אויך די שכיינים אין דער דירע, וווּ ער ווינט, באַמערקן, אַז מיט מײַרעמען קומט פאָר אַזוינס, פון וואָס ער נעמט זיך שטאַרק צום האַרצן. אױף דער פאַבריק איז ער אָדער צו גוט אָדער צו שלעכט. זײַן שטענדיקע אײַנגעהאַלטנקײַט און אויסגעהאַלטנקײַט איז פון אים אַוועק. ער איז געוואָרן שוין צופיל שווײַגער. אין שטוב זיצט ער באַ זיך אין צימער און באַווײַזט זיך זעלטן פאַר מענטשן. סײַ אַרבעטער אױף דער פאַבריק, סײַ שכיינים פון דער דירע האָבן געוווּסט, אַז מײַרעם האָט זיך געקליבן כאַסענע האָבן. זיי ווייסן שוין אויך, אַז פון דעם איז גאָרניט אַרויס. ער לעבט עס איבער, זעט ביט די וועלט אַרום זיך. זיי פילן אים מיט, אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען זיי צופרידן, וואָס פון דער כאַסענע האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט. וואָס האָט ער אין יענעם ווײַבעלע דערזען? ווי קומט ער צו איר? זי לאַכט זיך דאָך פון אים אויס! די שכיינים וווּנדערט עס נאָך מער דערפאַר, ווײַל באַ זיי אױפן הויף, אױף ראָזע־ליוקסעמבורג־גאַס, ווױנען ווױלע און שיינע מיידלעך.

מײַרעם קאָן זיך אויסקלײַבן א גוטע קאלע. דערבײַ איז באוווּסט, אז ער געפעלט שטארק ראָכעלען. ראָכעלע אימבער, וואָס ארבעט אף דער נײי־פאבריק, איז א שטילע, א שעמעוודיקע. און דאפקע פון איר שעמעוודיקײַט לאָזט זיך זען, ווי ניט גלײַכגילטיק זי איז צו אים. זי ווייסט, אז מײַרעם קומט אמאָל ארײַן צו איטע ראטנער מיט אירע דרײַ שיינע טעכטער. ער קומט אהין ארויסשלאָגן די שלעכטע געדאנקען, לײַכטער מאכן דעם פאר־דראָס. ראָכעלע קומט דעמלט ארײַן צו איטעס טעכטער אין געסט. זי איז גויוועט איר שעמעוודיקײַט. אלע דרײַ מיידלעך, וואָס זײַנען נאָך פון דער שול־באנק באזאָרגט מיט כאסאנים, ווייסן ראָכעלעס סאָד. זיי טוען אלץ, אז מײַרעם זאָל זיך נעענטער באקאנען מיט ראָכעלען. באקומט זיך אָבער גאָרניט. און די דרײַ שוועסטער, ווען זיי בלײַבן אליין, וווּנדערן זיך אויך: „וואָס האָט ער אין יענעם ווײַבעלע דערזען? ווי קומט ער צו איר?"

גיי דערצייל די דרײַ נאַיִווע שיינע מיידלעך, וואָס ער האָט אין פאניען דערזען.

אָט דעם שטילן און רויִקן מײַרעם, וואָס האָט מיט קיין פרויען זיך ניט באגעגנט, געפעלט די פרויִשקײַט פון איר געבענטשטן בוזעם, וואָס צע־שפארט איר בלוזקע. אירע ווילד־רייצנדיקע פיס מיטן שווערלעך־פעסטן טראָט. איר נעזל, וואָס זאָגט: מיר זײַנען גוטע... און ביכלאל... זי געפעלט מײַרעמען אָן קיינע פארוואָסן.

ער האָט ליב קינדער. צו לייען האָט ער זיך צוגעווינט, ווי צו אן אייגענער טאָכטער. ער בענקט שטארק נאָך איר. ער איז שוין געווען א טאטע. און איצט האָט ער פארלאָרן זײַן מיידעלע און איז געוואָרן אויס טאטע. מײַרעם פילט זיך, ווי א טאטע — א יאָסעם, אָן זײַן געליבט קינד, אָן זײַן לייען.

ער האָט געהאט א מישפּאָכע... ריכטיק, ער איז נאָך קיין מאן ניט גע־ווען, ער האָט זיך אָבער שוין געגרייט צו דעם, איז פון דעם גאָרניט גע־וואָרן. ער האָט ניט פאר וועמען צו זאָרגן, וועגן וועמען צו טראכטן. אזוי אים אָפּנארן, אזוי אָפּנארן... און ווער? אָט די פאניע, וואָס איר נעזל טײַ־נעט: מיר זײַנען גוטע...

## 12

די שוך־פאבריק פארגרעסערט זיך, באנײַט זיך. מײַרעמען האָט צו זיך גערופן דער דירעקטאָר.

— איך וויל אײַך, מײַרעם, ניט זאָגן נישט קיין שטראָף־רייד, נישט קיין טרייסט־רייד. מיר זײַנען שוין ביידע דערוואקסענע. אָבער אראָפּלאָזן די הענט, ניט זען די וועלט... דער צעך טאָר דאָך געווויס ניט לײַדן. בא־טראכט זיך, קומט צו־זיך. און, גוואלד־געשרײַען, אזויפיל שיינע מיידלעך ארבעטן אף אונדזער פאבריק, קאָנט איר קיין קאלע ניט געפינען? עפשער זאָל איך אײַך ריידן א שידעך?

מײַרעם האָט לאנגזאם גענומען ארײַנציִען זיך אין געשפּרעך. פון צײַט

צו צײַט האָט זיך גענומען באַווײַזן א שמייכל אף זײַן פּאָנעם. שפּעטער האָט ער אפילע עטלעכע מאָל א לאַך געטאָן. ארויס איז ער פונעם דירעק־טאָר מיט א לײַכטערן געמיט. אף מאָרגן האָט מען עס געפּילט אף דער פאבריק. און אויך די שכיינים האָבן עס באמערקט. ער נעמט פארגעסן אָן יענעם ווײַבעלע, ער נעמט זיך בארויִקן. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פארשטעלן, אז זײַן בארויִקונג זאָל גאָר ברענגען צו דעם, וואָס אין איי־נעם א טאָג, ווען פאניע איז געווען אף דער ארבעט, זאָל ער געפינען א פרײַע שאָ אף קומען אין געסט צו לייען. און ניט ווײַל לייע איז פאניעס טאָכטער, נאָר ווײַל לייע איז אים אן אייגן קינד. ער האָט זיך פארבענקט. מײַרעם איז אף אזויפיל רויִק, אז ער קאָן אָפּטיילן די טאָכטער פון דער מאמען.

לייע האָט אים דערזען, — האָט זי א ציטער געטאָן און געבליבן שטיין, ווי פארגליווערט. זײַן קומען איז פאר איר געווען גוואלדיק אומ־דערווארט. אָבער ניט דערפאר אליין האָט זי אף אים געקוקט מיט אומ־באוועגלעכע און דערשראָקענע אויגן. זי האָט גוט פארגעדענקט, ווי דער פעטער מײַרעם שטייט מיטן טאָרט אין דער האנט און די מאמע זאָגט אים: „מײַן כאָסן איז געקומען, מאָטעלעו!" אלעמאָל, ווען דאָס קומט אוף פאר אירע אויגן, פילט זי א ראכמאָנעס צו אים. די מאמע איז ניט גע־רעכט. דער פעטער מײַרעם איז א גוטער. זי בענקט נאָך אים. און פלוצ־לינג שטייט ער א לעבעדיקער.

— לייעלע, קינד מײַנס...

זי פאלט צו אים צו און וויינט.

— וואָס ווײנסטו?

— איך האָב מוירע, אז די מאמע זאָל עפּעס ווידער ניט זאָגן.

— לייעלע, איך בין דאָך געקומען ניט צו דער מאמען, נאָר צו דיר. איך וויל זען, וואָס דו מאכסט, ווי דו לעבסט. איך האָב דיר געבראכט שאָ־קאָלאדקעס.

— איך האָב מוירע, די מאמע וועט אף מיר שרײַען.

— פארוואָס? זײַ רויִק.

אין א טאָג פיר־פינף ארום איז ער ווידער געקומען. לייע האָט זיך שטארק דערפרייט, איז צו אים צוגעלאָפן, געכאפּט פאר דער האנט.

— פעטער מײַרעם...

שפּעטער האָט ער געפרעגט:

— די מאמע האָט אף דיר געשריִען?

— ניין, זי ווייסט ניט. איך האָב ניט דערציילט.

און מײַרעם האָט ניט געוווּסט: ס'איז גוט צי ניט גוט?..

ער האָט לייען געבראכט א קליינע ליאלקע, וואָס פארמאכט און עפנט די אויגן. לייע איז געווען גליקלעך. די מאמע אירע האָט די ליאלקע ניט באמערקט, און לייע האָט איר גאָרניט געזאָגט. עס האָט זיך באקומען, אז ניט נאָר די מאמע האָט סוידעס פון דער טאָכטער, נאָר אויך די טאָכטער האָט א סאָד פון דער מאמען.

די לעצטע צײַט איז פאניע פארנומען מיט זיך אליין. זאָל זיך לייע

שפּילן, מיט וועלכער ליאַלקע זי וויל, אבי זי זאָל די מאַמע לאָזן צורו. אינדערפרי אײַלט זיך פאַניע צו דער אַרבעט. באַנאַכט, ווען זי קומט, שלאָפט שוין אָפּט לייע.

און וועגן מײַרעמען האָט פאַניע פאַרגעסן. זי קאָן זיך לײַכט צוגע־ווינען און לײַכט אָפּגעווינען.

13

מײַרעם האָט אָפּטער געגומען אַרײַנקומען צו די ראַטנערס. ראָכעלע קומט אויך אַהין. איטע, וואָס האָט שוין, קאָן מען זאָגן, אירע מיידלעך באַזאָרגט (אַלע דרײַ מיט כאַסאַנים), וויל זייער, אַז ראָכעלע זאָל געפעלן ווערן מײַרעמען. זי וויל עס פון גוטסקײַט. ראָכעלע איז אַ באַשיידענע, אַ בענימעסדיקע. זי האָט אָבער פּאָשעט מוירע פאַר אַ באָכער. זאָל אַ באָכער זי אָנעמען פאַר דער האַנט, וואָלט זי פאַרברענט געוואָרן פון בושע. זי קאָן עס ניט דערלויבן. דער איינציקער, פאַר וועמען זי וואָלט געמאַכט אַן אויסנאַם, איז מײַרעם. איר ליבע צו אים איז שטאַרקער פון אַלץ. איז ער גאָר גלײַכגילטיק.

איטע פאַרשטייט ראָכעלען. אַ ביסל דערמאָנט עס איר אָן איר אייגע־נער מיידלשקײַט אין דער שטוב פון פרומע עלטערן. אַמאָל דוכט איר, אַז מײַרעם האָט די לעצטע צײַט גענומען ראָכעלען מער באַמערקן. ער רעדט מיט איר. זאָגט ער איר עפּעס, צינדט זיך איר פּאָנעם אָן, ווערט פאַרגאָסן מיט רויטקײַט. ווען איטעס מיידלעך גייען אין קינאָ, רופן זיי מיט זיך מײַרעמען און ראָכעלען. אָבער מײַרעם האַלט זיך מיט איר פון־דערווײַטן, ניט אָנצורירן, ניט אַרויסצוווײַזן קיין נאָענטקײַט, וואָס קאָן ווערן פאַלש אויסגעטײַטשט. און ווען עס טרעפט, אַז גייענדיק פון קינאָ אַהיים, ווערן די מיידלעך פלוצלינג נעלעם און לאָזן זיי זאַלבעצווייט, גייען זיי ביידע, ווי שטומע, און קוקן אין באַזונדערע זײַטן. אַן אָפּקור־מענעש!

איטע זאָגט אַמאָל איידל און האַרציק:

— מײַרעם, וויפל איז דער שיר צו זײַן אַ באָכער? מײַרעם, קוקט זיך אַרום און זעט, ווער עס קוקט אויף אײַך מיט אָפענע פאַרליבטע אויגן. מײַרעם, אַ לעבן גייט אַוועק — כאַפּט מען ניט צוריק. דורכגעלאָזטע יאָרן האָבן טײַנעס, מאָנען... עס ווערט אָבער שווער צו סילעקן.

ער ענטפערט ניט. ער שווײַגט. מײַרעם פאַרשטייט, וועמען איטע מיינט „קוקט מיט אָפענע פאַרליבטע אויגן”. ער פאַרשטייט אויך, אַז די יאָרן גייען. אָבער פונקט, ווי פאַניע מיטן פילבאָרן נעזל, וואָס טײַנעט: „מיר זײַנען גוטע”, קען זיך גיך צוגעווינען און גיך אָפּגעווינען, אַזוי איז בא מײַרעמען פאַרקערט: שווער זיך צוגעווינען און נאָך שווערער זיך אָפּגעווינען.

פאַניע ציט אים ניט אַזוי, ווי פריִער. ער שטויסט זי פון זיך אַרויס. אין דעם העלפט אים איר גליקלעכער אויסזען יענעם טאָג, ווען זי האָט

אים געבעטן מער ניט קומען, ווײַל זי האָט כאַסענע מיט מאָטלען. דער פּאַרדראָס העלפֿט אים צו ווערן גלײַכגילטיק.

אָבער לייע... זי האָט אים ליב. זי ציט זיך צו אים, ווי א קינד צו א טאַטן. אָפּגעווױנען זיך פֿון איר איז אים שווער. ער קאָן ניט. ער וויל ניט. ס'איז זינד. די ליבע פֿון א טאַטן איז בא אים איצט שטאַרקער, ווי די ליבע פֿון א מאַן. און ווען איטע פֿרעגט אים, וויפֿל איז דער שיר צו זײַן א באָכער, ענטפֿערט ער ניט, נאָר פֿאַר זיך טראַכט ער: וואָלט ראָכעלע געווען לייעס מאַמע, האָט ער מיט איר טייקעף כאַסענע.

## 14

מײַרעם קומט צו לייען. דאָס בלײַבט א סאָד פֿאַר זיי ביידן. די מאַמע שטויסט זיך וועגן דעם ניט אָן. פֿאַניע פֿירט איצט א לעבן פֿון פֿאַרענט־פֿערן זיך פֿאַר זיך אַליין: זי האָט א ביטער מאַזל.

הײַנט איז זונטיק, קאָן זי לענגער ליגן אין בעט. נעכטן איז זי שפּעט אהיים געקומען און אפֿילע לייען ניט געזען. און דערפֿאַר נעמט אין איר אויפֿקומען סײַ דער פּאַרדראָס, וואָס זי זעט אַזוי זעלטן איר טאָכטער, סײַ די דערמאָנונג וועגן נעכטיקן אָוונט, ווען זי איז אַזוי שפּעט אהיים געקומען. דער נעכטן נעמט די אויבערהאַנט. ס'איז פּאַסעט אָנגענעמער. נעכטן איז געווען א קלאָר־האַרבסטיקער אָוונט, א טרוקענער און נאָך אפֿילע א וואַרעמער, אַן אָוונט, ווען די לופֿט איז פֿריש און אין האַרצן פֿון אַן איינזאַמען מענטשן קומט אָן א בענקעניש, עס ציט צו גוטס, צו א גוט וואָרט, צו א גוטן פֿרײַנט. דער נעכטיקער געלבלעטערדיקער פֿאַרנאַכט האָט טאַקע זיך אָנגעהויבן פֿאַר פֿאַניען מיט אומרו און איינזאַמקײַט. פֿאַר־וואָס קומט עס איר? זי וועט כאָטש ארײַנגיין צו א כאַווערטע. בא דער כאַווערטע איז פֿריילעך. מיידלעך און באָכערים זיצן ארום א ליכטיקן טיש אין א געמיטלעכער שטוב. ארײַנקומענדיק אין צימער, פֿאַרגעסט פֿאַניע וועגן אַלץ — וועגן אומעט און איינזאַמקײַט, די פֿריילעכקײַט און ליכטיקײַט נעמט זי ארום, און נאָר איינס פֿאַרבלײַבט: דער פֿאַרלאַנג גוט אויסזען, אויסנעמען, געפֿעלן ווערן, כאָטש אף איין אָוונט זיך ארויסרײַסן פֿון אומעט און איינזאַמקײַט. זי איז דאָך נאָך יונג. און גלײַך, אין דער ערשטער רעגע, באַמערקט זי דעם באָכער מיט די קליינע וואָנצעלעך, דעם באָכער, וואָס באַלד, ווי זי איז ארײַנגעקומען אהער, קוקט ער אף איר בוזעם, וואָס זאָגט צו אַזויפֿיל וואַרעמקײַט, אף איר נעזל, וואָס זאָגט צו אַזויפֿיל גוטסקײַט. ס'איז קיין סאָך צײַט ניט אוועק, איז שוין דער באָכער געזעסן לעבן איר. די כאַווערטע, וואָס ווייסט, אַז פֿאַניע קען פֿריילעך מאַכן מיט זינגען און מיט נאָכמאַכן, בעט פֿאַניען באַווײַזן, וואָס זי קען. פֿאַניע האָט ליב געזעל־שאַפֿט, האָט ליב פֿריילעכקײַט, לאָזט זי זיך לאַנג ניט בעטן. און דער באָכער לעבן איר זיצט שוין ניט רויִק. פֿאַניע פֿאַרשטייט עס. ער נעמט זי פֿאַר דער האַנט און זאָגט קאָמפּלימענטן. זי שמייכלט, ווײַל זי ווייסט שוין קימאַט אַלץ פֿאָרויס. זי לאַכט זיך באַלד פֿאַנאַנדער, ווײַל זי האָט גע־טראָפֿן, וואָס ווײַטער וועט זײַן. ער זעצט זיך אַזוי נאָענט, אַז ער זאָל זיך

ווארעמען אָן איר געבענטשטן בוזעם. זי גיט אים די מעגלעכקייט. שפּע־טער, אַז מע איז ארויס שפּאצירן, טרעט שוין דער באַכער פון איר ניט אָפּ. ער פירט זי אונטער דער האַנט. זיי גייען הין־און־צוריק איבער דער סאָוועטישער גאַס, פון פּוילישן קאָסטיאָל צו דער אײַזנבאַן־בריק בא ליאַכאָווקע, און פון בריק — צום קאָסטיאָל. דערנאָך גייען זיי אַרײַן אין גערטנדל באַם שטאָט־טעאַטער. ביידן געפעלן די געלע בלעטער ארום די ליכטיקע לאַמ־טערנס. אוןביידע געפעלן איינער דעם אנדערן. ביז שפּעט שפּאצירן זיי. ער קושט זי. זי אים — נאָך ניט.

דאָס אַלץ זעט זי איצט, אף מאָרגן, ליגנדיק נאָך אפן געלעגער. זי נעמט זיך פארענטפערן פארן נעכטן. צי טוט זי גוט? א באַקאַנטשאַפט אף א ווײַל. צי דען וויל זי ניט לעבן רויִק און סטאַטעטשנע, ווי אירע כאַווערטעס... מיט א מאַן, מיט קינדער... אָבער אַלעמאָל שטעלט זיך עמעצער אין וועג, שלאָגט איבער. און דערצו באַקומט זיך, ווי אַפּצולאָכעס: די, וואָס קאָנען זײַן גוטע, סטאַטעטשנע מענער, זײַנען אומעטיקע, אָן לעבן. און דאַפּקע די, וואָס ווילן נאָר א שפּאַס טאָן, א שפּיל טאָן, זײַנען פריילעכע, לעבע־דיקע. וואָס איז זי שולדיק? אַזאַ מאַזל בא איר.

לייע קוקט ארויס צו דער מאַמען. די מאַמע שלאָפט ניט. זי טראַכט, זי שמייכלט, זי שעפּטשעט עפּעס. נאָר אומדערוואַרט זעצט זיך די מאַמע אוף און זאָגט:

— א גוטמאָרגן דיר, לייענקע, שוין לאַנג דיך ניט געזען...

בא לייען, הינטער דער ליבע צו דער מאַמען, ליגט א ביסל קאַלטקייט, א שטיקעלע אײַז. פאַרוואָס האָט זי באַליידיקט דעם פּעטער מײַרעם. עס איז אָבער גענוג, אַז די מאַמע זאָל זאָגן „לייענקע, קום צו מיר, מיר האָבן זיך שוין לאַנג ניט דורכגערעדט", ווי דאָס אײַז צעגייט און פון דער קאַלטקייט ווערט א וואַרעמקייט. לייע שפּרינגט אַרײַן צו דער מאַמען אין בעט. לייע האָט זיך לאַנג שוין אַזוי גליקלעך ניט געפילט, ווי בא דער מאַמען. און פאַניע פאַרגעסט איצט ניט נאָר וועגן נעכטן, ניט נאָר וועגן באַכער מיט די קליינע וואָנצעלעך, נאָר וועגן דער גאַנצער וועלט. איין ווירקלעכקייט איז איצט פאַראַן — איר קינד, איר לייע.

און דערנאָך גרייט די מאַמע אָנבײַסן. די מאַמע מיט דער טאָכטער עסן, טרינקען, פרייען זיך און לאַכן.

דערנאָך שפּילט די טאָכטער מיט דער מאַמען אין „מאַמע־טאָכטער". און דאָ ערשט דערזעט פאַניע א נײַע ליאַלקע מיט אויגן, וואָס עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך. פונוואַנען? ווי קומט עס?

— א נײַע ליאַלקע?

לייע איז שוין אַזוי צופרידן פון דער מאַמען, אַז זי פאַרגעסט וועגן איר סאָד.

— דער פּעטער מײַרעם...

— וואָס דער פּעטער מײַרעם?

— וועסט אף מיר ניט שרײַען?

— ניין.

— דער פּעטער מײַרעם האָט מיר געבראַכט די ליאַלקע.

— דער פעטער מײַרעם... — און ס'איז ניט קלאָר, צי זי פרעגט, צי זי וווּנדערט זיך, צי זי דערמאָנט זיך אָן עפּעס.

די שפּיל איז געענדיקט. די מאַמע איז פאַרטראַכט: ווען מע שלאָגט איר ניט איבער דעם וועג, וואָלט מײַרעם געווען איר מאַן. ניטאָ קיין מזל.

## 15

לייע לערנט שוין אין שול, אין ערשטן קלאַס. זי איז אַ הויכינקע, אַ דאַרלעכע, אַלע אינדערפֿרי אײַלט זי אין שול מיטן שילער־פּאָרטפעל אין האַנט. כאָטש פֿון דער היים גייט זי אַרויס פֿרי, האָט זי אַלץ מורא צו פֿאַרשפּעטיקן. זי האָט גרויסע אומרויִקע אויגן, נאָר מיט כוואַרטעס איז זי אַ פֿריילעכע. צײַטנווײַז אָבער, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, ווערט זי שווײַגנדיק און שטיל, אַפֿילע אומעטיק. נאָר דאָס גייט גיך דורך.

אין אָוונט קומט אַמאָל די מאַמע שפּעט אַהיים. דערפֿאַר זײַנען אָף מאָרגן פֿאַר לייען גרייט מאַטאָנעס, וואָס די מאַמע האָט געבראַכט, גע־שמאַקע געבעקסן און פּרוכטן. די מאַמע זאָגט, זי איז געווען אָף אַ כאַ־סענע.

ווי פֿריִער, קומט מײַרעם צו לייען. ער קומט אין זײַנע וואָכעדיקע קליידער, פֿון וועלכע עס שמעקט מיט לעדער, אָפט ניט געגאָלט צו דער צײַט, ווי ער וואָלט פֿון זיך ניט מאַכן קיין ווּעזן. ער קוקט אַרײַן אין לייעס העפֿטן, ער גיט איר צו פֿאַרשטיין, ווען זי פֿרעגט עפּעס, הערט אויס, ווי זי לייענט. מײַרעם איז שטענדיק אַ רויִקער, אַ גוטער. מיט דער מאַמען טרעפֿט גאָר פֿאַרקערט. עס טרעפֿט, אַז זי איז אומצופֿרידן, אַמאָל אַפֿילע בייז. אין אַזאַ שאָ ווערט זי נאָך מער בארויִקעט, ווען לייע פֿרעגט זי עפּעס. זי וואַרפֿט דעם העפֿט. געווען אַפֿילע אַזאַ פֿאַל, ווען זי האָט אַ העפֿט צעריסן.

— דול מיר ניט קיין קאָפּ מיט דײַנע העפֿטן. איך האָב אייגענע צאָרעס!

אין לייעס גרויסע אומרויִקע אויגן באַווײַזן זיך טרערן. מיט אַלע אירע קינדערשע קויכעס האַלט זי זיך אײַן ניט צו וויינען. די מאַמע קאָן עס ניט פֿאַרלײַדן. זי קאָן פֿאַר אַזוינס אַ שלײַדער טאָן אין ווינקל: „שטיי און שווײַג!"

נאָר איינמאָל איז געשען אַזוינס, פֿון וואָס לייע האָט לאַנג־לאַנג גע־וויינט. און אויך די מאַמע האָט געוויינט.

איינמאָל... ס'איז געווען אינמיטן פֿון וואַרעמען און ליכטיקן כוידעש אַפּרעל. שאַבעס איז עס געווען, סאָף אַרבעטס־וואָך. פֿאַרנאַכטלעך, ווען די טונקלקײַט נעמט ווערן געדיכטער, נאָר אין די פֿענצטער זעט מען נאָך ניט קיין שײַן, איז דער פֿעטער מישע אַרײַנגעקומען און געבראַכט מיט זיך ווײַן, צובײַסנס און זיסע זאַכן. די מאַמע איז געווען אומצופֿרידן פֿון זײַן קומען, נאָר אַרויסטרײַבן אַ מענטשן קאָן מען דאָך אויך ניט. זי איז אַ גוטע. אומגעריכט האָט זיך ראַשיק אָן עפֿן געטאָן די טיר, און אין צימער זײַנען אַרײַן פֿינף מענטשן: אַ פֿרוי, אַ מאַנצבל און דרײַ קינדער.

די פרוי האָט פאַרהויבן דעם קאָפּ, פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און געזאָגט אײַנגעהאַלטן שטיל:

— אַט ווו דו ווערסט פאַרפאַלן, אַט צו וועמען דו טראָגסט דײַן פאַר־דינסט, אַט ווו דו פאַרבערענגסט... אַ שיינער מאַן!

דער פעטער מישע האָט זיך אויפגעהויבן, גרייט צו ענטפערן. אָבער דער מאַנצבל (זײַן ווײַבס ברודער) איז צוגעלאָפן און אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— רויִק. ווועסט האָבן צו טאָן מיט מיר! מישע, דײַן פוס זאָל דאָ מער ניט זײַן.

דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען אָן טומל, צו די שכנים זאָל גאָרניט דער־גיין. אָבער ווי נאָר דער פעטער מישע איז אַוועק, האָט די פרוי אויסגע־שריִען:

— קינדער, אַט די, — און אָנגעוויזן אויף דער מאַמען, — האָט געוואָלט צונעמען אײַער טאַטן.

איצט איז געוואָרן אַ געשריי, אַ טומל, אַ געוויין.

אַלע דרײַ אַרײַנגעקומענע קינדער האָבן זיך געוואָרפן צו פאַניען...

פאַניע האָט געוויינט, שטיל, אײַנגעהאַלטן, צו די שכנים זאָל גאָרניט דערגיין. צו די שכנים אָבער איז דערגאַנגען דער געשריי און גוואַלד פון די קינדער. די גאַנצע שטוב איז זיך צונויפגעלאָפן.

די גאַנצע צײַט, וואָס דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, איז לייע געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ טויט־בלאַסע, אָן איבערגעשראָקענע, ניט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסריידן, ניט געקאָנט פון אָרט זיך רירן. זי האָט שטיל געצי־טערט, אין האַלדז האָט געשטיקט. נאָר ווען עס איז געוואָרן רויִקער, די קינדער מיט דער מאַמען זײַנען אַוועק און די שכנים האָבן זי גענומען באַרויִקן, טרייסטן, געלייגט אין בעט, האָט זיך בא איר אַרויסגעריסן אַ פאַר־שטיקט געוויין, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אײַנשטילן און באַרויִקן. צוזאַ־מען מיטן געוויין האָבן זיך געלאָזט הערן איינצלנע ווערטער, וואָס קיינער האָט זיי אָבער ניט פאַרשטאַנען.

אויף מאָרגן איז געקומען צו לויפן מײַרעם.

16

לייע איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. פון צײַט צו צײַט האָט זיך בא איר דער גאָרגל נערוועז באַוועגט מיט אַ שלוקערץ דערבײַ. זי האָט גע־שוויגן, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. ווען מײַרעם איז צוגעגאַנגען צו איר געלעגער, האָט זי אים מיט פאַרמאַכטע אויגן דערקענט. אויף איר גע־זיכט, וואָס איז פון נעכטן ביז הײַנט געוואָרן דאַרער און טונקעלער, האָט אַ שוועב געטאָן אַ שטילער שמייכל. מיט איר קליין הענטל אין זײַן גרוי־סער האַנט איז זי אײַנגעשלאָפן. און מײַרעם האָט געזען, ווי דער שלאָף באַרויִקט זי.

אנטקעגן איז אף איר בעט געלעגן פאניע און געקרעכצט.

פארנאכט איז מײַרעם ווידער געקומען, נאָר ניט אליין — מיט ראָכעלען, וועלכע האָט בא לייען געפונען כיין און צוטרוי. לייע האָט אויסגעהערט עטלעכע פריילעכע מײַסעס, וואָס ראָכעלע האָט דערציילט.

שפעטער איז ראָכעלע צוגעגאנגען אויך צו פאניען און געפרעגט, אין וואָס זי נייטיקט זיך. פאניע האָט געענטפערט: „אין גאָרניט".

מאָנטיק נאָך מיטיק איז צו לייען געקומען די לערערקע פון איר קלאַס. די לערערקע אירע — א יונגע, א כיינעוודיקע, וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געענדיקט דעם מינסקער פעדטעכניקום, — פארמאָגט אין זיך ליבע צו קינדער און דעם פארלאנג צו דערציִען א געזונטן דאָר. זי איז אין דעם עלטער, ווען מע איז אין אלץ פארליבט. די קינדער רופן די יונגע לערערקע „לערערקע דינע". זיי האָבן זי ליב. די לערערקע דינע איז א וווקסיקע, מיט געדיכטע טונקל־בלאָנדע האָר, מיט א קליין מויל און פולע ליפּן. זי רעדט רויִק, שטיל און א ביסל זינגעוודיק. די לערערקע דינע פירט א טאָגבוך. זי פארשרײַבט אין אים אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו איר ארבעט אין שול און צו אירע שילער. דאָס, וואָס זי פארשרײַבט אין טאָגבוך וועגן לייען, איז אלעמאָל זייער פארשיידן.

„א רויִקע. הערט און פארשטייט".

„א פלײַסיקע".

„פארטראכט. הערט ניט. וואָס איז מיט איר הײַנט?"

„לידער פארגעדענקט זי לײַכט. א ניגן פארגעדענקט זי שווערער".

„הײַנט איז זי געזעסן אפן לימעד, ווי א פארוויינטע. געוויינט האָט זי ניט. די אויגן זײַנען טרוקענע. און דאָך... דער אײַנדרוק איז, ווי עפּעס וויינט בא איר אינווייניק. נאָכן לימעד האָב איך זי שטיל געפרעגט:

— לייעלע, וואָס איז מיט דיר?

— גאָרניט, לערערקע דינע.

— דיר טוט עפּעס וויי?

— ניין.

— און די מאמע שרײַט אף דיר ניט?

זי האָט זיך פארטראכט און געענטפערט:

— ניין.

— זיסע זאכן האָסטו ליב?

— יאָ, לערערקע דינע, איך האָב ליב.

— נא דיר א קאָנפעט. נעם.

— א דאנק, לערערקע דינע".

די לערערקע שרײַבט ווײַטער: „איך פארשטיי, אז זי האָט מיר ניט אלץ דערציילט".

און שפעטער איז אין טאָגבוך פארשריבן: „די קינדער האָבן געפרעגט איינער באם אנדערן, ווי מע רופט זייער מאמען, ווי מע רופט זייער טאטן? לייע האָט געענטפערט: „מײַן מאמען רופט מען פאניע, מײַן טאטן — מײַרעם".

און די לערערקע גיט צו: „זי האָט דאָך קיין טאטן ניט".

אין א צווייט אָרט איז פאַרשריבן: „איך האָב געפרעגט בא די שכיינים. א שווערע קינדהייט בא לייען. איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט מײַרעמען. לייע שעמט זיך צו זאָגן, אז זי האָט ניט קיין טאטן. א קינד מוז האָבן א טאטן".

די יונגע לערערקע דינע איז צו לייען געקומען שוין פרילינגדיק אָנגע־טאָן. זי האָט ניט געפרעגט, פאַרוואָס איר שילערן ליגט אין בעט. זי האָט דערציילט לייען, וואָס מע האָט הײַנט געלערנט אין קלאס. און דערנאָך האָט זי געזאָגט, אז דער קלאס גרייט א פרימאָרגן צום ערשטן מײַ.

— וואָס, לייעלע, וואָלסטו געוואָלט דעקלאמירן?

אף דעם האָט לייע געענטפערט:

— לערערקע דינע, איך וויל מער אין שול ניט גיין.

— פאַרוואָס? וואָס רעדסטו!

לייע שווײַגט.

— דיר געפעלט ניט אונדזער שול?

— ניין, עס געפעלט.

— דיר געפעלט ניט אונדזער קלאס?

— ניין! עס געפעלט.

— דיר געפעלט ניט די לערערקע דינע?

לייע האָט א שמייכל געטאָן.

— די לערערקע געפעלט. איך האָב אײַך ליב, לערערקע.

— פאַרוואָס זשע ווילסטו ניט גיין אין שול?

לייע שווײַגט.

— לאָמיר עס אָפּלייגן אף מאָרגן. אף הײַנט וועט זײַן גענוג.

אף מאָרגן איז די לערערקע ווידער געקומען. זי האָט דערציילט, וואָס מע האָט הײַנט געלערנט. זי האָט אויך איבערגעגעבן א גרוס פון דעם גאנצן קלאס. אָבער וועגן דעם, וואָס לייע וויל מער אין שול ניט גיין, איז קיין רייד ניט געווען. די לערערקע האָט נעכטן געשמועסט מיט די שכיי־נים און זי האָט זיך דערוווּסט, וואָס שאבעס אין אָוונט איז פאָרגעקומען. זי האָט זיך אויך געזען מיט מײַרעמען. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז פון די דרײַ קינדער, וואָס זײַנען באפאלן פאניען, לערנען צוויי אין דער שול, ווו לייע לערנט. און איין מיידעלע (איר נאָמען איז ביילקע) לערנט מיט איר צוזאמען אין איין קלאס. אָט פאַרוואָס לייע וויל ניט גיין אין שול.

17

פאַר לייען איז דאָס מיידעלע ביילקע, וואָס לערנט מיט איר אין איין קלאס און וואָס איז באפאלן איר מאמען, — א סוינע. דעריקער האָט לייע מוירע, אז יענע קאָן פאַרן גאנצן קלאס דערציילן, וואָס שאבעס איז פאָר־געקומען. אָבער ביילקע ציטערט אויך, עס שרעקט זי, אז לייע קאָן דער־ציילן, וואָס מיט איר טאטן איז געשען. זי פילט זיך אויך ניט גוט.

פאר מײַרעמען, אָט דעם גוטן מײַרעמען, איז דאָס מיידעלע ביילקע ניט קיין גוט קינד. צוליב איר האָט לייע געליטן.

פאר דער יונגער און שיינער לערערקע אָבער זײַנען ביידע, לייע בלום און ביילקע אדלער, ביידע גוטע קינדער, ביידע אירע שילערנס און ביידע האָבן געליטן ניט צוליב זייער שולד. זי טראכט אריַינגיין צו אירע לערער אין פעדטעכניקום אף א קאָנסולטאציע. פריִער וועט זי אריַינגיין זיך בעראטן צו איטע ראטנער, דער מאמען פון אירע כאווערטעס.

ס'איז פרילינג. עס גייט זיך לײַכט און יונג. באָכערים פארקוקן זיך אף איר. אין וועג טרעפט זי דעם יונגן דיכטער זונדל טולסין. ער גייט איר אנטקעגן מיט זײַן זיכערן פארגלייבטן און נארישן שמייכל. ער באגלייט זי. אָנשטאָט זאָגן קאָמפלימענטן דינען זאָגט ער קאָמפלימענטן זיך אליין: ער רימט זײַנע לידער. פון אים שרײַט ארויס, ווי פון אן אפיש: איך בין שיין און קלוג. אינמיטן וועג שטעלט ער זיך אָפּ, געזעגנט זיך, אף אים ווארט א מיידל.

דינע איז אף אים א מייוון.

אין וועג, שוין ניט ווײַט פון דער ראָזע־ליוקסעמבורג־גאס, באגעגנט זי .א צווייטן באָכער מיטן נאָמען נאָטע שורין, וועלכער ענדיקט הײַנטיקס יאָר דעם פעדטעכניקום. ער איז איידעלער און שעמעוודיקער פון זונדל טולסינען. נאָטע איז אָבער צופיל אויסגערעכנט. ער וויל מיט אלעמען לעבן אין שאָלעם. צו דינען שמייכלט ער מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן. זײַן אויסזען איז האָניק־זיס. ער באגלייט זי עטלעכע טריט און גייט גלײַך צו־ריק. ער האָט מוירע, טאָמער באגעגנט מען זיי צוזאמען, וועט מען אים באריידן.

אויך אף אים איז דינע א מייוון.

די ערשטע פראגע, וואָס איטע ראטנער פארגיט דינען, איז:

— וועסט זיך זעצן צום טיש?

— יאָ. איך וויל טאקע עסן. ווו זײַנען די מיידלעך?

— באלד קומען זיי. וואָס מאכסטו, דינע, וועמען זעסטו?

— אין וועג האָב איך געטראָפן צוויי יונגעלײַט: איינער איז א נאר, דער צווייטער — א נודאָטניק.

— אוי, דינעלע, אף א באָכער דארף מען קוקן מיט פארזשמורעטע אויגן אָדער דורך די פינגער. ניט אלץ דארף מען אף אים זען. זאָלסט, קינד מײַנס, פון מיר ניט לאכן... ס'איז גאָרניט גוט, אז א מיידל איז צו א קלו־גע, זעט, וואָס מע דארף און וואָס מע דארף ניט.

— אן אלטע טעאָריע, מומע איטע.

— פאר דיר מיט דײַנע נײַע טעאָריעס האָב איך א ביסל מוירע. דער טויג ניט, יענער טויג ניט... דערפאר אָבער, אז די ליבע שפרינגט אָן, ווערט מען אינגאנצן בלינד. מע זעט שוין גאָרניט.

— וויבאלד בלינד... איז קיין אוולע ניט. אָבער מיט פארזשמורעטע אויגן... ניין! נאָר ניט וועגן כאסאנים ריידן, מומע איטע, בין איך צו אײַך געקומען. איך וויל זיך מיט אײַך וועגן עפּעס אנדערש בעראטן. איר

האָט געהערט, וואָס עס איז שאבעס אין אָוונט פאָרגעקומען בא פאניע בלום אין שטוב?

— אוואדע. מײַרעם האָט דערציילט. ער נעמט זיך שטארק צום הארצן צוליב לייעלען.

— די זאך איז אָבער קאָמפּליצירטער. סײַ לייע, פאניעס מיידעלע, און סײַ ביילקע, מישעס מיידעלע, לערנען ביידע אין מײַן קלאס...

— אזא צופאל.

— פאר מײַרעמען איז וויכטיק נאָר לייע. ביילקע איז דען קיין קינד ניט? לייע וויל ניט גיין אין שול, האָט מוירע, ביילקע זאָל פארן גאנצן קלאס ניט דערציילן וועגן איר מאמען, און ביילקע האָט מוירע, אז לייע זאָל ניט דערציילן וועגן איר טאטן. וואָס דארף איך טאָן ווי א לערערקע? פון וועמען דארף איך אָנהייבן, פון די קינדער צי פון די עלטערן?

— ווארט אויס, דינע, נעכטן זײַנען בא מיר געווען מײַרעם מיט ראָכע־לען. זיי ווילן כאסענע האָבן. מײַרעם האָט געשטעלט א באדינג: נעמען צו זיך לייעלען.

— נו?

— איך האָב דיר שוין געזאָגט. ליבע איז בלינד. ראָכעלע איז אף אלץ מאסקים. צי וועט פאניע אײַנשטימען?

— מיר דוכט, אז ניין! ווי קאָן עס א מאמע זיך אָפּזאָגן פון א קינד? פארוואָס? צוליב וואָס?

— פארשטייסט, דינעלע, פאניע איז א ביסל א לײַכטער מענטש. שכיי־נים זאָגן: „א לײַכטער פאסאזשיר".

— זאָגן אף יענעם, באריידן א מענטשן איז גרינג. אָבער אינדערעמעסן איז דאָס אלץ גאָר ניט אזוי פּאָשעט און פּראָסט. די ערשטע, מיט וועמען איך וועל דארפן ריידן, וועט זײַן פאניע.

די טיר האָט זיך פריילעך אָן עפן געטאָן, איטעס אלע דרײַ מיידלעך זײַנען צוזאמען אהיים געקומען.

## 18

איטעס אלע דרײַ מיידלעך, איינע ייִנגער פון דער אנדערער אף אָנ־דערהאלבן — צוויי יאָר, זײַנען ענלעך אף דער מאמען. אלע דרײַ מיט טונ־קעלע האָר, גרוי־גרינע אויגן, דינע נעזלעך און פארב אין די באקן. אלע דרײַ קענען באשטיין אף זייערס. אין דעם זײַנען זיי געראָטן אין דער מאמען (דער טאטע איז א שטילער, א נאָכגיביקער). איז עמעצן פון די מיידלעך געפעלן געוואָרן א באָכערל, האָט זי ניט געווארט, ביז דאָס באָ־כערל וועט זי באמערקן, זי האָט זיך אליין געלאָזט באמערקן, אפילע גע־געבן אָנצוהערענישן... ביז דער באָכער נעמט נאָך איר נאָכגיין. די מייד־לעך זײַנען שיינע, און זיי קומט עס אָן ניט שווער.

די ערשטע זאך ברענגט מען אים אהיים צו דער מאמען: וואָס וועט זי זאָגן? און די מאמע פאסקנט אלעמאָל איינס און דאָס זעלבע:

— איז ער דיר געפעלן, איז ער אויך מיר געפעלן.

איצט זײַנען די מיידלעך געקומען פון א קאַמיוג־פאַרזאמלונג. מיט זייער קומען איז אין שטוב געוואָרן פריילעכער און אפילע ליכטיקער.

אויסערלעך זײַנען די שוועסטער זייער ענלעך איינע אף דער אנדערער, אָבער אינערלעך שיידן זיי זיך שטארק אונטער.

די ייִנגערע, די מיזינקע, מיריאם, וויל זײַן ענלעך אף דער מאמען. זי האָט ליב היימישקײַט און געמיטלעכקײַט. ווי די מאמע, וויל זי האָבן ניט ווינציקער פון דרײַ קינדער (עמעס, ניט דאפקע אלע מיידלעך). ווי די מאמע, וויל זי זײַן די באלעבאָסטע אין שטוב, דער מאן זאָל זי ליב האָבן און פאָלגן.

די מיטלסטע, יודעס, וויל אין לעבן מיט עפעס זיך אויסטיילן, אין דער געזעלשאפט ברענגען נוצן מענטשן, דעם לאנד. זי איז גרייט האָרעווען, גרייט אוועקצופאָרן ווײַט, נאָר אירס דערגרייכן. פאר זיך וויל זי ניט קיין מאן, וואָס זאָל אין אלץ פאָלגן און נאָכגעבן. זי וויל, אז מאן און ווײַב זאָלן זײַן גלײַך.

די עלטערע, ריווקע, איז פראקטיש־קלוג. זי ווייסט אירע מעגלעכקײַטן און קאָן אף זיך ניט שטעלן. זי ווייסט, אז אויב זי וועט עפעס דערגרייכן אין לעבן, וועט עס געוויס זײַן צוליבן קומענדיקן מאן, וואָס וועט זײַן, ווי זי טרוימט, א געלערנטער.

דערווײַל זײַנען זיי אלע דרײַ זאָרגלאָזע מיידלעך, וואָס האָבן ליב שפאצירן, זינגען, טאנצן, דערציילן סוידעס און באריידן באָכערים (אויסער זייערע אייגענע כאסאנים).

אלע דרײַ האָבן זיך דערפרייט מיט דינען.

ביז ניט לאנג, ביז זי איז געוואָרן א לערערקע, איז דינע געווען פונקט אזא זאָרגלאָזע שטיפערקע, ווי אירע דרײַ כאווערטעס, איטעס מיידלעך. זינט אָבער זי איז געוואָרן א לערערקע, איז קעגן איר ווילן איר צוגע־קומען סאָלידקײַט, ערנסטקײַט, זאָרג. ביפראט, ווען עס טרעפט אזא צופאל, ווי מיט אירע שילערנס לייע און ביילקע. אָבער איצט, אין א פריי־לעכן פרילינג־פארנאכט, ווען קיין פײַער איז נאָך ניט אָנגעצונדן, ווען אפן הארצן איז לײַכט, און די גאנצע וועלט איז דורכזיכטיק, איצט, צוזאמען מיט אירע כאווערטעס, איז זי ווידער די זעלבע דינע, ווי אין פעדטעכני־קום. די מיידלעך זינגען, טאנצן און באריידן באָכערים. דינע, ווען זי איז אין א גוטער שטימונג, קען זי אויסלאכן און אָפלאכן, אויסמאָלן עמעצן אפילע אין גראמען, אזוי אז אלע ארום זאָלן זיך האלטן פאר די זײַטן. זי אליין שמייכלט דערבײַ נאָר מיט די קלוגע אויגן און פולע ליפּן. דינע דערציילט וועגן אירע באגעגענישן מיט זונדל טולסין און נאָטע שורין. די כאווערטעס לאכן, און איטע איז צופרידן, וואָס בא איר אין שטוב לאכט מען אזוי פריילעך. זי לאכט אויך. אין זיך טראכט זי וועגן דינען: „ניט גוט, אז א מיידל איז צו קלוג"...

אינמיטן דער פריילעכקײַט קומט אָן סימע פרײַקין. מיטאמאָל ווערט שטיל. מע צינדט אָן שײַן. די לאכערקעס שווײַגן. וואָס וועט סימע זאָגן? און סימע זאָגט:

— טײַערע איטע, איך בין הונגעריק... גיט מיר עסן.

די מײדלעך װײסן, אז סימע פּרײַקין האָט ליב א סאך צו עסן, און דעריבער איז זי שטענדיק הונגעריק. װאָס װעט זי שפּעטער זאָגן, נאָכן עסן? זי עסט אָפּ און זאָגט:

— לאָמיר שפּילן אין פּאָליטישע פאנדן.

סימע איז אן איבערגעגעבענע קאָמיוגישע טוערן. זי געהערט אָבער צו די מענטשן, װאָס טרײַבן איבער די מאָס. זי פארגעסט, אז די מײדלעך זײַנען עטלעכע שאָ געװען אף א פארזאמלונג. איר דוכט זיך, אז א קאָמ־יוגיסט טאָר מען לאנג ניט לאָזן אלײן פאר זיך, מע דארף אים שטענדיק מינטערן. באזונדערס טראכט זי אזוי װעגן מײדלעך און באָכערים, װעלכע האָבן ליב זײַן פרײלעך און קאָנען, לויט איר מײנונג, צוליב זײער זינגען און טאנצן פארגעסן דעם איקער, פארגעסן, אז זײ זײַנען קאָמיוגיסטן. אינ־דערשטיל לאכט מען פון איר: „זי איז פרימער פונעם פויפּסט". אָבער סימע פּרײַקין איז ניט פון די, װאָס דערשרעקן זיך פון עמעצנס לאכן. זי גײט זיך איר װעג.

די ערשטע ענטפערט אף סימעס רײד מיריאם:

— צום באדויערן, דארף איך גײן אף א ראנדעװו מיט מײַן כאָסן.

— װעסטו גײן מאָרגן.

— מאָרגן? מיר האָבן אָפּגערעדט אף הײַנט. ער װעט זיך באלײדיקן. זי טוט זיך שנעל אָן און גײט אװעק.

די איבעריקע, לאָזט זיך אויס, זײַנען אויך פארנומען. זײ גײען אויך אװעק.

— איטע, — זאָגט סימע, — איך װעל זיך א ביסל צולײגן אף אײַער קושעטקע.

אין עטלעכע מינוט ארום שלאָפט זי שוין.

19

זונטיק איז די לערערקע דינע װידער געקומען צו לײען. אינדערעמעסן איז הײַנטיקס מאָל לײע געװען ניט מער װי אן אויסרײד. דער איקער — איז פאניע.

פאניען באַרעדט מען. קײנער אָבער פון די בארײדער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, װי צעבראָכן און אומגליקלעך איז געװען פאניע אף איבער־מאָרגן נאָך יענעם שאבעס, מאָנטיק אינדערפרי, װען זי האָט געדארפט גײן צו דער ארבעט, געמוזט זיך באגעגענען מיט די שכײנים, װעלכע קוקן אף איר, װי אף אן אויסגעלאסענער...

מיט א גרויסער שאל פארבונדן דעם קאָפּ, מע זאָל ניט זען דאָס צע־דראפּעטע פּאָנעם, מיט אויגן פארטרערטע און אראָפּגעלאָזטע, װאָס קאָנען

אף קיינעם ניט קוקן, איז זי עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר און אלעמאָל אָפּגעטראָטן אף צוריק. די אָפּגעשוואַכטע הענט האָבן געציטערט, ווען זיי האָבן אָנגענומען די טיר־קליאַמקע. אָנגענומען און אָפּגעלאָזט. איר האָט ניט געקלעקט קיין קויכעס און קיין מוט צו עפענען די טיר און דורכגיין פאַרבײַ די שכיינעס, וואָס קוקן געוויס ארויס אף איר. און דאָך... געמוזט!

פאַניע ווייסט: אלע באַשולדיקן זי. צי איז זי טאַקע אינדערעמעסן שול־דיק? זי איז דאָך די געליטענע! זי מיינט דאָך אלעמאָל צום גוטן. פאַרוואָס באַקומט זיך שלעכט? פאַניע האָט אפילע ניט פאַר ווענמען אויסצורײדן איר האַרץ. טאַקע דערפאַר האָט זי אַזוי לײַכט זיך אָפּגערופן אף דינעס ערשטע ווערטער, אין וועלכע זי האָט דערשפּירט מיטגעפיל:

— איר ווייסט דאָך, איך בין לייעס לערערקע.

— אוודע ווייס איך.

— לייע לײַדט שטאַרק. זי וויל אפילע אין שול ניט גיין.

— איך ווייס עס. שולדיק בין איך, לערערקע. איך בין עלטער פון אײַך, אָבער ניט אף קיין סאַך. ניטאָ קיין מאַזל...

— איך באַשולדיק אײַך ניט. איך בין אײַך ניט געקומען שטראָפן. איך וויל זיך נאָר דורכריידן וועגן לייען און, אויב איר האָט ניט קעגן, אויך וועגן אײַך. ס'איז געבונדן: א מאַמע און א טאָכטער.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז וועגן לייען האָט מען דאַפקע גערעדט וויניציק. גערעדט האָט דעריקער פאַניע (לייע איז געווען אף דער גאַס).

— איך וועל אײַך זאָגן דעם גאַנצן עמעס, לערערקע דינע, מער, ווי איך וואָלט זאָגן זיך אליין. פאַר זיך אליין וויל מען אָפּט זיך באַרעכטיקן, מע וויל זיך שאַנעווען, ראַכמאָנעס האָבן. און דערצו שעמט מען זיך אמאָל פאַר זיך אליין. איך רעד פאַר אײַך, דינע, ווי פאַר אַן אייגענער געטרײַער שוועסטער. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אין לעבן גיי איך זינגענדיק און טאַנצנדיק. איך האָב געהאַלטן באַם ענדיקן די שול, אלע באַקאַנטע ייִנגלעך האָבן געוואָלט מיט מיר שפּאַצירן. איך האָב געפירט א ליבע מיט מאָטלען. איר הערט, דינע, איך האָב דעמלט אונטער די פיס די ערד ניט געפילט. ניט געגאַנגען בין איך, נאָר געשוועבט. דער הימל איז פאַר אונדז שטענדיק געווען א בלויער און א זוניקער. ווינטער איז אונדז געווען נאָך פריילע־כער. מיר פלעגן זיך וואַרפן מיט שניי־גאָמלקעס אָדער איינער דעם אַנ־דערן וואַרפן אין שניי. מאָטל איז געווען זייער איידל צו מיר, אויסגעמיטן זיך אָנרירן אָן מיר. און איך האָב דאַפקע געוואָלט דערפילן אים נאָענט צו זיך, ער זאָל מיך אַרומנעמען, צודריקן. איך פלעג בעקיוון זאָגן, אַז די האַנט איז געפרוירן, ער זאָל זי וואַרעמען. איך געדענק, ווי מיר האָבן צוזאַמען אף אויסווייניק געלייענט שאָלעם־אַלייכעמס „שיר־השירים". יאָרן זײַנען אוועק, און ביז הײַנט געדענק איך, ווי גוט, ווי לײַכט און ליכטיק אפּן האַרצן איז אונדז געווען, ווען מיר פלעגן אף אויסווייניק איבערכאַ־זערן, ווי שימעק מיט בוזיען נעמען זיך פאַר די הענט און לויפן באַרג־אַראָפּ. מיר פלעגן זיך אויך נעמען פאַר די הענט.

— אײַערע רייד זײַנען דאָך פול מיט פּאָעזיע, פאַניע...

— בא מיר הייבט זיך אלץ אָן מיט פּאָעזיע און ענדיקט זיך מיט ביטע־רער פּראָזע. אזוי האָט געדויערט, ביז מאָטל איז אוועק אין דער רויטער ארמיי. מיר האָבן אָפּגערעדט, אז ווי נאָר ער קומט צוריק, האָבן מיר כאַ־סענע. אונדז איז אָבער ניט באשערט געווען. פון אלע שטאַנדפּונקטן איז די שולד מײַנע. אָבער גלייבט מיר, דינע, אז איך בין ניט שולדיק. אזא מאַזל איז מיר אויסגעפאלן, איך זאָל שטענדיק זײַן ניט שולדיק און... שולדיק...

די לעצטע ווערטער האָט פאניע געזאָגט מיט ווייטעק. און דינע האָט זי געפּרוּווט בארויִקן.

— שטילער, פאניע. שאנעוועט זיך אליין, דאָס געזונט.

— וויבאלד איך האָב שוין אָנגעהויבן, מוז איך ווײַטער דערציילן. ביז איצט האָב איך אלץ געהאלטן אין זיך. איר פארשטייט מײַן לאגע, טײַערע דינע, כ׳בין געווען גאָר יונג. דער קאָפּ האָט זיך פארדרייט פון די שיינע באַכערימלעך און פון זייערע קאָמפּלימענטן, פון קינאָ, פון טעאַטער, פון פארגעניגן... און אויסגעלאָזט האָט זיך, אז איך בין שולדיק. א קינד אָן א טאַטן. לייע וועט עס מיר ניט מוחל זײַן.

— איך דארף אײַך זאָגן, פאניע, אז לייע בענקט נאָך א טאַטן. ווען קינדער פרעגן זי, ווי רופט מען איר טאַטן, ענטפערט זי: מײַרעם.

— מײַרעם... — האָט פאניע איבערגעכאַזערט. — אוואדע האָט ער גע־קאָנט זײַן לייען א טאַטע, מיר — א מאַן. עס האָט שוין געהאלטן דערבײַ. מײַרעם קאָן זײַן א גוטער מאַן, ער איז אָבער א שלעכטער כאָסן. מע כאַפּט בא אים ארויס די קאַלע פון אונטער די הענט. ער איז א גוטער, אָן אָרנט־לעכער, אָן איידעלער. ער ווארט אָבער, אז דאָס מאַזל זאָל אליין קומען. אוי, דינע טײַערע, מאַזל קומט ניט אליין, מאַזל דארף מען נעמען.

געדערט האָט פאניע מיט הארץ און זיך צוגעהערט צו אירע אייגענע רייד. האָט זי ניט באמערקט, ווי דינע האָט זיך געגומען רויטלען. דאָס, וואָס פאניע זאָגט: „מאַזל קומט ניט אליין, מאַזל דארף מען נעמען״, קאָן מען דאָך אויך זאָגן וועגן איר, וועגן דינען, זי ווארט אויך, ביז דאָס מאַזל וועט אליין קומען. קיינער ווייסט עס ניט, זי לייקנט אפילע פאַר זיך אליין, אז איר געפעלט א באַכער, וואָס איז א גוטער, אָן איידעלער. אליין וועט ער גאָרניט זאָגן, ער שעמט זיך אף איר א קוק צו טאָן. ער קוקט אף איר, ווען זי באמערקט עס ניט. נאָר סײַווי פילט זי עס. אָבער זי שווײַגט. ער שווײַגט, און זי שווײַגט.

אף עטלעכע געציילטע רעגעס האָבן זיך די ראָלן געביטן. ניט פאניע דערציילט וועגן איר שווער לעבן, נאָר זי לערנט דינען, וואָס אזוינס לעבן איז. דינע נעמט זיך טייקעף אין די הענט. זי איז א לערערקע, זי איז גע־קומען ריידן וועגן איר שילערן.

20

דערווײַל אָבער האָט זי עפּעס פארהערט און ניט אויפגעכאַפּט די פאַר־בינדונג פון דעם, וואָס פאניע האָט פריִער דערציילט, מיט דעם, וואָס זי דערציילט ווײַטער.

— דעמלט, — רעדט פאניע אראָפּ זיך פון הארצן, — איז בא מיר געווען אזא גוטער האלבער טאָג אין מײַן לעבן... איך האָב ווידער דערפילט, אז ניט איך גיי, נאָר איך שוועב. א לײַכטקײַט איז אָנגעקומען אין גאנצן קערפּער און א גרייטקײַט צו לעבן און ליבן. מאָטל איז געקומען, מײַן כאָסן... דערנאָך האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ניט מײַרעם און ניט מאָטל.

— מײַרעם פלעגט דאָך קומען.

— ניט צו מיר... צו לייען. ער האָט זי ליב, ווי אן אייגן קינד.

— און איר זײַט זיכער, אז ניט צו אײַך?

— אויב צו מיר... וואָלט איך אים אופגעהערט צו אכטן.

— פארוואָס?

— א מאנצבל דארף האָבן כאראקטער. צוויי מאָל אים אונטערגעפירט... ניין, ער טאָר צו מיר ניט קומען.

— און אז ער זאָל קומען צו לייען אָדער אפילע לייע צו אים?

— פארוואָס ניט?

אין דינעס אויגן האָט פאניע באקומען אן אנדער אויסזען. איטעס ווערטער, אז זי איז א לײַכטער פאסאזשיר, זײַנען אינגאנצן ניט ריכטיק. דינע ווייסט פאָרויס, אז פארפירן א רייד מיט פאניען וועגן אָפּגעבן לייען צו מײַרעמען איז איבעריק. און דאָך האָט זי ניט אויסגעהאלטן, געפּאָלגט איטען... באלד, אין דער זעלבער רעגע, האָט זי כאראָטע געהאט. פאניע האָט זי אָנגעקוקט מיט צעעפנטע פארוווּנדערטע אויגן, וואָס האָבן גענומען בליצן מיט פײַער, און דערבײַ האָט זי געשוויגן, אויסדריקנדיק דערמיט אזויפיל פאראכטונג, אז דינע האָט אזש א ציטער געטאָן. דערנאָך האָט פאניע שטעכיק און שטיל געפרעגט:

— איר האנדלט שוין לאנג מיט קינדער, לערערקע דינע?!

און גלײַך צוגעגעבן:

— איך בעט אײַך, פארלאָזט מײַן שטוב, אז ניט, וועל איך נעמען שרײַען... די גאנצע גאס וועט זיך צונויפלויפן.

דינע איז טייקעף ארויס.

„ביסט א נאר, א גרויסער נאר, — האָט דינע זיך אליין געזאָגט, ווען זי איז ארויס פון פאניען. — האָסט דען ניט געוווּסט, אז אזוינס פרעגט מען ניט בא קיין מאמען. א מאמע איז שטענדיק א מאמע! און דו"...

צוזאמען מיטן פארדראָס אף זיך אליין טרעט פון איר אויך ניט אָפּ פאניעס בליק, פול מיט האס, איר שטים, וואָס שטעכט און פרעגט: „איר האנדלט שוין לאנג מיט קינדער, לערערקע דינע?"

אף דער גאס, ווײַט פון פאניעס שטוב, גיט דינע ווידער א ציטער פון דער דאָזיקער פראגע.

אָבער באליידיקט איז זי ניט. איר איז גאָר צום הארצן פאניעס מענטשלעכקײַט, איר ווייטעקדיקער אויסגעשריי. און וואָס ווײַטער זי גייט, אלץ שטארקער קומט אוף דער פארלאנג זיך אומקערן און זיך אנטשולדיקן. זי וויל עס ניט טאָן אף דער הייסער מינוט, פאניע זאָל זיך טאקע ניט צעשרײַען. דינע טוט אָבער א טראכט, אז פאניע קאָן איר שווער הארץ אויסלאָזן צו לייען. אזוינס האָט שוין פאסירט. און טייקעף, ווי נאָר דער דאָזיקער געדאנק קומט, לאָזט זיך דינע שנעל גיין צוריק.

לייע זיצט נאָך אַלץ אויף דער גאַס. זי זיצט אַליין און שפּילט זיך מיט זיך אַליין. זי מײַדט אויס כּאַוועטעס. די שכנים קוקן אויף איר מיט רחמ־נות. זי פילט זיך דערנידעריקט, יאָסעמדיק, איבעריק. אַפילו מיט דער מאַמען איז איר איצט שוין ניט אַזוי גוט, ווי פריִער, ניט אַזוי פריילעך, ווי געוווּן. די מאַמע איז פאַר איר געוואָרן אָפּגעפרעמדט. אַ געפּאַטשטע מאַמע, אַ געזידלטע. און נאָך: די מאַמע נעמט צו אַ פרעמדן טאַטן, בייל־קעס טאַטן. זי ווייסט שוין גוט, לייע, אַז איין טאַטע איז מער פון אַ סאַך פעטערס. ווער איז איר, לייעס, טאַטע? פרעגן וועט זי עס בא קיינעם ניט. אויך ניט בא דער מאַמען.

לייע זיצט אויף אַ שטיין מיט אַ קליין שטעקעלע אין דער האַנט און שרײַבט אינעם זאַמד: „ווו איז מײַן טאַטע?". באַלד מעקט זי עס אויס. זי האָט מוירע, אַז אַ פרעמד אויג קאָן עס דערזען. לייע האָט פאַרגעדענקט, ווי די דיקע כּיִענע האָט אַנומלטן געזאָגט דער דאַרער קיילע:

— ווו וועט פאַניע איר נעמען אַ טאַטן? אַ פאַרעץ האָט פאַרלאָרן!..

עס גייען דורך עטלעכע מינוט, און מיטן זעלבן שטעקעלע שרײַבט לייע: „מײַרעם". לייע באַמערקט ניט, ווי עס קומט אָן די לערערקע. ווען זי האָט זי פּלוצעם דערזען, האָט זי זיך מיט איר אַזוי דערפרייט, אַז זי האָט פאַר־געסן אויסמעקן, וואָס זי האָט אָנגעשריבן.

— לייעלע, די מאַמע איז נאָך אין דר׳היים?

— אין דר׳היים, לערערקע דינע.

— פאַניע, איך בין געקומען זיך אַנטשולדיקן, — האָט גלײַך באַם אַרײַנ־קומען געזאָגט דינע.

— און איך אַנטשולדיק זיך אויך, דינע. איך ווייס, אַז איר ווינטשט מיר גוטס. אָבער מע דאַרף עס טאָן ניט דורך שלעכטס. ווייסט איר וואָס, דינע, עסט מיט אונדז מיטיק. אָט רוף איך אַרײַן לייען.

פאַר דער קורצער האַלבער שאָ, וואָס דינע איז אַרויס און צוריק גע־קומען, האָט פאַניע שטאַרק איבערגעלעבט פון דעם געדאַנק, וואָס האָט זי געוונומען מאַטערן. צי קאָן מען בא איר ניט אָפּנעמען לייען? צי קאָן מען זי ניט באַשולדיקן, אַז זי דערציט שלעכט דאָס קינד? (זי האָט געהערט וועגן אַזאַ פאַל). מיסטאַם, דערפאַר טאַקע האָט די לערערקע גערעדט וועגן אָפּגעבן לייען צו מײַרעמען. זי וועט עס ניט דערלאָזן. לייע האָט קיין טאַטן ניט, אָבער אַ מאַמען האָט זי!

מיט דינעס אומקערן זיך האָט פאַניע זיך דערפרייט.

אינמיטן עסן איז אָנגעקומען מײַרעם.

— זעצט זיך צום טיש, מײַרעם, — האָט געזאָגט פאַניע זייער רויִק, אַפילו קאַלטבלוטיק.

— אַ דאַנק, איך האָב שוין געגעסן, — האָט אויך מײַרעם געענטפערט רויִק. — הײַנט, פאַניע, איז אַ שיינער וועטער, עפּשער וואָלט איך מיט לייען אַ ביסל שפּאַצירט?

— פאַרוואָס ניט? — ענטפערט פאַניע. — זי זיצט אַלץ אין שטוב און גייט אין ערגעץ ניט.

און נאָך מיטיק איז מײַרעם טאַקע אַרויס מיט לייען שפּאַצירן. דינע איז אויך אַוועק. פאַניע איז אַרײַן אין קיך אויסוואַשן דאָס געפעס. און דאָ האָט זי ווידער געגומען טראַכטן וועגן דעם, אַז מע קאָן באַ איר אָפּנעמען לייען. ניט אומזיסט איז די לערערקע ווידער געקומען. ניט אומזיסט איז אָנגעקומען מײַרעם. און פאַרוואָס איז ער מיט לייען אַרויס שפּאַצירן? אַ שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי איז אַרויס אין גאַס. וווּהין? וווּהין גיין זוכן די טאָכטער? זי ווייסט, ווו מײַרעם וווינט, און זי לאָזט זיך גיין צו דער ראָזע־ליוקסעמבורג־גאַס. מײַרעם איז אין דר׳היים ניטאָ. פאַניע ווייסט, אַז ער קומט אָפּט אַרײַן צו די ראַטנערס, און זי גייט אַהין, צו איטע ראַטנער אין שטוב. ווי נאָר עס עפנט זיך די טיר, שרײַט זי אויס:

— מײַן קינד איז באַ אײַך?!

— באַ אונדז, באַ אונדז! באַרויִקט זיך, קומט אַרײַן, פאַניע, קומט אַרײַן, — און פאַניע דערהערט, ווי אין צווייטן צימער לאַכט לייע פריילעך און צופרידן. דער צימער איז פול מיט מענטשן. איטעס דרײַ טעכטער, ראָכעלע, מײַרעם, איטע און איר מאַן, און אַלע זײַנען פאַרנומען מיט לייען.

פאַניען האָט מען גוט אויפגענומען. אָבער זי פילט זיך פרעמד. זי זיצט אויף דער ווייכער קושעטקע און קוקט זיך צו, ווי אַלע שפּילן זיך מיט לייען. זי האָט אָבער ניט די פרייד פון אַ מאַמען, ווען איר קינד געפעלט, ווען מע שפּילט זיך מיט דעם. לייע, וואָס איז אין שטוב אומעטיק און שטיל, באַוועגט זיך שנעל, לויפט פון מײַרעמען צו ראָכעלען, פון איין איטעס טאָכטער צו דער צווייטער. איר בלאַס, איידל פּאָנעם האָט זיך פאַרויטלט, און די אויגן לויכטן מיט פײַערלעך. פאַניע טראַכט: ניין, קיינער דאַרף לייען ניט צונעמען, זי איז אַליין אַוועק...

## 22

אין עטלעכע טעג אַרום איז די לערערקע דינע געקומען צו דער מיש־פּאָכע אַדלער אין געסט. געטראָפן האָט זי אין דר׳היים נאָרביילקען, ניט קיין הויך, פולינק מיידעלע, מיט אַ שוואַרץ צעפּל.

— ביסט אַליין, ביילקע?

— אַליין, לערערקע. איך ראַם דעם צימער, איך העלף דער מאַמען.

— זייער גוט טוסטו, ביילקע, זייער גוט.

— לערערקע, וואָס מאַכט לייע? זי איז נאָך קראַנק?

— יאָ.

— נאָך אַלץ קראַנק?.. אַ שאָד! איך האָב אָפּגערעדט מיט עטלעכע קינדער, מיר זאָלן איר געבן קלעפּ.

— קלעפּ? פאַרוואָס? וואָס רעדסטו, ביילקע?

— די מאמע אירע האָט געוואָלט צונעמען מײַן טאַטן.
— צונעמען? וואָס הייסט צונעמען?
— לערערקע, איך ווייס, וואָס דאָס הייסט...
— אָט זעסטו, ביילקע, דו מיינסט, אַז לייעס מאמע האָט געוואָלט צו־נעמען דײַן טאַטן, און לייע מיינט, אַז דײַן טאַטע האָט געוואָלט צונעמען איר מאַמען.

פאַר ביילקען איז עס אַ גרויסע נײַס. זי זאָגט:

— עס קאָן ניט זײַן! מײַן טאַטע איז אַ גוטער. די מאַמע וועט קומען, וועט זי אײַך אַלץ דערציילן.

אין דער מישפּאָכע אַדלער איז אָנגענומען: דער טאַטע, מישע, איז דער גוטער. די מאַמע, נעכע, איז די בעריע. נעכע איז געטרײַ צו די קינדער און צום מאַן. זי שאַנעוועט ניט קיין מי, אַז אין שטוב זאָל זײַן ריין און געמיטלעך. איז אַ קינד ניט געזונט, שלאָפֿט זי קיין נעכט ניט.

פאַר דער מאַמען האָט מען מוירע. דעם טאַטן האָט מען ליב.

מישע איז אַ שטעפּער — אַ גוטער אַרבעטער, וואָס בענקט אין אַ פרײַער שאָ נאָך אַ ביסל פרייִלעכקײַט, נאָך לאַסקע, נאָך פאַרגעניגן. און זײַן ווײַב, נעכע, פּונקט פאַרקערט, האָט פײַנט לאַסקע, פאַרלײַדט ניט קיין פריי־לעכקײַט, איז קאַרג אַף נעמען און געבן פאַרגעניגן. זי איז אַ טרוקענע, אַ פאַרזאָרגטע. שטענדיק גייט אַרום דער מאַן אירער אין שטוב אַן אָפּ־געפּרעמדטער, ניט קיין צופרידענער. אים ווילט זיך זינגען, דאָס ווײַב האָט עס ניט ליב. אים ווילט זיך מאַכן אַ שפּאַס, דאָס ווײַב פאַרלײַדט עס ניט. אים ווילט זיך אָנעמען דאָס ווײַב פאַר דער האַנט, דערפילן די וואַ־רעמקײַט פון איר לײַב. דאָס ווײַב האַלט ניט פון אַזוינע נאַריש־קײַטן:

— אַ טאַטע פון קינדער און וויל נאָך אַלץ זײַן אַ יִינגל.

עמעס טאַקע, ער וויל נאָך אַלץ זײַן אַ יִינגל, אַ יונגער, אַ פאַרליבטער. אים איז ווינציק די עטלעכע טראָפּנס ליבשאַפט, וואָס לויטן דין קאָן אים דאָס ווײַב אין זיי ניט אָנטזאָגן. ער איז אַ שטוב־זיצער, זוכט ניט קיין פאַרגעניגן אויסער זײַן הויז. ער וויל אָבער, אַז זײַן פרוי זאָל זיך אַ ביסל צופּוצן, שענער זיך אָנטאָן. און טאַקע דערפאַר מיסטאַמע האָט איינמאָל אין אים אַ ברען געטאָן, ווען ער האָט צופעליק זיך באַגעגנט מיט פאַניע בלום, וועמענס קערפּער רעדט, רעגט, שרײַט: „מיר זײַנען געבאָרן פאַר פאַרגעניגן!‟ און דאָס פּילבאַרע נעזל זאָגט אונטער: „מיר זײַנען גוטע...‟ דער רייעך פון פאַניעס לײַב, איר נאָכגיביקײַט און לײַדנשאַפט איז אים זיך צעגאַנגען איבער אַלע גלידער. אים אָנגעכאַפּט פאַר דער נעשאָמע, מאַמעש געבונדן מיט קייטן. ער האָט איר גענומען נאָכגיין. עס האָט אים געצויגן, געטריבן. ער איז געוועזן פאַרקישעפט פון איר ליבן שמייכל, פון איר גוטן קוק, פון אירע וואַרעמע פרויען־הענט, וואָס קאָנען געבן לאַסקע, פון איר שיינעם בוזעם, וואָס קאָן געבן לעבן. ער איז געוועזן געפאַנ־גען.

זי האָט אים ניט גערופן, ניט געבעטן. ער איז אַליין געקומען. און ער קאָן זאָגן דאָס זעלבע, וואָס פאַניע: די שולד איז זײַנע, אָבער שולדיק איז ער ניט.

אף מאָרגן, ווען די לערערקע דינע איז ווידער געקומען צו ביילקען, איז די מאַמע אירע, נעכע, געווען אין שטוב. דינע האָט דערזען א הויכע פרוי, א פולבלעכע, א שווערלעכע, מיט אויסגעהאָרעוועטע הענט און שטײַפע פיס. פון אויבן ביז אראָפּ איז זי דורכויס געווען אָנגעטאָן אין שווארצן. דער ערשטער אײַנדרוק דינעס איז געווען: זי האָט צו טאָן ניט נאָר מיט א שטרענגער, נאָר מיט א בייזער פרוי. צוליב איר יונגקײַט האָט דינע זיך פון דעם דערפילט א ביסל אומרויִק און אומזיכער.

— איר זײַט מײַן טאָכטערס לערערקע? איר זײַט נעכטן בא אונדז געווען?

די פראגעס האָט נעכע געשטעלט מיט א באזונדער ערנסטקײַט, ווי זי וואָלט זיך געקליבן האָבן טײַנעס און עפשער זיך זידלען אויך. זי האָט דינען ניט געבעטן זיצן, זי האָט זיך אויסגעגלײַכט, פארהויבן דעם קאָפּ און, קוקנדיק דער לערערקע אין די אויגן, געזאָגט:

— און איר רעכנט, אז ניט נאָר יענץ ווײַבעלע האָט געוואָלט צונעמען דעם טאטן פון מײַנע קינדער, נאָר אויך מײַן מאן האָט געוואָלט צונעמען לייעס מאמען...

זי האָט געוואָרט אף אן ענטפער, נאָר די לערערקע האָט געשוויגן.

— ביילקע האָט מיר דערציילט. די קינדער זײַנען טאקע ניט שולדיק.

— און איר האָט וועגן דעם ניט געטראכט?

— אוי, לערערקע, לערערקע, איך האָב דען צײַט צו טראכטן? צי מע דארף טאָן, צי ניט, — איך טו, האָרעווע. שטענדיק פארנומען. ווען קאָן איך טראכטן?

איצט האָט זיך אין נעכעס רייד געפילט ניט קיין טײַנע, נאָר קימאט א געבעט.

— לערערקע, פארוואָס שטייט איר? זיצט, איך בעט אײַך.

דינע האָט זיך אוועקגעזעצט. נעכע האָט אויך גענומען א בענקל. נאָר נעכע, האָט זיך אויסגעלאָזט, קאָן ניט זיצן גלאט אזוי, זי מוז אויך זיצנדיק עפעס טאָן, זײַן אין באוועגונג.

זי שטריקט אן ארבל פון א קינדערשער קאָפטע.

— זײַט איר זיכער, לערערקע, אז מײַן מישע... אזא שטילער און אײדעלער... עס קאָן ניט זײַן. און עפשער... איר ווייסט, לערערקע, איך בין יינגער פאר אים, אָבער דער יונגער איז ער שטענדיק...

און נעכע נעמט דערציילן די געשיכטע פון זייער לעבן. מיט מישען האָט זי געפירט א ליבע נאָך פאר דער רעוואָליוציע.

— ער איז דאן געווען גאָר א יונגער, — דערציילט נעכע, — מע קאָן זאָגן, נאָך קיין באָכער ניט געווען, נאָר א ייִנגל, א דארס, מיט אויגן, וואָס ברענען. מע האָט אין זיי ניט געקאָנט ארײַנקוקן. פארדינט האָט ער דעמלט וואסער אף קאשע, — דערציילט נעכע ווײַטער, — אונדזער שטוב איז גע־

ווען זייער א פרומע. אלץ איז געווען פארבאָטן. טראָגן א קורץ קליידל טאָר מען ניט. קורצע ארבל — טאָר מען ניט. ריידן מיט א מאנצבל איז אן אווירע, גאָט וועט שטראָפן. וואָס האָט מען געמעגט, ווייס איך אליין ניט — בעטן גאָט, ליבן אים... אָבער אָט דער מישקע האָט זיך אײַנגעגעסן, ווי א קליעשטש, לעבן ניט געלאָזט. ער האָט מיך ליב! ער איז פון מיר ניט אָפּגעשטאנען. ווו איך באווײַז זיך נאָר, איז ער אויך פאראן. און ווי נאָר מיר בלײַבן א מינוט אליין, נעמט ער מיך אזוי קושן, אז די באקן פלאמען גאנצע שאָען נאָכאנאנד. וואָס איז געבליבן צו טאָן? כאסענע האָבן... לערערקע, אנטשולדיקט מיר, איר זײַט טאקע א לערערקע, אָבער נאָך גאָר א יונגע. עפשער דארף איך אײַך ניט אלץ דערציילן...

נעכע האָט פארגעבן די דאָזיקע פראגע דערפאר, ווײַל ווען זי האָט א זאָג געטאָן, אז פון מישעס קושן האָבן בא איר די באקן געפלאמט, האָט זי דערזען, ווי דינע האָט זיך גענומען רויטלען. זי, דינען, האָט, ווײַזט אויס, נאָך קיינער קיינמאָל ניט געקושט.

— ניין, ניין, דערציילט אלץ, — האָט דינע נאָך מער זיך פארויטלט.

פונדעסטוועגן האָט נעכע דאָס איבעריקע געמאכט בעקיצער. זינט דאָס ערשטע קינד איז געבאָרן געוואָרן, האָט זי מער ניט דערלאָזט קיין ייִנגלשע גענג. אויס מיט קושן זיך, אויס מיט ליובען זיך, אויס לאסקעס... בא אירע עלטערן האָט מען פון אזוינס ניט געהאלטן. און דערצו איז מען געווען פארדרייט מיט כאיונע, מיט זאָרג... מישען איז עס געווען ניט צום הארצן. נאָר זי איז באשטאנען אף אירס. געמיינט האָט זי, אז זי האָט אים אָפּגע־ווינט אף שטענדיק. לאָזט זיך אויס... א טאָעס! דאָס לעבן נעמט זײַנס.

נעכע האָט אופגעהערט שטריקן. פאר איר זײַנען געווען נײַ און אומ־געריכט אירע אייגענע ווערטער. זי האָט זיך פארטראכט. דערנאָך ווידער גענומען גיך, גיך שטריקן דאָס קאָפּטל פארן קינד.

— נאריש, נאריש געלעבט... געוואָלט פארשפארן דעם טײַך מיט א שפענדל. אפאָנעם, אז א מענטש, א מאן דארף לאסקע, האָט ער געפונען יענץ ווײַבעלע... בין איך דאָך שולדיק... אוי, לערערקע, לערערקע, איך בין דען שולדיק, איך האָב דען עפּעס שלעכטס געמיינט?

## 24

גייענדיק פון נעכען אהיים, האָט דינע געפילט, אז זי איז ווי עלטער געוואָרן. איר איז צוגעקומען די דערפארונג פון פרעמדע לעבנס. מיט די קינדער לערנט זי, פון זייערע עלטערן לערנט זי אליין. ס׳איז אָבער שווערלעך צו זײַן עלטער פון די אייגענע יאָרן. און ס׳איז אויך שווער צו טראָגן פרעמדע דערפארונג.

אין וועג, באם ראָג פון קאָמסאָמאָלסקע־גאס, טרעפט זי הײַנט ווידער דעם דיכטער זונדל טולסין. נאָר הײַנט, אָנשטאָט לויבן זיך אליין און זײַנע לידער, זאָגט ער קאָמפּלימענטן דינען. זי איז צופרידן, זי לאכט. זי דער־פילט איר יוגנט. טולסין שטעלט זיך אומדערוואַרט אָפּ, גיט א זאָג, אז א

מיידל וואַרט אַף אים, און גייט אַוועק. היינטיקס מאָל אַרט דינען, וואָס ער איז אַוועק. איר איז אָבער באַשערט נאָך אַ באַגעגעניש. נאָענט לעבן איר שטוב דערזעט זי, אַז נאָטע שוריין גייט אַרום הין און צוריק, ווי ער זאָל אַף עמעצן וואַרטן. אויך מיט דער באַגעגעניש איז זי צופרידן. זאָל ער צו־גיין, זאָל ער עפּעס זאָגן. אָדער זאָל ער אפילע, ווי זיין געוווינהייט איז, שווייגן. היינטיקס מאָל אָבער איז ער דרייסט צו איר צוגעגאַנגען און גע־זאָגט, אַז ער וואַרט אַף איר. זי איז געבליבן שטיין.

— איך דאַרף אייך עפּעס זאָגן, — האָט ער, אָנעמענדיק זיך מיט מוט, צוגעגעבן.

— אַדעראַבע.

— קומט. גייענדיק וועט זיין לייכטער צו ריידן.

אַ סאַך גאַסן זיינען זיי דורכגעגאַנגען, נאָר נאָטע האָט אַלץ געשוויגן. אים האָט ווידער באַהערשט די שעמעוודיקייט. דינען האָט זיין שווייגן ניט געאַרט. פאַר איר איז היינט גענוג, וואָס ער האָט אַף איר געוואַרט און געוואָלט עפּעס פאַרטרויען. וואָס? דאָס איז שוין ניט וויכטיק.

אהיים איז זי געקומען אַ צופרידענע. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָט זי פאַרשריבן אין איר טאָגבוך: „אַלע האַלטן, אַז די שולד איז זייערע, נאָר שולדיק זיינען זיי ניט. ווער איז פאָרט שולדיק? עפּשער טאַקע קיינער ניט...”

איצט איז זי ניט אופגעלייגט צו פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע. ניט אופגעלייגט... און וואָס עמעס איז — ס׳איז ניט לייכט אויך. זי פאַרמאַכט איר טאָגבוך און גייט אַרויס צו די עלטערן. דינע איז באַ זיי אַ ציטעריקע באַסיעכידקע. וויפל מאָל אין טאָג זיי זאָלן ניט זען די טאָכטער, שיינען זיי אוף.

— דינעלע... — מער זאָגן זיי גאָרניט. אָבער אין דעם, ווי זיי זאָגן אַרויס איר נאָמען, ליגט אַזויפיל ליבשאַפט, אַז מער איז שוין ניטאָ וואָס צוצוגעבן.

דער טאַטע נאָר שפּאַסט גוטמוטיק און כאַזערט איבער די ווערטער, וועלכע דינעלע פלעגט קליינערהייט זאָגן, ווען עמעצער האָט געוואָלט אָנ־רירן איר שפּילצייג:

— ניזיאַ, ניזיאַ, ניזיאַ...

לאַכט מען.

מילכאָמע־צייט, אין 1915, זיינען דינעס עלטערן אַריבערגעפאָרן פון ווילנע קיין מינסק. דינעס זיידע איז אין ווילנע געווען אַ וואַשעווניק. פון פריזן פרילינג ביז שפּעטן האַרבסט פלעגט ער מיט זיין פאַרטיע וואַשעוו־ניקעס שטיין ביז די קני אין וואַסער און שלעפּן מיט די פערד דאָס געהילץ פון די פליטן אַף דער ווילייע און אויסלייגן עס אַפּן ברעג אין סטאָסן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, און נאָר געזונטע מענטשן האָבן זיך מיט דער דאָזיקער אַרבעט פאַרנומען. זי האָט געגעבן אַ רובל אַ טאָג פּאַרנאָסע. דינעס זיידע איז געווען ניט נאָר אַ געזונטער, נאָר אויך אַ

יוישערדיקער, און דערפאַר איז ער אָפּט געווען דער עלטסטער פון דער פּאַרטיע וואַשעוווניקעס. ווינטער, ווען קיין אַרבעט איז ניט געווען, פלעגט ער וואַרעמען די ביינער אַפן אויוון און לייענען אַ ייִדיש ביכל. די קינדער האָט ער געשיקט לערנען. דינעס טאַטע, שאָלעם, האָט געענדיקט די ייִדישע קאַזיאָנע שול און זיך דערנאָך געלערנט בוכהאַלטעריע. ביז איצט אַרבעט ער אַלס בוכהאַלטער. דינעס מאַמע, כאַנע, איז אויך אַ בוכהאַלטער. איןביידנס לעבן איז פאַראַן איין זאָרג — זייער טאָכטער.

צווישן זיך, ווען דינע איז ניטאָ דערבײַ, קאָן שאָלעם אַ זאָג טאָן צו זײַן פרוי:

— זײַ וויסן, כאַנע, אַז אַ שיין מיידל זיצט איבער, ווערט זי מיִעס.

זאָגן זאָגט ער עס גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, ווי אַן אַפאָריזם. אָבער ביידע פאַרשטייען דעם מיין. ביידע קאָנען זיך, עמעס, ניט פאָרשטעלן, אַז זייער דינעלע קאָן איבערזיצן און ווערן מיִעס. אָן אַווײַרע אַזוי צו טראַכטן. זיי ווייסן אָבער, אַז יאָרן האָבן אַ טעווע זיך רוקן פאָרויס און אַוועקגיין. און טאַטע־מאַמע פאַרלויפן דעם וועג און טראַכטן אויך פאָרויס. אָט אַזוי, לעמאָשל, האָט זיך אַ טראַכט געטאָן מיט אַ כאַדאָשים דרײַ־פיר צוריק, ווען צו זיי איז אַרײַן אַ ווילנער באָכערל אָפּגעבן אַ גרוס פון דאָר־טיקע קרויווים.

דער גרוס האָט שאָלעמען און כאַנען צערודערט, זיי האָבן זיך דערמאָנט זייערע יונגע יאָרן. זיי בענקען נאָך דער שטאָט, ווו זיי זײַנען געבאָרן, אויסגעוואָקסן, האָבן געהאָדעוועט זייער קינד. ביידע האָבן אָן אופהער זיך אַלץ נאָכגעפרעגט, אויסגעפרעגט וועגן מענטשן, גאַסן, הײַזער. אויך דינע האָט פאַרגעבן פראַגן:

— ווי זעט איצט אויס דער שטאָט־גאָרטן — דער „טעליאַטניק”?

— ווער פון די באַקאַנטע מיידלעך לערנט זיך אין דער ייִדישער רעאַל־גימנאַזיע?

דאָס באָכערל, מיטלוווקסיק, שוואַרץ, מיט גרויסע קאַרע אויגן, האָט אַף אַלץ געענטפערט געַנוי, רויִק און קלוג.

די עלטערן איז ער געפעלן געוואָרן. „ווען ער געפעלט אויך דינע־לען!” — האָבן זיי געטראַכט.

אין ווילנע, אין איינעם פון די הײַזער אַף גרויס־סטעפאַן־גאַס, געפינט זיך אַ קליינער יוּוועליר־וואַרשטאַט, ווו אין שויפענצטערל זײַנען אויסגע־שטעלט פאַרשיידענע ניט גאָר קיין טײַערע יוּוועליר־אַרבעטן. אין פענצטער זעט מען אָפּט, ווי דער יוּוועלירער, אַ דאַר מענטשל מיט אַ קליין שפּיציק בערדל, מאָרדכע רוזאָווסקי, קריצט אויס בוכשטאַבן אַף מעטאַלענע בלעט־לעך. קיין גרויסע כאַיונע האָט ער ניט, דערפאַר האָט ער, קיין אײַנהאָרע ניט, אַ סאַך קינדער: זין און טעכטער. דעם ייִנגסטן, דעם מיזיניק, רופט מען דאַניִעל. אָט דער דאַניִעל איז פאַר קאָמיוגישער טעטיקײַט אָפּגעזעסן דרײַ יאָר אין טפּיסע. נאָכן אָפּזיצן זײַן טערמין האָט אים די אונטערערדי־שע אָרגאַניזאַציע געשיקט אין ראַטנפאַרבאַנד לערנען. און דאָס האָט טאַקע מאָרדכע רוזאָווסקיס מיזיניק געבראַכט דינעס עלטערן דעם גרוס פון ווילנע.

דאניִעל איז עטלעכע מאָל געווען צוגאסט בא שאָלעמען און כאנען. און דינען האָט געוווּנדערט, וואָס דער דרייסטער און קלוגער דאניִעל פארלירט זײַן דרייסטקײַט און קלוגשאפט, ווען ער פארבלײַבט מיט איר אליין. ניט ער רעדט דעמלט, נאָר ער שטאמלט. ער קוקט ניט אף איר. אף אים באַ־מערקט זי עס און וווּנדערט זיך. אף זיך אליין באמערקט מען ניט, און דערפאר ניט נאָר זי וווּנדערט זיך ניט, זי ווייסט ניט, דינע, אז זי קוקט אויך אָן דער זײַט און שעמט זיך אויך.

25

פון יענעם זונטיק אָן, ווען לייען איז אזוי פריילעך געווען בא איטע ראטנער אין שטוב, האָט זי גענומען אהין אָפט ארײַנקומען, און אלע, איטע מיט איר מאן און זייערע דרײַ טעכטער, נעמען זי פרײַנטלעך אוף. אויך מײַרעם מיט ראָכעלען קומען זיך שפּילן מיט איר.

אין שול גיין וויל ניט לייע. וויפל די מאמע רעדט און בעט, איז דער ענטפער: ניין און ניין! פארוואָס? שווײַגט זי. זײַן אין שטוב איז איר אויך שווער. די מאמע איז שוין ניט יענע פריִערדיקע מאמע, ווען זי איז געווען די איינציקע און בעסטע. די מוטערלעכע הייליקײַט איז געוואָרן וואָכע־דיקער.

צוויי זאכן קאָן לייע ניט פארגעסן. זי קאָן ניט פארגעסן, ווי די מאמע האָט באליידיקט מײַרעמען, אים געהייסן מער ניט קומען. זי קאָן ניט פאר־געסן יענעם שאבעס אין אָוונט, ווען ביילקעס מישפּאָכע איז באפאלן איר מאמען. ווען זי דערמאָנט זיך אָן דעם, ווילט זיך איר נעמען שרײַען, בײַסן די פינגער, וויינען.

די מאמע איז דאָך אָבער א מאמע. ביילקע איז א פרעמדע און א שלעכ־טע.

און דאָ מאכט זיך גאָר, אז אין איינעם א טאָג קומען צו לייען אין געסט שילערנס פון איר קלאס זיך דערוויסן, וואָס זי מאכט און ווען זי קלײַבט זיך קומען ווידער אין שול. צווישן די מיידעלעך, וואָס זײַנען געקומען, איז פאראן אויך ביילקע אדלער. אין דער ערשטער מינוט האָט זי לייע גאָר ניט באמערקט. לייע האָט געשמייכלט צו די קינדער, געבעטן זיי זיצן. און קעדיי אויסדריקן איר צופרידנקײַט, ווײַזט זי איר ליאלקע, וואָס עפנט און פארמאכט די אויגן. און דעמלט דערהערט זי ביילקעס שטים:

— איך האָב אויך אזא ליאלקע. פּונקט אזא!

מיטאמאָל ווערט דאָס מיידעלע לייע, וואָס האָט נאָרוואָס מעכאבעד געווען די קינדער מיט איר ליאלקע, א דערוואקסענע, א באַרדאָס: ווי קאָן עס ביילקע קומען צו איר אין געסט? ווי שעמט זי זיך ניט? זיי זײַנען דאָך בארויגעזו! ארויסטרײַבן דארף מען זי. נאָר אף אזוינס קלעקט איר ניט קיין ווילן און ניט קיין קויכעס. עס ווערט נאָר גרויס דער פארדראָס און די אויגן ווערן שטרענגע. זי שווײַגט, ווי א שטומע.

די קינדער װוּנדערט עס. װאָס איז געשען? און ביילקען װוּנדערט עס. די פּולינקעס און שטײַפֿע ביילקע מיטן שװאַרצן צעפּל פֿאַרשטייט ניט, װאָס הייסט שװײַגן. איז לייע שולדיק, װאָס איר מאַמע וויל צונעמען ביילקעס טאַטן, — דאַרף מען איר געבן קלעפּ. איז זי ניט שולדיק, — דאַרף מען זיך מיט איר כאַװערן. איז װאָס עפּעס פּלוצלינג אַזאַ שװײַגן, אַזאַ באַרויִקעז? ביילקע פֿאַרשטייט עס ניט.

— װאָס איז מיט דיר, לייעלע, ביסט אַלץ קראַנק?

ביילקע, אין װעמען עס שטעקט דער מאַמעס נעכעס בעריעשקײַט, װייסט, װאָס אין אַזאַ פֿאַל דאַרף מען טאָן — צולייגן די ליפּן צו לייעס שטערן און זיך דערװיסן, צי זי האָט היץ, צי זי איז קראַנק? זי טוט אַזוי. לייע דערשרעקט זיך, זי נעמט עס אויף, אַז ביילקע וויל זיך קושן. זי שרײַט: „מאַמע, מאַמע!״

די קינדער דערשרעקן זיך. עפּשער דאַרף מען רופֿן אַ דאָקטער?

26

איטע ראַטנער מיט אירע טעכטער זײַנען שטאַרק פֿאַרנומען.

עס איז אָנגעקומען דער פֿריילעכער יאָמטעוו מײַ, אַ װאַרעמער און ליכטיקער. שוין מיט עטלעכע טעג פֿריִער האָט די שטאָט זיך גענומען אויספּוצן מיט פֿאַרשיידנפֿאַרביקע עלעקטרישע לעמפּלעך, מיט בילדער אין די שיינע װיטרינעס, מיט לאָזונגען איבער די פֿריש־געפֿאַרבטע הײַזער. אין די דירעס האָט מען געװאַשן די פֿענצטער און אױפֿגעהאַנגען פֿריש־געפּרעסטע גאַרדינען. די צימערן האָט מען געראַמט און גערייניקט, מע פֿירט אַרײַן דעם יאָמטעוו אין די װוינונגען.

אין די קראָמען מיט די אָנגעלאָדענע פּאָליצעס איז ביז שפּעט טומלדיק פֿון די פֿיל קוינים. דער מאַרק איז פֿול מיט פֿויערישע װעגענער, װאָס האָבן געבראַכט צום יאָמטעוו הינער און גענדז, פּוטער און קעז... אין די װאַרשטאַטן פֿאַרטיקט מען אויס די באַשטעלטע קליידער און שיך פֿאַר עלטערע און קינדער.

איטע מיט אירע טעכטער זײַנען פֿון אינדערפֿרי אָן אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט פֿון צוגרייטן דעם יאָמטעוו. זיי זײַנען געקומען פֿון מאַרק מיט גרויסע געפּאַקטע קאָשעקעס.

— דער יאָמטעוו איז שוין אין שטוב! — האָט איטע געזאָגט, אַרײַנקוקנדיק. דערנאָך צוגעגעבן: — און אויך די כאַסענע...

אַ גאַנצן טאָג האָבן איטע מיט אירע מיידלעך געקאָכט, געבראָטן פֿליישן, געפֿילט פֿיש, געריבן כריין, צעגאָסן פּעטשאַ אין די טעלער. בראַנפֿן און װײַן האָט אײַנגעקויפֿט שלוימע, איטעס מאַן.

די מיידלעך האָבן באַ די שכיינים באַשטעלט אָף מאָרגן שטולן און בענקלעך, גלעזער און קעלישעקלעך, טעלער און לעפֿל־גאָפּל.

די גוטהאַרציקע איטע האָט ליב סימכעס. זי איז מענטשן אַ גוטער־פֿרײַנט.

— אַט האָבן מיר דערלעבט, אַז מײַרעם מיט ראָכעלען האָבן כאַסענע. מיר זאָלן עס דערלעבן בא אונדזערע קינדער.

אין אָוונט, ערעוו יאָמטעוו, זײַנען אַלע גאַסן געווען געפּאַקט מיט אויס־געפּוצטע שפּאַצירער.

אף מאָרגן, דעם ערשטן מײַ, זײַנען איטעס מיידלעך אוועק צו דער דע־מאָנסטראַציע. זיי האָבן דערזען, אַז גלײַך נאָך דער קאָלאָנע פון דער שוך־פאַבריק, ווו מײַרעם מיט ראָכעלען גייען צוזאַמען אין די ערשטע רייען, גייט די שנײַדער־פאַבריק. ביידע קאָלעקטיוון גיסן זיך אַרײַן אין דעם גרויסן שטראָם מענטשן, וואָס קומט אָן אַלץ נעענטער און נעענטער צו דער הויפּט־גאַס. דאָ בלײַבן זיי שטיין. פאַרבײַ גייען און גייען רייען מיט פאָנען און אָרקעסטערס.

די מיידלעך דאַרפן אײַלן צו זייערע אייגענע רייען. אָבער זיי דער־זעען, ווי פיזקולטורניקעס קומען אָן. מיידלעך מיט רויטע טיכלעך, אין גרינע לײַבלעך און בלויע קליידלעך. באָכערים אין די זעלבע גרינע לײַב־לעך און בלויע ספּאָרט־הייזלעך. זייער טראָט איז געמאָסטן און זינגעוודיק לײַכט, זיי גייען שטאָלץ און שיין. און איטעס מיידלעך, ווי אַלעמען אַרום, כאַפּט אָן דער ווילן צו זינגען און צו מאַרשירן, ווי דאָס איז באַזונגען בא דאָוויד האָפשטיינען:

מיר גייען אין דײַנע פאָרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהײַט,
מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט!

נאָך די פיזקולטורניקעס זײַנען מיט זייערע אָרקעסטערס און פאָנען אַרוף אף דער הויפּט־גאַס די שוך־פאַבריק און די שנײַדער־פאַבריק. איצט איז שוין די סאַמע רעכטע צײַט, אַז די דרײַ שוועסטער זאָלן אײַלן צו זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס. דערהערט זיך אָבער אַ טומל, אַ געלאָף, אַ געלעכטער.

—וואָס איז געשען?

— דער קאַמער־טעאַטער! דער מאָסקווער יידישער קאַמער־טעאַטער, וואָס איז אין מינסק אף גאַסטראָלן.

— אָט יענער איז מיכאָעלס!

— און דער איז זוסקין!

אַ גרויסע גרופּע אַרטיסטן אין פאַרשיידנקאָלירקע קליידער, אין פאַר־שיידענעם גרים האָט מיט געזאַנג און טענץ זיך באַוויזן אף דער דע־מאָנסטראַציע.

— אַ גוטן יאָמטעוו אײַך, אַמכאָ־שנײַדער! — האָבן די אַרטיסטן באַ־גריסט די אַרבעטער פון דער שנײַדער־פאַבריק.

אַ גרויסער אוילעם האָט אַרומגערינגלט די אַרטיסטן, און אַלע צוזאַמען האָבן געטאַנצט און געזונגען. די קאָלאָנעס האָבן זיך גערירט ווײַטער.

— כאַווער סאָ־אָ־ראָקער, איר זײַט דאָך אַ שנײַדער, קומט מיט אונדז!

און מיכאָעלס האָט זיך געשטעלט אין דער ערשטער ריי פון דער שניי־דער־פאבריק. אויך אלע דרײַ טעכטער איטעס זײַנען אוועק צוזאמען מיט די שנײַדער.

שפּעטער, ווען די דרײַ שוועסטער זײַנען געקומען אהיים, זײַנען שוין די טישן געשטאנען גרייטע. די דרײַ טישן, צונויפגעשטעלט, ווי א כעס און געדעקט מיט לאנגע ווײַסע טישטעכער, זײַנען טאקע געשטאנען גריי־טע, נאָר פאר די שוועסטער איז נאָך געבליבן גענוג ארבעט, אז אלץ אף די טישן און אין צימער זאָל אויסזען יאָמטעוודיק — שיין און פריילעך.

קימאט באלד נאָך דער דעמאָנסטראציע האָבן זיך גענומען קלײַבן די געסט. צוזאמען מיט די געסט זײַנען אויך געקומען כאָסן־קאלע, מײַרעם מיט ראָכעלען. אלע געקומענע זײַנען צופרידן, נאָר אלע זײַנען הונגעריק. דע־ריבער האָט איטע געזאָגט:

— געסט טײַערע, פרײַער פאר אלץ בײַסט עפּעס איבער... עס זאָל אונ־טערן לעפּעלע ניט נאָגן.

און אלע ביז איינעם האָבן געפאָלגט. דעמלט האָט איטע געהייסן אָנ־גיסן די קויסעס. קיינעם פון די געסט האָט ניט געוווּנדערט, וואָס ניט שלוי־מע, נאָר זײַן פרוי איטע, די בעריע און די קלוגע, איז די גאנצע באלע־באָסטע.

— לאָמיר, כאַווירים, אויסטרינקען פאר אונדזערע יאָמטעוודיקע כאָסן־קאלע, מײַרעם און ראָכעלע... זאָל זיי שטענדיק זײַן יאָמטעוודיק אפן הארצן!

און גלײַך האָבן די געסט גענומען שרײַען „גאָרקאָ!". כאָסן־קאלע האָבן זיך געקושט. און ס'איז געווען צו זען, אז ראָכעלע האָט פון דעם גרויס האנאָע.

נאָכן צווייטן קאָס איז שוין געוואָרן גאָר פריילעך. בא די טישן האָט מען גענומען זינגען: „לאָמיר אלע אינײנעם, אינײנעם כאָסן־קאלע מעקאבל־פּאָנעם זײַן..."

צווישן די פארשיידענע געסט, סײַ פון כאָסנס־צאַד, סײַ פון קאלעס־צאַד, געפינען זיך אויך די כאסאנים פון איטעס אלע דרײַ טעכטער. די מייד־לעך זיצן צופרידענע, פארויטלטע און קוקן אָן מיט קלוגשאפט די אלע, וואָס באטראכטן זיי און זייערע באשערטע. טאטע־מאמע קלײַבן נאכעס פון זייערע קינדער. שלוימע — מיט א שטילן און רויִקן שמייכל, מער אין זיך, פאר זיך, אָן א פארלאנג אָנצובינדן עמעצן זײַן פרייד. איטע פארקערט, — אלע זאָלן זען, באנעמען און פארשטיין, ווי גליקלעך איז א מאמע, ווען בא איר טיש זיצן אירע דרײַ מיידלעך מיט זייערע כאסאנים.

דערפאר אָבער איז ניט אזוי שטארק צו באמערקן, אז באם טיש זיצט אויך די לערערקע דינע און דער ווילנער באָכער דאניִעל. סײַ דינע און סײַ דאניִעל, וואָס שווײַגן און מײַדן אויס צו קוקן איינער אפן אנדערן, ווען זיי בלײַבן אליין, פילן זיך צווישן די פיל מענטשן אף דער כאסענע דאפּ־קע פרײַ און געמיטלעך. דאניִעל איז ווידער רויִק און קלוג. ער איז צו־

פרידן, וואָס דינע קוקט אים אַרײַן אין זײַנע גרויסע קאַרע אויגן. אים ווערט גוט און וואַרעם, ווען זי לאַכט פון זײַנעם א געלונגענעם אויס־דרוק, פון א פּאַסיק וואָרט, וואָס איז דורכגעפלאָכטן מיט הומאָר און פריי־לעכקייט. דינע באַמערקט ניט, ווי ליב זי האָט לאַכן און ווי אָפט זי לאַכט הײַנט. איר געלעכטער איז א זאַפטיקער און קלינגעוודיקער. אין אים פילט זיך האַנאָע, האַרציקייט און אָפנהאַרציקייט. דאַניעלן הערט זי זייער אופ־מערקזאַם. און עס לאָזט זיך אויס, אַז דאַניעל, וואָס איז א שווײַגער, ווען ער איז מיט דינען אינצווייען, קאָן גאָר צווישן מענטשן זאָגן אויך קאָמפּלי־מענטן. דינע וואַקסט פון פרייד.

אף מײַרעמס און ראָכעלעס כאַסענע בא איטע ראַטנער אין שטוב זײַנען דאָ דאַניעלס קרויווים — מאַן און ווײַב בערנשטיין. זיי שטאַמען אויך פון ווילנע, פון א ווילנער יִכעס־מישפּאָכע. אָט דער יִכעס איז זייער סוינע. בא דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט א מענטשן גיבן זיי באַלד א זאָג:

— נו, מיר שטאַמען דאָך... אונדזער יִכעס גייט פון ווילנער גאָען.

צי איז דאָס טאַקע פּינקטלעך אַזוי, איז ניט באַוווּסט. און כאָטש אין מינסק נאָך דער רעוואָליוציע איז דער ווילנער גאָען אויס יִכעס, האַלטן דאַניעלס קרויווים מיט אים זיך אין איין באַרימען. זיי זײַנען ניט קיין פרומע, ניט קיין אַלטפרענקישע, נאָר אָפּלאָזן אַזאַ יִכעס, ווי דער ווילנער גאָען, קאָנען זיי ניט. באַזונדערס ערעוו א כאַסענע פון א קינד. די קינדער זייערע לייקענען אָבער שטיין און ביין — זיי דאַרפן ניט אַזאַ יִכעס.

צוקוקנדיק זיך, ווי דאַניעל מיט דינען שמייכלען, לאַכן, קוקן זיך אין די אויגן, זײַנען די בערנשטיינס געוואָרן אומרויִק. עס קאָן דאָך אַרויס־קומען א ליבע. און זיי ווייסן דאָך, ווער דינעס עלטערן זײַנען, זיי ווייסן, אַז דינעס זיידע איז געווען יאָשע דער וואַשעווניק, וואָס איז א גאַנצן זו־מער געשטאַנען אין וואַסער און געשלעפּט מיטן פערד געהילץ פון די פּליטן. דערצו ווייסט דאָך גאַנץ ווילנע, אַז א וואַשעווניק האָט ליב אַרײַנ־צוקוקן אין פּלעשל. ווי קומט יאָשע וואַשעווניק צום ווילנער גאָען?

די בערנשטיינס, מאַן און ווײַב, זײַנען ביכלאַל ווױלע מענטשן — גרייט א טויווע טאָן, מיטפילן, העלפן א שאָכן. אָבער יִכעס! און ביידע באַשליסן: מע דאַרף דאַניעלן וואָרענען. זײַנע עלטערן אין ווילנע דאַרף מען געבן צו ווייסן.

## 27

מײַרעם און ראָכעלע זײַנען פאַרנומען מיט זיך.

אין שול איז קאַניקולן, און די לערערקע דינע זעט מען ניט. זי איז אויך פאַרנומען מיט זיך.

פאַניע איז שוין צוגעוווינט געוואָרן צו דעם, אַז לייע איז זעלבשטענ־דיק, פאַרבלײַבט אַליין אין שטוב, פרעגט ווינציק און רעדט ווינציק. און

נאָך ווייסט פאַניע, אַז לייע גייט אין געסט צו איטען און אירע טעכטער. דאָרט איז איר גוט.

אָבער נאָך מײַרעמס כאַסענע האָט איטעס עלטערע טאָכטער, ריווקע, זיך גענומען גרייטן צו איר אייגענער כאַסענע. אירע עלטערן האָבן צו־פרידן געטראַכט: דאָס אײַז רירט זיך, נאָך דער עלטערער וועט קומען די ריי פאַר דער מיטלסטער. און בא איטען אין שטוב איז איצט געוואָרן ווינ־ציק צײַט פאַר לייען. זיצט אָפּט לייע בא זיך אין הויף אף א שטיין און שרײַבט מיט א שטעקעלע אין זאמד. אָדער זי גייט איבער די גאַסן און קוקט ארײַן אין אלע וויטרינעס. איינמאָל דערזעט זי, ווי די לערערקע דינע שפּאַצירט מיט א באָכער. זי דערקענט: ס׳איז דער זעלבער באָכער, מיט וועלכן די לערערקע איז צוזאַמען געזעסן אף מײַרעמס כאַסענע. לייע איז געבליבן שטיין און זיי נאָכגעקוקט.

— לייע, די לערערקע מיט איר כאָסן...

אנטקעגן לייען איז געשטאַנען ביילקע, וואָס האָט אויך נאָכגעקוקט דינען און דאַניעלן. לייע וואָלט עפּשער ביילקען ניט געענטפערט, נאָר זי האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן פון ניט פרעגן:

— מיט איר כאָסן?

— דו ווייסט דען ניט? דער גאַנצער קלאַס ווייסט. מע רופט אים דאַניעל.

— פונוואַנען ווייסטו?

— אלע ווייסן. דער גאַנצער קלאַס ווייסט. ער איז געקומען פון ווילנע.

— פון ווילנע?

— קום, לאָמיר זיי נאָכגיין. עפּשער וועלן זיי זיך קושן...

— פונוואַנען ווייסטו, אַז זיי וועלן זיך קושן?

— זיי זײַנען דאָך כאָסן־קאַלע. ווי דען אנדערש?

דאָ האָט זיך לייע דערמאָנט, ווי מײַרעם מיט ראָכעלען האָבן זיך גע־קושט, ווען מע האָט אף זייער כאַסענע געשרײַען „גאָרקאָ!“, און זי איז אוועק צוזאַמען מיט ביילקען. די לערערקע מיט איר כאָסן האָבן זיך ניט געקושט. ביילקען האָט זיך פאַרוואָלט עסן.

— איך גיי אהיים, — האָט זי געזאָגט.

— איך גיי אויך אהיים, — האָט געענטפערט לייע.

זיי זײַנען געגאַנגען צוזאַמען. לייע, ווי איר שטייגער איז, א שטילע און שווײַגנדיקע. ביילקע — א ריידערקע און א באַוועגלעכע.

— דו ווייסט, לייע, אַז איטעס טאָכטער, ריווקע, האָט אינגיכן כאַסענע?

— כאַסענע? פונוואַנען ווייסטו?

— די גאַנצע שטאָט ווייסט. דערנאָך וועט כאַסענע האָבן די מיטלסטע, יודעס. זי האָט שוין א כאָסן.

— א כאָסן?

— איטעס אלע טעכטער האָבן כאָסאַנים. לייע, קום צו מיר מאָרגן, וועלן מיר ווידער גיין שפּאַצירן.

— קום בעסער דו צו מיר.

— גוט. איך וועל קומען.

די סינע צו ביילקען איז בא לייען געוואָרן קלענער, נאָר אינגאַנצן ניט אריבער. ס׳האָט איר אפילע נאָכדעם פאַרדראָסן, פאַרוואָס זי האָט גע־

רופן ביילקען צו זיך אהיים. אף מאָרגן אָבער האָט לייע פון אינדערפרי אָן אף איר געווארט. עמעס, ניט בא זיך אין שטוב, נאָר אפן הויף. מיט ביילקען — איז דאָך ניט אליין, איר איז ניט אזוי אומעטיק. ביילקע ווייסט אלץ, וועגן אלץ קאָן זי דערציילן.

אין עטלעכע טעג ארום, שפּאצירנדיק, האָבן ביילקע און לייע ווידער באגעגנט אין גאס דינען מיט דאניִעלן. דינע איז געווען זייער צופרידן, וואָס ביידע קינדער גייען צוזאמען, כאווערן זיך. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און ביידן געגלעט איבער די קעפּלעך.

— זייער גוט, קינדער, וואָס איר שפּאצירט צוזאמען. זייער גוט. איך דאנק אײַך דערפאר.

ביילקע האָט א טרייסל געטאָן מיט איר צעפּל און, קוקנדיק אף דא־ניִעלן, געפרעגט בא דינען:

— לערערקע, אים רופט מען דאניִעל?

— דאניִעל.

— ער איז פון ווילנע?

— פון ווילנע.

— לערערקע, ער איז אײַער כאָסן?

פון אומדערוואַרטקײַט האָט די לערערקע זיך פארלאָרן.

עמעס, זי מיט דאניִעלן שפּאצירן אָפט, זיי ציִען זיך איינער צום אנדערן, זיי געפעלן איינער דעם אנדערן, מע קאָן אפילע זאָגן, אז זיי זײַנען פאר־ליבט איינער אין אנדערן. דאָס אָבער ווייסט יעדערער פאר זיך. יעדערער טרוימט וועגן דעם פאר זיך. פון די ליפּן איז עס ניט אראָפּ. ס׳איז נאָך ניט געוואָרן ביידנס. ס׳איז נאָך דערווײַל יעדערנס באזונדער. און דאָ קומט א מיידעלע און פרעגט: „לערערקע, ס׳איז אײַער כאָסן?"

זי ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. עס ענטפערט דאניִעל:

— ווי רופט מען אײַך, קינדער?

— מיך רופט מען ביילקע, און זי רופט מען לייע.

— מיך רופט מען טאקע דאניִעל. און איך בין אײַער לערערקעס כאָסן. נו, און געשמאקע זאכן האָט איר ליב, קינדער?

— זייער! — ענטפערט אפן קאָל ביילקע.

— זייער, — ענטפערט שטיל לייע.

און דער נאָרוואָס אנטפּלעקטער כאָסן האָט ארײַנגעפירט דינען און די מיידעלעך אין א קאָנדיטערײַ און זיי מעכאבעד געווען מיט געשמאקע זאכן.

28

דאָס, וואָס עס געפעלט דינעס שילערנס, געפעלט ניט דאניִעלס קרויווים. זיי פארשטייען, אז דינע איז א מיידל מיט אלע מײַלעס. אָבער אין זייערע אויגן וועגט איבער דער איינציקער כיסאָרן אלע מײַלעס. זי שטאמט פון די ווילנער וואשעווניקעס. מאן און ווײַב בערנשטיין זײַנען, דוכט זיך, ניט קיין

נארישע מענטשן, הײַנטצײַטיקע, אָבער צום אלטן און פארעלטערטן זײַנען זיי צוגעבונדן מיט א שווערער קייט — יִכעס! זייערע באקאנטע וווּנדערן זיך: צי דען פארשטייען ניט די בערנשטיינס, אז וואָס אין ווילנע איז יִכעס, איז אין סאָוועטישן מינסק קיין יִכעס ניט?

זייער, די בערנשטיינס, האסאָגע: געלט איז קײַלעכדיק, מאזל ענדערט זיך, צײַטן בײַטן זיך, קלוגשאפט פארנארישט זיך. אייביק איז דער יִכעס!

זיי זײַנען ניט פויל און קומען ביידע צו דינעס עלטערן זיך דורכ־שמועסן: יעהודע בערנשטיין (גאָט זאָל אויסהיטן, מע זאָל אים רופן: יודע), וואָס מיט זײַן גראָוו־שווארץ בערדל, אין ברילן מיט באגילדטע רעמלעך, אין א ווייכן קײַלעכדיקן הוט מיט גרויסע קאנטן זעט ער אויס, ווי אן אמאָ־ליקער קאזיאָנער ראבינער אָדער אן אמאָליקער געהויבענער דאָקטער, און זײַן פרוי סארא (ניט סאָרע, נאָר סארא), וואָס האָט א קאָפּ שווארצע האָר און א יונג פּאָנעם, איז אָבער א ביסל צו דיקלעך און דער טראָט אירער איז א צו שווערער, פון וואָס זי נעמט זיך שטארק צום הארצן.

ארײַנגעקומען זײַנען זיי פרײַנטלעכע און ערנסטע.

דינעס עלטערן, שאָלעם און כאנע, נעמען אוף די געסט מיט גרויס קאָוועד. פאר זיי איז קלאָר, אז דאניעלס קרויווים זײַנען געקומען זיך נעענטער באקאנען. זייער טאָכטער און בערנשטיינס קאָרעוו שפּאצירן צו־זאמען. כאנע שטעלט אויס א שיינעם טיש מיט קיבעד. די געסט אָבער רירן זיך צו גאָרניט צו.

— פארוואָס פארזוכט איר גאָרניט? געניסט, געניסט...

— מיר זײַנען צו אײַך געקומען... — זאָגט יעהודע בערנשטיין שטיל און געלאסן און קוקט דערבײַ אף זײַן פרוי. — מיר האָבן מיט אײַך אן ערנסטן שמועס.

— מיר פארשטייען עס, — ענטפערט שאָלעם אויך רויִק, נאָר ניט אזוי געלאסן. — אוודע זיך דורכריידן, זיך נעענטער באקאנען...

— ביכלאל יאָ... — ענטפערט יעהודע און קוקט ווידער אף זײַן פרוי סארא, ווי ער זאָל ווארטן אף א באגיטיקונג צו זײַנע רייד. — מיר אָבער זײַנען דאָך מיט אײַך באקאנט. מיט אײַך, שאָלעם, און מיט אײַער פאָטער יאָשע. מיר זײַנען דאָך ווילנער.

שאָלעם און כאנע כאפּן אָבער ניט אוף בערנשטיינס מיין. בא זיי בא־קומט זיך גאָר אנדערש. יאָשע דער וואשעוווניק איז דאָך איצט א יִכעס — א האָרעפּאשניק, וואָס האָט פארדינט ברויט מיט שווערער פּראצע. שאָלעמס אנקעטע גרויסט זיך מיט זײַן טאטן. ער איז צופרידן, וואָס די בערנשטיינס פארשטייען עס און שעצן עס. און ער זאָגט ארויס מיט אכטונג צו זיך אליין:

— מײַן טאטע... יאָשע דער וואשעוווניק...

— יאָ, יאָ, מיר ווייסן, — ענטפערט פרוי בערנשטיין, — אוודע ווייסן מיר. אָבער זאָגט אליין, ווי קומט עס צום ווילנער גאָען?

סײַ שאָלעם און סײַ כאנע נעמען עס גאָר אוף, ווי א שפּאס. זיי פאר־

שטייען סארעסווערטער אף זייער אופן: יאָשע וואשעוווניק איז איצט דער י׳כעס, און ניט דער ווילנער גאָען. זיי שמייכלען.

— ריכטיק געזאָגט, גוט געזאָגט, — ענטפערט כאנע. — צײַטן בײַטן זיך. דעריקער איז דער מענטש.

— א מענטש ווערט דאָך ניט געבאָרן אף א הויל פעלד, — זאָגט ארויס מיט כשיוועס פרוי בערנשטיין און האָט דערבײַ האנאָע פון אירע רייד. — עס ווענדט זיך פון וועמען מע שטאמט. אף א גוטן בוים וואקסן גוטע פרוכטן.

— ניט אומזיסט זאָגט מען, — כאפט אונטער איר מאן יעהודע, — דאָס עפּעלע פאלט ניט ווײַט פוןביימעלע...

דינעס עלטערן ווילט זיך ניט גלייבן: העכער צען יאָר נאָך דער רעוואָליוציע זאָלן מענטשן אזוי טראכטן. עס קאָן דאָך ניט זײַן...

— איז אָט, — זאָגט ווידער פרוי בערנשטיין, — זײַנען מיר צוגעקומען צום איקער. דאניִעל מיט דינען שפּאצירן צוזאמען. אָבער... זאָגט אליין, וואָס פאר א שידעך קאָן זײַן צווישן גאָען און יאָשע וואשעוווניק? אין ווילנע וועט מען לאכן.

איצט פארשטייען שוין גוט שאָלעם מיט כאנען, נאָך וואָס די בערנשטיינס זײַנען געקומען. כאנען פארדריסט עס. אַזא האָזע! און זי זאָגט מיט הארץ:

— איר ווייסט, פרוי בערנשטיין, לאכן איז ניט פארבאָטן אויך אין מינסק. אוודע קאָן ניט זײַן קיין שידעך צווישן דעם גאָען און דעם וואשעוווניק. זיי זײַנען שוין ביידע אף יענער־וועלט. אָבער אויב דאניִעל און דינע... אויב זיי געפעלן זיך...

— ניין, ניין! מיר זײַנען קעגן, קאטעגאָריש קעגן! זאָלט איר עס ווייסן. אף דעם ענטפערט שאָלעם מיט אײַנגעהאלטענעם קאס:

— איר טיילט די פעל פון א בער, וואָס געפינט זיך נאָך אין וואלד. איר זאָגט, מע וועט לאכן... ס׳איז דאָך נאָך ווײַט צום געלעכטער. מיר ווייסן נאָך גאָרניט...

— און ביכלאל... — גיט צו כאנע, — גיכער פאר אלץ וועט מען ניט בא אײַך פרעגן און ניט בא אונדז. א נײַע וועלט. נײַע מענטשן. אונדזערע רייד זײַנען אינגאנצן איבעריק, — זי גיט דערבײַ א גענעץ. — שלאָפן ווילט זיך. פרי אופגעשטאנען.

די בערנשטיינס פארשטייען כאנעס מיין. זיי זײַנען אויך פרי אופגעשטאנען. זיי געזעגענען זיך.

— ווו האָבן זיך אין מינסק פארוואלגערט אזוינע מענטשן? — זאָגט שאָלעם. — טאקע לאכן דארף מען. אך, ווען שאָלעם־אלייכעם לעבט...

— אך, שאָלעם מײַן מאן, ווען אָט דער גאָלדענער שאָלעם־אלייכעם וואָלט געלעבט... אָבער די מענטשן וועט שוין גאָרניט העלפן. דו ווייסט דאָך גוט, אז א קרומער, זאָגט מען, וועט ווערן גלײַך, ווען מאָשיעך וועט קומען. ווען וועט ער קומען?

צוביילקען האָט לייע אַלץ מער זיך צוגעוווינט. לייע איז אַליין. א גאַנצן זומער אַליין. אַלע באַקאַנטע זײַנען פֿאַרנומען.

אינדערפֿרי, די מאַמע שטייט אויף און אײַלט צו דער אַרבעט. גיך־גיך זאָגט זי לייען, וואָס צו עסן, וואָס צו טרינקען, ווו וואָס עס ליגט, און גייט שנעל אוועק. אין צימער בלײַבט איבער דער רייעך פֿון דער מאַמעס לײַב, געמישט מיטן רייעך פֿון זיסן אָדעקאָלאָן. לייע בלײַבט ליגן אַף איר געלעגער, זי פֿוילט זיך אופֿצושטיין. דער איינציקער געדאַנק, וואָס באַוועגט זיך: ביילקע וועט הײַנט קומען? מיט איר איז פֿריילעכער. לייע פֿילט זיך מיט איר זיכערער, זי פֿילט אין איר קימאַט א מוטערלעכע זאָרג. דערבײַ האָט לייע איין פֿאַרלאַנג: ביילקע זאָל ניט קומען, ווען די מאַמע איז אין דער היים. ביילקע פֿאַרשטייט עס אויך.

לייע ליגט אין בעט, ביז זי דערהערט אונטערן פֿענצטער ביילקעס גיכע טריט און איר אונטערזינגען אונטער דער נאָז:

ליא־ליא־ליא,
טראַ־ליא־ליא...

דעמלט פֿאַרשעמט זיך לייע, וואָס זי ליגט אַזוי שפּעט, שפּרינגט גיך אַראָפּ און נעמט זיך אָנטאָן. זי מורמלט אויך דערבײַ: ליא־ליא־ליא, טראַ־ליא־ליא. מיט ביילקעס קומען גייט אוועק די איינזאַמקײַט. צוזאַמען מיט ביילקען קומט אַרײַן אין צימער א ווינט און א טומל.

— וואָס טוען מיר הײַנט, וווהין גייען מיר הײַנט? קום צו אונדז!

לייע שאָקלט מיטן קאָפּ אַף „ניט“.

— מײַן מאַמע זאָגט, אַז דו זאָלסט קומען צו אונדז. בא אונדז איז הײַנט א געשמאַקער וואַרמעס.

לייע שאָקלט מיטן קאָפּ אַף „ניין“.

אָבער איינמאָל, שפּאַצירנדיק צוזאַמען, ווען ביידע זײַנען געוועזן מיד און הונגעריק פֿון לאַנגן אַרומגיין, צופֿרידן פֿון ריידן און לאַכן, האָבן זיי ניט באַמערקט, ווי זיי זײַנען אַרײַן צו ביילקען אַהיים.

— מאַמע, גיב אונדז עסן!

אָט די „מאַמע“ האָט א שניט געטאָן לייען איבערן האַרצן. זי האָט זיך פֿאַרלאָרן און דערשראָקן. ווי קומט זי אַהער? זי געדענקט עס גאָרניט. לייע איז געווען גרייט גלײַך צו אַנטלויפֿן, איז שוין אָבער שפּעט. ביילקעס מאַמע, נעכע, איז זיי אַרויס אַנטקעגן, אָנגענומעןביידן פֿאַר די פֿלייצקעס, געזען, זיי זאָלן זיך וואַשן די הענט, און געזעצט צום טיש.

נעכע איז שוין מער ניט אָנגעטאָן אין שוואַרצן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. זי איז אין א ווײַס קאָפּטל, אין א קורץ קליידל, וואָס ווײַזט די שטײַפֿע פֿיס אין שיינע זאָקן. דאָס אַלץ האָט לייע ניט באַלד באַמערקט, אָבער דער זיסער אָדעקאָלאָן, דער זעלבער, ווי בא איר מאַמען, איז איר גלײַך אַרײַן אין נאָז.

— ווו זײַט איר געווען אַזוי שפּעט? — פֿרעגט נעכע.

אוןביילקע נעמט גיך־גיך דערציילן, ווו זיי זײַנען געווען און וואָס זיי האָבן געזען.

— זייער גוט, זייער גוט. עסט, קינדער.

דאָס פארלײַכטערט א ביסל לייעס געמיט.

מער איז לייע צו ביילקען ניט געקומען, נאָר ביילקע צו איר קומט אָפט. און איינמאָל איז מיט מאטאָנעס צו איר ארײַן מײַרעם. געווען איז שוין אווגוסט כוידעש. דער זומער איז נאָך זומער, די זון איז נאָך זון, נאָר כאָטש דערווײַל נאָך פונדערווײַטן, הענגט שוין דער הארבסט איבערן קאָפּ. די טעג, עמעס, זײַנען טרוקענע, ליכטיקע און שיינע. אפן הארצן בא יעדערן ווארעמט נאָך די זומערדיקײַט, דאָך דערמאָנט מען זיך וועגן פארגרייטן האָלץ אף ווינטער. אָפטער דערזעט מען, ווי געלע בלעטער פאלן, פון די פרוכט־סעדער פארשפרייט זיך א געדיכטער רייעך פון רײַפקײַט. עס קומט די צײַט, ווען מע נעמט כעזשבענען, ווי אומבאמערקט דער זומער איז דורכגעלאָפן. מײַרעם האָט זיך דערמאָנט וועגן לייען.

מײַרעם מיט ראָכעלען לעבן גוט. ער ווייסט שוין דעם סאָד, אז ער וועט ווערן א טאטע. אפן הארצן איז אים פריילעך. וואָלט שוין דאָס קו־מענדיקע קינד געלעגן בא דער מאמען אפן שויס, וואָלט ער נאָר מיט דעם געווען פארנומען און נאָר מיט דעם געלעבט. איצט פעלט עס אים. באגעגנט ער א מאמען מיט א קינד אף די הענט אָדער מיט א קינד אין וויגעלע, קוקט ער זיך גוט אײַן און וויל טרעפן, ווי זײַנס וועט אויסזען. ער האָט אלע קינדער ליב. ער ברענגט לייען מאטאָנעס. ביידע זײַנען פון דער באגעגעניש צופרידן, אָבער עפּעס פעלט פון דער פריִערדיקער פרײַנט־שאפט. בא מײַרעמען איז איצט לייע ניט די איינציקע (א קינד וועט בא אים אינגיכן זײַן). און פאר לייען איז ער שוין ניט יענער מײַרעם, ווע־מענס נאָמען זי פלעגט אָנרופן, ווען מע האָט זי געפרעגט, ווי הייסט איר טאטע. איצט איז ער א כאסענע־געהאטער טאטע. דערצו איז מײַרעם גע־קומען, ווען פאניע איז געווען אין דר׳היים. ער מיט פאניען האָבן זיך בא־געגנט רויִק, געפרעגט איינער דעם אנדערן, וואָס מע מאכט. און מײַרעם האָט זיך געוווּנדערט: וואָס אזוינס האָט ער אין איר פריִער דערזען?

סאָף אווגוסט איז ביילקע געקומען צו לויפן צו לייען מיט א נײַס:

— די לערערקע דינע האָט כאסענע!

— פונוואנען ווייסטו?

— אלע וויסן! ווער ווייסט עס ניט?

ביילקע איז פון דינעס כאסענע צופרידן, ווי זי איז ביכלאל צופרידן פון פארשיידענע נײַסן. לייע ווייסט אליין ניט... זי איז צופרידן? די לע־רערקע קאָן אויך אָן איר פארגעסן...

30

א פרילינגדיקער פארנאכט. אף די יונגע בערעזע־ביימער אין סקווער האָבן זיך באוויזן די ערשטע געדיכט־גרינע בלעטלעך. די גרינג־באוועג־לעכע וואָלקנדלעך אף מײַרעוו הילן זיך אײַן אין ראָזקײַט. און אונטערן

הויכן הימל פילט זיך א שטילע און רויִקע ליַיכטקייט, וואָס נעמט ארום די גאנצע ערד. א בענקעניש קומט אָן. און די גוטסקייט נעמט זיך ווארעמען בא יעדערן אין הארצן. אף לאנגע פריש־געפארבטע בענק פון אלע זיַיטן סקווער זיצן יונגע מאמעס און עלטערע באָבעס מיט קינדער־וועגעלעך. די מאמעס און די באָבעס שיַינען פון גליק.

אין פריילינגדיקן פארנאכט, אין איינער און דער זעלבער ציַיט האָבן אין סקוועך זיך געגומען קליַיבן שילערנס פון פערטן קלאס. זייער לערער־קע דינע זיצט אף א באנק מיט א קינדער־וועגעלע. אין ווינקל, ווו די שי־לערנס האָבן זיך צונויפגעזאמלט, זאָגט ביילקע אלעמען אָן, אז צוגיין צו דער לערערקע זאָל מען שטיל און ריידן זאָל מען שטיל, מע זאָל דאָס קינד ניט אופוועקן. פאמעלעכן, קימאט אף די שפיץ פינגער, גייען די שילערנס צו דער לערערקע. זי דערזעט זיי פונדערוויַיטן און שאָקלט צו זיי מיטן קאָפּ, וואָס דאָס באטיַיט: זיי זאָלן צוקומען נעענטער. די לערערקע, די פריילעכע און שיינע יונגע מאמע, קוקט צום קינד אין וועגעלע מיט דער ליכטיקייט פון אירע גרוי־גרינע אויגן. דאָס קינד שלאָפט, און זי שמייכלט צו דעם.

די שילערנס שטעלן זיך אויס אין א קריַיז ארום דער לערערקע און ארום וועגעלע. די ריידערקע איז ביילקע:

— א גוטן־אָוונט איַיך, לערערקע.

— א גוטן־אָוונט איַיך, קינדער. איר שפאצירט?

— מיר זיַינען געקומען א קוק טאָן אף איַיך און איַיער... זאָגט אונדז, לערערקע, א ייִנגל צי א מיידל?

— א ייִנגל.

— לערערקע, מע מעג א קוק טאָן? קיין איַינהאָרע וועלן מיר ניט געבן.

דערנאָך גייען די קינדער צוריק, די ערשטע גייט ביילקע. די לערערקע קוקט זיי נאָך מיט צופרידנקייט. שפעטער דערמאָנט זי זיך: לייע איז ניט געווען. פארוואָס? א שאָד, וואָס זי האָט בא ביילקען ניט געפרעגט.

ביילקע ווייסט טאקע, פארוואָס לייע איז ניט געקומען.

מיט עטלעכע טעג צוריק איז זי, ביילקע, מיט אזא אימפּעט אריַינ־געלאָפן צו לייען, ווי מע וואָלט זי פון א הארמאט ויסגעשאָסן. זי האָט קוים אָפּגעכאפט דעם אָטעם און דערנאָך אויסגעשריִען:

— דו ווייסט, דיַין מאמע האָט כאסענע!

לייע האָט ניט פארשטאנען, וואָס ביילקע רעדט צו איר.

— מיַין מאמע?

— דיַין מאמע, פאניע בלום.

— מיַין מאמע... — לייע האָט נאָר געקאָנט זאָגן: — עס קאָן ניט זיַין!

— איך ווייס דאָך בעסער פון דיר, — האָט ביילקע א שאָקל געטאָן מיטן צעפּל.

— פונוואנען ווייסטו?

— אלע ווייסן. די גאנצע שטאָט ווייסט. זי האָט כאסענע מיט בענטשיק דעם פריילעכן. זיַין וויַיב איז געשטאָרבן.

מער פאר אלעמען איז די כאסענע אומגעריכט געווען פאר פאניען אליין. די לעצטע צײַט זיצט פאניע אין דר׳היים, באגעגנט זיך מיט קיינעם ניט. זי איז גאָר מעקאנע ראָכעלען. ער איז שוין א טאטע, מײַרעם, א גינציקער, אן איבערגעגעבענער. און געקאָנט האָט ער דאָך זײַן איר מאן. אזוי זיך באנארישן.

פאניע היט זיך פאר מאנצבלען. זי מײַדט זיי איצט אויס. עמעס, איר טוט האנאָע, אז זיי קוקן אף איר. זי פארשטייט זייער גוט, ווען זיי שאצן אָפּ איר פּראָסט־לײַביקע שיינקײַט. זי איז צופרידן פון קאָמפּלימענטן. דאָס אלץ איז ריכטיק. אָבער מער וועט זי זיך ניט באנארישן. ניין און ניין!

פאניע איז א גוטע. זי פארגעסט, זי פארגיט, זי איז מויכל. זי איז אויך זיך אליין מויכל. צוריק קאָן מען דאָך ניט כאפּן. זי טוט עס צוליב דעם, זי זאָל אויסזען יונג און שיין. יאָרן גייען, קנייטשן קאָנען אומגעריכט זיך באווײַזן.

ניט לאנג צוריק איז איר געקומען צו כאָלעם די מאמע און געזאָגט: זאָרג ניט, מײַן קינד! וועסט אינגיכן אופגעריכט ווערן.

פאניע האָט פארשטאנען, וואָס דאָס באטײַט: זי וועט כאסענע האָבן. מיט וועמען? ניטאָ מיט ווער עמען. זי האָט אָפּט וועגן דעם געטראכט: מיט ווער עמען וועט זי אופגעריכט ווערן? ערנסט און אף שטענדיק. ווי מע פלעגט אמאָל זאָגן: פאר גאָט און פאר לײַט. זי וויל עס פון פולן הארצן. איינמאָל, זיצנ־דיק אין יידישן טעאטער אף דער פאָרשטעלונג פון קושניראָווס „הירש לעקערט״, האָט זי אין אנטראקט דערזען, אז לעבן איר זיצט בענטשיק דער פריילעכער. ער קערט אויס צו איר דעם קאָפּ און זאָגט:

— פאניע? זייער גוט...

פארוואָס „זייער גוט...״? האָט פאניע ניט פארשטאנען. בענטשיק האָט ליב צו שפּאסן.

ניט נאָר באקאנטע האָבן שוין פארגעסן בענטשיקס פאמיליע־נאָמען, נאָר, דוכט זיך, אליין בענטשיק האָט אויך פארגעסן, אז ער טראָגט א פאָשעטע און גוטע פאמיליע: שוסטער. אלע רופן אים „בענטשיק דער פריילעכער״. פאראן אפילע אזוינע, וואָס האלטן, אז אין אים ליגט א גילגל פון א שײַקע פײַפער, פון א מאָטקע כאבאד: א פריילעכער ווערטלזאָגער, א מײַדים צו מאכן מענטשן לאכנדיק. זײַנע ווערטלעך (כאָטש אָפּטער פאר אלץ גאָר ניט זײַנע) כאזערט מען איבער מיט א צוגאָב: „ווי בענטשיק זאָגט״. עס גייט אף זײַן נאָמען. און אויב ער זאָל אפילע ניט ווען, וועט עס שוין ניט העלפן.

איז בא עמעצן אין קעשענע ליידיק:

— א ני העלער, א ני פעניג, א ני גראָש, ווי בענטשיק זאָגט.

טומלט עמעצער מיט פוסטע זאכן:

— „שויכעט, קוילע מײַנע גענדז!״ — „וויפל גענדז האָסטו?״, — „א האל־בע הון״, ווי בענטשיק זאָגט.

וויל עמעצער מאכן א שנאפּס:

— גאָט גיט אַלעמען אַף בראַנפן. ווער איז שולדיק, וואָס מע גיט עס אויס אַף ברויט, ווי בענטשיק זאָגט.

ווענן ניט קיין קלוגן:

— געשמיסן... און צום קאָפּ ניט דערגאַנגען, ווי בענטשיק זאָגט.

אַלע פריילעכע ווערטלעך און מײַסעס גייען אַף דער קאָנטע פון בענ־טשיק דעם פריילעכן. ער אַליין וווּנדערט זיך... וויאַזוי?

ס׳איז ביכלאל שווער צו וויסן: צי בענטשיק מיטן יונגן פּאָנעם, מיט די קליינע פּעך־שוואַרצע וואָנצעלעך און מיט דער גראָוקײַט בײַ די שלייפן איז לויטן כאַראַקטער אַ פריילעכער צי ער מאַכט זיך פריילעך, ווײַל ער־געץ עגבערט אים אַ גרויסער אומעט. זײַן גאַנץ לעבן האָט ער געוואָלט ווערן אַן אַרטיסט, פאַרשטייט זיך, אַ קאָמיקער. האָט זיך אָבער אויסגע־לאָזט, אַז אַף דער בינע איז ער אַ שטומער, אַ גוילעם. ער קאָן קיין וואָרט ניט אויסריידן, קיין באַוועגונג ניט מאַכן. דערפאַר אָבער איז ער אַן אָפּ־טער אַרײַנגייער צו ראַפּאַלסקין אין טעאַטער. מיט אַלע אַרטיסטן איז ער פאַניבראַט. און אַלע פאָדערן בײַ אים פריילעכקײַט. צוליב דעם אַליין טרעפן אַמאָל בײַ אים מאָדנע אײַנפאַלן — ער טוט קאַפּויר, ווי בײַ לײַטן. ער מוז. ער איז בענטשיק.

בענטשיק איז אַ שנײַדער, אַ גוטער דאַמען־שנײַדער. אַן אַקטיוויסט אין פּראָפאַריין. מיט אַ יאָר צוריק איז בײַ אים געשטאָרבן דאָס ווײַב. זיי האָבן צווישן זיך גוט געלעבט. אין מעשעך פון דעם יאָר נאָך איר טויט האָט ער זיך אין ערגעץ ניט באַוויזן. ניט צווישן מענטשן, ניט אין טעאַטער, ניט אין קינאָ — אַ יאָר פון טרויער. צום יאָרצײַט האָט ער געשטעלט אַ מאַ־צייווע. פאַר דער צײַט, וואָס ער איז נאָך דער אַרבעט געזעסן אין שטוב, האָט ער אַ סאַך געלייענט. אים איז זייער געפעלן געוואָרן די מײַסע פון ייִפטאָכן און זײַן איינציקער טאָכטער. ער האָט זיך געזאָגט: אַן אײַנפאַל, אַ טשיקאַווער אײַנפאַל. ער אַליין דאַרף דאָך אויך אַזוינס באַווײַזן. ער איז בענטשיק. זײַן אײַנפאַל וועט באַשטיין אין דעם, וואָס די ערשטע פרײַע פרוי, וועלכע ער וועט טרעפן, דאַרף ווערן זײַן ווײַב. ער איז אַוועק אין טעאַטער. די ערשטע, וועמען ער האָט באַגעגנט, איז געווען פאַניע בלום.

— זייער גוט... — האָט ער געזאָגט.

— פאַרוואָס זייער גוט, בענטשיק?

— ווײַל איך האָב אַ ניידער געטאָן...

— וואָס פאַר אַ ניידער, אויב מע מעג וויסן?

— די ערשטע פרײַע פרוי, וואָס איך וועל באַגעגענען, וועט זײַן מײַן ווײַב. איר זײַט די ערשטע.

— איר זײַט אַ קאָמיקער, בענטשיק.

— איך רעד ערנסט. איר זאָלט וויסן זײַן, אַז דאַפקע דעמלט, ווען מע קלײַבט אַ סאַך, פאַלט מען אַרײַן. וואָס ס׳איז באַשערט — קומט אַליין. לאַכט ניט... איך מיין עס ערנסט. איר ווייסט דאָך, אַז מײַן פרוי איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן.

— איך ווייס. נאָר וואָס האָט עס צו מיר?

— איר ווילט דען ניט כאַסענע האָבן?

— דאָס זאָג איך ניט.

— איך געפעל אײַך ניט?

— איר זײַט א מאָדנער מענטש, בענטשיק. איר פארגיט אזוינע מאָדנע פראגעס...

— ניט קיין מאָדנע פראגעס. פּאָשעט: איך געפעל אײַך ניט?

— איך זאָג עס ניט. איר געפעלט אלעמען.

— אלעמען... טויג ניט. אײַך געפעל איך?

— לאָמיר זאָגן... יאָ.

— א גוטער ארבעטער בין איך?

פאניע שאָקלט מיטן קאָפּ אף „יאָ".

— א פריילעכער בין איך?

— אזוי זאָגט מען.

— פארוואָס ווילט איר מיט מיר ניט כאסענע האָבן?

— בענטשיק, גענוג צו שפּאסן.

— איך שפּאס ניט. איך וויל נאָר, אז בא אונדז זאָלן זײַן א סאך קינדער.

פאניע האָט זיך צעלאכט. דערנאָך ערשט האָט זי געזאָגט:

— איר רעדט ניט קיין איידעלע רייד.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ער זי באגלייט אהיים. בא דער טיר האָט ער געזאָגט:

— פאניע, איך מיין עס גאנץ ערנסט, — ער איז אריבער אף „דו": — דו געפעלסט מיר. דו געפעלסט מיר פון לאנג. באטראכט זיך. מאָרגן וועל איך קומען נאָך אן ענטפער.

— גוט, — האָט זי געענטפערט, — איך וועל טראכטן.

לייע איז שוין געשלאָפן. פאניע האָט זיך געלייגט אף איר געלעגער און געפרעגט: „מאמע, דאָס איז ער מײַן באשערטער?" און כאָטש די מאמע האָט גאָרניט געענטפערט, האָט זי זיך געזאָגט: איך געפעל אים. שוין לאנג געפעל איך אים. א מענטש אן אָרנטלעכער, מיט א גוטן נאָמען, א פארדי־נער. עפּשער טאקע ער...

אף מאָרגן איז ער געקומען נאָך אן ענטפער.

— אזוי אומגעריכט, — האָט זי געזאָגט, — איך דארף זיך כאָטש צוגע־ווינען צום געדאנק.

— האָסט צײַט ביז מאָרגן.

אף מאָרגן איז שוין פאניע געווען צום געדאנק צוגעוווינט.

32

פאניען איז גוט. זי איז אופגעריכט געוואָרן. די שכיינים האָבן פאר איר דערעכערעץ. דער מאן אירער, בענטשיק, איז פון איר צופרידן. ס'איז בא זיי א רויִק און געמיטלעך לעבן, זי איז א באלעבאָסטע בא זיך.

פאניע האָט זיך ליב צו פּוצן, שיין אָנטאָן, מע זאָל זי באמערקן און דערזען. פריִער האָט עס בא די שכיינים געהייסן: זי פּוצט זיך פאר פרעמ־דע מאנצבלען, עמעצן ארײַנארן. איצט הייסט עס: זי האָט ליב איר מאן און

וויל אים געפעלן. און ביכלאל האָבן אלע איצט דערזען, אז פּאניע איז א ווילע, א גוטע, א מיטפילנדיקע, ווייל טאָן מענטשן טויוועס. און דערצו איז זי דאָך א פריילעכע, א זינגערקע. אין פארשיידענע היַזער לאדט מען זיי אײַן אין געסט, בענטשיקן מיט פּאניען.

לייע בלײַבט אין שטוב אליין. זי איז צו דעם צוגעוווינט, זי פילט זיך בעסער, ווען זי איז אליין. זי קאָן דעמלט טראכטן און כאָלעמען, וויפל זי וויל.

מיט יעדן טאָג ווערט פּאניע אלץ מער אײַנגעליבט אין בענטשיקן. זי איז אף אזויפיל פארנומען מיט זיך און מיט איר גליק, אז איר איז איצט שווער צו באמערקן עמעצן אויסער זיך אליין, אפילו איר אייגענע טאָכ־טער. זי וויל, אז לייע זאָל בענטשיקן רופן „טאטע". און לייע קאָן עס פון מויל ניט ארויסברענגען, זי ווערגט זיך מיט דעם. מיט א יאָר דרײַ־פיר פריִער, באזונדערס, ווען זי וואָלט אזוי געדארפט רופן מײַרעמען, וואָלט עס איר זיך לײַכטער אײַנגעגעבן. אָבער איצט, ווען זי האָט שוין געזען גענוג פעטערס, איצט פארשטייט זי זייער גוט, אז בענטשיק איז דער מא־מעס מאן, אָבער ניט איר, לייעס, טאטע. און טאקע ווײַל זי, לייע, האָט קיין טאטן קיינמאָל ניט געזען, איז דאָס דאָזיקע וואָרט „טאטע" פאר איר הייליק. אין איר וואקסט א גרויסע און באהאלטענע בענקעניש נאָך אן עמעצן טאטן. לייען איז באזונדערס שווער, ווען די מאמע מיט בענטשיקן קערן זיך אום אהיים פון אן אָוונט ערגעץ אין געסט. פריילעכע און צופרי־דענע, נעמען זיי זיך קושן און האלדזן, שלאָפן לאנג ניט אײַן. זיי מיינען, אז לייע שלאָפט.

ביילקע, ווי פריִער, קומט אָפט צו לייען. ווי אלעמאָל, ברענגט זי ניַיס. זי פרעגט אָבער אויך:

— זיי קושן זיך? (ווען מען מע מיינט — פארשטייען ביידע).

פון דער פראגע אליין פארשעמט זיך לייע. אירע בלאסע באקן פארוויט־לען זיך, די גרויסע אויגן קוקן אף אראָפּ.

— וואָס שעמסטו זיך? — טרעט ניט אָפּ ביילקע.

— איך ווייס ניט, איך שלאָף...

— און איך הער אין שלאָף, ווי מע קושט זיך.

— איך ניט.

— און דו רופסט אים „טאטע"?

— ניין.

— ווי רופסטו אים?

— איך רוף ניט.

— די לערערקע האָט זיך אף דיר נאָכגעפרעגט. מײַן מאמע האָט דיך געבעטן קומען. בא אונדז זײַנען אלעמאָל געשמאקע ווארמעסן.

— גוט.

— געדענק, דו האָסט צוגעזאָגט, — שרײַט אויס ביילקע און גייט שנעל אוועק.

אין אָוונט איז לייע געקומען אין סקווער צו דער לערערקע. ווי נעכטן און אייערנעכטן, איז אויך הײַנט דער יונג־באגרינטער סקווער מיט די לאנגע פריש־געפארבטע בענק פול מיט מאמעס און באָבעס. דער פארנאכט

איז נאָר איצט א מער טונקעלער און מער קילער צוליבן שווערן און שווארצן כמארע־בארג, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן איבערן שמאָלן ווײַנשל־פאַס אפן הימל און דריקט אים צו דער ערד. און די שטילקײַט איז אין סקווער שוין גאָר ניט קיין רויִקע.

לייע איז צוגעגאנגען מיט לײַכטע טריט, און דינע האָט זי צוערשט ניט באמערקט. די לערערקע איז געזעסן באם וועגעלע און געקוקט אפן שלאָפנדיקן קינד. און אלע ווײַלע האָט זי מיט אן אנדער אינטאָנאציע, שטיל פאר זיך ארויסגערעדט „יאָסעלע". זי האָט זיך געשפילט מיטן קינדס נאָמען. יונגע מאמעס זײַנען נאָך אויך קינדער. דינע האָט דערזען לייען און זיך צעלאכט.

— מיר שפּילן זיך...

— ער שלאָפט דאָך! — האָט לייע פארוואונדערט געזאָגט.

— נו, איז וואָס? מיר פארשטייען זיך גוט.

— לערערקע, ער וויינט באנאכט?

— ניין, לייעלע, ער שלאָפט.

— און באטאָג?

— אויך ניט. ער וויל מיר ניט פארשאפן קיין פארדראָס.

— אוי, א קלוגער. און א שיינער...

פון לייעס ווערטער דערפילט זיך די לערערקע גליקלעך. א ווארעמקײַט צעגייט זיך איבער איר גאנצן קערפּער. זי איז גרייט צו טאנצן. אָט אזוי, פונקט ווי די קינדער זײַנען גליקלעך, ווען זיי הערן א גוט וואָרט פון דער לערערקע. ביידע, דינע און לייע, פילן זיך אף דער לאנגער באנק אין סקווער, ווי כאוועריטעס, ווי שילערנס פון איין קלאס. די לערערקע האָט פארגעסן, נאָך וואָס זי האָט גערופן לייען, און לייע האָט פארגעסן, נאָך וואָס זי איז צו דער לערערקע געקומען. ביידע האָבן שטיל גערעדט און שטיל געלאכט... ביז זיי האָבן דערזען, אז מאמעס און באָבעס פארלאָזן מיט זייערע וועגעלעך דעם סקווער — עס קלײַבט זיך א רעגן. לייע האָט באַגלייט די לערערקע ביז איר שטוב. צו זיך אהיים איז זי געקומען גוט אופּגעלייגט, א צופרידענע.

די מאמע אירע ראמט און פוצט די דירע, דערבײַ זינגט זי פריילעך. פון איר יעדן ווענד איז צו זען, ווי גליקלעך זי איז. זי דארף זיך פאר קיינעם ניט שעמען, פאר קיינעם ניט היטן. זי איז געוואָרן ווי באפרײַט. בענטשיק גייט איר אין אלץ אנטקעגן. זי וויל אים אויך אָנטאָן פארגעניגן. און ווי נאָר לייע קומט ארײַן, זאָגט צו איר די מאמע:

— לייעלע, טײַערע, זאָג אליין... פארוואָס זאָלסטו אים ניט רופן „טאַטע"?

דאפקע אין דער רעגע איז עס פאר לייען אומדערוואַרט. מע האָט זי אופגעוועקט פון א גוטן און פריילעכן כאָלעם. מיט די גרויסע אומרויִקע אויגן קוקט זי אף דער מאמען און שווײַגט.

— שווײַגסט. א מאָדע זיך געמאכט: שווײַגן. דו פארגעסט, אז דו עסט זײַן ברויט.

לייע ענטפערט ניט.

— אין וועמען ביסטו געראָטן? — זאָגט פאַניע מיט הארץ. — איך בין א גוטע, פאַרוואָס ביסטו אזא שלעכטע? זאָג אים „טאטע". ער וועט זײַן אפן זיבעטן הימל.

פון די ערשטע קינדער־יאָרן אָן ווארעמט זיך אין לייען דער געדאנק, דאָס געפיל, דער פארלאנג צו האָבן א טאטן, אן אייגענעם טאטן. זײַן גלײַך מיט אלע קינדער. אָבער א פרעמדער?.. זי וואָלט וועלן דער מאמען צוליב טאָן. קאָן זי אָבער ניט. נו, זי קאָן ניט! ס'איז איבער אירע קויכעס...

— אין וועמען ביסטו געראָטן? נו, זאָג, אין וועמען?

און בא לייען כאפּט זיך ארויס:

— מאמע, עפשער... עפשער אין מײַן טאטן?

פון די דאָזיקע ווערטער ווערט פאַניע איבעראשט און בלײַבט א ווײַלע ווי פארשטיינערט. פונוואנען קומען צו לייען אזוינע געדאנקען? און דאפקע איצט, ווען אירע, פאַניעס, ווונדן ווערן פארצויגן, זי גלײַכט זיך אויס און ווערט מיט לײַטן גלײַך, דאפקע איצט עפנט די טאָכטער אירע ווונדן, מישט אוף פארגאנגענע בלעטער. ניין! זי וועט ניט דערלאָזן, אז די טאָכ־טער זאָל זיך שטעלן צווישן איר און איר מאן. געגנוג האָט זי פארזוכט ביטערקײַט אין איר לעבן. און מיט שטארקן פארדראָס זאָגט די מאמע ארויס, ווי א גרויסע שטראָף פאר לייען:

— זײַ וויסן, האָסט קיינמאָל קיין טאטן ניט געהאט!

## 33

לייען איז ניט גוט. זי איז ווידער געקומען צו דער לערערקע. און ווי־דער אין סקווער. גלײַך נאָך דעם, ווי זי האָט זיך באגריסט, האָט זי גע־פרעגט:

— לערערקע, זאָגט מיר, צי קאָן טאקע זײַן, אז א מענטש זאָל ניט האָבן קיין טאטן?

די לערערקע ווייסט, ווי וויכטיק איז פאר לייען דער ענטפער. האָבן א טאטן — דאָס איז לייעס טרוים און איר האָפענונג. די לערערקע ווייסט אויך, ווי פאָרזיכטיק מע דארף וועגן דעם מיט לייען רײדן.

— וואָס עפּעס פלוצלינג אזא פראגע?

— די מאמע האָט מיר געזאָגט, אז איך האָב קיינמאָל קיין טאטן ניט געהאט.

— די מאמע? ווי קומט עס? עפשער איז זי געווען בייז אף דיר?

— עמעס, געוועזן.

— מאכט זיך אמאָל, אז מע זאָגט אן איבעריק וואָרט, ווען מע איז אופ־געטעגט. די מאמע האָט עס דיר געזאָגט? ווי קומט עס צו דײַן מאמען? א גוטע, א קלוגע...

— זי וויל, איך זאָל בענטשיקן רופן „טאטע".

די לערערקע ענטפערט ניט גלײַך. אין איר לעבנס־דערפארונג איז עס א נײַס. זי פרעגט נאָר:

— און דו?

— איך קאָן ניט, לערערקע, — אין לייעס אויגן־ווינקלען האָבן זיך באַוויזן טרערן. אין יעדן אויג אן איינציקע טרער, ווי א קליין דימענט־קנעפּעלע.

— באַרויִק זיך, טײַערע, מיר וועלן וועגן דעם נאָך ריידן. א מאמע איז דאָך א מאמע. מע דאַרף זי אויך פאַרשטיין. אָט איך, לייעלע, בין שוין אויך א מאמע.

דינע באַנעמט, אַז הײַנט צום ערשטן מאָל רעדט מיט איר לייע אַזוי אָפן וועגן דעם, וואָס זי פּלעגט ביז איצט פאַרשווײַגן. זי וויל לייען באַרויִקן און, ווי נעכטן, אַרײַנציִען אין א שפּיל. די לערערקע וויל נאָך שפּילן, איר שילערן אָבער איז איצט א דערוואַקסענע, מיט דײַגעס פון א דערוואַקסענער, און זי לאָזט זיך אין קיין שפּיל ניט אַרײַנציִען. זי טוט א זיפץ און שווײַגט.

אויף מאָרגן איז די לערערקע דינע געקומען צו לייעס מאַמען.

— איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איר וועט קומען, — האָט זי פאַניע באַגעגנט.

— פאַרשטאַנען?

— מײַן קליינע איז בײַ אײַך געווען?

— געווען.

— איך האָב זיך נעכטן שטאַרק באַנאַרישט. זעצט זיך, לערערקע, זעצט זיך. בײַ אײַך איז א יִינגעלע? זאָל זײַן מיט מזל.

— א דאַנק! איר ווייסט, פאַניע, איך האָב זיך אויף אײַך זייער געוווּנדערט. איר זאָלט אַזוינס זאָגן! און וועמען? לייען... ווען זי דערהערט נאָר דאָס וואָרט „טאַטע”, ציטערט זי אויף. ווי קומט עס צו אײַך?

— ווי קומט עס? אַז עס קומט — לויפט עס אויף אַלע פיר, ווי בענטשיק זאָגט. טײַערע דינע, איינמאָל האָב איך זיך פאַר אײַך אויסגערעדט דאָס האַרץ, ווי פאַר א געטרײַער עלטערער שוועסטער, כאָטש איר זײַט יִינגער פון מיר. הײַנט וויל איך ווידער זיך אויסריידן פאַר אײַך...

— אדעראַבע, איך הער אײַך.

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן... איך זע איצט בעסער מײַן נעכטן, און אַז כ'דערמאָן זיך אָן אים, ווערט מיר פינצטער אין די אויגן... שטענדיק זיך געהיט, אויסבאַהאַלטן, געגאַנוועט פרעמד גליק, מוירע געהאַט פאַר א זײַטיק אויג. אַן עמעסער גענעם! איצט בין איך ווי נײַ־געבאָרן. איך קאָן אַלעמען קוקן אין די אויגן. איך דאַרף אײַך זאָגן, לערערקע, איך בין גליקלעך. אַזאַ גוטן מענטשן, ווי בענטשיק, איז ווײַט צו זוכן. מיט זײַן ערשט ווײַב האָט ער קיין קינדער ניט געהאַט, אַזוינס טרעפט אויף דער וועלט, און ער כאַלעשט א קינד. אָבער דערווײַל וויל איך, אַז ער זאָל אין לייען דערזען זײַן אייגן קינד. פאַרוואָס זאָל איך אים ניט פאַרשאַפן קיין ביסל פאַרגעניגן?

— נו?

— איך האָב זי געבעטן פריִער מיט גוטן... און זי האָט זיך אײַנגעאַקשנט: ניין און ניין!

— האָט איר זיך צעבייזערט און איר אַזוינס געזאָגט!

— גענאָגט, לערערקע, גענאָגט. איר ווייסט דאָך, אַז אַ וואָרט צוריק קאָן מען ניט כאַפּן. זיך באַנארישט. מײַן שולד! אָבער גייט אַרײַן אין מײַן לאַ־גע, איך בין דען שולדיק? איך וויל דאָך, אַז אַלץ זאָל זײַן צום בעסטן.

— איר ווייסט, אַז איך קום ניט אײַך צו באַשולדיקן. איר זאָגט, פאַניע אַז איר גלײַכט זיך אויס. זייער גוט. ברעכט אָבער ניט לייען. זי איז מיט כאַראַקטער, ניט אַלעמאָל לאָזט זי זיך בייגן, אָף איר גאַנץ לעבן קאָן עס פאַרבלײַבן. פאַרגעסט עס ניט, פאַניע. איר זאָגט מיר צו?

— איך זאָג דאָך אײַך: די שולד איז מײַנע, אָבער איך ווייס ניט, צי איך בין שולדיק?

— אָפּגערעדט. קומט אַמאָל מיט אײַער מאַן אַרײַן צו אונדז אַ קוק טאָן אָף מײַן יינגעלע.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — און פאַניע האָט אַרומגעכאַפּט דינעם קושן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לייען איז ניט נאָר שווער צו זאָגן „טאַטע״, נאָר אויך ניט גרינג צו זאָגן „פעטער״.

טאַטע — איז אַ הייליקער טרוים.

פעטער — אַ שווערע דערמאָנונג.

אַוואַדע וועט זיך איר מאַמע וווּנדערן: אין וועמען איז זי געראָטן? זי, פאַניע, קאָן גיך אַלץ פאַרגעסן, אַלץ מוחל זײַן, זיך אָפּגעווינען און צוגעווינען. לייע איז ניט אַזאַ. דאַרף זי זאָגן „פעטער״ — קומען אויף גרישע און מישע, מײַרעם און מאָטל... די מאַמע מיינט, אַז די טאָכטער געדענקט ניט, אָבער די טאָכטער געדענקט.

אין שטוב בא פאַניען איז אויסגעפּוצט און געמיטלעך. נײַע גאַרדינען אָף די פענצטער, נײַע שטולן אַרום טיש. אָפן טיש ליגט אַ נײַער ווײַסער סערוועט מיט ראָזע קאַנטן. אינעם בופעטל מיט די גלעזערנע טירלעך איז אויסגעשטעלט אַ פּילפאַרביקער סערוויז, טעלער און טעלערלעך, טעפּעלעך, טעצעלעך, גלעזעלעך. אָף דער וואַנט הענגט אַ גרויסע פּאָטאָ: פאַניע און בענטשיק. אין שטוב שמעקט מאַמעש מיט גוטסקײַט און ליבע. צו לייען איז די מאַמע אופמערקזאַם און ווייך. זי רופט זי ניט אַנדערש, ווי לייעלע, טאָכטערקע, מיידעלע...

אָבער פּלוצלינג, גאָר אומגעריכט ווערט די מאַמע צו איר אָפּגעקילט. געשען איז עס אין יענעם טאָג, ווען זי האָט דערפילט, אַז זי איז אָף דער צײַט, אַז זי האָט טאַקע צוליב געטאָן בענטשיקן און וועט ווערן אַ מאַמע. פון דעם טאָג אָן האָט פאַר איר מער גאָרניט עקזיסטירט, כוץ איר קומענ־דיקער מוטערשאַפט. זי האָט שוין אַפילע גענומען גרייטן אויסשטײַער פאַרן קינד.

מאַן און ווײַב האַלטן אין איין טרעפן: אַ יינגל צי אַ מיידל...

34

און אָט איז אָנגעקומען די צײַט, ווען אַלע האָבן שוין געקאָנט באַ־מערקן, אַז פאַניע גרייט זיך ווערן אַ מאַמע. דעמלט האָט זי מיט בענטשיקן גענומען נאָך אָפטער גיין אין געסט. די ערשטע זאָך זײַנען זיי אַוועק צו

דינען אָנקוקן איר ייִנגעלע. איבער דער גאס גייט פאניע מיט א פארהויי־בענעם קאָפּ, שטעלט יעדער טראָט מיט גרויס ווירדע, ווי זי וואָלט וועלן, אז ניט נאָר די גאס, ניט נאָר מינסק, די גאנצע וועלט זאָל זען איר שוואַנ־גערשאַפט. דינעס גאנצע מישפּאָכע גייט איר ארויס אנטקעגן. דינע קומט ארויס מיטן קינד אף דער האנט.

— פאניע, איר בליט.

— א ייִנגל צי א מיידל?

פון אלע זײַטן שיטן זיך קאָמפּלימענטן, און פאניען איז נאָך אלץ וויינ־ציק. איר קומט מער. עס באקומט זיך, אז זי מיט איר מאן מאכן גאָר גליקלעך די וועלט. מע קאָן עס אויך פארשטיין. מיט דער ערשטער פרוי האָט בענטשיק קיין קינדער ניט געהאט, איז ווער איז איצט צו אים גלײַך... בא פאניען איז עס א ביסל אנדערש: פריִער האָט זי מוירע געהאט, זי זאָל פארגיין אין טראָגן, דאָס וואָלט באטײַט: ווידער אָן א מאן, ווידער אָן א טאטן... און איצט — א מאן, א טאטע, קאָשער און לײַטיש.

אלע זיצן ארום טיש, כאנע דערלאנגט קיבעד. שאָלעם בעט אלעמען עסן, טרינקען. דינע זיצט מיט איר ייִנגעלע אף דער קאנאפּע. זי כאלעשט צו דערהערן פון די געסט כאָטש איין וואָרט וועגן איר ייִנגעלע, שווײַגן אָבער די געסט. דינע איז אויסגעהאלטן. איר קלעקט קויעך אף שווײַגן, זיך מאכן ניט וויסנדיק. די מאמע אירע, כאנע, איז ניט מעכויִעוו צו זײַן אויסגעהאלטן, זי פארגינט זיך א פרעג צו טאָן בא די געסט:

— ווי געפעלט אײַך מײַן אייניקל?

— א שיין קינד, — ענטפערט פאניע, נאָר אָן יענער אנציקונג, אף וועלכער א מאמע און א באָבע קוקן ארויס. דערבײַ אײַלט זיך פאניע טייקעף צו פרעגן: — טאקע אָן עמעס, דינעלע, אז דאָס טראָגן רופט זיך אף מיר ניט אָפּ?

דינע וואָלט זיך אפילו געקאָנט באליידיקן, זי פארשטייט אָבער: פאניע איז פארשיקערט פון פרייד און זעט קיינעם ניט.

— איר זעט הײַנט מײַן אייניקל צום ערשטן מאָל? — פרעגט כאנע, קעדיי ווידער זיך צו אומקערן צו דעם, וואָס איר איז טשיקאַווע.

— דאָס ערשטע מאָל. ווי מיינט איר, כאנע, בא מיר וועט זײַן א ייִנגל צי א מיידל?

— וואָס האָט איר באשטעלט, בענטשיק? — פרעגט כאנע.

— א צווילינג. א ייִנגל מיט א מיידל...

פאניע לאכט.

די באָבע וויל זיך אָבער ניט אונטערגעבן.

— אנו, דינעלע, באווײַז אונדז דײַן ייִנגעלע. וואָס זאָגט איר, טײַערע געסט?

די טײַערע געסט האָבן עפּעס יאָ געזאָגט, נאָר גאָר בעקיצער. אינגיכן האָבן זיי זיך גענומען געזעגענען.

נאָך זייער אוועקגיין האָבן זיך אלע אין שטוב דערפילט ניט גוט. דאַ־ניִעל האָט אומצופרידן געזאָגט:

— איך פארשטיי ניט, פארוואָס האלט מען בענטשיקן פאר א פריילעכן

און פאר א קלוגן. און וואָס אָנבאלאנגט פאניען... דארף איך זאָגן, אז איך האָב ניט ליב קיין באלטשוווע.

— איך זע, דאניעלקע, אז דיך פארדריסט גוט, וואָס די געסט האָבן אף דײַן זון קיין אכט ניט געלייגט.

— עמעס, דינעלע, עמעס.

פאניע און בענטשיק שיידן זיך ניט. אָט האָבן זיי צוזאמען, האלטנדיק זיך פאר די הענט, ווי יונגיטשקע געליבטע, זיך געלאָזט גיין אין געסט צו איטע ראטנער מיט אירע טעכטער. ס׳איז א הארבסטיקער זונטיק־טאָג. איבערן קאָפּ הענגט א רעגן. טונקעלע, שווערע, אָנגעטרונקענע וואָלקנס קריכן איבערן הימל, ווי בלינדע בערג. איינצלנע טראָפּנס נעמען שפּריצן און שרעקן די דורכגייער, נאָר דער ווינט יאָגט אָפּ דעם וואָלקן. און די טראָפּנס טראָגן זיך אוועק ווײַטער. אריבערטרעטנדיק די שוועל פון איטעס דירע, האָבן פאניע און בענטשיק טייקעף דערפילט די געמיטלעכע היי־מישקײַט און די געשמאקע ווארעמקײַט פון אויסגעהייצטן אויוון. זיי זײַ־נען ארײַנגעקומען מיט א ברייטער באגריסונג און זײַנען געווען זיכער, אז אויך דאָ וועט מען, ווי בא דער לערערקע דינע, זיי ארויסקומען אנטקעגן. דאָ איז די באגעגעניש געווען א קעלטערע. בא איטען אין שטוב האלט מען גאָר ניט, אז פאניע מאכט גליקלעך די וועלט, ווײַל זי האָט א מאן און שוואנגערט. בא איטען און איר מישפּאָכע איז דאָס א גאנץ געוויינלעכע זאך. דערצו זײַנען די געסט געקומען אומגעבעטן און אומדערווארט.

פארשטייט זיך, אז מע האָט פאניען און בענטשיקן פארבעטן זיצן, גע־פרעגט, וואָס זיי מאכן, מעכאבעד געווען מיט טיי און מיט פריש־גע־פּרעגלטן פלוימען־אײַנגעמאכטס. נאָר ס׳איז אדורך עטלעכע מינוט, נאָך עטלעכע, און די מישפּאָכע ראטנער נעמט לעבן מיט איר אייגענעם לעבן.

אויסער איטען מיט איר מאן שלוימע און דער יִינגערער טאָכטער מי־ריאם מיט איר כאָסן, זײַנען דאָ פאראן די עלטערע טאָכטער ריווקע און די מיטלסטע יודעס מיט זייערע מאנען און ערשטלינגען — יִינגלעך. פאראן נאָך עטלעכע געסט. ריווקע האָט א טײַנע צו איר מאן און פארקלאָגט אים צו אירע עלטערן. דער מאן אירער, אײַזיק שאפּיראָ, איז א דאָצענט אין מינסקער אוניווערסיטעט, ווו דאָס ווײַב זײַנס, ריווקע, איז א סטודענטן. פאר דעם, ווי זיי זײַנען געוואָרן מאן און ווײַב, פלעגט ער איר שטעלן באלן לויט אירע קענטענישן. איצט שטעלט ער איר פארקלענערטע באלן, מע זאָל ניט זאָגן, אז ער פּראָטעזשירט זײַן ווײַב.

אלעמען בא איטען אין שטוב וווּנדערט עס. וואָס טויג אזא אָרנטלעכ־קײַט?

ריווקעס מאן, דער דאָצענט אײַזיק שאפּיראָ, הערט און ענטפערט ניט. ער איז ביכלאל פון די רויִקע און שטילע שווײַגערס, וואָס רעאגירן לאנג־זאם. פאר זיך טראכט ער, אז ער קאָן אנדערש ניט. אָט אזא איז ער.

יודעסעס מאן, ארעלע גינצבורג, א באוועגלעכער, א לעבעדיקער, וואָס דארף נאָך א וואָרט אין קעשענע ניט קריכן, זינגט אויס:

— אוי, טאטע, וואָס האָסטו צו דער מאמען, ווי בענטשיק זאָגט.

וועגן בענטשיקן און פאניען האָט מען דאָ גאָר פארגעסן. זיי זיצן אין דער זײַט און באזונדער. און ווען ארעלע גינצבורג דערמאָנט בענטשיקס

נאָמען, דערגייט עס נאָר צו פאַניען. זי קוקט אַף איר מאַן מיט צופֿרידנ־קייט, וואָס זאָגט: זעסטו, מײַן טײַערער, מע כאַזערט איבער דײַנע ווער־טער. בענטשיק אָבער קוקט אַף קיינעם ניט. ער האָט אַזוינס ניט געזאָגט.

פאַניע מיט בענטשיקן זיצן, ווי אַף אַ פֿרעמדער סימכע. מע וואָלט זיי, מיסטאַמע, אָפּגעדאַנקט, ווען זיי גייען אַוועק. זיי רירן זיך פֿון אָרט ניט.

— קינדער, — זאָגט איטע, — עסן ווילט איר?

די טעכטער ענטפֿערן:

— מיר ווילן.

דער איידעם אײַזיק שאַפּיראָ שווײַגט. מיריאַמס כאָסן שווײַגט אויך. יודעסעס מאַן שטעלט זיך טייקעף אויף, ער איז שוין גרייט וואַשן די הענט און זיך זעצן צום טיש.

— פֿרײַנט מײַנע, אַכילע איז די בעסטע טפֿילע, — ווי בענטשיק זאָגט.

פאַניע איז ווידער צופֿרידן. בענטשיק שווײַגט.

אַלע זעצן זיך אויס צום טיש. פאַניע מיט בענטשיקן אויך.

קומענדיקן זונטיק זײַנען זיי אַוועק אין געסט צו מײַרעמען און ראָכע־לען, נאָר האָבן קיינעם אין שטוב ניט געטראָפֿן.

## 35

לייע און ביילקע לערנען אין פֿינפֿטן קלאַס. באַ זיי זײַנען שוין אַנדערע לערער. אָבער סײַ לייע, סײַ ביילקע קאָנען ניט פֿאַרגעסן די לערערקע דינע.

ערעוו נײַ־יאָר. אין די ווינטערדיקע וועלדער אַרום מינסק לײַכט אַרײַן די זון און באַשײַנט מיט פֿריילעכער ראָזקײַט דעם שניי אַף די ביימער. עס שפּילן אויף איינצלנע שנייעלעך, ווי גליִענדיקע פֿײַערלעך. דער פֿראָסט איז אַ שוואַכער און אַ שטילער. די שטילקײַט ווערט נאָר געשטערט דורך די אָנגעוואָרעמטע פּלאַכטעס שניי, וואָס פֿאַלן פֿון צײַט צו צײַט אַראָפּ פֿון די צווײַגן. נאָר אָט דערהערן זיך אין וואַלד קינדער־שטימען. די לע־רערקע דינע מיט שילערנס פֿון די עלטערע קלאַסן איז געקומען אין נאָענטן וואַלד קאָמאַרוויקע אויסצוקלײַבן פֿאַר דער שול אַ יאָלקע צו נײַ־יאָר. געקומען זײַנען אויך לייע און ביילקע. די וואַלד־פֿרישקײַט מונטערט אויף די קינדער לויפֿן, שפּרינגען, לאַכן, פֿרייען זיך. דערנאָך נעמען זיי באַטראַכטן די יונגע יאָלקעס, שאַצן זיי, מעסטן זיי, באַטראַכטן די צווײַגן און די קרוינען:

— אָט די, לערערקע, אָט די.

— און די איז נאָך בעסער.

— און די איז נאָך שענער.

אַרום שטייען יונגע, שלאַנקע, מיט שניי באַדעקטע יאָלקעס. די קינדער געפֿינען אײַן, אַז אַלע זײַנען פּונקט צו דער מאָס, אַזוינע טאַקע דאַרפֿן זיי.

— וועלכע קלײַבן מיר אויס?

— אָט די! — זאָגט איינע און ציט אויס די הענט, ווי זי וואָלט ווען די יאָלקע אַ כאַפּ טאָן צו זיך.

— אוי, לערערקע, א שאָד... אזא יונג ביימל. זאָל עס נאָך וואקסן, — רופט זיך אָפּ לייע מיט געבעט.

— אָט די!! — כאַפּט זיך ארויס א צווייטע און שפּרינגט פון פרייד.

— ניין, ניין, לערערקע, — שרײַט אויס ביילקע. — אזא שיינע, זאָל זי וואקסן.

— אָט די!! — רופט זיך אָפּ א דריטע, נאָר באלד האָט די זאָגערקע אליין כאראָטע. — זאָל די יאָלקע בלײַבן ביז איבעראיאָר. איבעראיאָר וועלן מיר דאָך ווידער קומען.

די לערערקע דינע איז צופרידן, וואָס די קינדער זוכן אויס טערוצים ניט אָנצורירן די יונגע ביימלעך. זי אליין קאָן עס אויך ניט. דאָס הארץ לאָזט ניט. אזוינע שיינע יונגע יאָלקעס. אין דינעס אויגן זעען זיי אויס, ווי יונגע קינדער, וואָס זײַנען געקומען אין וואלד וואקסן. און זי איז דאָך א יונגע מאמע. ניין, זי קאָן ניט פאטערן אזא יונגקײַט און שיינקײַט.

דער קורצער ווינטער־טאָג דערווײַל רוקט זיך. מע באווײַזט זיך ניט ארומצוקוקן, ווי די פײַערדיק־ברענענדיקע זון נעמט זיך אראָפּלאָזן. די לערערקע דינע מיט די קינדער גייען ארויס פון קאָמארויקער וואלד, קומען אין שטאָט, און דאָ דערזעט דינע זייער קלאָר, ווי מע וועט לאכן פון איר: געגאנגען נאָך א יאָלקע צו נײַ־יאָר און געקומען מיט ליידיקע הענט. די קינדער האָבן אויך א טײַנע:

— לערערקע, אָן א יאָלקע?

— אָן א יאָלקע וועלן מיר ניט קומען, — ענטפערט ביילקע און קוקט כיטרע צו דער לערערקע.

דינע פירט די קינדער צום פלעצל, ווו בא דער וואנט שטייען אויסגע־שטעלט יאָלקעס צום פארקויף. די לערערקע קלײַבט אויס, צאָלט אָפּ פון איר קעשענע און זאָגט א פריילעכע:

— קינדער, נעמט...

יעדערער פון די קינדער וויל צולייגן א האנט, כאָטש א פינגער, אָנ־טיילנעמען אין ארײַנברענגען דעם נײַ־יאָר אין שול.

פון דער שול איז לייע אוועק צו ביילקען אהיים. געגאנגען א צופרי־דענע. זיי האָבן הײַנט עפּעס אופגעטאָן, איצט אײַלן זיי צו ביילקעס מאמען עסן א געשמאקן ווארמעס.

די אומרויִקע, באוועגלעכע און פעסטע ביילקע, וואָס האָט לעצטנס זיך א הייב געטאָן אין ווקס, מוז וועגן עמעצן זאָרגן. זאָרגט זי וועגן לייען. טאָמער טרעפט, אז עמעצער אין קלאס זאָגט וועגן לייען ניט קיין פּאסיק וואָרט, קומט איר ביילקע טייקעף צו הילף. איצט, אז ביילקע ברענגט א נײַס, פרעגט שוין ניט לייע: „פונוואנען ווייסטו?‟. ביילקע ווייסט אלץ. און דעריבער האָט לייע קיין פראגעס ניט פארגעבן, ווען ביילקע האָט אין א שטיקל צײַט ארום אָנגעזאָגט א נײַס:

— איטע ראטנער מאכט כאסענע איר מיזינקע.

לייע און ביילקע האָבן זיך אויך געגרייט צו דער כאסענע. דאָרט וועלן זײַן אזויפיל באקאנטע, עס וועט זײַן פריילעך. און די לערערקע דינע וועט דאָרט אויך זײַן.

## 36

די געסט, וואָס קומען אַף דער כאַסענע פון איטעס מיזינקע מיריאַם מיט איר שימענען דעם עלעקטראָטעכניקער, ווייסן גאָר ניט, אַף ווען מען זיי זאָלן פריִער קוקן: אַף דער קאַלע מיטן כאָסן, וואָס זיצן אויבנאָן, ווי די גליקלעכסטע אַף דער וועלט, האַלטן זיך פּאַר די הענט, און, איידער מע טראַכט נאָך צו זאָגן „גאָרקאָ!", קושן זיי זיך שוין, צי אַף די יונגע מאַמעס, אויסגעפּוצטע, שײַנענדיקע, מיט די קינדער אַף די הענט, וואָס זיצן אַרום זיי — איטעס טעכטער, ריווקע און יודעס, מיט זייער קליינוואַרג, ראָכעלע מיט איר קינד, דינע מיט איר יִנגל. און נאָך אַנדערע מאַמעס מיט יִנגלעך און מיידלעך, שיינע און געזונטע — אַן אויסשטעלונג פון לעבן און צוקונפט. און הינטער זיי די מענער — דער רוזקער און שטילער אײַזיק שאַפּיראָ און דער באַוועגלעכער און אומרוזיקער אַרעלע גינצבורג, מײַרעם, דאַניִעל און אַנדערע טאַטעס.

איטע מיט איר מאַן באַגעגענען די געסט.

לייע איז אומעטום פול. אַלץ געפעלט איר. זי פאַרשטייט נאָר איינס ניט: פאַרוואָס איזביילקע ניט געקומען? וואָס איז געשען? זי קוקט די גאַנצע צײַט צו דער טיר און וואַרט... ביילקע איז ניטאָ. און ערשט גאָר אין סאַמע רעכטן פריילעכן טומל עפנט זיך ראַשיק די טיר און, ווי א ווינט, לויפט אַרײַן ביילקע. אַלע באַמערקן זי, און אַלע ווערן שטיל, און אין דער דאָזיקער שטילקײַט שרײַט ביילקע אויס:

— לייעלע, דײַן מאַמע האָט געבאָרן א יִנגל!

## 37

אינמיטן יאַנואַר, א פראָסט און א זון, און עס זעט זיך דײַטלעך־קלאָר דער ווײַטער, ווײַטער האָריזאָנט. די זון לײַכט דורך דעם פראָסט, עס איז קאַלט און וואַרעם צוזאַמען, און עס אָטעמט זיך אַף דער וועלט לײַכט און פרײַ. אין דעם דאָזיקן טאָג ווערט נאָך פאַרשטענדלעכער, אַז אַזאַ גליקלעכע שטוב, ווי ס'איז איצט בא פאַניען און בענטשיקן, איז ווײַט צו זוכן. מער פאַר אַלעמען פילט זיך גליקלעך לייע. זי האָט א מאַמען, א טאַטן און א ברודער. ניין, ניט קיין ברודער, נאָר א ברודערל, א שיינס, א גוטס, א קלוגס. און ערשט גאָר ניט לאַנג איז זי דאָך געווען איינע אַליין, אָן א טאַטן, אָן א ברודער און נאָר מיט א מאַמען, וואָס איז פון איר, פון לייען, געווען אומצופרידן. און, פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט, ווו לייע איז, דאָרט איז אויך ביילקע. ביידע טרעטן ניט אָפּ פון עם קינד, און צו ווען דאָס קינד גיט א שמייכל — יענע איז די גליקלעכע. דאָס קינד מאַכט די ערשטע טריט. עס איז אָנגעטאָן אין לײַכטע שיכעלעך, אַפּן דיל איז אויסגעשפּרייט א טעפּיך. ביידע מיידלעך שטייען פון ביידע זײַטן און רופן:

— אוורעמעלע, צו מיר.

— אוורעמעלע, צו מיר.

און אוורעמעלע שטייט ניט זיכער אַף די פיסלעך און ווייסט ניט צו

וועמען גיין. דערנאָך מאַכט ער אַ טראָט און טוט זיך אַ זעץ אוועק אַפן טעפּיך. און אַלע דרײַ לאַכן.

לייע און ביילקע (אַמאָל צוזאַמען, אַמאָל באַזונדער) קומען צו דער לערערקע דינע דערציילן וועגן לייעס קליין ברודערל, אוורעמעלען. די לערערקע קלײַבט נאַכעס פון ביידע מיידלעך (מײַנע מיידלעך, ווי זי רופט זיי). נאָך אַף דער כאַסענע פון איטע ראַטנערס ייִנגסטער טאָכטער, ווען ביילקע האָט געבראַכט די יעדיִע וועגן ייִנגעלע, האָט דינע אַ טראַכט געטאָן: ווי וועט לייע זיך באַציִען צום קינד? צי וועט דאָס ייִנגעלע זײַן פאַר לייען אַ ברודער? און נאָך האָט זי דעמלט געטראַכט: צי וועט בענטשיק ווערן פאַר לייען אַ טאַטע?

צו דער לערערקע דער ערשטער זײַנען לייע און ביילקע געקומען אָנזאָגן די גוטע בסורע:

— ער גייט שוין... ער מאַכט די ערשטע טריט.

ביידע מיידלעך שײַנען. קוקנדיק אַף זיי, באַנעמט די לערערקע, אַז אָט דאָס קליינע נעפעשל אין די לײַכטע שיכעלעך, וואָס מאַכט אַ טראָט און זעצט זיך, איז לייען אַ ברודער, נאָך מער: עס האָט בענטשיקן געמאַכט פאַר לייעס טאַטן.

און נאָך טראַכט זי וועגן דעם, אַז ביידע, לייע און ביילקע, זײַנען שוין ניט קיין קליינע קינדער, נאָר מיידלעך. זיי קוקן שוין אין שפּיגל, ווילן זײַן שיינע, געפעלן ווערן ייִנגלעך. די לערערקע דינע טראַכט: ווי קינדער וואַקסן, ווי מיידלעך ווערן שיין!

מאָסקווע. 1972—1973.



# פענצטער

דעם ליכטיקן אָנדענק פון שמועל האלקין

1

אין דער אלטער שטאָט ווילנע שײַנט הײַנט די זון. און ווי אלע אָנהייב־זומער, זײַנען שוין די פּארקן און סעדער פול מיט גרינס און שאָטן. קיין מענטשן אָבער אין דער שטאָט זעט מען ניט.

אפן ראָג פון קיִעווער און אלעקסאנדראָווער שטייט ניט קיין גרויסער דרײַשטאָקיקער מויער, וואָס זײַן פארב האָט שוין באוויזן צו ווערן פון ראָז געלבלעך, פון געלבלעך — גרוי, און די גרויקײַט איז שוין באלד אף קיין גרויקײַט אויך ניט ענלעך. אין איינער א דירע פונעם צווייטן שטאָק, וואָס קוקט מיט די פענצטער צו דער גאַס, איז הײַנט, ווי אין אלע הײַזער פון ווילנע, שטיל און אומרויִק. מענדל גראָדנער, א מיטליאָריקער מענטש, מיט א קליין געשוירן בערדל, מיט א קליין היטעלע אפן קאָפּ, דרייט זיך ארום אין צימער און געפינט זיך קיין אָרט ניט. אלע ווײַלע גייט ער צו צום פענצטער און קוקט ארויס פון הינטער די גארדינעס אין דרויסן. זײַן ווײַב נעכע שטעלט זיך הינטער אים און קוקט אויך ארויס. דאָס נײַניאָריקע ייִנגל פיניע הייבט זיך אויף אף די שפּיץ פינגער און וויל זען, וואָס אף דער גאַס טוט זיך. ער דערזעט, אז די שטיינער פונעם ברוק זײַנען באשײַנט מיט זון. אף די טעלעגראַף־דראָטן הענגט דער זעלבער „זמיי", וואָס איז נעכטן געהאנגען. קיין מענטשן באווײַזן זיך ניט. א קאַץ לויפט דורך די

גאַס. פּיניע באַמערקט, אַז פונעם אַנטקעגנדיקן הויז קוקן אַרויס סאָרע די אַלמאָנע און איר טאָכטער מאַשע.

מענדל גראָדנער איז בעטעווע אַ מענטש, וואָס רעדט ווינציק, פּאַר אים איז געפּגוג, אַז ער רעדט זיך דורך מיט זיך אַליין. הײַנט שווײַגט ער אינ־גאַנצן. נעכע, וואָס איז שוין געוווינט צו זײַן ווייניק ריידן, קאָן עס הײַנט ניט פאַרלײַדן.

— וואָס וועט מיט אונדז זײַן? — זי ברעכט זיך די פינגער, אָט־אָט וועט זי זיך צעוויינען.

— וואָס גאָט וועט געבן — דאָס וועט זײַן, — ענטפערט מענדל.

און כאָטש נעכע איז אַ פרומע און קאָן זאָגן די טפילעס אויף אויסווייניק, איז זי מיטן מאַנס ענטפער ניט צופרידן. וואָרעם אַז ער שווײַגט, קאָן עס באַטײַטן סײַ גוטס און סײַ שלעכטס. נאָר אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף דעם וואָס לעבט אייביק און גיט נאָך דערבײַ אַ שטילן זיפץ — איז עס שוין דער עמעסער סימען!

— וואָס גאָט וועט געבן, — ענטפערט נעכע, — איז גוט באַם דאַוונען. אָבער איצט... — זי פאַרענדיקט ניט, ווײַל פאַרטשעפּען זיך מיטן אייבערשטן וויל זי ניט. דער מאַן פאַרשטייט, וואָס דאָס ווײַב מיינט, און זאָגט מיט האָפענונג:

— גאָט קאָן געבן, אַז די רויטע זאָלן קומען!

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געהערט אַ שיסערײַ. אַ גאַנצע נאַכט איז די שטאָט ניט געשלאָפן: די ווײַסע בלײַבן צי די רויטע קומען? פאַרטאָג איז געוואָרן שטיל, צו שטיל.

— די לעגיאָנערן טרעטן אָפּ, — האָט געזאָגט מענדל, — גאָט צו דאַנקען.

דאָס, וואָס די לעגיאָנערן טרעטן אָפּ, איז אַוודע גוט, נאָר אויפן „גאָט צו דאַנקען" האָט נעכע נאָך פון אינדערפרי אָן געקוקט קרום. אפילו פּיניע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די מאַמע איז הײַנט אַזוי אָנגע־שטויסן אויפן אייבערשטן.

— „גאָט צו דאַנקען" וועסטו זאָגן, ווען די לעגיאָנערן וועלן אַוועק אָן אַ פּאָגראָם, — ענטפערט נעכע אומצופרידן.

מענדל שווײַגט. ער איז קימאַט ווי זיכער, אַז אַוודע וועלן זיי באַם אָפּטרעטן ראַבעווען און קוילענען... ער וויל אָבער די היימישע ניט שרעקן. ער גייט ווידער צו צום פענצטער, און ווי נאָר ער טוט אַ קוק אַרויס אין דרויסן, אַזוי גיט ער ראַשיק אַ טראָט אָפּ צוריק. דערנאָך רעדט ער אַרויס מיט אַ געפּאַלענער שטים:

— לעגיאָנערן... אויף אונדזער גאַס...

— שטיי ניט באַם פענצטער! — שרײַט דאָס ווײַב.

מענדל הערט זי ניט. ער קוקט אַרויס פון הינטער די גאַרדינעס. מיט שטילע, פאָרזיכטיקע טריט גייט ער צו צו נעכען, צווישן זיי שטעלט זיך פּיניע, און אַלע דרײַ זעען זיי, ווי עטלעכע צענדליק לעגיאָנערן גייען פאַרבײַ זייערע פענצטער, שטעלן זיך אָפּ מיט אַ פינף־זעקס הײַזער ווײַטער און באַהאַלטן זיך אויס אויפן ראָג הינטער אַ מויער.

אין שטוב ווערט נאָך שטילער ווי געווען. אַלע דרײַ זיצן אויף דער קושעטקע אומבאַוועגלעך, ווי אויף אַ מישפּאָכע־בילד, און זײַנען אַלע ווײַלע

גרייט צו דערהערן שיסערײַען, גוואלדן, געוויין... אזוי זיצן זיי לאנג, און אז מענדל הייבט זיך ווידער אוף און כאפט א קוק דורך דער שויב, טוט ער דאָס מאָל א פארהייב די גארדינע און שרײַט אויס:

— רויטע!

אלע דרײַ שטייען שוין ווידער באם אושאק און דערזעען דעם ערשטן רויטארמייער — א רײַטער אף א פערד. מענדל מיטן ווײַב זײַנען אזוי צע־ראשט, אזש אין די אויגן שווינדלט זיי. פיניע אָבער דערזעט אפילע, אז דאָס פערד איז א קאשטאנעווע מיט א ווײַסער מאָרדע. דער רײַטער איז אָנגעטאָן אין א בודיאָנאָווקע, און די ביקס האלט ער אין איין האנט באם זאָטל. ער זיצט אפן פערד און קוקט זיך ארום אין אלע זײַטן.

פיניע איז שטארק צופרידן. דאָס ערשטע מאָל זעט ער א לעבעדיקן רויטארמייער. טאטע־מאמע פרייען זיך אויך. נאָר אין א רעגע ארום דער־הערט ער, ווי די מאמע שרײַט אויס:

— ווייז איז מיר! אויב ער וועט פאָרן ווײַטער, וועלן אים דאָך די לע־גיאָנערן דערשיסן, — פון אופרעגונג נעמט זי זיך קנײַפּן די באקן. — וויי איז מיר... — זי גיט א כאפּ דעם מאן פאר דער האנט און זאָגט מיט א טײַנע: — מענדל, וואָס שווײַגסטו?

דער מאן גיט אף איר א קוק, ווי ער וואָלט ענטפערן: און אז איך וועל שרײַען, וועט זײַן בעסער, וועט עס העלפן?

— אזא אומגליק... — זיפצט נעכע.

— טאטע, אָט וועל איך... — בעט זיך פיניע.

מענדל הערט זיי ניט, ער נעמט ניט אראָפּ די אויגן פונעם רײַטער. ער זעט, ווי יענער קוקט צום ראָג, ווו די לעגיאָנערן שטייען הינטער דעם מויער, ווי ער ציט אָן דאָס צײַמל און וויל שוין א טרײַב טאָן דאָס פערד פאָרויס.

— טאטע, אָט וועל איך...

פונקט דעמלט, ווען פיניע שרײַט אויס „טאטע", טוט מענדל אן עפן דאָס פענצטער, רוקט ארויס די האנט און נעמט מיט א פינגער דראָען דעם רײַ־טער, ווי מע דראָעט א ייִנגל א שטיפער. יענער האָט עס דערזען. דעמלט האָט מענדל אָנגעוויזן אפן מויער, וואָס באם ראָג גאס, דערנאָך געמאכט צוויי פויסטן, זיי אָנגעשטעלט אזוי, ווי מע האלט א ביקס „נא קאראול". דער רויטארמייער האָט פארשטאנען. איצט האָט ער שוין אופגעהויבן א האנט. פריִער האָט ער געוויזן איין פינגער, דערנאָך צוויי און צום סאָף אלע פינף. וויפל זײַנען זיי? — האָט דאָס באטײַט: — איינער, צוויי, פינף? מענדל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אף „ניין" און האָטביידע הענט צוויי מאָל נאָכאנאנד צוגעקלאפּט מיט די דלאָניעס: צען און צען... צוואנציק. דער רײַטער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ער פארשטייט, הייסט עס, און איז טייקעף אוועקגעריטן צוריק. מענדל האָט פארמאכט דאָס פענצטער.

— געראטעוועט א מענטשן! — האָט נעכע לײַכטער אָפּגעאָטעמט. — גאָט צו דאנקען.

— „גאָט צו דאנקען" וועסטו זאָגן דעמלט, נעכע, ווען דו וועסט שוין זיכער זײַן, אז די לעגיאָנערן האָבן גאָרנישט ניט געזען.

— געזען? וואָס רעדסטו?

— צי האָבן זיי ניט געזען, ווי איך האָב געעפנט דאָס פענצטער און געזען מיטן רײַטער אַף שטומלאָשן?

— ווײ איז מיר, וואָס רעדסטו? — נעכע איז געוואָרן אויסער־זיך. — אויב די לעגיאָנערן האָבן עס באַמערקט... — פון איבעראַשונג קאָן זי מער ניט ריידן, נאָר דאָס מויל צומאַכן קאָן זי אויך ניט. זי וויל עפּעס זאָגן, אירע ליפּן באַוועגן זיך, נאָר די צונג רעדט ניט.

— קיינער האָט גאָרניט געזען, — טרייסט זי מענדל. און קעדיי זי צו באַרויִקן, רופט ער פאַר אַן איידעס דעם נײַניאָריקן זון, — ווי מיינסטו, פּיניע, עמעצער האָט עפּעס געזען?

— קיינער ניט! — פּיניע פאַרשטייט, אַז מע דאַרף די מאַמע באַרויִקן, כאָטש פאַר זיך טראַכט ער, אַז פונעם ראָג האָט מען אַלץ געקאָנט זען.

נעכע קומט צו־זיך. עס לאָזט זיך אויס, אַז דער סאַמע אָנפאַרטרויטער מענטש איז איצט פּיניע, אַף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן. און פאַר מענדלען איז עס געווען, ער זאָל אויך נעמען גלייבן, אַז קיינער האָט טאַקע גאָרניט געזען. עס גייען דורך נאָך עטלעכע מינוט, און פּלוצלינג גיבן פּײַפנדיק אַ בראַזג די שויבן און אין דער וואַנט, באַם סאַמע באַלקן, בלײַבט שטעקן אַ קויל. פון אומגעריכטקייט בייגן אַלע דרײַ אײַן די קעפּ און פאַרמאַכן די אויגן. טייקעף פליט ווידער אַרײַן דורך דער אויסגעזעצטער שויב אַ זשומענדיקער פּײַף — אַף דער וואַנט, באַם סאַמע באַלקן, בלײַבט שטעקן נאָך אַ קויל. אַ גוטער שיסער, אַפּאָנעם. מענדל, נעכע און פּיניע האַלטן זיך פאַר די הענט, שטייען האַרט בא דער זײַטיקער וואַנט און וואַרטן, טאָמער וועלן דורך דעם פענצטער נאָך אַרײַנפליִען קוילן. מער אָבער שיסט מען ניט. דערפאַר דערהערן זיי, ווי מע ברעכט דעם טויער. דער טויער קרעכצט. צי די ברעטער פּלאַצן, צי די זאַוויסעס קריכן פון זייערע נעסטן, צי גאָר דער פאַרוקער גייט ביסלעכווײַז אָפּ אַף צוריק? און ווידער ווערט אומגע־ריכט שטיל.

— טאַטע, זיי וועלן קומען אַהער?

דער טאַטע ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן.

דער ענטפער קומט פון דער גאַס. דורך די אויסגעקלאַפּטע שויבן דער־טראָגט זיך אַלץ דײַטלעכער אַ פערד־טופּערײַ. אַלע דרײַ שטייען שוין ווי־דער באַם אושאַק און דערזעען אַ גרופּע רויטע רײַטער, וואָס שטעלט זיך אָפּ אַנטקעגן זייער פענצטער. די רײַטער קריכן אַראָפּ פון די פערד און לאָזן זיך פּאַזע די וואַנט צום ראָג גאַס מיט די ביקסן אין די הענט. די שיסערײַ דויערט ניט לאַנג. דער סוינע טרעט אָפּ.

גלײַך איז די גאַס געוואָרן פול מיט מענטשן. פון אַלע זײַטן גייט מען איבער, אַז די שטאָט איז באַפרײַט. סאָרע די אַלמאָנע און איר טאָכטער מאַשע טאַנצן, און אַלע אַרום פּאַטשן מיט די הענט און זינגען.

באַטאָג, ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל רויִקער, האָבן מענדל מיט נעכען זיך געשטעלט באַם טויער פון זייער הויז און געקוקט צו דער זײַט פון דער גרויס־סטעפּאַן־גאַס. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן סאָרע מיט איר טאָכ־טער זיך געשטעלט באַם טויער פון זייער הויז און אויך גענומען קוקן צו דער גרויס־סטעפּאַן־גאַס.

פון די פענצטער און טירן ווינקען זיך איבער די שכיינים. זיי ווייסן, אַף וועמען מענדל מיט נעכע ווארטן, — די טפיסע האָט מען שוין געוויס באַפרייט און זייער זון, ארל, קאָן פון מינוט צו מינוט אָנקומען.

די שכיינים ווייסן אויך, אַף וועמען מאשע ווארט, — אַף איר כאָסן, אַפן זעלבן ארל גראָדנער.

2

סאָרעס טאָכטער איז אַ שיינהייט, אלע רופן זי „מאשע די שיינע". ווען זי באַווייזט זיך אַף דער גאַס, גייט מען איר נאָך אָדער מע פארלויפט דעם וועג און מע קומט איר בעקיוון אנטקעגן. איינער באטראכט דעם שטייף־צונויפגעלייגטן זשמוט בלאָנדע האָר אַף דער פּאָטיליצע, וואָס וויל רויִק ניט אײַנליגן און פארדעקט אירע קליינע ווארעמע אויערן. אַן אנדע־רער ווארפט אַ שעמעוודיקן בליק אַף איר גענגעלע — די נעזלעך פון די טופּל שטעלן זיך עטוואָס אין די זײַטן, ווי מע זאָל עפענען די שפיצן פון אַ שער. און אַ דריטער וויל אויספרווון זײַנע אייגענע קויכעס — ארײַנקוקן איר אין די אויגן. אין גרעסטן טייל האלט מען ניט אויס און מע לאָזט דעם בליק צוריק אראָפּ צו דער ערד. מאשע, וועלכע איז נאָך יונג און פאר־שטייט נאָך ניט אלץ, וווּנדערט זיך: פארוואָס קוקט מען עס אין דער זײַט, צי דען איז זי אזא מיִעסניצע? דערפאר זײַנען אָבער אלע יִנגלעך פון איר אייגענער גאַס שטענדיק גערן איר פאָלגן אַ גאַנג.

די מאמע אירע, סאָרע די אלמאָנע, איז אַ נייטערן און אַ קנאַפּע פאר־דינערן, נאָר מאשע איז אָנגעטאָן אין שענסטן און בעסטן. די גאַנצע גאַס טוט זי אָן. די גאַס און די ארומיקע געסלעך נעמען זיך איבער, וואָס דאַפקע בא זיי וואַקסט דאָס שענסטע מיידל אין דער שטאָט. צו איר האָבן זיך גע־שאדכנט רײַכע באָכערים, שיינע, קלוגע, און קיינער האָט ניט פארשטאַנען, פארוואָס זי בראַקעוועט אזוי כאַסאַנים.

— אַ פּענעמל אַ פּײַנס, עמעס! אָבער די קעשענע איז דאָך אַ לעכער־דיקע. וואָס איז מיט איר אזוי דער מער?

די גאַס האָט באמערקט סײַ די באָכערים, וואָס קומען, סײַ די שאדכאָ־נים, וואָס גייען... אַ גאַנצע גאַס מיט אויגן. און דאָך האָט מען פארזען. מע האָט פארזען, אז מענדל גראָדנערס פענצטער קוקן ארײַן אין סאָרע דער אלמאָנעס און פון הינטער די גאַרדינעס קוקן זיך איבער מאשע מיט אר־לען. געכאַפּט האָט מען זיך שוין צו שפּעט.

סאָרען איז דער שידעך ניט אָנגעשטאַנען. זי וויל פאר אַן איידעם אַ זון פון אַ גוויר, זי קאָן עס אויספירן.

— איר פארשטייט, — האָט זי געזאָגט פאר שכיינים, — אָפּגעבן אזאַ אוי־צער, ווי מײַן מאשע, אין אָרעמע הענט, איז אַ זינד קעגן גאָט.

דאָס האָט שוין פארדראָסן ארלס מאמע, און זי האָט פאר די זעלבע שכיינים זיך באקלאָגט:

— זי וויל ניט! וואָס איז? אַ שיין פּענעמל פון קיצווע. פון קאָפּ ביז די פיס איז ניט אירס.

ווען דאָס איז דערגאַנגען צו סאָרען, האָט זי געעפֿנט דאָס פֿענצטער און אָרײַנגעשריגן מיט גרויס רוגזע אין נעכעס אַנטקעגנדיקן פֿענצטער:

— זי וועט אַזוי זען איר זון, ווי איר נאָז. אַפּצולאָכעס וועט ער שוין בײַ מיר זײַן אַ זון!

פֿון דעמלט אָן פֿלעגט אַרל גיין צו מאַשען אַהיים און בײדע האָבן אָפֿט שפּאַצירט צוזאַמען. די גאַס האָט זיך געגרייט צו דער כאַסענע. ווי נאָר עמעצער טוט אַ זאָג, אַז דאָס פּאָרל איז אַרויס שפּאַצירן, אַזוי וואַרפֿן באַלעבאָסטעס אַלע זייערע אַרבעטן, ציִען אָן זיך אַרויף עפּעס פֿון די יאָם־טעוודיקע קליידער און לויפֿן אָנקוקן מאַשען מיט איר כאָסן.

— פֿון גאָט אַ פּאָר. זיי שײַנען, ווי די זון... אין פּאָנעם ניט אַרײַנצוקוקן.

איינמאָל, אין אַ שאַבעס־טאָג, זײַנען בײדע אַרויס שפּאַצירן פֿון מאַשעס שטוב. עפּשער גוטע עטלעכע מינוט האָט זיי די גאַס באַגלייט. זיי זײַנען געגאַנגען געאָרעמט, אַקסל צו אַקסל. זי האָט זיך צו אים געטוליעט, ווי זי וואָלט זיך וועלן אין אים אויסבאַהאַלטן. ער — העכער און ברייטער — איז געווען איר שוץ און שטאָלץ.

— אַ בראָכע צו מאַכן, — האָבן שכיינים געזאָגט.

די מאַמעס אויף דער גאַס זײַנען געוואָרן אַזוי גוט, אַז זיי האָבן זייערע קינדער געגעבן נאַשערײַען. סאָרע די אַלמאָנע האָט אַ שײַנענדיקע אַרויסגעקוקט פֿון איר פֿענצטער. בײַ מענדל גראָדנער זײַנען די פֿענצטער געווען פֿאַרמאַכט און די גאַרדינעס אַראָפּגעלאָזט.

אין אַ שאָ צוויי־דרײַ אַרום איז מאַשע מיט גרויס געוויין געקומען צוריק אַליין אַהיים. ס'איז געווען שווער זי צו דערקענען, גאָרנישט די מאַשע.

— וואָס איז געשען? — פֿרעגט מען פֿון אַלע זײַטן.

אַלע ווילן וויסן, און קיינער ווייסט ניט. די אַלמאָנע האַלט אין איין כאַלעשן, און די שכיינעס מינטערן זי. מאַשע וויינט און קלאָגט. זי שרײַט — זי וועט זיך לויפֿן טרינקען. די גאַס איז פֿול מיט מענטשן, און קיינער ווייסט ניט, וואָס איז געשען.

ביז איינער אַ שאָכן אין אַ געלן האַרטן קאַפּעליוש און מיט אַ קליין ציגן־בערדל האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט אין שטערן און געזאָגט, אַז ער פֿאַרשטייט אַלץ, אַלפּי־סייכל פֿאַרשטייט ער, אַלפּי־לאָגיקע. מאַשע מיט איר כאָסן זײַנען געגאַנגען שפּאַצירן צום טײַך, עמעס? דאָרט האָבן זיי זיך געזעצט אין אַ שיפֿל, עמעס? אינמיטן טײַך איז געשען אַן אומגליק, און דער כאָסן איז אַוועק צום גרונט. אָט דערפֿאַר וויל זי זיך אויך לויפֿן טרינקען. עמעס?!

אויף דער גאַס שטייען מענטשן רעדלעכווײַז, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פֿאַרטרויערטע. קיינער וויל זיך צו קיין זאַך ניט נעמען. אַלץ איז איבעריק. אַפֿילע ריידן איז שווער. אַלע פֿילן, אַז דאָס לעבן האָט געפּלאַצט. נאָר איינע אַ פֿרוי, אַ גראָוווע, האָט איבערגעריסן דאָס שווײַגן, זי האָט אַ קוק געטאָן צו דער אַלמאָנעס פֿענצטער, וווּ מע כאַלעשט און מע וויינט, און שטיל געזאָגט:

— דאָס לעבן נעמט זײַנס. פֿון לעבן אַנטלויפֿט מען ניט. יאָ, יאָ, מײַנע פֿרײַנט, — האָט זי מיט באַדויערונג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — דאָס לעבן,

דאַרפֿט איר וויסן, גייט פּונקט ווי פֿרילינג־צײַט די קרײַעס אין טײַך. איין שטיק אײַז יאָגט די צווייטע. אָפּשטיין טאָר מען ניט. מע טרײַבט אונטער. די לעבעדיקע וועלן קומען צו־זיך. דאָס לעבן איז קײַלעכדיק. אָט...— זי האָט א קוק געטאָן צו מענדל גראָדנערס פֿאַרמאַכטע פֿענצטער מיט די אָראָפּגעלאָזטע גאַרדינעס, — דער כאָסן... ער...

איינער א שאָכן, וואָס האָט פֿאַרשפּעטיקט און זיך נאָרוואָס דערוווּסט די נײַס, האָט געזאָגט:

— באָרוך דײַען עמעס.

די גראָוווע פֿרוי האָט ביטערלעך א שמייכל געטאָן.

— וויבאַלד מע זאָגט שוין „באָרוך דײַען עמעס”, מע האָט שוין גע־פֿונען דעם געהעריקן פּאָסעק, וועט מען זיך באַרויִקן. מענטשן זײַנען מאָד־נע מענטשן... אַף אַלץ דאַרפֿן זיי א פּאָסעק.

דערנאָך זײַנען די מאַנצבלען אַוועק אין שול דאַווענען און האָבן זיך ערשט דערוווּסט דעם גאַנצן עמעס:

— אַרל גראָדנער איז אַרעסטירט. ער איז פֿון יענע... פֿון די רויטע.

סאָרע, ווי זי האָט זיך נאָר באַוויזן, האָט זי געקרעכצט, געוויקעט און א טרער געלאָזט. מענדל און זײַן ווײַב שווײַגן. ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געשען. אָפּט טרעפֿט, אַז סאָרע מיט נעכען באַגעגענען זיך בא דער טפֿיסע מיט עסנוואַרג פֿאַר אַרלען. זיי שטייען ווי פֿרעמדע, זיי קענען זיך ניט. אַמאָל פֿלעגן זיך באַגעגענען מענדל מיט מאַשען. זיי קוקן זיך אָן און שווײַגן.

איצט שטייען זיי יעדערער בא זײַן טויער און קוקן אַרויס צו גרויס־סטעפּאַן־גאַס. די שכײנים לאָזן פֿון זיי די אויגן ניט אַראָפּ. באַזונדערס זײַ־נען אַלע געוואָרן נײַגעריק, ווען עטלעכע ייִנגלעך זײַנען געקומען צו לויפֿן מיט דער בסורע:

— ער גייט, אַרל גייט...

פֿונווײַטן זעט מען אים שוין. ער שפּאַנט גיך, אײַלט אַפֿן לינקן טראָ־טואַר, אַף דער זײַט, ווו זײַנע עלטערן וווינען. זײַנע קליידער זײַנען צע־קנייטשט און אָפּגעקראָכן, דער ווייכער קאַפּעליוש האָט אָן אויסזען. ווי מע זאָל אים געוווען טראָגן ניט אַפֿן קאָפּ, נאָר אַף די פֿיס. דערפֿאַר איז שוין דאָס פּאָנעם ראַזירט און שמעקט אַפּילע מיט אָדעקאָלאָן — ווי דען, ער וועט קומען אַהיים א פּאַרוואַקסענער? דורכן פֿענצטער קאָן אים די קאַלע דערזען. נאָר אָט באַמערקט ער, אַז מע וואַרט אַף אים פֿון ביידע זײַטן גאַס, בא ביידע טויערן. אַף א רעגע בלײַבט ער שטיין, טאַפּט אָן די ראַזירטע באַקן און מאַכט עטלעכע טריט אַף רעכטס. איצט גייט ער שוין אינמיטן דער גאַס, איבערן ברוק.

אַרל טוט א קוק צו טאַטע־מאַמע און מאַכט א טראָט אַף לינקס, דערנאָך טוט ער א קוק צו מאַשען און מאַכט א טראָט אַף רעכטס. די גאַס איז פֿול מיט מענטשן, זיי קוקן אַרויס פֿון די פֿענצטער, פֿון די באַלקאָנען — צו וועמען וועט ער פֿרײַער צוגיין?

נעכע מיט מענדלען שטייען ווי פֿאַרקישעפֿטע. זיי נעמען פֿונעם זון די אויגן ניט אַראָפּ. גייט ער לינקס - אָטעמען זיי אָפּ. גייט ער רעכטס —

פארכאפּט זיי דער אָטעם. פּלוצלינג האָט סאָרע א נעם געטאָן מאשען פאר דער האנט און איז ארויס ארלען אנטקעגן.

— מענדל, — זאָגט נעכע, — קום אהיים. מײַנע אויגן זאָלן אזא שאנד ניט זען. מענטשן זאָלן פון אונדז ניט לאכן.

3

פון דער אלמאָנעס שטוב טראָגט זיך איבער דער גאס מאשעס געלעכ־טער און סאָרעס פריילעכע אויסגעשרייען. ארל באווײַזט זיך אלע ווײַלע אינעם אָפענעם פענצטער, קוקט צום אנטקעגנדיקן טאטנס פענצטער, וואָס איז פארמאכט און פארהאנגען. אף א רעגע נעמט אים אפילע פארדריסן: וואָס האָט זיך טאטע־מאמע אזוי פארשלאָסן? זיי ווילן זייער זון ניט זען? ארל ווייסט אָבער, אז דאָס טײַנעט זײַן אומגערעכטיקײַט, וואָס וויל זיך בארעכטיקן. ער האָט די עלטערן פארשעמט, ווילן זיי פון אים ניט וויסן. די אראָפּגעלאָזטע גארדינע איז ווי אן ארויסגעשטעלטע פײַג צו סאָרע דער אלמאָנע. ווען ניט מאשע, וואָס טרעט פון אים ניט אָפּ און לאשטשעט אים קעסיידער, וואָלט ער שוין געווויס געוועזן בא די עלטערן. דערפאר מײַדט ער אויס מאשעס מאמע. זי איז שולדיק. זי צעקריגט אים מיט זײַנע על־טערן. און מאשעס מאמע, קאָן מען זאָגן, צעגייט פון נאכעס. דער כאָסן איז שוין דאָ. ער איז א רוויטער. און די רוויטע זײַנען געקומען. און א קאפּעלע נאכעס האָט זי אויך פון דעם, וואָס „דאָרט" ווארט מען אפּן זון און דער זון קאָן פון מאשען ניט אוועקגיין. און כאָטש זי איז ניט קיין גאזלען, איז אליין א מאמע פון א קינד, געפינט זיך בא איר קויכעס צו זאָגן:

— און איצט, קינדער, גייט ארויס שפּאצירן. הײַנט איז אײַער צײַט. זאָל די גאנצע שטאָט אײַך זען.

אפילע מאשען פארדריסט עס: און זײַנע עלטערן? און וויבאלד מאשען פארדריסט עס, מעג עס דאָך ארלען געוויס פארדריסן. ער טוט א קרומען קוק אף סאָרען און האָט כיישעק איר ארײַנצוזאָגן א שארף ווערטל, נאָר ער טוט זיך טייקעף א שטעל אוף און זאָגט:

— איר זײַט גערעכט, פולקום גערעכט. איך וועל נאָר ארײַנלויפן אין שטוב זיך איבערטאָן.

אין איין רעגע ווערט ער נעלעם.

אינגיכן האָט זיך בא מענדל גראָדנער געעפנט דאָס פענצטער. די גאר־דינע האָט זיך פארהויבן, און ארל האָט ארויסגעקוקט צו מאשען. זי האָט דערזען, אז ער טראָגט א נײַ העמדל און א שניפּס. דערנאָך האָט זי געזען, אז ער האָט שוין אָנגעטאָן א נײַ רעקל. אָט איז ער צוגעגאנגען צום פענצ־טער אין א הוט, אים אראָפּגענומען פון קאָפּ, זיך פארנייגט, ער איז פאר־טיק, הייסט עס, ער וועט נאָר אָפּעסן. באם טיש האָט ער זיך געזעצט אזוי, אז מע זאָל אים זען פון דעם אנטקעגנדיקן פענצטער. ארל איז געוועזן זיכער, אז אלץ, וואָס ער טוט, פארנעמט גאָר קיין צײַט ניט. מאשען און, באזונדערס, סאָרען האָט געדוכט, אז עס ציט זיך לאנג, שאָען גייען. מאשע האָט צו אים גענומען ווינקען — ער זאָל גיכער קומען. סאָרע האָט אים

אפילע באַם נאָמען גערופֿן, דורכן פֿענצטער געשריגן. ארלען איז שווער מיטאַמאָל זיך א הייב טאָן און זאָגן, אז ער גייט אוועק. ער זיצט שוין סײַ־וויסײַ ווי אַף שפּילקעס און זוכט א טערעץ. וואָרעם אינדערעמעסן, נאַר־וואָס אַרײַן, קיין צוויי ווערטער נאָך ניט אויסגערעדט... און שוין!

— אוואַדע, — זאָגט מענדל, — א קאַלע קומט די ערשטע האַקאָפֿע. אָבער טאַטע־מאַמע זײַנען דאָך אויך מענטשן. לעכאָלהאַפּאָכעס מיט קאָל־האַנעאָרים דאַרף מען זיי אופּרופֿן. וואָס זשע איז דאָס אַרײַנגייין? אַף אַנטלויפֿן?

די מאַמע דאַפֿקע זאָגט גאָרנישט. זי פֿאַרמאַכט דאָס פֿענצטער און לאָזט אַראָפּ די גאַרדינע. זאָל סאָרעלע די נאַכאַלקע בלײַבן בא דער נאָז.

פֿאַר סאָרען איז עס אומדערוואַרט: פֿאַרמאַכן א פֿענצטער? אינמיטן טאָג! געהערט אַן אײַנפֿאַל: צוגענומען איר טאָכטערס כאָסן און מע לאָזט אים ניט אַרויס. א רעציכע! און אַזויווי זי האָט ניט אַף וועמען אויסצוגיסן איר פֿאַר־דראָס, פֿאַרמאַכט זי מיט רוגזע אויך איר פֿענצטער און לאָזט אויך אַראָפּ די גאַרדינע.

וויבאַלד אַזוי, — טראַכטן די שכיינים, — קאָן מען גיין אַהיים. די שפּיל איז געענדיקט. האָבן זיי אָבער א טאָעס. עס דויערט ניט לאַנג, עפֿנט סאָרע ווידער דאָס פֿענצטער און שרײַט צו דער גאַס:

— גאַזלאָוואָיסטווע! אינמיטן העלן טאָג צונעמען א כאָסן. אין סדאָם איז דאָך אַזוינס ניט געווען!

מאַשע בעט זיך:

— שווײַג, זײַ שטיל. פֿאַרשטער ניט מײַן יאָמטעוו. זאָלן מענטשן פֿון אונדז ניט לאַכן.

— לאַכן? ווײַנען דאַרף מען! אָט גיי איך באַלד אַרײַן צו דער פֿאַרשיווי־קע אַהיים און שלעפּ אַרויס דעם כאָסן פֿאַר די אויערן. נעכעלען געפֿעלט ניט דער שידעך. הײַנט איז אָרעם — רײַך. הײַנט זײַנען מיר יחוסים!

בא סאָרען איז פֿון ריידן ביז טאָן א קורצער וועג. זי קלײַבט זיך צו נעכען אַהיים. אײַן אָפּהאַלט איז נאָר — אַף דער גאַס האָבן זיך באַוויזן צוויי רײַטער־רויטאַרמייער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן מענדל גראָד־נערס פֿענצטער, זײַנען אַראָפּ פֿון די פֿערד און זיי צוגעבונדן פֿאַר די צײַמלעך צום טעלעגראַף־סלופּ. ביידע זײַנען אַרײַן צו אַרל גראָדנער אין שטוב. עס האָט געדויערט ניט מער ווי עטלעכע רעגעס, און די גאַס האָט שוין געוווּסט, אז איינער פֿון די רײַטער איז יענער רויטאַרמייער, וועלכן מענדל האָט הײַנט געראַטעוועט פֿון זיכערן טויט. דער צווייטער — איז זײַן קאָמאַנדיר. נאָך אין א פּאָר מינוט אַרום האָט מען געזען, ווי פּיניע לויפֿט אַרײַן אין קראָם און צוריק קומט ער אַרויס מיט פֿלעשלעך ווײַן אין די הענט.

בא מענדל גראָדנער האָט זיך געעפֿנט דאָס פֿענצטער. פֿון דאָרט האָבן זיך געטראָגן ווינטשעוואַניעס און א געלעכטער. דער אוילעם אַף דער גאַס האָט דערפֿילט, אז בא נעכען איז אַן עמעסער יאָמטעוו. אין פֿענצטער האָט זיך באַוויזן אַרל מיט ביידע רויטאַרמייער. אַרל האָט אָנגעוויזן אַף מאַשען און געזאָגט:

— מײַן קאַלע.

די רויטאַרמייער האָבן זיך פֿאַרנייגט און זיך באַגריסט.

— מאַשעלע, קום צו אונדז!

אויף בײדע רײַטער האָבן געבעטן, זי זאָל קומען. זי האָט מיטן קאָפּ א שאָקל געטאָן, אַז זי איז צופֿרידן און דאַנקט אָפּ. דערנאָך האָט זי אַ שאָקל געטאָן אַף „ניין״ — קומען קאָן זי ניט, ניט פֿון איר ווענדט זיך עס. פּיניע איז צוגעלאָפֿן און מיט בײדע הענט געגומען זי רופֿן. מאַשע האָט אַ צופֿרידענע געשמייכלט און אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף „ניין״. דעמלט האָט אָרל אַזא קוק געטאָן אַף דער מאַמען, אַז די מאַמע האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, וואָס דער זון פֿאַרלאַנגט. זי איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער, צוגעלייגט אַ האַנט צום האַרצן און מיט דער זעלבער האַנט אײַנגעלאַדן מאַשען צו זיך. זי האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעזאָגט, נאָר מאַשע האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען און טייקעף געענטפֿערט: יאָ, זי גייט.

נעכע איז איר אַרויס אַנטקעגן.

## 4

— אַזוי פֿאַרגעסן אַ מאַמע?

סאָרע שטייט אין פֿענצטער, קוקט זיך אײַן און הערט זיך צו, ווי באַ נעכעלען איז פֿריילעך, ווי מע זינגט דאָרט און מע לאַכט. זי זעט, ווי פֿונעם טויער איז ווידער אַרויס פּיניע און געקומען צוריק מיט אַ קוישל עסנוואַרג. וואָס מער זי קוקט אַרײַן צו מענדל גראָדנער, אַלץ מער באַמערקט זי, ווי נעכעלע אײַלט פֿון איין ווינקל צום צווייטן, פֿון איין זײַט טיש צום אַנדערן, ווי זי באַלעבאַטעוועט, ווי זי איז מעכאַבעד. נעכע איז געוויס אפֿן זיבעטן הימל, — טראַכט סאָרע. — זי וואָלט אין איר גליקלעכן פֿאַרצעף ניט וועלן אַרײַנקוקן, נאָר אויסער איר זעט מען קיינעם ניט. אָט באַווײַזט זיך נאָך עמעצער. מענדל אין זײַן קליין היטעלע גיסט אָן אַלעמען ווײַן אין די בעכערס. און אָט... אָרל מיט מאַשען טאַנצן. און זאָל זיי כאָטש איין מאָל אײַנפֿאַלן אַ קוק צו טאָן אין איר זײַט. ניין. וואָס מאַמע, ווען מאַמע? דער כאָסן איז פֿאַראַן!

סאָרען איז באַשערט נאָך ערגערס. זי וואָלט עס ניט געגלייבט. אירע אויגן אָבער זעען דאָך... מאַשע טאַנצט מיט נעכען. און קוקט זיך נאָר צו, ווי מע קושט זיך עס, ווי מע קאָן זיך ניט צעשיידן... די טאָכטער האָט שוין אַ מאַמע געפֿונען. אַפֿאַנעם, ווער עס קושט — יענע איז די מאַמע.

סאָרען איז שווער אפֿן האַרצן, איר פֿאַרדריסט ניט אַף נעכען, ניט אַף מענדלען, אַפֿילע ניט אַף אָרלען. וואָס איז אָרל? אַ כאָסן! ווו די קאַלע — דאָרט דער כאָסן. אָבער מאַשע, די טאָכטער? איר גאַנץ לעבן איז דאָך אין מאַשען. איז די טאָכטער אוועק — איז די נעשאָמע אוועק. זי איז איצט געגליכן צו אַן אויג אָן אַ שוואַרצאַפּל. דער פֿאַרדראָס אין סאָרען וואַקסט. קוקט זיך נאָר אײַן, — זאָגט זי צו זיך אַליין, — ווי לײַכט די טאָכטער איז פֿון דער היים אוועק און ווי גרינג זי האָט אַ צווייטע היים געפֿונען. גיי האָדעווע קינדער...

סאָרע שטייט אזוי לאנג באם פענצטער, ביז זי הערט אוף צו פארשטיין, פארוואָס איז זי אליין ניט אף דער סימכע. זי איז דאָך ניט קיין פרעמדע. אינדערעמעסן, וואָס זשע שוויַיגט זי? זי איז עפּעס א נעבעכקע? מע רופט ניט — וועט זי אליין קומען. עס גייט זיך אָבער ניט. די פיס ווילן ניט. עס פאסט ניט.

צוליב מאשען וואָלט זי אין פיַיער און אין וואסער געלאָפן. ווי זינגט זיך דאָרטן: נישט קיין געבעטענע... דאָך א מומע. היַינט אז זי איז א מאמע. אָבער צוליב זיך... ניין. צוליב זיך פאסט ניט.

דער טאָג נעמט פארגיין. עס דערנעענטערט זיך א ווארעמער זומער־אָוונט. די גאסן זיַינען פול מיט מענטשן. דאָס ערשטע מאָל, נאָך א סאך יאָרן, זיַינען די איַינוווינער ארויס ווי די באלעבאטים פון דער שטאָט. איבער די היַיזער הענגען רויטע פאָנען, אומעטום איז יאָמטעוו. בא די גראָדנערס צינדט מען אָן פיַיער. און זי, סאָרע, שטייט אין דער טונקל און קוקט, ווי אנדערע פרייען זיך מיט איר טאָכטער. נאָר אָט דערזעט זי, ווי פיניע מיט די רויטארמייער קוקן ארויס פונעם אנטקעגנדיקן ליכטיקן פענצטער.

— ווער קוקט עס צו אונדז פון דער פינצטער? — פרעגט איינער פון די רויטארמייער.

— מאשעס מאמע, — ענטפערט פיניע.

— מאשעס מאמע? וואָס זשע זיצט זי אליין אין דער פינצטער? — די רויטארמייער פילן זיך אזוי היימיש, אז זיי פרעגן גאָרנישט בא די באלע־באטים און רופן סאָרען אהער: — מאמאשא...

סאָרע ווייסט אָבער, אז איין גאסט דעם צווייטן רופט ניט.

מאשע איז צוגעלאָפן.

— מאמע, ווו ביסטו פארפאלן געוואָרן? קום אהער. דאָ איז אזוי פריי־לעך...

פאר סאָרען איז עס אָבער אויך ווייניק. דעמלט איז מאשע צוגעגאנגען צו נעכען, אָנגענומען זי פאר דער האנט און שטיל געזאָגט:

— איך בעט איַיך, רופט זי...

— מעכוטענעסטע! — האָט נעכע א געשריי געטאָן. — וואָס איז מיט איַיך דער מער... גענוג צו בלאָזן זיך.

סאָרע האָט גלײַך געענטפערט:

— איך גיי, איך גיי...

און אלע זיַינען איר ארויס אנטקעגן.

# די שטוב

1

ערעוו פרילינג האָט זיך פרומע שרעשעווסקע צוזאמען מיט אירע שכיי־נים אומגעקערט צוריק פון דער עוואקואציע און געטראָפן איר שטוב גאנץ, מיט אלע טירן, לאָדן און פענצטער. אפילו האָלץ א ביסל איז פארבליבן אין שטאל.

אָנגעקומען אף דער אייגענער גאס, איז מען געבליבן שטיין מידע, איבעראשטע און ניט געגלייבט, וואָס די פארטרערטע אויגן זעען. אין איין זײַט האָט געסטארטשעט א קוימען, אין א צווייטער — איז געלעגן א קופע מיסט, צוגעדעקט מיט א פארזשאווערט ווענטל פון אן אלטער אײַזערנער בעט. ס'איז אויסגעקומען ניט אנדערש, ווי צומאכן די אויגן, קעדיי די אלטע געוווינהײַט זאָל פירן צום אָרט פון די געוועזענע הײַזער. יעדער איינער האָט אוועקגעלייגט זײַן קלומעקל און זיך צוגעזעצט.

און נאָר פרומע שרעשעווסקעס שטוב איז געוועזן גאנץ...

ערעוו פרילינג. אין וואלד ליגט נאָך שניי. דער פארנאכט קומט אָן מיט א גרינלעכן אומרויִקן הימל, וואָס ברענגט א נאָגנדיקע בענקשאפט. דער אָוונט לאָזט דערשפירן, ווי די קאָרע פון דיביימער נעמט אוף דעם אָנקום פון פרילינג. פרומע שרעשעווסקע קאָן אים דערקענען, דעם פריי־לינג, אפילו לויט די צוויי איבערגעפרוירענע פארזשאווערט־צעקנייטשטע בלעטלעך, וואָס הענגען נאָך פון פאראיאָרן אף א צווײַג פונעם קליאָן אנט־קעגן איר שטוב. אָט די צוויי בלעטלעך, וואָס זײַנען א גאנצן ווינטער גע־האנגען אף דער צווײַג, באקומען איצט א יאָמטעוודיקן אויסזען.

פרומע שרעשעווסקע האָט ליב דעם פרילינג. און דערצו... זי האָט זיך אומגעקערט אהיים. סאָוועטישע סאָלדאטן שלאָגן דעם סוינע אף זײַן טעריטאָריע. בריוו פונעם פראָנט באקומט זי — פונעם מאן און פונעם זון. קאָן זי דען זײַן ניט צופרידן? נאָר עפעס קומט זי ניט, די צופרידנקײַט, צו איר. נאָך מער, איר דוכט, אז מע קוקט אף איר שלעכט. אינדערמעסן... מיט אירע שכיינים איז זי געווען אין א ווײַטער סיבירער שטאָט, צוזאמען געזאָרגט, אינײנעם געארבעט. צוזאמען געטרוימט קומען אין אייגענעם ווײַסרוסלאנד. און צוריקגעפאָרן איז מען ווי שוועסטער. האָבן אלע גע־טראָפן שטויב און אש, זי איינע — א שטוב, און זיי מוזן וווינען בא איר אין שכיינעס.

פרומע שערעשעווסקע איז אלט א יאָר פערציק. צוליב איר מיידלשער פיגור און שווארצע האָר זעט זי אויס יינגער. א מידע בלאסקייט באדעקט איר פּאָנעם. זי פארמאָגט א לייכטע באוועגלעכקייט, א גרינגקייט אין דער ארבעט און א געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אלץ, וואָס האָט א שייכעס צו דער געזעלשאפט. דאָס דאָזיקע געפיל איז איר געבליבן פון די קאָמיוגישע יאָרן: זי דארף זיין א ביישפּיל, זי טאָר ניט פארלייגן קיין אוולע, זי מוז פילן פאראנטוואָרטלעכקייט פארן צושטאנד פון מענטשן. כאווירים, שכיינים, פרייַנט פילן עס אין איר, און מע לאָזט זי זיין די ער־שטע. פרומע שערעשעווסקע פארמאָגט אויך די גוטע קלוגשאפט צו בא־נעמען, אז צוויי מאָל לעבט ניט א מענטש, און דאָס איינציקע מאָל דארף מען דורכלעבן שיין. און אָט איצט... איצט איז זי ניט די ערשטע, זי פילט זיך געדריקט, זי קאָן ניט באגעגענען דעם פרילינג מיט א פולן און טיפן אָטעם.

מיט יעדן טאָג קומען אף דער גאס נייַע שכיינים, און זיי ווארפט זיך גלייך אין די אויגן די איינציקע שטוב. זי זעט זיך אָן פון אלע זייטן. און ווער עס זאָל ניט קומען — ציט עס אים צו דער שטוב. פרומע הערט אָפט דאָס וואָרט „מאזל". און אין אָט דעם גוטן וואָרט דערפילט זי פאר־דראָס און ווייטעק.

עס מאכט זיך אפילע, אז זי שלאָפט שלעכט באנאכט. אין דער פינצטער־ניש הערט זי, ווי אומרויק מע אָטעמט. זי כאפּט אוף ברעקלעך אויסגע־שרייען פון שלאָף. זי האָט דען איר שטוב אָפּגעהיט און יענעמס ניט? פארוואָס איז איר שלעכט?

אין ווואלד ליגט נאָך דער שניי. זיין קילער און קלאָרער אָטעם הויכט אף די שטאמען פון די ביימער, נאָר די קרוינען זייערע ווארעמען זיך אף דער זון. די הוילע צווייגן פונעם קליאָן אנטקעגן שערעשעווסקעס שטוב וועלן באלד נעמען ריידן פון פרילינג. אין שטוב קלייבן זיך אלע צו דער ארבעט. דורכן פענצטער דערזעט מען אָבער, אז דער בריווטרעגער גייט. צו וועמען קאָן ער גיין? אלע בריוו פון דער גאס טראָגט מען צו פרו־מעס שטוב — בריוו צו מענטשן פון די כאָרעווע הייַזער, בריוו צו נאָך ניט אומגעקערטע פון דער עוואקואציע, בריוו צו פארלאָרענע קרויווים. פאר אלע אדרעסן האָט די גאס איין טיר — פרומעס טיר. אלע פאלן צו צו די פענצטער. דערנאָך לויפט מען צו דער טיר באגעגענען.

די ערשטע שטייט עטל די זאָקנמאכערן — א ברייטפּלייציקע, א פולע, א שווערלעכע אין טראָט. איר פּאָנעם איז פארפלאמט. די אויגן לויכטן מיט א פיבערדיקער דערווארטונג: עפּשער א בריוו פון איר מאַן. קימאט פיר כאדאָשים, אז זי האָט ניט קיין אייַנגעטונקטע פּען פון פראָנט.

לעבן עטלען שטייט שיפרע, מוישע דעם מעכאניקערס ווייַב, א יונגע, א זשוואווע, נאָר א טרויעריקע. מיט א האלב יאָר צוריק האָט זי באקומען א יעדיִע „העלדיש אומגעקומען". זי האָט אים שוין באוויינט, דעם מאַן, נאָר מעיאעש געווען האָט זי זיך ניט. וויפל מאָל האָט געטראָפן... צי ברענגט איצט ניט דער בריווטרעגער די גוטע יעדיִע פון אים?

די אלטע כּיִנגע וואַרט אַף אַ בריוו אָדער פונעם זון אָדער פון דער טאָכטער. שוין לאַנג, ווי זי ווייסט וועגן זיי גאָרניט.

עס עפנט זיך די טיר. אין שטוב איז אַזוי שטיל, אַז מע קאָן הערן, ווי עס גייען די מאַכשאָוועס בא מענטשן. דער בריווטרעגער קומט אַריַין.

— וועמען אַ בריוו?

— שערעשעווסקע.

פרומע כאַפּט דעם בריוו. נאָר פאַרוואָס פילט זי זיך אַזוי? וואָסי, עמעצער פאַרגינט איר דען ניט דעם בריוו פון מאַן? ער איז דאָך אַפּן פראָנט. דער איינציקער זון איז אויך אַפּן פראָנט, און פון אים האָט זי אַצינד גאָרנישט ניט באַקומען. מע קאָן מיינען, אַז זי האָט עמעצן באַרויבט, צוגענומען אַלץ פאַר זיך: אַ שטוב, אַ מאַן, אַ בריוו, מאַזל... דאָס גאַנצע מאַזל צוגענומען.

3

די שניַידער־פאַבריק האָט זיך ביז דער מילכאָמע געפונען אין אַ דריַי־שטאָקיקן רויטן מויער מיט אַ סאַך פענצטער, מיט אַ סאָד אין הויף, מיט אַ קלוב. איצט איז די פאַבריק אין אַ לאַנגער הילצערנער געביַידע, ווי אַ באַראַק, וואָס איז אַפּגיך אופגעשטעלט געוואָרן. מע נייט דאָ הויזן און גימנאַסטיאָרקעס פאַרן פראָנט. פרומע איז אַ צושניַידערן. דאָס עלעקטרישע צושניַיד־מעסער אין אירע הענט גייט ליַיכט און געהאָרכזאַם. די אויסגע־שניטענע אַרבל, פּלייצעס און קליאָשן בליַיבן ליגן אַפּן ברייטן שווערן טיש, ווי גרויסע געשניטענע טאָרטן. די ניי־מאַשינעס רוישן און פילן אָן די געביַידע מיט אַ לעבעדיקער, דריבנער טראַסקעריַי.

היַינט האָט פרומע אויסגעפילט דריַי נאָרמעס. סאָף אַרבעטסטאָג קומען אַריַין דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק און דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער דירעקטאָר מאַלקאַ איסאַקאָוונאַ — אַ דריַיסיקיאָריקע בלאָנ־דע פרוי מיט גוטסקיַיט אין די קיינגריבעלעך — איז אַ ברייטלעכע, אַ פולע, מיט אַ זיכערן טראָט און מיט אַ באַלעבאַטישן בליק, וואָס דערזעט און דער־קענט אַלץ. מיט ווירדע און געפיל טראָגט זי אַף זיך די גרויסע זאָרג. דער סעקרעטאַר פון פּאַרטקאָם יעקאַטערינאַ מיכיַילאָוונאַ איז אויך אַ דריַיסיק־יאָריקע, אַ הויכע אין וווּקס און אַ ליַיכטע. דאָס מאַטע פּאָנעם איז ווי אויסגעשניצט, אַלע שטריכן זיַינען דין און פול מיט טאַקט און מאָס. אין דער שוואַרצער שטיַיפקיַיט פון די ברעמען ליגט אַ סאַך שטרענגקיַיט, וואָס ווערט אָפּגעלייקנט פון די באַכיינטע מויל־ווינקלען.

דער דירעקטאָר דריקט פרומען די האַנט. דער סעקרעטאַר זאָגט, אַז זי, פרומע, פילט אויס איר כויוו פאַרן לאַנד.

וויפל גוטע ווינטשעוואַניעס עס גייען צו איר פון אַלע זיַיטן! פרומע פילט זיך, ווי אין אָן ערשטן מיַי, ווען מ׳האָט זי אויסגערופן אַלס סטאַכאַ־נאָווקע אין פּרעזידיום און דער גאַנצער זאַל האָט אַפּלאָדירט.

יעקאַטערינאַ מיכיַילאָוונאַ פרעגט:

— באקומען א בריוו?

אָנשטאָט אן ענטפער דערלאַנגט איר פרומע דעם בריוו. יעקאַטערינאַ מיכײַלאָוונאַ נעמט אים אין אירע הענט, גלײַך ווי זי וואָלט אים באקומען פון איר אייגענעם מאַן, דעם קאַפּיטאַן. בא איר רײַסט זיך ארויס א זיפץ. אָבער זי טוט אפּגיך א פרעג:

— און פונעם זון האָסטו גאָרניט?

ווען פרומע שערעשעווסקע גייט אהיים, נעמט שוין טונקל ווערן. די לופט איז פול מיט אומרו פון דערוואַרטונג. ערגעץ פונדערווײַטן אריבער די הײַזער זעט זיך א פּאַס הימל פון ווײַנשל־קאָליר, אן אָפּגלאַנץ פון דער זון, וואָס גליווערט ערגעץ אין דער פאַרנאַכטיקער קילקײַט. אף איינעם א ראָג פאַרקויפט מען בלומען. זיי שמעקן ניט, נאָר האָבן דעם רייעך פון וואַלד. פרומע אײַלט מיט די בלומען אין דער האַנט און וויל וואָס גיכער דערטראָגן אהיים איר יאָמטעוודיקן „גוטן־אָוונט”.

4

פרומע גייט צו צום קליאָן, וואָס וואַקסט אנטקעגן הויז. ארום איז שטיל און רויִק. זי פילט, אז ניט נאָר יעדעס וואָרט — יעדע מאַכשאָווע קאָן זיך לײַכט און פרײַ אופהייבן אין דער לופט און דערלאַנגען צום הימל. איר מאַכשאָווע וועגן זיך אליין איז אָבער ניט קיין גוטע. זי לויפט אהיים מיט יאָמטעוו, מיט בלומען... און מענטשן פעלט א דאַך, מענטשן פאַרלירן זייער נאָענטסטע. זי ציטערט אוף, ווי ס'וואָלטן אף איר פּלוצעם געגומען פאַלן טראָפּנס רעגן פונעם קליאָן מיט די הוילע צווײַגן. אונטערן זעלבן בוים איז זי העכער צוואַנציק יאָר צוריק, מיידלווײַז, געשטאַנען מיט איר מאַן. אין הייסע טעג איז זי דאָ מיטן קינד געזעסן אין שאָטן. איצט איז זי אליין.

זי האָט זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אז מע קאָן איינע אליין שטיין אונטער א בוים. אליין און מיט בלומען. זי וואַרפט אוועק די בלומען. אף דער האַנט בלײַבט בלויז דער וואַלד־רייעך, און זי אָטעמט אים אין זיך ארײַן.

אין דער טיר באַגעגענען זי די שכיינים.

— ס'איז עפּעס געשען?

— גאָרנישט? — זאָגט עטל די זאָקנמאַכערן. — אלעמאָל קומט איר צו דער צײַט, און הײַנט זיך עפּעס אזוי פאַרהאַלטן?

אלע ציִען זיך צו איר, ווי אינדערפרי צום בריווטרעגער... זי דערפילט די האַרציקײַט פון די שכיינים, און איר פאַרדראָס צעגייט. זיי פירן זי ארײַן אין איר צימער. אפן טיש שטייט א גרויסער בוקעט בלומען, פון וועלכע עס שמעקט מיט וואַלד.

דערנאָך האָט מען זיך דערמאָנט, אז א זײַטיקער מענטש איז דאָ אין שטוב, א פרוי, וואָס וואַרט אף פרומען. אין שטוב איז וואַרעם, נאָר די פרוי זיצט אין א ווינקל אין מאַנטל. ווען זי איז ארויס פון ווינקל צום

פֿײַער, איז געוואָרן קענטיק, אַז, וואַרטנדיק אױף פּרומען, האָט זי געדרעמלט. אײן באַק איז בײַ איר געווען רויט פֿון זיצן אָנגעשפּאַרט אױף אַ האַנט. די פֿרוי איז אָנגעטאָן אין אַ שינעל, אין שטיוול, אין אַ מיליטערישע ווינטער־היטל. זי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט:

— מײַן פֿאַמיליע איז גאָנטשאַראָווע, כ׳בין אַ בוי־אינזשעניער. וועגן אײַך האָב איך אַ סך רעקאָמענדאַציעס, אַז איר זײַט אַ ווױלער מענטש. וועט איר פֿרעגן, וואָס זשע וויל איך פֿון אײַך נאָך אַזאַ פֿאָרעדע? די טעג וועט מען אױף אײַער גאַס אָנהײבן ברענגען אין אָרדענונג די וואַסערלײטונג, אױפֿשטעלן די בריק. אָן דעם וועט מען ניט קאָנען פֿאַרבויען די גאַס. צי וועט איר ניט דערלויבן, אַז אױף אײַער אַדרעס זאָלן אָנקומען בריוו פֿאַר אַרבעטער, פֿאַר דער בויונג, — אײַער שטוב איז דאָך דאָ די אײנציקע.

— ביטע, אַדרעבאַ, פֿאַרוואָס ניט?

— אין דערין בין איך, דעם עמעס געזאָגט, געווען זיכער. אָבער צי וועט איר ניט דערלויבן צײַטווײַליק אין אַ ווינקל פֿון אײַער שטוב, אין אַ קלײן ווינקעלע, שטעלן אַ טישל פֿאַר דער קאָנטאָר? באַטאָג, ווען קײנער איז דאָ ניטאָ. אין אָוונט וועט קײן סימען ניט בלײַבן. ס׳איז די אײנציקע שטוב...

פּרומע האָט געכאַפּט אַ קוק צו אירע שכנים, ווי זי וואָלט געבעטן אַן אײצע. דערנאָך אַ טראַכט געטאָן פֿאַר זיך און אַנטשיידן געענטפֿערט:

— אײַנשטימיק.

— אַ גרויסן דאַנק, איצט איז אַלץ.

נאָר געהערט האָט זיך אין די רייד: זי איז פֿון וועג, זי איז מיד. ווען זי איז בײַ זיך אין שטוב, וואָלט זי שוין לאַנג געשלאָפֿן, נאָר אַזױווי זי איז בײַ פֿרעמדע, מוז מען זיך האַלטן.

— אָט דאָס איז אַלץ, — האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט, און ס׳איז גראָד קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז נאָך ווײַט ניט אַלץ.

— און איר אַלײן? — האָט פּרומע אַ פֿרעג געטאָן. — איר אַלײן האָט שוין וווּ צו זײַן?

— דערווײַל ניט.

— וווּהין זשע וועט איר גײן אַזױ שפּעט? בלײַבט. טײ וועט איר טרינקען?

— אַ דאַנק. וווּהין וואָלט איך טאַקע איצט געגאַנגען! בעטן אײַך האָב איך זיך געשעמט.

מע האָט זיך געזעצט טרינקען טײ. באַם טײ־טרינקען איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז גאָנטשאַראָווע איז אַ לענינגראַדערן, איר מאַן איז אױך אַן אינזשעניער. קײן יאָר ניט אַריבער נאָך זײער כאַסענע, ווי דער מאַן איז אַוועק אױפֿן פֿראָנט. זי אַרבעט באַם אױפֿשטעלן כאַרעווע שטעט.

פֿאַרן גײן שלאָפֿן האָט זי געזאָגט פּרומען:

— עפּשער וועט אײַער אַדרעס זײַן מאַזלדיקער... לאַנג פֿונעם מאַן קײן בריוו ניט באַקומען.

## 5

פאַרטאָג, אַז מע עפנט אויף די אויגן, הערט מען, ווי פון אַלע זײַטן טעסעט מען קלעצער. צו די פענצטער דערגייט, ווי די פלינקע העק רופן זיך אָפּ אױף די דערבײַיִקע גאַסן. און כאָטש קיין נײַע הײַזער זײַנען נאָך ניט פאַראַן און אַרום איז פול מיט אַלטן ברוך, פילט מען אָבער, אַז מער שטייט שוין ניט די שטוב צווישן פוסטקעס. מע נעמט אַפילע פאַרגעסן, אַז די שטוב געהערט עמעצן. אַ געקומענער פרעגט ניט מער אָפּן מאַזלדיקן באַלעבאָס. ער זאָגט:

— די קאָנטאָר איז געבליבן? אויך גוט...

פאַרנאַכטלעך, ווען אין הויף האָט זיך שוין אין אַלע ווינקעלעך באַוויזן רויך פון שײַטערס, אַרום וועלכע עס זיצן אַרבעטער און גיבן אַכטונג, ווי עס קאָכט זיך אין די קעסעלעך זייער וועטשערע, ווערט בײַ פרומען אין שטוב שטיל. די קאָנטאָר האָט זיך געשלאָסן, און עס הייבט זיך אָן אַ געװײנלעך שטוביק לעבן. עטל און שיפרע זײַנען שוין געקומען פון דער אַרבעט. גאָנטשאַראָווא האָט צוגעגרייט אַ געקעכטס און וואַרט אויף פרומען, זיי זאָלן צוזאַמען עסן. פרומע האָט נאָך ניט באַוויזן אַרומצוקוקן זיך, איז געקומען יעקאַטערינאַ מיכײַלאָוונאַ. שוין אַ לענגערע צײַט האָט דער סעקרעטאַר פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט געוואַרט אויף אָט דעם פרײַערן אָוונט. זי איז אַהער געקומען זיך טיילן מיט אירע געדאַנקען און אַראָפּריידן זיך אַ ביסל פונעם האַרצן. איצט אָבער ווילט זיך איר ניט ריידן. זי שטייט באַם פענצטער און קוקט אַרויס צו די שײַטערס אַרום שטוב, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען קיין וויכטיקערס אויף דער וועלט — נאָר באַטראַכטן, ווי דער רויך שפּאַרט צום הימל. עס דערגייט צו איר דער טאַם פון קאַרטאָפל און דער רייעך פון ציבעלע. יעקאַטערינאַ מיכײַלאָוונאַ ווייסט, אַז אַלע אין שטוב ווילן פון איר הערן אַ טרייסט־וואָרט: „בריוו פון די מענער באַקומט מען ניט צוליב אַ צופאַל״. אַזוי טראַכט עטל, אַזוי האָפט שיפרע, וועגן דעם כאָלעמט גאָנטשאַראָווא, מיט דעם לעבט פרומע. און זי אַליין טראַכט דען ניט אַזוי?.. יעקאַטערינאַ מיכײַלאָוונאַ דערזעט פאַר זיך אַ גאַנצע שטוב פרויען אָן מענער. די מענער זײַנען אָפּן פראָנט. די פרויען אַרבעטן פאַרן פראָנט. זיי ווייסן, אַז אַ מילכאָמע קאָסט בלוט. צי איז דאָ ניט קיין שטוב מיט אַלמאָנעס? זי אַליין עפשער אויך. דאָס גאַנצע ווען אירס נעמט פאַראָטעסטירן קעגן אַזוינע געדאַנקען. איר פאַרדריסט אויף דער שטילקײַט.

דער פרילינגדיקער פאַרנאַכט האָט זיך צוגעטוליעט צו אַלע פענצטער. ס׳קאָן זיך דוכטן, אַז, אויסער פרילינג, איז אויף דער וועלט גאָרנישט פאַראַן.

דעם ערשטן מײַ האָט אין דער שנײַדער־פאַבריק יעקאַטערינאַ מיכײַלאָוונאַ געהאַלטן אַ פאָרטראָג. אויף דער אימפּראָוויזירטער בינע אינעם נייצעך איז זי געשטאַנען אַ יאָמטעוודיקע, אין אַ שוואַרצן קלייד, אַ שטאַלטנע, מיט שטײַפער שטרענגקײַט אין פּאָנעם, וועלכע ווערט אָפּגעלייקנט פון די באַכיינטע מויל־ווינקלען. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעשײַנט פרייד.

דערנאָך האָט מען געטאנצט. מאלקא איסאקאָוונא, דער דירעקטאָר, און יעקאטערינא מיכײַלאָוונא זײַנען געווען די ערשטע פּאָר, און זיי האָבן נאָך זיך געפירט די טאנצנדיקע קײט צווישן די אויסגעשטעלטע רייען ניי־מאַ־שינעס.

באגעגענענדיק זיך אין טאנץ מיט פרומען, ווארפט יעקאטערינא מי־כײַלאָוונא זיך איבער מיט א וואָרט:

— פונעם זון גאָרניט באקומען?

— גאָרניט.

— איך אויך ניט. כאָטש איין גרוס, אז מע לעבט...

## 6

ארום־און־ארום לייגן זיך פונדאמענטן און עס וואקסן ווענט פון פרישן געהילץ, וואָס שמעקט מיט סמאָלע אף דער זון. די ציגל אָטעמען נאָך מיטן פײַער פון די זאוואָד־אויוונס. דער געלער זאמד שײַנט מיט קינדער־שער פריילעכקײַט. אין דעם ערשטן נײַ־אויסגעבויטן צוויישטאָקיקן הויז, וואָס שטייט פונקט אנטקעגן פרומעס שטוב, לויכטן ארויס די גרויסע פענצטער, ווי געוואשענע שפּיגלען.

פרומעס שטוב איז געוואָרן נידעריקער. די דאכלקעס האָבן ווי פאר־לאָרן זייער פארב. דוכט זיך, קיינער האָט זיך צו דער שטוב ניט צוגעע־רירט, און דאָך איז זי ווי איבערגעביטן געוואָרן. מע רופט זי: די אלטע שטוב. מע גיט אפילע אייצעס: קעדיי ניט שטערן דעם אויסזען פון דער גאס — איבערבויען.

דאָס ארט ניט פרומען. א גאנצע גאס איז מער פון א שטוב. ערגער איז, וואָס אין דער שטוב בלײַבט זי אליין.

שיפרע האָט די ערשטע באקומען א דירע און איז אוועק פון פרומען. עטל האָט זיך שוין אויך אריבערגעצויגן אין א באזונדער וווינונג. גאָנ־טשאראָווא האָט זיך אויסגעבויט א קאָנטאָר. דערווײַל איז בא פרומען גע־בליבן די אלטע כּיִענע. פרומע וויל זי ניט אָפּלאָזן.

עס טרעפט, אז פרומע קומט פון דער ארבעט און בלײַבט שטיין בא דער שוועל. צופיל שטילקײַט גייט דאָרט פון אינווייניק, פון די כאדאָרים. אינ־מיטן זומער האָט פון דער שטוב גענומען ציִען מיט א קעלט. פרומע שטעלט זיך ווידער אונטערן קליאָן, נאָר איצט האָט זי נישט אין זינען ניט זײַנע אלטע צווײַגן, ניט זײַן שאָטן, ניט דאָס שורשען פון די גרויסע פילשפּי־ציקע בלעטער.

אין אָוונט קומען צו פרומען אירע געוועזענע שכיינים צוגאסט. זאָל זי ניט פילן, אז זי איז אליין. אלע קומען אהער מיט האָפּענונגען. שיפרע האָפט, אז איר מאן וועט אינגיכן קומען. יעקאטערינא מיכײַלאָוונא קומט צו פרומען אינעם שווארצן יאָמטעוודיקן קלייד, אָבער איצט זעט זי אויס אומגעדולדיקער. גאָנטשאראָווא בענקט נאָך איר אלטער קאָנטאָר אין פרומעס ווינקל. זי איז זיכער, אז א גוטע בסורע פונעם מאן וועט זי בא־קומען אף פרומעס אדרעס.

— זאָל שוין איין מאן מאכן אן אָנהייב, — זאָגט זי, — איינער וועט קומען, וועלן די איבעריקע זיך באַוויַיזן.

— זיי קאָנען קומען אלע מיטאמאָל, — זאָגט שיפרע.

— אלע? — פרעגט כּיענע, און זי דערפילט, אז זי קאָן מער אין שטוב ניט אײַנזיצן. זי גייט ארויס, זי דרייט זיך ארום צווישן די נײַע הײַזער. לאנג ארומגיין קאָן זי אויך ניט. ווײַל... קאָן זײַן, אז דאָרט, בא פרעמען אין שטוב, ווארטן שוין אף איר אירע קינדער.

אין איינעם אזא אָוונט האָט כּיענע דערזען, ווי א סאָלדאט שטייט לעבן פרומעס שטוב. באקוקט, באטראכט, געפינט, אפּאָנעם, ניט דאָס, וואָס ער זוכט. ווער זאָל עס זײַן?

— ווער ביסטו, סאָלדאט?

אָנשטאָט ענטפערן פרעגט ער:

— א סוואָרע, אז איך האָב א טאָעס?.. ניט מײַן שטוב. ארום־און־ארום איז אלץ נײַ. אפן אָרט פון מײַן הויז שטייט אן אלטע שטוב. זי איז דען געוועזן אן אלטע?

— וועמען דארפט איר, יונגערמאן?

אָבער נאָך איידער ער באַווײַזט צו ענטפערן, ווייסט זי שוין, זי האָט דערקענט. זי פארגעסט זיך גריסן מיט אים און לויפט אין שטוב. זי קאָן קוים אָפּכאפּן דעם אָטעם, איר בלײַבט קויכעס נאָר אף אויסצושרײַען:

— פרומע, דײַן מאן איז געקומען!

# טאָכטער, האָב אים ליב

## 1

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין יענע טעג, ווען פון נאָכעמען האָבן אופגע־הערט אָנקומען בריוו פון פראָנט. זי האָט געוווּסט, אַז בא דער קלענסטער געלעגנהייט שרײַבט נאָכעם. אמאָל פארנעמט א בריוו ניט מער ווי דרײַ שורעס. אין די דרײַ שורעס זײַנען אָבער פאראן די דרײַ וויכטיקסטע זאכן: ער האָט ליב סאָניען, ער שלאָגט דעם דײַטש, ער לעבט. צי קאָן סאָניע ניט לייענען דאָס בריוועלע גאנצע טעג, טראָגן באַם הארצן און ארויסלײַכטן מיט גליקלעכע פארליבטע מיידלשע אויגן?

נאָכעם לייטעס האָט אופגעהערט שרײַבן. ניט סאָניע באקומט קיין אײַנגעטונקטע פען, ניט זײַנע עלטערן. סאָניע וויל זײַן זיכער, אַז ער לעבט און איז געזונט, אפן פראָנט מאכן זיך פארשיידענע צופאַלן. עפשער האָט ער ניט קיין מעגלעכקײַט צו שרײַבן און עפשער שרײַבט ער און די פּאָטשט האָט זיך פארהאַלטן, דערנאָך וועט מיטאמאָל אָנקומען א גאנצער פּאַק בריוו. אף פארפעסטיקן איר זיכערקײַט וויל זי אויספרוּוון א מיטל, צו וועלכן זי איז שוין ניט איין מאָל אָנגעקומען. דוכט זיך, גאָר ניט לאנג איז עס געווען, א יאָר פאר דער מילכאָמע, דאן, אַז זי האָט געוואָלט טרעפן, צי וועט ער קומען, צי האָט ער זי ליב, — פלעגט זי אופמישן א בוך און מיטן פינגער אָנווײַזן אף א שורע: וואָס פאר א סימען וועט זי אויסלייענען?

דעמלט איז אין דעם געלעגן נײַגער און מיידלש כיינדלען זיך. זי איז דאָך געווען פאָרויס זיכער, אַז ער וועט קומען, אַז ער האָט זי ליב. און איצט?

איצט ציטערט זי מיטן גאנצן גוף, זי האָט מוירע פאר א שלעכטן סימען.

אין גרעסטן טייל פאַלט אויס צום גוטן. אמאָל לייגט זיך אויס צום שלעכטן, ווערט זי צעטומלט, דערשראָקן, אַלץ פאַלט פון די הענט. זי גע־פינט אויס, אַז זי איז אויווער געווען אף עפּעס א וויכטיקן קלאַל, און דעריבער האָט זי רעכט איבערצומישן. דאָס מאָל באקומט זיך גוט, און זי ווערט ווידער פריילעך.

זי שרײַבט צו אים, זי שרײַבט אָפט. ער איז אף מילכאָמע, א מענטש אף מילכאָמע דאַרף מער ליבע...

אָבער קיין בריוו פון אים קומען אַלץ ניט אָן. ניט צו איר, ניט צו זײַנע עלטערן. זײַן ייִנגערער ברודער איז אויך אפן פראָנט — שרײַבט ער.

נאָכעם שרײַבט ניט. צי איז טאקע ניט אינדערעמעסן מיט אים עפּעס געשען?

א סאך כאדאָשים זײַנען אוועק.

הײַנט איז סאָניע אופגעשטאנען מיט א גליקלעך פּאַרגעפיל: אָדער א גרוס וועט זײַן, אָדער ער אליין וועט אינגיכן קומען. א גאנצן טאָג איז זי געווען פריילעך, עס האָט זיך איר אלץ געוואָלט זינגען. אין אָוונט האָט זי זיך געלייגט א צופרידענע אין בעט ארײַן. ווי נאָר זי האָט אײַנגעאָטעמט דעם ערשטן שלאָף, איז אין צימער צו איר ארײַן א זומערדיקער הימל מיט א פּערלמוטערנעם לעוואָנע־סערפּ. אין צימער איז ארײַנגעקומען א ווינקל שטאָט־פּארק, די זײַטיקע אליי און די באנק אונטערן צעצווײַגטן קאשטאן־בוים. וויפל אָוונטן איז זי דאָ מיט נאָכעמען אָפּגעזעסן? אָט זיצט זי ווידער אף דער באנק און קוקט אין אלע זײַטן, צי קומט ער ניט אָן. זי איז געקומען פריִער, און ער וועט געוויס קומען פּינקטלעך, צו דער מינוט. פאַרוואָס קומט ער ניט פריִער? זי האָט ליב — קומט זי באצײַטנס. און ער? זי איז אומצופרידן, וואָס זי דארף זיצן אײנע אליין. זי וועט אוועקגיין. זי וועט נאָר איבערציילן ביז צען. זי ציילט ביז צען, ביז פופצן, דערנאָך ביז צוואנציק, זי גייט ניט אוועק. זי וועט זיך דערווארטן, ביז ער וועט קומען. דעמלט וועט זי אים אויסזידלען און אוועקגיין.

אָט שטייט ער פאר איר, נאָכעם. די קארע אויגן לײַכטן ארויס מיט פארשטאנד, די געדיכטע האָר זײַנען פאַרקאמט אף ארוף. ער שטייט קעגן איר, קוקט אף איר, שמייכלט. ער לייגט ארוף א האנט אף איר קאָפּ און גלעט די האָר.

— ווייסט, איך האָב פאר דיר א נײַס! — זאָגט ער.

— א נײַס?

— יאָ. איך האָב דיך ליב. שטארק ליב!

און קעדיי איר פארלויפן דעם וועג, ווײַל זי וועט דאָך פרעגן: פאַרוואָס האָסטו מיך ליב, טײַערינקער? — זאָגט ער, דריקנדיק אירע הענט:

— כ'האָב דיך ליב, ווײַל איך האָב דיך ליב, אָן קיינע „פאַרוואָסן".

אין זומערדיקן נאכט־הימל איבער זיי — א פּערלמוטערנער סערפּ. זיי זיצן אף א באנק אונטער א צעצווײַגטן קאשטאן־בוים, און ווען איז נאָך אזוי גוט, ווי זיי?

וויפל דויערט אָבער א גוטער כאָלעם?

זי כאפּט זיך אוף. ניט קיין הימל, ניט קיין לעוואָנע־סערפּ. די פענצטער פאַרהאנגען, ווי שטענדיק. נאָר זי איז גליקלעך. נאָכעם איז מיט איר.

— טײַערינקער...

נאָכעם איז ניטאָ. ניט נאָר דער הימל איז א כאָלעם. נאָכעם איז א כאָלעם. זי זוכט אים, ווײַל זי פילט אים נאָך, זי פילט זײַנע האָר אף איר פּאָנעם, זײַן אָטעם אפן האלדז, זײַנע ליפּן אף די אויגן.

— נאָכעם! — שרײַט זי אויס. — נאָכעם...

זי ווייסט, אז ער איז דאָ ניטאָ, נאָר זי רופט אים צוהילף, ער זאָל זיך באווײַזן, ער זאָל שיקן א בריוו, איבערגעבן א גרוס.

— נאָכעם, דו לעבסט? דו לעבסט! געוויס!

זי נעמט זיך אליין בארויקן. וויפל פאלן זײַנען געווען, ווען פון פראַנט האָט מען לאַנג ניט געשריבן, וויפל מאָל האָט מען שוין אַזוינע באַקלאָגט און באַוויינט. נאָכדעם לאָזט זיך אויס...

זי מוז טייקעף אָנקלינגען צו זײַנע עלטערן. זי טוט זיך אָן. גוט וואָלט געווען, ווען צום טעלעפאָן זאָל צוגיין זײַן מאמע. זי וויינט אָפּט, נאָר זי פאַרלירט ניט די האָפענונג, זי טרייסט זיך און זי טרייסט סאָניען. דער טאַטע שווײַגט. זינט פון נאָכעמען האָבן אופגעהערט אָנקומען בריוו, שווײַגט ער און וויל וועגן קיין זאַך ניט הערן און ניט ריידן. מע זעט, אַז אינווייניק איז בא אים אַלץ פאַרקילט געוואָרן, האָט זיך אָפּגעשטעלט. אינווייניק האָט דאָס לעבן געפּלאַצט. ער קלאָגט זיך ניט, אָבער טרייסטן קאָן ער אוואדע ניט. און זי, סאָניען, דאַרף מען טרייסטן, זי, סאָניע, האָט זייער מוירע פאַר זײַן שווײַגן, ווײַל זי, אַז צום טעלעפאָן זאָל צוגיין די מאמע.

צום טעלעפאָן איז טאַקע צוגעגאַנגען די מאמע.

סאָניע האָט אַרײַנגעשריִען:

— איך, איך, סאָניע!

— סאָניע... — און סאָניען דוכט זיך, אַז די שטים אין טעלעפאָן־טרײַבל ענדערט זיך, עס רעדט די מאמע, נאָר ס׳איז געוואָרן ניט איר שטים.

— איך, איך, סאָניע! — האָט זי אַרײַנגעשריִען און געוואָלט ווידער דערהערן די באַקאַנטע שטים פון נאָכעמס מאַמען. נאָר אָנשטאָט ווערטער האָט זי דערהערט אַ כליפּ, אַ געוויין...

סאָניע האָט געלאָזט הענגען דאָס טרײַבל אויפן שנור און איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס. זי איז געלאָפן צו נאָכעמס עלטערן. וואָס איז דאָרט געשען? ווער איז קראַנק? מיט וועמען איז אַן אומגליק? זי האָט געפילט, אַז אַן אומגליק איז געשען, נאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, מיט וועמען און וואָס.

די טיר האָט געעפנט אַ שאָכנטע. סאָניע איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב. אין צימער איז געזעסן נאָכעמס טאַטע, אַ בלאַסער, אַ צעבראָכענער. לעבן אים איז געשטאַנען נאָכעמס מאמע און אים געטרייסט.

— וואָס איז געשען? — האָט סאָניע אויסגעשריִען.

דער טאַטע האָט גאָרניט געענטפערט.

די מאמע איז שטיל צו איר צוגעגאַנגען, געשוויגן, דערנאָך געזאָגט:

— קאָנסט מיר זײַן אַ טאָכטער... קיין שנור...

סאָניע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן און ניט באַוויזן. זי האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן, שאַרנדיק מיט די הענט איבער דער מאמעס קלייד.

## 2

עטלעכע טעג איז זי אָפּגעלעגן צו בעט בא נאָכעמס עלטערן. אַז זי איז געקומען צו־זיך, געקאָנט צונויפנעמען אירע געדאַנקען און פאַרשטיין, וואָס זי וויל, איז איינער פון אירע פאַרלאַנגען געווען בלײַבן דאָ אין שטוב, זי קאָן ניט זײַן קיין שנור, זאָל זי כאָטש זײַן אַ טאָכטער, איר פערזענלעך לעבן איז סײַווי געענדיקט. זאָל זי כאָטש קומען צוניץ נאָכעמס עלטערן, זי איז דאָך איינע אַליין, איינע אַליין אויף אַ גאַנצער וועלט.

נאָכעמס טאַטע איז ענלעך אַף אַ מענטשן, וואָס האָט שוין אָפּגעלעבט. די איינציקע סימאָנים, אַז ער לעבט, — זײַנען ליידן און שווייגן. אַז מע קוקט אַף אים און אַף זײַן ווײַב, דערמאָנט מען זיך אינעם ווערטל: „אַ שאַרבן לעבט איבער אַ טאָפּ".

אַ גאַנץ לעבן איז דער בוכהאַלטער מוישע לייטעס געווען דער געזונ־טער, דער מונטערער, דער, וואָס האָט זיך פֿון קיין זאַך צום האַרצן ניט גענומען און אָפּט געשפּאַסט פֿון זײַן פֿרוי ראָכל, וואָס נעמט זיך דאַפֿקע פֿון אַלץ צום האַרצן, וואָס פֿילט זיך אָפּט שוואַך, האָט פֿאַר אַלץ מוירע און לאָזט אַן איבעריקע טרער. אַז זיי פֿלעגן אַרויסגיין אין גאַס שפּאַצירן, האָבן באַקאַנטע, וואָס האָבן זיי באַגעגנט, אָפּט געטראַכט: אָט האָט איר אַ נאָפּ־קעמינע צווישן אַ מאַן און אַ פֿרוי. דער זעלבער עלטער קימאַט בײַ זיי, איז זי שוין אָפּגעלעבט, שוואַך און אַפֿילו אײַנגעשרומפּן געוואָרן, ער האָט קיין איין גראָווע האָר ניט, איז אַ פֿעסטער, אַ געזעצטער, מיט לעבעדיקע אויגן.

איצט האָט מען געזען, ווי ער ווערט מיט יעדן טאָג גראָוער. ער איז געוואָרן אַ שווײַגער, האָט געפּאַלגט, וואָס ראָכל הייסט, און זי, ראָכל, האָט אים געטרייסט, געגעבן האָפֿענונג, זי האָט אויך געטרייסט סאָניען, אַרומגעגאַנגען אַרום איר, ווי אַרום אַ קינד. סאָניען האָט זיך אַפֿילו גע־דוכט, אַז זי לעבט איבער אַ סאַך מער נאָכעמס אומקום, ווי זײַן מאַמע. די מאַמע זײַנע זוכט פֿאַר אַנדערע האָפֿענונגען און טרייסט. פֿאַר איר, פֿאַר סאָניען, איז קיין טרייסט ניטאָ.

באַנאַכט איז סאָניע שווער געשלאָפֿן. איינמאָל האָט זי זיך אופֿגעכאַפּט, געעפֿנט די אויגן און זיך דערשראָקן. אַף דעם אַנטקעגנדיקן בעט איז גע־זעסן ראָכל. זי איז געזעסן מיט פֿאַרבראָכענע הענט און מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ. דער קאָפּ אין ווײַסן טיכל האָט זיך אופֿגעהויבן, און צוזאַמען מיט אים — אַ שאָטן אַף דער וואַנט. אַ שטילער, אַ טיפֿער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ ראָכלען, און דער קאָפּ איז ווידער געפֿאַלן אַף דער ברוסט. סאָניען איז געוואָרן קאַלט. ראָכל האָט גענומען ברעכן די פֿינגער און שטיל, שטיל וויינען. סאָניען האָט זיך גענומען דוכטן, אַז זי פֿילט, ווי דער מאַמעס שטילע טרערן פֿאַלן אַף אירע הענט.

— מאַמע, וואָס איז מיט אײַך? אײַך איז ניט גוט?

ראָכל האָט לאַנגזאַם אויסגעקערט צו איר דעם קאָפּ און געענטפֿערט:

— ניין, מײַן טאָכטער, מיר איז גוט!

דער „מיר איז גוט!" האָט סאָניען אַ שניט געטאָן, ווי אַ מעסער. איר גאַנצער קערפּער האָט אַ צאַפּל געטאָן.

סאָניע איז אַרײַן צו דער מאַמען אין בעט און זי אַרומגענומען.

פֿון דעמלט אָן איז שוין סאָניע געשלאָפֿן מיט ראָכלען. זי האָט זיך שוין דאָ געפֿילט אינגאַנצן היימיש און האָט גענומען אָנפֿירן מיט דער באַלעבאַטישקײַט. זי קומט נאָך דער אַרבעט אַהיים און פֿרעגט אויס, וואָס פֿאַרן טאָג איז געשען, וואָס דער טאַטע מאַכט, ווי די מאַמע פֿילט זיך.

איינמאָל פאַרן שלאָף האָט זי אַף זיך אַ קוק געטאָן אין שפּיגל. זי איז געווען אין איין העמד. איר האָט פאַרדראָסן, וואָס זי איז נאָך שיין. זי איז אַוועק פון שפּיגל, ווי פון אַ סוינע. באַנאַכט האָט זי, ווי שטענדיק, גערעדט מיט ראָכלען.

— מאַמע, — האָט זי געזאָגט, — פאַרוואָס בין איך ניט געווען זײַן ווײַב? פאַרוואָס האָב איך פון אים קיין קינד ניט? פאַרוואָס טראָג איך ניט זײַן נאָמען? מאַמע, אַ מיידל איז נאַריש, זי ווייסט ניט, אַז דאָס גליק קאָן פון איר אַוועקגיין, ווי נאָכעם פון מיר...

די מאַמע, זינט זי שלאָפט מיט סאָניען, וויינט זי ניט באַנאַכט, זיצט ניט אין בעט מיט קיין פאַרבראָכענע הענט. אַף צו באַקלאָגן און באַוויינען איר זון זוכט זי אויס אַ ווינקל, וווּ קיינער שטערט ניט, אַ שאָ, ווען זי איז אַליין.

— טאָכטערקע, — זאָגט די מאַמע, — קינד מײַנס, ביסט נאָך יונג...

— מאַמע, רעד ניט, רעד ניט אַזוי!

— טײַערינקע, ביסט מיר אַן אייגן קינד. דו פאַרבײַטסט מיר נאָכעמען.

— מאַמע! — שרײַט סאָניע אויס און זעצט זיך אויף. די מאַמע זעצט זיך אויך אויף.

סאָניע וויינט.

פון יענער נאַכט אָן פלעגט זיך סאָניע לייגן שלאָפן מיט אַ שווער געמיט. ווען ראָכלען וואָלט עס ניט באַליידיקט, וואָלט זי ווידער געשלאָפן באַזונדער. די מאַמע וויל צונעמען נאָכעמען אינגאַנצן פאַר זיך. זי פאַרשטייט, וואָס די מאַמע טראַכט, ווען זי זעט זי אין איין העמד. די מאַמע טראַכט: אַזאַ לײַב, אַזוינע פיס, אַזוינע אויגן קאָנען ניט בלײַבן וואַרטן, ביז די ווערעם אין קייווער וועלן פון דעם האַנאָע האָבן. מענטשן וועלן עס ניט דערלאָזן. לעבן בלײַבט לעבן. זי איז בא דער מאַמען אַ טאָכטער, נאָר קיין שנור איז זי ניט. דעם אָנדענק און דאָס בענקען נאָך נאָכעמען וויל זי נעמען נאָר זיך. זי, סאָניע, וועט עס ניט דערלאָזן. די מאַמע באַהאַלט אפילע אויס אירע טרערן נאָכן זון, סאָניע איז אַ פרעמדע, — זי טאָר זיי ניט זען.

ווי פריִער, נעמט די מאַמע זי אין בעט אַרום. נאָר סאָניע קאָן זי מער ניט אַרומנעמען. סאָניע קאָן אירע געפילן ניט אויסבאַהאַלטן, זי קאָן ניט.

3

סאָניע גייט אַהיים פון דער אַרבעט. ס'איז האַרבסט, ס'איז אָוונט, אַ רעגן זיפּט. די רעגן־טראָפּנס אײַלן ניט, זיי פאַלן לאַנגזאַם, זיי האָבן גענוג צײַט. אַף דער גאַס איז פינצטער. די פענצטער זײַנען פאַרהאַנגען, פאַרשטעלט, די עלעקטרישע לאָמפּן זײַנען אײַנגעהילט, און עס דוכט, זיי באַשײַנען נאָר זייער אייגן אײַנגעווייד. די פאַרעס פון די מאַשינעס וואַרפן שמאָלע פּאַסיקלעך ליכט אונטער די פאָדערשטע רעדער, די טראַמוויַיען זײַנען שפּאַרזאַם באַלויכטן און קלינגען אָן אויפהער. אין די קליינע געסלעך

איז כּוישעך, מע טאַפּט מיט די הענט די פֿינצטערניש. די גרויסע פֿלעצער זעען אויס, ווי פֿאַרנעפּלט, ווי פֿאַרשאָטנט, פֿאַרטרונקען מיט טונקלעניש, די הויכע פּילגאָרנדיקע מויערן שטייען מיט בלינדע פֿענצטער. און נאָר ווען־ניט־ווען שאַרט זיך פֿון אונטער א פֿאָרהאַנג צופֿעליק אַרויס א שטראַל ליכט, ווי א בליק פֿון אַן אופֿגעעפֿנט אויג. בא די טראַמוויי־סטאַנציעס איז פֿול מיט מענטשן. איבער דער גאַס מאַרשירט א מיליטער־טייל, פֿאַרויס באַלײַכט מען דעם וועג מיט א לאַמטערן. אָפּט עפֿנט זיך א טיר אין א קראָם, און דער פֿינצטערער טראָטואַר ווערט אַף א ווײַלע באַלויכטן, די פֿאַלנדיקע רעגן־טראָפּנס גלאַנצן דעמלט אינעם פּאַס שײַן. מע דאַרף זיך גוט אײַנקוקן און זיך גוט צוגעוווינען, קעדיי דערזען און דערפֿילן, אַז אין דער פֿינצטערניש לעבט די שטאָט.

סאָניע איז שוין צוגעוווינט צו די פֿינצטערע גאַסן, די פֿיס זײַנען צו־געוווינט ניט זיכער אָנצוטאַפּן די ערד אונטער זיך. זי איז מיד. זי וועט קומען אַהיים און זיך גלײַך אַרײַנלייגן אין בעט. א העלפֿט וועג איז שוין דורכגעמאַכט. סאָניע גייט א ציטער, פֿון דאַך האָט אַף איר א שפּריץ געטאָן הינטערן קאָלנער, איר וואַרעמער האַלדז האָט דערפֿילט א פֿרעמדן קאַלטן טראָפּן. זי האָט עפּעס־וואָס צו באַטראַכטן, נאָר זי ווייסט, אַז מע טאָר ניט כאָלעמען אין גאַס. באַם צווייטן ראָג האָט זי אין זינען אויסצומײַדן, אַז פֿון דאַך זאָל זי ווידער ניט באַגיסן, נאָר כאָטש זי האָט עס אין זינען, דערפֿילט זי ווידער גליטשיקע טראָפּנס אַפֿן האַלדז. זי בלײַבט אָבער שטיין. ערגעץ פֿון א דאַך דערטראָגן זיך באַקאַנטע ראַדיאָ־סיגנאַלן. ערגעץ אַף א דאַך זאָגט דער הויכרײַדער עפּעס אָן. עס פֿליט פֿאַרבײַ א וויניק באַלויכ־טענער טראַמוויי, רוישט און קלינגט, קלינגט אָן א סאָף. סאָניע ווערט באַרויִקט, דער טראַמוויי רײַצט זיך מיט איר. זי וויל הערן, זי וויל וויסן, וואָס זאָגן אָן די ראַדיאָ־סיגנאַלן. אַפֿן ראָג איז זי שוין ניט אַליין. פֿאַרבײַ־גייער שטעלן זיך אָפּ. מענטשן ווערט אַלץ מער און מער. די קלאַנגען הערן ניט אויף. די זעלבע קלאַנגען, וואָס האָבן אויסגעזען מיט עטלעכע רעגעס צוריק אַזוי אָנגענעם, ווערן איצט סאָניען דערווידער. נו, וויפֿל איז דער שיר? שוין צײַט דערציילן וויכטיקע נײַס.

— באַ־פֿעל!..

פֿאַר וועמען גיסט איצט דער רעגן? מענטשן לייגן אַף אים קיין שום אַכט ניט. מע האָט גאָר אָן אים פֿאַרגעסן. אַלע זײַנען פֿאַרנומען נאָר מיט איינס: הערן! אַלע הערן די פֿײַערלעכע שטים פֿון דיקטאָר, וואָס לייענט דעם באַפֿעל. די שטאָט, וואָס איז באַפֿרײַט געוואָרן, איז שוין באַוווּסט, מע רופֿט אויס די נעמען פֿון גענעראַלן און פֿאָלקאָווניקעס. א טייל מענטשן גייען אַוועק, אַנדערע קומען אָן און פֿרעגן:

— וואָס גענומען? וועלכע שטאָט?

מע דערוויסט זיך און מע גייט ווײַטער. סאָניע קאָן נאָך ניט אַוועקגיין, פֿאַר סאָניען פֿאַרמאָגט יעדער באַפֿעל נאָך א שורע, וואָס איז ווי ספּעציעל פֿאַר־אירטוועגן: אייביקער אָנדענק די געפֿאַלענע... זי פֿילט דעמלט, אַז זי האָט א כיילעק אין דער באַפֿרײַונג פֿון דער שטאָט. צוזאַמען מיט די גע־נעראַלן און פֿאָלקאָווניקעס קומט אויף נאָכעם. ער ווערט דערמאָנט אין אַלע באַפֿעלן. זי שטייט דעמלט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

איצט קאָן זי פֿאַרזעצן דעם וועג. זי גייט, און פֿאַר די אויגן שטייט די מאמע. ווען די מאמע דערהערט די ווערטער „אייביקער אָנדענק די געפּאַלענע...״, קוקט זי אַרײַן אין ראַדיאָ־רופּאַר, איר דוכט, אַז באַלד וועט מען אָנרופֿן נאָכעמס נאָמען. אירע ליפּן פּליסטערן, שעפּטשען, די אויגן זײַנען פֿול מיט טרויער און ווייטעק.

פֿאַרוואָס איז זי אָנגעשטויסן אויף דער מאמען? צי האָט ניט די מאמע קיין רעכט באַדויערן דעם אומקום פֿון איר זון? צי דען איז אויף דער וועלט פֿאַראַנען אַזוי ווינציק טרויער, אַז פֿאַר איר, סאָניען, וועט שוין ניט קלעקן? סאָניע איז מער ניט באַרויִקט. פּלוצלינג האָבן אַ זעץ געטאָן אַרטילעריע־שאָסן. דער הימל איז געוואָרן באַלויכטן, דער לאַנגזאַמער רעגן האָט אויפֿ־געהעלט פֿון די פֿילקאָלירִיקע פֿײַערן. ביז דער שטוב האָבן די פֿײַערן באַלויכטן סאָניען דעם וועג. אַז ס׳איז געוואָרן ווידער פֿינצטער, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: כאָטש איין גרוס, איין גרוס, אַז ער לעבט...

4

פֿון נאָכעמס ייִנגערן ברודער, כאַיִמען, האָבן אופֿגעהערט אָנקומען בריוו.
דער טאַטע קאָן מער ניט זיצן און שווײַגן, די געפּלאַצטע מאַשין אין אים האָט ווידער גענומען אַרבעטן, ער האָט גענומען נערוועז אַרומלויפֿן איבערן צימער, שאָענווײַז שטיין אויף דער גאַס בײַ דער טיר און וואַרטן אויפֿן בריוונטרעגער. ער האָט געהאַט טײַנעס צו די שטוביקע און ווידער גע־נומען זאָגן דייעס ווי אַמאָל. ראָכל האָט די ערשטע טעג אים געטרייסט. דערנאָך האָט זי זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט.

— איבער מײַנע קויכעס, — האָט זי געזאָגט, — וויפֿל קאָן איך זיך האַלטן נאָר מיטן אימפּעט?

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז זי אַראָפּ פֿון בעט. נאָר אויף איין שאָ צײַט — האָט זי געזאָגט. אָן איר, דוכט זיך איר, גייט אַלץ קאַפּויר. מער האָט זי זיך ניט געלייגט.

די שטוב האָט געלעבט מיט כאַיִמען. כאַיִם האָט אַרויסגעשטופּט נאָכע־מען, און זי, סאָניע, האָט איצט אויך געלעבט מיט איין געדאַנק: זאָל כאָטש כאַיִם לעבן, זײַן ברודער, איר ברודער. און קיין בריוו זײַנען אַלץ ניט אָנגעקומען.

...ביז ס׳איז סאָפּקאָלסאָף אָנגעקומען אַ קליין בריוועלע. מאַמעש עטלע־כע שורעס: ער לעבט, ער איז געזונט, ער איז אין אַ שפּיטאָל. אין צווייטן בריוו וועט ער אַלץ באַשרײַבן.

סאָניע איז אין אַ ווינטער־אָוונט געקומען פֿון דער אַרבעט און האָט גלײַך דערפֿילט, אַז אַפֿילע די ווענט אין שטוב זײַנען פֿרייִלעכער געוואָרן.
— אַ בריוו? — האָט זי אויסגעשריִען.
— אַ בריוו!

דער בריוו איז געווען באַם טאַטן, ער האָט דאָס קליינע בריוול פֿון דער האַנט ניט אַרויסגעלאָזט. ניט גרינג איז סאָניען אָנגעקומען נעמען בײַ אים דאָס בריוול.

אין שטוב איז געווען פריילעך, און סאָניען איז געווען פריילעך.

פון כאַימען איז טאַקע אָנגעקומען א גרויסער בריוו מיט א גאַנצער באַשרײַבונג. פון אָנהייב גייט: „טײַערע מאַמע, טײַערער טאַטע...״ דערנאָך: „שטעלט אײַך פֿאָר... איך געפֿין זיך מיט מײַן קאָמאַנדיר באַם סוינע אין הינטערלאַנד אַף אויסשפּירונג, עס נעמט גיסן א שלאַקסרעגן. מיר זעען ניט קיין וועג, קיין שטעג. מיר טאַפּן אָן יעדן טראָט ווי בלינדע. דער ער־שטער געדאַנק: צי איז עס ניט פון אונדזער מאַזל־וועגן? קיינער זאָל אונדז ניט באַמערקן.

דער רעגן גיסט, ווי דער הימל וואָלט פון זינען אַראָפּ, ווי ער וואָלט גאָר פאַרגעסן, אַז איך מיט מײַן קאָמאַנדיר האָבן א וויכטיקע אויפגאַבע. מיר זײַנען דורכגעווייקט און דורכגענעצט ביז א לעצטן פּאָדעם, די ערד איז ווייך און בלאָטיק, די פיס גליטשן זיך, עס ווערט אַלץ שווערער און שווע־רער צו גיין. און דעריקער — ווו זײַנען מיר? מיר ווייסן ניט, ווו מיר זײַנען.

אין געדיכטן גוסרעגן גיט פון צײַט צו צײַט א שווינדל דורך א בליץ, וואָס מאַכט אונדז אַף א ווײַלע בלינד, באַלד דערנאָך נעמט דונערן מיט אַזאַ ליאַרעם און טראַסקערײַ, ווי אַלע בערג וואָלטן פליִען אינדערלופטן און צעשאָטן ווערן איבער אונדזערע קעפּ. אַז עס ווערט שטיל, הערט מען דײַטלעכער, ווי עס רוישט דער רעגן. דאָ נאָענט, קאָן זײַן, איז פאַראַן ווו זיך אויסבאַהאַלטן — מיר זעען עס ניט. צוויי טריט פון אונדז איז עפּשער דער סוינע, און מיר ווייסן ניט, ווו ער איז. דער רעגן האָט אַלץ צוגעדעקט און אײַנגעהילט אין נאַסער פינצטערניש. צי איז עס ניט קיין מאַבל?

אומגעריכט און אומדערוואַרט האָט דער רעגן אויפגעהערט, ווי מע וואָלט אים איבערגעריסן. עס האָט גענומען ליכטיק ווערן פון אַלע זײַטן. די זון האָט א שײַן געטאָן און גענומען וואַרעמען, פון אונדז האָט גענומען זעצן א פּאַרע. איידער נאָך מיר מאַכן קלאָר, ווו מיר זײַנען, דערזעען מיר דײַטשן, מיר נעמען זיך פאָרזיכטיק רוקן אַף צוריק. זיי באַמערקן ניט, ווי מיר גייען פון פעלד אין וואַלד אַרײַן. אַז מיר זײַנען אַרײַן אין וואַלד, האָבן זיי אונדז דערזען און גענומען באַשיסן. מיר אײַלן אין דער וואַלד־געדיכטעניש, אין וואַלד האָבן מיר א האָפענונג זיך צו ראַטעווען. דער וואַלד איז א טאַטע. פּלוצלינג בלײַבט דער קאָמאַנדיר שטיין, ער כאַפּט זיך פאַר א פוס, זײַן פּאָנעם איז איבערגעקרימט פון ווייטעק.

— ווײַטער! — זאָגט ער און שלעפּט קוים דעם פוס. אים איז שווער צו גיין. דער שטיוול איז שוין פול מיט בלוט.

אָפּשטיין איז געגליכן צו טויט. איך פיר אים, עס ווערט אים אַלץ שווערער און שווערער צו גיין. מיר מוזן זיך אָפּשטעלן. איך צי אַראָפּ דעם שטיוול און בינד אים איבער די ווונד. די שיסערײַ ווערט שטילער. אויב אַזוי, וועלן מיר זיך דערקלײַבן צו אונדזעריקע.

דער קאָמאַנדיר זאָגט:

— צי וועט זיך אונדז ניט אײַנגעבן אָפּנאַרן די ערשטע קויל, זי זאָל קיין צווייטע ניט רופן...

אָפּנאַרן האָט זיך אונדז ניט אײַנגעגעבן. די צווייטע קויל איז געקומען,

דער קאָמאַנדיר איז געפֿאַלן. איך בין געבליבן שטיין א דערשראָקענער און צעטומלטער. מיר האָט זיך געגומען דוכטן, אז טויזנטער אויגן קוקן אף מיר, טויזנטער העמערלעך קלאַפּן אין מיר, און מײַן איינציק האַרץ איז שטיין געבליבן.

איך בין צוגעפֿאַלן צום קאָמאַנדיר. פֿאַרוואָס האָט ער מיך געלאָזט אליין? איך האָב צו אים א טײַנע, פֿאַרוואָס ער האָט מיך געלאָזט אליין. דער קאָמאַנדיר האָט א קרעכץ געטאָן.

ער לעבט!״

דערנאָך האָט כאַיִם באַשריבן, ווי מע האָט אים אליין פֿאַרוווּנדעט.

5

דעם בריוו האָט מען געלייענט א סאַך מאָל, פֿריִער יעדערער באַזונדער, דערנאָך האָט סאָניע געלייענט פֿאַר אלעמען.

פֿאַר דער מילכאָמע האָט סאָניע איין מאָל אָדער צוויי מאָל געזען כאַיִ־מען. ער איז נאָך דעמלט געווען א יונג באָכערל. אָנהייב מילכאָמע האָט ער פֿאַרענדיקט די מיטלשול און איז אוועק פֿרײַוויליק אפֿן פֿראָנט. זי וויל זיך פֿאָרשטעלן, ווי ער זעט איצט אויס. טאַטע־מאַמע, אז זיי האָבן געלייענט דעם בריוו, האָבן זיי געזען און געפֿילט, אז ס׳איז זייער זון כאַיִם. ווי איז זײַן געזונט? צי איז זײַן פֿוס ניט אין געפֿאַר? סאָניע האָט אים דורכן בריוו געדאַרפֿט ערשט דערקענען. זי האָט זיך אים געדאַרפֿט אויסמאָלן. טאַטע־מאַמע האָבן געלייענט א בריוו פֿון כאַיִמען, זי האָט גע־לייענט דעם זעלבן בריוו פֿון נאָכעמען. זי האָט שטאַרק גענומען אַרויסקוקן אף בריוו.

בריוו האָבן גענומען אָנקומען אלץ אָפֿטער און אָפֿטער. די בריוו זײַ־נען געווען מונטערע. ער היילט זיך, זײַן געזונט ווערט בעסער. ער האָפֿט אפֿילע אינגיכן קומען צוגאַסט אַהיים.

אין שטוב האָט מען זיך גענומען גרייטן צו זײַן קומען.

כאַיִם איז געקומען מיט ניט קיין פֿאַרהיילטן פֿוס, אָנגעלענט אף א שטעקל.

צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע איז אים סאָניע אַרופֿגעפֿאַלן קושן. צוזאַמען מיט זיי האָט זי זיך באַמיט ניט באַמערקן זײַן שטעקל. זי האָט געוואָלט הערן, וואָס ער זאָגט, ווי ער רעדט, ווי ער פֿילט זיך. ער איז געווען א גאַסט, ער איז געווען בא טאַטע־מאַמע א זון און בא איר א ברודער. אלע זײַנען געזעסן באַם טיש, דער טיש איז געווען ליכטיק און אויסגעפּוצט. ווײַן, פֿלייש און פֿיש. די מאַמע האָט אָנגעבאַקן געבעקס: שטרודלען, דריידל־לעך און לעקעכלעך. קיינער האָט ניט באַמערקט, אז נאָכעמס אָרט, וואָס איז ביז איצט געווען ליידיק, האָט פֿאַרנומען כאַיִם, די גאָפּל־מעסער, וואָס זײַנען ביז איצט געלעגן ניט גערירט, האָט גענוצט כאַיִם. אנטקעגן, ווי שטענדיק, איז געזעסן סאָניע. אין שטוב איז געווען פֿריילעך, לאַנג איז מען געזעסן, דערנאָך איז כאַיִם אוועק שלאָפֿן. ער איז מיד פֿון וועג. די עלטערן

האָבן אים באַגלייט צום בעט און לאַנג פון אים ניט אָפּגעטראָטן. סאָניע האָט געגומען אופֿראַמען פון טיש. דערנאָך האָט זי זיך געלייגט שלאָפֿן, די מאַמע האָט זיך לאַנג ניט אומגעקערט פון כאַיִמען. סאָניען איז געוואָרן אומעטיק אַליין.

פון יענעם טאָג אָן האָט סאָניע גענומען באַמערקן, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען סוידען זיך אָפּט. זיי האָבן אופֿגעלעבט, זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן אַריינגעלייגט אין כאַיִמען. זי האָט אויך באַמערקט, אַז דער טאַטע האָט אָנגעהויבן אָפּט אַף איר קוקן, שמייכלען צו איר, אַפֿילו גלעטן איי־בערן קאָפּ, פֿרעגן, צי דאַרף זי ניט קיין געלט, צי וויל זי עפּעס ניט קויפֿן.

— טאָכטערקע, ביסט אונדז אַן אייגענע. זײַ אַן אייגענע מיט אַלץ, שעם זיך ניט.

— וואָס איך דאַרף — וועט מער ניט קומען. מער דאַרף איך גאָרניט.

— רעד ניט אַזוי, טאָכטער. מע קאָן קיינמאָל גאָרניט וויסן פֿאָרויס.

אין דעם טאַטנס רייד האָט זי געפֿילט וואַרעמקייט און האַרציקייט.

6

פֿאַר די יאָרן מילכאָמע האָט זיך כאַיִם געענדערט. אויסערלעך איז ער שוין מער ניט קיין יונג באָכערל, נאָר אַ מאַנצבל. זײַן יונג, קימאַט ייִנגלש פּאָנעם איז געוואָרן מענעריש, אָפּגעבערענט, פֿאַרהאַרטעוועט, זײַנע אויגן, וואָס האָבן פֿריִער געוואָלט אַלץ אָנקוקן, זען, באַמערקן, זײַנען געוואָרן רויִקער. זיי קוקן ניט אַף אַלץ מיטאַמאָל, זיי לויפֿן ניט אַרום אין אַלע ווינקלען, דערפֿאַר אויב זיי קוקן שוין אַף עפּעס, דוכט זיך, אַז זיי זעען עס אַף דורך און דורך. אויך זײַנע באַוועגונגען זײַנען געוואָרן מער ציל־געווענדט. זײַנע הענט האָבן פֿריִער פֿאַרמאָגט די זעלבע קוועקזילבערדיקע יוגנטלעכע אומרויִקייט, ווי זײַנע אויגן, צוליב איין נייטיקער באַוועגונג האָבן זײַנע הענט געקאָנט מאַכן צען איבעריקע. איצט באַוועגן זיך די הענט אויסגערעכנט. פֿריִער האָט ער אַלץ געוואָלט און אַלץ געזוכט, נאָר ניט געקענט זאָגן, וואָס וויל ער און וואָס זוכט ער, איצט זעט מען, אַז אויב ער זוכט, ווייסט ער וואָס און קאָן עס אָנרופֿן באַם נאָמען.

טאַטע־מאַמע האָבן עס באַמערקט און געפֿילט. נאָר וועגן וואָס טראַכט זייער זון, וואָס לעבט ער איבער און וואָס טראַכט ער וועגן לעבן, האָבן זיי ניט געוווּסט. טאַטע־מאַמע האָבן שוין ניט איין מאָל געפּרוּווט מיט אים פֿאַרפֿירן אַ שמועס, מוישע אַף זײַן אויפֿן — ווי אַ מאַנצבל מיט אַ מאַנצבל, אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן. ראָכל אַף איר אויפֿן — ווי אַ מאַמע מיט אַ דער־פֿאַרענעם זון, באַ וועלכן מע פֿרעגט אַן אייצע. כאַיִם לאָזט זיך ניט אַרײַן אין קיין געשפּרעכן וועגן זיך אַליין. ער קומט אַלץ אָפּ מיט אַ שפּאַס, מיט אַ ווערטל, מיט זײַטיקע זאַכן. און אַפֿילו סאָניען, צו וועלכער ער באַציט זיך מיט גרויס רעספּעקט, ווי צו אַ קאַלע פֿון זײַן אומגעקומענעם ברודער, אַפֿילו סאָניען, ווען זי בעט באַם טיש דערציילן וועגן דער מילכאָמע, — ענטפֿערט ער אויך אָפּ מיט אַ ווערטל:

— מילכאָמע, שוועסטער, איז ניט קיין מײַסע אף דערציילן.

אויסערלעך האָט זיך כאַים געענדערט, אינערלעך האָט ער זיך ניט אַזוי געענדערט, ווי געקומען צו־זיך. ער האָט זיך אַליין דערפילט און זיך אַליין פאַרשטאַנען. אין נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלט עס געקומען אַ סאַך שפּעטער, אין יאָרן פון מילכאָמע איז כאַים גיך אופגעגאַנגען און גיך רײַף געוואָרן. דערפאַר אָבער איז אומבאַמערקט דורכגעלאָפן, קימאַט ווי איבערגעשפּרונגען געוואָרן, דער יוגנטלעכער רײַץ פון האָבן אַ טאָעס און נאָכדעם כאַראָטע האָבן, פון טאָן אַ זאַך מיט געפיל און ערשט דערנאָך באַזיניקן זי. ער איז אַריבערגעשפּרונגען אַ טרעפּ אינעם לייטער, אַ טרעפּ, וואָס רופט זיך יוגנט, וועלכע מעג זיך באַנאַרישן, זען אײן פאַרב אָנשטאָט אַ צווייטער, מעג צופיל טרויען און אַ סאַך טרוימען, מעג זיך אַנטוישן. ער האָט, קאָן זײַן, צו פרי געקומען זען אַלץ אין דער עמעסער שײַן. ער האָט שוין געוווּסט דעם פּרײַז פון כאַווערשאַפט, געוווּסט, ווו מע קאָן טרויען און ווו — ניט. פאַר אים איז גיך אוועק די צײַט פון איבעראַשט ווערן, פאַרווּנדערט ווערן, מעקאַנע זײַן און נאָכמאַכן, כאַים איז צו גיך געוואָרן כאַים.

אין שטוב האָט מען אופגעהערט צו דערמאָנען נאָכעמס נאָמען אין סאָניעס אָנוועזנהײַט. ס'איז געווען ווי אָפּגערעדט צווישן זיך, כאָטש מע האָט וועגן דעם קיינמאָל ניט גערעדט.

אַז טאַטע־מאַמע סוידען זיך, אַז זיי ריידן דאַפּקע דעמלט, ווען ניט ער און ניט סאָניע זײַנען דערבײַ, האָט ער נאָך דערווײַל ניט באַמערקט אָדער עס האָט אים פּאַשעט ניט געאַרט.

קאָלזמאַן ער האָט זיך געדאַרפט אָנשפּאַרן אפן שטעקל, איז ער קימאַט קעסיידער געזעסן אין שטוב. עס האָט אים ביכלאַל אין ערגעץ ניט געצויגן.

אַז דער פוס איז אינגאַנצן געזונט געוואָרן און כאַים האָט געקומען גיין אָן אַ שטעקן, האָט ער דערפילט, אַז ניט נאָר ער שטייט אף צוויי פיס, נאָר די הענט זײַנען בא אים פרײַ געוואָרן. די פרײַע הענט האָבן אַרויסגערופן אַ פאַרלאַנג זיך באַוועגן און עפּעס נעמען טאָן.

ער האָט געקומען אַרומגיין איבערן צימער, און סאָניע האָט געזאָגט מעזווינעס אף זײַן גאַנג. זי האָט אים געלערנט, ווי שטעלן דעם טראָט, זי האָט זיך געפרייט.

די מאַמע מיטן טאַטן זײַנען געשטאַנען דערבײַ, די פּענעמער זייערע האָבן געשײַנט, די מאַמע האָט אַפילע געלאָזט אַ טרער, אין דער מינוט איז זי געווען ענלעך אף דער מאַמען פון פאַר דער מילכאָמע.

7

די לעצטע טעג, אַז סאָניע פלעגט זיך אומקערן אהיים, איז בא איר געווען איין געדאַנק און איין פאַרלאַנג: עפענען די טיר און טייקעף אַ קוק טאָן אף כאַימען. צי וועט זי אין אים ניט דערזען נאָכעמען? און אַלע־

מאָל האָט זי אין דער ערשטער מינוט דערזען נאָכעמען אין כאַימען. ענ־לעך, זייער ענלעך! און זי האָט אליין ניט געוווּסט, פאַרוואָס זי איז צו־פרידן: צי פון דעם, וואָס זי זעט נאָכעמען, וואָס ער שטייט איר א ווײַלע ־פאַר די אויגן און איר ווילט זיך ווארפן צו אים, צי פון דעם, וואָס אין כאַימען קאָן מען דערזען נאָכעמען? לאַנג דויערט אָבער ניט דער ערשטער אײַנדרוק, דעמלט דערזעט זי, וואָס אין די ברידער איז ענלעך און וואָס ניט.

הײַנט, זי איז נאָר געקומען פון דער ארבעט און האָט נאָך ניט באוויזן די טיר צומאכן, האָבן זי מוישע און ראָכל באגעגנט:

— פאַראַן בילעטן אין טעאַטער.

— אין טעאַטער? — איר האָט אין דער מינוט זיך געדוכט, אז דאָס וויל מען זי אויספּרוּוון. מע וויל וויסן, צי זי האָט פארגעסן נאָכעמען און צי וועט זי זיך גלײַך אָן דעם אָנכאַפּן. — אין טעאַטער? — האָט זי איבערגע־פרעגט. — איך בין שוין אזוי לאַנג ניט געווען אין טעאַטער, אז עס ציט מיך ניט.

— פאַרוואָס זאָלסטו ניט גיין?

זי האָט באַשלאָסן ניט צו גיין. דאָס הייסט ניט, אז זי וועט מער קיינ־מאָל אין ערגעץ ניט ארויסגיין, ניט זײַן אין טעאַטער. זי איז א לעבעדי־קער מענטש, דערווײַל ציט זי ניט, און באַזונדערס, ווײַל מוישע מיט ראָכלען, וועלכע סוידען זיך אזויפיל, זײַנען פאַרינטערעסירט, אז זי זאָל יאָ גיין.

— סאָניע, — האָט געזאָגט כאַים, — איך האָב בילעטן אין טעאַטער. אליין גיין מיט צוויי בילעטן איז אי אומעטיק, אי נאַריש. קומט מיט מיר. אָדער פאַשעט — באַגלייט מיך.

זי האָט אף אים געקוקט און קימאַט ניט געזען אין אים נאָכעמען. זי זעט נאָר כאַימען. זי איז אומצופרידן, אָבער ניט באגלייטן צום טעאַטער — ווי קאָן זין? דאָס וואָלט הייסן באַליידיקן א מענטשן. פאַרשטייט זיך, אז זי וועט באַגלייטן, נאָר אז נאָכעמס ברודער, וואָס איז געקומען פון פראָנט א פאַרוווּנדעטער, בעט אָדער גיין אין טעאַטער אָדער באַגלייטן, און זי קלײַבט אויס באַגלייטן — צי איז עס ניט קיין באַליידיקונג? פאַרוואָס קומט כאַימען באַליידיקן?

כאַים מיט סאָניען זײַנען אוועק אין טעאַטער.

אין דרויסן איז געווען ווארעם און ליכטיק. סאָניע האָט געפירט כאַימען אונטער דער האַנט, אָפט געכאַפּט א בליק, ווי זעט אויס כאַימס גאַנג.

ביזן טעאַטער האָבן זיי געשוויגן. אין טעאַטער האָבן זיי פאַרנומען זייערע ערטער. דער פאָרהאַנג האָט זיך אופגעהויבן. סאָניע האָט געקוקט אף דער סצענע, די האַנט האָט זי געהאַלטן אף דער פאָרענטשע פון שטול. פּלוצלינג האָט זי דערפילט, אז אף איר האַנט ליגט כאַימס האַנט, א הייסע און א ציטערנדיקע. א האַנט, וואָס פרעגט און וואָס זוכט אַן ענטפער. זי האָט איר האַנט צוגענומען, זי האָט זיך אָפּגערוקט צום ברעג שטול. אז עס איז געוואָרן ליכטיק, האָבן זיי ניט געקאָנט קוקן איינער אפן אַנדערן. כאַים האָט זיך געפילט שלעכט און שולדיק. ער האָט עס גאָר פריִער אין זינען

ניט געהאט. ווי־אזוי האָט זיך עס באקומען? אין אזוינע זאכן איז ער נאָך א יינגל. און ער האָט געמיינט, אלץ ווייסט ער, אלץ פארשטייט ער, ניטאָ אים מיט וואָס צו איבעראשן. שוויַיגן איצט איז פונקט אזוי יינגלש און נאריש.

— סאָניע, — האָט ער געזאָגט, — ווען האָט איר באקומען דעם לעצטן בריוו פון נאָכעמען?

עס האָט גענומען טונקל ווערן אין זאל. כאַים האָט זיך צו איר אָנגע־בויגן און געזאָגט:

— אנטשולדיקט, סאָניע.

פון יענעם אָוונט האָבן זיך סאָניע און כאַים געפילט געענגט אין איין שטוב. ביידן האָט זיך גענומען דוכטן, אז די מאמע מיטן טאטן האָבן איצט איין פארלאנג: זיי כאַסענע מאכן. דערפאר סוידען זיי זיך אזויפיל. סאָניע שלאָפט אמאָל ניט באנאכט, זי טראכט: זי זאָל ווערן זיין אָביעקטיוו, קאָן זי פארשטיין אזא פארלאנג. ווען זי זאָל זיך קאָנען שטעלן פון דער זיַיט און באטראכטן זיך און כאַימען, ווי זיַיטיקע מענטשן, וואָלט זי געקאָנט זאָגן, אז אזא פארלאנג פון עלטערן איז עפשער ניט קיין אומגערעכטער. נאָר כוץ דעם, וואָס זי וועט אף אזוינס ניט איַינגיין, פארדריסט איר די קלוגשאפט פון דער מאמען, וואָס וויל זי איבערקליגן און מיינט זי אזוי ביסלעכוויַיז צוגעווינען צו כאַימען. איר וואָלט צום הארצן געווען, ווען מע זאָגט איר פראָסט און פּאָשעט: נאָכעם איז אומגעקומען און וועט צו דיר מער ניט קומען. אייביק א מיידל וועסטו ניט פארבליַיבן. דאָס איז קעגן דער נאטור. נאָך א יאָר, נאָך א יאָר... נאָכעם וועט פארגעסן ווערן, אן אנדערער וועט קומען, צי איז ניט גליַיכער, אז דאָס זאָל זיַין נאָכעמס ברודער...

פארשטייט זיך, אז ס׳איז נאריש צו מיינען, אז זי, סאָניע, קאָן אף אזוינס איַינגיין. נאָר פארוואָס וויל די מאמע זי איבערקליגן, עפּעס ווי אָפּנארן? פריַער צוגעווינען און דערנאָך איַינריידן. וואָס איז זי, א קינד? זי פילט א פארדראָס אף דער מאמען.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן צו איר אָנגעקלונגען עטלעכע כאווער־טעס. צו זיי איז דערגאנגען, האָבן זיי געזאָגט, אז נאָכעם איז געקומען, זיי ווייסן, אז זי איז שוין מיט אים געווען אין טעאטער, זיי באגריסן זי.

— ביסט א מאזלדיקע, סאָניע, א מאזלדיקע!

אין יענעם טאָג איז סאָניע אריבער צוריק צו זיך אין צימער.

8

טאטע־מאמע האָבן אָפּט געטראכט וועגן כאַימען און סאָניען. ווען זיי האָבן כאַסענע... איז אָט וויביידע זין וואָלטן געבליבן. דעמלט וואָלט נאָך געווען א לעבן און א האָפענונג.

די מאמע האָט פאַרשטאַנען, אַז סאָניען קאָן אַזוינס באַליידיקן. סאָניע איז אַ מיידל מיט כאַראַקטער, די מאמע פאַרשטייט אָבער אויך, אַז אייביק וועט סאָניע ניט בלײַבן אַליין, דער איבערבראָך קאָן אָנקומען פּלוצלינג, אומדערוואַרט, און עס וועט זײַן שפּעט. די מאמע פילט, אַז מיט סאָניען בלײַבט איר שטוב ווי געווען, ווי אַמאָל.

צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד איז סאָניע ניט געקומען. אין שטוב זײַנען אַלע אַרומגעגאַנגען אומצופרידענע, ווי באַרויגעזע איינער אויפן אַנדערן. פאַר־וואָס איז זי אַוועק, ווער איז שולדיק?

גיין צו איר וועט אָבער קיינער ניט, און ווי אַלעמאָל, ווען מע איז אומצופרידן, זוכט מען אויף וועמען די אומצופרידנקייט אַרופוואַרפן. האָט מען אַלץ אַרופגעוואָרפן אויף סאָניען. אַ נאַריש מיידל, וואָס איז איר אָנ־שטעל? זי איז אַ שיינע — נו, איז וואָס?

נאָכדעם איז דער פאַרדראָס געוואָרן גרעסער, דעריבער האָט מען גע־פילט די נייטיקייט טראַכטן וועגן איר ערגער. זי איז אַוועק — זי וויל כאַ־סענע האָבן, אַזוי גיך פאַרגעסן נאָכעמען...

קיינער וועט צו איר ניט גיין, זאָל זי אַליין קומען. און דאָך איז די מאמע אַוועק צו סאָניען. סאָניע האָט זי אַרומגעכאַפּט קושן, זי האָט זיך געפילט שולדיק. זי האָט אַפילו ניט געהאַט מיט וואָס פאַרענטפערן איר אַוועקגיין. כאַוועדטעס האָבן געקלונגען און באַגריסט — אַ נאַרישקייט. איצט דוכט זיך איר, אַז אַפילו פאַר זיך אַליין איז עס קיין ענטפער ניט. אָדער עפּשער דערפאַר, ווײַל כאַים האָט איר האַנט אָנגענומען? זי פאַר־שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס הייסט געדענקען נאָכעמען? זי שטייט פאַר דער מאמען, ווי אַ שולדיק קינד, וואָס רויטלט זיך און קאָן גאָרניט זאָגן. די מאמע האָט אַפילו מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט און ניט געגעבן אָנ־צוהערן, אַז זי איז אומצופרידן, אַז איר פאַרדריסט. זי האָט נאָר געזאָגט:

— טאָכטערקע, איך האָב זיך פאַרבענקט.

זי האָט גענומען אויספרעגן, וואָס סאָניע מאַכט, ווי זי פילט זיך.

— כ'ווייס אַליין ניט, מאמע, ווי איך פיל זיך. איך האָב אויך שטאַרק געבענקט.

— דו טוסט אַזוי... קעדיי בענקען, ביסטו פונדערווײַטן.

— מאמע, איך קאָן איצט אַנדערש ניט, איך קאָן ניט...

סאָניע איז צו די עלטערן אַלץ ניט געקומען. אַמאָל האָט זיך איר גע־דוכט, אַז זי טוט עס, ווײַל זי שעמט זיך איצט באַווײַזן. זי וועט ניט וויסן מיט וואָס פאַרענטפערן איר ניט קומען, איר האָט זיך געדוכט, אַז כאַים וועט זיך פילן ניט גוט, אויב זי וועט קומען. נאָר אָפּטער פון אַלץ האָט זיך איר געדוכט, אַז זי האָט פּאַשעט מוירע צו קומען, פאַר עפּעס שרעקט זי זיך.

דערווײַל האָט זיך כאַים ווידער געגרייט אין וועג אַרײַן. ער איז גע־זונט און פאַרט ווידער אויפן פראָנט. סאָניע האָט געפילט, אַז זי מוז אַרײַנ־גיין. זי האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, ביז כאַים איז אַליין געקומען. ער האָט געשפּאַסט:

— איך האָב ניט געוווּסט, סאָניע, אַז מײַן האַנט קאָן אײַך אַזוי איבער־שרעקן. איך בין געקומען זיך געזעגענען...

סאָניע האָט געפילט, אַז די רויִקייט און דאָס שפּאַסן גיט זיך אים ניט גרינג, ער האָט געוויס גאַנצע טעג געטראַכט, ווי ער זאָל זיך מיט איר האַלטן און וואָס זאָגן. ער האָט געוויס לאַנג געטראַכט, צי ער זאָל בכלל קומען צו איר.

זי האָט זיך געפילט ניט גוט מיט כאַימען.

— סאָניע, טאַטע־מאַמע בלײַבן אַליין. איצט, אַז איך וועל ניט זײַן, וועט איר געוויס צו זיי אַרײַנקומען, זיי זײַנען אײַנגאַנצן אַליין.

זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן, זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער איקער אין זײַנע רייד איז ניט, אַז זי זאָל אַרײַנקומען צו זײַנע עלטערן, דער איקער איז דאָס, וואָס אַז ער וועט ניט זײַן, וועט זי קענען אַרײַנקומען... זי האָט געוואָלט זיך מאַכן ניט פֿאַרשטייענדיק, זי האָט געזאָגט:

— געוויס וועל איך קומען, אָפֿט קומען, — זי קאָן אָבער ניט אויסבאַהאַלטן, וואָס זי מיינט, זאָגט זי, — אַנטשולדיקט, כאַים, איר דאַרפֿט זיך אויף מיר ניט באַליידיקן. איר פֿאַרשטייט... איר זײַט אָפֿט ענלעך אויף נאָכעמען, איך קאָן ניט...

— איך בין אַלעמאָל ענלעך אויף זיך אַליין.

— עס ווענדט זיך פֿאַר וועמען.

— פֿאַר אײַך?

— ניין.

זיי זײַנען אינגיכן צוזאַמען אַוועק צו די עלטערן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי באַגלייט כאַימען צום צוג. זי האָט זיך מיט אים געזעגנט, צעקושט.

9

ס'איז געווען האַרבסט. אַלע טאָג איז סאָניע מיט די בולוואַרן געגאַנגען צו די עלטערן און אַלע טאָג געוואַרט אויף בריוו. סאָניע האָט ליב דעם האַרבסט, ווען ער איז נאָך זוניק, ווען די לופֿט איז דורכגעזאַפּט מיט רײַפֿקייט, ווען די בלעטער אויף בוים זײַנען שוין באַזוימט מיט געל. זי האָט ליב אויך, ווען אַ געלער בלאַט נעמט זיך דרייען אין דער פֿאַרנאַכטיקער לופֿט און לייגט זיך איר צו די פֿיס, זי זעצט זיך אויף אַ באַנק און וויל טרעפֿן: צי וועט כאַים שרײַבן איר באַזונדער. געוויס ניט, זי האָט מיט קיין זאַך ניט פֿאַרדינט, ער זאָל איר שרײַבן.

עס האָבן גענומען אָנקומען פֿון כאַימען בריוו פֿון וועג. פֿאַר איר איז אין די בריוו געווען אַ גרוס. די גרוסן זײַנען ווי אויף אָפּצוקומען, ווי אַ זאַך, וואָס מע מוז, ווײַל אַזוי פֿירט זיך די וועלט. איר האָט עס פֿאַרדראָסן.

ערעוו די אָקטיאַבער־יאָמטויווים איז סאָניע שפּעטלעך געקומען אַהיים, זי איז געווען מיד און הונגעריק, זי האָט אָפּגיך אָפּגעגעסן און זיך געקליבן לייגן אין בעט אַרײַן. אַ שאָכנטע האָט איר אַרײַנגעטראָגן אַ בריוו.

דער בריוו איז געווען פֿון כאַימען.

זי האָט זיך ניט געײַלט דעם בריוו עפֿענען. זי האָט אוועקגעלייגט דעם בריוו אויפֿן טיש און אַרויפֿגעלייגט אויף אים ביידע הענט. זי איז אויפֿגערעגט, זי מוז זיך פֿריִער באַרויִקן. איר פֿאַרלאַנג באַקומען פֿון אים א

בריוו איז באַפרידיקט. זי וויל זיך אָנשטויסן, וואָס אין בריוו איז געשריבן. עפשער ניט מער ווי א גרוס, אזא ווי אין די בריוו צו זײַנע עלטערן. דער נײַגער אין איר שטײַגט. זי וויל טייקעף וויסן, וואָס דאָרט איז גע־שריבן, נאָר עפשער זאָל זי זיך טאָן א צולאָכעס און זיך אָפּהאלטן? זי קאָן זיך ניט באהערשן. אירע ציטערנדיקע פינגער נעמען פאנאנדער דעם צונויפגעלייגטן דרײַעק. זי לייענט.

ער וואָלט זיך וועלן באַנוגענען מיט א גרוס אין די בריוו צו זײַנע עלטערן, ער איז א מענטש, וואָס קאָן זיך באהערשן. ווען ער זאָל ניט פאָרן אף מילכאָמע, פונוואנען מע קאָן אמאָל צוריק ניט קומען, וואָלט ער עפשער אזוי גיך ניט געשריבן. ער ווייסט, אז זײַן בריוו וועט זיך אָנ־שטויסן אף א וואנט. ער שרײַבט, ניט ווײַל ער וויל די וואנט דורכברעכן. ניין, ער איז בא זיך ניט געניארט, ער פארשטייט א ביסל סאָניען, ער פאר־שטייט, אז קעדיי מיט איר זאָל עפעס געשען, מוז זי שטארק פארכאפּט ווערן, פארלירן כאָטש אף איין מינוט דעם קאָפּ. זי מוז דערטרונקען ווערן אין א שטארקערן פון זיך. ווי ער פארשטייט, איז ער ניט דער, וואָס קאָן אזוי ווירקן. אָבער שרײַבן מוז ער. פאראן געפילן, וואָס מע קאָן אויסלעבן מיט דער ביקס. דעם געפיל פון ליבע אָבער ניט.

ער האָט זי ליב, אָבער ניט דערפאר שרײַבט ער צו איר, ער האָט פאַ־שעט ניט צו ווײַמען וועגן דעם צו שרײַבן. זי איז די איינציקע. ער מוז שרײַבן, זי דארף אים מיטפילן און פארשטיין. ער איז פארליבט, ער האָט פארלאָרן די רו, ער האָט זיך אליין פארלאָרן... ער לעבט מיט איר אויסזען און מיט איר אָנדענק. זאָל זי אים אנטשולדיקן, מער וועט ער ניט שרײַבן, ער וועט זיך סטארען באהערשן. נו, אָט דאָס, סאָניע, איז אלץ... אלץ, וואָס הייסט כאַיִם.

זי האָט זיך ניט געקאָנט באהערשן פון אופרעגונג, זי האָט נאָכאמאָל געוואָלט לייענען און ניט געקאָנט. לאנג האָט זי נאָכדעם ניט געקאָנט אײַנשלאָפן. איר איז געווען גוט.

דערנאָך איז זי אײַנגעשלאָפן. נאָר אינגיכן האָט זי זיך אופגעכאפּט, ווי עמעצער וואָלט זי געוועקט. „ער האָט פארלאָרן די רו, ער האָט זיך אליין פארלאָרן". ער איז אף מילכאָמע און האָט פארלאָרן די רו... זי איז שולדיק! פארוואָס האָט זי אים ניט געזאָגט כאָטש איין וואָרט אף בארויִקן? פארוואָס האָט זי אים ניט געגעבן קיין פיצעלע האָפענונג אף אמאָל, אף שפּעטער? א מענטש אף מילכאָמע...

עס האָט איר אף זיך פארדראָסן. צי לעבט זי ניט נאָר מיט זיך? צי איז כאַיִמען ניט נייטיק איר וואַרעם וואָרט אף שלאָגן דעם סוינע? צי איז כאַיִמען ניט נייטיק זײַן רויִקײַט אף זיך אויסצוהיטן פון א קויל?

זי האָט זיך ווידער געלייגט און ווידער געזעצט. זי אליין האָט פאר־לאָרן די רו. איר איז פאר די אויגן אופגעקומען דער שלאקסרעגן פון כאַיִמס בריוו. וואסער־שלאנגען שמײַסן אים און ווילן אים צעטרעטן. זי, סאָניע, האָט זיך אף אים ארופגעוואלגערט, ווי זײַן פארווונדעטער קאָמאנ־דיר. ער טראָגט זי אף זיך, ווי א טויטן קערפּער. ער וויל פילן, צי דער קערפּער לעבט, צי ער אָטעמט. ער וועט פאלן פון די פיס, און זי האָט מיט קיין איין ווונק ניט ארויסגעוויזן, אז זי לעבט, אז זי אָטעמט, אז איר הארץ

קלאַפּט. זי דערפילט דעם שלאַקסרעגן איבער זיך, דאָס וואַסער פאַר־שווענקט זי, עס דונערט איבער איר.

זי האָט מער ניט געקאָנט איינשלאָפן.

אין מאָרגן האָט זי געקלונגען צו זײַנע עלטערן. זי האָט באַקומען אַ בריוו פון כאַימען. ער בעט זיי גריסן. נאָך דער אַרבעט איז זי אַליין גע־קומען און נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט, אַז דער בריוו איז אַ האַרציקער, ער בעט זיי גריסן. טאַטע־מאַמע האָבן פון נײַגער ניט געקאָנט איינזיצן אויף אן אָרט. פאַרוואָס גיט זי ניט לייענען דעם בריוו? צי דען וועט זי אים אוועקטראָגן מיט זיך? דער טאַטע האָט ניט געפונען קיין ווערטער, וויאַזוי איר געבן אָנצוהערן. די מאַמע האָט אָבער געפונען אין אײַצע.

— טאָכטערקע, האָסט דעם בריוו פאַרגעסן מיטנעמען?

— ניין, ניט פאַרגעסן.

סאָניע איז געווען זיכער, אַז אַזאַ בריוו איז נאָר פאַר איר. אַזאַ בריוו ווײַזט מען ניט. נאָר באַלד האָט זי אַ צווייט געפיל אַרומגעכאַפּט: ביז איצט האָט מען איר נאָר געשריבן אַ גרוס, אַ גרוס אויף אָפּקומען, און אַיצט שרײַבט מען צו איר.

— אָט איז דער בריוו!

זיי האָבן זיך אויף דעם בריוו אַרופגעוואָרפן, ווי אַ דאָרשטיקער אויף וואַסער. דער בריוו אין זייערע הענט איז געשפּרונגען, ווי אַ לעבעדיקער. זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט איין מאָל לייענען און געלייענט נאָכאַמאָל. בא דער מאַמען האָבן געציטערט די ליפּן, עס האָט זיך געדוכט, אַז זי אינגאַנצן וואַרפט זיך ווי אין אומרו, זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר קאָן ניט, זי וויל עפּעס בעטן און ווייסט ניט וויאַזוי. נאָכדעם איז זי צוגעגאַנגען צו סאָניען און מיט מאַמישער האַרציקײַט און ווייכקײַט געזאָגט:

— טאָכטער, האָב אים ליב.

# וואָס וועט זאָגן מײַע?

1

סאָף מילכאָמע איז דאָװיד ליפשיץ פארװוּנדעט געװאָרן צום צװייטן מאָל. דרײַ כאַדאָשים איז ער אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל, ביז דער פוס האָט זיך קימאט פארהיילט, אָבער ניט אף אזויפיל, אז ער זאָל אים פרײַ קאָנען דינען. וווּ זײַן מישפּאָכע געפינט זיך, האָט ער ניט געוווּסט, דעריבער האָט ער זיך מיט אלע קויכעס געריסן צו זײַן היימשטאָט.

פאר זײַנע פערציק יאָר לעבן האָט דאָוויד ליפשיץ זיך זייער ווינציק באַנוצט מיטן „עפּשער". פארקערט, ער האָט ליב געהאַט אײַנצושטעלן, איינמאָל באשלאָסן — איז פארפאלן. איצט לעבט ער דורכויס מיטן „עפּ־שער". ער פאָרט צו זיך אין שטאָט, און כאָטש קיין גרויסן גלויבן אין דעם, אז ער וועט געפינען זײַן מישפּאָכע, אז ער וועט טרעפן א היים, האָט ער ניט, דאָך האָפט ער: עפּשער? ער האָט זיך שוין אפילע עטלעכע מאָל פאָר־געשטעלט, וויאַזוי ער נעמט אראָפּ דעם גרויסן שלאָס פון זײַן טיר.

2

דעם שלאָס פון זײַן טיר האָט דאָוויד ליפשיץ דאפקע געפונען. דער שלאָס צוזאמען מיט די קליאמקעס האָבן זיך געוואלגערט פארזשאווערטע, פארוואקסענע מיט בלאָטע. א שלאָס אָן א הויז. די טיר, אף וועלכער ער איז פריִער געהאנגען, איז געווען אָפּן און צעבראָכן. די שטוב, וועלכע ער האָט געדארפט אָפּהיטן, איז געווען פוסט און ליידיק, מיט אויסגעזעצטע שויבן און ארויסגעריסענע ראמען. דאָוויד האָט אף דער שטוב א מאך גע־טאָן מיט דער האנט. ווו איז די מישפּאָכע?

גאנצע טעג לויפט ער ארום, עטוואָס נאָכשלעפנדיק דעם רעכטן פוס. סאָפּקאָלסאָף האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו דערוויסן, אז פון זײַן מישפּאָכע האָט זיך געראטעוועט א קינד — דאָס מיידעלע. עס געפינט זיך אין א דאָרף.

ווען דאָוויד איז ארײַן אין דאָרף, האָט מען פון אלע פענצטער און טירן ארויסגעקוקט אפן סאָלדאט, וואָס שלעפּט עטוואָס נאָך א פוס. צו ווע־

מען איז ער געקומען? ווער איז ער? קיינער דערקענט אים ניט. אָבער אַלע ווילן וויסן.

דאָוויד גייט איבערן דאָרף און איז זיכער, אַז זײַן טאָכטער וועט אים געוויס דערקענען, וועט זיך צו אים ווארפן, שרײַען „פּאפּא", לאַכן און וויינען.

צי מע געדענקט אים ניט, צי מע באַמערקט אים ניט? אַזויפיל קינדער אַף דער גאַס, און קיינער ווארפט זיך צו אים ניט. ער איז ארײַן אין הויז, ווו זײַן קינד געפינט זיך. דאָס הויז איז גערוים און ליכטיק, אין ווינקל הענגט אַן איקאָנע. אַף דער מיט וואנט — קאַלינינס בילד. באַם טיש זיצן דרײַען און עסן. אַ מאַן, אַ פרוי, אַ קינד. דאָס קינד — איז זײַנס! איבערן גאַנצן קערפּער זעצט ארויס אַ היץ, וואָס שוואַכט אים אָפּ.

— פּאפּא, — זאָגט דאָס מיידעלע.

„דערקענט!" — איז זײַן ערשטער געדאַנק. נאָר באַלד האָט אַ קעלט אים ארומגעכאַפּט.

„פּאפּא" — דאָס איז געווען ניט צו אים, צו אַ פרעמדן.

— וועמען דאַרפט איר? — פרעגט די באַלעבאָסטע.

קעדיי ענטפערן וועמען ער דאַרף, מוז ער זיך פריִער צוזעצן און בעטן אַ ביסל וואַסער.

3

מײַע ליפשיץ איז אַלט אַכט יאָר. אַפן ערשטן בליק קאָן מען איר געוויס מער ניט געבן. נאָר אַז מע קוקט זיך נעענטער צו, דוכט זיך, אַז זי איז עלטער. אַ קינד אַ באַרדאַס. אין די אויגן אַ שטומע אומדערוואַרטקײַט, וואָס איז שטענדיק גרייט צו הערן פון עמעצן דאָס, וואָס זי וויל ניט און פאַר־לאַנגט ניט.

אַ יאָר צײַט האָט די מאַמע זי אויסבאַהאַלטן. אַ יאָר צײַט האָט די מאַמע איר אָנגעזאָגט, אַז מע טאָר ניט וויינען, ווײַל דער דײַטש קען דערהערן און זי געפינען. מע טאָר ניט בעטן עסן, ווען ס'איז ניט פאַראַן. וועט מען זיי דערזען — וועט דער דײַטש פאַרניכטן. וועלן זיי זיך ניט אויסבאַ־האַלטן — וועלן זיי אומקומען, זיי זײַנען יידן. אַ יאָר צײַט האָט מען גע־רעדט נאָר וועגן טויט, שטאַרבן, אומגליק. און מײַע האָט זיך אויסגעלערנט ניט ריידן, ניט בעטן, ניט דערווידערן. זי איז איינמאָל אָפּגעלעגן אַף אַ פינצטערן בוידעם צוויי אָדער דרײַ מעסלעס איינע אַליין. אין אָוונט פלעגט מען איר ברענגען אַ שטיקל ברויט. זי איז געלעגן אַפן בוידעם צוגעדעקט מיט אַ מאַנטל און איבערגעדעקט מיט היי, מיט שטרוי און אַלטוואַרג. זי האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. קעדיי איר אָטעם זאָל מען ניט דערהערן, האָט זי די הענטלעך געהאַלטן אַפן מויל און שטיל־שטיל געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

אויך שפּעטער איז זי גרייט געווען פאָלגן די מאַמע, אַבי בלײַבן לעבן. נאָר צום סאָף פונעם יאָר האָט די מאַמע געזאָגט:

— טאַכטערקע, קלייניקנקע, מיט מיר וועסטו אומקומען. אַט די מומע — וועט זײַן דײַן מאַמע. עפּשער וועסטו גאַנץ בלײַבן.

ווי קאָן עס זײַן אַן אַנדער מאַמע? און צי דען איז אַ נײַע מאַמע בעסער? זי האָט אָנגעהויבן וויינען. אָבער באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, אַז מע טאָר ניט, און דאָס געוויין איז איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. שוין נאָכדעם, ווי די נײַע מאַמע האָט זי אוועקגעפירט, נאָכדעם, ווי זי איז אין אַ נײַער שטוב אָנגעקומען, האָט דאָס געוויין זי געשטיקט. אַפילו נאָך הײַנט דערפילט זי אָפט די ניט־אויסגעוויינטע טרערן.

די נײַע מאַמע האָט זיך צו איר גוט באַצויגן. דער מאַן פון דער נײַער מאַמען האָט זי געקעכלט און אָפּגעהיט, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. אויף קיין בוידעם האָט זי שוין מער ניט געדאַרפט ליגן, ניט געדאַרפט זיך מער אויסבאַהאַלטן. זי האָט זיך געדאַרפט נאָר „אויסבאַהאַלטן" פון אירע עלטערן. דאָוויד ליפּשיץ איז ניט איר טאַטע, עסטער ליפּשיץ איז ניט איר מאַמע. קיין שוועסטער און קיין ברידער האָט זי ניט. איר טאַטע איז אַנטאָן קאָלאָסאָוו, איר מאַמע — וואַריאַ. זאָל גאָט אויסהיטן, אויב זי וועט עס פאַרגעסן. דעמלט וועלן אַלע דרײַ אומקומען. מיט כאַווערטעס איז בעסער וואָס ווינציקער שפּילן און קיין זאַך ניט דערציילן. בעסער איז זיך האַלטן באַזונדער. און דער איקער: טאָמער פרעגט עמעצער, טאָמער קומט עמעצער — זאָל זי פאַרגעדענקען: איר נאָמען איז מײַע, איר פאַמיליע קאָלאָסאָוואַ, זי איז אַ רוסישע; וואָס איז אַזוינס אַ ייִד — ווייסט זי אַפילו ניט.

דער נײַער טאַטע און די נײַע מאַמע האָבן זי געליובט. זי איז אַ קלוגע, זי פאַרשטייט אַלץ. נאָר ווען אין שטוב ווערט פינצטער, ווען זי ליגט אונטער דער קאָלדרע, לייגט זי אַרויף די הענטלעך אַפן מויל און דערזעט די מאַמע עסטער, די שוועסטער. זי ציטערט שטיל מיטן קערפּער. זי פאַרשטייט: זי מוז זיך אויסבאַהאַלטן. אויב זי וויל זיך ראַטעווען, מוז זי גוט פאַרגעדענקען: זי איז ניט קיין ייִדישע.

עס איז אַוועק אַ יאָר און צוויי.

זי הייסט מײַע, זי האָט אַ טאַטן און אַ מאַמען. זי איז באַ זיי די איינציקע, זי איז זייער פרייד און טרייסט. זאָל נאָר היטלער מיטן קאָפּ אָנלייגן — וועט זײַן גוט.

עס איז דורך נאָך אַ יאָר. זי שפּילט זיך שוין מיט כאַווערטעס, לערנט אין שול. לייענען קען זי, און ביכלעך האָט זי ליב.

דאָס לעבן איז אַ לעבן.

און גאָר אומגעריכט רײַסט זיך אַמאָל אינעם לעבן אַרײַן אַ געשטאַלט פון אַ ייִדישער מאַמען, פּלוצלינג נעמט קלינגען דער נאָמען — עסטער.

4

ווען דאָוויד ליפּשיץ האָט דערקלערט, ווער ער איז און וואָס ער איז געקומען, איז אין שטוב געוואָרן מאָדנע שטיל. מײַע האָט אים אָנגעקוקט און זיך ניט גערירט פון אָרט. זי איז געבליבן זיצן אַ צוגעשמידטע.

בא וואריען האָבן גענומען ציטערן די הענט. ניט אומזיסט, הייסט עס, האָט זי געזען א בייזן כאָלעם. און אָט איז עס געשען: מע איז געקומען אָפּנעמען איר פרייד, צונעמען איר טרייסט, איר איינציק קינד — מײַען. אויך אנטאָן האָט זיך דערפילט שלעכט, דער ביסן איז אים געבליבן שטעקן אין מויל.

— טאָכטערקע, קום צום טאַטן, — זאָגט דאָוויד צו מײַען.

מײַע גיט פריִער א קוק אף וואריען און אנטאָנען, זי בעט בא זיי א דערלויבעניש.

זי איז ארויס צום טאַטן, זיך אוועקגעשטעלט לעבן אים און גאָרניט געקאָנט זאָגן. דאָוויד האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ און אויך א וואָרט ניט געקאָנט ארויסרעדן. מײַע האָט זיך פאנאנדערגעוויינט.

אין אָוונט האָט מען זיך בארויִקט. מײַע האָט שוין געוווּסט וועגן איר מאמע עסטער און אירע שוועסטער. אנטאָן און ווארקא האָבן צווישן זיך עטלעכע מאָל געשמועסט. איצט האָבן זיי פארפירט א געשפּרעך מיט דאָ־ווידן. אָנגעהויבן האָט אנטאָן:

— כאווער ליפשיץ, פארשטייט זיך... ווי זאָגט מען עס... שווער צו ריידן. מײַע איז אונדז ווי אן אייגן קינד. איך און מײַן אלטע האָבן ניט קיין קינדער. מיר בעטן אײַך, לאָזט אונדז איבער מײַען. איר האָט דאָך אליין ניט קיין דאך איבערן קאָפּ.

— איר וועט גוט זײַן בא אונדז, — האָט געזאָגט ווארקא, — פרעגט מײַען, ווי זי לעבט בא אונדז. אויב ניט אף שטענדיק, זאָל זי כאָטש דערווײַל...

— טײַערע מײַנע, — האָט דאָוויד געענטפערט, — איר האָט מײַן קינד געראטעוועט. ניטאָ קיין ווערטער אף צו באדאנקען. אָבער אָפּגעבן מײַען — איז אָפּגעבן דעם קאָפּ...

נאָך א ביסל שווײַגן האָט אנטאָן געזאָגט:

— מיר פארשטייען... אנדערש קאָן דען זײַן? איך וואָלט דען אנדערש געטאָן? אָבער, כאווער ליפשיץ, אונדזער לעבן ליגט אין איר. בלײַבט בא אונדז מיט איר צוזאמען.

— צוזאמען, צוזאמען בלײַבט! — האָט ווארקא אונטערגעכאַפּט. זי האָט אין דעם געזען אן אויסוועג.

— נו, און דו, טאָכטערקע, וואָס וועסטו זאָגן? — פרעגט דאָוויד.

אין דער רעגע האָט ווארקא געמיינט, אז נאָך ניט אלץ איז פארלוירן, נאָך פאראן א האָפענונג.

— טײַערינקע, — האָט זי זיך א רוק געטאָן צו מײַען, — זאָג, זאָג.

אף מײַעס פּאָנעם קאָן מען איצט זען, אז איר איז גאָר ניט קיין אכט יאָר. זי איז עלטער. אין די אויגן באווײַזט זיך די שטומע אומדערוואַרט־קײַט, פאר וועלכער זי האָט מוירע. בא די מויל־ווינקלען קנייטשן, וואָס ווילן בעטן ראכמים אָדער גערעכטיקײַט.

אָט זיצט פאר איר א טאטע, וואָס זי געדענקט אים קוים. אָט זיצן מענטשן, וואָס זײַנען איר געוועזן טאטע און מאמע. איר איז גוט געוועזן בא זיי.

וואָס וועט מײַע ענטפערן?

אַלע וואַרטן. און ווײַל דער ענטפער קומט ניט גלײַך, ווײַל מײַע שווײַגט, וואַרט מען נאָך אומגעדולדיקער. פון איר ווענדט זיך אַלץ. וועל־כער טאַטע וועט זײַן איר טאַטע? זי בלײַבט? זי בלײַבט ניט? וואָס וועט זאָגן מײַע?

— פּאַפּאַ, — זאָגט מײַע, און דאָווויד מיט אַנטאָנען קערן אײַנצײַטיק אויס צו איר די פּענעמער, ביידע וואַרטן אויף זייער גורל — ווער בלײַבט דער טאַטע?

מײַע וויינט און שווײַגט. וויינט און ווישט זיך די טרערן. דערנאָך זאָגט זי זייער שטיל:

— איך ווייס ניט... — און וויינט ווידער.

# זיבן טעג פון דער וואָך

מאָנטיק

האַרבסט. נאָכן רעגן הענגען אויף די צווייַגן פון די הוילע ביימער גרויסע טראָפּנס. איך בין לאַנג געשטאַנען באַם פענצטער און אַרייַנגעקוקט אין סאָד. איך האָב געוואַרט, אַז כאָטש איין טראָפּן זאָל פאַלן אויף דער ערד. פאַלט ניט. איך בין אַרויס אין סאָד און אַ טרייסל געטאָן דעם עפּלבוים. עס האָט מיך באַגאָסן אַ רעגן. שפּעטער אָבער, ווען איך האָב נאָכאַמאָל אַ קוק געגעבן אין דרויסן, זייַנען אויף די צווייַגן ווידער געהאַנגען טראָפּנס, וואָס ווילן פאַלן און פאַלן ניט.

אויפן האַרצן איז מיר גוט. נעכטן האָט מיך יאַנעק אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קריסטינע, איך האָב דיך ליב.

איך האָב אַרויסגעריסן די האַנט און בין אַנטלאָפן. איך האָב פריִער געוווּסט, אַז ער וועט עס מיר זאָגן, איך האָב אויף דעם געוואַרט. אַ גאַנצן אָוונט בין איך געווען אַ גליקלעכע. מיט האַרצקלאַפּעניש בין איך שפּעטער ווידער אַרויס אין גאַס. עפּשער וועט מיך יאַנעק דערזען און נאָכאַמאָל דאָס אייגענע זאָגן. מער האָב איך אים ניט באַגעגנט. אינגאַנצן איין מאָל האָט ער עס מיר געזאָגט... און מיר ווילט זיך עס הערן אַ סאַך, אַ סאַך מאָל.

דינסטיק

הייַנט איז יאַנעקס מאַמע געקומען צו אונדז אַהיים. צוזאַמען מיט מייַן מאַמען זייַנען זיי געזעסן אין קיך, גערעדט, זיך געסוידעט, וועגן עפּעס זיך געאַמפּערט. אַז יאַנעקס מאַמע איז אַוועק, האָט מייַן מאַמע אויף מיר געקוקט פונקט אַזוי, ווי איך האָב נעכטן געקוקט אויף די טראָפּנס, וואָס ווילן פאַלן און פאַלן ניט. זי איז געווען ניט פרייִלעך. פאַרוואָס — זאָגט זי ניט.

אין אָוונט האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַרום אונדזער שטוב און געוואַרט, אַז יאַנעק זאָל מיך באַגעגענען. יאַנעק איז ניטאָ. ערשט דעמלט, ווען איך האָב זיך שוין געקליבן צוריק אַרייַנגיין אין שטוב, איז ער מיר אָנגעקומען אַנטקעגן. שטענדיק איז ער אַ פרייִלעכער, הייַנט איז ער אומעטיק.

— וואָס איז מיט דיר, יאַנעק?

— גאָרניט.

מײַן האַנט איז גרייט, ער זאָל זי אַ נעם טאָן אין זײַן גרויסער שטאַר־קער האַנט. ער האַלט אָבער די הענט אין די קעשענעס. שטענדיק, ווען ער נעמט מײַן האַנט,— צי איך זי, עמעס, צוריק, אָבער צופרידן בין איך. אין האַרצן ווערט מיר וואַרעמער. איצט שטייט ער אַנטקעגן מיר און שווײַגט.

— ביסט הײַנט פאַרשלאָפן, יאַנעק,— זאָג איך אים,— גיי שלאָף זיך אויס.

— שלאָפן וויל איך ניט. איך וויל דיך עפּעס פרעגן. ס'איז עמעס, אַז דו שטאַמסט פון ציגײַנער?

איך לאָך זיך פאַנאַנדער. איך האָב האַנאָע און פאַרגיי זיך פון געלעכ־טער.

— כאַזער איבער נאָכאַמאָל,— בעט איך.

— דו זאָג דעם עמעס. מײַן מאַמע...

— דײַן מאַמע איז הײַנט בא אונדז געוועזן, גערעדט מיט מײַן מאַמען.

— מײַנע זאָגט, אַז דײַנע — איז גאָרניט דײַנע.

— יאַנעק, גיי צום דאָקטער, ביסט קראַנק.

— לאַך ניט פון מיר, קרישע, לאַך ניט,— ער נעמט מיך פאַר דער האַנט, און איך רײַס זי ניט אַרויס.— איך האָב דיך ליב, קרישע.

— איך האָב דיך אויך ליב, יאַנעק.

— מײַן מאַמע וויל עס ניט לײַדן. זי זאָגט: דו שטאַמסט פון ציגײַנער. זי געדענקט, ווי אין דער צײַט פון דער מילכאָמע האָט מען דיך אַ קליי־נינקע אַהער געבראַכט. זי געדענקט אַפילע דאָס קליידעלע, וואָס איז אויף דיר געווען,— אַ ווײַס מיט ראָזע פּאַסיקלעך.

— יאַנעק, איך האָב דיך פײַנט. דו לאַכסט פון מיר.

— קרישע, איך האָב דיך ליב. די מאַמע זאָגט: זי וועט אונדז ניט לאָזן כאַסענע האָבן, ביסט אַ פרעמדע, זאָגט זי, זי געדענקט, ווען מע האָט דיך אַהער געבראַכט...

— יאַנעק, דו לאַכסט פון מיר. איך האָב דיך פײַנט,— און איך בין אַנטלאָפן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס: ווי נאָר איך בין אַרײַן אין שטוב, אַזוי בין איך באַלד צוגעלאָפן צום פענצטער און געוואָלט זען די טראָפּנס אויף די צווײַגן. אין סאָד איז געווען פינצטער, און איך האָב גאָרנישט ניט געזען.

— וואָס איז מיט דיר, קרישע?— האָט די מאַמע געפרעגט. ס'איז איר, ווײַזט אויס, געווען ניט פריילעך אויפן האַרצן.— האָסט עמעצן באַגעגנט?

— יאַנעקן, מאַמע.

— יאַנעק איז אַ גוטער באָכער.

— נאָר אַ מעשוגענער.

— אַך, אַזוי, אַ מעשוגענער...

— ער רעדט אַזוינע נאַרישקײַטן.

— נאַרישקײַטן... אַז ער האָט דיך ליב.

— ניין, מאַמע, אַז איך שטאַם פון ציגײַנער, אַז דו ביסט גאָרנישט מײַן מאַמע.

— אויב אַזוי... איז ער נאָך מער ווי מעשוגע,— ענטפערט די מאַמע און קוקט אין אַ זײַט.

— שטיי, שטיי, מאמע, ווארט צו. בא אונדז אין אלמער הענגט טאקע א ווײַס קליידעלע מיט ראָזע פּאסיקלעך.
די מאמע האָט אופגעציטערט, זי איז געוואָרן בלאס.
— אוואדע, טײַערינקע, הענגט עס אין אלמער, דײַן ערשט קליידעלע. יאנעקס מאמע איז א בייזע, מיט א שלעכטער צונג, עס פארדריסט זי, וואָס יאנעק האָט דיך ליב. פאראן בעסערע באָכערים. ביסט דאָך בא מיר א שיינע. נעם זיך ניט צום הארצן, טאָכטערקע.

מיטוואָך

מײַן כאווערטע זאָפיע איז צו מיר געקומען און מיך ארויסגערופן אף א סאָד.
— יאנעק האָט כאסענע, — זאָגט זי.
— זאָל ער כאסענע האָבן.
— ער האָט דיך ליב.
— און איך האָב אים פײַנט.
— זאָגסט א ליגן, האָסט אים ליב.
— עמעס, איך האָב אים ליב.
— זײַן מאמע, — זאָגט זאָפיע, — גייט ארום צו אלע באקאנטע און דערציילט, אז דו שטאמסט פון ציגײַנער.
— א ליגן!
— זי געדענקט, זאָגט זי, ווי מע האָט דיך אהער געבראכט, ווען די דײַטשן זײַנען דאָ געווען, אין א ווײַס קליידעלע מיט ראָזע פּאסיקלעך...
— מײַן ערשט קליידעלע.
— זי זאָגט, אז דיר איז דעמלט געווען צוויי יאָר.
— יאנעקס מאמע האָט א בייזע צונג. זי וויל ניט, אז יאנעק זאָל זיך מיט מיר באגעגענען.
— איך טראכט אויך אזוי. אלע זאָגן עס. יאנעק האָט געבעטן איבער־געבן, אז ער וועט מיט קיינעם ניט כאסענע האָבן. נאָר דו געפעלסט אים.
א שניי איז אויסגעפאלן. די ערד איז ווײַס, און די ביימער זײַנען ווײַס. און דאָך זעט מען נאָך די טראָפּנס, וואָס זײַנען פארפרוירן געוואָרן און הענגען אף די צווײַגן. איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר מיר ווילט זיך ארויסלויפן אין סאָד און זיי אראָפּרײַסן. אָבער אָנשטאָט גיין צו דער טיר גיי איך צום אלמער. איך נעם ארויס דאָס קליידעלע, מײַן ערשט קליידעלע. איך פארמאך דעס אלמער און עפן אים ווידער. איך נעם עס נאָכאמאָל ארויס, באטראכט, באטאפּ עס און דערזע, אז אף דער לינקער זײַט איז צוגענייט א קעשענע און דאָרט ליגט א פּאפּירל, וואָס איז פאר־שריבן מיט מאָדנע אויסיעס. איך פארשטיי זיי ניט. דאָס זײַנען ניט קיין פּוילישע בוכשטאבן. וואָס פאר א שפּראַך איז עס? און עפּשער זײַנען עס גאָר קיין אויסיעס ניט, נאָר סטאם אזוי קאָטשערעס מיט פּאָמעלעס...
— וואָס איז עס פאר א פּאפּירל, מאמע?
— אהא... אָט דאָס פּאפּירל... ווייסט דען ניט?
— איך ווייס ניט.

— נו, וואָס רעדסטו? איך האָב דיר וועגן דעם געוויס דערציילט.
— ניין, מאמע.
— אויב אזוי... איז הער מיט קאָפּ.
קליינערהייט ביסטו געווען קראנק, שטארק קראנק. דאָקטוירים גע־רופן, זנאכערס, עס העלפט ניט. ביסט פארביי. וואָס טוט מען? מיר שלאָפן קיין נעכט ניט. צו אונדזער גליק זיינען מענטשן פארבייגעגאנגען. איינע אן אלטינקע איז צו אונדז אריין און געפרעגט: „בא דיר איז א קינד קראנק?" — „בא מיר". — „באוויַיז מיר דאָס קינד". זי האָט גערעדט איבער דיר, געשעפטשעט, געקישעפט, דערנאָך האָט זי מיר געגעבן דאָס דאָזיקע פּאפּירל און געהייסן אוועקלייגן עס בא דיר צוקאָפּנס. „דאָס קינד וועט געזונט ווערן, — האָט זי געזאָגט, — און דאָס פּאפּירל באהאלט, וועט דאָס קינד מער קיינמאָל ניט קראנק זיַין". און א דאנק גאָט, דאָס פּאפּירל האָט געהאָלפן, ביסט אינגיכן געזונט געוואָרן.
— אף וועלכער שפּראך איז עס געשריבן?
— ווער ווייסט... אף טאָטעריש אָדער ציגיַינעריש.
אין אָוונט, אז דער טאטע איז געקומען פון דער ארבעט, האָט אים די מאמע אָפּגערופן אין א זיַיט און שטיל עפּעס דערציילט. ער איז באלד ארויס פון שטוב.
דאָרט, בא יאנעקן אין דער היים, האָט דער טאטע שוין אויסגעלייגט, וואָס אים איז געווען אפן הארצן. ער האָט געטיַינעט:
— ביסט אן אלטע מעכאשייפע, בא דיר איז א ווערעמדיקער צונג.
און יאנעקס מאמע האָט געענטפערט:
— איך וויל זי ניט פאר קיין שנור. בא די דיַיטשן האָב איך געשוויגן, איצט וועט זי קיינער ניט טשעפּען...
דער טאטע איז געקומען צוריק אן אופגערעגטער. ער האָט נישט גע־וואָלט ניט עסן, ניט טרינקען, ניט שלאָפן.

דאָנערשטיק

דער שניי איז צעגאנגען, און אף די ביימער הענגען ווידער גרויסע טראָפּנס.
באטאָג איז צו אונדז אריַין א שאָכן. א ייִד. דער איינציקער ייִד אף אונדזער גאס. און עפּשער אין דער גאנצער שטאָט.
— ציגיַינעריש קענט איר לייענען? — פרעג איך אים.
— ניין.
— און טאָטעריש?
— אויך ניט.
פונדעסטוועגן וויַיז איך אים דאָס צעטעלע. ער טוט א קוק אריַין, און איך זע, אז ער לייענט.
— איר לייענט?
— פארוואָס ניט? איך בין א ייִד און לייען ייִדיש. ווער האָט עס אָנ־געשריבן?
— טאָטערן.

— לאכט ניט פון מיר, פּאַניענקע. ווו האָט איר עס גענומען?
— געפונען. וואָס איז דאָרט אָנגעשריבן?
— דאָ איז אָנגעשריבן: „מיר וועלן אַלע אומקומען. בלייַב כאָטש דו לעבן".

דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט

זאָפּיע איז צו מיר אַרייַן און איבערגעגעבן, אַז יאַנעק וואַרט אַף מיר. איך בין צו אים אַרויס.

— קריסטינע, אַלץ, וואָס מייַן מאַמע האָט געזאָגט, איז אַ ליגן. זי האָט עס אויסגעטראַכט. איך האָב דיך ליב, קרישע. וועסט זייַן מייַן ווייַב?

— איך וועל זייַן.

אַז איך בין געקומען צוריק אַהיים, זאָגט מיר די מאַמע:

— טאָכטערקע, טייַערע... הער מיך אויס. ביסט שוין אַ גרויסע. איידער בייזע צינגער זאָלן דיך באַרעדן, וועל איך דיר בעסער זאָגן דעם עמעס. דייַן טאַטע און דייַן מאַמע זייַנען געווען ייִדן. די דייַטשן האָבן זיי אומגע־בראַכט. ווען דו ביסט אַלט געווען צוויי יאָר, האָבן דייַנע עלטערן דיך געבראַכט צו מיר, איך זאָל דיך ראַטעווען. וויאַזוי דו האָסט געהייסן, ווייס איך ניט. מיר האָבן דיר אַ נאָמען געגעבן קריסטינע. איך בין דייַן מאַמע, דו האָסט אַ טאַטן. מיר האָבן דיך ליב, און דו האָסט אונדז ליב. קריסטינע, טייַערע, וויין ניט...

פּריוואַטיק

וויאַזוי איז מייַן נאָמען? מייַן עמעסער נאָמען?

פּונקט ווי מע וואָלט מיר אַרייַנגעזעצט אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק אין קאָפּ און דער טשוואָק דוּיבעט אין מויער: וויאַזוי איז דייַן נאָמען? וויאַזוי האָט מען דיך גערופן?

זאָפּיע איז מיר געקומען דערציילן: יאַנעקס מאַמע האָט פאַר אַלעמען דערקלערט, אַז אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט וועגן מיר, — איז אַ ליגן. זי האָט עס אויסגעטראַכט, קעדיי צעשיידן מיך מיט יאַנעקן. נאָר אויב יאַנעק האָט מיך ליב, איז אַדעראַבע, זי האָט גאָרנישט קעגן. זי האָט זיך געשווירן, אַז זי געדענקט זייער גוט, ווען איך בין געבוירן געוואָרן, זי איז בייַגעווען אין קאָסטיאָל, ווען מע האָט מיר אַ נאָמען געגעבן.

שאַבעס

אין דער קינדהייַט האָב איך געהאַט אַ שפּילצייַג: אַ גרויס הילצערן איי, האַלב אַ רויטס, האַלב אַ בלויס. עס האָט זיך פאַנאַנדערגענומען, זיך גע־טיילט אַף דער העלפט. אַז מע פלעגט עס עפענען, איז אינווייניק געלעגן נאָך אַן איי, אַ קלענערס, גרין און ראָז. אויך דאָס קלענערע האָט זיך גע־טיילט אַפּצווייען, און אינווייניק איז געלעגן נאָך אַ קלענער איי — געל און

שוואַרץ, און ערשט אין דעם האָט זיך געפֿונען אַ ווײַס אײעלע, וואָס טײלט זיך מער ניט.
איך טײל זיך אויך, איך נעם זיך פֿאַנאַנדער. און אַלע נײַע קאָלירן קומען צו. איך האָב אַ טאַטע־מאַמע. איך בין אַ פּױלישע. עפּן איך זיך ווײַ־טער — מײַנע ערשטע עלטערן זײַנען געווען ייִדן. מײַן נאָמען איז קריסטי־נע, נאָר איך האָב שוין פֿריִער געהאַט אַן אַנדער נאָמען. צי וועל איך זיך דערקלײַבן צום ווײַסן אײעלע, וואָס טײלט זיך מער ניט?
מײַנע עלטערן האָב איך ליב נאָך מער ווי פֿריִער. אויסער דעם, וואָס זיי זײַנען מײַנע עלטערן, זײַנען זיי אויך מײַנע רעטער, זיי האָבן זייער לעבן אײַנגעשטעלט, אַז איך זאָל בלײַבן לעבן.
און דאָך... ווער זײַנען געווען מײַנע ערשטע טאַטע־מאַמע? עפּשער לעבט אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער?
שאַבעס קומט צו אונדז אַרײַן דער שאָכן, דער ייִד. ער איז בײַ אונדז שטענדיק אַן אָנגעלייגטער גאַסט, צוזאַמען מיט מײַן טאַטן האָט ער געדינט אין דער פּױלישער אַרמיי און געקעמפֿט קעגן היטלערן. אַלע רופֿן מיר אים בײַ דער פֿאַמיליע. איך האָב אים געפֿרעגט, ווי איז זײַן נאָמען. זײַן נאָ־מען איז מוישע. דערנאָך האָב איך אים געפֿרעגט, וועלכע נעמען זײַנען פֿאַראַן בײַ ייִדישע מײדלעך — צי וועט זיך מײַן נאָמען ניט אויפֿזוכן. ער האָט אָנגערופֿן אַ סאַך נעמען, און איך האָב אַלץ געוואָלט אײנעם פֿון זיי צופּאַסן צו זיך.
אין אָוונט בין איך ווידער אַרויס צו יאַנעקן.
— קרישע, פֿאַרוואָס ביסטו געוואָרן אַזאַ שלעכטע?
— איך בין די זעלבע, ווי געווען.
— פֿאַרוואָס גייסטו אַרויס אַזוי שפּעט? ווילסט מיך ניט זען. האָסט מיך ניט ליב?
יאַנעק נעמט מיך פֿאַר דער האַנט. מיר שטייען און שווײַגן. דערנאָך זאָגט ער:
— ביסט בארויגעז אַף מײַן מאַמען?
— ניין, ווי זאָגט מען עס: ניטאָ קיין שלעכטס אינגאַנצן אָן גוטס. איך וועל זיך עפּשער דערוויסן מײַן ערשטן נאָמען.
— קרישע, וואָס איז מיט דיר? וואָס הייסט דײַן ערשטן נאָמען?
— אַמאָל האָב איך אַנדערש געהייסן.
— ווי קאָן עס זײַן? — פֿרעגט ער מיך און גלעט מײַן האַנט. — וואָס רעדסטו?
— איך האָב אַמאָל געהאַט אויך אַנדערע טאַטע־מאַמע.
— דו לאַכסט פֿון מיר, קריסטינע.
— איך לאַך ניט, יאַנעק, דאָס איז אַן עמעס. מײַן ערשטע טאַטע־מאַמע זײַנען געווען ייִדן.
— וואָס רעדסטו, קריסטינע, טײַערע? מײַן מאַמע געדענקט זייער גוט, ווען דו ביסט געבוירן געוואָרן, ווי מע האָט דיר אַ נאָמען געגעבן, זי איז אין קאָסטיאָל געווען.
— דײַן מאַמע האָט עס אויסגעטראַכט. עפּשער צוליב דעם, אַז דו זאָלסט מיך ליב האָבן.

אין זײַנע אויגן האָט עפּעס א שווינדל געטאָן. מיר איז געווען שווער אופצוכאפּן, וואָס דאָס באטײַט. איך האָב נאָר פארשטאנען, אז עפּעס ווייסט ער און לייקענען וועט אים זײַן שווער.

— אויב דו ווייסט מיר ניט זאָגן דעם עמעס, וועל איך צו דיר מער ניט ארויסגיין.

ער שווײַגט. איך וויל צונעמען מײַן האנט, ער לאָזט ניט.

— איך ווייס עס שוין, קרישע. דײַנע כאווערטעס ווייסן אויך. קיינער האָט ניט געוואָלט וועקן אלטע וווּנדן. מיר האָבן געטראכט: אזוי ווי דו ווייסט ניט — אזוי וועט עס דיר ניט שאטן.

— און מײַן נאָמען?

— דאָס ווייס איך ניט. זעסטו, ווו דײַנע ערשטע עלטערן האָבן געוווינט, ווייס איך. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט. מאָרגן וועל איך דיר ווײַזן די שטוב.

— ביסט א גוטער, יאנעק, איך האָב דיך ליב.

ער האָט מיך צוגעצויגן צו זיך, ארומגענומען און א קוש געטאָן. איך האָב זיך ניט געווערט.

זונטיק

איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אז יאנעק איז מיר אזוי געטרײַ. ער האָט זיך דערוווּסט די שטוב, ווו מיר האָבן אמאָל געוווינט; נאָך מער, ער האָט זיך דערוווּסט, אז די שילד, אף וועלכער עס איז אָנגעמאָלט א שער, א נאָדל און א פּרעסל, האָט געהערט מײַן ערשטן טאטן, — ער איז געווען א שנײַדער. די שילד איז אלט און פארזשאווערט. די פאמיליע אף דער שילד איז אָפּגעקראָכן און אייניקע אויסיִעס זעט מען אינגאנצן ניט ארויס. איך ווייס ניט, וויאזוי צו לייענען: זיסמאן צי זאלצמאן, און עפּשער דארף מען עס גאָר אנדערש לייענען.

איך האָב געוויינט. יאנעק האָט מיך אפילע ניט געטרייסט. ער איז גע־שטאנען לעבן מיר, ווי א שולדיקער, א הילפלאָזער. דוכט זיך, אז בא אים זײַנען אויך געשטאנען טרערן אין די אויגן.

פון אלץ, וואָס אמאָל איז דאָ געווען, פון עלטערן, פון פרײַנט, פון א נאָמען, איז געבליבן ניט מער ווי אן אלטע שילד. די אויסיִעס זײַנען אָפּ־געקראָכן און הענגען, ווי גרויסע פארזשאווערטע טראָפּנס, וועלכע ווילן פאלן און פאלן ניט.

פלוצלינג דערזע איך דעם ייִדן. ער שטייט אנטקעגן מיר און קוקט אויך אף דער שילד. מיר שטייען אלע און שווײַגן.

צוריק אהיים גייען מיר שוין זאלבעדריט. איך גיי אינמיטן. פון איין זײַט יאנעק, פון דער צווייטער — מוישע. און בײדע זײַנען מיר טײַער. אין ביידן איז מײַן נעכטן און מײַן מאָרגן.

# מיטן אָנקומען פון פרילינג

1

ווען דער דאָקטער זאָל אפילע ניט געווען זאָגן, אז מיטן קראַנקן איז זייער שלעכט, פארשטייען סײַווי די אייגענע, אז שלוימע האלט באַם אויסגיין...

שלוימע ליגט אפן בעט מיט די ביינערדיקע טרוקענע הענט איבער דער קאָלדרע. זײַן אויסגעדארט, מיד פּאָנעם איז שטארק בלאס און אומבאַוועגלעך. די נאָז איז ווי אָפּגעשטאָרבן. און נאָר די אײַנגעפאלענע אויגן, וואָס האָבן אין דער לעצטער צײַט פארלוירן זייער גלאַנץ און אומרו, זײַנען הײַנט ווידער אופגעלעבט. לאַנגזאַם דרייט ער אויס דעם קאָפּ און רופט צו זײַן שוועסטער. זי בייגט זיך אָן צו אים, ער זאָל זיך ניט דאַרפן אָנשטרענגען.

— רוף ראָזען.

די שוועסטער ווערט איבעראַשט פון אומדערוואַרטקײַט. זי וואַרפט צו אים א פרעגנדיקן בליק. ער טוט א שאָקל מיטן קאָפּ, אז ער באַשטייט אף זײַן פארלאַנג. די שוועסטער קומט צו־זיך און ענטפערט: גוט.

זי גייט ארויס פון צימער און אײַלט צו דער מאַמען.

— וואָס זאָגסטו, מאַמע, וואָס שלוימע האָט זיך איצט דערמאָנט... ער בעט רופן ראָזען.

— ראָזען? — פרעגט די מאַמע. זי שווײַגט א ווײַלע און זאָגט דערנאָך שטיל, ווי פאר זיך: — זיך דערמאָנט, מיינסטו. ער האָט די גאַנצע צײַט ניט פארגעסן.

— אָבער וואָס טוט מען איצט? — וויל וויסן די שוועסטער.

ביידע קוקן ארויס צו דער גאַס, און עס קאָן דוכטן, אז זיי באַטראַכטן די ערשטע פרישע בלעטער אפן אנטקעגנדיקן בוים. זיי באַוואונדערן, וואָס נעכטן איז ער געווען הויל און הײַנט איז ער פול מיט שפּראָצונג. אינדערעמעסן טראַכטן זיי איצט וועגן שלוימען. זיי ווייסן, אז זײַן לעבן אף דער ערד איז עפשער געמאָסטן מיט טעג. אָבער דער אײַנפאַל מיט ראָזען קאָן די געציילטע טעג אויך פארקירצן און נאָך פארשאַפן ווייטעק.

ביידע, די מאַמע מיט דער טאָכטער, זוכן אַן אויסוועג. ביידנס ענלעכקײַט איז הײַנט מער ווי אַלעמאָל קענטיק. די מאַמע איז ברייטער און

פולער און זעט דעריבער אויס נידעריקער פון דער טאָכטער, כאָטש זיי זײַנען איין וווקס. בא דער מאמען, עמעס, זײַנען שוין די האָר מיט ווײַסע פאסמעס. מע קאָן אָבער לײַכט דערקענען, אז זי האָט אויך אמאָל פארמאָגט א פריילעך מיידלש פּענעמל מיט שיינע ליפּן, אזוי ווי איצט בא דער טאָכ־טער.

— עפשער וועט ער פארגעסן און מער ניט דערמאָנען, — זאָגט די טאָכטער.

— ניין, נעכטן האָט ער מיך דאָס זעלבע געבעטן, — ענטפערט די מאַ־מע, — צי איז עס ניט זײַן לעצטער פארלאנג? — און בא דער מאמען באַ־ווײַזן זיך טרערן. — רעד מיט ראָזען, עפשער וועט זי אַרײַנקומען, ער האָט עס פארדינט.

מיט יאָרן צוריק האָבן שלוימע מיט ראָזען צוזאמען שפּאצירט.ביידן איז געווען נאָענט צו צוואנציק. שלוימע האָט זי שטארק ליב געהאט, און ראָזע האָט אליין ניט געוווּסט — זי האָט אים ליב צי ניט? זי האָט זיך דעמלט צוגעקוקט צו שיינע באָכערים און אלץ ניט געקאָנט באשטימען, ווער געפעלט איר.

אז שלוימע איז אוועק אף דער מילכאָמע, האָט זי אים ארויסבאגלייט ווי א כאָסן. אין דרײַ יאָר ארום איז ער געקומען אהיים פון שפּיטאָל, ווו ער האָט זיך לאנג געהיילט. ראָזע האָט אים באגעגנט מיט צעשפּרייטע אָרעמס און איז פון זײַן שטוב קימאט ניט ארויס. פאר באקאנטע האָט זי אָפט איבערגעכאזערט:

— מײַנער איז געקומען... א פארוווּנדעטער... אפן פראָנט.

איז אָבער געשען אן אומגליק. שלוימע איז קראנק געוואָרן. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון א קליינִיקײַט, פון א פארקילונג, און אויסגעלאָזט האָט זיך מיט די לונגען. די אלטע ווונד האָט זיך געעפנט. זײַן אָפּגעשוואכטער קערפּער איז אינגאנצן געוואָרן ווי אָנגעצונדן. עס איז אים געוואָרן אלץ ערגער און ערגער.

דעמלט האָט זיך ראָזע גענומען כאווערן מיט שלוימעס שוועסטער, מיט כאווען. זי האָט זיך פאר איר געקלאָגט אף איר ביטער מאזל, אָפט גע־וויינט. כאווען איז שווער געווען צו פירן די דאָזיקע כאווערשאפט. זי האָט זייער גוט געפילט, אז ראָזעס טרויער און טרערן בעטן בא איר, בא כאווען, נישט נאָר מיטלײַד, נאָר אויך אנטשולדיקונג. מיטלײַד, ווײַל איר כאָסן, וואָס איז געקומען פון פראָנט, שטארבט, אנטשולדיקונג, ווײַל מע קאָן דען צו איר האָבן א טײַנע, וואָס זי קאָן איר לעבן ניט פארבינדן מיט א מענטשן, וואָס שטארבט. זי איז דאָך א לעבעדיקע און פארזיצן ביזן גרויען צאָפּ טאָר זי אויך ניט. זי וואָלט כאָטש וויסן, אז ער וועט לעבן. יעדער טאָג שטארבט אָפּ אין אים אן אייווער.

כאווען איז שווער, זייער שווער. ראָזע רעדט מיט איר אזוי, ווי שלוימע וואָלט גאָר ניט געווען איר קיין ברודער, ווי ראָזע וואָלט געווען א פרעמדע, וואָס דארף נאָר געבן אן אייצע. סאָפּקאָלסאָף האָט כאווע ניט אויסגעהאלטן און געזאָגט:

— איך וואָלט ווינציקער געוויינט און מער געהאָפט.

— אף וואָס געהאָפט?

— ער זאָל געזונט ווערן.
— ער קאָן דען געזונט ווערן?
— ווער עס האָט ליב — גלייבט.
— דו רעדסט אזוי, ווײַל דו ביסט א שוועסטער. אף מײַן אָרט וואָלסטו שוין לאנג כאסענע געהאט.
— און ווער לאָזט דיך ניט?
אף דעם האָט זיך געענדיקט זייער כאוועראשאפט. ראָזע איז מער נישט געקומען ניט צו שלוימען, ניט צו כאוועז. אין א יאָר ארום האָט זי כאסענע געהאט און האָט שוין איצט א קליין קינד.
שלוימען איז געוואָרן אלץ ערגער. וועגן ראָזען האָט ער ניט גערעדט און קיינער האָט אים גאָרנישט ניט דערציילט. די לעצטע טעג, מיטן אָנ־קומען פון פרילינג, האָט ער זיך ווי אין עפעס דערמאָנט און שוין דעם צווייטן טאָג, ווי ער רופט ראָזען.

## 2

ראָזע האָט זיך געענדערט. איר מיידלשע באוועגלעכקײַט, איר פרוויזש כיינדלען זיך, איר אויסגערעכנטקײַט אין אלץ, וואָס זי פלעגט טאָן, איז איצט אריבער אין איין געפיל — מוטערשאפט. זי איז געוואָרן פולער, אָנ־געגאָסן מיט מילך און פרייד. אלע קליידלעך זײַנען איר געוואָרן שמאָל און קורץ, און דעריבער טיילט זיך נאָך מער אויס איר לײַביקײַט. זי איז איצט א ביסל אָפּגעלאָזט, זי קוקט ניט אף זיך. אין צימער איז אָפּט אלץ אָנגעוואָרפן אין אומאָרדענונג. עס שמעקט מיט ווינדעלעך. דאָס קינד אין וויגעלע שלאָפט, ראָזע וואַרפט אלע ווײַלע א בליק אף דעם, זי האָט אלץ מוירע, אז דאָס קינד זאָל זיך ניט קרימען אין שלאָף, זאָל זיך ניט פילן שלעכט. ראָזן איז דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אינדערעמעסן פאַר־ליבט — אין איר אייגן קינד. ראָזעס ליבע הייבט זיך אָן פון זיך אליין, און אלץ, וואָס איז אירס, באקומט זי ליב. אפילע דעם מאַן אירן האָט זי ליב באקומען ערשט דעמלט, ווען ער איז געוואָרן איר מאַן און איר אייגנס.
ווען כאווע איז ארײַנגעקומען אין צימער, איז ראָזע געווען לײַכט אָנגעטאָן, אף די הוילע פיס — מעשטעס, דאָס קאָפּטל צעשפיליעט ביז א העלפט ברוסט, די האָר פארשטעקט מיט איין שפילקע.
— כאווע! אזא גאסט... זעץ זיך.
אלע שטולן זײַנען געווען פארנומען. און איידער ראָזע האָט פון איין שטול אריבערגעלייגט די זאכן אפן צווייטן, האָט כאווע אָנגעקוקט דאָס קינד אין וויגעלע און דערפילט גלײַך א קרויוויש געפיל צו דעם. „עס האָט דאָך געקאָנט זײַן מײַן ברודערס קינד", — האָט זי א טראכט געטאָן און שוין נאָכדעם ניט געקאָנט זיך פאנאנדערקלײַבן — דאָס דערנענטערט זי צום קינד אָדער דערווײַטערט.
— א שיין קינד, — האָט כאווע געזאָגט.
— אין טאטן געראָטן, — האָט געענטפערט ראָזע.
— ניין, אין דיר!

און אזוי ווי פאר כאוועץ איז דער „אין טאטן גערא̈טן" געווען שווער און באליידיקנדיק, אזוי איז דער „אין דיר" געווען פאר רא̈זען פריידיק. זי איז איצט צוגעגאנגען צו כאוועץ און זיך מיט איר צעקושט.

— כאוועלע, ווי שיין דו ביסט.

רא̈זע הא̈ט אין כאוועץ געזען איר נעכטן. כאווע אין רא̈זען — איר מא̈רגן. און וועגן דעם „נעכטן" און דעם „מא̈רגן" הא̈בן זיי געוויס געהאט א סאך צו ריידן. כאווע הא̈ט א̈בער וואָס גיכער געוואָלט זיך דערנעענטערן צום איקער. זי טראכט: צי דען וועט רא̈זע ניט פרעגן, וואָס „ער" מאכט. אויך רא̈זע הא̈ט געהאט אין זינען, אז זי דארף געוויס פרעגן, וואָס „ער" מאכט. איר איז שווער, זי שעמט זיך אפילע פארן קינד. רא̈זע געפינט א̈ן אויסוועג.

— זא̈גסט מיר גא̈רנישט, כאווע, וואָס בא אײַך אין שטוב הערט זיך.

— הײַנט, דוכט זיך, איז אים א ביסל בעסער. איך הא̈ב א̈בער מוירע, צי איז עס ניט יענע פארבעסערונג, וואָס קומט פאר א שלעכטן סא̈ף.

— וואָס דארפסטו אויסלייגן צום שלעכטן? עפשער וועט אים ווערן בעסער. פון פולן הארצן וויל איך עס.

כאווע הא̈ט א ווײַלע געשוויגן. דערנא̈ך אופגעהויבן די אויגן צו רא̈זען און שנעל ארויסגעזא̈גט:

— ער הא̈ט אף דיר הײַנט געפרעגט.

— אף מיר?

— און געבעטן ארײַנקומען.

רא̈זע הא̈ט ניט געפילט, ווי זי הא̈ט זיך אופגעהויבן. א ווײַלע איז זי געשטאנען, דערנא̈ך צוגעגאנגען צום וויגעלע. איר הא̈ט געדוכט, אז דאָס קינד קרימט זיך אין שלא̈ף. באם וויגעלע איז זי געשטאנען מיט דער פליי־צע צו כאוועץ. ביידע הא̈בן געשוויגן.

דערנא̈ך הא̈ט זיך רא̈זע לאנגזאם אויסגעקערעוועט מיטן פּא̈נעם צו כא־וועץ און געזא̈גט:

— און וואָס קא̈ן שאטן, אז איך וועל צו אים ארײַנגיין?

— געוויס דארפסטו ארײַנגיין, געוויס, איך בעט דיך. די מאמע בעט דיך. די מאמע זא̈גט: „עפשער איז עס זײַן לעצטער פארלאנג".

דערנא̈ך הא̈ט זיך כאווע א הייב געטא̈ן פון איר שטול און א̈נגעכאפּט רא̈זען פאר די הענט.

— טײַערינקע, ער ווייסט א̈בער גא̈רנישט, ער מיינט, אז אלץ איז ווי געווען. פארשטייסט?

רא̈זע הא̈ט דערפילט פּײַכטקײַט אף די ברעמען. זי הא̈ט זיך געצוווּנגען פארטרײַבן פון זיך עפּעס א שווער געפיל, א שווערע דערמא̈נונג צי עפשער א שולד... „זײַן לעצטער פארלאנג", — הא̈ט זי א טראכט געטא̈ן.

— אלציינס, איך וועל קומען.

## 3

רא̈זע הא̈ט א̈נגעטא̈ן אירע מיידלשע קליידער. זי איז געגאנגען לאנג־זאם, ווײַל איר הא̈ט זיך געדוכט, אז פון א שנעלער באוועגונג קא̈ן אף איר אלץ פּלאצן. א̈בער ניט נא̈ר דאָס אליין: זי קא̈ן כארא̈טע הא̈בן און זיך

אומקערן צוריק. זי גייט צו איר אמאָליקן כאָסן. זי האָט שוין א קינד... זי טוט ניט גוט, — טראַכט זי, — ניט גוט פאַר זיך, ניט גוט פאַר „אים", און דאָך גייט זי, מיט איר קומען, מיטן אויספילן זײַן לעצטן פאַרלאַנג — קויפט זי אויס א שולד פון די יוגנט־יאָרן... „דערמאָנט האָט ער זיך אין מיר... אך, ווי ענג עס זײַנען די מיידלשע קליידער..."

שלוימע איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, כאָטש ער האָט געוווּסט, אז ראָזע איז געקומען. ער האָט געהערט איר קאָל און מיט פאַרמאַכטע אויגן זי געזען. זײַן פּאָנעם האָט אויסגעדריקט צופרידנקייט, די בלאַסקייט אף זײַן געזיכט האָט ווי געשײַנט.

די לעצטע צײַט האָט שלוימע געלעבט אין זיך אליין — אין זיך אליין האָט ער געעפנט א וועלט פאַר זיך. די וועלט, וואָס האָט זיך געפונען אין זײַן שוואַכן און דאַרן גוף. ער האָט געקאָנט אויספילן אַלע פאַרלאַנגען, וועלכע ער האָט נאָר געהאַט. האָט ער געוואָלט זיך אומקערן צו זײַן קינד־הייט — האָבן זיך פאַר אים געצויגן בילדער פון יענע יאָרן. האָט זיך אים פאַרוואָלט זען, ווי ער ווערט געזונט און באַגעגנט זיך מיט כאַוויירים, — האָט די פאַנטאַזיע אַלץ אויסגעמאָלט. איז זײַן פאַרלאַנג געווען צו זען ראָזען און ריידן מיט איר — איז ראָזע צו אים געקומען. אמאָל אין וואַלד, אמאָל אין פּאַרק, אמאָל אפילע אפן פּראָנט איז זי געקומען צו אים. און אַלץ, וואָס אים האָט זיך געוואָלט פון איר הערן, — האָט זי געזאָגט, און אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט איר ענטפערן, — האָט זי געהערט. די ווירק־לעכע ראָזע איז געווען פאַר אים צופיל מאַמאָשעסדיק. זי איז ניט געווען נייטיק פאַר זײַן וועלט פון דינסטע זעונג־געוועבן, פון ריינעם געדאַכט, פאַר א לעבן, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין קערפּערלעכקייט.

די שטוביקע זײַנען פאַר אים דורכגעגאַנגען ווי שאָטנס. זייער מיט־לײַד און שרעק איז צו אים ניט דערגאַנגען. ער האָט ניט געפילט, אז ער שטאַרבט, ער האָט געפילט, אז ער לעבט אין א נײַער וועלט, און נאָר די לעצטע טעג, מיטן אָנקומען פון פרילינג, האָט ער זיך דערמאָנט אין דער ווירקלעכער ראָזען, זיך דערמאָנט אינעם לעבן און זיך דערשראָקן פאַרן טויט. שוין געווען פריִער עטלעכע פאַלן, ווען ער האָט געטראַכט וועגן טויט. איז עס אָבער געווען, ערשטנס, א טויט אף גלײַך צוריק לעבעדיק ווערן. ער זאָל נאָר וויסן, וואָס פאַר א ווירקונג זײַן טויט האָט אף אַנ־דערע. און, צווייטנס, איז עס געווען א טראַכטן אָן א גלויבן, ער קאָן ניט גלייבן, אז ער זאָל טאַקע ווערן אויס, אינגאַנצן אויס...

די לעצטע צײַט האָט ער דערפילט, אז ער שטאַרבט. ער האָט ראַכמאָ־נעס באַקומען אף די אייגענע, ער האָט געטראַכט, אז ס׳איז א גרויסע אוולע פון זײַן זײַט, וואָס ער רופט ניט ראָזען, וואָס ער באַהאַלט אויס פון איר, אז ער שטאַרבט, וואָס ער מאַכט ניט מיט איר דעם לעצטן כעזשבן.

די מאַמע איז פון צימער אַרויס, די שוועסטער איז אויך אַרויסגעגאַנ־גען. אפן בעט איז געלעגן שלוימע, און לעבן בעט, אף א שטול, איז געזעסן ראָזע. ווען זי איז אליין געבליבן, האָט זי מוירע געהאַט אף אים צו קוקן, זי האָט געקוקט צום פענצטער, דורך וועלכן מע זעט נאָר דעכער און א גרינעם שפּיץ פון א בוים.

— ראָזע... איך זע דיך...

— מיט פאַרמאַכטע אויגן?
— יאָ.
ער האָט זי געזען אַזאַ, ווי מיט אַ צײַט צוריק, ווען ער איז געקומען פֿון שפּיטאָל און זי פֿלעגט זאָגן „מײַנער איז געקומען...״ איצט זיצט זי בײַ זײַן בעט, זײַן קאַלע, וואָס וואַרט אויף אים אַזוי לאַנג. ער וויל זיך מיט איר געזעגענען. ער עפֿנט די אויגן.
— ביסט נאָך שענער...
איצט פֿאַרשטייט ראָזע, פֿאַרוואָס ער האָט זי גערופֿן. אים איז בעסער, און ער וויל זען זײַן קאַלע. זי האָט כאַראָטע, פֿאַרוואָס זי איז אַהער געקומען. זי דערשפּירט אין דעם מאָמענט, ווי מע באַגאַנווערט זי, מע באַגאַנווערט איר פֿרויִשקײַט, איר מוטערישקײַט, איר אָנגעהעריקײַט צו אַ מענטשן, וואָס איז איר מאַן. צי האָט זי עס ניט פֿאַרשטאַנען פֿריִער? ווער זי כאַטש געפֿינען די ווייטיקע און פּאַסיקע ווערטער געבן אים אָנצוהערן, אַז צווישן זיי איז עפּעס געשען און אַלץ האָט זיך געענדערט?
זי הייבט אויף צו אים די אויגן. זײַן געזיכט באַוועגט זיך ניט, די נאָז איז אַ טויטער פֿלעק אויפֿן פּאָנעם. עס לעבן נאָר די אויגן. אין זיי איז נאָך פֿאַראַן אַלץ, וואָס אינעם מענטשן איז געבליבן פֿונעם לעבן, פֿון געדאַנק און פֿאַרלאַנג.
— ראָזע, איך שטאַרב...
זי האָט געמאַכט אַן אומדערוואַרטע שנעלע באַוועגונג מיט די הענט, ווי זי וואָלט אים וועלן אומקערן צוריק זײַנע ווערטער. זי וויל עס ניט הערן, זי קאָן עס ניט הערן, זי דערווידערט. זאָל ער לעבן, לעבן. זײַנע ווערטער זײַנען פֿאַר איר געווען אומגעריכט, זי האָט זיך דערשראָקן. איר האָט גענומען דוכטן, אַז אָט באַלד שטאַרבט ער.
— פֿאַרפֿאַלן, ראָזע, באַשערט...
— מע דאַרף ניט. מע דאַרף ניט, — האָט זי גענומען בעטן.
— טײַערינקע, מער וואַרט ניט אויף מיר. ביסט פֿרײַ. הײַנט, מאָרגן... דערמאָן מיך צום גוטן. — ער האָט זיך דערפֿילט מיד און ווידער פֿאַרמאַכט די אויגן. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן איז אין אים קיין סימען פֿון לעבן ניט געווען, זי האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און געוואָלט שרײַען, זי האָט אים גענומען רופֿן:
— שלוימע, שלוימע!
ער האָט געעפֿנט די אויגן.
— מע דאַרף לעבן, שלוימע, וועסט געזונט ווערן, מע טאָר ניט פֿאַרלירן די האָפֿענונג.
— אַמאָל האָב איך געהאָפֿט.
— האָף ווײַטער, טײַערער, האָף. די מילכאָמע האָט זיך פֿאַרענדיקט. דאַרף מען לעבן. אַזאַ גוט לעבן וועט זײַן.
איר האָט זיך געדוכט, אַז ער שמייכלט, אַז פֿון אירע ווערטער איז אים געוואָרן בעסער, און איר האָט זיך געוואָלט, אַז ער זאָל געזונט ווערן, ער זאָל לעבן.
ער האָט לאַנגזאַם אַראָפּגעשאַרט פֿון דער קאָלדרע די האַנט צו ראָזען. זי האָט גענומען זײַן האַנט — אַ קאַלטע, אַ ביינערדיקע און עטוואָס אַ

פּיַכטלעכע. איר האַנט איז געווען אַ הייסע. אַ ווייכע. ער האָט דערפילט, ווי איר האַרץ קלאַפּט.

— ראָזע, עס קאָן נאָך גוט זײַן? ניין, איך גלייב ניט...

— עס וועט זײַן גוט. שטאַרק גוט.

— און דו וועסט וואַרטן?

זי האָט זיך אויף קיין רעגע ניט פאַרטראַכט.

— אַוואַדע, געוויס!

זײַנע פינגער האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי זיי וואָלטן וועלן דריקן איר האַנט. עס קערט זיך אום צו אים דאָס לעבן. ער זעט שוין אויס ניט אַזוי שרעקלעך.

— ראָזע, די גאַנצע צײַט טראַכט איך נאָר וועגן דיר. צי דען וועסטו מיך אָפּגעבן דעם טויט?

— ניין, ניין, דו וועסט געזונט ווערן.

— איך פיל זיך איצט בעסער.

— בעסער? זעסטו, טײַערער. בעסער...

איר האָט געדוכט, אַז זי דערגרייכט איר ציל, זי קערט אום צום לעבן אַ מענטשן, שלוימען.

— וועסט לעבן, אַזוי גוט וועט זײַן.

ער ווערט מיד, אים ווילט זיך צומאַכן די אויגן. ער וויל רו. אַזויפיל גוטס מיטאַמאָל. צופיל פאַר אַ קראַנקן. עס קומט אַרײַן די מאַמע, עס קומט אַרײַן די שוועסטער. שלוימע דרעמלט אײַן, ער דרעמלט אײַן רויִק, מיט אַ מידן, אָבער צופרידענעם אויסזען.

ראָזע גייט צוריק אהיים און פאַרגעסט אינגאַנצן, אַז אויף איר זײַנען ענג די מיידלשע קליידער, אַז זיי קאָנען פּלאַצן. זי טראַכט אַ צופרידענע וועגן דעם, אַז זי קערט אום צום לעבן אַ מענטשן. זי איז איבעראַשט פון דעם דאָזיקן געדאַנק. זי זעט נאָך אַלץ שלוימעס פּאָנעם, וואָס ווערט לעבע־דיקער; זי פילט, ווי ער דריקט איר האַנט. ער וועט לעבן!

אַז ראָזע איז אין שטוב אַרײַן, האָט זי זיך ערשט דערמאָנט: אַ קינד אין וויגעלע. זי איז מיט אימפּעט צוגעפאַלן צו דעם און גענומען עס קושן. באַנאַכט איז שלוימע געשטאָרבן.

# א בריוו צו א כאַוועדטע

טײַערע סימע.

איך בעט בא דיר אַן אייצע. דו געדענקסט געוויס, אַז מיידלווײַז האָט מען מיך גערופן „די שיינע״ און דיך — „די קלוגע״. מײַן שיינקײַט איז שוין לאַנג מיטן ווינט פאַרפלויגן. דײַן קלוגשאַפט איז בא דיר פאַרבליבן. בעט איך דיך... לייען מיט קאָפּ און שרײַב מיר אַן ענטפער.

אָנהייב מילכאָמע, ווען די דײַטשן זײַנען אונדז באַפאַלן, ווי די הינט, וואָס האָבן זיך פון די קייטן אָפּגעריסן, — האָבן זיי אײַנגיכן געגומען באַמ־בירן אונדזער שטאָט. אייניקע ראַיאָנען האָבן געברענט. דער מאַן מײַנער, שײַע, איז געווען אין דער אַרמיי. און איך מיט וואָווען אויף די הענט בין אין איינעם א טאָג געלאָפן צום וואַלד זיך ראַטעווען. אַזוינע, ווי איך, מאַמעס מיט קליינע קינדער, זײַנען געווען א סאַך. אין וואַלד איז מען צווישן זיך גיך באַפרײַנדעט געוואָרן. באַזונדערס האָב איך זיך דערפילט נאָענט מיט איינער א רוסישער פרוי, אויך מיט א קליין קינד אויף די הענט, א מיידעלע פונעם זעלבן עלטער, ווי וואָוקע, — א יאָר צוויי. די מאַמע האָט זי גערופן אירעטשקע. לויפנדיק איינמאָל אין שרעק און אין אומגליק, האָט מיר די פרוי באַוויזן צו זאָגן, אַז איר מאַן איז אַפּן פראָנט און זי האָט נאָך פון אים קיין איין בריוו ניט באַקומען. נאָך האָט זי געזאָגט, אַז זי וואָלט וועלן, מיר זאָלן זײַן צוזאַמען, ווײַל זי איז אַן עלנטע און האָט קיינעם ניט. איך האָב אפילע ניט באַוויזן צו ענטפערן, ווי די דײַטשן האָבן אונדז געגומען באַשיסן.

— לייגט זיך! — האָט עמעצער אויסגעשריִען. מיר האָבן זיך מיט די קינדער א וואַלגער געטאָן אויף דער ערד.

ווי דו ווייסט, קלעקט מיר ניט קיין קויכעס ווידעראַמאָל דערציילן וועגן יענע אומגליקן (איך וועל די נאַכט ניט קאָנען שלאָפן), זאָג איך דיר קורץ: די פרוי האָט זיך פון דער ערד מער ניט אופגעהויבן. א נעס, וואָס דאָס קינד איז געבליבן לעבן. איך האָב געכאַפּט ביידע קינדער און מיט די לעצטע קויכעס צוגעלאָפן צום וואַלד.

ווי אירעטשקעס פאַמיליע איז, האָב איך ניט געוווּסט, האָב איך זי פאַרשריבן אויף מײַנער — דוואָרקינאַ. דעם נאָמען פון איר טאַטן האָט אירעטשקע געוווּסט: וואַניושאַ. אַזוי, אַפּאָנעם, האָט די מאַמע גערופן דעם טאַטן. האָב איך זי פאַרשריבן — איוואַנאָוונאַ. ביידע קינדער זײַנען קליינע און פון איין עלטער. פרעגן בא מיר אַלע:

— א צווילינג?

— יאָ, — ענטפֿער איך, — אַ צווילינג.

די קינדער זײַנען געוואַקסן. די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, און איך מיט מײַן צווילינג זײַנען געקומען צוריק אַהיים. מײַן מאַן האָט זיך, ווי דו ווייסט, פֿון דער מילכאָמע ניט אומגעקערט. איך האָב געאַרבעט און געהאָדעוועט די קינדער. אַז אירקע איז אַריבער אין פֿינפֿטן קלאַס, איז זי איינמאָל געקומען צו מיר מיט אַ טײַנע.

— מאַמע, ווי קאָן עס זײַן?

— וואָס, טאָכטערקע?

— פֿאַרוואָס הייס איך אירא איוואַנאָוונאַ און וואָווע — וולאַדימיר איסײַעוויטש. ווי קומט עס? אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. אַ צווילינג. איין טאַטע. פֿאַרוואָס הייס איך אַנדערש, ווי דער ברודער, אַלע וווּנדערן זיך. און איך ווייס ניט וואָס צו ענטפֿערן.

— געפֿונען פֿון וואָס זיך נעמען צום האַרצן, אין זאַגס האָט מען אַ טאָעס געהאַט, איסײַ, איוואַן... זייער ענלעך.

— אַ טאָעס? קאָן מען דאָך אים פֿאַריכטן.

— ווי־אַזוי? אַז אַלע אַרכיוון און מעטריקעס האָט דער דײַטש פֿאַרניכטעט.

נעכטן האָב איך אָנגעהויבן דעם בריוו און הײַנט זעץ איך פֿאָר.

ווי דו ווייסט, בין איך ניט קיין גלייביקע, און קיין רעליגיעזע יאָמטויווים פּראַווע איך ניט. נאָר עס קומט פּייסעך, ברענגט מיר מײַן עלטערער ברודער סימכע אַ קילאָ מאַצע אַ מאַטאָנע. און אַמאָל, אַז איך בין גוט אויפֿגעלייגט, באַק איך אַ האָמענטאַש דאַפֿקע ניט אַף פּורים. וואָווע איז צו מאַצע גלײַכגילטיק. און אירקע איז גרייט צו קײַען זי אַ גאַנץ יאָר. איר געפֿעלט עס. האָמענטאַשן האָבן זיי ביידע ליב. באַ סימכען האָט זיך אירקע דערוווּסט, פֿאַרוואָס מע עסט מאַצע און צוליב וואָס מע באַקט האָמענטאַשן. פֿרעגט זי מיך אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק, ווען איז דער יאָמטעוו, וואָס מע באַקט קוכן מיט מאָן. ביכלאַל איז זי באַ סימכען אָן אָפּטער גאַסט און פֿילט זיך דאָרט, ווי אַ פֿיש אין וואַסער.

באַ סימכען אין שטוב רעדט מען ייִדיש, ביפֿראַט מיט דער אַלטער מאַמען. איז אָט, קומט אירקע צו לויפֿן פֿון סימכען אַ צופֿרידענע — זי שײַנט, זי קען שוין צוויי ווערטער אַף ייִדיש.

— „יאָ" — איז „דאַ".

— עמעס.

— „ייִד" — איז „יעווריי".

— דאַ, — ענטפֿער איך.

— ניט „דאַ", נאָר „יאָ". מיר ריידן דאָך ייִדיש.

ביידע לאַכן מיר.

איינמאָל קום איך פֿון דער אַרבעט אַהיים און זע, ווי די קינדער זיצן באַם טיש. אפֿן טיש שטייט אַ טאָרט, און אין אַ וואַזע שטעקן בלומען. ביידע זײַנען אַף מיר אַרופֿגעפֿאַלן זיך קושן.

— לייען, מאַמע, לייען... — צו די בלומען איז צוגעפֿעסטיקט אַ צע־

טעלע: „אונדזער יונגער מאמען פון אירע דערוואקסענע קינדער. מיר זײַ־נען שוין מענטשן מיט פּעסער".

און ביידע דערלאַנגען מיר זייערע נײַנקע, שמעקנדיקע פּעסער. א סור־פּריז פאַר מיר. איך עפן און לייען:

דוואָרקין וולאַדימיר איסײַעוויטש.

דוואָרקינא אירינא איוואַנאָוונא.

כאָטש פאַר די קינדער האָב איך עס ניט ארויסגעוויזן, נאָר דאפקע יענעם אָוונט בין איך געווען ניט גוט געשטימט. איך האָב מיט זיך אליין דיסקוטירט: געדאַרפט שוין עפשער זאָגן אירען דעם עמעס, און עפשער איז גוט, וואָס איך האָב ניט געזאָגט? זי איז דאָך נאָך א קינד. זי וועט באַ־וויַיזן.

דער איקער איז אָבער געווען שפּעטער.

סימכעס מישפּאָכע האָט געערוט יענעם זומער אין פּאַלאַנגע באַם באַל־טישן יאַם און אונדז גערופן צו זיך אין געסט. אורלויב־צײַט האָב איך גענומען ביידע קינדער און בין אוועקגעפאָרן צום ברודער. אירקע און וואָ־ווע זײַנען שוין אריבער אין צענטן קלאַס. ביידע קאָמסאָמאָלצעס. וואָווע איז געוואָרן מאַנצבלשער, פּעסטער, העכער. אירקע איז, קיין אײַנהאָרע ניט, טפו, טפו, טפו... א שיינהײַט. און דערצו א פריילעכע, א לאַכערקע, א טענצערקע, און נאָך א וואָרט אין קעשענע דאַרף זי אויך ניט קריכן.

וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אז איך פלעג ארויסגיין מיט מײַן „צווילינג" שפּאַצירן, האָט מען פון זיי די אויגן ניט אראָפּגענומען, מײַן פרייד איז געווען ניט צו באַשרײַבן. אירקע מיט וואָווען האָבן פאַרפירט א סאַך נײַע באַקאַנטשאַפטן. אין שכיינעס האָבן געלעבט עטלעכע קאָוונער מישפּאָכעס, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון געטאָ. אפן פרויען־פּליאַזש פלעג איך מיט אירקען שאָענוויַיז אויסהערן שוידערלעכע מײַסעס פון זייער לעבן. אירקע האָט געברענט, זי האָט געציטערט פון אופּרעגונג. זי איז געווען גרייט זיך שלאָגן. ארײַנגייענדיק אין יאַם, פלעגט זי מיך אָנכאַפּן פאַר דער האַנט און פרעגן:

— פאַרוואָס האָבן אונדז די פאַשיסטן אזוי פײַנט געהאַט?

און א בייזע, א דערצאָרנטע פלעגט זי זיך וואַרפן מיט די פויסטן אין וואַסער.

שוין דער דריטער אָוונט, ווי איך שרײַב דעם בריוו.

אין איינעם א פאַרנאַכט זײַנען מיר געגאַנגען צום יאַם. מיר שפּאַצירן איבער דער בריק, צו וועלכער עס גייען צו די שיפן. דאָ איז שוין אזא מינהעג. פאַרנאַכט, ווען עס ווערט קילער, פוצט מען זיך אויס און מע גייט קוקן אפן זון־פאַרגאַנג. די זון לאָזט זיך אראָפּ, נאָר הענגט נאָך איבערן יאַם און אפן וואַסער לייגט זיך אויס א זון־וועג צום ברעג. דער פײַערדיקער קײַלעך לאָזט זיך אראָפּ אלץ נידעריקער, אָט וועט ער זיך באַלד אײַנטונקען אין וואַסער. און דאָס וואַסער ארום איז מילכיק. און דער פײַערדיקער זון־וועג אף די שטילע כוואַליעס באַם ברעג הוידעט זיך, ווי

טרעפּ. אירקע איז גליקלעך. זי האָט ליב אַלץ, וואָס איז שיין, זי האָט אַ שיינע נעשאָמע. פונעם זון־פאַרגאַנג איז זי באַצויבערט.

— זע, מאַמע, זע! דער גרעסטער קינסטלער וואָלט ניט צוגעטראַכט און ניט אָנגעמאָלט...

זי קוקט און רעדט צו מיר:

— אַפן האָריזאָנט איז די זון שוין אַ דריטל אין וואַסער און זעט אויס, ווי אַ גאָלדן איי אַף אַן אומענדלעכן בלויען טאַץ. אַ העלפט אין וואַסער — זעט זי אויס, ווי אַ שיף, נידעריקער — ווי אַ כינעזיש דעכל, נאָך נידעריקער — די זון איז אַראָפּגעפאַלן אין וואַסער און איז אַראָפּ צום גרונט.

די זון איז פאַרגאַנגען, און די לעוואָנע איז אַרויס.

צוריק אַהיים אײַלט זיך קיינער ניט. מע שפּאַצירט הין און צוריק איבער דער בריק. מע באַקאַנט זיך, מע גריסט זיך, מע געזעגנט זיך. עס קומען אָן באַקאַנטע, און מײַן אירקען באַקאַנט מען מיט אַ באָכער און מיט אַ מיידל. זיי שטעלן זיך בא דער פּאָרענטשע, ווו ס׳איז גערױמער און פרײַער. נאָכן זון־פאַרגאַנג איז אירקע אין אַ געהויבענער שטימונג, זי דערלאַנגט דעם באָכערל די האַנט און ראַפּאָרטירט אָפּ איר גאַנצן טיטל:

— דוואָרקינאַ אירינאַ איוואַנאָוונאַ.

דאָס באָכערל האַלט איר האַנט און קוקט איר אין די אויגן. דערבײַ איז ניט פאַרשטענדלעך: זײַנע אויגן שמייכלען אָדער כויזעקן, צי זיי זײַנען פּאַשעט איבעראַשט. נאָר דאָס מיידל, וואָס שטייט דערבײַ, זאָגט:

— ווי שעמט איר זיך ניט, אירינאַ.

אירקע האָט גלײַך צוגעכאַפּט די האַנט. זי איז געוועזן זיכער, אַז שעמען דאַרף זי זיך צוליב דעם, וואָס זי פאַרהאַלט אַזוי לאַנג איר האַנט אין דעם באָכערס האַנט. האָט אירינאַ אַ טאָעס געהאַט.

— ווי שעמט איר זיך ניט... מיר ווייסן דאָך, ווי מע רופט אײַער טאַטן. מיר זײַנען באַקאַנט מיט אײַער ברודער. אײַער טאַטנס נאָמען שטייט אײַך ניט אָן? איר שעמט זיך... איסײַעוונאַ פּאַסט אײַך ניט?

אירקע איז געוואָרן טויט און רויט. זי האָט ריידן ניט געקענט, די אויגן זײַנען פול געוואָרן מיט טרערן. איך האָב זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט, און מיר זײַנען אַוועק אַהיים. זי איז גיך געלאָפן און דעם גאַנצן וועג געוויינט. אין שטוב האָט זי מיר ערשט אָפּגעשפּילט יענעם קאָנצערט. צו־ליב אַ טאָעס דאַרף זי לײַדן? זי שעמט זיך מיט איר טאַטן? בא איר איז אַזוינס קיינמאָל אין געדאַנק ניט געוועזן. פאַרוואָס קומט עס איר אַזאַ שאַנ־דע? איך האָב זי קוים באַרויִקט. איך בין געוועזן זיכער, אַז מיטן מיידל, וואָס האָט זי באַליידיקט, וועט זי זיך ניט וועלן באַגעגענען. לאָזט זיך אויס, אַז אַף מאָרגן איז אירעטשקע אַוועק צו איר און אויפגעקלערט דעם פעלער, וואָס דער זאַגס איז באַגאַנגען. זיי זײַנען געוואָרן די נאָענטסטע כאַווער־טעס. אירקע האָט זיך בא איר אויסגעלערנט אָנצושרײַבן דעם נאָמען און די פאַמיליע אַף ייִדיש. אַף אירקען קוקנדיק, האָט זיך וואָוקע אויך אויס־געלערנט אָנשרײַבן זײַן נאָמען און פאַמיליע אַף ייִדיש.

נאָך אינעם זעלבן טאָג, ווען מיר זײַנען געקומען צוריק פֿון פֿאַלאַנגע אַהיים, איז אירקע אוועק צו סימכען און אָפּגעזוכט רוסישע ביכער וועגן ייִדישער געשיכטע, איבערזעצונגען אויף רוסיש פֿון דער ייִדישער ליטעראַ־טור. זי מיט וואָוען לייענען, דיסקוטירן. דערווײַל מאַכט זיך, אַז שוין זײַענדיק אַ סטודענטקע, קומט אירקע צו סימכען אין שטוב און דערהערט צופֿעליק עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן אַ שײַכות צו איר. אירקען דאַרף מען קיין פֿינגער אין מויל ניט אַרײַנלייגן. זי האָט טייקעף פֿאַרשטאַנען, אַז זי האַלט דעם שליסל צו דערגיין, פֿאַרוואָס זי הייסט איוואַנאָוונאַ און וואָווע — איסײַעוויטש. קורץ, זי איז געקומען צו לויפֿן אַהיים און גע־פֿאָדערט, איך זאָל איר דערציילן דעם עמעס. איך האָב אַלץ דערציילט. איך האָב געציטערט, אַז אויף איר זאָל עס שלעכט ניט ווירקן, זי זאָל ניט קראַנק ווערן. אָבער גאָט צו דאַנקען... זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט און כליי־פּענדיק געשריִען:

— מאַמע, מאַמינקע, טײַערע...

און אַז זי האָט זיך באַרויִקט, האָט זי מיך געבעטן, אַז וואָווע זאָל וועגן דעם ניט וויסן. איך האָב איר צוגעזאָגט.

וואָווע איז איר אַ געטרײַער ברודער. און זינט זי איז שוין אַ פֿרײַלן, גיט ער אויף איר אַכטונג. מיט דעם זאָל זי ניט גיין, מיט יענעם ניט שפּאַ־צירן. דער איז אַ נאַכאַל, און יענער איז אַ גרוביאַן. אירקע האָט געפֿאָלגט. טאָמער קומט זי שפּעט אַהיים, איז ער אומרויִק. ער איז ניט פֿויל אַרויס־גיין אין גאַס זי באַגעגענען. אירקע רופֿט אים אין שפּאַס — מײַן מיליציאָ־נער. אָבער זינט ס׳איז איר באַוווּסט געוואָרן, פֿאַרוואָס מע רופֿט זי איוואַ־נאָוונאַ, האָט זי אים גענומען אויסמײַדן, דאָס מיידל פֿילט זיך מיט אים געענגט, ניט היימלעך, ניט ווי פֿריִער. דערנאָך האָט אירע אים גענומען טאָן צולאָכעס, — גייט אין קינאָ דאַפֿקע מיט אַזוינעם, וואָס ער דערלויבט ניט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז ער איז געקומען פֿאַרמאַסערן די שוועסטער. אַזעלכס איז ביז איצט קיינמאָל ניט געווען.

— געדענק, — האָט ער געזאָגט אירקען אין מײַן אָנוועזנהייט, — אויב איך וועל דיך נאָכאַמאָל זען מיט אָט דעם נאַכאַל, וועל איך ניט קוקן, וואָס דו ביסט שוין אַ גרויסע, איך וועל דיך פֿאַר די צעפּ צובינדן צום בעט און ניט אַרויסלאָזן.

— וואָס האָסטו געוואָלט, — האָט זי געטײַנעט, — איך זאָל אַליין גיין אין קינאָ? פֿאַרוואָס גייסטו קיינמאָל ניט מיט מיר אין טעאַטער, אויף אַ קאָנצערט?

— טאַקע... שטאַרק אינטערעסאַנט. ווי קליינע קינדער. גיין מיט אַ שוועסטער אין קינאָ.

פֿונדעסטוועגן פֿאָלגט אים אירקע ווידער. אין די אָוונטן זיצט זי ביכלאַל אין שטוב, גייט אין ערגעץ ניט. צו איר קומען כאַווערטעס און אַלע וואַרטן אויף וואָוקען. אַז ער קומט, ווערט פֿריילעך, מע טאַנצט, מע זינגט. נו, האָב איך זיך געטראַכט, גוט, וואָס די קינדער האָבן זיך באַרויִקט. לאָזט זיך אָבער אויס... מיט אַ וואָך צוריק קומט אַרײַן צו מיר אירקע — זי וויל עפּעס בעטן.

— זאָג מיר צו, מאַמע, אַז דו וועסט אויספֿילן.

— וואָס דאַרפסטו?

— ניין, זאָג פריער צו.

— גוט.

— דערצייל וואָוועז, פארוואָס איך הייס איוואנאָוונא.

— מעשוגעז האָסט דאָך געבעטן, אז איך זאָל ניט דערציילן.

— איצט מוז מען. וואָלסט געזען, מאמע, מיט וואָס פארא מיעסניצעס ער שפאצירט. קיין איין רעכטע ניטאָ צווישן זיי. מע מוז אים ראטעווען.

— וואָס פאר א שייכעס האָט עס?

— די זעלבע, וואָס איוואן צו איסיי. — און איז ארויסגעלאָפן פון צימער.

איך זאָג דיר דעם עמעס, סימעלע, אז מיר איז אין יענער מינוט קאלט געוואָרן אין אלע גלידער. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, וואָס אירקע האָט פארטראכט. הער נאָר,ביידע זיינען מיינע אייגענע קינדער. א ברודער מיט א שוועסטער. א צווילינג. אויב אפילע אירקע האָט געשפאסט, איז מיר עס פריקרע צו הערן. שרייב מיר טייקעף אָן, וואָס דארף איך טאָן אין אזא פאל. גיב אן אייצע. דו ביסט דאָך א קלוגע... און עפשער איז גאָר אומזיסט מיין שרייבן. עס קאָן זיך מאכן, אז מע וועט אזוי פרעגן בא מיר, ווי בא דיר.

# ייִנגלשע טריט

1

די גראָווע און אומרויִק־פּאַרזאָרגטע העניע, וואָס טראַכט וועגן אַלעמען, געדענקט וועגן אַלץ און פאַרגעסט נאָר זיך אַליין, שטייט באַם פענצטער און קוקט אַרויס צו דער זומערדיקער גאַס. זי איז מיד, שטיין איז איר שווער. איר קלעקט אָבער קיין געדולד ניט צו דערוואַרטן זיך ביז דער מאַן אירער וועט זיך אומקערן. זי וויל אים פריִער דערזען דורכן פענצ־טער — וועט זי גלײַך פאַרשטיין, מיט וועלכע נײַס ער קומט. קומט ער אַלץ ניט.

— באָבע, עסן.

אַ פינפיאָריק אייניקל שלעפּט העניען באַם קלייד. דאָס אייניקל הייסט וואָווע, זײַנע עלטערן זײַנען אַרײַנגעפאַלן צום דײַטש. די באָבע מאַכט זיך ניט הערנדיק, עפשער וועט דאָס אייניקל זיך פאַרשפּילן און פאַרגעסן וועגן עסן. איז אָבער אין צימער פאַראַן נאָך אַ וואָווע פון אַ יאָר פינף, וואָס האָט דאָ אין שטוב אַ טאַטן מיט אַ מאַמען און דאַרף ניט אָנקומען צו קיין באָ־בען. די מאַמע זײַנע שלאָפט נאָך אַ גאַנצן מעסלעס אַרבעט.

— מאַמע, עסן.

ביידע וואָוועס פילן זיך ווי גלײַכע, דאָך, אַז ביידע צעשלאָגן זיך, וויינט איינער „מאַמע״ און דער צווייטער — „באָבע״. דער וואָווע, וואָס שרײַט „מאַמע״, קריגט פון זײַן מאַמען אַ פעטשל, אַז ער זאָל זײַן אַ מענטש. דעם צווייטן וואָווען שפּילט דאָס מאַזל. ערשטנס, איז אַ באָבע ניט קיין יונגע מאַמע, זי האָט געדולד. צווייטנס, גיי שלאָג אַ קינד, אַז עפשער איז עס גאָר אַ יאָסעם.

די באָבע וויל ניט דערלאָזן, אַז מע זאָל אופוועקן די טאָכטער. נעמט זי ביידע אייניקלעך צו זיך. זי זעצט זיי אוועק אַפן פענצטער און רעדט זיי אײַן, אַז פון יענער־זײַט שויב איז זייער שיין און פײַן.

ביידע אייניקלעך — איינער אַ געדיכט־שוואַרצער מיט אַן אָפּגעטאָקט פּענעמל, אַ קאַפּריזנער און פאַרזיכטיקער; דער צווייטער — ניט אַזוי שוואַרץ, מיט אַ פעסטן קירבעס־קעפּל, מיט קליינע רירעוודיקע הענטלעך, וואָס האָבן אַ טעווע אָנצוטאַפּן אַלץ, וואָס די גרויסע אויגן זעען, אַ קײַסן, אַ ריזיקאַנט, — ביידע וואָוועס קוקן אַרויס דורכן פענצטער און זײַנען

טאקע געוואָרן צו זען עפּעס טשיקאַווס. נאָר אַזוינס, וואָס זאָל זיי געפעלן, איז ניט צו מערקן. עס קומט אַ ציג און שטעלט זיך אַרײַן מיט דער באָרד אין פענצטער.

— באָבע, וואָס וויל די ציג? — פרעגט איין אייניקל.

— מילך, — ענטפערט דער צווייטער.

און ביידע נעמען ווידער שרײַען:

— באָבע, עסן.

— מאַמע, עסן.

באַ העניען ליגט נאָך באַהאַלטן אַ שטיקל ברויט. דאָס ברויט געהערט איר מיזינקע ראָכעלען, וואָס איז נאָך פון דער שול ניט געקומען. ניט איין מאָל האָט שוין, עמעס, געטראָפן אַזוי, אַז ראָכעלע קומט פון דער שול און די מאַמע זאָגט אַ שולדיקע:

— ראָכעלע, כ'האָב ניט געקאָנט צוזען, ווי די קליינע בעטן עסן...

פאַרשטייט די זעכצניאָריקע ראָכעלע, אַז ביידע וואָווס האָבן אויפגעגעסן דער „מומע ראָכלס" ברויט, און זי זאָגט צופרידן:

— זייער גוט, מאַמע. איך בין זאַט.

איר צופרידנקייט לייגט זיך אויס אויף אַ בלאַס פּאָנעם. איר שמייכל קאָן זיך לאַנג ניט האַלטן. אין וועג האָט זי געהאַט געטראַכט, ווי געשמאַק וועט זײַן דאָס פענעצל ברויט, וואָס זי וועט עסן.

העניען טוט ווײ דאָס האַרץ אויף איר מיזינקע. וואָס זאָל זי איצט טאָן? ווען דער מאַן אירער, זאַלמען, וואָלט זיך שוין באַוויזן, וואָלט זי געוווסט, וווּ זי האַלט אין דער וועלט. אַלץ הענגט אָפּ פון אים.

נעכטן האָט זי אַזוי ניט געטראַכט. נעכטן האָט זי געוווסט, אַז די קאַרטאָפל האָט מען אויפגעגעסן... און דערווײַל איז נאָך אָנהייב זומער. די גאַנצע מישפּאָכע האָט צוויי פאַרדינער — דעם איידעם און די טאָכטער. דער איידעם, דער מעכאַניקער, טאָגט און נעכטיקט אַפן זאַוואָד. די טאָכטער איז פאַרנומען מיט איר אַרבעט און האָט קיין צײַט ניט איר מאַן אָנצוקוקן, אַלע איבעריקע זײַנען „איזשדיווענצעס": צוויי אייניקלעך, ראָכל, זי אַליין, העניע, און איר מאַן זאַלמען, וואָס זינט דער עוואַקואַציע, זינט דער עלטערער זון מיט דער שנור זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן, האָט ער גענומען קרענקען. ווינטער האָט שוין מיט אים געהאַלטן שלעכט. מע האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט און געשטעלט אויף די פיס. נעכטן, אַז מע האָט זאַלמענען פאָרגעלייגט צו זײַן אַ וועכטער אויף אַ קאַרטאָפל־פעלד, איז איר עס אויסגעקומען ווילד. איר זאַלמען — אַ וועכטער? נאָר הײַנט, אַז זאַלמען איז פאַרטאָג אַוועק אָנצונעמען די שטעלע, איז דער כעזשבן געוואָרן אַן אַנדערער. ער וועט באַקומען אַן אַרבעטער־קאַרטל, ער וועט שוין היטן דעם אייגענעם גאָרטן אויך. ווי נאָר עס וועלן זיך באַווײַזן יונגע קאַרטאָפל, וועט ער זײַן זאַט; אַז זי וועט קומען צו אים אין געסט מיט די אייניקלעך, וועט זי אויך ניט הונגערן. דער איקער איז, וואָס זאַלמען ווערט ווידער דער ערשטער אין דער מישפּאָכע. פאַר איר, פאַר העניען, איז עס זייער וויכטיק. ער זאָל באַ זיך ניט אַראָפּפאַלן... זי האָט אים ליב, ווי אַמאָל, זי וויל אים איצט זען, איר זאַלמענען, מיטן יאָזשיק האָר, מיט די שטילע

אויגן און מיט די סימאָנים ראַזקײַט אַף די באַקן, וואָס איז פאַרבליבן פון זײַן באַכערישער שײנקײַט. זי וועט אַף אים נאָר איין קוק טאָן, וועט זי אַלץ וויסן. מיט וואָס ער קומט, וואָס ער טראַכט און וואָס ער פאַרלאַנגט. קומט ער ניט.

וואָלט כאָטש ראָכל געקומען... פאַרהאַלט זי זיך הײַנט אויך.

— עסן!

העניע לאָזטביידע אייניקלעך זיצן אַפן פענצטער. אליין גייט זי נעמען דאָס שטיקל ברויט. די קינדער דאַרפן ניט וויסן, ווו עס ליגט באַהאַלטן. ווען העניע איז שוין קימאַט פאַרטיק, שרײַען די אייניקלעך:

— באָבע, באָבע, זע!

זי גיט אַ קוק פונדערווײַטן און דערזעט, ווי עמעצער פון יענער־זײַט שטוב האָט זיך אײַנגעבויגן צו די קינדער.

— זאַלמען! — זי באַווײַזט עס ניט אַרויסצוזאָגן, ווי זי דערזעט איר טאָעס. ניט זאַלמען.

— ראָכעלע! — ניין... ניט זי.

העניע מאַכט אַ טראָט נעענטער און בלײַבט שטיין אַן איבעראַשטע — פון יענער־זײַט שויב האָט זיך צו די אייניקלעך אָנגעבויגן איר זון פון דער אָפּיצערן־שול — מיכל!

2

א שווערן פרילינג לעבט איבער ראָכעלע הײַנטיקס יאָר.

דער פרילינג אין אַלטײַער קאַנט איז דין און פילבאַר, ער איז דורכזיכטיק לײַכט, און אַ מיידל פון זעכצן יאָר דערפילט אַ האַרץ בא זיך. אין אָוונט, אַז זי גייט דורכן שטאָט־גאָרטן, איז דער הימל רויק־טיף און דער דאָזיקער הימל פאַלט אַזוי אומרויִק אַף איר וואַרעמער הויט. די לעוואָנע זילבערט זיך אונטער אַ וואָלקנדל, און איר שטילע שײַן פאַלט דורך דיביימער־צווײַגן צו ראָכלס פיס. אַלץ איז דאָ אײַנגעהילט אין סוידעס. די לעוואָנע באַגלייט ראָכעלען צו איר גאַס, צו איר שטוב און קוקט אַרײַן אין איר פענצטער.

ראָכעלע אַליין איז אויך אַ לײַכטע, און אָפּטמאָל דוכט זיך אַפילע, אַז זי איז אַ דורכזיכטיקע. איר געקרויזט צעפּל, איר בלאַסלעך געזיכט מיט די עטלעכע זומער־שפּרענקעלעך און איר מיידלש־קינדערשע פיגור איז ווי אַ יונג ביימל, וואָס וועט מאָרגן שוין טראָגן גרינע בלעטלעך. מאמעס, וואָס פאַרשטייען זיך אַף אַזאַ עלטער, אַף אַזאַ וווּקס, באַנעמען, אַז דאָס מיידל וועט אינגיכן ווערן אַ שיינהײַט. שווערע מילכאָמע־יאָרן פאַרהאַלטן איר בלי.

דער זעכצניאָריקער סאַליק, אַז ער דערזעט נאָר אירע שטיוועלעך מיט די דינע נעזלעך, וואָס האַבן דעם זיבעטן כיין, נעמט אים קלאַפּן דאָס האַרץ. קוקן אַף איר זעלבסט פאַרגינט ער זיך ניט. אין אָוונט, אַז ער קומט אין שטאָט־גאָרטן, דוכט זיך אים אויס, אַז ערגעץ נאָענט דאַרף דאָ זײַן ראָכעלע. ער קומט אַרײַן צו איר אין שטוב. ער איז אויך אַן עוואַ־

קורטער. סאליק האָט אַלע לערנביכער און ברענגט ראָכעלען, וואָס זי דאַרף צו די לימודים. ער רעדט שטיל און מײַדט אויס לאַנג צו קוקן אויף איר. ער באַמערקט אָבער אַ סך זאַכן, און דעריקער זעט ער, אַז בײַ ראָכעלען אין שטוב טרעפט, אַז מע דערעסט ניט. אים פֿאַרדריסט עס זייער שטאַרק.

וואָס זאָל ער אָבער טאָן?

ער גייט אין שטאָט־גאָרטן, און אים דוכט זיך אויס, אַז די לעוואָנע איז אַ הונגעריקע, אַז אַ פֿאַרכאַלעשטע וועט זי באַלד פֿאַלן אויף די שפּיץ ביימער. ער נעמט זיך בעטן: „ראָכעלע, ראָכעלע...” ער ווייסט, וואָס צו זאָגן, נאָר זאָגן עס קאָן ער ניט. ער דערפֿילט אַזאַ ביטערקײַט, אַז ווען מע לאָזט אים, ווען מע נעמט אים — גייט ער טייקעף פֿרײַוויליק אין דער אַרמיי און רעכנט זיך אָפּ מיט די דײַטשן פֿאַר אַלע אומגליקן... אויך פֿאַר ראָכעלען...

אינדערפֿרי וואַרט סאַליק אויף ראָכעלען, און זיי גייען צוזאַמען אין שול. הײַנט האָט ער, ווי אַלעמאָל, געבראַכט עטלעכע ביכלעך און זיי אַרײַנגעלייגט צו ראָכעלען אין פּאָרטפֿעל. שפּעטער, אַז ראָכעלע האָט אין שול פֿאַנאַנדערגענומען די ביכער, האָט זי געפֿונען אַ פּעקעלע. עס האָט זי פֿאַרוווּנדערט. זי האָט געעפֿנט דאָס פּעקעלע — אָן אָנבײַסן. זי איז געוואָרן רויט און פֿאַרשעמט. ראָכעלע האָט פֿאַרגעסן, אַז זי איז אין שול, און מיט האַרץ געזאָגט: „דורענ!”. דערנאָך האָט זי זיך געכאַפּט, אַז אַלע אין קלאַס קוקן אויף איר, זי האָט זיך שיר ניט פֿאַנאַנדערגעוויינט.

נאָכן לערנען וואַרט ער אויף איר. זי גייט מיט אַ האַלבן טראָט פֿאָרויס, און ער נאָך איר. קיינמאָל קוקט זי גאָר ניט, צי ער איז פֿאַראַן לעבן איר. הײַנט, ווי נאָר זי איז אַרויס פֿון דער שול, האָט זי אים געזוכט מיט די אויגן. הײַנט האָט זי אים געלאָזט גיין פֿאָרויס אויף אַ האַלבן טראָט, זי איז געגאַנגען פֿון הינטן. ער האָט זיך באַלד דערפֿילט ווי אַ פֿאַרשולדיקטער, מאַמעש ווי אַ מענטש, וואָס מע פֿירט באַשטראָפֿן. זיי האָבן געשוויגן דעם גאַנצן וועג ביזן שטאָט־גאָרטן. אין גאָרטן האָט זי שנעל געעפֿנט איר פּאָרטפֿעל, אַרויסגענומען דאָס פּעקעלע און אים דערלאַנגט. אַ שולדיקער און צעטומלטער, האָט ער עס שנעל צוגענומען און די האַנט מיטן פּעקעלע גלײַך באַהאַלטן הינטער דער פּלייצע.

— סאַליק, מער זאָלסטו קיין ביכער מיר ניט ברענגען.

— גוט...

— מער זאָלסטו...

— גוט.

ער איז אַלץ גרייט צו פֿאָלגן. ער האָט זי שווער באַליידיקט. סײַווי קומט ער אום, סײַווי פֿילט ער, ווי דאָס וואַסער איז שוין איבערן מויל.

— סאַליק...

מער זאָגט זי גאָרנישט. ביידע שווײַגן. ביידע שטייען און רירן זיך ניט. זיי גייען אַוועק שווײַגנדיקע. זי אויף אַ האַלבן טראָט פֿאָרויס, און ער — הינטער איר.

איןביידע צימערן שטייט אלץ, וואָס אין א שטוב דארף שטיין. אינ־מיטן — א טיש מיט בענקלעך. בא דער וואנט — א שאפע, פארקלעפּט מיט צײַטונגען אָנשטאָט די ארויסגעפאלענע גלעזער. אין ווינקל — א גרויסער און שווערער קאסטן, אין אים באהאלט מען דאָס טײַערסטע — ברויט און ברויט־קארטלעך. אין די צימערן האָט אלץ אן אויסזען פון צײַטווײַליקייט. קיין זאך איז ניט פארפונדעוועט, און קיינער טראכט ניט פון עכטער בא־לעבאטישקייט.

מיכל איז ארײַנגעקומען מיטן טשעמאָדאן אין דער האנט און מיטן רוק־זאק אף דער פלייצע. א יונגער לייטענאנט. און אז ער טוט אויס די שטיוול מיט די ברייטע קירזעווע כאָליעוועס און נעמט אראָפּ די פּילאָטקע — איז ער פּאָשעט א יונג באָכערל, וואָס איז געקומען פון דער שול אָדער פון דער ארבעט און וועט באלד בעטן עסן בא דער מאמען.

די מאמע דרייט זיך ארום אים און קאָן אלץ פון אים ניט אָפּטרעטן. זי קאָן זיך זאט ניט אָנקוקן. זי האָט פאר אים דערעכערעץ. ער איז א לייטענאנט, געענדיקט די אָפיצערן־שול און פאָרט אפן פראָנט. אונטער־וועגנס איז ער ארײַנגעפאָרן זיך זען מיט די אייגענע.

— ווי לעבט מען, מאמע?

ווען איז ער עס געוואָרן אזא גרויסער? — פרעגט זיך העניע. זינט ער איז ארײַן אין שטוב, קאָן זי אלץ ניט פארגעסן: א פאָלנער מענטש, א דערוואקסענער.

— ווו איז דער טאטע?

איר שטייט ניט אָן צו זאָגן, אז ער איז אוועק זיך פארדינגען פאר א וועכטער, זי זוכט אויס א טערעץ.

אינגיכן קומט דער טאטע. פריִער באווײַזט ער זיך אין פענצטער. ער ווייסט, אז העניע וועט אף אים ארויסקוקן. דעריבער דערשרעקט ער זיך, ווען אין פענצטער באמערקט ער קיינעם ניט. ער פאלט צו צו דער שויב. העניע דערזעט אים און לויפט אים אָנזאָגן:

— גאָרנישט, גאָרנישט... איך בין געזונט. מיר האָבן א גאסט! מיכל...

איצט קאָן שוין העניע זיך פילן אפן זיבעטן הימל. דער זון איז געקו־מען, דער מאן איז שוין דאָ. וואָס זשע באומרויִקט זי? ווי נעמט מען אוף דעם גאסט, מיט וואָס איז מען אים מעכאבעד?

באם טיש זיצן דער טאטע מיטן זון.

— א שווערער ווינטער געווען, מײַן זון. איצט וועל איך האָבן אן אר־בעטער־קארטל, א גאָרטן. געבליבן נאָך עטלעכע שווערע כאָדאָשים. דאָס ערגסטע איז שוין אָבער אריבער, מײַן זון. היטלער וועט שוין לאנג ניט האלטן... אלץ לוינט, נאָר פון אים זאָל קיין זייכער ניט בלײַבן.

העניע באוועגט זיך עפּעס מיט א זײַט, ווי זי וואָלט פארלוירן די דרייסטקייט ארומצוגיין פרײַ אין איר אייגענער שטוב. אזא גאסט איז געקומען, און זי האָט ניט וווהין אהינצוטאָן די פלינקע אויסגעהאָרעוועטע הענט. וויפל מאָל האָבן די דאָזיקע הענט געמאכט גוטע זאכן פאר קינדער.

און איצט... צי וועט זי נאָך דערלעבן אירע קינדער מעכאבעד זײַן אזוי, ווי זי קען.

— טאטע, וואָס איז די מאמע אזוי צעטראָגן?

— גאָרנישט, מיכל... די מאמע וויל דיך מעכאבעד זײַן און האָט ניט מיט וואָס.

— מאמע, אף מעכאבעד זײַן האָב איך געבראכט א רוקזאק, מאמע...

אינגיכן קומט ראָכעלע פון דער שול. פאר איר איז דאָ אלץ אומדערוואַרט. דער ברודער — א לייטענאנט, פאָרט שלאָגן דעם דײַטש. אפן טיש ליגט ברויט, וווּרשט, צוקער.

אלע וואַרפן זיך צו ראָכעלען! אלע האָבן זי ליב.

4

דרײַ טעג איז אין שטוב געווען פריילעך און טומלדיק.

ביידע וואָכעס זײַנען אלע דרײַ טעג געווען לייטענאנטן און האָבן געשלאָגן די פאשיסטן. די באָבע האָט זיי געבעטן עסן, און זיי האָבן ניט געוואָלט. דער איידעם, דער מעכאניקער, וואָס איז שטענדיק פארנומען, די טאָכטער, וואָס קומט אהיים נאָר שלאָפן, האָבן צוליבן גאסט געפונען צײַט. זאלמען, וואָס האָט ליב רו און שטילקײַט, איז אלע דרײַ טעג געווען ווי אף א פריילעכער כאסענע. העניע האָט זיך געפילט ווי א פיש אין וואסער, זי איז ניט אָפּגעטראָטן פונעם זון און אלץ אים געוואָלט פרעגן: צי איז שטארק ווײַט פון א לייטענאנט ביז א גענעראל?

נאָר אָט זײַנען אלע דרײַ טעג דורכגעלאָפן, ווי איין אָטעם־צוג. און אפן פערטן טאָג אינדערפרי, זונטיק איז עס געווען, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז באם זון איז סײַ דער רוקזאק און סײַ דער טשעמאָדאן פוסט, אפילע קיין ברעקל ניט פאראן. אויך אלץ, וואָס מע האָט אין שטוב צוגעגרייט, האָט מען אופגעגעסן. העניע, וואָס אף איר אויסגערעכנטקײַט האלט זיך די שטוב, אפילע זי האָט אין גרויס פרייד פארזען, אז מע האָט שוין שאבעס געגעסן דאָס זונטיקדיקע ברויט. אלע האָבן זיך דערפילט שטארק שולדיק פארן זון. א מענטש פאָרט אפן פראָנט, באפאלט מען אים, מע עסט אוף דאָס לעצטע און מע לאָזט אים הונגעריק. אלע שווײַגן. יעדערער באמיט זיך צו פארוקן אין א ווינקל. אפילע די קליינע וואָוועס האָבן הײַנט סייכל אף ניט צו בעטן קיין עסן.

מיכל פארשטייט עס. ער וויל אלעמען בארויִקן, מאכן פריילעך, ער שפאסט:

— ע... הע... דערמאָנט זיך. קינדער, גיט א נאָדל־פאָדעם, א קנעפּל...

אלע ווילן אײַנייען מיכלען דאָס קנעפּל. די מאמע, די שוועסטער... אין שטוב האָט מען זיך גענומען רירן. דער איידעם האָט געמאָלדן, אז ער גייט ערגעץ קריגן ברויט.

נאָך האלבן טאָג האָבן זיך אין קאָרידאָר דערהערט טריט. אין שטוב איז ארײַן סאליק. קיינער האָט אים ניט באמערקט. סאליק האָט פארשטאנען, אז ער דארף טייקעף גיין צוריק. ער האָט עס אָבער ניט געקאָנט, ווײַל ער

האָט מיט אַלע כּושים דערפֿילט, אַז דאָ, אין שטוב, האָט מען נאָך הײַנט ניט געגעסן. „זי" הונגערט, „איר" מישפּאָכע הונגערט, אַפֿילע „איר" ברודער, וואָס פֿאַרט אָפּן פּראָנט...

ראָכעלע איז געלעגן אָף איר בעטל מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. ער האָט זי געוואָלט אָנקוקן, נאָר באַלד באַנומען, אַז אָנקוקן זי איצט וועט זײַן פֿאַר איר אַ גרויסע באַליידיקונג. און ער איז אַרויס פֿון שטוב, זאָגנ־דיק אַ „גוטן טאָג" צו קיינעם ניט, נאָר פֿון געוווינהײַט־וועגן.

אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין, האָט זיך סאַליק מיטאַמאָל דערזען אָף דער דריטער גאַס. ער האָט צו זיך גערעדט: זאָל זי זײַן באַרויגעזט, זאָל זי פֿאַרבאָטן ברענגען ביכער, זאָל ער ניט טאָרן אַרײַנקומען צו איר אַהיים, דאָס וועט אים זײַן אַ סאַך לײַכטער...

וואָס קאָן ער אָבער טאָן, מיט וואָס קאָן ער העלפֿן? אָף אַן אויגנבליק איז ער געבליבן שטיין און באַלד גענומען שנעל שפּאַנען צו זיך אַהיים. עס האָט זיך געטאָן פֿון זיך אַליין. ווי פֿון זיך אַליין האָט זיך אַרײַנגע־לייגט אין אַ קאָשעקל אַ קילאָ פֿינף־זעקס קאַרטאָפֿל (מער איז ניט אַרײַן), ווי פֿון זיך אַליין האָט ער דאָס קאָשעקל אַוועקגעטראָגן צו ראָכעלען. ער האָט געעפֿנט די טיר. קיינער האָט אָף אים ווידער ניט געקוקט. ווי אַ גאַנעוו, אַז קיינער זאָל ניט זען, האָט ער אַוועקגעשטעלט דאָס קאָשעקל. אָף דער גאַס האָט ער ערשט דערפֿילט, אַז ער גייט אָפּ מיט שווייס.

5

אַ גאַנצן אָוונט שפּאַצירט סאַליק איבער די אַלייען פֿון שטאָט־גאָרטן. ווי אַלעמאָל, דוכט אים, אַז ערגעץ דאָ נאָענט דאַרף זײַן ראָכעלע. אַרום־און־אַרום ציטערן לײַכט די דאַרשטיקע פּרילינג־בלעטער אָף די יונגע פּיל־בּאַרע צווײַגלעך. איבער די גרינע ביימער־קרוינען איז אויסגעגאָסן העלע הימל־שײַן. אַרום די טונקעלע ביימער־שטאַמען איז פֿול מיט ערדישער בלויקײַט. סאַליקן איז אָנגענעם אַרומצוגיין איבער די סטעזשקעס, פֿילן, ווי די גאַנצע וועלט איז גוט צו אים, זען פֿאַר די אויגן ראָכעלען אין אירע שטיוועלעך מיט די שמאָלע שפּיצן. נאָר באַלד דערזעט ער ראָכעלען אַן אומצופֿרידענע, אַפֿילע אַ באַרויגעזטע, זי וויל גאָר אָף אים ניט קוקן. זי איז טיף באַליידיקט...

באַ ראָכעלען אין שטוב זײַנען אַלע אײַנגעשלאָפֿן זאַטע. עס שלאָפֿט דער לייטענאַנט, וואָס פֿאַרט מאָרגן אָפּן פּראָנט. עס דרעמלט דער טאַטע, וואָס גייט מאָרגן היטן די קאַרטאָפֿל־גריבער. מיטן פּאָנעם אין קישן איז צוגעפֿאַלן דער מעכאַניקער, וואָס דאַרף מאָרגן אָנהייבן אַ נײַע וואָך אָפּן זאַוואָד, אַפֿילע די פֿאַרזאָרגטע העניע איז אײַנגעשלאָפֿן... אָף אַ ווײַלע, ווי אָף טייקעף זיך אופּצוכאַפּן. וואָך איז נאָר ראָכעלע. זי ליגט אָף איר בעטל, וואָס שטייט באַם פֿענצטער. זי וואָלט אויך געמעגט שלאָפֿן — מאָרגן הייבן זיך אָן די עקזאַמענעס אין שול.

דאָס פענצטער, וואָס קוקט אַרײַן אין איר בעט, איז לײַכט־בלוילעך, דורכזיכטיק. דער העלער קרײַז אַרום דער לעוואָנע דערנעענטערט זיך שוין צום פענצטער. די לעוואָנע אַליין איז נאָך ניט דערשווומען. דער דאָ־זיקער העלער אָפּשײַן דרינגט אַרײַן אין צימער. ראָכעלען איז אָבער הײַנט שווער, זייער שווער זיך צוצוקוקן צו דער דאָזיקער שיינקײַט. די שיינ־קײַט און הארציקײַט פון דער גרויסער ערד, וואָס פאַלט אַרײַן אין פענצ־טער, איז א באַליידיקטע, א פאַרשעמטע, זי פאַלט אונטער דער לאַסט פון א קאָשעקל מיט פינף־זעקס קילאָגראַם קאַרטאָפל.

זי וואָלט עס קיינמאָל ניט דערלאָזט. זי האָט שוין פּרובירט א טאָג ניט עסן. דער ברודער פאַרט אָפּן פּראָנט, די וואָוועס זײַנען געוואָרן הונ־געריק... זי איז אײַנגעגאַנגען. צי דען ווערט איר גרינגער פון דעם? זי וועט איצט סאַליקן ניט קאָנען קוקן אין די אויגן — זי איז געוואָרן א צו גרויסער באַלכוויוו. זי וויל נאָך קיינעם גאָרנישט ניט קומען. זי וויל ניט...

ראָכעלע זעצט זיך אויף. הינטערן פענצטער, דוכט איר, הערן זיך באַ־קאַנטע ייִנגלשע טריט. איר ווערט נאָך שווערער. זי פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין און פאַלט צו צום קישן. זאָל ער ניט מיינען, אַז זי באַשול־דיקט אים, זי איז דען א קינד? זי פאַרשטייט דען ניט? ער איז א גוטער כאַווער, זייער א גוטער. זי פאַרשטייט, ווער עס האָט פאַרשעמט איר ריי־נע לעוואָנע, ווער עס האָט באַליידיקט איר געפיל, ווער עס וויל אומברענ־גען איר לאַנד און שטאַם. צוזאַמען מיטן פאַרדראָס און הארצקלעמעניש וואַקסן אַרײַן אין קישן צוויי מיידלש־קינדערשע ביינערדיקע פויסטלעך, וואָס ווילן זיך שלאָגן!

אָט אַזוי, דוכט זיך, וועט זי באַלד אײַנשלאָפן. זי באַמערקט שוין ניט די לעוואָנע אין פענצטער, זי הערט שוין ניט קיין באַקאַנטע טריט. אין שטוב האָט זיך עמעצער גענומען באַוועגן. ראָכעלע זעצט זיך אויף. ווער איז? וואָס איז? דער ברודער ליגט ניט רויִק. א האַלבע קאָלדרע איז שוין אויף דער ערד. ער וואַרפט זיך אין שלאָף, ער שרײַט: „פּײַער! פּאַרויס, פּײַער!"

דעם ברודער, דעם לייטענאַנט, וואָס האָט באַטאָג געשפּאַסט און אַלעמען געוואָלט באַרויִקן, כאַלעמט זיך די ווירקלעכקײַט — ער איז אָפּן פּראָנט. ראָכעלע גייט שטיל אַראָפּ אויף די שפּיץ פינגער און דעקט אײַן דעם ברו־דער מיט דער קאָלדרע.

שפּעטער שלאָפט זי אײַן. אין פענצטער שײַנט אַרײַן א ליכטיקע, גרוי־סע לעוואָנע. עס דוכט נאָך אַלץ, אַז ערגעץ הערן זיך באַקאַנטע ייִנגלשע טריט.

# ביז די זון וועט פארגיין

1

איך בעט אײַך ניט נעמען פאר אומגוט, כאווער, וואָס איך ווענד זיך צו אײַך, איך מוז זיך פאר עמעצן אויסריידן. אף אײַך, שרײַבער, בין איך אָנגעשטויסן. אין אײַערע ווערק פירט איר ארויס צופיל מענטשן מיט שוואַכע קעפּ — זיי דענקען ניט. איך בין א לייענער, און מיך פארדריסט אָפּט, פארוואָס דער לייענער דענקט מער פונעם שרײַבער. איך וויל אײַך דערציילן וועגן א צופאל אין מײַן לעבן, נעמט ניט פאר אומגוט...

2

אינעם צווייטן ראיאָן פון דער געטאָ שטייען מיר העכער דרײַ הונדערט יידן אויסגעשטעלט אין א ריי. אונדזערע הײַזער, אונדזערע אלטבאַזעסענע היימען, זײַנען פארבליבן הינטער אונדז. מער וועלן מיר אהין קיינמאָל ניט קומען.

אף דער וועלט איז זומער. פונוואנען האָט זיך גענומען אזא אײַנגעגעסן הארבסטיק רעגנדל? א דינס און א נודנע, אונטער די פיס — קאַליוזשעס, עס רינט ארײַן אין די קעשענעס. דאָס פּאָנעם איז נאס, די הענט פּײַכט, די קליידער בלאָטיק. און אויך אף דער נעשאָמע איז נאס און בלאָטיק. די דרײַ הונדערט מענטשן, בא וועלכע עס רינט פון די היטלען אף די פּענעמער, פון די קליידער אף די פיס, ווייסן, אז מע האָט זיי הײַנט אָפּגענארט, ווי מע האָט שוין ניט איין מאָל אָפּגענארט אנדערע. פון די הײַזער האָט מען זיי ארויסגעטריבן, קלוימערשט, ניט מער, ווי אף קאָנטראָלירן, צי זײַנען אלע אף אן אָרט. און ווי מע האָט עס געטאָן ניט איין מאָל מיט אנדערע, האָט מען עס הײַנט געטאָן מיט זיי — אויסגעשטעלט אין רייען, באוואכט מיט פּאָליציי, און דער מישפּעט איז פארטיק.

טויטע ווייסן עפּשער דעם טאם פון טויט און רעכענען דעריבער, אז דאָס איז ניט געפערלעך, ניט שרעקלעך. מע זאָל, הייסט עס, ניט געפרווווט ווערן, צו וואָס מע קאָן געוווינט ווערן. לעבעדיקע, געפּרוווטע פון ליידן, שרעק און אומגליק, ווייסן אָבער, אז מיטן טויט ענדיקט זיך אלץ, נאָכן

טויט קומט מער ניט קיין אַנהייב. די ערד איז דעמלט ערד און דער הימל — ערד.

שטייענדיק אין דער ריי, ווען אַלץ אַרום איז פרעמד און אומהיימלעך, ווען דאָס לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף זײַן לעצטן טרעפּל, וויל איך גאָר־נישט ניט זען, וואָס אַרום טוט זיך. איך פאַרמאַך די אויגן און זע נאָר דאָס, וואָס איך וויל. איך זע, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק, אין איינעם אַ שטילן אָוונט, זיצן מיר אַ מאַן פינף־זעקס אין אַ טונקל ווינקל. אין צי־מער איז אַן ענגשאַפט, קיין פײַער ברענט ניט, מיר זײַנען אויסגעהונגערט און רייכערן אַלע איין ציגאַר מאַכאָרקע. דורך דעם פענצטער שײַנט אַרײַן אַ וואַרעמע און ליכטיקע לעוואָנע, מיט אַ פּאָנעם, וואָס איז צופרידן פון דער שטילער נאַכט און וויל אָנזאָגן די בעסטע בסורעס. מיר קוקן אַלע אַרויס דורכן פענצטער און גיבן איבער איינער דעם אַנדערן דעם ציגאַר לויט דער ריי. איין געדאַנק איז בײַ מיר: בעטן בײַ דער לעוואָנע געווער — קוילנוואַרפער, ביקסן, אַפילע אַ טאַנק. עפּשער טראַכטן וועגן דעם אַנדערע אויך, נאָר זאָגן זאָגט עס קיינער ניט. און דאַפקע הירשל דער שוסטער (אין דער יוגנט האָט ער געאַרבעט אַלס שוסטער), וואָס איז ווײַט פון סענטי־מענטן און זעט דאָס לעבן מיט אַלע זײַנע שווערקייטן, דאַפקע ער גיט טיף אַ פאַרצי דעם ציגאַר (אַ סימען, אַז ער איז אופגערעגט, ווײַל פאַרצי׳ען דאַרף מען לײַכט, אַז אויך פאַר אַ צווייטן זאָל בלײַבן) און זאָגט:

— אַ גאַנץ לעבן האָט די לעוואָנע איין פּאַך: צוגעבן כיישעק יינגלעך און מיידלעך, זיי זאָלן זיך קושן. צי איז ניט געקומען די צײַט, אַז זי זאָל בײַטן איר פּאַך, זי זאָל צושטעלן פאַר אונדז געווער, — ער גיט נאָך אַ צי פונעם ציגאַר, דאָס מאָל שוין לײַכט, איידל, נאָך ווינציקער, וויפל מע מעג. דערנאָך גיט ער צו: — אָפּט דוכט זיך, אַז דאָס איז דער איינציקער אויס־וועג. אַרום־און־אַרום זײַנען אַלע וועגן פאַרשלאָסן. מיר זײַנען פון אַלץ אָפּגעריסן, מיר פילן אַפילע ניט די ערד אונטער די פיס.

אין אַ ווײַלע אַרום נעמט הירשל טאַפּן די קעשענע. מיט צוויי פינ־גער שלעפּט ער אַרויס פון די קעשענע־ווינקלען ברעקלעך מאַכאָרקע. די הענט ציטערן בײַ אים, ווען ער לייגט עס אַף אַ פּאַפּירל, כאַסוועשאָלעם, אַ שטויבעלע זאָל אין ניוועץ ניט גיין. און אַז ער פאַררייכערט, גיט ער אַ זאָג מיט יענעם זאַכלעכן און פײַערלעך־טרוקענעם טאָן, מיט וועלכן ער פלעגט עפענען אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג (ער איז געווען סעקרעטאַר פון אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע):

— כאַווײרים, מעגלעך, אַז די טעג זאָל איך באַקומען געווער. קאָן זײַן, אַז גאָר אַ קלייניקײַט, אָבער אַן אָנהייב וועט עס זײַן. אַלנפאַלס, אַף אויס־שיסן, אַז אַלע זאָלן עס הערן. כאָטש איין שאָס טאָן אין געטאָ! זאָל דער סוינע וויסן, אַז מיר קאָנען עס, נאָר מיר האָבן ניט מיט וואָס. זאָל דאָס זײַן אַן אָנהייב.

מער זאָגט ער גאָרנישט. ער שווײַגט, און מיר שווײַגן אויך.

איך וויל אײַך בעטן... ווי אַ שרײַבער זאָלט איר מיר אויפקלערן, פאַר־וואָס דערזע איך זיך דעמלט פּלוצלינג אַף אונדזער גאַס, ווען איך בין אַלט אַ יאָר דרײַצן אָדער פערצן. ס׳איז אַ יאָמטעוודיקער טאָג — ערשטער

מײַ. דורך אונדזער גאַס גייט מען צוריק פון דער דעמאָנסטראַציע. די פאָנען טראָגט מען צונויפגעוויקלטע, די אָרקעסטערס שפּילן ניט, דער אויפֿלעם גייט צוריק סײַ אַף די טראָטואַרן, סײַ איבערן ברוק. מע איז מידלעך, נאָר דער יאָמטעווו רוט אַף אַלעמען, און אַלע אײַלן זיך צו די געדעקטע טישן אין די היימען. עמעצער זינגט, עמעצער לאַכט, אַלע פֿרייען זיך. ייִנגלוויַיז האָט מיך פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס מיר וווינען אַף אַזאַ גאַס, ווו מע גייט צוריק פֿון דער דעמאָנסטראַציע, פֿאַרוואָס? און פּונקט דאַרף דעמלט אָנקומען אַ ייִנגל פֿון דער „גליקלעכער״ גאַס. ער איז שטאַרקער פֿון מיר, נאָר אַף אונדזער גאַס בין איך באַלעבאָס. איך זאָל נאָר אַ געשריי טאָן, וועלן אַלע מײַנע כאַוויירים מיר קומען צו הילף, אין יעדן פֿענצטער זײַנען פֿאַראַן מײַנע באַקאַנטע און זיי וועלן זײַן אַף מײַן זײַט. איך גיי צו צום ייִנגל, וואָס איז שטאַרקער פֿון מיר, איך נעם אים אָן פֿאַר דער האַנט און פֿרעג אים, ווו זאָל איך אים שלאָגן: אין קאָפּ צי אין פּאָנעם?

— ביסט אַ בעריע אַף דײַן גאַס? — זאָגט ער. — וואַרט, איך וועל דיך פּאַקן אַף מײַן גאַס, וועסטו שוין פֿאַרגעדענקען, — ער רײַסט זיך אַרויס און אַנטלויפֿט...

נאָך וואָלט איך בעטן, איר זאָלט מיר אויפֿקלערן: די גאַנצע צײַט, זינט איך געפֿין זיך אין געטאָ, פֿיל איך זיך, ווי אַ סאָלדאַט אין געפֿאַנגענשאַפֿט. די ביקס האָט מען צוגענומען, די שטיוול אַראָפּגעצויגן און אָנגעטאָן אין הילצערנע קלומפּעס, דעם שינעל אַראָפּגעשלעפּט און אַרופֿגעצויגן אַ ווײַבערשן וואַטניק, אַפֿילע דעם רימען האָט מען צוגענומען. איך בין שוין נישט נאָר קיין סאָלדאַט ניט, נאָר אַפֿילע קיין מאַנצבל ניט, איך בין ביכלאַל קיין מענטש ניט. און ניט איך אַליין, אַזױפֿיל געפֿאַנגענע זײַנען מיר דאָ... איך האָב אַמאָל געזען, ווי צוויי סאָלדאַטן פֿירן אַ גאַנצע ראָטע געפֿאַנגענע. וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָבן צוויי סאָלדאַטן קעגן אַ ראָטע? די געפֿאַנגענע זײַנען שוין אָבער קיין סאָלדאַטן ניט, זיי זײַנען קיין מאַנצבלען ניט, זיי פֿילן זיך אַפֿילע ניט ווי קיין מענטשן — הונגעריק, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, דערשלאָגענע, אָן אויסזיכטן, אָן הילף, אָן געווער. אין יענעם אָוונט אָבער, ווען מע האָט געקאָנט וואַרטן אַף געווער פֿון גוטע פֿרײַנט, האָב איך ווידער דערפֿילט, אַז די ביקס איז אין מײַנע הענט, די שטיוול זײַנען מיר גוט אַף די פֿיס, דער רימען איז פֿעסט אַף מײַן טאַליע. איך בין גרייט! קומט שלאָגן דעם סוינע!

...מיר שטייען דרײַ הונדערט מאַן אינעם צווייטן ראַיאָן פֿון געטאָ, און דער מישפּעט איבער אונדז איז פֿאַרטיק.

3

די זון האָט גענומען שײַנען.

ביז די זון וועט פֿאַרגיין, — וועלן זיי, די דרײַ הונדערט מאַן, שוין ניט זײַן. און דאָך... קאָלזמאַן עס קלאַפּט נאָך אַן אָדער, איז פֿאַראַן אַ האָפֿע־

נונג. עפשער וועט מען פירן אף ארבעט, עפשער וועט מען גאָר הײַנט ניט אָפּנאַרן, עפשער וועט א נעס געשען. עפשער...

די זון ברענט, דער גומען טריקנט. פון די הײַזער און כאטקעס קוקט ארויס דאָס פארגאנגענע לעבן, ערגעץ פון א פענצטער שטארצט ארויס א פארטריקנטע וואזאָנע, און א קאץ דרייט זיך ארום אונטער עמעצנס פיס און מיאוקעט.

פלוצלינג האָט זיך א מענטש באוויזן. א ייִדישער יונגערמאן, א שוואר־צער, מיט א מין פעסטער געזעצטקייט. ער אײַלט, גייט גיך, גיך, ווי ער זאָל מוירע האָבן צו עפּעס פארשפעטיקן.

— ווער ביסטו? — האָט אים דער דײַטש אָפּגעשטעלט.

— א שוסטער.

— און וווהין אײַלסטו?

— צו דער ארבעט.

— ארבעטסט? א באשטעטיקונג האָסטו?

— פאראַן.

— יאָ. דו ארבעטסט. ריכטיק, — האָט דער דײַטש געזאָגט מיט פאר־דראָס, וואָס יענעם האָט אָפּגעגליקט, — נו, גוט, דו ארבעטסט, — האָט ער ווידער איבערגעכאַזערט מיט א טאָן, וואָס גיט אָנצוהערן, אז הײַנט איז דעם שוסטערס יאָמטעוו, נאָר מאָרגן שוין ניט, — געזעץ איז געזעץ, — דער דײַטש גיט אים אָפּ צוריק דאָס פאפירל. — דערווײַל לעבסטו און עס קאָן לעבן אויך דײַן פרוי און קינד. א פרוי האָסטו? א קינד האָסטו?

— יאָ, — האָט דער שוסטער געענטפערט.

— נעם זיי מיט זיך און גיי דײַן וועג.

ער האָט טאקע געהאט א ווײַב און א קינד, דער דאָזיקער שווארצער, פעסטגעזעצטער יונגערמאן. מיט א כוידעש אָדער מיט צוויי צוריק האָט מען זײַן ווײַב און קינד געשטעלט צוזאמען מיט אנדערע אין דער ריי און אוועקגעפירט. ער ווייסט אפילע ניט, אין א וואָסער גרוב זיי ליגן: אין זאמד, אין ליים, צי אין שווארצער ערד. הײַנט וויל ער כאָטש ראטעווען א פרעמד קינד און א פרעמד ווײַב. ער האָט אף דעם רעכט.

דרײַ הונדערט מענטשן קוקן אף אים. אלע ווייסן שוין, אז ער קאָן ראטעווען א פרוי און א קינד, אז קיין אייגענע האָט ער ניט, אז אים איז אלציינס — וועמען. די דרײַ הונדערט מאן האָבן זיך אופגעכאפּט, ווי פון דרעמל, זיי האָבן גענומען אָפּטרייסלען פון זיך דעם טויט און זיך אָנגע־כאפּט אין דעם דין שטרויעלע פון האָפענונג. יעדערער פון די דרײַ הונ־דערט טראכט: עפשער זײַן קינד, זײַן פרוי, זײַן טאָכטער, זײַן אייניקל... עמעצער זאָל בלײַבן לעבן, א פאָדעם זאָל זיך ציִען, אן איידעס, וואָס זאָל דערציילן, א מענטש, וואָס זאָל נעקאָמע נעמען... די פענעמער ווערן פול מיט אויסדרוק, די אויגן צינדן זיך אָן, די הענט נעמען זיך באוועגן. אָט וועלן זיי בא אים בעטן ראכמים: נעם מײַן קינד, נעם מײַן פרוי, ראטעווע!

אלע שטייען אין אָנשטרענגונג, אלע זײַנען אין דערוואַרטונג. עס גייט דורך א רעגע, א צווייטע, א דריטע... די צײַט האָט פארלוירן איר מאָס.

אלע זײַנען געבליבן אױף זײערע ערטער, און דאַך דוכט זיך זײ, יעדן־פֿון זײ דוכט זיך, אַז ער איז איצט גרײט א הײב טאָן זיך און פֿליִען.

דער יונגערמאַן, װאָס האָט דאָס רעכט צו ראַטעװען א פֿרױ און א קינד, זעט פֿאַר זיך נאָר אױגן. מענטשן דערקענט ער ניט, כאָטש א סאַך זײַנע באַקאַנטע שטײען דאָ. ער זעט נאָר דרײַ הונדערט פּאָר אױגן מיט געבעט, מיט ראַחמים, מיט טרערן און האָפֿענונג. יעדער בליק לעכצט, רופֿט, בעט ארױסצזיִען זײַן גליקלעך צעטל, זײַן מאַזל... די פּיס באַם יונגערמאַן װערן אָפּגעשװאַכט, עס דרײט זיך אים דער קאָפּ. ער מוז זיך אָבער האַלטן, ער דאַרף ראַטעװען. דער קױעך פֿון װעלן ראַטעװען שטאַרקט אים. אָט דערזעט ער, װי א מאַן נעמט אָן זײַן יונגע פֿרױ און װיל זי אים אָפּגעבן: „נעם זי!". א טאַטע נעמט א קינד אױף די הענט און װיל עס איבערגעבן: „ראַטעװע!". דער יונגערמאַן זוכט אָבער עמעצן. צװישן אַזױפֿיל מענטשן מעג ער דאָך זוכן זײַן אײגן װײַב, זײַן אײגן קינד, ער האָט אױף דעם רעכט. ער איז צוגעקומען נעענטער, האָב איך אים דערקענט — הירשל דער שוסטער. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן מיר, לעבן מײַן פֿרױ און קינד. איך בין געפּלעפֿט, איך פֿיל גאָרניט און זע גאָרניט, די אױגן זײַנען מיר פֿאַרצױגן מיט טרערן. אײנגיכן אָבער קום איך צו־זיך, כאַפּ אָן מײַן פֿרױ און מײַן קינד און שטױס זײ צום שוסטער: „נעם זײ! זײ זײַנען דײַנע". דער שוסטער פֿאַלט מיר אַפֿן האַלדז, טאַפּט מיט א האַנט מײַן קעשענע און לײגט אַהין עפּעס אַרײַן. דערבײַ זאָגט ער גיך, גיך, נאָר איך אַלײן זאָל עס הערן:

— געבראַכט. איך װעל אײַך באַגעגענען. דאָס איבעריקע װײסט איר...

ער נעמט מײַן װײַב און קינד פֿאַר די הענט און גײט אַװעק. דרײַ הונ־דערט מענטשן באַגלײטן אים, אים און די גליקלעכע מאַמע מיטן קינד. װאָס טראַכט מען דערבײַ — װער קאָן װיסן? און װאָס איך טראַכט — װײס איך אױך ניט. באַלד אָבער דערפֿיל איך פֿרײַע הענט, אין דער קעשענע טאַפּ איך אָן א רעװאָלװער. און דעמלט באַנעם איך מיטאַמאָל, אַז איך בין אױס קנעכט, אױס פֿאַרורטײלטער. איך דערפֿיל אין זיך א קױעך. עמעצער טראַכט װעגן אונדז, מיר זײַנען ניט אַלײן. אַלץ אַרום װערט װידער אײגנס, די ערד אונטער די פּיס איז אונדזערע. מײַנע כאַװײרים, װאָס פֿאַרשטײען שױן אױך דעם באַטײַט פֿונעם שוסטערס װערטער „דאָס איבעריקע װײסט איר", האָבן איצט גאָר אָן אַנדער אױסזען, אָן אױסזען פֿון מענטשן, װאָס זײַנען גרײט זיך שלאָגן.

מיר זײַנען איצט מער אומגעדולדיק, אײדער די דײַטשן. אױף װאָס װאַרטן זײ? פֿאַרװאָס פֿירט מען אונדז ניט? מיר גיבן מער אַכטונג אױף די היטלעריסטן און אױף דער פּאָליצײ, װי זײ אױף אונדז. מיר מאַכן דעם כעזשבן. יעדערער װײסט זײַן אָרט, זײַן אױפֿגאַבע.

מיר זײַנען אַרױס אין פֿעלד.

צי קאָנט איר זיך פֿאָרשטעלן, כאַװער שרײַבער, דעם קױעך פֿון א שאָס? װען ניט „זײ" אין אונדז שיסן, נאָר מיר אין „זײ". צי קאָנט איר באַנעמען דעם קױעך פֿון דערזען א געהאַרגעטן היטלעריסט? אױף אונדזערע

וועכטער איז אָנגעפאַלן אַ שרעק. „ייִדן שיסן?!" הײַנט וואָס פאַר אַ פּאָנעם האָבן זיי געהאַט, ווען אין דער זעלבער רעגע זײַנען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן און זייערע ביקסן זײַנען אַריבער צו אונדז. זיי זײַנען אונדז גע־פאַלן צו די פיס, איצט זײַנען זיי געוואָרן די ניט־באַשיצטע, די געפאַנ־גענע.

נאָך ביז די זון איז פאַרגאַנגען, האָט אונדז הירשל דער שוסטער באַ־געגנט. מיר זײַנען אַרײַן אין וואַלד. איך האָב דערזען מײַן פרוי און מײַן קינד. מײַן פרייד איז געווען גרויס, נאָר איך זאָג אײַך בענעמאָנעס, גלייבט מיר אפן וואָרט, אַז אין דער מינוט איז ניט דאָס געווען דער איקער. סײַ איך מיט מײַן רעוואָלווער, סײַ מײַנע כאַווײרים מיט זייערע דעראָבערטע ביקסן זײַנען געווען פאַרנומען מיט איין געפיל, מיט איין געדאַנק — וועגן קויעך פון פרײַנט, וואָס זאָרגן וועגן אונדז.

# ברויט אין אויוון

צום אָנדענק פון מײַן זיידן אווראָם מאזאָווער

## 1

אנומלטן, כאוועך שרײַבער, האָב איך אײַך דערציילט וועגן איינעם א צופאל אין מײַן לעבן. איר האָט אויסגעהערט און ניט געענטפערט. איצט וויל איך אײַך דערציילן וועגן דעם, וואָס ס'איז געשען ניט מיט מיר אליין, נאָר מיט מײַנעם א קאָרעוו, א מענטשן, קאָן מען זאָגן, א פארצײַטיקן.

איך ווייס ניט, צי זײַט איר גערעכט מיט אײַער שווײַגן? דער לייענער לאכט פון פרייד און שרײַט פון ווייטעק. און איר?

## 2

אויסער דער שטאָט, לעבן וואסער און וואלד, האָט געלעבט א ייִדישע מישפּאָכע — א מישפּאָכע פישער. א טאטע, צוויי זין, ווײַב און שניר, אייניקלעך. געוועזן זײַנען זיי פּראָסטע מענטשן, האָבן געוווּסט, אז די וועלט פירט זיך, ווי זי איז באשאפן. אף פרעגן קאשעס איז קיין צײַט ניט געווען. אין דעם טאָג, ווען אין שטוב האָט מען ברויט געבאקן, ווען דאָס ברויט איז אין אויוון געשטאנען, איז די גאנצע מישפּאָכע געווען אין קיך און געהערט, וואָס דער עלטסטער זאָגט. דער עלטסטער פון דער מישפּאָכע — גערשן — איז געווען א מענטש אין די זעכציקער, נאָך מיט א סאך קויעך און מיט א סאך ביטאָכן. גערעדט האָט מען וועגן אים, אז אין דער יוגנט האָט ער איינמאָל זיך צעהיצט, צעקאָכט און פאר א באליידיקונג שיר א מענטשן ניט דערהארגעט. פון דעמלט אָן, קעדיי, אפּאָנעם, אויסקויפן זײַן זינד, האָט ער זיך מיט קיינעם ניט געקריגט, ניט אָנגערירט, אפילע א קרום וואָרט קיינעם ניט געזאָגט. גאָט וויל אזוי.

ער האָט ליב געהאט דרייען ארום א פינגער אן איינציקע האָר פון דער באָרד און זאָגן פאר אלעמען: „אוואדע... איך לייקן דען... בלוט אף דער וועלט דארף זיך אומזיסט ניט גיסן. נאָר א ייִד איז אלץ מויכל, מויכל איז ער... ביזכוס זע לעבט ער".

— ביזכוס זע שלאָגט מען אים, — ענטפערט איין זון.
— ביזכוס זע פארגיסט היטלער יידיש בלוט, — ענטפערט דער צווייטער.
גערשן האלט זיך בא זײַנס:
— ווען אנדערש, ווער ווייסט דען, ווו וואָלט א געדעכעניש פון א יידן געבליבן?

די זין — ווקסיקע, שטײַפבײנערדיקע — האָבן מיטן טאטן זיך געאמפּערט, געטענהט אקעגן, האָבן אָבער אויך קיינמאָל קיינעם ניט אָנגערירט, זייערס דורכגעלאָזט. אָפט מוזן געווען מיט פארדראָס, מיט א ביזאָיען, נאָר געפאָלגט דעם טאטן.

3

דעם עלטערן זון רופט מען וואָלף.
דעם ייִנגערן — בער.
וואָלף האָט א ייִנגל פון א יאָר זעכצן, רופט מען אים מיילעך. בער האָט א מיידל פון א יאָר פערצן, רופט מען זי מאלקע. האָבן זיך די קינדער ליב. ביידע זײַנען שיינע, מיט כיין אין די אויגן און שווארצקײַט אין די ברעמען. ס'איז אָנהייב הארבסט, גייען ביידע אין וואלד שוועמלעך קלײַבן. זיי טראָגן געפלאָכטענע קאָשעקלעך, זיי האלטן זיך פאר די הענט. איר קאָשעקל איז אף דער זון און איז פול מיט פריילעכער העלקײַט און וואַרעמקײַט. זײַן קאָשעקל איז אין שאָטן און זעט אויס אומעטיק, פארטראכט. זיי גייען לאנגזאם און קוקן איינער אפן אנדערן. זיי שטעלן זיך אָפּ, זייערע געפלאָכטענע גרינע קאָשעקלעך דערנעענטערן זיך, באגעגענען זיך.

גערשן איז הײַנט אויך אין וואלד. יעדעס יאָר פארגייט דער הארבסט און קומט יעדעס יאָר ווידער. גערשן האָט ליב אין הארבסט ארײַנקומען אין וואלד, הערן די וואלד־שטילקײַט. גערשן האָט ליב אין וואלד צו טראכטן. כאָטש קיין גראָווע האָר האָט ער נאָך ניט, כאָטש קויכעס פארמאָגט ער, דאָך איז ער אליין שוין אויך אין הארבסט. און זײַן הארבסט איז ניט אזא, וואָס פארגייט יעדעס יאָר און קומט ווידער. צו אים וועט שוין קיין פרילינג ניט קומען. קיין זומער וועט ניט זײַן. הייסט עס, א לעבן איז אָפּגעלעבט. וואָס האָט ער אין זײַן לעבן געזען, דערגרייכט? מיט וואָס וועט ער אוועקגיין?

ער האָט קיין שלעסער ניט געבויט, קיין טײַכן ניט געצאמט. ער האָט אָבער קיין שלעכטס ניט געטאָן. ער פארמאָגט ניט קיין גאָלד און קיין זילבער, דערפאר אָבער האָט ער אלעמען מויכל געווען, פארגעבן, קיין הארץ אף קיינעם ניט געטראָגן... עס זאָל צו קיין שלעכטס ניט דערגיין.
גערשן וואָלט הײַנט, ווי אלעמאָל, ווען אין וואלד איז שטיל, געוויס געזאָגט: „באשעפער פון דער וועלט. דו האָסט געהייסן שטיל לעבן און שיין לעבן. ווויל צו דעם, וואָס פילט אויס דײַן ווילן".

הײַנט זאָגט ער עס ניט. אין וואלד איז ניט אזוי שטיל, און ער אליין איז ניט אזוי רויִק. און די וועלט, די וועלט איז צערודערט.

דער אָוונט קילט דעם קאָפּ, מאַכט גענדיכטער די שאָטנס. דער וואַלד צעבינדט און וויקלט פאַנאַנדער בילדער און געדאַנקען. גערשן זעט, אַז דאָס פֿײַער, וואָס פאַרגײט צווישן די ביימער, רוקט זיך אָן אויף אים, גרײַפּט אָן. אַזוי גרײַפּט אָן און פאַרלויפט אים דעם וועג די סרייפּע, וואָס היטלער האָט אָנגעצונדן. אין גערשנס באָרד האָט זיך לעצטנס אַ גראָווע האָר באַוויזן, אַ האָר פון צווייפל. צי האָט ער ניט געלעבט אין טאָעס? צי קאָן מען אויסקומען נאָר מיט ביטאָכן, נאָר מיט פאַרגעבן, נאָר מיט ליבשאַפט? און צי איז טאַקע אַזוי גרויס די אווירע פון ניט לאָזן זיך קריכן אויפן קאָפּ?

גערשן אײַלט צוריק פון וואַלד אַרויס. אין וועג יאָגט ער אָן זײַנע אייניקלעך, וואָס טראָגן גרינע קאָשעקלעך, פול מיט שוועמלעך.

— קינדער מײַנע, זאָל אויף אײַך קיין שלעכטס ניט פאַלן, קינדער מײַנע...

4

ווײַל די מישפּאָכע לעבט הינטער דער שטאָט, האָט מען דערווײַל אין איר פאַרגעסן. אָבער אַלע טאָג קומען אָן שלעכטע נײַס. און הײַנט, ווען גערשן גייט מיט די אייניקלעך פון וואַלד, לויפט זיי אַנטקעגן אָן אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר אַכט. ער בלאָנדזשעט אין וואַלד.

— ווער זײַט איר? — פרעגט דאָס ייִנגל. — באַהאַלט מיך אויס.

— און ווער ביסטו?

— פון טויט אַנטלאָפן. פון גרוב אַרויס... — דעם ייִנגלס האַלדז איז מיט בלוט פאַרלאָפן.

ער הייסט מוישעלע. ער וואָלט געקאָנט אַ סאַך דערציילן. ער קאָן אָבער ניט ריידן, אים דוכט זיך אַלץ, אַז מע יאָגט אים נאָך. מע וועט אים ווידער כאַפּן. צי וועט אים נאָכאַמאָל אָפּגליקן, ער זאָל קאָנען אַנטלויפן און בלײַבן לעבן?

גערשן פירט דאָס ייִנגעלע צו זיך אין שטוב.

דערנאָך איז נאָך אַ ייִנגעלע געקומען, פון אַ יאָר זיבן. זײַן נאָמען איז אַרעלע.

— גוטע מענטשן, באַהאַלט מיך אויס. איר זײַט ייִדן! איר דאַרפט זיך אַליין אויסבאַהאַלטן, אַז ניט, וועט מען אײַך שיסן.

די ייִנגלעך האָבן זיך פאַרקליבן אין די צימערן און ניט געוואָלט אָנקוקן די ליכטיקע וועלט. אָט די ייִנגלעך האָבן געוווּסט אַ סאַך מער, ווי די דערוואַקסענע פישער.

— ייִדן, — זאָגט מוישעלע, — אויב איר ווילט זיך ראַטעווען, לויפט... באַהאַלט זיך...

— גוטע מענטשן, — זאָגט אַרעלע, — אויב איר ווילט ניט שטאַרבן, גרייט געווער. איר זאָלט אין זיי שיסן. ווען ייִדן אין שטאָט זאָלן געווען האָבן געווער, וואָלט דער טאַטע און די מאַמע געבליבן לעבן.

גערשן שווײַגט. אַ לעבן לאָזט זיך לײַכט ניט בייגן. און צי קאָנען די

צוויי יינגלעך, ארעלע און מוישעלע, געבן אַן אנדער טוירע, ווי מוישע ראביינו און ארן האקויען?

— העק האָט איר? מעסערס האָט איר? און ביקסן? — פרעגן די יינגלעך.

גערשן שווייגט.

— טאטע, — זאָגן די זין, — מע דארף באקן ברויט און אין וואלד אוועק־גיין.

— אוועקגיין? איך נישט!

## 5

די זין גרייטן זיך אין וועג ארײַן. גערשן מישט זיך ניט, ער וועט ניט גיין. די פרויען באקן ברויט. גערשן העלפט זיי.

דער אויוון הייצט זיך, דאָס פײַער אין אויוון טראסקעט. מע קנעט דאָס טייג און מע מאכט פארטיק ברויטן. דוכט זיך, אלץ, ווי פריער, ווי אמאָל, נאָר היינט פאלט אלץ פון די הענט.

אמאָל...

גערשן פלעגט ארײַנקומען יאָמטעוודיק אָנגעטאָן, און אלע האָבן גע־ ווּסט, אז פונזײַנטוועגן דארף דאָס פרישע ראָזעווע ברויט שמעקן איבער דער גאנצער שטוב. היינט פלאָנטערט ער זיך אונטער די פיס. ער איז ניט מער ווי א באהעלפער בא די ווײַבער אין קיך. נאָר אָט איז שוין דאָס ברויט אין אויוון. און דער טאָג איז א לויטערער, א העלער.

און פלוצעם לויפט ארײַן מוישעלע מיט א געשריי:

— פּאָליציי!

אין קיך ווערט טויט־שטיל. אלע ווארטן, אז אָט באלד וועט א דונער פּלאצן.

— פּאָליציי, דײַטשן? — פרעגט גערשן, ווי ער וואָלט וועלן אָפּלייקענען די דאָזיקע שרעקלעכע יעדיע.

— פּאָליציי! — לויפט אָן מיט א געשריי ארעלע. — ער יאָגט זיך נאָך מאלקען און מיילעכן.

גערשן גיט א שפרונג ארויס פון דער קיך און דערזעט, ווי א פּאָלי־ ציאנט שלעפּט זײַנע אייניקלעך פון הויף ארויס. גערשן לויפט אנטקעגן, ער וועט ניט לאָזן זײַנע אייניקלעך אָנרירן. דער פּאָליציאנט שלאָגט אים איבערן קאָפּ. גערשן טוט זיך א וואקל. ער באוויײַזט נאָר זען, ווי די זין פליִען אָן צוהילף. ער פאלט.

ווען גערשן איז געקומען צו־זיך און צו זיך אין שטוב ארײַן, האָט ער געפרעגט:

— עס ברענט ניט?

די ווײַבער האָבן וועגן ברויט פארגעסן. זיי האָבן באלד געעפנט די זאסלאָנקע, געכאפּט א לאָפּעטע. דאָס ברויט איז געווען צוגעברענט.

— צוליב אזא מיצווע, ווי הארגענען א פּאָליציאנט, — זאָגט גערשן, — מעג צוברענען דאָס ברויט.

און ווען דאָס ברויט איז געווען ארויסגענומען און אלץ איז געווען גרייט צום וועג, האָט ער צוגעגעבן:

— זעצט זיך צו, קינדער, פארן אוועקגיין, וועט זײַן מאזלדיק. איך בלײַב.

סײַ די גרויסע און סײַ די קליינע האָבן דעם אלטן געבעטן, געראופן, דערוויזן, אז ער מוז אויך גיין. עס האָט ניט געהאָלפן.

— דאָ בין איך געבוירן, דאָ וויל איך שטארבן. גאָט איז א פאָטער.

צוליב אים איז שוין די אלטע אויך פארבליבן.

דער סאָף?

דער אלטער איז אומגעקומען בא זיך אין שטוב, ווי א קאָרבן.

די זין זײַנען אומגעקומען אין וואלד, ווי העלדן.

און איר? וואָס שווײַגט איר, כאוועֽר שרײַבער?..

## ווי־אַזוי איך בין געקומען פון יענער־וועלט

אין ווילנע האָט געלעבט אַ סטודענט. די פאַמיליע זײַנע איז געווען ראַבין. זײַן נאָמען געדענק איך ניט, און עפּשער האָב איך אים גאָרניט געוווּסט. ער איז געווען אַ קאָמוניסט. אין די יאָרן 1919—1920 איז ער אַריבערגעפאָרן אַף אומלעגאַלער אַרבעט קיין קאָוונע. באַדנדיק זיך איינמאָל אין ניעמאַן, איז ער דערטרונקען געוואָרן. די ידיעה וועגן זײַן טויט האָט דורכגעמאַכט צוויי גרענעצן. די ערשטע — פון קאָוונע קיין ווילנע (קאָוונע איז געווען ליטע, ווילנע האָט פאַרכאַפּט דער פּוילישער גענעראַל זשעליגאָווסקי און זי האָט געהערט צו פּוילן). די ערשטע גרענעץ האָט די ידיעה דורכגעמאַכט אָן שום ענדערונגען. דורך דער צווייטער גרענעץ — פון פּוילן קיין ראַטנרוסלאַנד — איז שוין די ידיעה דערגאַנגען אין צוויי וואַריאַנטן: דערשאָסן געוואָרן; געשטאָרבן אין טפיסע פון טובערקולאָז.

אין מינסק זײַנען געווען דעמלט אַ סאַך ווילנער. באַזונדערס, אַ היפּשע צאָל ווילנער קאָמיוגיסטן. ווי נאָר צו זיי איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז ראַבין פון ווילנע איז אומגעקומען, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דאָס בין איך — יוסעף ראַבין. כאַווײרים האָבן זיך צונויפגעקליבן, באַדויערט, מיידלעך האָבן געלאָזט אַ טרער, עמעצער האָט געזאָגט עטלעכע גוטע ווערטער. און צום סאָף איז אָפּגערעדט געוואָרן אָנשרײַבן און אָפּדרוקן אַ נעקראָלאָג.

אָט וועגן דעם נעקראָלאָג וויל איך דערציילן. איך בעט אָבער האָבן אַ ביסל געדולד, ווײַל איך מוז דערווײַל לאָזן מינסק אין אַ זײַט און זיך אומקערן קיין ווילנע.

ווען די רויטע אַרמיי איז אין אווגוסט 1920 אָפּגעטראָטן פון וואַרשע, האָט זי פאַרלאָזט אויך ווילנע. די שטאָט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די ליטווינער (ווי געזאָגט, האָט זשעליגאָווסקי איינגיכן זי פאַרכאַפּט). מיך האָט מען דעמלט איבערגעלאָזט אַף אומלעגאַלער קאָמיוגישער אַרבעט. איינער פון די מאָטיוון איז געווען: די לעצטע וואָכן בין איך ניט געווען אין ווילנע, וועט באַ די היטער פון דער נײַער אָרדענונג אַזוי גיך ניט פאַלן אַף מיר קיין כשאַד. ווו בין איך געווען די לעצטע וואָכן?

אין יול 1920 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ליטע געבעטן דעם ווילנער קאָמיטעט פון קאָמיוג אויסטיילן צוויי קאָמיוגיסטן, וועלכע זאָלן אָפּפירן פון ווילנע קיין מאָסקווע פּאַקעטן.

די פּאַקעטן זײַנען געװען אַדרעסירט צו דער אױסלענדישער ביוראָ פונעם צק, װאָס האָט זיך געפונען אין מאָסקװע. אױף װיפל איך געדענק, איז דער אַדרעס געװען: פּאַלאַשאָװסקי־גאַסל. אײנער פון די צװײ קאָמיוגיסטן — בין איך געװען.

דעם פּאַקעט האָט מיר געגעבן פּערזענלעך דער כאַװער מיצקעװיטש־קאַפּסוקאַס אין לאָקאַל פון צק, װאָס האָט זיך געפונען אין אַ הױז בײַ דער װיליײַע. ער האָט מיך געשיקט צום כאַװער אַנגאַרעטיס, װעלכער האָט מיר געגעבן אַ דאָקומענט, װאָס האָט באַשטעטיקט, װער איך בין, װוּהין איך פּאָר, און אױך געלט אױף הוצאָות. איך װעל ניט פאַרנעמען קײן איבעריקע צײַט אױף צו דערצײלן, װיאַזױ איך בין געפאָרן אַהין און צוריק, װי מאָסקװע האָט דעמאָלט אױסגעזען, מיט װעמען איך האָב זיך באַגעגנט.

אָנקומענדיק צוריק קײן מינסק, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: װילנע איז שױן מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, דאַרף מען זיך ברענגען אין אָרדע־נונג, און צום אַלעם ערשטן דאַרף מען אָפּראַזירן זיך. איך האָב געעפנט די טיר פון עפּעס אַ שערערײַ און אַהין אַרײַן. אַן איבעראַשטער בין איך געבליבן שטײן בײַ דער שװעל. אױף אַ גרױסן טיש אינמיטן דער שערערײַ איז געלעגן אַ באַרמינען איבערגעדעקט מיט שװאַרצן, און אַרום אים האָבן געברענט ליכט אין לײַכטער. דער טיש מיטן באַרמינען איז געשטאַנען אַנטקעגן אַ גרױסן שפּיגל. דער שפּיגל איז געװען שלעכט פאַרהאַנגען, און איך האָב אין אים דערזען דעם טױטנס ניט צוגעדעקטע פּיאַטעס.

איך בין אַרױסגעשפּרונגען צוריק װי אַן אָפּגעבריטער, און אין האַרצן האָט מיר שטאַרק אַ טיאָכקע געטאָן: אין דער הײם איז געװיס ניט אַלץ אין אָרדענונג, עפּעס איז דאָרט געשען... נאָר באַלד האָב איך זיך געזאָגט: פע, קאָמסאָמאָליעץ אײנער, לערנסט דאָך אַנדערע, און אַלײן ביסטו אָבער־גלײביק... עס פּאַסט ניט. אױף מאָרגן, אַז איך בין אָנגעקומען קײן װילנע, האָב איך געטראָפן דעם טאַטן אױפן טױטן בעט. אין דרײַ טעג אַרום איז געװען די לעװיה.

אין די װילנער צײַטונגען — אין דער רוסישער און ייִדישער, בײדע האָבן געהײסן „קאָמוניסט", — איז אין אַ שװאַרץ רעמל געװען אָפּגעדרוקט אַ מיטגעפיל־אױסדרוק פונעם קאָמיטעט פון קאָמיוג דעם קאָמסאָמאָליעץ ראַבין אין צוזאַמענהאַנג מיטן טױט פון זײַן פאָטער. אין יענע יאָרן זײַנען אַלע װענט פון די הײַזער געװען פאַרקלעפּט מיט צײַטונגען. װען עס װאָלט גאָרנישט ניט געשען, װאָלט אױף מאָרגן דער דאָזיקער נומער פון דער צײַ־טונג פאַרקלעפּט געװאָרן מיט אַ פרישן נומער. האָט זיך אָבער אױסגעלאָזט, אַז דאָס זײַנען געװען די לעצטע נומערן פון די צײַטונגען. באַנאַכט איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די רױטע אַרמײ פאַרלאָזט די שטאָט און מע דאַרף זיך עװאַקויִרן. אַזױאַרום האָט זיך באַקומען, אַז װען איך בין פאַר־בליבן אױף אומלעגאַלער אַרבעט, זײַנען אױף די װענט נאָך אַלץ געהאַנגען די צײַטונגען מיטן שװאַרצן רעמל. איך האָב עס ניט באַמערקט, יענעם טאָג האָט עס קײנער ניט באַמערקט. װעמען איז געלעגן אין קאָפּ די צײַ־טונג אױף דער װאַנט, .אַז מע טרעט אָפּ.

באַטאָג האָב איך אָנגעטאָן אַ שניפּסל, אַ נײַ היטל און בין אַרױס שפּאַצירן, קלױמערשט: טשיקאַװע צו זען, װי די רױטע „אַנטלױפן". אַלע

אנשטאלטן האָבן זיך עוואַקויִרט. אין אַ קליינעם אויטאָמאָביל, ענלעך אַף אַן איצטיקן „מאָסקוויטש“, מיט אַ קליין רויט פענדל פון פאָרנט, איז אַרומ־געפאָרן מוישע ראַפּעס, דער פאָרשטייער פון דער ראַטן־רעגירונג, אַף איבערגעבן די שטאָט דער ליטווישער בורזשואַזער רעגירונג. פּלוצלינג דערזע איך, ווי פון ווילנער גאַס פאָרט אַרויס אַף דער דײַטשישער גאַס אַ רויטאַרמייִש פורל. פון פאָרנט זיצט אַ רויטאַרמייער און האַלט די לייצעס אין די הענט. אַפן פורל זײַנען אָנגעלייגט פּאַפּירן, פּאַפּקעס מיט פאַרשיי־דענע דאָקומענטן, פון אויבן שטייט אַ גרויסע שרײַבמאַשינקע, און לעבן דער מאַשינקע, אָנהאַלטנדיק זיך אין איר מיט דער האַנט, זיצט מיצקע־וויטש־קאַפּסוקאַס. איך קוק און שטוין: צי דען האָט ער קיין אַנדערע מעגלעכקײַטן ניט אַף דערקלײַבן זיך צום וואָקזאַל, ווי נאָר אַף אַ פור? ער פאָרט דורך דער גאַנצער שטאָט, די פור טרייסלט זיך איבערן ברוק, און די שרײַבמאַשינקע שטייט ניט אײַן אַף קיין אָרט. דעמלט האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען. ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיצ־קעוויטש־קאַפּסוקאַס איז פאַרבליבן אַף אומלעגאַלער אַרבעט אין ווילנע. זײַן „רײַזע“ איבער דער שטאָט אַפן רויטאַרמייִשן וואָגן איז געווען אַ „מאַסקאַראַד“. מע זאָל אים, הייסט עס, ניט זוכן — ער פאָרט אַוועק.

דער לעצטער צוג איז אָפּגעפאָרן.

אַף מאָרגן האָט שוין ווילנע געהאַט אָן אַנדער אויסזען. אַנדערע מענטשן פאַרפילן די גאַסן, אַנדערש איז מען אָנגעטאָן. ליטווישע אָפיצערן שפּאַ־צירן, ליטווישע סאָלדאַטן מאַרשירן. און מיר דאַרפן שוין זײַן פאָרזיכטיק, ניט ריידן, וואָס מע וויל, ניט זאָגן, וואָס מע טראַכט.

בא נײַע באַדינגונגען טרעטן מיר צו פאָרזעצן אונדזער טעטיקייט. נאָר דאָ קומען מײַנע כאַווייִרים קאָמיוגיסטן און גיבן מיר איבער, אַז אַף אַלע ווענט הענגט די צײַטונג מיטן שוואַרצן רעמל. וואָס זאָל מען טאָן?

אינדערעמעסן: וואָס טוט מען? איך בין געבליבן אַף אומלעגאַלער אַר־בעט, און די גאַנצע שטאָט וועט פון דער צײַטונג וויסן, ווער איך בין.

— עפּשער אַראָפּרײַסן די צײַטונגען פון די ווענט? — פרעגט אַ כאַווער. אַלפּי־סייכל וואָלט מען אַזוי געדאַרפט טאָן, נאָר דאָס האַרץ לאָזט ניט... אַראָפּרײַסן סאָוועטישע צײַטונגען?!

און דאָך איז געבליבן — די צײַטונגען אַראָפּרײַסן. פון דעם האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט.

דעם עמעס געזאָגט, ווילט זיך דערציילן וועגן דער אומלעגאַלער קאָמ־יוגישער אַרבעט אין ווילנע, דאָך וועל איך עס ניט טאָן. איך וועל עס אָפּלייגן אַף אַ צווייט מאָל, ווײַל איך דאַרף גיכער אָנקומען קיין מינסק. דער נעקראָלאָג וואַרט אַף מיר.

אין האַרבסט 1921 האָבן מיר געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל אין דער אַר־בעט פון דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע. די אָוונט־שול אַף מאָריס ווינ־טשעוווסקיס נאָמען, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אַף גרויס־פּאָהוליאַנקע־גאַס — איינע פון אונדזערע לעגאַלע באַזעס, — האָט די פּוילישע דעפענ־זיווע פאַרמאַכט און די געבײַדע פאַרכאַסמעט. אַ ריי אַקטיווע קאָמיוגיסטן האָט מען אַרעסטירט. איך בין דעמלט געווען דער פאָרזיצער פון ווילנער אומלעגאַלן קאָמיוג־קאָמיטעט. סעקרעטאַר איז געווען פּימע דובאָווסקי.

צוליב די ארעסטן און דורכפאלן האָט מען געמוזט אריבערטראָגן די אומ־לעגאלע ביבליאָטעק און די פאָן אין א צווייט אָרט. אָבער ביז וואָס־ווען האָט אף עטלעכע טעג דאָס אלץ באהאלטן בא זיך דובאָווסקי. און פונקט אין אָט די טעג האָט מען אים ארעסטירט. בייס דער אונטערזוכונג האָט מען געפונען די ביבליאָטעק, די פאָן און א פאָטאָגראפיע...

אז מע ווערט עלטער — ווערט מען אָדער קליגער אָדער נארישער. אין דער יוגנט אָבער אונטערשיידן מיר ניט שטענדיק, ווו איז קלוג און ווו איז נאריש. יונג איז מען געווען לויט די יאָרן, לויט דער נעשאָמע, לויט דער דערפארונג... איז אונדז איינגעפאלן זיך פאָטאָגראפירן: דובאָווסקי, פלאקס, ראָזענשטיין און איך. אָט די פאָטאָגראפיע האָט מען געפונען בא דובאָווסקין בייסן ארעסט. דער דעפענזיווע־אגענט האָט זיך מיט איר זייער דערפרייט. ער האָט אָנגעוויזן אף מיר און געזאָגט: „אָט דעם זוכן מיר. איז ער אין ווילנע? גוט, גוט...״

אף מאָרגן האָט מיר וועגן דעם איבערגעגעבן דובאָווסקיס שוועסטער, וועלכע איז בייגעווען בייס דער אונטערזוכונג און באם ארעסט.

בלייבן אין ווילנע האָב איך מער ניט געקאָנט. אין דער אומלעגאלער דירע, וואָס האָט זיך געפונען אין ראיאָן פון קאָנע־גאס, האָב איך זיך באַגעגנט מיטן דעמלטיקן פאָרשטייער פון פארטיי־קאָמיטעט, א מענטש, וואָס איז ברייט באוווסט אין דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור, מיט בער אָרשאנסקין. ער האָט מיר צוגעזאָגט שטעלן די פראגע וועגן שיקן מיך לערנען אין ראטנפארבאנד.

דערווייל אָבער, ביז אלץ וועט גרייט ווערן, מוז איך פארלאָזן ווילנע. איך האָב אָנגעשריבן א בריוו קיין ביאליסטאָק צו מיין כאווער הערשל פאט (א וועבער־ארבעטער, א קאָמיוגיסט) און אָנגעפרעגט, צי קאָן איך בא אים פארברענגען א ביסל צייט. אזיווי אף זיין ענטפער האָב איך זיך ניט געקאָנט דערווארטן, בין איך צו אים אוועקגעפאָרן, ניט באקומענדיק קיין ענטפער. אפן צווייטן אָדער דריטן טאָג, אינדערפרי, איך האָב נאָרוואָס געעפנט די אויגן, הער איך, ווי מע פרעגט אף מיר. ווער קאָן עס זיין? און באלד דערקען איך מיין מאמעס קאָל. וואָס טוט זיך עס? זי איז אין ווילנע, און איך בין אין ביאליסטאָק... אָבער דאָך — דער מאמעס קאָל. איך טו זיך גיך אָן און גיי ארויס אין צווייטן צימער — די מאמע מיטן יינגערן ברודער.

— וואָס טוט איר דאָ? — וווּנדער איך זיך.

— דו האָסט מיך גערופן, — זאָגט די מאמע.

— איך?

זי דערלאנגט מיר א קארטל.

וואָס לאָזט זיך אויס? דאָס איז יענץ קארטל, וואָס הערשל פאט האָט מיר צוגעשיקט אלס ענטפער אף מיין בריוו: „קום טייקעף צו פאָרן״. אז די מאמע האָט איבערגעלייענט אזעלכע ווערטער, אז מע רופט זי טייקעף ארויס, האָט זי אָנגענומען, אז מיט מיר איז א צאָרע געשען. זי האָט ניט קיין קוק געטאָן, ווער עס שרייבט, צו וועמען מע שרייבט, זי האָט זיך געזעצט אין צוג, פארפאָרן קיין גראָדנע, מיטגענומען מיין יינגסטן ברודער

באַרעכן, וואָס האָט געאַרבעט אין שערעשעווסקיס טאַבאַק־פאַבריק, און אָט איז די מאַמע אין ביאַליסטאָק.

ווען איך בין געקומען צוריק קיין ווילנע, האָט מיר דער עלטערער עפּשטיין (זיי זײַנען געווען צוויי ברידער, דער עלטערער — אַ קאָמוניסט, דער ייִנגערער, בינקע, — אַ קאָמיוגיסט) געזאָגט, אַז מע האָט באַשלאָסן מיך שיקן לערנען אין ראַטנפאַרבאַנד. אין עטלעכע טעג אַרום האָט קאַפּלאַן (ער וווינט אין ווילנע, אַן אַלטער פּאַרטייער) מיר איבערגעגעבן דעם פאַרשיפרירטן דאָקומענט און געגעבן אַלע נייטיקע אָנווײַזונגען.

אַזוי־ווי איך אײַל זיך קיין מינסק (דאָס מאָל אַף אַן עמעס), וועל איך ניט דערציילן גענוי וועגן דער רײַזע, נאָר איבערגעבן עטלעכע שטריכן.

אין אַ גאַסט־הויז לעבן וואָקזאַל האָב איך זיך באַגעגנט מיט צוויי מענטשן, וועלכע האָבן מיך געדאַרפט אַריבערפירן די גרענעץ. אין יענע צײַטן האָט מען זיי גערופן „רויטע סאָכרים". איינער פון זיי איז געווען מיט אַ פאַרבונדן אויג. לויט דעם דאָזיקן סימען האָב איך דערקענט מײַנע „סאָכרים". זיי האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז אין צוג, אויב מע וועט קאָנטראָלירן די דאָקומענטן, זאָל איך דערקלערן, אַז איך פאָר אין שטעטל קראַסנע אײַנקויפן זאַלץ. אָבער יענע נאַכט איז געווען אַ גרויסער פראָסט און קיינער האָט גאָרנישט ניט קאָנטראָלירט. אין קראַסנע זײַנען מיר פאַרפאָרן אין מין אַכסאַניע. די „סאָכרים" זײַנען אַוועק פירן אונטערהאַנדלונגען מיט וועמען מע דאַרף. און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז אין אַ שליטן צוגעפירט צו דער גרענעץ — אַ שמאָל טײַכל, איבער וועלכן עס זײַנען פון איין ברעג צום צווייטן געווען אַריבערגעוואָרפן צוויי קלעצער. די קלעצער זײַנען געווען פאַרפראָרן און גליטשיק. איינער אַליין גיין איבער זיי איז געווען אומעגלעך. מיר האָבן זיך גענומען פאַר די הענט מיטן פּוילישן סאָלדאַט, וואָס היט די גרענעץ, און זײַנען צוזאַמען אַריבערגעגאַנגען דאָס טײַכל — איך איבער איין קלאָץ, און ער — איבערן צווייטן. הינטער אונדז זײַנען געגאַנגען די „סאָכרים". עס איז ניט לאַנג אויסגעקומען גיין צופוס, מיר האָבן זיך ווידער אַרײַנגעזעצט אין אַ שליטן. איצט זײַנען מיר שוין געווען אַף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, איך האָב זיך דערפילט באַ זיך אין דער היים, און פון זיך אַליין האָט זיך אונטערגעזונגען. די „סאָכרים" האָבן אַ ווונק געטאָן איינער צום אַנדערן:

— ער זינגט שוין...

און אָט זײַנען מיר מיט מאַזל אָנגעקומען קיין מינסק. וווּהין פאַרפאָרן האָבן די „סאָכרים" געוווּסט. איך האָב זיך געמאָלדן צום כאַווער באָגוצקי.

אַף מאָרגן גיי איך אַרויס אין שטאָט זיך זען מיט ווילנער כאַוויירים. אין וועג באַגעגן איך דעם כאַווער עליע אָשעראָוויטש, וועלכער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „אָקטיאַבער" (דעמאָלט האָט די צײַטונג זיך נאָך גערופן „וועקער"). אין די יאָרן 1919—1920 איז אָשעראָוויטש געווען אַף אומלעגאַלער אַרבעט אין ווילנע און מיר האָבן זיך געקענט. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אַ קוועטש געטאָן מיט די פּליי־

צעס, זײַן פּאָנעם האָט אויסגעדריקט גרויס פאַרוווּנדערונג, ער איז גע־בליבן שטיין.

— איר זײַט ניט ראַבין פון ווילנע? — פרעגט ער מיך.

— יאָ, — ענטפער איך, — איך בין ראַבין פון ווילנע.

— לעבט איר? — פרעגט ער ניט זיכער, ווי ער וואָלט ניט גלייבן, אַז דאָס בין איך.

זײַן פראַגע, צי לעב איך, איז פאַר מיר געווען אומדערוואַרט און ניט פאַרשטענדלעך. איך בין געבליבן שטיין אָן ווערטער און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ווי הײַנט געדענק איך, אַז אין אָט דער רעגע איז צו אונדז צוגעקומען אַ מיטלוווּקסיקער און פולער מענטש, און אָשעראָוויטש זאָגט אים:

— כאַווער ראַכמיִעל (דאָס איז געווען ראַכמיִעל ווײַנשטיין), אָט דער־אָ איז ראַבין פון ווילנע... מיר האָבן געמיינט... לאָזט זיך אויס — ער לעבט.

· איך האָב ווידער ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז עס פאַר אַ נעס, וואָס איך לעב. פאַרוואָס ניט? איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט און בין אַוועק אין צק פון קאָמיוג פון ווײַסרוסלאַנד. דער סעקרעטאַר פון צק, קאָזלאָוו, איז גע־ווען אונדזערער אַ ווילנער. ווי נאָר איך האָב געעפנט די טיר און קאָזלאָוו האָט מיך דערזען, האָט ער אויסגעשריִען:

— ראַבין?! פון יענער־וועלט געקומען? ביסט דאָך דערשאָסן!

— וואָס טוט זיך עס באַ אײַך אין מינסק? — האָב איך ניט אויסגע־האַלטן. — איר וווּנדערט זיך, אַז אַ מענטש לעבט.

דעמלט האָט מיר קאָזלאָוו דערציילט אַלץ, וואָס איר ווייסט שוין און וואָס איך האָב נאָך ניט געוווּסט. דערבײַ האָט ער עמעצן פון די מיטאַר־בעטער געזאָגט:

— גיב איבער, אַז דרוקן דעם נעקראָלאָג דאַרף מען שוין ניט. דער טויטער איז געקומען...

וואָס איך האָב דעמלט וועגן דעם געטראַכט, ווייס איך ניט און קאָן איך דעריבער אײַך ניט דערציילן. וואָס איך טראַכט וועגן דעם איצט, ווייס איך און קאָן דערפאַר זאָגן: אַ שאָד! געדאַרפט אָנקומען מיט אַ וואָך שפּע־טער. עס וואָלט געווען זייער טשיקאַווע לעבעדיקערהייט צו לייענען אַ נעקראָלאָג וועגן זיך אַליין.

## אינהאלט

אין פארשיידענע יאָרן. ראָמאַן.



### דערציילונגען

יוסעף ראבין

**אין פארשיידענע יאָרן**

מ., „סאָוועטסקי פּיסאטעל", 1978 י., 448 זײַטן
ארויסלאָז־פּלאן פון 1978 י. נומ. 251

קינסטלער ג. קראווצאָוו
רעדאקטאָר מ. שולמאן
קינסטלערישער רעדאקטאָר ד. מוכין
טעכנישער רעדאקטאָר אי. מינסקאיא
קאָרעקטאָרן א. סטרעלניק, כ. פּאָטאשניק

**אי. ב. נומ. 1307**

אָפּגעגעבן אין זאץ 08.02.78. אונטערגעשריבן צום דרוק 23.06.78. פאָרמאט 84×108 1/32. טיפּאָגראפיש פּאפּיר נומ. 1. הויכדרוק. באדינגלעכע דרוקבויגן 23,52. פארלעגערישע דיס־קאָנט־בויגן 26,65. טיראזש 1950 עקז. באשטעלונג נומ. 131. פרײַז 2 רובל. פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל". מאָסקווע 69־Г, וואָראָווסקי־גאס, הויז נומ. 11. באלוינטע מיטן אָר־דען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִא" פונעם „סאָיוזפּאָליגראפפּראָם" באם מעלוכישן קאָמיטעט פונעם מיניסטאָרן־ראט פון פססר איבער די איניאָנים פונעם פארלאג־וועזן, פּאָליגראפיע און בוך־האנדל. מאָסקווע Г-19, אקסאקאָוו־געסל, הויז נומ. 13.

*Иосиф Израилевич Рабин*

**В РАЗНЫЕ ГОДЫ**

*(на еврейском языке)*

М. «Советский писатель», 1978, 448 стр.
План выпуска 1978 г. № 251

Художник Г. А. Кравцов.
Редактор М. Я. Шульман.
Худож. редактор Д. С. Мухин.
Техн. редактор И. М. Минская.
Корректоры А. Б. Стрельник, Х. Е. Поташник

ИБ № 1307

Сдано в набор 08.02.78. Подписано к печати 23.06.78. Формат 84×108 1/32. Бумага тип. № 1. Высокая печать. Усл. печ. л. 23,52. Уч.-изд. л. 26,65. Тираж 1950 экз. Заказ № 131. Цена 2 р. Издательство «Советский писатель». Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном Комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.